

# זעלבסט־גלויבן
## בוך צוויי: זעלבסט־פרינציפ

פון

## אבא גאָרדין

— 4 —

## דער אוניווערסאַל-זינען און די קונסט

### ב׳

### די קונסט און דער אחר
(המשך)

באַוועגונג. דער זעלביקער געזעץ איז גילטיק פאַר באַוועגונגען. אַטראַקטיווע זינען יענע באַוועגונגען, וועלכע זיינען האַרמאָניש, ניט סטאַדיש, ניט צוזאַמענגעגאָסן אין איין מאַסע, אין איין שטיק, נייערט „אינטעראינדיווידועל״ ד. ה. צוזאַמענגעשטעלט פון אַ ריי באַוועגונגען, זשעסטן, תנועות, וועלכע קאָנסטיטואירן עפּעס גאַנצעס. סטאַדיש מיינט ווען דער יחיד ווערט בטל אין דעם רבים, ווען ער איז ניט אויסגעשניטן בולט אַזוי אַז ער זאָל זיין ביכולת אונדז צו געבן אַן אָנצוהערעניש מכוח אַ צווישנאָפּהענגיקייט. יעדער קער, יעדער ריר מוז זיין צוזאַמענגעבונדן, מוז לעבן בשלום, מוז זיך געפינען אין גוטע באַציאונגען, אַזוי צו זאָגן, מיט זיינע שכנים, מיט די באַוועגונגען, וועלכע גייען פאַראויס און פאָלגן נאָך. אַ פלוצלונגער שאָקל מיטן קאָפּ, אַ מאַך מיט דער האַנד, אַ סטראַפּטיווע באַוועגונג — מאַכט אַ שלעכטן, אַן אומאָנגענעמען איינדרוק, באַליידיקט אונדזער געפיל פון אחדות, פון פריינטלעכקייט בנוגע באַוועגונגען. ער פאַרלעצט אונדזער חוש פאַר אַ פרידלעכן צוזאַמענלעבן אין קאָאָרדינאַציע מיט אונדזער סביבה.

* זע יידישע שריפטן באַנד דריי, העפט פיר זז. 411—424.

דער טאַנץ. די באַוועגונגען פון אַ רקידה׳לע, פון אַ טאַנץ, פון אַ באַלעט זיי־נען האַרמאָניש. זיי פאַרמאָגן פאַרבינדונגען. זיי פאָרמירן אַ מין „אינטערמאָציאָנאַל״. דאָס מיינט צו זאָגן אַז יעדע באַוועגונג גענומען באַזונדער ווערט אונטערשטראָכן. און דאָך ווערן אַלע תנועות, אַלע באַוועגונגען צונויפגעקליבן אַזוי, אַז זיי פילן זיך היימיש, גוטמוטיק. זיי קומען זיך צוזאַמען. זיי זיינען אין איינקלאַנג איינע מיט דער אַנדערער ניט מחמת צוואַנג, ניט דורך געוואַלדטאַט, נייערט וואָלונטאַריש. זיי פאַרשטענדיקן זיך צווישן זיך. זיי קומען דורך און קומען אויס. יעדער לענק און ווענד גייט אַריין אין אַ ברייטערן קרייז פון באַוועגונגען און אַזוי ווערט געשאַפן די קאָמפּליצירטע איינהייט, וועלכע איז אַ צווישנפּילהייט, אַ סכיקייט אין וועלכער די איינצלנע מיטגלידער לעבן זיך איין איינער מיטן אַנדערן, און צוזאַמען, אַזוי צו זאָגן, באַוואוסטזיניק, מיטן פולן דעת, שטעלן זיי צונאויף די סכיקייט. אָט־דאָס איז די מיסטעריע פון טאַנץ, פון באַלעט, ווי אויך פון יעדער האַרמאָניע, אין וועלכער די אינטערוואַלן און טענער פאַרנעמען באַשטימטע פּלעצער. דאָס איז דער סוד פון ריטם און מעטער, דער „שלום־בית״ פון „צייט״־וויבראַציעס.

דאָ אין דאָס קליינע, — אויב עס איז באמת פאַראַן אַן אונטערשייד צווישן דאָס גרויסע און דאָס קליינע, — ווייזט זיך אַרויס דער הויפּט־געזעץ פון דעם גאַנצן אוניווערס, פון גאַנצן באַשטאַנד. אין יעדן פינטל פון אויג, אין יעדן קלאַפּ פון האַרצן, אין יעדען ריר מיטן פוס, אין יעדן מאַך פון דער האַנט ווערט פאַר־קערפּערט דער פּרינציפּ פון אנוכי־יהוה, פון זיך־זעלבסטום.

עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך פאַרוואָס אין אַלטערטום איז דער טאַנץ באַ־טראַכט געוואָרן אַלס דער וויכטיקסטער טייל פון דעם קולט. אין טאַנץ געפינען מיר די פאַרקערפּערונג פון דעם הויפּט־פּרינציפּ פון גאַנצן דאָזיין. מיר זעען דאָ די פּאַרטיקולאַרן ווי זיי ווערן דעמאָנסטרירט און דערהייבן צו דער דרגא פון אַ גאַנצ־קייט. און דאָס איז מהנה די אויג, נעמט געפאַנגען אונדזער „זעל״, וועלכע איז אויך אונטערגעוואָרפן אונטער דעם זעלביקן געזעץ פון ריטם און האַרמאָניע. דאָס גע־פעלט אונדז, גיט אונדז צו געזונט. ווייל אָט־די גאַנצקייט־שאַפונג פון טיילן ברענגט אונדז אין האַרמאָניע מיט זיך אַליין, מיטן פיזיאָלאָגישן זעלבסט און מיט דעם גאַנצן אוניווערס.

אין אַלע צווייגן פון עסטעטיק, אין מוזיק, געזאַנג, פּאָעזיע, סקולפּטור און מאָלעריי באַגעגענען מיר זיך מיט דער אייגענער דערשיינונג, דער וואָלונטאַרער פאַרבינדלעכקייט פון די „פרייע״ עלעמענטן.

דער חוש־השמיעה. דער זינגער, אין וועמנעס נשמה עס וואוינט האַרמאָ־ניע, זאַמלט צונויף די איינצלנע קלאַנגען און מאַכט פון זיי אַ קרענצל פון אַקאָרדן. ער פלעכט זיי צוזאַמען אין איין אחד. אַ ליד איז אַן איינס. אין זינגען האָבן מיר די

פשטות אַליין; דעם פּרימיטיוון אויסדרוק. פויגעלעך זינגען. דער געזאַנג איז על־טער און איינפאַכער פון אַרטיקולירטן וואָרט און שפּרוך. אין אָנהייב איז געווען דער געזאַנג. ער באַשטייט פון טענער. יעדער טאָן איז גלייך צום אַנדערן בלויז גענומען העכער אָדער נידעריקער. ווער זינגט ניט? דער טייך, דער שטיין, ווען ער פאַלט, דער מאָטאָר בשעת דער אַרבעט, די ראָד, ווען זי דרייט זיך. יעדער אָביעקט האָט זיך זיין שטיקל ניגון. יעדע באַוועגונג פאַרמאָגט איר מעלאָדיע. דער קלאַנג איז אַריינגעבויט, אַזוי צו זאָגן, אין סאַמע עצם סטרוקטור פון באַשטאַנד.

מוזיק איז ווי מאַטעמאַטיק. מאַטעמאַטיק באַשטייט פון איין איינס, און מוזיק באַשטייט פון איין טאָן. מאַטעמאַטיק איז די איינפאַכקייט אַליין, און דאָך איז זי דער גרעסטער אויפטו פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד. דאָס אייגענע קאָן מען זאָגן פון מוזיק, וואָס פאַר אַ סוגעסטיוון כוח זי באַזיצט. מייז האָבן האָלט מוזיק. שלאַנגען ווערן באַצויבערט פון מוזיק. ווער האָט ניט קיין אויער פאַר אָט־דער וועלט פון קלאַנג. מוזיק איז די מאַטעמאַטיק פון הארצן, פון געמיט, פון דער נשמה. ווער קען אָפּשלאָגן אַן אַקסיאָמע, אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט? קיינער ניט, ווייל זי רירט אָן דעם סאַמע גרונט פון זעלבסטום. דער אייגענער עלעמענטן־כוח ליגט אין מוזיק. די עלעמענטן זיינען איינפאַך און זייער וויניק אין צאָל. מוזיק האָט גענומען אַ טאָן, אַן אָקטאַווע און האָט געשאַפן פון דעם אַ גאַנצן קאָסמאָס פון האַרמאָניע. האַר־מאָניע איז אַן אינטעראינדיווידועלע פאָרמאַציע, אַ צוזאַמענשטעל אין וועלכן די יחידים ווערן פאַראייניקט אָבער ניט פאַרלאָרן אין דעם ציבור. די איבערגאַנגען זיינען איינגעאָרדענט אויף אַזאַן אופן, אַז זיי שטעלן צוזאַמען אַ גאַנצקייט. יעדע שטיק פון גוטער מוזיק איז אַ מוסטער פון קלאַנגען זעלבסט־אָרגאַניזאַציע. *) און די אינאָוואַציעס אין מוזיק, דאָס איינפירן די אַסאָנאַנסן, דיסקאָרדן, אַנטדעקט בלויז אַ טיפערן אַריינבליק אין דער האַרמאָנישקייט פון אוניווערס. אָט־די חידושים זיי־נען אַ טריט פאָראויס אין דער ריכטונג פון שלום־מאַכן מיט אַלעמען, מיט דעם גאַנצטום פון די קלאַנגען. דאָס איז אַ פאָרם פון דעמאָקראַטיזאַציע פון די קולות. אַפילו גערויש איז כשר וישר. אַלץ איז ריין און פיין. אַלץ, וואָס עס עקזיסטירט, — איז רעכט, ווייל נאָך אַלעמען קען דאָך קיין זאַך ניט האָבן קיין קיום, סיידן עס האָט פאַרבינדונגען־פאַרפלעכטונגען, פאַרהעלטענישן. יעדער קלאַנג מוז האָבן אַ פאָ־טער, מוטער, אַ קרובה׳שאַפט, אַ פאַמיליע, אַ מין שבט. די דערהייבונג פון די ני־דעריקע קלאַנגען, די האַרמאָניפיקאַציע פון דער דיסהאַרמאָניע, דאָס אַריינבעמען בקהל, אַריינרעכענען אין דער אָנשטענדיקער געזעלשאַפט, די „ווילדע" אומגעזעל־שאַפטלעכע קלאַנג־עלעמענטן — איז אַ טריט אין דער ריכטונג פון זעלבסטום־דער־

* אבא גאָרדין, סאָציאַלע אָבערגלויבעריי און קריטיק, ז. 208.

גרייכונג. דאָס מיינט נעמען „אומציוויליזירטע״, אומהויזנדיקע קלאַנגען און זיי קאָארדינירן, מאַכן אַזוי אַז זיי זאָלן, ווי פון זיך אַליין, קאָאָפּערירן מיט אַנדערע קלאַנגען. דער ציל איז אַ „הומאַניטאַרער״: קיין איין קלאַנג אין דעם אוניווערס, ווי נידעריק זיין אָפּשטאַם, ווי אירעגולאַר זיין אויפפיר, זאָל ניט בלייבן מחוץ פון דער מעלאָדיע־געמיינדע. אַלע מוזיק־שאַפונגען, אַלע קאָמפּאָזיציעס זיינען געווייסע גאַנצקייטן. דער אוניווערס אַלס אַ גאַנצער איז איין שטיק האַרמאָניע. ווייל האַרמאָניע מיינט אַן „אינטערסאָנאַל״, אַ צונויפבונד פון קלאַנגען אויפן יסוד פון „זעלבסט״, ד. ה. אַ זעלבסט־צונויפבונד.

אַטעם. אַ נאָרמאַלער אָטעם באַזיצט איינע פון די שלימות׳דיקע האַרמאָניעס פון מוזיק. דאָס כוואַליען־זיך פון אונדזער בוזעם, דאָס פּאָמפּען פון אונדזערע לונגען איז אַ פּאָעמע. דאָס האַמערן פון אונדזער האַרץ איז אַ ליד. עס פאַרמאָגט ריטם און מעטער. אין אָט־דער פיזיאָלאָגישער „אַרבעט״ איז אַריינגעקנאָטן מוזיק, פּאָעזיע. דער זעלבסטום איז דער מקור פון פּאָעזיע, פון מעסטן, וועגן, ציילן און קלאַפּן. דער אוניווערס אַלס אַ מאַניפעסטאַציע פון אנוכי יהוה, פאַרמאָגט אַ ריטם, אַן אחד, דעם יסוד פון זעלבסטום־איכטום.

פּולס: אַ נאָרמאַלער געזונטער פּולס איז אַ שטיק רעאַליזירטע האַרמאָניע. די אינטערוואַלן זיינען אָפּגעמאָסטן אויף־דער־האָר. אין פּולס הערט מען די פּאָעזיע פון לעבן, פון קערפּער, פון גאַנצן אָרגאַניזם. יעדע באַוועגונג פון מענטשן, פון נאַטור אַלס אַ טייל פון גרויסן אחד, פון דעם אַלצמיטאַנאַנדער, פון דעם גאַנצטום איז אָפּגעשטעמפּלט מיט דעם מלכות־זיגל פון האַרמאָניע און מאַטעמאַטיק, פון אחד. דער אָטעם פון די הימלען, דער בלאָז און צוק פון ווינטעלע איז פול מיט האַרמאָניע. ער באַשטייט פון איינצלנע לופט־וויבראַציעס, וועלכע פאַרמירן אַן איינהייט. אַ זעפיר זומער פאַרנאַכט איז אַ ליד פון לופט־כוואַליעס.

אַסאָציאַטיוויטעט. ווען מיר פיקסירן אונדזער אויג אויף איין פּינטל אָן באַוועגונג, אָן ענדערונג פון פּאָזיציע, ווערט די אויג שטאַר, זי פאַרלירט איר זעקראַפט, זי ווערט בלינד, ווי נאָר זי ווערט צוגעשמידט צו איין פּונקט. ווען מיר שטעלן אָן אונדזער טראַכטונגס־אַפּאַראַט אויף איין געדאַנק, איין באַגריף ווערט אונדזער שכל טונקל, אונדזער באַוואוסטזיין־קלוגזיין לעשט זיך אויס. וויליאַם דזשיימס וויל מיט אָט־די ביישפּילן באַווייזן די פּלוראַליטעט פון אונדזער געדאַנק. זיכער איז פאַראַן אַ פּלוראַליטעט, אָבער עס איז אַ פּלוראַליטעט, אַ סכיקייט, וועלכע גייט אַריבער אין אַ מאָניזם, אין איין אחד, אין איין וועלט־בילד, ווען מיר קוקן אַרום אונדז זעען מיר פאַרשיידענע אָביעקטן, אָבער זיי אַלע שאַפן איין פאַרטרעט, איין זעעכץ. און אין דער איינהייט פון דער זעאונג ווירקט דער כוח פון זעער, וועלכער איז אַ מאָלער. די איינצלהייטן ווערן געבראַכט אין פאַרבינדונג. עס איז ניטאָ קיין

צעוואָרפנקייט, קיין כּאַאָטישקייט. אחדות פון אַ העכערן סדר באַהויפּט זיך, עס איז אַן אַלגעמיינהייט, וועלכע פאַרמאָגט איינצלהייטן. כמו כן אין דער געדאַנקען־מאָ־לערײַ; אין דער אויפפיר־קונסט, אין דער איינבילדונג־שניצערײַ — עס איז פאַראַן אַ ריטם, אַן אחד אין דער פילהייט, אַ זעלביקייט אין די וואַריאַציעס.

דאָס פּראָבלעם פון סוביעקט און אָביעקט אין עפּיסטעמאָלאָגיע איז אַ רע־טעניש, וועלכע וואַרט אומזיסט פאַר איר באַשייד, מחמת דער באַשייד איז למפרע אויסגעשלאָסן. מיר האָבן געגומען איין גאַנצע זאַך און זי צעגלידערט אויף טיילן. דערנאָך שטעלן מיר זיך אין אַ פּאָזיציע פון געפלעפטקייט, פון גרויס דערשטוי־נונג און טענה׳ן: ס׳איז פלאי פלאים! ווי קען ווערן איינס דאָס וואָס איז צוויי? ס׳איז צוויי, מחמת מיר האָבן עס צעשניטן אין צווייען. מיר האָבן עס פאַנאַנדער־געטיילט, און איין העלפט אַוועקגעלייגט קעגן דער אַנדערער. איצט קענען שוין די צוויי מער ניט זיין קיין „איינס״, בשעת זיי פיגורירן אַלס אַ צוויי. דער ביבלי־שער סיפּור־המעשה מכוח דעם באַשאַף פון דער פרוי וועט זיך דאָ אַריינפּאַסן. דער חומש פאַרענדיקט זיין דערציילונג מיט אַ מוסר־השכל: „דעריבער פאַרלאָזט אַ מאַן זיין פאָטער און זיין מוטער און באַהעפט זיך מיט זיין ווייב און זיי וועלן ווערן איין לייב״ (בראשית ב׳, כ״ד). ווי אַזוי קענען ווערן מאַן און ווייב איין לייב? ווייל זיי זיינען געווען פאַר דעם, פאַר דער סעפּאַראַציע, איין לייב. סוביעקט און אָביעקט איז איין סוביעקט־אָביעקט. מחמת דער סוביעקט, ווי דער אָביעקט, איז אַ ריף וועל־כער איז אַרויסגענומען געוואָרן קעגנזייטיק פון סוביעקט־אָביעקט. דאָס אייגענע פּראָבלעם שטייט אין פיזיק. ווי קען איין קערפּער איבערשיקן קראַפט צו אַן אַנ־אַנדערן? ווי קענען צוויי קערפּערס קאָמוניצירן? ווי קען איין מענטש האָבן אַ משא־ומתן מיט אַ צווייטן, ווי קען ער וועבן און אַנהאַלטן פאַרהעלטענישן? דער ענטפער איז דער אייגענער: זיי זיינען באמת איינער. ווען צווישן דעם סוביעקט און אָבּ־יעקט וואָלט געגעניצט דער אָפּגרונט, וועגן וועלכן עפּיסטעמאָלאָגיע רעדט, דע־מאָלט וואָלט באמת געווען אוממעגלעך דורכצוזעצן אַן אַקט פון דערקענטעניש... אויב די קערפּערס וואָלטן, באמת, געווען אָפּגעטיילט איינער פון דעם אַנדערן, ווי די נאָ־איווע פיזיק נעמט אָן, דעמאָלט וואָלט קיין פיזישער, קיין מעכאַנישער קאָנטאַקט קיינמאָל ניט געקענט פאָרקומען. אָבער דעמאָלט, מיר קענען עס זאָגן מיט פולער זיכערקייט, וואָלטן ניט עקזיסטירן קיינע דערשיינונגען, זיי וואָלטן ניט דערשיינען און ניט פאַרטונקלען זיך, פאַרשווינדן, זיי וואָלטן ניט געווען אימשטאַנד צו באַ־ווירקן די דערבייליגענדיקע אָביעקטן.

אָבער טיפער פאַרשטאַנען איז ניטאָ קיין מחיצה צווישן די דערשיינונגען. דער אָפּשייד און צעטייל איז אַ בלויזער פּראָדוקט פון אונדזער אַנאַליז. די אַטאָמי־זאַציע, ד. ה. די צעטיילונג פון דער וועלט אין פאַרשיידענע, סעפּאַראַטע קיניגרייכן

פון איינצלנע אָביעקטן, פּראָצעסן, דערשיינונגען איז ניט אײַנגעפּירט געוואָרן מיט דער כוונה צו צערייסן די וועלט, דעם באַשטאַנד אויף שטיקער, צו עקספּלאָדירן אָט־דעם גרויסן, גאַנצן בנין, נייערט בלויז מיט דעם מיין בעסער צו באַשרייבן און אויסצופאָרשן די טיילן, בכדי דאָס גאַנצע זאָל בעסער אויפגענומען ווערן.

עס איז געווען אַ צייט און טאַקע ניט לאַנג צוריק, ווען וויכטיקע מחברים־דענקער האָבן זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז דער מענטש שטאַמט אָפּ פון גאָר ניט קיין גרויסן יחוס. זיי האָבן באַהויפּט, אַז דעם מענטשנס פאָרעלטערן זיינען געווען די אַנטראָפּאָאידן־מאַלפּעס. זיי האָבן געקענט זאָגן עפּעס ערגערס מכוח דעם אָפּ־שטאַם פון דעם מענטשנקינד. דער חומש בראשית האָט פיל מער דיסקרעדיטירט דעם בר־נש, האָט נאָך ווייטאָגדיקער און ברייטער דורכגעשטאָכן דעם פּענכער פון מענטשנס פּוסטער גאווה׳דיקער אָנגעבלאָזנקייט. דער חומש שעמט זיך ניט צו זאָגן, אַז דער מענטש איז געמאַכט פון סאַמע בלאָטע, פון זאַמד, „עפר מן האדמה״ (בראשית ב׳, ז׳). מענטש און שטויב זיינען דעריבער פון איין מאַמען און איין טאַטן. אויב דעם מענטשן האָט דער יהוה אלהים באַשאַפן, האָט דאָך דער אייגענער „דער־פינדער״ - באַשאַפער באַשאַפן אויך דעם שטויב. און די־דאָזיקע קרובה׳שאַפט פאַרפּליכט דעם מענטשן און דעם שטויב, צו דער אייגענער צייט, דורכצוזעצן פילע אַקטן, וואָס דער מענטש האָט טיילוויַיז שוין געטאָן און טיילוויַיז איז נאָך פאַרנומען מיטן טאָן.

„גאָט פאַרדעקט, נאַטור אַנטפּלעקט״ אָט־דער שפּרוך, ווי פילע ענלעכע איז ניט ריכטיק. מחמת קיינער פאַרדעקט קיין זאַך ניט. סיי „גאָט״ און סיי די „נאַ־טור״ אַנטפּלעקן זיך כסדר אין יעדער אַקציע, אין יעדער דערשיינונג. אָבער עס נעמט צייט זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין דעם פשט פון די איינפאַכסטע פסוקים פון דער תורה, וועלכע הייסט באַשטאַנד. נאָך שווערער איז דורכצוקריכן דורך דער „עברי״ אין דעם סידור, וועלכער טראָגט דעם נאָמען פון זעלבסטום־איכטום. מיר זיינען ערשט פאַרנומען מיט דער אַנטדעקונג פון זיין אלף־בית און ניקוד בכדי מיר זאָלן קענען אַנטשיפערן די כתבי־יד׳ן פון די מחברים, ווינט, שניי, ערד, אָקעאַן, געדאַנק, געפיל, חלום, וואָר.

עס איז ניט שווער צו באַגרייפן, מיטן שכל, די וועלט אַלס עפּעס גאַנצעס און פּטור צו ווערן פון אַלע שוועריקייטן, — וועלכע אָט־דער אויפפאַס ברענגט מיט זיך, ווען ער שטויסט זיך צוזאַמען מיט אונדזער אַנאַליטישן חשק און אַטאָמי־זירנדיקער נטיה, — מיט דעם טריוויאַלן שפּרוך, „די וועגן פון גאָט זיינען אומאויס־פאָרשבאַר״. עס איז אויך לייכט אײַנצושטילן אונדזער וויסנשאַפטלעכן הונגער און פילאָזאָפישן דאָרשט מיט אַ טעאָריע פון אַגנאָסטיציזם. עס איז, אָבער, שוין גאָר שווער אָנצוגיין מיט דער סאַפּיאָרן־אַרבעט פון גראָבן און מינעווען ביז מיר ווען

פאָרט קומען צום פאַרלאַנגטן פּלאַץ און באמת משיג־זיין די הנהגה פון דעם קאָס־
מאָס אַלס אַ גאַנצטום. מיר דאַרפן און מוזן רעאַליזירן די אוניווערסאַליטעט און אי־
דענטיטעט־אידייע, ד. ה. מיר דאַרפן נעמען אַלע פּאַרטיקולאַרן, אַלע פּרטים און
באַוויַזן באַשיינפּערלעך זייער סיסטעמאַטישקייט, זייער אויסגעבונדנקייט און זייער
אויסגעהאַלטנקייט. מיר מוזן אַנטדעקן נייע קוואַלן פון קאָסטבאַרע אידייען און
ווירקזאַמע מעטאָדן פון דער אַסאָציאַטיוויטעט פון באַשטאַנד און ערשט דעמאָלט
וועט פאַרווירקלעכט ווערן דער טרוים פון די בעסטע זין פון דער מענטשהייט און
פון דעם באַשטאַנד. זיי האָבן געחלומט וועגן דער צייט ווען מיר וועלן אימשטאַנד
זיין צו אוטיליזירן דעם העכסטן פּאַראַלגעמיינערונג־פּרינציפּ, און מיט זיין הילף
באַווירקן די איינצלנע דערשיינונגען און אַזוי ארום אַרויסצויבערן די דערוואַר־
טע רעזולטאַטן און ניט דאַרפן אָנקומען צו די איינצלהייטן אין יעדן פאַל באַזונ־
דער. דעמאָלט וועט די האַנדלונג פון מענטשן, זיין פּראַקטיק, אָננעמען גאָר אַן אַנ־
דער אַספּעקט. צו זיין אַקטיוו, צו האַנדלען מיינט אין אונדזער קעגנווערטיקער צייט
צו פּאַרטיקולאַריזירן, צו האָבן צו טאָן מיט איינצלהייטן. אין דער צוקונפט וועט
האַנדלען מיינען צו גענעראַליזירן, צו האָבן צו טאָן מיט פּאַראַלגעמיינערונגען.
דער פּרינציפּ פון דער אוניווערסאַליטעט פון די פּאַרטיקולאַרן וועט ווערן אַנט־
בלויזט און דורך זיין פאַרמיטלונג וועט דער מענטש באַאיינפלוסן דעם באַשטאַנד,
זיין גאַנצע קאָסמישע סביבה. אַזאַ פאַרזוך צו אָפּערירן מיט דעם העכסטן פּרינ־
ציפּ פון אידענטיטעט איז שוין לאַנג געמאַכט געוואָרן, אָבער אויף אַ צו פּרימיטיוון,
אויבערפלעכלעכן, פאָלקסטימלעכן אופן.

עס מוזן דאָך ליגן ערגעץ־וואו די צינורות, די רערן, וועלכע פירן דירעקט
פון דעם געדאַנק צו דעם קעגנשטאַנד, פון דאָס פּסיכאָלאָגישע צו דאָס פיזישע.
אַזעלכע דורכגאַנגען זיינען פאַראַן. דער בעסטער באַוויַז דערפאַר איז אונדזער
לשון, וועלכער איז אַ שטיק קאָנקרעטע סאָציאָלאָגיע. די שפּראַך ציַיגט ווי אַ גע־
דאַנק נעמט אָן די פאָרם פון געוויסע קלאַנגען, סימבאָלן, וועלכע ווערן געצייכנט
אויף דעם ווייסן בויגן פון דער לופט מיט דער בליישטיפט פון אונדזערע ליפּן
אין קאָאָרדינאַציע מיט די איבעריקע כלים פון חיתוך־הדיבור. און אָט־די סימבאָלן
רופן אַרויס געדאַנקען, געוויסע פּסיכישע צושטאַנדן און איבערלעבונגען אין דעם,
וועלכער הערט זיי, נעמט זיי אויף מיט זיין חוש־השמיעה. אַזוי אַרום זעען מיר, ווי
אָט־די פאַרוואַנדלונגען, פון געדאַנק אין וואָרט, אַלס אַ סומע פון פיזישע וויבראַציעס,
און פון וואָרט, פון אָט־די אייגנאַרטיקע וויבראַציעס, אין געדאַנק, אָדער פאָרשטע־
לונג, ווערן דורכגעמאַכט טאָג־טעגלעך פאַר אונדזערע אויגן, ריכטיקער, אויערן,
אָבער וואו זיינען די שטריקלעך וועלכע וואָלטן האַלטן צוגעבונדן אַ געדאַנק די־
רעקט צו אַ קעגנשטאַנד פון אַ פיזישן כאַראַקטער אַזוי אַז דער געדאַנק זאָל זיין

בכוח אַרויסצורופן אין קעגנשטאַנד געוויסע פיזישע ענדערונגען? אָט־די שטריק־לעך עקזיסטירן, אָבער זיי זיינען פאַרבאָרגן און עס איז ניט לייכט זיי צו דערטאַפּן, דאָך וועלן זיי געפונען ווערן, אַנטדעקט ווערן. דאָס וועט אָבער, בשום אופן ניט פּאַרקומען אויף דעם נאַאיוון אופן פון קאָמבינירן געוויסע וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן פון שם־המפורש. פילע־פילע יאָרן וועלן אַריבער איידער מיר וועלן מאַכן אָט־די אַנטדעקונג, געפינען דעם מאָדוס ווי אַזוי צו באַווירקן פיזישע קעגנשטאַנדן מיט פּסיכישע פאַקטאָרן, ניט אויף־צו־פּלייסן, שפּילנדיק זיך מיט אילוזיעס, נייערט אויף אַן אמת, אין דער ניכטערער ווירקלעכקייט. דער געדאַנק געפינט זיך אין באַ־שטאַנד, וועלכער איז אַ מאַניפעסטאַציע פון דעם זיך־זעלבסטום, הייסט עס אַז ער געפינט זיך אין זעלבסטום־פּרינציפּ. און עס מוז עקזיסטירן־אינסיסטירן אַ פאַר־העלטעניש צווישן די איינצלנע געדאַנקען און דעם געדאַנק אַלס אַ גאַנצטום, אַלס אַ זעלבסטום. דער געדאַנק פון אידענטיטעט, דער פּרינציפּ פון זעלבסטום, זיך אַליינ־טום מוז זיין דער עיקר העיקרים, דער „מצוי ראשון", דער אוניוועורסאַל פון אַלע אַקציעס און שטאַפן. איין תהום פון געדאַנק רופט צום צווייטן. מחשבה און מעשה זיינען איין איינס. אָבער דאָס אַליין איז ניט גענוג צו זאָגן. אָט־די באַהויפּטונג דאַרף ווערן דעמאָנסטרירט דורך מעשים, דורך עפעקטן פון אַ פיזישן כאַראַקטער.

דער באַשטאַנד אַלס עפּעס גאַנצעס וואָס איז אַ מאַניפעסטאַציע פון דעם זיך־זעלבסטום איז לעת־עתה אַן אויטאָ־רעליגיעזער, אַן עפּיסטעמאָלאָגישער זאַץ. ער וועט אָבער אַלס אַזעלכער, מיט דער ווייטער צייט, מאַניפּולירט ווערן פון מענטשן, פון זיין זעלבסט־באַוואוסטזיין. און דעמאָלט וועט אָט־דער פּאָסטולאַט אַריבערגיין פון דער ספער פון זעלבסט־דערקענטעניש, פון עולם האצילות, צו קענטעניש, צו פּראַקטישער ווירקעוודיקייט, צום עולם העשייה.

דאָס האַלטן זיך פון מענטשן ווי עפּעס אַ מין פּריץ, אַן איידל־געבוירענער, צווישן די פּראָסטע פּויערימלעך די געוויינטלעכע כוחות פון דער פיזישער נאַטור איז לעכערלעך. ער באַצווינגט כלומרשט די נאַטור! דאָס איז די פּוסטע באַרי־מעריי פון וועטערהאָן, וועלכער שטייט אויפן דאַך פון הויז און פאַרזיכערט דעם ווינט אַז ער איז דער רעכטפולער אייגנטימער־באַלעבאָס פון דעם הויז וואָס גע־פינט זיך אונטער זיינע פיס... מענטש, מענטשהייט, באַשטאַנד זיינען איין מאָנאָ־ליט. אָט־די קאָנצעפּציע איז די ריכטיקע, זי איז באַשיידן אין איר שטאָלצקייט.

ווען איך זאָג אַז דער אוניווערסאַליזם איז אַן אידעאַל מיין איך ניט מיט דעם זאָג צו סוגעסטירן, אַז דער אוניוועורסאַל־פּרינציפּ וואַרט פאַר זיין רעאַליזאַ־ציע, אַז ער האָט לעת־עתה קיין שורש ניט אין אונדזער באַוואוסטזיין, אין אונדזע־רע טאָג־טעגלעכע טעטיקייטן. איך זאָג פּונקט דאָס פאַרקערטע. ער האָט זאַפּטיקע וואָרצלען אין דער קרקע פון דער ווירקלעכקייט. אוניוועורסאַליזם איז אַן אידעאַל

דערפאַר, וואָס הגם ער איז דער שתי וערב פון דעם גאַנצן געוועב פון אונדזערע מעשים, האָט ער נאָך ניט דערגרייכט און וועט, אפשר, קיינמאָל ניט דערגרייכן זיין רייפע, פולשטענדיקע אַנטוויקלונג, ער וועט קיינמאָל ניט קומען צו זיין לעצטן אָפּרו־פונקט. ער ווערט רעאַליזירט. אָבער קיינמאָל ניט אין א געניגנדיקער מאָס. מיר גייען אין אָט־דער ריכטונג. און די אָנאייגענונגען, וועלכע וואַרטן אויף אונדז און געפינען זיך אין שאַצקאַמער, וועלן פאַרטונקלען און פאַרשאָטענען אַלע אונדזערע שוין געמאַכטע דעראָבערונגען, סיי אין געדאַנק און סיי אין טאַט. די פולע פאַרשטענדעניש פון אוניווערסאַליזם, פון דעם זעלבסט־פרינציפּ פאַרפליכט אונדז צו אַ גאַר אַנדער באַציאונג צו זיך אַליין. יעדער איינער פון אונדז טראָגט אין זיך אַ גאַנצן אוניווערסאַל פון עגאָס. יעדער געדאַנק און אָנוואונק אויף אַ געדאַנק, יעדער ריר און קער פון מענטאַליטעט, יעדער פליסטער און שעפּטשע פון קלוגעניש דאַרף גענומען ווערן אין באַטראַכט. זיי דאַרפן אַלע צונויפגעקליבן ווערן צוזאַמען און אָרגאַניזירט ווערן אין אַן אמת׳ער סימעטרישער גאַנצקייט. און ערשט דעמאָלט וועלן מיר כשר פאַרדינען דעם גרויסן נאָמען, דעם שם, וועלכן מיר געברויכן אַזוי אָפט אין אונדזערע פערזענלעכע באַהויפּטונגען און אין די רעפלעקסיווע ווערבן: איך, זיך.

די פאַרפולקומענונג פון עגא איז אַ לאַנגער היסטאָרישער פּסיכאָלאָגישער און עפּיסטעמאָלאָגישער פּראָצעס. עגאָ גענומען אַלס עפּעס גאַנצעס, אַלס אַ סומע פון אַלע באַוואוסטזיין־צושטאַנדן פון ערשטן טאָג ביזן לעצטן, איז אַ באַשטרעבונג. זייער מעגלעך, אַז ווען עגאָ וועט ווערן קאָנסטיטואירט אויף אַ נייעם און אייביק אַלטן באַזיס, — דער באַזיס איז אַלט, מחמת ער איז תמיד דער אייגענער פון ששת ימי בראשית ביז היינט צו טאָג, — וועט ער אַנטדעקן אין זיך זיינע פרע־היסטאָרישע אַנטיציפּאַציעס, פּאַראויסשפּירונגען און זיינע פּאָסט־ביאָגראַפישע קאָנטינויאַציעס. דעמאָלט וועט ער אין זיין באַאוסטזיין, און מער אין אונטער־און אויבער־באַוואוסטזיין, אין זיין גאַנצטום, זיך אויפפּסאַן און אָרגאַניזירן אַלס עפּעס, וואָס האָט ניט קיין סוף און, אפשר, אויך ניט קיין אָנהייב. די שטרעבונגס־ליניע אין דער דאָזיקער ריכטונג, ווי אין אַלע אַנדערע, איז ענדלאָז. אַלץ וואָס מיר קענען דערוווייל טאָן איז פּאַראויסשפּירן און פּאָרויס־אָנצייכענען זיינע, דעם עגאָ׳ס, רודימענטן, די אַרויסגאַנג־פּונקטן. די דעסטינאַציעס זיינען אַזוי הויך, אַזש דער קאָפּ נעמט שווינדלען פון זיי. און זיי וועלן אַריבערשטייגן די העכסט פליגלדיקע פאַנטאַזיע, די העכסט פּראָפעטישע אינספּיראַציע, דעם ווייט־פּאָרויס־פּאַרלויפנדיקן קוק פון שאַרפסטן זעער. אַלץ וואָס מיר קענען און דאַרפן טאָן לעת־עתה איז וואַרפן אַ מאַטאָוון שטראַל־ליכט אויף די אָנהייבעכצן. די המשכים וועלן אַליין קומען, ווי פון זיך, ווי קאָנסעקווענצן. די גערעטעניש וועט זיין אַ שפּע׳דיקע, סיי אין דעם ביאָלאָגישן, סיי אין דעם פּסיכאָלאָגיש־לאָגישן און סיי אין דעם עפּיסטעמאָלאָגישן

פעלד. אַט־די שטופּן פון אַנטוויקלונג געהערן אין דעם פאַרפולקומענונג לייטער. דער העכסטער שטאַפּל זיינער איז צוגעדעקט מיט נעפּלען פון אומזיכערקייט, וואָס איז שייך זיינע דעטאַל־שטריכן, אָבער ניט בנוגע זיינע אַלגעמיינע פּאָזיציע־ליניעס.

די טאָטאַליזירונג פון אונדזער עגאָ, די אינטערקאָגניטיווע דערקענטעניש פון די דערקענטעניש־צושטאַנדן און זעלבסט־באַוואוסטזיין־מצבים, וועט אַרויף־הייבן און אַוועקטראָגן דעם מענטשן אין אַזעלכע ווייטע רעגיאָנען, וועגן וועלכע ער האָט איצט ניט קיין דרייסט אַפילו צו חלומ׳ען. דערגרייכנדיק די גרענעץ־ליניע פון דעם דערהייבענעם מיקראָ־עגאָ וועט דער מענטש קומען אין פולער רעאַליסטישער באַרירונג מיט דעם מאַקראָ־עגאָ, מיט דעם זעלבסטום, ער וועט פאַרווירקלעכן דעם אידעאַל פון אַלע אידעאַלן, ער וועט באַפרידיקן דעם יחוד־דראַנג.

אַן עופעלע רעאַליזירט ניט בשלימות די גאַנצע קעגנזייטיקע אָפּהענגיקייט פון זיינע איברים, הגם ער שפּירט זי מיט זיין אינסטינקט. אַ מוטער־פויגעלע דער־קענט דעם פּלאַץ, וואו זי האָט געוואוינט אין אַ געוויסן משך פון צייט און האָט גע־בויט אירע קליינינקע שלעסער, וועלכע הייסן נעסטען און אין וועלכע זי האָט גע־לייגט אירע אייעלעך, אויסגעזעסן זיי און אויפגעהאָדעוועט אירע פּרינצן און פּרינצעסינס. אָבער פון דעם פויגלס דערקענען פון זיין זומער־וואוינונג ביז צו קאָנטס, ספּענסערס, איינשטיינס אויפפאַסונג פון רוים איז אַ גרויסער מרחק. הגם אין תוך געונומען זיינען זיי איין זאַך. און אונטער קאַנטס פאַרשטענדעניש פון רוים איז אַוועקגעלייגט אַלס יסוד אָט־יענע פאַרשטענדעניש פון דעם פויגעלע. פון דער פויגעלשער קאָנצעפּציע צו קאַנטס השגה, — מיר גע־ברויכן עס בלויז אַלסביישפּיל — דאָס איז דער מאַרשרוט, דער דרך, דער אַנטוויקלונגס־גאַנג וועלכן אונדזער עגאָ דאַרף אַדורכגיין.

איך האָב באַדאַרפט ,על־פּי דין און על־פּי יושר, ברענגען דאָ אַ פּאָר צי־טאַטן פון גרויסע דיכטער, וועלכע האָבן זיך אידענטיפיצירט, צו אַ געוויסער מאָס, מיט דער נאַטור, מיט דער קאָסמישער סביבה, זיך צונויפגעשמאָלצן מיט דעם באַ־שטאַנד און דאָך ניט פאַרלאָרן זייער אידענטיטעט, זייער אייגנאַרטיקייט, בייערט פונקט פאַרקערט, אַרויסגעשטעלט זייער איך אין אַ קלערערן רעליף. זיי האָבן מיט דער הילף פון קלאַנגען און ווערטער און זאַצן אין זייערע קאָמבינאַציעס אַרויסגע־בראַכט ביז צו אָביעקטיווער באַשיינפּערלעכקייט די באַהעפטונג פון זייער איך מיט די איכן פון דעם באַשטאַנד. און טאַקע דערפאַר, פאַר אָט־דעם פּסיכאָלאָגיש־הערא־אישן אַקט פאַרערן מיר זיי, שאַצן מיר זיי אָפּ, פילן מיר אַ דאַנקבאַרקייט צו זיי. זיי זיינען עס די יעניקע, וועלכע גיבן אונדז אַ ביישפּיל פון דער רעאַליזאַציע פון דער פאַראייניקונג און פאַרזעלביקונג פון דעם איך און דעם באַשטאַנד. זיי טוען עס ניט אויף דעם פּרימיטיוון, פּרע־היסטאָרישן אופן, ווען דער מיקראָ־עגאָ, דער

קליין־זעלבסט, איז נאָך ניט געווען געבוירן, דער פונק איז נאָך ניט געווען אָפּגע־טיילט פון פלאַם־פייער. ניין, זיי טוען עס איצט, ווען דער קליין־זעלבסט איז רייף, אַנטוויקלט, קאָמפּליצירט. זיי דערהייבן אָט־די סעפּאַראַציע פון יחידישן באַוואוסט־זיין, דערהייכן די טיילוויזע זעלבסטשטענדיקייט פון דעם זעיר־אנפּין און, צו דער אייגענער צייט, דרינגען זיי אַריין אין דער נשמה פון דער וועלט, אין דער זעל פון דער סאָציאַלער סביבה. זיי פאַרשמעלצן זיך מיט דעם זעלבסטום פון דעם גאַנצ־טום און דורך אָט־דער פאַרשמעלצונג שאַפן זיי זיך אַלס בעסער אָפּגעטאָקטע, דיי־נער אויסגעשניצטע באַזונדערע איכן. זיי גייען אַריין אין אונדזער אינערלעכער וועלט און נעמען זי באַשרייבן, אָפּמאָלן מיט ווערטער, מיט אַלוזיעס אזוי אַז מיר דערקענען זיך בעסער, אַז מיר נעמען זיך אַליין פאַרשטיין גרינטלעכער, און דאָס אַ דאַנק דעם, וואָס זיי אַנטבלויזן פאַר אונדז זייערע אייגענע נשמות. זיי קומען ניט צו אונדז אין דער קאַפּאַציטעט פון טויב־שטומע שפּיגלען. ניין, ניט אַזוי! זיי קומען צו אונדז פול מיט קלאַנג, דיבורים און באַוועגונג. זיי זיינען פליסיקע שטראָמען פון פליסיקער פסיכאָלאָגיע. זיי זיינען פול מיט וויבראַציעס און באַוועגונג, פול מיט פאַרשיידענע שפּירונגען, רופונגען און צופונגען. ווען מיר פאַלן, אין גייסט, כורעים פאַר די גרויסע אויפטועונישן אין וואָרט־קונסט, ליטעראַטור, און קלאַנג־קונסט, מוזיק, וואָס באַגייסטערט אונדז, וואָס צווינגט אונדז זיך צו בוקן? דער באַהאַלטענער כוח פון קינסטלער, זיין פעאיקייט צו אַנטפּלעקן פאַר אונדז, פאַר אונדזערע גייסטיקע אויגן, די נאַטור, די געזעלשאַפט, די ליידנשאַפטן, פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע, פראַג־מענטן פון דער מענטשלעכער נשמה, פון דער וועלטס־נשמה, און דאָך ניט צו פאַר־לייקענען זיין אייגענע אינדיווידואַליטעט, זיין פּערזענלכקייט, זיין אייגענע נשמה. ווען מיר ווערן אַנטציקט פון דעם קינסטלערס שאַפונגען דעמאָנסטרירן מיר דורך דעם קינסטלער, — ווערלכן מיר באַטראַכטן אַלס אונדזער שליח ציבור און שליח־יחיד, שליח פאַר יעדן יחיד באַזונדער און פאַר דעם קהל צוזאַמען, — אונדזער פעאיקייט זיך צו אידענטיפיצירן מיט דעם באַשטאַנד און דאָך ניט בטל ווערן במציאות, ניט אַריינפאַלן אין אַ ביטול־היש שטימונג, זיך ניט אויפלייזן אין דער סביבה, אין דעם קאָסמישן אַרום, און בלייבן אַ באַזונדערער מהות, אַ זיך־זעלבסט וועלכער איז אַ טייל־גאַנצטום פון דעם זעלבסטום פרינציפּ.

די פּאָעזיע פון וואָרט און קלאַנג פּאָכעט מיט די ווינטן, וועלכע וואַנדערן אַרום איבער די בערג און טאָלן, פעלדער און וועלדער, וואו הימל און ערד ווערן איינס. די קונסט מאַניפעסטירט דעם גרויסן אידעאַל פון טאָטאַלער אידענטיטעט, וועלכן מיר פאַרווירקלעכן אויף יעדן טריט און שריט און וועלכער בלייבט תמיד אַן אומפאַרווירקלעכבאַרער. די קונסט דערמאָנט אונדז אָן אונדזער גרויסע פליכט, אונדזער העכסט־פאַרבאָרגענע אַספּיראַציעס, אָן די טיפסטע מחשבות, וועלכע בלאָנקען זיך אַרום איבער אונדזערע עפּיסטעמאָלאָגישע הימלען...

פאַרוואָס פאַרהערלעכן מיר די קינסטלער ? צייטנווייז וועקן זיי אויף אַ חשד צו זיך, אַז זיי פעלט אָריגינאַליטעט, אייגנקייט, זיכישקייט: דער, וועך עס קריכט אין יענעמס נשמה צייגט דערמיט אַז ער פאַרמאָגט ניט קיין אייגענע נשמה. אַזעל־כע באַשולדיקונגס־געדאַנקען, נעגאַטיווע אָפּשאַצונגען פון די קינסטלער זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן, אָבער זיי זיינען קיינמאָל ניט אָנגענומען געוואָרן. פאַרוואָס? ווייל זיי אַנטהאַלטן אַ טעות. דער גרויסער קינסטלער פאַרשטייט דעם פרעמדנס נשמה און לעבט אַדורך „יענעמס" דערפאַרונגען און דורכלעבענישן ניט דערפאַר וואָס אים פעלט נשמה, דערפאַר וואָס ער פאַרגוואַלטיקט זיין אינדיווידואַליטעט, נייע־רט פאַרקערט. ער ברייטערט אויס זיין אייגענע זעל אויף אַזויפיל, אַז זי נעמט אַריין אין זיך דעם צווייטנס מענטשנס זעל אויך. ער נעמט אויף די וויבראַציעס, וועלכע איין נשמה שיקט צו דער צווייטער, וועלכע די וועלט שיקט צו דער נשמה. ער הערט וואָס די נשמה רעדט צו דער וועלט, צום זעלבסטום, איר פאָטער און אי־דענטיטעט, איר מוטער. ווער קען לייענען אַ שטיק ראַיעלע פּאָעזיע און ניט פילן בשעת־מעשה אַן אויפציטער, וועלכער לויפט אַדורך דעם קערפּער פון פיענטע ביזן מארך, אַן אויפפלאַטער וועלכער צעהעלט און צעליכטיקט די זעל. אָט־די רעאַק־ציעס צייגן אַז דער יחיד, דער יחידישער זעלבסט־באַוואוסטזיין איז אַ טייל פון דעם גאַנצן באַשטאַנד, פון דעם זעלבסטום־פּרינציפּ.

עכטע פּאָעזיע פון קלאַנג און וואָרט צייגט אונדז דעם לאַנגען וועג, וועל־כער פירט צו דער פאַראייניקונג פון וועלט, מענטש און זעלבסטום. זי רעדט מיט קלאָרע דיבורים, הגם מיט מטושטש׳דיקע, וואונקפולע, אַנצוהערעניש־אָנגעלאָדע־נע ווערטער, וועגן אונדזער קעגנזייטיקער דורכגעדרונגענקייט. זי רעדט מכוח דעם גרויסן אויפטו, וועלכער דערוואַרט אונדז אַלס לוין פאַר אונדזערע פלייסונגען און באַמיאונגען. זי זאַלבט אונדזער האַרץ און קאָפּ מיט דעם באַלזאַם פון זיכערקייט אַז דאָס גאָר ווייטע איז, באמת, נאָענט, כמעט מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

פּאָעזיע איז מער ווי עסטעטיק. זי איז די אייגענע פילאָזאָפיע פון רעליגיע, די אייגענע לערע מכוח דער טאָטאַליטאַרער אידענטיטעט, נייערט אויסגעדריקט אין נאַאיוויסטישע טערמינען.

די עובדא פון פּאָעזיע, פון אירע מאַגיקער ביי אַלע פעלקער און אין אַלע צייטן איז צו אָנטשלייערן די נאַטור, אַנטבלויזן דעם באַשטאַנד, אַנטפּלעקן דעם זיך־אין־זיך, דעם זעלבסטום. זי דאַרף צייגן, הגם שעמעוודיק, די פאַרהעלטנישן, וועלכע וועבן זיך צווישן דעם מענטשן און דעם באַשטאַנד און צווישן זיי ביידן און דעם זעלבסט־אין־זעלבסטום *).

* אבא גאָרדין, מאָראַל אין יידיש לעבן זז. 216—212.

און איצט ווערט אונדז קלאָר פאַרוואָס פּאָעזיע, וואָרט און קלאַנג־קונסט, האָט זיך אַלע מאָל געטוליעט צו רעליגיע, און רעליגיע האָט אַלע מאָל געפּלעגט אַזוי צערטלעך אָט־די טאָפּלטע דיסציפּלין פון וואָרט־פּאָעזיע און מעלאָדיע־פּאָ־עזיע. פּאָעזיע מוז טרינקען פון קוואַל פון טאָטאַלן־אידענטיזם, אוניווערסאַליזם, מחמת בלויז דעמאָלט ווערט זי באמת פּאָעזיע, און ניט „אַ קלינגענדיקע שטיקל מעש״, אַ שמייכלענדיקער פּנים... צו וויינען מיט די רעגנס, צו וואַנדערן מיט די „אייביקע יידן״, די ווינטן, צו פלאַטערן מיט די זעגלען, צו רעווען מיט דעם גע־וויטער, צו ברומען מיט דעם דונער, צו זיגזאַגעווען, רייסן אויף שטיקער די פינצ־טערניש, מיט דעם בליץ, — דאָס אַלץ מיינט צו לעבן, צו זיין אַ מענטש, אַ יחיד און זיך צו פאַראייניקען מיט דעם באַשטאַנד. צו זיין אַ מענטש און לעבן ווי אַ מענטש מיינט פאַנאַנדערצופלאָנטערן במעשה דעם קנויל פון דאָזיין, צו אַנטשיידן די רעטעניש פון זיין באַזונדער פאַר זיך און דאָך מיט אַלעמען, מיטן גאַנצן ציבור און מיטן פּרינציפּ פון גאַנצטום־זעלבסטום.

דער תכלית פון קונסט איז ניט צו לערנען, נייערט צו מאַכן דעם מענטשן דורכלעבן און דורכפילן אָט־דעם טאָטאַל־אידענטיטעט־זינען. פּאָעטישע קונסט פריידיקט ניט קיין ליבע, דרשנ׳ט ניט מכוח סאָלידאַריטעט. פּאָעטישע קונסט איז די פאַרקערפּערונג פון מאַגנאָעגאָטיק, און אַלס אַזעלכע דאַרף זי ניט מגיד׳עווען, בכדי אַרויסצוברענגען וואָס זי וויל און דאַרף זאָגן און באַווייזן. זי האָט בעסערע מיטלען, מער ווירקעוודיקע, מיט וועלכע צו דעמאָנסטרירן דעם הויפּט־פּרינציפּ פון זעלבסט. און וואָס ווייניקער דער דיכטער איז געוואויר ניט אויף אַן אינטוי־איטיוון קינסטלערישן שטייגער, נייערט אויף אַ לאָגיש־טעאָרעטישן אופן, — פון אָט־דער עובדא זיינער, אַלץ בעסער, אַלץ אוממיטלבאַרער אומאיינגעצוימטער וועלן אַרויסקומען זיינע שאַפונגען. עס דאַרף זיין אמת׳ע התלהבות, אַ הזדווגות פון נשמות, פון דערשיינונגען, פון וועלטן. דאָס איז דער כלל גדול אין דער קונסט תורה: אויב דער אָביעקטיווער עלעמענט כאַפּט אַריבער די מאָס און וועגט אַריבער דעם סוב־יעקטיוון, ווערט די „שאַפונג״ אויס „שאַפונג״, זי ווערט אַ „מאַכונג״. זי הערט אויף צו זיין אַ שטיק אינערלעכקייט, וואָס איז געאויסערט געוואָרן, אַן אינטער־נאַליטעט, וועלכע איז עקסטערנאַליזירט געוואָרן, זי ווערט פּשוט אַ שטיקל אָן ־ נשמה׳דיקע אַרבעט, אַ טואונג, וואָס האָט ניט אין זיך דעם אָטעם, דעם לעבעדיקן אָטעם, דעם נשמת רוח־חיים פון דעם באַשאַפער. דעמאָלט איז עס אַ גולם, אַ גוף פון ליים אָן אַ זעל. און די נשמה, דער רוח־הקודש איז דער אַלץ און גאָר פאַר אַ פּאָעטיש ווערק. אָן דעם איז עס אַ פּאָטאָסטאַטישער אָדער סטענאָגראָ־פישער־באַריכט, אַ כראָניק, אַ דאָקומענט, ניט קיין קונסט־ווערק.

אַ פּאָעטיש ווערק מוז זיך געפינען אויף דער גרענעץ־ליניע פון אינדיוויד

און דעם קאָסמאָס, אויף דעם תחום־פּאָס וועלכער טיילט אָפּ איין נשמה פון אַלע איבעריקע, טיילט אָפּ און באַהעפט זיי, האַלט זיי צוזאַמען און באַזונדער, אַלטער־נאַטירט ווי אַן עלעקטרישער שטראָם. ווייל אַלע נשמות פון אַלע קעגנשטאַנדן זייַנען ווי פינטלעך און שטריכן פון איין באַשטאַנד־בילד, טראָפּנס פון איין ים, קריס־טאַלן־שנייעלעך פון איין זאַווערוכע, וועלכע הייסט לעבן, עקזיסטענץ־אינסיסטענץ. די הויפּט־ראָלע אין דעם פּאָעטיש ווערק שפּילט דער פּאָעט. מ׳זעט אים ניט, מ׳שפּירט אים אָבער אומעטום. זיין זעל וואַנדערט אַרום צווישן די קלאַנגען, אין דער מיט פון די ווערטער. ער ליידט, ער האָט פאַרגעניגן. ער איז ערנסט און ער אונטערהאַלט זיך אין זייער מסיבה, אין זייער אינעווייניקייט. ער תענוג׳ט און יסורימ׳ט אין יעדן שאָטן און שטראַל פון דעם אַנקומענדיקן און אַוועקגייענדיקן קלאַנג, אין דער באַגעגעניש און דאָס שיידן־זיך פון די ציילן, פון די דערפאַרונגען, פון די פראַגמענטן פון דער פּאָעמע.

מיר מוזן אָבער, למען האמת, זאָגן אַז אויסער פּאָעזיע און מוזיק, וועלכע האָבן באַוויזן אַריינצוליייגן אַ צאַפּלדיק האַרץ אין דעם קלאַנג, און אים מאַכן פילן די שטעכעדיקע דערנער פון יאוש און שמעקן די דופטנדיקע בלומען פון האָפענונג, לעכצן, זיך פאַרגיין און אויסגיין נאָך דאָס פאַרהוילענע און מיסטעריעזע, אויסער אַט־די צוויי קונסט־דיסציפּלינען האָט זיך קיין פאָרם פון קונסט ניט איינגעגעבן צו באַלעבן די נאַטור, די סביבה און זי באַהעפטן מיט אונדז אַזוי, אַז מיר זאָלן בפועל־ממש זיך דערפילן ווי איין לייב. סקולפּטור, מאַלעריי, שניצערריי זיינען צו חושים׳־דיק, צו חומר׳דיק־קאָנקרעט, אַז זיי זאָלן זיין אימשטאַנד צו פאַרקערפּערן די אי־דייע פון דעם זיך־זעלבסט. די קונסט האָט אָנגעפאַנגען מיטן אלהים. בראשית ברא אלהים. די ערשטע שאַפונגען זיינען אלהימ׳ס און יהוה׳ס שאַפונגען. זי וועט אָבער זיך אָפּגעבן מיט דעם פּשוטסטן פענאָמען, מיט דעם קל־שבקלים צווישן די אָב־יעקטן. מחמת אויך זיי זיינען אינטעגראַלע טיילן פון אהיה אשר אהיה, פון דעם זיך אין זיך און דער רום און די גדלות פון זעלבסטום וואוינט אין זיי, אין זייער שייב־קייט און פּשטות, אין זייער וויכטיקייט און שפלות. די זעלבסט־גרויסקייט שוועבט איבער זיי און פאַרוועבט זיי אין דער אַטמאָספער פון זיך־זעלבסטום.

קונסט בייט אירע נוסחאות, אירע סטילן, אירע שולן: רעאַליזם, סימבאַליזם, פוטוריזם, אימפרעסיאָניזם, סוררעאַליזם א.א.וו. דאָס זיינען אַלץ לייכטע וואַריאַ־ציעס פון דעם אייגענעם צוגאַנג. קונסט בלייבט אין אַלע אירע וואָגלענישן, גלות־אָפּריכטענישן, בלאָנקענישן און בלאָנדזשענישן די זעלביקע. אין אַלע אירע טראַנס־פאָרמאַציעס און טראַנספיגוראַציעס איז זי די אייגענע: זי פאַרקערפּערט די נשמה פון דעם טאָטאַל־אידענטיטעט־פּרינציפּ. זי אַנטפּלעקט די אייניקייט פון דעם אַלצ־מיטאַנאַנדער. זי דעמאָנסטרירט דעם זעלבסטום־פּרינציפּ.

דער לייטער פון קונסט שטייט און לענט זיך אָן מיט זיין אונטערשטן שטאפל אויף דער ערד, מיט זיין אויבערשטן שטאפל שפאַרט ער אונטער דעם הימל. דער מענטש, די איינצלנע דערשיינונג, קלעטערן אַרויף, גייען קיינמאָל ניט אַראָפּ, ניט ווי די מלאכים אויף דעם לייטער, וואָס יעקב אבינו האָט געזען אין חלום. דער גאַנצער באַשטאַנד מיט אַלע זיינע איינצלנע אָביעקטן און פענאָמענען גייען אַרויף־צו צום גרויסן איינס, צו דעם איינהייט־פּרינציפּ. און יעדער אָפּנייג פון אָט־דעם אַרויף־מאַרשרוט ווערט אונטערגענומען אויסשליסלעך מיט דער כוונה צו פאַרשטאַרקן, צו אונטערשטיצן די כוחות, וואָס טרייבן צו דער פאַראייניקונג — צום אחד.

קונסט ווייכט פון דער וויסנשאַפט. די לעצטע איז איר ניט קיין גוטער פריינט. זי שעדיקט די קונסט. די קונסט חבר׳ט זיך גערן מיט פילאָזאָפיע, מיט רעליגיע־פילאָזאָפיע. מחמת אָט־די צוויי פאַרפאָלגן איין צוועק און דאָס איז מייחד־צו־זיין יחודים מיט דעם באַשטאַנד, מיט דעם הויפּט־פּרינציפּ פון זעלבסטום. ביידע העלפן זיך קעגנזייטיק. ביידע זויגן די אייגענע ברוסט פון דער מוטער, די טאָטאַל־אידענטיטעט, מאָנאָגאַמיק.

— ג —

## פאַנטאַזיע און נבואה

די איינבילדונגסקראַפט שעפּט אירע כוחות פון דעם קוואַל וואָס הייסט זכרון. געדעכעניש איז דער אָנפאַנג פון פאַנטאַזיע, פון פאַרשטעלונג, פון „אויס־טראַכטונג". ווען מיר לאָזן זיך אַראָפּ אַביסל טיפער רירן מיר אָן דעם גרונט פון פּרעזענטאַציע און רעפּרעזענטאַציע, וואָס איז, ווייטער, בלויז אַ פאָרם פון איינביל־דונג. אָבער אמת׳ע, שטאַרקע, ראַיעלע איינבילדונג הייבט זיך אָן דעמאָלט, ווען דער רעאַל אַלס אַזעלכער, מיט זיינע פאַרהאַרטעוועטע עטאַבלירטע פאָרמען און פאַרהעלטענישן, גיט נאָך, גיט זיך אונטער דער איינבילדונגס־קראַפט. די פאַנטאַ־זיע אין איר איצטיקן צושטאַנד איז ניט אימשטאַנד צו שאַפן עפּעס אינגאַנצן נייעס. מחמת זי איז דאָך אַ פאַרזעצונג, אַ פּועל־יוצא פון זיכרון, וועלכער איז שטייף צו־געקניפּט צום רעאַל, צו דיווירקלעכע באַציאונגען און ממשות׳דיקע אָביעקטן. איינבילדונג איז דער ערשטער טריט, וועלכער פירט אין משך פון גאָר אַ לאַנגער צייט, צו דער באַפרייאונג פון די אָביעקטן ווי זיי זיינען, צו דער איבערווינדונג פון אונדזערע חושים אימפּרעסיעס. איינבילדונג איז אַ מאָדיפיקאַטיווע מאַכט. זי בייט און טוישט די פּרעדיקאַטן, די אייגנשאַפטן פון די קעגנשטאַנדן. זי צעשיידט זיי. זי עלימינירט אַנדערע פון זיי. זי באַהאַנדלט זיי אַלס אומאָפּהענגיקע אָביעקטן. און

דערנאָך נעמט זי אָט־די אָפּגעטיילטע אייגנשאַפטן און שרייבט זיי צו צו אַנדערע אָביעקטן, וועלכע אין דער ווירקלעכקייט האָבן קיינמאָל ניט באַזעסן אָט־יענע נייע אייגנשאַפטן. די אײַנבילדונג נעמט צו ביי איינעם, גיט עס אוועק דעם אַנדערן, שוואַכט אָפּ, פאַרשטאַרקט, מינערט, מערט, בקיצור, זי טוט מיט די אָביעקטן און זייערע אייגנשאַפטן ווי איינע „וואָס האָט אויטאָריטעט". דאָס איז די „צעלאָזנקייט", די „פּריצות" פון דער אײַנבילדונג. אָבער זי איז בלויז אַ קאָמבינירנדיקע קראַפט. זי איז ניט קיין שעפערישער כוח. עס איז ניטאָ לעת־עתה קיין אָריגינאַלע אײַנבילדונג. זי פאַרמאָגט ניט די פעאיקייט צו שאַפן קעגנשטאַנדן און זיי באַזאָרגן מיט אייגנשאַפטן, וואָס אונדזער סביבה הייבט גאָר ניט אָן צו וויסן פון זיי. אונדזער אײַנבילדונגס־קראַפט איז פון אַ רעקאָנסטרוקטיוון כאַראַקטער. אָפּילו די ווילדסטע און דרייסטסטע פאַנטאַזיע קען זיך ניט אָפּרייסן פון דער רעאַליטעטס־קייט און זיך לאָזן לויפן הענדום־פּענדום, פריי און פראַנק איבער די היגלען און טאָלן פון דער אויסטראַכטעניש, איבער אַ קעגנט וואָס זי האָט אַליין אויסגעפּאַבלט. זי איז ניט בכוח אַרויסצוגיין פון אָט־דער וועלט מיט אירע שייכותן און זיך אַוועקשטעלן אויף דעם שוועל פון אַ נייער וועלט, אַ וועלט פון גאָר נייע פאַרהעלטענישן. זי קען עס בשום אופן ועניין ניט באַווייזן. זי קען ניט שאַפן קיינע נייע זאַכן לויט אַ נייעם מאָדעל און צושרייבן צו זיי נייע אומדערוואַרטע, אומגעוויינלעכע אייגנשאַפטן, וועלכע מ׳געפינט אין ערגעץ ניט.

אָן דעם כוח־הזיכרון און אָן דער אײַנבילדונגס־קראַפט וואָלטן מיר גאָרניט קענען אויפטאָן. מיר וואָלטן דעמאָלט געוועזן אימשטאַנד צו לעבן בלויז פאַר איין מאָמענט, אין יעדן מאָמענט אין דער אותו־רגע. מיר וואָלטן ניט האָבן קיין אָנפאַנג, קיינע אַנטעצעדענטן און קיינע פּאָסטצעדענטן. אונדזער לעבן וואָלט זיין אַ פּונקט אויף אַ ליניע, תמיד כסדר פינטלעך, און קיינמאָל ניט און אינערגעץ ניט קיין ליניע. מחמת די לעצטע ווערט פאַרמירט פון אַ סכיקייט פון פּינטלעך. מיר וואָלטן ניט באַזיצן קיין איך־באַוואוסטזיין, מחמת דער איך, דער עגאָ, איז אַ רבים, אַ פאָלק אַ גאַנצער פון פאַרשיידענע און דיפערענטע זעלנצושטאַנדן, קליגלעניש־צושטאַנדן, חושים־באַריכטן א.א.וו., וועלכע ציען זיך אויס אין רוים און אין צייט, אין „פאַרדעם", אין „נעכטן" און „היינט". דער „שפּעטער" איבט אויס זיין ווירקונג אויף דעם „איצטער". דאָס דערוואַרטע, דער "תכלית" דירעקטירט כמעט אַלע אונדזערע טואונגען. כמעט אַלע, ווייל בלויז אַ טייל פון אונדזערע מעשים איז אָפּגעגעבן צו דער באַפרידיקונג פון אונדזערע איצטיקע הצטרכותן, פאָדערונגען פון דעם איצטיקן פאַרביילויפנדיקן מאָמענט. וואָס דער מענטש זאָל ניט אונטערנעמען, צי דאָס איז קינדער־האָדעוואונג, צי דאָס איז מסחר־טראַנסאַקציעס, צי דאָס איז אַגריקולטור־אַרבעט, צי דאָס איז קולטור־אַרבעט, ליגט אין דעם כמעט

תמיד אַ דערוואַרטונג און אַן אויסרעכענונג צו קריגן די רעזולטאַטן אין דעם „שפעטער‟. פילע פון אונדזערע טואונגען זיינען געריכט כלפי דער צוקונפט, וועלן געבן רעזולטאַטן ערשט נאָכדעם ווי אַ סך וואַסער וועט פאַרפליסן פון אונטער די רעדער פון גאָטס מילן און אַריינפאַלן אין ים פון אייביקייט, אין ים פון דער פאַרגאַנגנהייט.

סיי דער זיכרון, די אָפמאָלונג פון דעם וואָס איז שוין געווען, און סיי די פאַנטאַזיע, די פאָרשטעלונג, די באַשרייבונג אין בילדער פון דעם, וואָס דאַרף ערשט קומען, ביידע באַרייכערן די קעגנוואַרט, שטרייכן זי אָפ מיט נייע פאַרבן, מאַכן פון איר אַ סך־הכל, אַ סומע וואָס באַשטייט פון דריי טיילן: געוועזנהייט, וועטזיינהייט און איזהייט. די קעגנוואַרט זויגט צווי בריסט פון צווי מוטערס *). אָן דער פאַרגאַנגנהייט וואָלט אונדזער קעגנוואַרט געווען ליידיק. זי וואָלט תמיד אָנהייבן אַלץ פון סאַמע בראשית. די קעגנוואַרט, דער איצט איז אַ קאָמבינאַציע פון דעם אויפגעלעבטן „געווען‟, פאַרוועלקטן אָבער אָפגעפרישטן „פאַרדעם‟ און פון דעם פאַרפאַנטאַזירטן „נאָכדעם‟, דעם פוטור פראָספעקט.

אָן דעם פוטור וואָלט דער מאָמענט אויסגעקוקט נעבעכדיק, פאַרוואָרלאָזט; צרה׳דיק. ער וואָלט פאָרשטעלן אַן איבערגאַנג פון גאָרניט צו גאָרניט, אָנהייבעכצן אָן צוועקן, אָן תכליתים, אָן דערוואַרטונגען, אָן אַנטיציפאַציעס. אָן דעם וואָס עס פאָדערט אָנשטרענג, געדולד, אויסגאַבן, אָן דאָס ברויט, וואָס ווערט געשיקט אויף דעם געזיכט פון די וואַסערן און וואָס קומט צוריק נאָך פילע טעג, וואָלט זיך פילן אַ פוסטקייט. אָן האָפענונגען און געהאָפטע דערגרייכונגען וואָלט דער מענטש געלעבט פון „האַנט צום מויל‟, ער וואָלט טאָן בלויז דאָס וואָס זיין מתן־שכר איז ביי דער זייט, זיין באַלוינונג ווערט גלייך געגעבן. און קיין געפלאַנצטער בוים גיט ניט קיין פרוכט גלייך אין מאָמענט פון ווערן געפלאַנצט.

די צוקונפט שמייכלט און שרעקט, זי גלעט און בייסט, זי רעגט און באַרואיקט. אונדזער קעגנוואַרט איז דרייפאַך קאָלירט, דרייפאַך געקאָרבט, זי איז צוקונפט־באַלויכטן און פאַרגאַנגנהייט־באַשאָטנט.

אַנדערע דריקן אויס דעם פחד אַז אונדזער פאַנטאַזיע, מחמת דער וויסנשאַפטלעכער דיסציפלין וועלכע ווערט אַלץ מער און מער פאַרשפרייט, קומט צו נאָענט צום אויסלעש־פונקט. דער פחד איז אַן אומזיסטער. מיר באַמערקן אַ קעגנגעזעצטע אַנטוויקלונג. די פאַנטאַזיע, פון אַ היסטאָרישער פערספעקטיוו געקוקט, ווערט שטאַרקער, דרייסטער. זי רעכנט זיך ניט מיט די סייגים און גדרים פון די עקזיסטירנדיקע פאַרהעלטנישן און פאַרבינדונגען. די פאַנטאַזיע האָט פאַר זיך אַ

*) אבא גאָרדין, יידישע עטיק וו. 63—60.

גרויסע צוקונפט. מער, די פאַנטאַזיע האָט באַשאַפן די פאָרשטעלונג מכוח דער צו־קונפט. די פאַנטאַזיע האָט אַראָפּגערופן די וועטזיינהייט פון די הויכע בערג־שפיצן און זי געבראַכט אין די גראָז־באַוואַקסענע טאָלן פון דער איזהייט. די פאַנטאַזיע פילט פאַרויס, זעט פאָרויס די צוקונפט און בזה־האופן רעאַליזירט זי דעם „פו־טור" אין דעם „פּרעזענט". אַזוי אַרום ווערט די דערוואַרטונג, די צוקונפט פאַר־וואַנדלט אין אַ דערפאַרונג און איבערלעבונג. אַ ציוויליזירטער מענטש איז אַ פו־טור־מענטש, בשעת דער ווילדער איז אַ „קעגנווערטיקער" מענטש. אַן אויסשליס־לעך קעגנוואַרט־מאַן איז גאָר ניטאָ במציאות. די לענג און ברייט פון דער צו־קינפטלעכקייט פון די צוועקן קען דינען אַלס אייל מיט וואָס צו מעסטן די ציווי־ליזירטקייט פון יעדן איינצלנעם מענטשן. פאַרטרוי מיר דיינע פאַנטאַזיעס, דיינע דערוואַרטונגען, דיינע האָפענונגען, — און איך וועל דיר זאָגן ווער דו ביסט.

עגאָסאָפיע דאַרף נעמען אונטער איר שוץ די פּראָדוקטן פון דער מענטש־לעכער אַיינבילדונגס־קראַפט, פון זיין פאַנטאַזיע. זי דאַרף פלעגן, קולטיווירן די פּראָספעקטיוויטעט, די פעאיקייט אָדער די נייגונג אויסצוברייטערן אונדזערע דערוואַרטונגען און אויסשפּרייטן אונדזערע האָפענונגען ביז צום ענד פון דער צייט. ווען דער נביא רעדט וועגן דעם אחרית־הימים איז סיי ער און סיי זיינע צו־הערער לעבן אַדורך אָט־יענע גאָר ווייטע צוקונפט. און ווען עס וואָלט אַפילו אמת געווען, אַז יענע „צוקונפט" וועט קיינמאָל ניט רעאַליזירט ווערן אַלס אַ קעגנוואַרט אין דער ווייטער צוקונפט, איז אָבער אויך אמת אַז אַלס אַ קעגנוואַרט גלייך אויף דער רגע, אין דעם מאָמענט ווערט זי רעאַליזירט, זי ווערט אַ שטיק איבערלעבונג. פאַנטאַזיע, אין דעם בעסטן פשט פון דעם טערמין, אין דעם טייטש פון שאַפן צו־קונפט־ווערטן, בויען צוקונפט־שלעסער אין דער צוקונפט־לופט, איז ניט ווייניקער ווירקעוודיק־ווירקלעך, עפעקטיוו־אויפטועריש, ווי די האַרטסטע חושים־אויפגענו־מענע ווירקלעכקייט, וועלכע איז פאַרקערפּערט אין האָלץ, שטיין און מעטאַל.

די פאַנטאַזיעס אין דעם פשט פון מענטאַל־נאָבעלע פאַרריסנקייטן, רייך־קאָלירטע אין־זיך אַיינגעגלויבטקייטן, גייסטיק־העזה׳דיקע אַרויסרוף־וואַרפונגען צו דעם רעאַל, ווערן דערמוטיקט פון דעם עגאָסאָפישן אויפפאַס. דער רעאַל קומט אַרויס טונקל־גרוי דורך די אויגן פון די האַלב־בלינדע באַאָבאַכטער. אָבער די־דאָ־זיקע גרוי־זעעניישן זייערע האָבן גאַרניט וואָס צו טאָן מיט דער ממשות׳דיקער ווירקלעכקייט. די איבערראַשנדיקע נבואה־צוזאָגונגען, די דערשטוינענדיקע זעערי־שע דערוואַרטונגען, די זונענשיינענדיקע אידעאַלן וועלן ווערן געגערט, געכאָוועט און געפּילנעוועט פון אויטאָ־רעליגיעזער פילאָזאָפיע, פון עגאָסאָפיע. אַ פאַנטאַזיע איז אַ רעאַל־זאַך פאַר איר צייט, פאַר דער פוטור־צייט. די צוקונפט איז ניט קיין שטיף־טאָכטער, נייערט פאַרקערט דאָס העכסט באַליבטע, העכסט געצערטלטע קינד פון

פּאָטער באַשטאַנד און מוטערווירקלעכקייט. די פאַנטאַזיע האַלט ערשט ביים סאַמע אָנהייב פון איר לעבן. אין אונדזערע טעג ווערט זי געוויגט פון די ווינטן פון דעם רעאַל, אין דעם וויגעלע פון זיכרון מכוח דאָס שוין געזעענע, געהערטע, דערפאַ־רענע. אָבער זי וועט אונטערוואַקסן. זי וועט זיך אַנטוואוינען פון דער ברוסט פון דער „געוועזנהייט" און „איזהייט". און דעמאָלט וועט זי אויסשפּרייטן אירע הענט־לעך צו דער לבנה און זי וועט זי דערלאַנגען און וועט זי אַראָפּנעמען, ווי אַ טע־לערל, פון הימל. דעמאָלט וועט די צוקונפט אויפהערן צו זיין אַ צוקונפט. זי וועט ווערן אַן אמת־ממשות׳דיקע קעגנוואַרט. דער שטורעם פון אַ דערוואַרטונג, וועלכן מיר לעבן אַדורך, איז שטאַרקער, רוישיקער און בושעוודיקער פון דער באַפרידי־קונג, ווי געוויטערדיק זי זאָל ניט זיין, דאָס איז אַן הכל־יודעים אין פּסיכאָלאָגיע. און דערווייל איז דאָך אונדזער פאַרשטעלונגס־קראַפט בלויז אַן עופּע׳לע.

דעם טערמין פאַנטאַזיע נעמען מיר דאָ אין דעם באַטייט פון אַן אַנטיציפּאַ־ציע פון די העכסט אומגלויבלעכע צוקונפט־איינשטעלונגען, וועלכע ווערן אַ שטיק ווירקלעכקייט אין דער קעגנוואַרט אַ דאַנק דער גבורה פון דער אײַנבילדונג. אונטער פאַנטאַזיע מיינען מיר, פשוט, נבואה. וואָס איז נבואה, אידישע נבואה? וואָס מיינט נביאות־זאָגן? דאָס מיינט צעאַקערן דעם באָדן פון די קעגנוואַרטיקע געשעענישן, צעבראָנעווען דאָס פעלד פון די איצטער בחושים־אויפגענומענע דער־שיינונגען און עס פאַרזייען מיט פאַנטאַזיע־קערנער פון אַ ווייטער צוקונפט. נבואה־זאָגן מיינט זיך ניט רעכענען מיט דער בלייכער קעגנוואַרטיקער רעאַליטעט, זיך אויסלאַכן פון דער באַגרענעצטקייט פון די פּאַסירונגען, פאַרקוקן די קליינלעכע חשבונות פון דער ניכטערער ווירקלעכקייט מיט אירע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן. נבואה־זאָגן מיינט נעמען די מענטשהייט און דעם באַשטאַנד און זיי פאַר׳שיכורן מיט וויין וואָס יוירט און שוימט אין דעם בעכער פון דער אַלמעגלעכקייט, אַן אַל־מעכטיקייט־אַלמעגלעכקייט וואָס איז די ווירקזאַמסטע זאַכלעכקייט. נבואה און צו־קונפט זיינען סינאָנימען. אַט־די וועלט איז אַ סימבאָל פון אַן אַנדער וועלט; פון אַ בעסערער, פון אַ שלימות׳דיקערער. ריכטיקער, אַט־יענע די העכסט־שלימות׳דיקע וועלט איז אַט־די וועלט אַלס אַזעלכע, אַט־דער באַשטאַנד, גענומען אַלס אַ מאַ־ניפעסטאַציע פון דעם זיך־זעלבסטום און, ממילא, אויפגעפּאַסט אַלס אַלע מעגלעכע און דענקלעכע באַשטאַנדן. אַלץ וואָס עס פאָדערט זיך איז אַן אויג, אַן אויער, אַ ביסעל אײַנבילדונגס־קראַפט, אַ שאַרפער שכל, קלאָרע וויזיע, אַ פּראָפעטישע פּער־ספּעקטיוו און דעמאָלט קען מען דערזען, דערשפּירן און באַגרייפן אַז דאָס וואָס וועט זיין און דאָס וואָס איז זיינען בלויז צוויי מאָמענטן פון דעם אייגענעם „רעאַל".

די וועלט ווי מיר זעען זי, ווי מיר שפּירן זי, ווי מיר נעמען זי אויף מיט אונד־זערע חושים איז באמת אַ שטיק פאַנטאַזיע, אַן אויסטראַכטעניש, אַן אויספּאַבלונג פון

דעם גרעסטן דרייסט און דער אומבאַגרייפלעכקייט. און מיר אַלע, אַלס אַזעלכע זיי־נען אַ פּראָדוקט פון אַ צעשפּילטער, צעהוליעטער, פאַר׳שיכורטער פאַנטאַזיע. אָבער אַט־די פאַנטאַזיע איז אַ רעאַליזירטע. זי איז אַריינגעקריצט אין די לוחות פון אונדזע־רע שפּירונגען, אונדזערע פאַרשטענדענישן מיט אַזאַ גבורה, מיט אַזאַ אומאָפּמעק־באַרקייט, אַז מיר קענען זי ניט אָפּווישן, אָפּרייבן, סיידען מיט איר זאָל אָפּגעווישט און פאַרמעקט ווערן דער גאַנצער קיום. עקזיסטענץ איז אַ שטיק פאַנטאַזיע, אַן אויס־דיכטונג, צו וועלכער מיר זיינען צוגעוואוינט פאַר מיליאַנען און מיליאַנען יאָרן, אַ פאַנטאַזיע וועלכע מיר האָבן אַריינגעזויגן מיט דער מילך פון דעם באַשטאַנד, פון זעלבסטום אַליין. עס קומט פאָר אויף דער אויבערפלאַך כלומר׳שט ווי אַ צוזאַמענ־שטויס פון צוויי מינים פאַנטאַזיעס: די אַלטע און די נייע. די אַלטע פאַנטאַזיע רופן מיר אָן רעאַל. רעאַל מיינט מער גאָרניט ווי אַ שטיק דרייסטע פאַנטאַזיע.

מהאי טעמא דאַרף דער קינסטלער, דער דיכטער קיינמאָל קיין פּחד ניט האָבן טאָמער, חס־ושלום, פאַרגוואַלדיקט ער די ניכטערע רעאַליטעט, טאָמער רירט ער אָן דעם גלייכגעוויכט פון דעם „עולם העשיה״, טאָמער שאַפט ער „מאָדנע״ סיטוּ־אַציעס, „טשיקאַווע״ זאַכן, אויסטערלישע פאַרקניפּונגען און אָפּקניפּונגען. ער דאַרף וויסן און האַלטן עס אַלע מאָל קלאָר אין זינען, אַז די „נאַטור״, דער אוניווערס, דער באַשטאַנד, די רעאַלע רעאַליטעט שטייט איבער אים, היט אים, וואַכט איבער זיין אַר־בעט, פירט זיין פען, בליישטיפט, פענדזיל, דירעקטירט דעם צוג פון זיינע בילדער און געדאַנקען. אַט איז דער געווימל פון די בינען מיט די מענטאַלע און עמאָציאָנע־לע ביסן, — די חבלי־לידה, און אַט זיינען די צעלן פול מיט האָניק, דאָס איז דער גייסטיקער תענוג וואָס קומט צו אונדז פון דעם באַוואוסטזיין, אַז מיר געפינען זיך אין אַ נאָענטער קרובה׳שאַפט מיט דעם אוניווערס. מיר הערן די פידל־שטים פון זעלבסטום, ער קושט אונדזער אויער און ראָמט אונדז אַריין סודות מכוח נייע געפילן, זעאונגען, אינספּיראַציעס.

אַט די וועלט איז אַן אַנטפּלעקונג, אַ באַגייסטערונג. אונדזער פאַנטאַזיע ניט ווייניקער ווי אונדזערע חושים, ווי אונדזער שכל, געפינט זיך אין אַווירקלעכער פאַרקניפּונג מיט דעם באַשטאַנד, מיט דעם זעלבסטום. אַלע זיינען גלייך פאַר דעם זעלבסטום און פאַר זיין מאַניפעסטאַציע אין באַשטאַנד, ווייל יעדער קעגנשטאַנד, יעדער אָביעקט וואָס עקזיסטירט־אינסיסטירט נעמט אַן אַנטייל, האָט אַ חלק אין דעם קיום.

עגאָסאָפיע דערקלערט דאָס פאַנטאַסטישע פאַר דאָס ווירקלעכע. זי פאַראײ־ניקט זיי ביידן. זי ווענדט אַן דעם מאַניסטישן שטאַנדפּונקט. עס זיינען ניטאָ קיינע טיפע מחיצות אין אונדזער וועלט־באַנעמונג, אין אונדזער סביבה־אויפפאַסונג. אָבער אַזאַ פאַראייניקונג מיינט ניט אַ צונויפמיש פון אַט־די צוויי סאָרטן פון אַקטי־

וויטעט. פֿאַנטאַזיע, וועלכע ווערט אַנגערופֿן רעאַליטעט, באַלאַנגט צו אַ נידעריקער שיכט פֿון דעם אייגענעם מהות־איינבילדונג. פֿאַנטאַזירן איז ניט שפּיל׳ער פֿון שפּירן, נייערט להפֿך, זי איז ייִנגער און דעריבער פֿון אַ גרעסערן יחוס, און זי פֿאַרדינט מער כבוד־אָפּגעבונג. פֿאַנטאַזיע פֿאַרלאַנגט קולטיווירונג, דערציאונגס־טעטיקייט. מיר דאַרפֿן זי העלפֿן אין איר הייליקער אונטערנעמונג, וועלכע באַשטייט אין איר באַ־פֿרייען זיך, ווערן אַלץ מער און מער אומאָפּהענגיק פֿון די פֿאַרדעמדיקע פֿאַרמען פֿון פֿאַנטאַזירונג־רעאַליזירונג. זי דאַרף ווערן דרייסטער, העזה׳דיקער. זי דאַרף זיך אָננעמען מיט שעפֿערישער חוצפּה אַזוי, אַז זי זאָל זיין אימשטאַנד צו שאַפֿן אַ נייע וועלט, אויסטראַכטן נייע געשטאַלטונגען, נייע מאָדעלן. זי דאַרף אַנטדעקן פֿאַר די אויגן פֿון דעם מענטשן די פֿאַרבאָרגענע אוצרות פֿון דעם רעאַל, אויפֿשליסן דעם קדשי־קדשים, וואו עס וואוינט די אמת׳עווירקלעכקייט.

עס איז דאָ דער וועג פֿון די וואָלקנס אין די הימלען, אָבער עס איז אויך פֿאַראַן אַ רעגיאָן איבער די וואָלקנס, אַ לויטערע קעגנט פֿון זונען־אַזיערעס אויסגע־שפּרייט אין דער לופֿט אין היילער נאַקעטקייט און קינדערשער צערטלעכקייט. עס איז דאָ אַ וועג פֿון די שטערן, אָבער עס איז אויך פֿאַראַן אַ ספֿער, וואָס איז איבער די שטערן און די גאַלאַקסן, — דאָרט שטייט דער אַלטאַר פֿון דער פֿאַנטאַזיע, דאָרט איז די מלכות פֿון דער נייער ווירקלעכקייט. אונדזער וועלט, אונדזער טעכנישער און וויסנשאַפֿטלעכער אמת באַזירט זיך אויף די חושים. מ׳קען זאָגן, אַז מיר שענקען צופֿיל אויפֿמערקזאַמקייט צו דער רעאַלער וועלט. אמת, אונדזער רעאַל איז דורכגע־פֿלאָכטן און איבערגעשפּונען מיט פֿאַנטאַזיע־פֿעדים. אָבער אָט־די גאָלדענע פֿעדים פֿון דאָס פֿאַנטאַסטישע זעען מיר ניט. מיר איבן, מיר „דערציען און בילדן" צופֿיל אונדזערע חושים און צו ווייניק אונדזער פֿאַנטאַזיע אין אירעביידע אַספּעקטן פֿון פֿאַרשטאַנד און איינבילדונג. אונדזערע וויזיעס זיינען ניט פֿון אַ קלענערן ווערט ווי אונדזערע טאַטן, מחמת זיי זיינען אַלע קינדער פֿון דאַזיין. עגאָסאָפֿיע דאַרף אויס־גלייכן אָט־די איינזייטיקע צעקרימטקייט, פֿאַרריכטן אָט־דעם טעות פֿון אונדזער קולטור. צו פֿיל סענסואַליזם פֿאַרמאָגט די אייראָפּעאישע קולטור, צופֿיל יאָגעניש נאָך דער פּראַקטיק, נאָך דאָס פּראַגמאַטישע און „געשעפֿטלעכע", אַזוי ווי אָפּנים רעאַליטעט וואָלט האַלטן אויסשליסלעך פֿון מעשים, פֿון טאַטן און גאָרניט האַלטן פֿון געדאַנקען, פֿון פֿאַנטאַזיעס, וועלכע זיינען, ניט ווייניקער פֿון די מעשים, גאַנצע שטיקער פֿון דעם רעאַליזם, פֿון דער ווירקעוודיקער ווירקלעכקייט. די שטחיות באַהויפּטעט, אַז צו שפּירן מיינט צו זען דעם קעגנשטאַנד וואָס געפֿינט זיך אויסער אונדז, מחוץ פֿון אונדז, אין דער רעאַליטעטס־וועלט, בשעת צו פֿאַנטאַזירן מיינט צו אונטערנעמען אַ גרונטלאָזע אָפּעראַציע מצד פֿון סוביעקט, פֿון דעם אַקטיוויסט, וועל־כער איז, אַזוי צו זאָגן, אומפֿאַראַנטוואָרטלעך און אומפֿאַרלעסלעך. אַזאַ באַהויפּטונג

פון שטאַנדפּונקט פון עגאָסאָפיע איז אַ טעות. פאַנטאַזיעס, בילדער, אימאַזשן, פאַר־שטעלונגען זיינען „אָביעקטן" פון דער וועלט. מחמת מיר אַליין געהערן אויך ניט צו זיך אַליין, און אַלץ וואָס מיר באַזיצן און פאַרמאָגן קומט פון דרויסן, אויב מ'נעמט ניט אָן, אַז דער גאַנצער חוץ איז, טיפער פאַרשטאַנען, אַ פּנים. די צעטיילונג אויף פּנים און חוץ, אויף אינערלעך און אויסערלעך האַלט ניט אויס קיין שום קריטיק. מחמת מיר זיינען עופעלעך, וואָס געפינען זיך אין בויך פון דער אויסערלעכער וועלט, וועלכע געפינט זיך אין באַשטאַנד, וואָס איז אַ מאַניפעסטאַציע פון דעם זיך־זעלבסטום־פּרינציפּ. אַלע אונדזערע אידייען, מחשבות, טרוימען, אויסטראַכטונגען, באַגריפן, שפּירונגען, חושים, אַלע גענומען צוזאַמען ווי אויך געהאַלטן און גענומען איינציקווייז, באַלאַנגען צום דאַזיין אין איין פאָרם אָדער אין אַן אַנדערער. אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו עקזיסטענץ־אינסיסטענץ איז אַן אינטעגראַלער טייל פון באַשטאַנד און ממילא, פון זעלבסטום. מען קען ניט פאַרמעקן דעם קלענסטן אות, דעם בלייכסטן שטריך, תג אָדער טראָפּ אין דעם בוך פון דערווירקלעכקייט. פאַנטאַזיע־אַרבעט איז ניט מער מינדערווערטיק ווי דאָס פליסן פון אַ טייך, בושעווען פון דער כמאַרע. די פאַנטאַזיע־געדיכטן זיינען ניט ווייניקער חשוב ווי די פּאָעמעס, וואָס ווערן געשריבן אויף די בויגנס פון אונדזערע נערוון און מוסקולן. אַלע זיינען זיי קינדער וואָס ווערן דערצויגן פון דאַזיין, געהוידעט אויף דעם שויס פון דער „נאַטור", פון דער מעג־לעכקייט. זיי אַלע גייען דעם זעלביקן וועג און אין דער אייגענער ריכטונג, פון „נאַ־טור" צום מענטשן. זיי אַנטפּלעקן זיך. זיי זיינען שטיקער נאַטור, וואָס ווערן פאַר־וואַנדלט אין שטיקער פון מענטשלעכן מהות, פון פלייש און בלוט, פון מענטאַליטעט, וואָס הייסט זיין אינערלעך לעבן, אינטערנאַליטעט. דער מענטש אַליין דערשיינט צו זיך אַליין אויך אין דער פאָרם פון אַן אויסערלעכקייט, וועלכע ווערט אויפגענומען ווי אַן אינערלעכקייט. מענטש עקזיסטירט ניט ביי דער זייט פון דער וועלט, מחוץ פון דער וועלט. ער איז אין דער וועלט. ער איז אַ טייל פון דער וועלט, פון אָט־דעם אייגנאַרטיקן עקסטערנאַליזם. אויף־וויפל עפּעס דערשיינט, ווערט געטראַכט, באַ־טראַכט אָדער אויסגעטראַכט, אויף־אַזויפיל איז עס וועלטיש, ראַיעל, אַ טייל פון באַשטאַנד און, ממילא, פון זעלבסטום.

דער געדאַנק, אַז דער מענטש קען באַטראַכט ווערן אַלס עפּעס וואָס עקזיס־טירט מחוץ פון דעם באַשטאַנד אָדער פּאַראַלעל מיט דעם באַשטאַנד, מיט דער אוי־סערלעכער וועלט, איז אַ גראָבער־טעות. סיידן מיר נעמען דעם מענטשן ניט אַלס אַ מענטשן, אַ באַשעפעניש פון פלייש און בלוט, נייערט אַלס דעם טרעגער פון זיכהייט־אינהייט, אַלס דעם רעפּרעזענטאַנט פון דעם זעלבסטום־פּרינציפּ, דעמאָלט איז ער איבער דער וועלט. ער איז איר באַשאַפער. אָבער דעמאָלט איז ער ניט קיין פּשוט'ער מענטש, קיין בשר ודם, נייערט אַ טייל פון „זיך־אין־זיך־זעלבסט". אַלס מענטש קען

ער זיך ניט שטעלן אַנטקעגן דער „נאַטור", אָדער ביי דער זייט פון דער „נאַטור". באַקעמפן די „נאַטור", שפּיאָנירן אויף איר בכדי צו אַנטדעקן אירע פאַרלעצבאַרע אָדער שוואַכע פונקטן אום ער זאָל קענען זי אָנגרייפן, — איז אַ טשיקאַווער געדאַנק, וועלכער זאָגט עדות, אַז דער מענטש פאַרשטייט ניט זיין ריכטיקע פּאָזיציע אין דער סכעמע פון דער וועלט, ווען געאורטיילט וויסנשאַפטלעך־טעכניקאַליש; ער איז אַן „אינספּירירטער", אַן התגלות־געדאַנק, ווען געאורטיילט פון שטאַנדפּונקט פון אויטאָרעליגיע. דער מענטש קוקט אויף זיך ווי אויף איינעם, וואָס שטייט איבער דער וועלט. מחמת ער געהערט ניט אין דער וועלט, אין דעם באַשטאַנד, נייערט צו דעם זעלבסטום־פּרינציפּ, וועלכער זעלבסט־באַשאַפט די וועלט, און אַלס אַזעלכער קען ער באַאורטיילן, דערקענען, באַצווינגען און באַהערשן די וועלט. אויף דעם „וכבשוה" האָט ער געקראָגן אַ מאַנדאַט פון זיך־זעלבסטום אַליין. אַלץ וואָס איז מענטשלעך איז וועלטלעך. מחמת ער קומט פון דער וועלט און ער בלייבט אין דער וועלט. בכדי זיך צו שטעלן איבער דער וועלט, מוז דער מענטש זיך שטעלן איבער דעם מענטשן, איבער דעם פּשוטן חי וקיים, ער מוז זיך באַהאַנדלען אַלס אַ זיך־זעלבסט.

עס איז ניט קיין נפקא מינה דורך וועלכע פעאיקייטן דער מענטש אַנטדעקט, געפינט אויס די כוחות פון דרויסן און פון אינעווייניק. די צעטיילונג אויף דרויסן און אינעווייניק איז אויבערפלעכלעכקייט. עס איז אַן אָנווענד פון רוים־השגות ניט אין ריכטיקן פּלאַץ. דער מענטש איז אַ קאָמבינירער פון אָט־די צוויי השגות, וועלכע לכאורה, שטויסן זיך צוזאַמען, ווידערשפּרעכן זיך, דער מענטש נעמט זיך אַלס מענטש, וועלכער איז אין דער וועלט, און אַלס אַ זיכטום־איכטום, וועלכער איז איבער דער וועלט, איבער דעם באַשטאַנד. דער מענטש, אויפּוויפּל ער נעמט זיך אַלס מענטשנקינד און ניט מער, געפינט זיך אין דער וועלט, אָבער ניט ווי ווין אין אַ פעסל, אָדער אין אַ פאַרקאָרקעוועטן פלעשל, וועלכן אַז מען וויל גיסט מען אויס, באַפרייט מען פון פעסל און פון פלעשל. דער מענטש געפינט זיך אין דער וועלט ווי איינער וואָס געפינט זיך אין זיין הויט, אין זיין אייגענעם קערפּער און קען ניט טראַכטן וועגן פאַרלאָזן זיין סקעלעט און אַזוי אַרום זיך באַפרייען פון דער תפיסה, וועלכע הייסט גוף. מיר זיינען אין דער וועלט, פון דער וועלט. און ווען מיר ווערן פּטור פון דער חושים־וועלט גייען מיר בלויז אַריבער פון איין צימער אין אַ צווייטן אָבער אַלץ אין דעם זעלביקן רייכן פּאַלאַץ, וועלכער איז רייך אין קאָלירן, אין בילדער, אין קוואַליטעטן און קוואַנטיטעטן, — אין דער וועלט. אַרויסגיין פון דער „תפיסה" קענען מיר בלויז ווען מיר נעמען זיך אויפפאַסן אַלס טיילן פון זיך־זעלבסטום, אַלס טיילן פון אהיה אשר אהיה, פון אנוכי יהוה אשר הוצאתיך, ווייל בלויז אָט־די השגה קען אונדז אַרויסציען פון אָט־דעם „בית־עבדים"... פון דעם באַשטאַנד.

אונדזער פאַנטאַזיע האַלט ביי איר ערשטן פּליסטער. וואָס זי וועט אונדז דער־ציילן, ווען זי וועט רייף ווערן, — קען קיינער געבוי ניט פאָרויסזאָגן. אונדזער שכל דערווייל פּויזשעט אַרום ווי אַן עופעלע אויף אַלע פיר, הינקט־שפּרינגט ווי אַ פּיי־געלע אָן פעדערן. וואָס וועט ער אונדז ציגן, ווען ער וועט קריגן זיינע פליגלען און ער וועט נעמען אַרומפליען מעשה־אָדלער, רייטן אין די הימלען און אין דער סטראַטאָספער און נאָך העכער, — דאָס קען קיינער לעת־עתה ניט משער זיין געבוי.

ווען מיר באַטראַכטן די לעצטע יאָרהונדערטער פון אַנטוויקלונג פון אונדזער קולטור, סיי פון דער אָביעקטיווער, סיי פון דער סוביעקטיווער, די עוואָלוציע פון אונדזערע אינסטיטוציעס און כשרונות, מוזן מיר זאָגן, אַז מיר רוקן פאָרויס צו שנעל אונדזערע מעשים, אונדזער פּראַקטיק, אונדזער פּראַגמאַטישע קולטור אויף דעם חשבון, און צום שאָדן, פון די איבעריקע אַספּעקטן און געביטן פון אונדזער קולטור. דעריבער פעלט אונדז גלייכגעוויכט און קאַטאַסטראָפעס רוקן זיך אָן אויף אונדז פון אַלע זייטן, ווי וואָלקנס פון אַ שווערער כמאַרע. אונדזער ציוויליזאַציע־שיף איז ניט באַלאַנסירט ווי געהעריק. דער גאַנצער באַלאַסט ליגט אויף איין זייט. איין זייט איז איבערגעלאָדן און זי שטעקט טיף אין וואַסער, בשעת די צווייטע זייט איז לייכט און עס שטעקט אינגאַנצן אַרויס פון וואַסער. אונדזער מאַטעריעלע קולטור איז אִי־בעראַנטוויקלט, בשעת די גייסטיקע איז אונטעראַנטוויקלט. די כוחות זיינען ניט פּראָפּאָרציאָנעל אַיינגעטיילט אין אַ געזונטן זה־לעומת־זה. אונדזערע חושים זיינען צו שאַרף אין פאַרגלייך מיט דער טעמפּקייט פון אונדזער שכל און אונדזער פאַנטאַ־זיע. צופיל טעכנישע שולן און צו־ווייניק אַקאַדעמיעס פאַר פילאָזאָפיע, וויזיע, פאַנ־טאַזיע. צופיל פּראָפיטן־מענטשן און צו ווייניק פּראָפעטן. צו זען וויזיעס, צו חלומ׳ען חלומות — איז ניט אָנשטענדיק, איז ניט לייטיש. עגאָסאָפיע קען ניט געבן איר הסכמה אויף אַזאַ פיר. עגאָסאָפיע קען ניט ראָטן צו דערמוטיקן איין פעאיקייט און אָנטמוטיקן אַ צווייטע. אַלע מענטשלעכע פעאיקייטן זיינען גלייכע יחסנים. מען דאַרף זיי אַלע אַנטוויקלען, ניט אייניקע באַהאַנדלען ווי לייבלעכע קינדער און די איבערי־קע ווי שטיף קינדער. מיר שאַצן אָפּ די אויפטואונגען, וועלכע ווערן געמאַכט אין דער טעכניק, און מיר שאַצן גאָרניט אָפּ די חידושים, וואָס ווערן געמאַכט אין פאַנ־טאַסטיק אָדער ראַציאָנאַליסטיק.

אין פּראַקטיציזם זע איך אַ נייעם פאַרזוך צו שאַפן אַ דעספּאָטיזם. אָט־דער צווייג פון מענטשלעכן אָנשטרענג וויל אוזורפּירן דאָס גאַנצע פעלד פון מענטשלעכער טעטיקייט. לאַבאָריזם, טעכניקאַליזם איז אַ מין שפּאָגל־נייער סאָרט פון נאַאיוויזם, וואָס וויל פאַרכאַפּן די מאַכט איבער דעם מענטשן, געזעלשאַפט און „נאַטור״. דער איינפיר פון אַזאַ אָדער אַן אַנדער מין טיראַניי דינט אַלע מאָל אַלס אַ שלעכטער פּראָ־

לאָג צו אַן ערגערער דראַמע, וואָס ווערט געשפּילט אויף דער בינע פון דער געשיכ־טע. און מיר דאַרפן זיך גוט צוהערן צו די שטימען וואָס וואָרענען אונדז, אַז מיר דערנענטערן זיך צו אַ צוזאַמענבראָך פון אונדזער גאַנצער ציוויליזאַציע. עס איז שוין גאָרניט פּראַקטיש צו זיין אַזוי פּראַקטיש ווי מיר זיינען.

דער אידעאַליזם פון עגאָסאָפיע איז דער אמת׳ער רעאַליזם און פּראַקטיציזם, מחמת אין דעם גאַנצטום געפינען מיר אַלע עלעמענטן, אַלע כוחות, אַלע אייגנשאַפטן, דעם אַלצמיטאַנאַנדער. דאָס וואָס מיר זיינען געוואוינט צו באַצייכענען מיטן טערמין „וועלט״ איז באמת איין צייל, ניט מער, אין דעם בוך פון באַשטאַנד, וועלכער איז בלויז אַ מאַניפעסטאַציע פון זעלבסטום פון אנוכי יהוה.



# דער בונד פון ברויט

פון

## א. קעמל

מתפלל איז דער פּוס מיט יעדן שפּרייז,
און תפילה טוט דער לייכטער צוק פון אָטעם.
ס׳איז מויל מתפלל בשעת׳ן נעמען שפּייז,
ווי בעת עס לערנט פלייסיק גאָט׳ס משפטים.

אין סאַמע עסן ווערט געשלאָסן בונד
פון יחיד מענטשן מיט די וויטסטע עלעמענטן.
אין שיסל זוכט דער מענטש מיקלאָמפערשט בלויז געזונט,
באמת, זיינע לאנג פארלאָרענע מאָמענטן...

# אברהמס נסיון

פון

## מאיר אסתרס

### צווישן פרישטיק און מיטאָג.

ט׳

עס שטייט אברהמל אומגעדולדיק אויפן שוועל,
דאָס הויז פאַרלאָזן איז ער מוכן ומזומן.
פון פויגל אויפן בוים דערביי עס קומט אַ טרעל.
עס פליט פאַרהאַוועט חבר־בין מיט זיסן זומען.

באַהיטן און באַשירמען זאָל אונדז גוטער גאָט
פון דעם, מיט הלכות חקירה־דרישה ז׳מלא וגדוש.
צי ביי די פּריצים איניקל געגעסן האָט?
דער זיידע אין פאַרהער איז מילד, דאָך שטרענג מעטאָדיש...

אברהמלס בלאַסער פּנימל ווי צונטער רויט:
ווי סמייעט מען אים חושד־זיין! ער איז אין כעס.
כאַטש מיט דער תשובה הילכט זיין קולכל, ווי אַ פּלייט,
עס בייסט אים אומריינער פאַרדאַכט, ווי אַ צרעת...

„מע טאָר עס ניט, סי אַן עבירה, איך פאַרשטיי!"
ער האָט ביי די ערלים קיין זאַך ניט געגעסן,
קיין ברויט, קיין מילך, אפילו ניט קיין סמיאַטקע איי.
דעם אַנזאָג זיידעניו׳ס ער וועט קיינמאָל פאַרגעסן.

„און וואָס מכות האָניק ?" — זיידע ווייטער פרעגט,
פאַרגעבלעד טאָן אַ שמייכל שענקען מיט זיך ;
און יעדעס וואָרט זיין אינטאָנאַציע מעסט און וועגט,
אומרואיקייט אַרויסצוצייגן אָפּן היט זיך.

אברהמעלע איז פון דער פראַגע איבערראַשט.
וואָס הייסט ? ער האָט עס, בנאמנות, ניט געגעסן,
„דעם ריינעם האָניק האָב איך, זיידע, בלויז גענאַשט"...
אין גאָרטן אויף אַ בענקל זיינען זיי געזעסן...

געלעקט דעם האָניק פון די פינגער,
דאָס אַלץ... זי, סטאַסקע, איז פון אים בלויז מיט אַ חודש יינגער.
איז אַ מסיח־לפי־תומו... מאָלט דאָס בילד מיט אומשולד עכטער,
די באָבע איינהאַלטן זיך קען קוים פון געלעכטער...

דאָס אינגל האָט אַ גמרא־קעפּל,
וועט פסק׳ענען די האַרבסטע שאלות, ניט בלויז לעפּל־טעפּל.
אַ שפּאַס ! אַ חילוק קענען מאַכן צווישן עסן און בלויז נאַשן.
מיט אים, דעם חריף, גאָרע וועלט וועט קלינגען, רעשן !

אויף איר ישראל ט׳בייזן בליק אַ וואָרף געטאָן
פון אונטער זיינע לאַנגע און געדיכטע ברעמען,
במחשבה זאָגט מיט פולער מויל און האַרבן טאָן :
דו לאַכסט ? אין ווייטן האַלדז דו מעגסט זיך שעמען !

דעם גרויסן צדיק, ליבן איידעם, ניט געהאָרכט...
דאָס קליינע קינד, אברהמעלע, האָט שווער געזינדיקט.
„צידקניות וויבער" ווייסן דען פון גאָטעס־פאָרכט ? !
דאָס אייניקל ניט חייב בעונשין, איז ניט מינדיק...

ס׳איז דו ! זיך שלאָגן דאַרפסט מיט פויסט אין האַרץ על חטא !
במזיד עובר ביסט געוועזן אויף „זילזול מורים".
ביי פרויען פרימסטע ז׳אַלץ געסטריגעוועט טאַנדעט,
צו אַל־דאָס בייז איז פרוי געוועזן דער ערשטער גורם.

קען כיענע רייזע זיין, מיט אַלע אירע מעלות,
מער ווי אַ יידענע ?! און „נשים דעתן קלות״...
אַנשטאַט צו האָבן אייזערנע, ווי מאַנצביל, קעפּ
פאַרמאָגן זיי כחרס־הנשבר׳דיקע טעפּ...

א צילעווע געטאָן אַ שטיינדל, גלייך געטראָפן,
אַ בראָך! און „ווי לקידרא״... שערבלעך קאַטאַסטראָפן...
אַ כלי ליימענע צעבראָכן, — ווערט ניט גאַנץ...
קאַפּוט! פאַרלאָרן עצם זאַך — ניט בלויז דעם גלאַנץ.

וואָלט מוטער שרה קענעןביישטיין צען נסיונות?
האָר גאָט, ניט שטן, האָבן וואָלט פון איר בזיונות:
זי וואָלט אים ניט אָוועקגעשאָנקן איינציק זון,
אַ מוטער איז בבחינת קוואַטשעדיקע הון...

ניט די וואָס טראָגט אַרום פונפאָרנט צווילינג האָרבן
מיט גאווה גרעסערער פון קעמל אין מדבריות,
ווען מקריב־זיין בן־יחיד אירן פאַר אַ קרבן,
אויף גאָטס באַפעל באַצווינגען רחמים מיט אכזריות,

און בלויז נאָך דרינגלעך דינגעניש מיט מלאך גואל
אויף ווידער, אין געפלעכט פון צווייגן, אים פאַרבייטן.
ציפּורה אויך קיין אויסנאַם, כאָטשע גרשם׳ס מוהל.
די „אשה״ בלייבט די זעלביקע אין אַלע צייטן:

ניט מער ווי מל צו זיין שטייט אויף אינמיטן נאַכט;
זי וואָלט אים פאַר אַן אָפּער אויף קיין פאַל געבראַכט.
ווייל ניט פאַר גאָט, זיך ווילן אויספּיינען פאַר לייטן.
זיי קומען דאָך פון מענטשנס ריפּ. פון פלאַנקען־זייטן...

דאָס קינד פון עץ־הדעת האָט נאָך ניט פאַרזוכט,
זיין שכל איז הייל־נאַקעט, ניט באַקליידט, באַשוכט,
צום חרש־שוטה־וקטן מ׳קען קיין טענות האָבן.
די לאַסט פון שולד אינגאַנצן לייגט זיך אויף דער באָבען...

דער שוואַרצער קודלעוואַטער כלב אויפן גאַנעק איז געשטאַנען,
פון אויפמערקזאַמקייט אַ סטאַטויע אָפּגעגאָסן פון איין שטיק.
געציילטע ווערטער איינציקע ער הערט פון הינטער טיר, טוט אָנען:
זיין „פריינט" מיט פולע קעשענעס קען קומען יעדן אויגנבליק.

זיין פיין געהער פאַרלעצנדיק און פריקרע קלינגט אים זייער ניגון;
די ברואים קליינינטשקע, הגם ניט מיקראָסקאָפּישע, פאַראַכט.
ער טשעפּעט ניט, מיט לאַפּע צי מיט ווידל, אַט־די זלידנע פליגן.
מיט טויגעניכטסן, „גאַרנישטן", אַ העלד אַ בראַווער פירט קיין שלאַכט.

זעט, אויפן פרקן זיצט בהרחבה מרת קאַץ, ווי וואַזשנע פּריצטע,
זי וואַכט און דרימלט, טוט אויף פייגעלעך אין חלום לויערן.
פּאַמעלעך די סעקונדעס ציען זיך. ער האַלט אַצונד פאַרשפּיצטע
די סאַמעטענע גלאַנציק־שוואַרצע האָרעדיקע אויערן.

געדולדיק ווי פאַרגליווערט טוט מיראַן, דער גרויסער סבלן, וואַרטן.
ער ווייסט געוויס אין אַט־דער צייט און טאַקע אין דעם פּלאַץ אַט־דאָ
זיין גוטער פריינט און האַר אים אונטערשאַרט אַ וויכן צי אַ האַרטן,
דאָך תמיד אַ געשמאַקן, ביסן. ער האַלט שטאַרק פון חיי־שעה.

אַראָפּגעשפּרונגען אויף איין פּיסל די פּאָר טרעפּלעך פון דעם גאַנעק
אברהמל האָט זיין ליבן פריינטס דערוואַרטונגען ניט אָפּגענאַרט.
מיט פלייס פון מצווה זיך גענומען מקיים־זיין דעם „הענק תעניק":
איעדערער באַקומט נאָך וואָס ער מיטן גאַנצן האַרצן גאַרט.

דער כלב שלינגט, אַברהמעלע קוועלט אָן פון נחת.
אין שלינגען גרויסע בריה׳שקייט, טאַלאַנט, ער ציגט.
ער ציילט איעדן שלונג ווי כהן „אחת ואחת"...
בלויז חשבון פראָסטער אַריטמעטישער ניט לייגט.

מיט ליבשאַפט קוקט אַריין דעם כלב אין די אויגן.
ער, פשוט, שפּיגלט זיך מיט לידנשאַפט אין זיי.
בעל־חי דעם מענטשנקינד איז טייער, לייבלעך אייגן:
אברהמלען אַרן ניט אַפילו כלב׳ס פליי.

דער הונט אַ גאַנצער מענטש, עס פעלט אים בלויז דער דיבור,
עס געניצט צווישן אַנימאַל און קינד קיין תהום.
פון דעם דערוואַקסענעם הונט חשוב'ער איז, ליבער.
עס נעמט אַדורך מיראַנען אַן עלעקטריש שטראָם.

ער דרייט און שאָקלט מיטן ווידל ניט ספּאַזמאַדיש,
פאַרקערט היפּש אויסגערעכנט מיט אַ ישוב־דעת,
ווי זאָגן וואָלט קהלת'דיקן „אין כל חדש".
אַן אָנשטעל מאַכט, ווי ער מכלומרשט איז אין כעס:

הלמאי ער קען ניט ברכה מאַכן, ציצית בענטשן,
מיראַן איז, נעבאָך, גאָר אָן לשון, שיער ניט שטום.
וויל דאַנקען שפּייזער, ווי עס טוען פרומע מענטשן,
ער לאָזט אַרויס אַ שטאַרקן איינדרוקספולן ברום.

דער כלב רירט זיך ניט, ווי צוגעשמידט צום אָרט.
אברהמעלע האָט גאָר קיין חשק ניט צום רייטן.
„דו ווילסט ניט רייטן?" הונט פרעגט אויפן וואונק אָן וואָרט.
אברהמלען ווילט זיך שינוי מאַכן, שטייגער בייטן.

ער גיט קיין קלער, קיין טראַכט, ער לאָזט זיך גיין צופוס.
אַוועקגיין ווילט זיך אים וואָס ווייטער פון די שטיבער;
ווי אנגעטרונקען מיט דערוואַרטעטן גענוס,
אים אימפּאָנירן, ציען צו, פון ליים די גריבער.

דער הונט איז ניט גוואַלדאָוונע איבעריק אַנטוישט.
דאָך האָט תרעומות און אַביסעלע פּאַראיבל.
און אויסצודריקן זיין פּאַרדרוס אין קעל אים פּוישט;
ער זאָגט צום קינד כמעט אין לשון פון דער ביבל:

„צו וואָס די יונגע שוואַכע פיסלעך מאַטערן",
(פּאַראַפראַזירט ער יתרו'ס וואָרנונג: „נבול תבול")
„אומזיסטע צייט אויף שלעפּן זיך צו פּטר'ן,
בעת איך גיי באָרוועס וועל ניט אָפּטראָגן די שטיוול...

עס איז מיר אָנגענעם צו פילן לייכטן יאָך״...
אפנים פאַל מיט מרימ׳ען דריקט אויף געוויסן.
און פון אַ מרחק טריט ביי טריט הונט פאָלגט אים נאָך.
הונט טראַכט: בין חייב מיתה, ס׳קומט מיר צו דערשיסן...

כ׳האָב ניט געטאָרט זי איבערלאָזן מיט דער אַם,
אַליין אַוועקלויפן אין פעלד גאָר צו די שניטער.
געבליבן מרים איז מיט מויד אויף הפקר סתם,
געדאַרפט האָב בעסער דינען אַלס איר טרייער היטער.

מיראן א שבועה־נדר גיט זיך אויפן קול
מיט אַ, פאַרשטשעמעט צווישן ציינער, ברומען שווערט ער:
אַזאַ פאַרזען וועט ניט געשען אַ צווייטעס מאָל,
פון היינט צו טאָג אברהמלס שומר שכר ווערט ער;

פון די צעיושעטע סטיכיעס פון נאַטור,
ווי אויך פון שלעכטע מענטשן, בויזע ווילדע חיות
ער׳ט פילנעוועז קינד׳ס יעדן טראָט און שליאד און שפור;
ער נעמט אויף זיך די פולע ערבות און אחריות;

ווען כוחות הינטישע זיך צייגן אַלס צו שוואַך,
אין דער עת צרה ווי אַן עשטאַפעט וועט דינען,
אַ שלעכטע בשורה ברענגען איז אַמאָל אַ נוצלעך זאַך,
סיי שפעט נאָך האַלבער נאַכט, סיי פרי, קאיאר, באַגינען

וועט אָנזאָגן דער באָבען, זיידן...
און ווי אַזוי צו זיי צו ריידן,
ער ווייסט... פון זיינע בילערייען
זיי כאַפן אויף גאַנץ שנעל דעם רעיון,

באַנעמען דייטלעך רעכטן זין;
ער וועט אויך פירן זיי אַהין,
אַוואו זיין ליבער פריינט און האַר
געפינט זיך אין אַ טויט־געפאַר.

פון־גאַר־דערוויטנס עס דערטראָגט זיך אַ געבילערײַ
די אויערן פאַרקלינגט, פאַרטויבט מיט שטאַרקע הויכע טענער.
עס איז קיין וואָרנונג, קיין טרעוואָגע, פשוט, שטיפעריי.
וואָס איז געשען ? ישראל שטייט אין מיטן הויף — דו, זע נאַר ! —

די גלאַנציק זשופיצע צעשפּילעט און צעפּאָרן ברייט,
די כלבים פון דעם הויף אים שלעפּן ביי די פּאָלעס.
זיי פירן אים מיט ערנוואַך, בכבודיק באַגלייט.
ער ווערט זיך ניט, קען זיך דען העלפן, ר׳איז ביי זיי אין גלות.

ישראלס פּנים שיינט מיט שמחת־מצווה, גדולה־גליק :
עס זיינען אויסגעגלעט די טיפע קנייטשן אויף זיין שטערן,
אַן אומבאַמערקטער שמייכל לויפט אַהין און גלייך צוריק,
די דיקע וואָנצעס זיין אַנטפּלעקונג־אויסערונג פאַרווערן.

בעל־חי איז נויטיק רינגעלע אין קייט פון עקזיסטענץ.
די ליבשאַפט פון די הינט צו זייער האַר איז קע;נזייטיק.
ס׳באַשאַפט אין זעלבן טאָג אַצילות׳דיקע עקסעלענץ
די חיות, בהמות, ווערים, אדם־מענטש, אַלץ אין איין פריטיק.

ווער זיינען די פירפיסיקע, די קרובים אָרימע, ברוטאַלע ברואים ?
באַשעפענישן פון איין בראשית געטלעך פונק פון אונטער געטלעך האַמער.
ווי מיר, די קלוגע שוטים, חיות ווייסן פון יסורים און עינויים.
די שכינה רוט אין יעדן גוף, ניט אויסגעשלאָסן איז דער גרעבסטער חמור.

פון זעלבן שפּרודלדיקן מקור־קוואַל, פון זעלבן חסד־גנאָד זיי טרינקען,
אין אלה תולדות השמים והארץ... זיינען ניט קיין מפיל.
אויב ניט ווי מענטש דערהויבן זיך און קלעטערן, דערפאַר קיינמאָל ניט זינקען.
פון מענטשן שטייען בעלי־חיים נידעריקער, אפשר, מיט איין שטאַפּל.

אין פילע הינזיכטן און פרטים
זיי זיינען אויסגעצייכנטער און העכער.
קיינמאָל פאַרלעצן וועלטס־געבאָטן.
זיי האָבן קיין רשעים, קיין פאַרברעכער.

זיי דינען גאָט אויף זייער שטייגער.
זיי לעבן, עלטערן זיך, קרענקען, שטאַרבן.
אַ טויטער הונט איז מת, ניט פּגר.
אַפילו עולם־הבא קען ער אַרבן,

דהיינו, ווי דער אייזל פרומער
פון רבי פּנחסן, דעם זון פון יאיר,
וואָס האָט געהאַלטן שטאַרק פון תרומה,
געווען אין ענין מעשר גרויסער זהיר

במצווה קלה כבחמורה...
אין איבערגעבנקייט — נעם הונט פאַר רבי׳ן:
פון וועם ער קריגט ברויט און קאָנורע,
פאַר דעם איז גרייט אַוועקגעבן זיין לעבן;

הונט זאָל פאַר מענטש אַלס מוסטער דינען.
מיר מעגן זיך פון אים אַ מוסר נעמען:
זיך גוט באַטראַכטן און באַזינען
פאַר אומדאַנק זינד, אָן תשובה טאָן, זיך שעמען.

הינט ווייזן אונדז ווי גאָט צו לויבן,
אין אים, וואָס גיט אונדז חיי, בני, מזוני,
מיט פול בטחון טרויען, גלויבן...
וואָס איז מיט אונדז בן־אדם׳ס, די „מורנו״!

מיר זיינען פוסטע בעלי־גאוות.
פון אונדז די כלבים — שענער, קליגער, בעסער.
פריי לאָזן בושעווען די תאוות,
בעת האָב און גוטס מיר האַלטן אונטער שלעסער.

דאָס זיינען בערך די געדאַנקען,
וואָס דורך זיין מוח בליציק־העל קורסירן.
ער ווייסט, ער האָט פיל צו פאַרדאַנקען
די הינט, וואָס מיט פאַראַד צום קלייט אים פירן.

פֿאַראויס מיט דביקות טוט ער שפּרייזן.
פֿון הינטישער עבודה פֿאַסט זיין שיטה:
דאַנקט גאָט וואָס שפּייזערס טוט ער שפּייזן.
ער איז אַרומגערינגלט מיט זיין סוויטע

פֿון די פּירפּיסיקע באַגלייטער,
ניט הויף־לייט די צווייפּיסיקע צבוע׳יאַקעס,
וואָס זיינען כלבים בלויז באַקליידטע
מיט קורצע הויזן און מונדירן יאַקעס.

אברהמל, ווי מינוט ט׳אַוועקגעריטן,
אַנטזאָגט זיך פֿון התבודדות אין די גריבער.
מאַרשרוט אינטואיטיוו ער האָט געביטן:
אַוועק צום זיידנס הויף, וויל זיין בציבור.

דערעיקרשט געבן פּריינט מיראָנען,
ביים אָפּפּאַסטן זיך פֿון דעם לייכטן תענית,
געלעגנהייט הינט צו דערמאָנען,
אַז ער איז מייסטער פֿון די צערעמאָניעס.

מיראָן ווי נאָר אברהמלס ריכטונג פּאַסט,
וואָס ווייטער אַלץ מיט מערער אימפּעט־האַסט
ער לאָזט זיך לויפֿן, יאָגן שנעל און שנעלער.
צי מאַכט ער אָקאָרשט ניט קיין גראָבן פֿעלער?

אַ דריי צוריק, ווי אויף אַ שרויף, דעם קאָפּ.
זיך גיט אַ פֿרעג און שטעלט זיך פּלוצלונג אָפּ.
פֿאַרברענט האָט הינטער זיך נאָך ניט די בריקן,
אַ שאָס געטאָן מיט פֿאַרשנדיקע בליקן:

דערקונדיקט זיך אברהמל פֿאָלגט אים נאָך.
דאָס מאָל ער טראָגט אויף זיך קיין לאַסט, קיין יאָך,
געלאָזט זיך גאַלאָפּירן, גיכער, גיכער.
ער פֿרייער איז פֿון אַ צעיאָגטן וויכער.

אַ ווייסע פּיענע שוימט אויף ביי זיין מויל.
פון האַלדז עס רייסט זיך כאָרכלדיקער הויל,
מיט גרילצנדיקן און צעשפּריצטן חולם,
מכוח אָנקום זאָגט ער אָן דעם עולם.

די הויף־הינט משיג־זיינען מיין דורך טאָן,
און אָן־אַזייט זיך גלייך אַ רוק געטאָן :
פאַר זייער פאָרשטייער געמאַכט אַ וואַרע :
פון אים עס קאָפּעט שוויס און שלאָגט אַ פּאַרע.

זיין צאָן און לאַפּע־דראַפּע איז באַקאַנט,
אַ שטיקל פּאָלע תיכף ווערט וואַקאַנט,
מיראָן פאַרנעמט זיין פּלאַץ אין ערשטער שרענגע,
אין סאַמע אויבנאָן פון כלבים מענגע.

זיין גאַנצער גוף מיט פרייד און גליק וויברירט,
וואָס זיידן, ר׳ ישראלן, ער פירט.
דעם קאָפּ פאַרריסן האַלט מיט גרויסער חשיבות,
ער איז באמת הינטיש־שטאָלץ אויף זיין עניוות.

עס גיט דעם טאָן
דער הונט מיראָן,
אַ מויל מיט ציינער . . .
און ער דער איינער,

וואָס ר׳ ישראלן באַגלייט
און גייט אַריין נאָך אים אין קלייט.
די איבעריקע פון דער סוויטע
זיי בלייבן שטיין ווי צוגעשמידטע,

אַראָפּגעלאָזענע די קעפּ,
זיי וואַרטן, נבנע׳ס, אויף די טרעפּ
פון הייכן שטיינער־האַרטן גאַניק.
געהאָרכן זייער שטרענגען מנהיג.

די נעזלעכער צעעפּנט ברייט,
זיי שמעקן פריש געבאַקטן ברויט.
סי דאָ, ברוך השם, חיונה.
פון מיילער אָפן רינט די סליונע.

סי דורכגעווירצט, צו זאָגט, די לופט
מיט קאָרן, לחמא־עניא, דופט.
סי איבעריק אַ סך צו ריידן:
ברויט ראַזאָווער שמעקט טעם גן־עדן...

ישראל אויסגעקליבן האָט צוויי גרויסע לאַבנס; זיי צוערשט געוואויגן
דערנאָך צעשניטן אויף המוציאס הינטישע מיט שאַרף פון דעם סיעקאַטש.
(די הינט ניט קענען זיך דערוואַרטן, ס'קריכן זיי אַרויס פון קאָפּ די אויגן)
ער זאָגט אין שפּאַס: „לכלב תשליכון אותו, זיי מקיים דו יונגאַטש!"

אברהמל הייליק האַלט די דאָזיקע פאַרפליכטלעך־בינדלעכע עבודה.
דעם זיידן ענטפערט אייניקל בדחילו־ורחימו מיט איין זילבע: „גוט!"
מיט חשק וואַרפט די שטיקער ברויט צו דער פאַרזאַמלטער כלבים־עדה.
אין האַרצן ייִנגליש מאַכט ער „שהחיינו", וואָס ט'דערלעבט צו דער מינוט.

די וואָלפיש הונגעריקע הינט אין־איילעניש צעכאַפּן די מתנות,
וואָס האָט זיי צוגעוואָרפן אַ פזרנות'דיקע יונגע נדבן־האַנט.
זיי זיינען ניט קיין נביאים, קענען ניט דערוואַרטן שפּייז פון די וואָראָנעס,
צו מענטשן מוזן אָנקומען... הנהגה איז קאָנווענציאָנעל קוראַנט.

און איצטער האָט זיך אָנגעהויבן סדרה „דיסטריבוציע", פשט, פאַרטיילן.
עס איז דאָך זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז די כלבים וואָלטן לגמרי איגנאָרירט
דעם אוטאָפּיסט, דעם „קאָמוניסט", וואָס וואָלט מיט גוטן ווילן ביי זיי פועלן
זיי זאָלן וצדקתך־עטיש פאָרמול אָנווענדן, וואָס דירעקטירט:

„צו יעדן עקאָנאָמישן סוביעקט לויט די הצטרכותן צו געבן",
און ניט געוואָלט אויך וויסן פון דער איבערפלעכלעך־פראַקטישער מאַקסים:
„צו יעדן לויט פאַרדינסטן", מעשים טובים אין דעם ווירטשאַפטלעכן לעבן.
גאָר אַנדערש איז דער הינטישער, מיט מענטשלעכן צוזאַמענפאַלט, באַשטים:

אַנשטאָט די פּראָבלעמאַטישע, ניט אַרבעטזאַמע עיקרים און פּרינציפּן,
דעם איינפאַך פּרימיטיוון כלל פון גיטער־חלוקה האָבן אָנגעווענדט,
וואָס זאָגט, בפירוש פּסקנ׳ט, שוואַכע בשעתן טיילן דאַרף מען איבערהיפּן.
אַזוי עס האַנדלען חיות, וואָס פאַרמאָגן פיר פיס, אָדער צוויי מיט הענט.

„צו יעדן כלב לויט זיין לאַפּע־כאַפּערישער פעאיקייט און כוח".
געקראָגן האָט אַ גרויסע פּאַרציע, שור־הבר׳ישע, דער שטאַרקער הונט.
ער שטעלן מעג אַ פּ׳ אין קרח, שרייבן גאָר מיט זיבן גרייזן „נח"...
ווער לומדות דאַרף! אַבי איז אַ בעל־גוף, פאַרמאָגט אַריבער פופציק פונט.

די יעניקע וואָס האָבן זייער אייגנס הינטישע רבנות־סמיכות,
אויף פּראָסטער שפּראַך, באַזיצן שלעגערישע קרעפּטיקע מוסקולאַטור,
זיי נעמען לויט דער רעגל „כל דאלים גבר", די גראָבע גרויסע חתיכות.
אַזוי באַפעלט דער אומפאַרלעצלעכער געזעץ פון גאָטיכע־נאַטור.

עס איז סאָליד פאַרפונדעוועט א כלב־שבכלבים׳שע יעראַרכיע,
וואָס פון פאַרהייליקטן קדמונים־אָן מיט מזל־ברכה פונקציאָנירט:
מיט פּעדים כשר׳ע קדחת קריגן שורום־בורום, ארחי־פרחי;
לויט אָט דעם יושר׳דיקן רעגלאַמענט די גאַנצע ווירטשאַפט ווערט געפירט.

מיר וועלן מוזן אויסזאָגן דעם ריינעם אמת, ווייל סי „אסור לשקר":
ביי דעם פאַרטייל — צו וואָס פאַרלייקענען! — ט׳גענומען מער ווי לייבנסטייל
מיראָן, וואָס איז געווען דער „ארי שבחבורה", „גאַנצער קנאַקער";
ווער ווער „קאָסמאַטן פירער" מעסטן מיט געוויינטלעכע אַרשין און אייל?!

דידאָזיק יושרדיק פאַרטיילונג איז געטאָן געוואָרן „בהסכם כולם",
תרעומות־האבערס ווערן ניט גערעכנט און במילא, ניט געציילט.
מכוח דעם אַז מנהיג האָרכט די „שאַר׳ע מאַסע", ווי זיין אייזלין — בלעם,
די פרומע כראָניק שווייגט, בלויז בויזע צונג רעדט לשון הרע און דערציילט.

מיראָן אין דינים פון אכילה, רשות צי סעודת מצווה, איז אַ למדן.
דערעיקר׳שט ט׳קיינמאָל ניט פאַרפעלן אָפּצוהוילן מיט כוונה: בריך
רחמנא... זיין קנאות צייגט אַרויס ווי, להבדיל, א ר׳ יעקב עמדין,
ניט בלויז פאַר יענעם מחמיר און פּעדאַנט, געווען אויך היפּש שטרענג צו זיך:

שפייז ניט געקייקט, ווי ער וואַלט חושש־זיין פון דער וועלט טעם־הנאה־האָבן;
מיט שנעלקייט פון א בליץ, ווי עמיץ וואָלט אים יאָגן, אויפן קאַרק אים שטיין,
אַראָפּגעשלונגען האָט לשם־נערונג בלויז, ניט זיך צו קוויקן און צו לאָבן.
און ווען ער גריזשעט ביינער, איז עס פאַר „הטבה", שטאַרקונג פון די ציין.

מיראָן פאַר זיך פאַרגינט זיך ניט קיין איין מינוט; צום יונגן האַר מוז לויפן,
וואָס אין א קילן ווינקל פון באַגראָזטן הויף איצט זיצט, אויף אים ער וואַרט.
די רגעס אָפּגעשפּאָלטענע מיט איבעראיילעניש ער אויסצוקויפן
מיט אַלע גלידער פון זיין קערפּער, אַלע פאַזערס פון נשמה, גאַרט.

אברהמעלע פּאַלגט נאָך די שווימענדיקע וואָלקנס;
דער אייביק וואַנדערער, דער ייִד, אין קינד שוין לאָזט זיך פילן.
געוואָרן איז אַ גאַנצער אַסטראָנאָם... האָט זיך
פאַרנומען פלייסיק מיט באַאָבאַכטן דעם האָריזאָנט.
געוועקט, גערעגט, גערייצט זיין דמיון, צוגעגעבן
אי מוט אי חשק זיין פאַנטאַזיע זי זאָל זיך צעשפּילן,
עס האָבן די טשיקאַווע נע־ונדניקעס,
אָן אויפהער גלות־אָפּריכטן פון וואָלקנס רופעט, מאָנט:

וואָס איז דער מער מיט יענע בעלי־חיים מאָדנע,
וואָס זיינען אומדערמידלעך יום־ולילה אינדערוועגנס,
און כסדר בייטן פאָרם, צורה און געשטאַלט?
פאַרמאָגן ניט אַפילו אַ באַשטימטן קורס־מאַרשרוט,
זיי קומען אָן מיט שטורעמס, כעס׳ניצעס־כמאַרעס,
צו־מאָל גאָר קומען אָפּ מיט אויפגעלייגטע פרישע רעגנס
פון־וואַנעט שלעפּן זיך? צו וואָס פאַרשטעלן זיך?
ווער טרייבט זיי אום פון אָרט צו אָרט? ווער שמייסט זיי מיט אַ רוט?

ער האָט געגלויבט, איצט גלויבן וויל, באמונה שלמה,
זיי זיינען אַנימאַלן און באַשאַנקען מיט אַ ווילן.
אַמאָל זיי האָבן אָנבליק, ווען ער פאַנטאַזירט,
(און בשעת הדחק איז רעכט ביי אים זיי זיינען עס געווען)
פון שעפּסן, ווידערס, לאַמען אין דעם בלויען הימל,
ווי טשערעדעס אויף גרינע לאָנקעס, פאַשן זיך און שפּילן.

זיי שציפּען שטערנס, שווערן איז אויף דעם באַרייט,
שוין כמה מאָל אַליין מיט זיינע אויגן עס געזען.

לויט זיין השגה נאָך, בשעת אים ווילט זיך מאָלן,
דער תכלית איז אַ גראָז, די שטערן — העל־צעשטראַלטע בלומען.
אַן אַנדערש מאָל, אַן דער פּאַגאַדע ווענדט זיך עס,
זיי זעען אויס ווי סטאַדעס דאַרע אָקסן, פּעטע קי...
און נאָך פּיל טראַכטן־קלערן וועגן די מילך־שטעגן,
(ווען ער אַהיים, ס׳פּאַסירט ניט אָפט, מיט זיידן שפּעט פלעגט קומען
פון אַ פּאַרצויגענער נסיעה דורך דער נאַכט;
אַ „רייפער״ דיכטער־חקרן איז געוואָרן שוין גאָר פרי),

ער האָט באַשלאָסן, פון די טראָפּנס, וואָס עס קאַפּען
אַראָפּ פון אייטערס פון די הימל־קי, זיי זיינען שליאַדן.
און וויפל מאָל האָט ער געזען אין זאַמד פון וועג
אַזעלכע שפּורן פירן פון דער פּאַשיקע צום שטאַל,
בשעת ער נאָכגעגאַנגען איז דעם פּאַסטעך גרישע,
ווי אַ געניטער, פּי־ציכטער און פּאַכטער, גרויסער ידען.
ער איז באַאָבאַכטזאַם, באַשיינפּערלעך ט׳דערבליקט
און רעגיסטרירט דעם עצם אַקט פון מילכיק טראָפּנספּאַל.

און פּלוצים ס׳שלאָגן אַנגסטן... לויט אַלט־גלויבערייען
עס שפּילט און יוירט פּאַנטאַזיע יונגע... אים באַפאַלן פּחדים:
וואָס טוט מען ווען אַן אָקס פון הימל פאַלט אַראָפּ,
און טאַקע באותו רגע, טאַקע דאָ וואו ער איצט זיצט,
(אין הימל צווישן פילע אָקסן מוז זיין איין שור נגח,
ווי צווישן מענטשן איידעלע ז׳פאַראַן אַ פרא אדם),
צעבאָדזשעט אים מיט ד׳הערנער און צעקוועטשט אויף טויט,
און מיט זיין רויטן בלוט דאָס גרינע גראָז פון לאַן באַשפּריצט?!

פון שרעק ער גליווערט... אָט הנאָהדיק זיך פּאַשעט
אַן אויסטערלישע חיה, גאָר אַ מאוים׳דיקע ווילדע.
אין הימל־סטעפּ איז זי אַליין... מע ווייכט פון איר.
זי בענטערט זיך, זי שטעלט זיך אָפּ פּונקט איבער אים, זיין קאָפּ.

ער ציטערט... כאָטש ניט גלויבט, באמת, אין סכנה.
ער רופט צו זיך מיראָנען, פליסטערט זיינע נעמען מילדע.
ער גיט אַ שמוצער און אַ שטאַרקן שאַרפן פייף,
פילט זיכער, הונט וועט קומען צו זיין הילף מיט אַ גאַלאָפּ.

ווען זיין, צו־מסירת־נפש טרייער, פריינט איז נאָענט
און האַלט אַן אויג אויף אים. ער האָט פאַר קיינעם ניט קיין מורא.
מיט הערנער אים צו שטעכן אָקס זאָל מעיז־זיין!
ניט בעת מיראַן, זיין היטער און באַשיצער, איז דערביי.
איז כהרף־עין מבין־בלשון־פייף געקומען.
אין שמוצער לערנט פשט ווי לאחר־עיון גלייך לכאורה.
הונט — מסיכתא פון אברהמלען קען אויפאויסווייניק,
הן ערנסטע הלכה, הן אגדתא שטיפעריי...

ער הערט אברהמלס שטומע שטימונגען־קאַפּריזן,
פאַרשטייט זיי אויפן וואונק, ווי מחייה׳דיקן מאַרך פון קנאָכן...
פון שטיפערס יעראָגליפישן געפיל און וואונטש,
דער כתיב ווי מטושטש זאָל ניט זיין, דעם קרי ווייסט, דעשיפרירט.
הונט בויגט זיך אַיין, מיקלאָמפּערשט קניט, גאָר מעשה קעמל.
אברהמל איז אויף אים מיט אונטערשפּרונג אַרויפגעקראָכן.
ער וויל, אין הויף צו סטאַסעלען אים פירן זאָל.
אברהמלס הן בקשה, הן באַפעל הונט ממש שפירט...



# התגלות

פון

## י. באַבינסקי

**1.**

מיר וועלן דעפינירן דעם טערמין התגלות אָדער רעוועלאַציע אַלס דעם אופן ווי אַזוי גאָט מאַניפעסטירט זיין אָנוועזנהייט צום מענטשן און לאָזט אים וויסן וואָס ער פאָדערט פון אים.

כמעט אַלע אמונות פון די פרימיטיוועסטע ביז צו די מאנאטעאיסטישע רע־ליגיעס פון העכסטן גראַד באַזירן די גרונט פרינציפן פון זייערע לערעס אויף געטלע־כער אָפנבאַרונג. צוזאַמען מיט דער אַלגעמיינער מענטשלעכער אַנטוויקלונג האָבן רע־ליגיעזע באַגריפן דורכגעמאַכט אַ לאַנגן פּראָצעס פון ענדערונגען, לכן געפינען מיר, אַז די באַגריפן און פאַרשטעלונגען וועגן דעם מהות פון גאָט (אָדער געטער) און דעם אופן ווי אַזוי די געטלעכע אַנטפּלעקונג קומט פאָר זיינען פאַרשידן לויט דעם אַלגעמיי־נעם קולטור־מצב פון דער צייט און דעם פלאַץ וואו און ווען די פאַרשידענע רעליגי־עס פונקציאָנירן. זיי זיינען אָבער אַלע גלייך אין דעם פרט פון התגלות. אַלע באַ־הויפּטן, אַז דער געטלעכער כוח (אָדער כוחות) אין וועלכן זיי גלויבן אַנטפּלעקט זיך צום מענטשן און לערנט אים ווי אַזוי ער זאָל זיך אויפפירן. דערפון ציען מיר דעם שלוס, אַז דער גלויבן אין התגלות איז אַן אוניווערסאַלע הנחה פון דער מענטשלעכער רעליגיעזער אויפפאַסונג, און הגם מיר זיינען ניט מסכים מיט דער מיינונג, אַז דער דאָזיקער היסטאָרישער פאַקט אַליין איז אַ גענוגענדיקער באַווייז, אַז די געטלעכע אַנטפּלעקונג איז באמת אַ ווירקלעכע פאַסירונג; מחמת היסטאָריש זיינען אונדז באַ־קאַנט פאַלן, אַז זאַכן אין וואָס אַ סך מענטשן האָבן געגלויבט פאַר פיל דורות האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זיין ניט אמת, איז אָבער די אוניווערסאַלע אמונה אין התגלות גע־נוג וויכטיק אַז מען זאָל זיך אויף איר אָפּשטעלן און זוכן פאַר איר די אמת׳ע דער־קלערונג .

אַריינטראַכטנדיק זיך אין דער מערקווירדיקער דערשיינונג, אַז אין אַלע צייטן האָט דער מענטש געגלויבט אַז די געטער (אָדער גאָט) אינטערעסירן זיך מיט

מענטשן, ווייזן זיך צו אים און לאָזן אים וויסן וואָס זיי פאָדערן פון אים א. א. וו. שטעלט זיך די פראַגע: ווי קומט עס, וואָס דער מענטש זאָל בכלל האָבן עסקים מיט געטער? ווי קומט דער מענטש צו די פאַרשידענע פאָרשטעלונגען און באַגריפן וועגן איבערנאַטירלעכע כוחות פון וועלכע די אַנדערע בעלי חיים האָבן ניט די מינדסטע אַנונג? די דערקלערונג פאַר דער דאָזיקער מערקווירדיקער דערשיינונג ליגט בלי ספק אין דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, אָדער מיט אַנדערע ווערטער, אין דער אייגנאַרטיקייט פון מענטשן אַלס אַ גייסטיקעס וועזן און מיט דעם אייגענטלעך טיילט ער זיך אַרויס פון אַלע אַנדערע ברואים. דער מענטש פאַרמאָגט דעם כוח המחשבה ד. ה. אַ פאַרשטעלונגס קראַפט און די פעאיקייט פון רעפלעקטיוון באַאָבאַכט וואָס מיינט אַז ער קאָן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין זיינע אינערלעכע געפילן און אַריינברענגען אַ געוויסן סאָרט אָרדענונג אין די ידיעות וואָס ער באַקומט פון דער דרויסנדיקער וועלט דורך זיינע חושים; מ׳קען זאָגן אַז דער מענטש איז פסיכאָלאָגיש געצוואונגען זיך צו פאַרנעמען מיט דעם גאָט פראָבלעם. מיר וועלן די דאָזיקע טעזע מסביר זיין.

.2

1) די אייגנאַרטיקייט פון מענטשן אַלס אַ גייסטיקעס וועזן באַשטייט קודם כל א) אין דעם באַוואוסטזיין פון זיין אייגענער אומפולקומענהייט ב) דעם זיכערן גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון דערגרייכן אַ העכערע מדרגה פון פולקומענהייט ווי ער באַזיצט אין דער געגענוואַרט. פסיכאָלאָגיש זיינען די דאָזיקע צוויי געוואוירוווערענישען ענג פאַרבונדן צווישן זיך, ווייל בלויז דורך דער מעגלעכקייט צו פאַרגלייכן דעם גייסטיקן און מאַטעריעלן מצב אין וועלכן ער געפינט זיך אין אַ געוויסן מאָמענט מיטן העכערן מצב וואָס ער באַגרייפט מיט זיין פסיכישן אַפּאַראַט דערוויסט זיך דער מענטש וועגן זיין באַגרעניצטקייט. אָן דער מעגלעכקייט פון דעם פאַרגלייכונגס מע־טאָד וואָלט דער מענטש געמיינט, אַז דער צושטאַנד אין וועלכן ער געפינט זיך איז די סאַמע העכסטע מעגלעכע דערגרייכונג. מען דאַרף נאָך צוגעבן, אַז ווען דער מענטש וואָלט ניט געהאַט דעם זיכערן גלויבן, אַז אויף אַלע געביטן פון זיין שאַפן איז פאַר־אַן די מעגלעכקייט צו שאַפן עפּעס נייעס, צו דערגרייכן אַ העכערע מדרגה פון פול־קומענהייט וואָלט ער אַזוי ווי אַלע אַנדערע אַנימאַלן אַליין ניט געמאַכט די מינדסטע אַנשטרענגונג צו פאַרבעסערן זיין לאַגע און וואָלט צוזאַמען מיט די אַנדערע בעלי־חיים געבליבן אייגגעשלאָסן אין דער ביאָלאָגישער ספּערע אין וועלכער די אויסער־לעכע כוחות פון דער נאַטור האָבן אים אַריינגעשטעלט. עס איז זעלבסט פאַרשטענד־לעך, אַז די דאָזיקע צוויי גייסטיקע אייגנאַרטיקייטן זיינען דער קנין פון אַלע מענטשן, און מיר האָבן זיך אויף זיי אָפּגעשטעלט צום ערשטן מחמת זיי זיינען דער פונדאַ־מענט אויף וואָס דער גאַנצער מענטשלעכער גייסטיקער בנין איז געבויט.

2) דערצו איז דער מענטש בטבע אַן אַקטיוועס וועזן, ער שטעלט זיך קיינ־מאָל ניט צופרידן מיט דאָס שוין דערגרייכטע. וויסנדיק זיינע אייגענע חסרונות און באַגרייפנדיק די מעגלעכקייט צו פאַרבעסערן זיין לאַגע באַמיט ער זיך כסדר צו דער־גרייכן דעם אידעאַלן מצב דורך אויסמיידן די באַוואוסטע חסרונות. למשל, דער ווי־סנשאַפטלער אין זיינע לאַבאָראַטאָרישע עקספּערימענטן פּרובירט כסדר צו פאַרווירק־לעכן אידעען און פאַרשטעלונגען וועלכע געפינען זיך אין זיין געדאַנק און פרעגט זיך זעלטן וואָס איז דער זין פון זיין אַרבעט און וואָס פאַר אַ באַדייט האָט עס פאַר מענטש־לעכן לעבן בכלל. בדרך כלל איז דער וויסנשאַפטלער אַ ספּעציאַליסט וועמען עס אינ־טערעסירט בלויז דער ענגער קרייז פון זיין פאַך קענטעניש און טראַכט לחלוטין ניט וועגן די רעליגיעזע, פילאָזאָפישע און געזעלשאַפטלעכע אַספּעקטן פון זיין אַרבעט. אַפילו אין דער טאָג־טעגלעכער אינסטיטוציאָנעלער אַרבעט אויפן רעליגיעזן און גע־זעלשאַפטלעכן געביט, אַוואו עס איז שווערער אויסצומיידן דעם אַלגעמיינעם פילאָ־זאָפישן אַספּעקט, אויך דאָרט איז דער הויפּט־מאָטיוו אין דער פּראַקטישער אַרבעט דער אינערלעכער פּסיכאָלאָגישער דראַנג כסדר אויסצובעסערן דעם עקזיסטירנדיקן צושטאַנד.

באַטראַכטענדיק היסטאָריש דעם כסדרדיקן, הגם לאַנגזאַמען, פּראָצעס פון אַנט־וויקלונג וואָס דער מענטש האָט דורכגעמאַכט קאָן מען ניט צווייפלען אין דעם מענטש־לעכן פּראָגרעס. פאַרגלייכט מען אָבער דעם איצטיקן מצב פון מענטשן לגבי דעם וואָס ער האָט געקענט און געדאַרפט זיין לויט די פאַרשטעלונגען און באַגריפן פון אונדזערע אידעאַליסטן, ווערט זייער טרויעריק. פאַרגלייכט מען אָבער דעם היינטיקן מענטשן מיטן פאַרצייטיקן פּרימיטיוון מענטשן מוז מען מודה זיין, אַז אין משך פון לאַנגע צייט אָפּשניטן, האָט דער מענטש פאָרט באַדייטענדעס אויפגעטאָן. דער אַנט־וויקלונגס פּראָצעס גייט ניט אַלע מאָל אין אַ גלייכער ליניע. אָפטמאָל פאַרקירעוועט זיך דער וועג אָן אַ זייט. אַמאָל אויך אויף צוריק. בדרך כלל אָבער גייט דער וועג אין אַ שטייגענדיקער ריכטונג. אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן שאַפן שטייט דער היינ־טיקער מענטש בלי ספק העכער פון פּרימיטיוון מענטשן. ווי אַזוי מען זאָל ניט דער־קלערן די אורזאַכן פון דער אַנטוויקלונג, פון אַ מאַטעריאַליסטישן אָדער אידעאַליסטישן קוק־ווינקל, אין דעם אַנטוויקלונגס פּראָצעס גופא קאָן מען ניט צווייפלען.

טראַכט מען זיך אַריין אין דעם מערקווירדיגן גייסטיגן כאַראַקטער־שטריך פון מענטשן, פרעגט זיך צו וואָס שטרעבט דער מענטש אין זיינע באַמיאונגען? זיות ווי דער מענטש שטעלט זיך קיינמאָל ניט צופרידן מיט דעם וואָס ער האָט שוין דער־גרייכט וועט ער דאָך אַלע מאָל געפינען חסרונות וואָס ער וועט זוכן אויסצומיידן; פרעגט זיך וואוהין פירט עס? וואָס איז דער זין און באַדייט פון דער אייביקער זו־כעניש? דער איינציקער צופרידנשטעלנדיקער ענטפער (פאַר וואָס דער איינציקער

וועט קלאָר ווערן פון דער ווייטערדיקער אַרגומענטאַציע) איז, אַז באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטערהייט שטרעבט דער מענטש צו שלימות, ד. ה. צו אַזאַ צו־שטאַנד וואו עס איז מער ניטאָ קיין חסרונות. בדרך כלל איז די דאָזיקע שטרעבונג אַ פּסיכאָלאָגישער מוז, ווייל אַזוי איז די טבע פון מענטשן אַלס אַ גייסטיקעס וועזן. דער זין און באַדייט פון דעם שווימט ערשט אַרויף אויף דער אויבערפלאַך פון מענטשענס באַוואוסטזיין אין דעם העכערן רעליגיעזן און פילאָזאָפישן דענקען. דער מענטש ווייסט נאָך דערוויילע ניט אַקוראַט וואָס אַזוינס איז שלימות אין דעם פּאָזיטיוון זין, זיין האַנדלונג אָבער באַווייזט, אַז ער האָט דעם זיכערן גלויבן, אַז די שלימות צו יוצלכּער ער שטרעבט איז אַ ווירקלעכקייט.

3) נאָך אַן אייגנאַרטיקער גייסטיקער כאַראַקטער שטריך מיט וואָס דער מענטש איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע ברואים איז די פעאיקייט צו שאַצן ווערטן. דער מענטש איז גייסטיק אַזוי געבויט, אַז ער מאַכט א נפקא־מינה צווישן גוטס און שלעכטס, אמת און שקר און צווישן שיין און מיאוס, דורכדעם וואָס ער באַטראַכט דאָס גוטע אַלס עפּעס ווערטפולעס צו וואָס מען דאַרף שטרעבן און דאָס שלעכטע אַלס עפּעס וואָס מען דאַרף אויסמיידן, דער אינערלעכער געפיל צו ליבן און צו טאָן גוטס, האָסן און זיך אויסהיטן פון שלעכטס — דאָס אייגענע בנוגע אמת און שקר און שיין און מיאוס — איז אַ פּסיכאָלאָגישער מוז פאַר יעדן נאָרמאַלן מענטשן. ווען דער מענטש גיט נאָך זיינע שלעכטע נייגונגען (דעם יצר־הרע) און פירט זיך אויף ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין לויט דעם אינערלעכן דראַנג צום גוטן (דעם יצר טוב) פילט ער זיך זינדיק. ד. ה. אַז אַפילו ווען דער מענטש טוט שלעכטס הערט ער ניט אויף צו שאַצן דאָס גוטע און פאַרהאָסן דאָס שלעכטע, און ווייל ער האָט ניט באַוויזן גובר צו זיין דאָס שלעכטע פילט ער זיך זינדיק.

די וואָס זיינען סקעפּטיש געניגט אין זייער דענקען ווייזן אָן אויפן פאַקט, אַז די דאָזיקע באַגריפן בייטן זיך. ניט אַלע מאָל ווערן די זעלביקע זאַכן באַטראַכט אַלס אמת, שיין און גוט. עס פּאַסירט אויך אַמאָל, אַז דאָס וואָס ווערט באַטראַכט פאַר גוט אמתדיק און שיין אין איין עפּאָכע, ווערט עס אין אַנאַנדער עפּאָכע באַטראַכט פאַר דעם היפוך פון דעם. דערפון ווילן זיי דרינגען, אַז דאָס שאַצן איז ניט קיין פונדאַמענ־טאַלע אייגנשאַפט פון דער מענטשלעכער פּסיכיק ; איז דאָס אָבער אַ טעות. די אייגנ־שאַפט צו שאַצן ווערטן ד. ה. דער אינערלעכער געפיל צו ליבן דאָס גוטע און האָסן דאָס שלעכטע בייט זיך קיינמאָל ניט. וואָס עס בייט זיך יאָ, זיינען בלויז די אויס־דרוק פאָרמען. ד. ה. וועלכע פּאַסירונגען און האַנדלונגען זאָלן באַטראַכט ווערן אַלס גוט, שיין און אמת און וועלכע דער היפוך פון דעם, דאָס ענדערט זיך לויט דער אַל־געמיינער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער קולטור, אָבער ניט די אייגנשאַפט פון

שאַצן ווערטן גופא. דאָס בלייבט אומפאַרענדערט פונדאַמענטאַל דורך דעם גאַנצן אַנטוויקלונגס פּראָצעס.

די דערפאַרונג פון אונדזער טאָג־טעגלעכן פּראַקטישן לעבן באַווייזט קלאָר, אַז דאָס שאַצן פון ווערטן איז אַ פּסיכאָלאָגישער מוז פון וועלכן דער מענטש קאָן זיך ניט באַפרייען. אַפילו אונדזערע עקסטרעמע סקעפּטיקער וועלכע זיינען געדאַנקלעך מחויב צו צווייפלען צי עס איז בכלל פאַראַן אַזעלכע זאַכן ווי גוטס און שלעכטס וכו׳, האַנדלען אין זייער פּראַקטישן לעבן אַזוי ווי דאָגמאַטיקער. זיי האַלטן כסדר אין אַרויסזאָגן מיינונגען, זיי פאַרדאַמען די אָדער יענע האַנדלונג אַלס פאַלש, אוממאָראַ־ליש אָדער מיאוס, און פאַרקערט זיי ווערן שטאַרק באַגייסטערט פאַר אמתע גוטע און שיינע מעשים. קורץ, זיי האַנדלען אויף אַן אופן ווי זיי וואָלטן געוועזן זיכער וואָס איז אַזוינס גוטס, וואָס איז אַזוינס שלעכטס. דאָס זעלביקע בנוגע שיין און מיאוס און אמת און שקר. דאָס דערקלערט זיך מיט דעם, מחמת אַזוי איז די טבע פון מענטשן אַלס אַ גייסטיקעס וועזן. אָן דאָס שאַצן פון ווערטן איז קיין גייסטיקער לעבן ניט מעג־לעך.

אין דעם פּראָצעס פון דער אַלגעמיינער מענטשלעכער אַנטוויקלונג וועלכער איז אַ פּועל יוצא פון דעם מענטשענס אינערלעכן דראַנג נאָך שלימות, האָט דער מענטש אויך אין דעם פּרט פון שאַצן ווערטן געמאַכט באַדייטענדיקן פאָרשריט. אין די מאָראַלישע לערעס פון די פאַרשידענע רעליגיעס און אין די פילאָזאָפישע און טע־אָלאָגישע אָפּהאַנדלונגען וועגן עטיק, עסטעטיק און דעם פּראָבלעם פון אמת און שקר האָט דער מענטש אין משך פון צייט אַ סך אויפגעטאָן. און היות ווי דער מענטש שטעלט זיך קיין מאָל ניט צופרידן מיט דאָס שוין דערגרייכטע דאַרפן די ביז איצ־טיקע דערגרייכונגען באַטראַכט ווערן אַלס דער באַזיס פאַר ווייטערדיקן שאַפן, און הגם דער מענטש באַזיצט נאָך ניט קיין עקזאַקטע ידיעות ווי אַזוי גענוי צו באַשטימען דעם מהות פון אמת, גוטסקייט און שיינקייט, האָט ער אָבער פונדעסטוועגן פּסיכאָלאָ־גיש דעם זיכערן גלויבן אין דער ווירקלעכקייט פון די גייסטיקע ווערטן מיט וועלכע ער באַשעפטיקט זיך.

4) נאָך אַ וויכטיקער פּרט פון מענטשענס גייסטיקע אייגנשאַפטן איז דער פאַקט, אַז ניט בלויז פּסיכאָלאָגיש נאָר אויך לאָגיש איז דער מענטש געבונדן מיטן באַגריף שלימות. אין אונדזער אַרבעט „שלימות און דער גאָט פּראָבלעם“ (זע י.ש. באַנד 2 העפט 3) האָבן מיר זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז אין זיין רעפלעקטיוון דענקען קאָן דער מענטש זיך ניט באַפרייען פון דער הנחה, אַז עס איז פאַראַן אַ גאָט אויף דער וועלט. ד. ה. על פי לאָגיק מוז ער קומען צו דער מסקנה, אַז אַ פולקומענעס וויסן אָדער אַ פולקומענער ווייסער איז ווירקלעך פאַראַן. לאָגיש קען זיך דער מענטש בשום אופן ניט איינריידן, אַז זיין באַגריף וועגן דער ווירקלעכער עקזיסטענץ פון אַ פולקומענעם

ווען איז בלויז אַ פּוסטע פּאַנטאַזיע ווי די סקעפּטיקער באַהויפּטן, מחמת דאָס פראַג־מענטאַרע מענטשלעכע וויסן אויף וואָס די סקעפּטיקער באַזירן זייער באַהויפּטונג איז פאַרשטענדלעך בלויז אין דער פּאָזיטיווער באַהויפּטונג, אַז עס איז פאַראַן אַ פול־קומענעס וויסן. (דאָרט קאַפּיטעל 4 זייט 253). דער גאַנצער מענטשלעכער געדאַנקלע־כער אַפּאַראַט איז באַזירט אויף דער אינערלעכער אמונה, אַז עס איז פאַראַן אַ פולקו־מענעס וויסן צו וואָס דער מענטש שטרעבט. דערפון נעמט זיך די תשוקה ביים מענטשן כסדר צו פאָרשן דאָס נאָך ניט פאַרשטאַנענע און די גרויסע פרייד ווען ער שאַפט עפּעס נייעס אָדער ווען ער דערוויסט זיך עפּעס נייעס.

פרעגט זיך ווי קומען צום מענטשן אַזעלכע גייסטיקע אייגנשאַפטן? ווי אַזוי דערקלערט מען די וואונדערבאַרע דערשיינונג, אַז אַזאַ באַשעפעניש ווי דער מענטש וואָס זיין גאַנצער קערפּער באַשטייט פון אַ סכום כעמישע עלעמענטן וואָס מען קאָן קויפן פאַר אַ דאלאר זאָל באַזיצן אַזוינע גייסטיקע כוחות וועלכע שטעלן אים הע־כער פון אַלע אַנדערע ברואים אויף דער וועלט? די ענטפערס וואָס ווערן אויף דעם געגעבן קאָנען אייגעטיילט ווערן אין דריי הויפּט קאַטעגאָריעס (געוויינטלעך האָט יעדע קאַטעגאָריע באַזונדער פאַרשידענע וואַריאַציעס און פאָרמולירונגען): דער מאַט־ריאַליסטישער, דער ריין סוביעקטיווער אָדער הומאַניסטישער און דער רעליגיעזער אָדער טעאָלאָגישער, די ערשטע צוויי אונטערשיידן זיך פון דעם רעליגיעזן ענטפער מיט דעם וואָס זיי לייקענען די אָביעקטיווע ווירקלעכע רעאַליטעט פון די גייסטיקע ווערטן. מיט אַנדערע ווערטער, זיי אָנערקענען דעם פאַקט, אַז דער מענטש באַזיצט באַגריפן וועגן גייסטיקע אייגנשאַפטן, און גייסטיקע ווערטן, זיי לייקענען אָבער אַז זיי האָבן וועלכע עס איז ווירקלעכע עקזיסטענץ מחוץ פון דעם מענטשלעכן געדאַנק; בעת לויט דעם רעליגיעזן שטאַנדפּונקט זיינען דעם מענטשענס גייסטיקע ווערטן אַ טייל פון דער סובסטאַנציאַנאַלער אָביעקטיווער קאָסמישער ווירקלעכקייט. די נפקה־מינא צווישן דעם מאַטעריאַליזם און דעם הומאַניזם באַשטייט אין דעם אופן ווי אַזוי זיי דערקלערן די אַנטשטייאונג פון די באַגריפן וועגן גייסטיקע ווערטן ביים מענטשן.

מיט דער מאַטעריאַליסטישער שיטה וועלכע באַהויפּט, אַז מאַטעריע איז די איינציקע רעאַליטעט, און דעם מענטשענס לעבן מיט זיינע אייגנאַרטיקע כאַראַקטער־שטריכן ווי לעבן בכלל, איז בלויז א פונקציע אָדער א ביי־פּראָדוקט פון מאַטעריע ווועלן מיר זיך ניט באַשעפטיקן. די טעמים פאַר וואָס דער מאַטעריאַליסטישער וועלט באַנעם איז פאַר אונדז ניט אָננעמבאַר האָבן מיר אָנגעוויזן אין אונדזער אַרבעט וועגן „השארת הנפש" (זע י. ש. באַנד 3 העפט 2.) די טעמים פאַר וואָס דער הומאַניזם איז ניט אָננעמבאַר וועלן מיר באַהאַנדלען אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלעך. בלייבט דער רעליגיעזער ענט־פער וועלכער באַהויפּט, אַז גייסטיקע ווערטן עקזיסטירן אין דער וועלט אומאָפּהייג־

גיק פון מענטשלעכן געדאַנק. דער מענטש פּראָדוצירט ניט די גייסטיקע ווערטן, ער באַזיצט אָבער די פעאיקייט זיי צו באַגרייפן און ביסלעכווייז צו דערוווערבן אַלץ מער וויסן און פאַרשטענדעניש ווי אַזוי איינצואָרדענען זיין לעבן אין הסכם מיט די פאָדע־רונגען פון זיינע באַגריפן וועגן גוטסקייט, אמת׳דיקייט און שיינקייט. די דאָזיקע פע־איקייט איז דאָס געטלעכע (דער חלק אלוה ממעל) אין דעם מענטשן אָדער אַ מתנה פון גאָט צום מענטשן. די עובדה פון מענטשן אַלס אַ גייסטיקעס וועזן איז צו דער־גרייכן וואָס מער שלימות אין אַלע זיינע טראַכטענישן און טואונגען. אין דעם באַ־שטייט דער מענטשלעכער פּראָגרעס. אין רעליגיעזע שריפטן ווערט דער דאָזיקער געדאַנק אויסגעדריקט אין די פאָרשריפטן צו ליבן גאָט, גיין אין זיינע וועגן און זיך באַהעפטן אָדער דערנעענטערן צו אים; און דאָס אויסהיטן זיך פון שלעכטס ווערט אויסגעדריקט אין דעם אָנזאָג מורא צו האָבן פאַר גאָט. בלויז אין דעם רעליגיעזן וועלט באַנעם געפינען מיר אַ צופרידנשטעלנדיקן ענטפער אויף דער פראַגע וואָס מיר האָבן זיך פריער געשטעלט: — וואָס טרייבט דעם מענטשן כסדר זיך צו פאַרנעמען מיט געטער און רעליגיעזע פּראָבלעמען? אַנאַליזירנדיק דעם מענטשענס גייסטיקע אייגנשאַפטן געפינען מיר, אַז ער מוז אַזוי האַנדלען מחמת אַזוי איז דער מענטש באַ־שאַפן געוואָרן. דאָס איז זיין טבע אַלס אַ גייסטיקעס וועזן.

גלייכצייטיק ווערט פאַר אונדז אויך קלאָר דער טעם פאַר וואָס דער מענטש אָט אַלע מאָל אונטער אַלע רעליגיעזע פאָרמען מיט רעכט געגלויבט אין התגלות. דאָס שטאַמט פון זעלביקן מקור. די גייסטיקע פעאיקייטן מיט וואָס דער מענטש דערקענט אָדער באַגרייפט די געטלעכקייט דינט גלייכצייטיק אַלס דער אַפּאַראַט דורך וועלכן גאָט אַנטפּלעקט זיך צום מענטשן. גאָט דערקענטעניש און גאָטס אַנטפּלעקונג זיינען צוויי אַספּעקטן פון איין זאַך. מיט יעדן נייעם אויפטו דורך וועלכן דער מענטש בריי־טערט אויס זיין וויסן אָדער פאַרטיפט זיין פאַרשטענדעניש, אַנטפּלעקט גאָט זיינע סודות צום מענטשן. אַזוי ווי דעם מענטשענס שטרעבן צו שלימות איז אַ אַנטוויק־לונגס פּראָצעס אין אַ שטייגענדיקער ריכטונג איז דאָס אויך אַזוי מיט התגלות; און אַזוי ווי דאָס שטרעבן צו שלימות איז אַ פּסיכאָלאָגישער מוז, אַזוי איז דאָס מיט דער אמונה אין התגלות.

די טעמים פאַר וואָס מען קאָן ניט אָננעמען די אָרטאָדאָקסישע אויפפאַסונג וועגן „תורה מן השמים״ האָבן מיר אָנגעוויזן אין אונדזער אַרבעט „דער מקור פון מאָראַל״ (זע „וואָס איז אַזוינס יידישקייט״ זז. 115—118).

.3

זינט די פיזיקער האָבן אויסגעפונען, אַז די אַטאָמען פון וואָס אַלע קערפּערס זיינען צוזאַמענגעשטעלט זיינען ניט קיין קליינטשינקע אומצעשטערבאַרע שטיקלעך

מאַטעריע, ווי די קלאַסישע פיזיקער האָבן זיך דאָס פאָרגעשטעלט, האָט דער פילאָ־זאָפיש־מאַטעריאַליסטישער וועלט באַנעם וואָס איז געבויט אויפן גלויבן, אַז מיט דער צייט וועט מען אַלץ קאָנען דערקלערן דורך מעכאַנישע געזעצן, פאַרלאָרן זיין גע־דאַנקלעכן באַזיס. און אַ דאַנק דעם האָבן די יעניקע וואָס זיינען אַנטי רעליגיעז גע־שטימט זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם הומאַניזם וועלכער איז באַזירט אויף דער סברה, אַז די אַנטשטייאונג פון באַגריפן וועגן גייסטיקע ווערטן קאָן דערקלערט ווערן פון אַ ריין סוביעקטיוון שטאַנדפּונקט, אַלס אַ פּראָדוקט אָדער עמאַנאַציע פון מענטשענס באַ־וואוסטזיין. מחוץ פון מענטשענס באַוואוסטזיין האָבן זיי אָבער ניט וועלכע עס איז עקזיסטענץ.

יעדער אורטייל אָדער באַהויפּטונג וואָס ווערט געמאַכט וועגן זאַכן אָדער פּאַ־סירונגען פאַרמאָגט אַ סוביעקט און אַן אָביעקט. דער סוביעקט מאַכט די באַהויפּטונג; דער אָביעקט איז דער קעגנשטאַנד איבער וועלכן די באַהויפּטונג ווערט געמאַכט. ווען איינער זאָגט, אַז נעכטן האָט גערעגענט איז דער איך וואָס מאַכט די באַהויפּטונג דער סוביעקט און די פּאַסירונג, דער נעכטיקער רעגן, דער אָביעקט. אורטיילן פון דעם מין אָדער באַהויפּטונגען וועלן מיר אָנרופן „אָביעקטיווע אורטיילן״. עס זיינען פאַראַן פאַלן אַוואו דער אָביעקט פון דער באַהויפּטונג איז דער אייגענער סוביעקט וואָס מאַכט די באַהויפּטונג. דאָס פּאַסירט ווען דער סוביעקט מאַכט אַ באַהויפּטונג וועגן זיינע אייגענע איבערלעבונגען. למשל, ווען איינער זאָגט, אַז ער האָט אַ צאָן־ווייטאָג, דאָס אייגענע ווען ער באַהויפּטעט, אַז ער האָט מורא פאַר עפּעס אָדער, אַז ער שפּירט אַ געוויסע צופרידנקייט וכדומה, — איז דער צאָן־ווייטאָג דער אָביעקט אָדער קעגנ־שטאַנד איבער וועלכן די באַהויפּטונג ווערט געמאַכט. אורטיילן און באַהויפּטונגען פון אָט־דעם מין וועלן מיר אָנרופן „סוביעקטיווע אורטיילן״, וועגן דעם אמת אָדערווירקלעכקייט פון „סוביעקטיווע אורטיילן״ איז ניט שייך קיין מיינונג פאַרשידענהייט, מחמת דאָ האַנדעלט עס זיך מכוח דער איבערלעבונג בלויז פון איין יחיד. אָבער מיט „אָביעקטיווע אורטיילן״ ווי מיט דער באַהויפּטונג וועגן נעכטיקן רעגן, איז די זאַך אַנדערש. דאָ האַנדעלט עס זיך וועגן אַן אָביעקטיווער פּאַסירונג, ד. ה. וועגן עפּעס וואָס שטייט ניט בלויז אין דעם רשות פון יחיד, נאָר איבער וועלכן אַ סך מענטשן קאָ־נען אורטיילן, דעריבער איז דאָ „מעגלעך״ חילוקי־דעות. ווען איינער באַהויפּטעט, אַז עס האָט יאָ גערעגנט אין אַ באַשטימטן פּלאַץ און באַשטימטער צייט און דער אַנ־דערער זאָגט, אַז עס האָט ניט גערעגנט אין דעם אייגענעם פּלאַץ און אייגענער צייט איז איינעמס באַהויפּטונג זיכער פאַלש. עס האָט יא גערעגנט אָדער ניט, ביידע זאַכן צוזאַמען איז ניט מעגלעך, דאָס אייגענע איז מיט מאַטעמאַטישע און לאָגישע אור־טיילן. ווען איינער באַהויפּטעט, אַז צוויי מיט דריי איז גלייך צו זעקס, אָדער אַז אַ

בוים קאָן גלייכצייטיק יאָ און ניט זיין קיין קאַרשן בוים, איז עס זיכער אַ פאַלשע באַהויפּטונג.

עס זיינען אויך פאַראַן אַזעלכע פאַלן וואָס פון אויבנאויף גענומען קוקן זיי אויס צו זיין „אָביעקטיווע אורטיילן״ אָבער אין דער אמת׳ן זיינען זיי גאָר „סוביעקטיווע אורטיילן״. דאָס טרעפט אָפט מיט באַהויפּטונגען וועגן דעם טעם פון שפּייז, איינער וועט באַהויפּטן וועגן געוויסע שפּייזן, אַז זיי זיינען געזאַלצן, ביטער, זיס וכדומה און דער צווייטער וועט באַהויפּטן, אַז דאָס איז ניט אַזוי. אין אַזעלכע פאַלן ווען כמעט אַלע איינשטימען, אַז הגם עס רעדט זיך וועגן אַן אָביעקטיוון קעגענשטאַנד, די שפּייז, האַנדעלט עס זיך באמת ניט וועגן דער געוויסער שפּייז נייערט וועגן די סוביעקטיווע איבערלעבונגען פון צוויי באַזונדערע יחידים בעת זיי פאַרזוכן די שפּייז. לכן דאַרפן באַהויפּטונגען אָדער אורטיילן פון דעם סאָרט צוגערעכנט ווערן צום קלאַס „סוביעקטיווע אורטיילן״. און דעריבער דאַרפן קעגנגעזעצטע באַהויפּטונגען פון דעם מין ניט באַטראַכט ווערן ווי צוויי באַהויפּטונגען וועגן איין אָביעקטיוון קעגנשטאַנד וואָס איינער פון זיי מוז זיין פאַלש.

לויט דער הומאַניסטישער שיטה באַלאַנגען רעליגיעזע, מאָראַלישע און עס־טעטישע באַגריפן צום זעלביקן מין סוביעקטיווע אורטיילן ווי די טעמים פון שפּייז. למשל, ווען איינער זאָגט דער בילד איז שיין, ווילן די הומאַניסטן אויסטייטשן דעם דאָזיקן עסטעטישן אורטייל אַלס אַ סוביעקטיווע איבערלעבונג פון נחת רוח וואָס איי־נער דערפילט ביים באַטראַכטן דאָס בילד. דער מאָראַלישער אורטייל, אז אַ געוויסע האַנדלונג אָדער פּאַסירונג איז גוט אָדער שלעכט, וועט לויטן הומאַניזם דערקלערט ווערן אַלס אַן עמאָציע פון צושטימונג אָדער ניט־צושטימונג וועלכע דערוועקט זיך אין דעם סוביעקט אַ דאַנק דער געוויסער האַנדלונג אָדער פּאַסירונג. בנוגע דעם מקור פון מאָראַלישע באַגריפן נעמען די הומאַניסטן אָן דעם אוטיליטאַריסטישן שטאַנד־פּונקט. האַנדלונגען און פּאַסירונגען וועלכע זיינען מסוגל צו פאַרשאַפן דעם מענטשן מער פאַרגעניגען און באַקוועמלעכקייט ווערן באַטראַכט פאַר גוט, די האַנדלונגען וואָס ברענגען פאַרקערטע רעזולטאַטן ווערן באַטראַכט פאַר שלעכט. אויף דעם באַזיס (ווי מיר ווילן דאָס באַלד זען) דערקלערן זיי די אַנטשטייאונג פון באַגריפן וועגן גוטס און שלעכטס. זיי טוען דאָס אייגענע בנוגע די רעליגיעזע געפילן פון עניוות און יראת הכבוד וואָס דערוועקן זיך אין דעם מענטשענס נשמה בעת ער באַטראַכט די באַגרע־ניצטקייט פון זיינע אייגענע כוחות לגבי דעם שאַפער פון דער וואונדערבאַרער אַרו־מיקער וועלט, אויך בנוגע דעם מענטשענס באַגריפן און פאָרשטעלונגען וועגן אַ שלימותדיקן וועזן צו וועמען מען דאַרף זיך דערנעענטערן וכו׳, דאָס אַלץ דערקלערט דער הומאַניזם לשיטתו, אַלס אַן עמאָנאַציע פון מענטשלעכן געדאַנק וועלכער פּראָ־יעקטיצירט דאָס וואָס אים ווילט זיך אין אַ פיקטיוון אָביעקט. אין דערווירקלעכקייט

איז אַזאַ זאַך ווי שלימות אָדער אַ שלימות׳דיקעס וועזן ניט פֿאַראַן. די דאָזיקע באַ־גריפֿן האָט מען אַנטוויקעלט און פֿאַרשפּרייט טיילווײַז ווײַל זיי זײַנען ניצלעך פֿאַר די פּריווילעגירטע קלאַסן צום באַהערשן די נידעריקערע שיכטן פֿון דער געזעלשאַפֿט, און טיילווײַז ווײַל דאָס דינט אַלס אַ געדאַנקלעכער מעכאַניזם ווי אַזוי צו אַנטלויפֿן פֿון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט אין וועלכער דער מענטש געפֿינט זיך צו אַן אויס־געטראַכטער מלכות־שמים׳דיקער צוקונפֿט אויף דער וועלט אָדער אויף יענער וועלט: דאָס איז דער זין פֿון דעם הומאַניסטישן שפּרוך „אַז רעליגיע איז אַפּיום פֿאַרן פֿאָלק״. ווען דער דאָזיקער געדאַנקענגאַנג זאָל באמת זײַן אויסגעהאַלטן וואָלט ער גע־ווען אַזוי שעדליך פֿאַרן רעליגיעזן וועלט באַנעם ווי דער מאַטעריאַליזם. ווען מיר זיך דעריבער נענטער צוקוקן צו דער הומאַניסטישער אַרגומענטאַציע און זען צי די פּאָזיציע פֿון הומאַניזם איז געדאַנקלעך אַננעמבאַר.

לויט דער הומאַניסטישער אויפֿפֿאַסונג דערקלערט זיך די אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פֿון מאָראַלישע באַגריפֿן אומגעפֿער אויף אַזאַ אופֿן. אין דעם שווערן קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ וואָס דער גאָר פּרימיטיווער מענטש האָט געמוזט פֿירן מיט דער אַרומיקער סביבה האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז געוויסע פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן זײַנען זייער ניצליך פֿאַר דער גאַנצער גרופּע, למשל, פֿיזישע גבורה, מוט און אומ־דערשראָקענקייט וואָס איינער האָט אַרויסגעוויזן אין געפֿעכט מיט אַנדערע שבטים אָדער בעת׳ן געיעג צו פֿאַרזאָרגן די גרופּע מיט שפּײַז זײַנען געוועזן פֿון די סאַמע וויכטיקסטע פֿאַקטאָרן אין אויפֿהאַלטן די פֿאַרשידענע געזעלשאַפֿטלעכע גרופּירונגען ווי די פֿאַמיליע, דעם קלאַן, דעם שבט וכדומה. דעריבער זײַנען קוואַליטעטן פֿון דעם מין דערמוטיקט געוואָרן, און די מיטגלידער וועלכע האָבן זיך אין דעם אויסגע־צייכנט זײַנען באַלוינט געוואָרן פֿון דער גרופּע מיט כבוד און מאַטעריעלע גיטער. פֿאַר־קערט ווידער אַזעלכע וועמען עס האָבן געפֿעלט די דאָזיקע קוואַליטעטן אָדער כאַ־ראַקטער־שטריכן זײַנען באַטראַכט געוואָרן אַלס מינדערווערטיק און זײַנען דעריבער אויף פֿאַרשידענע אופֿנים באַשטראָפֿט געוואָרן. אויף אַזאַ אופֿן זײַנען פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן אײַנגעטיילט געוואָרן אין מעלות און חסרונות. דאָס אייגענע איז פֿאַר־געקומען אין דעם אינערלעכן צוזאַמענלעבן פֿון דער גרופּע. די דערפֿאַרונג האָט זיי געלערנט, אַז כדי זיי זאָלן קענען פֿונקציאָנירן אַלס אַ גרופּע מוזן זיי האָבן געזעצן מיט וועלכע צו קאָנטראָלירן געזעלשאַפֿטלעכע אַנגעלעגנהייטן. מען האָט געמוזט אויסאַרבעטן כללים און דינים וועלכע זאָלן זײַן גילטיק צווישן די מיטגלידער פֿון דער גרופּע. אָן אַזעלכע געזעצן איז קיין פֿרידלעכער גרופּן־צוזאַמענלעבן ניט מעג־לעך, ווײַל ביים צעטיילן זיך מיטן רויב נאָך אַ מלחמה וואָלטן די מיטגלידער פֿון דער גרופּע איינער דעם אַנדערן פֿאַרניכטעט. צוליב דעם זעלביקן טעם זײַנען געשאַפֿן געוואָרן רעגעלן ווי אַזוי צו קאָנטראָלירן געשלעכטלעכן פֿאַרקער און אַלע אַנדערע

אַקטיוויטעטן פון אַ געזעלשאַפטלעכן כאַראַקטער. יעדער מיטגליד פון דער גרופּע איז געווען מחויב פּינקטלעך אָפּצוהיטן די דינים און פאַרן עובר זיין אויפן געזעץ איז מען שטרענג באַשטראָפט געוואָרן. אַזוי זיינען אַנטשטאַנען געזעצן וועגן גניבה, גזילה, מאָרד, געשלעכטלעכן געמיש וכדומה. אויך אין דעם פאַל האָבן די מאַטעריעלע אינ־טערעסן פון דער גרופּע געפאָדערט, אַז מען זאָל הויך שעצן די יעניקע וועלכע האָבן זיך אויפגעפירט לויט די אָנגענומענע כללים פון דער גרופּע און פאַראַכטן די יעניקע וואָס האָבן דאָס ניט געטאָן. אָט אין דעם פּרט געפינען די הומאַניסטן דעם מקור פון עטישע באַגריפן. כדי צו לעבן בשלום אין דער גרופּע מוזן די שטאַרקערע און פּע־איקערע נאָכגעבן די באַדערפענישן פון די שוואַכערע. אַזוי האָט זיך אין משך פון צייט אַנטוויקעלט דער געדאַנק, אַז שלום און יושר שטייט העכער ווי ברוטאַלע מאַכט און אַז הילף פאַרן שוואַכערן און מיטלייד מיטן ליידענדען לוינט זיך בעסער, אַפילו פאַרן שטאַרקערן, ווי אכזריות. פאָלגלעך איז די אַלגעמיינע מסקנה פון דעם הומאַניזם, אַז דער מקור פון עטישע באַגריפן און די טרייב־קראַפט וואָס האָט פאַראורזאַכט זייער אַנטוויקלונג געפינט זיך אין דעם מענטשענס מאַטעריעלע באַדערפענישן און אין די נוצן וואָס זיי ברענגען דער געזעלשאַפט.

אין משך פון דער גאַנצער צייט אין וועלכער דער דאָזיקער פּראָצעס פון עטי־שער אַנטוויקלונג איז פאָרגעקומען זיינען פאַרגעסן געוואָרן די אור־אַלטע טעמים: — די געזעלשאַפטלעכע נוצן, וואָס האָבן פאַראורזאַכט די איינטיילונג פון מענטשענס כאַ־ראַקטערשטריכן אין מעלות און חסרונות, און מענטשלעכן אויפפיר אין גוטע און שלעכטע מעשים, אָבער אַ דאַנק דעם כוח פון געוויינהייט זיינען די עטישע באַגריפן געבליבן און מען האָט זיי גענומען שאַצן אַזוי ווי זיי וואָלטן געהאַט אַן אָביעקטיוון ווערט פאַר זיך גופא. למשל, העלדישקייט וואָס איז לכתחילה געשאַצט געוואָרן צו־ליב די מאַטעריעלע נוצן וואָס זי האָט געבראַכט דער גרופּע איז שפּעטער דורך גע־וויינהייט פאַרהערלעכט געוואָרן צוליב זיך גופא, אַזוי ווי העלדישקייט (און דאָס איי־גענע מיט אַלע מעלות און מידות טובות) וואָלט געהאַט אַן אָביעקטיווע ווירקלעכע עקזיסטענץ מחוץ פון דעם מענטשענס געדאַנק.

איינע פון די האַרבסטע שאלות וואָס מען שטעלט דעם רעליגיעזן וועלט באַ־נעם איז בנוגע דעם ניט־שטאַנדהאַפטיקן כאַראַקטער פון מאָראַלישע אורטיילן. אויב מאָראַל און עטיק זיינען טאַקע ווירקלעך אומאָפּהענגיקע פאַקטאָרן, טאָ ווי קומט עס, אַז דאָס וואָס ווערט באַטראַכט אַלס גוט און יושרדיק ביי איין גרופּע, פאַסירט אָפטמאָל, אַז ביי אַנאַנדער גרופּע ווערט עס גלייכצייטיק באַטראַכט אַקוראַט פאַר דעם היפּוך פון דעם, און ווי אַזוי דערקלערט זיך דאָס כסדרדיקע בייטן פון מאָראַלישע אורטיילן אין דער אייגענער גרופּע. פון דעם הומאַניסטישן שטאַנדפּונקט דערקלערט זיך דאָס זייער לייכט, דאָס נעמט זיך פון דעם מחמת מאָראַלישע אורטיילן זיינען אַ פּועל יוצא

פון די מאַטעריעלע געזעלשאַפטלעכע באַדערפענישן וועלכע זיינען פאַרשידן אין באַזונדערע געגענטן און בייטן זיך לויט די געענדערטע באַדינגונגען פון צייט און אָרט. הומאַניסטן באַנוצן זיך מיט דעם דאָזיקן אַרגומענט צו פאַרטיידיקן זייער פּאָזיציע.

איידער מיר וועלן באַהאַנדלען די גרונט טעותן פון דעם הומאַניזם וועלן מיר זיך דאָ צוערשט אָפּשטעלן אויף דעם ספּעציפישן אַרגומענט און אנווייזן, אַז הגם עס איז אמת, אַז מאָראַלישע אורטיילן ווערן טיילווייז און אָפטמאָל אינגאַנצן באַשטימט דורך ניט־עטישע מאָטיוון, באַווייזט עס אָבער בשום אופן ניט, אַז דאָס וואָס ווערט צוליב מאַטעריעלע אינטערעסן אָנגערופן גוט איז באמת גוט אין דערווירקלעכקייט. און דאָס באַווייזט אוודאי ניט די הומאַניסטישע באַהויפּטונג, אַז מאָראַלישע באַגריפן גופא אָדער דאָס וואָס איז באמת מאָראַליש איז אַ פּועל יוצא פון מענטשענס מאַטעריעלן געזעלשאַפטלעכן נוצן. מיט אַנדערע ווערטער, עס איז קיין ספק ניט, אַז דאָס וואָס מענטשן באַצייכענען אין אַ געוויסן מאָמענט אַלס גוט אָדער שלעכט איז טיילווייז באַאיינפלוסט דורך דער געזעלשאַפטלעכער און פיזיקאַלישער סביבה אין וועלכע זיי געפינען זיך, דאָס באַווייזט אָבער ניט, אַז עס איז ניטאָ פאַראַן קיין סטאַנדאַרד אָדער מאָס פון אַבסאָלוטער גוטסקייט לויט וועלכער דעם מענטשענס מאָראַלישע אורטיילן זיינען מער אָדער ווייניקער קרוב לאמת. מיר וועלן דעם געדאַנק מסביר זיין מיט אַ משל. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז מיר וועלן בעטן צוויי מענטשן אַז זיי זאָלן טרעפן די טעמפּעראַטור פון אַ געוויסן צימער, איינער וועט אַריינקומען פון דרויסן וואו עס איז זייער קאַלט און דער אַנדערער וועט אַריינקומען פון אַנאַנדער צימער אַוואו עס איז זייער הייס, וועלן זייערע מיינונגען וועגן דער טעמפּעראַטור פון דעם צימער ניט שטימען. צו דעם וואָס וועט אַריינקומען פון דער קעלט וועט זיך דוכטן, אַז די טעמפּעראַטור פון דעם געוויסן צימער איז אַ סך וואַרימער ווי צו דעם וואָס וועט אַריינקומען פון דעם איבערגעהיצטן צימער. ביידנס מיינונגען, ווייל זיי זיינען באַאיינפלוסט פון פאַרשידענע סיבות, וועלן מסתּמה ניט שטימען מיט דער אמת׳ער אָדער ווירקלעכער טעמפּעראַטור. דאָס וועט אָבער בשום אופן ניט באַווייזן, אַז דער געוויסער צימער האָט באמת ניט קיין אַבסאָלוטע טעמפּעראַטור וואָס מען קאָן אָביעקטיוו באַשטימען. עס האָט אַזוי פּאַסירט, אַז מיר האָבן יאָ אַן אינסטרומענט מיט וואָס מען מעסט די אָביעקטיווע טעמפּעראַטור און מיר פאַרמאָגן נאָך ניט קיין ענלעכע מעגלעכקייט צו באַשטימען דעם סטאַנדאַרד פון אַבסאָלוטער גוטסקייט, דאָס באַווייזט אָבער ניט, אַז אַזאַ מעגלעכקייט איז ניט בנמצא, און אוודאי גיט דאָס אונדז קיין רעכט ניט צו ציען פון דעם דעם שלוס, ווי די הומאַניסטן טוען עס, אַז ווען איינער זאָגט אַז אַ געוויסע טאַט איז גוט און דער צווייטער זאָגט פאַרקערט זיינען דאָס בלויז „צוויי סוביעקטיווע אורטיילן“, אָבער אין דער ווירקלעכקייט זיינען אַזעלכע זאַכן ווי גוטס און שלעכטס, רעכט און אומרעכט בכלל ניט פאַראַן. דער שכל איז מחייב גראָד דעם היפוך פון

דעם. עס מוז זיין אַזאַ זאַך ווי אַבסאָלוטע גוטסקייט, אויב ניט איז ניט פאַרשטענדלעך אַרום וואָס די חילוקי־דעות קומען פאָר.

דעם אייגענעם געדאַנקענגאַנג ווענדן אָן די הומאַניסטן בנוגע רעליגיעזע באַגריפן. לויט זייער מיינונג געפינט זיך דער מקור פון דער אמונה אין געטער אין די געפילן פון מורא און הילפלאָזיקייט וואָס דער פרימיטיווער מענטש האָט דורכגעלעבט אין זיין ביטערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ מיט דער גרויזאַמער אַרומיקער נאַטור. היות ווי דער פרימיטיווער מענטש האָט געלעבט אין שטענדיקער מורא און האָט שטאַרק געליטן פון היץ און קעלט, הונגער און מגפות וכדומה, מחמת ער האָט ניט פאַרשטאַנען און האָט ניט געוואוסט ווי אַזוי צו קאָנטראָלירן די נאַטור כוחות, האָט ער זיך פאָרגעשטעלט, אַז די פאַר אים אומקאָנטראָלירבאַרע כוחות זיינען מסתמא באַהערשט פון לעבעדיקע וועזענס אין זיין אייגענעם געשטאַלט. און הגם די דאָזיקע ווענזענס זיינען אַ סך גרעסער און מעכטיקער פאַרן מענטשן איז עס פונדעסטוועגן מעגלעך צו קאָמיוניקירן מיט זיי און ביי וועלכע מען קען אויף פאַרשידענע אופנים פועלן, אַז זיי זאָלן אים העלפן אין זיין ביטערער לאַגע. אַזוי האָט זיך ביסלעכוויז אַנטוויקעלט דער גלויבן אין אַלערליי געטער, רוחות, שדים וכדומה, און מיט דעם די קאָמפּליצירטע סיסטעם פון דעם קרבנות קולט אונטערצוקויפן די געטער, אַז זיי זאָלן אים ניט טשעפּן און אים באַשיצן פון אַנדערע בייזע גייסטער.

אין משך פון צייט האָט דער מענטש זיך דערוואָרבן אַלץ מער ידיעות וועגן די כוחות וואָס הערשן אין דער נאַטור און אַלץ מער פאַרשטענדעניש ווי אַזוי זיי צו קאָנטראָלירן; און אין דער מאָס וואָס זיין קענטעניש האָט געוואָקסן אַלץ ווייניקער איז געוואָרן דעם מענטשענס באַדערפעניש פאַר די גרויסע צאָל געטער, און אַזוי אַרום האָט דער געצנדינסט ביסלעכוויז פאַרלאָרן זיין ווערט פאַר דעם מער פאָרגעשריטענעם מענטשן, ביז דער מאָדערנער מענטש האָט אינגאַנצן פאַרוואָרפן די אַנטראָפּאָמאָרפישע געשטאַלטן פון דער פרימיטיווער מיטאָלאָגיע. אָבער, טראָץ די אויפטואונגען פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט איז ניט פאַרשוואונדן דעם מענטשענס געפיל פון הילפלאָזיקייט און די באַדערפעניש פאַר אַ זיכערן שטיץ־פונקט אויף וואָס צו באַזירן זיינע האָפנונגען און אַספּיראַציעס, און עס איז מערקווירדיק, וואָס מיטן וואוקס פון דער וויסנשאַפט איז די דאָזיקע באַדערפעניש נאָך שטאַרקער געוואָרן. די מאָדערנע וויסנשאַפט מיט איר̈ע וואונדערבאַרע אינסטרומענטן האָט אַנטדעקט פאַר אונדז אַן אומגעהייער גרויסן און קאָמפּליצירטן יוניווערס וועלכער איז חוץ דעם קליינעם שטויבעלע ערד אַוואו דער מענטש געפינט זיך אינגאַנצן לעבנלאָז. און אויך דאָס ביסעלע לעבן וואָס איז אונדז באַקאַנט וועט (לויטן צווייטן געזעץ פון טערמאָ־דינאַמיק) מיט דער צייט מוזן פאַרשווינדן. אויף אַזוי ווייט ווי די וויסנשאַפט איז ביכולת צו דערקענען דעם מהות פון יוניווערס איז דאָרט ניט צו באַמערקן קיין שמץ פון גייס־

טיקע ווערטן וואָס זיינען ענלעך צום מענטשענס גייסטיקע באַגריפן. אין אַזאַ יוני־ווערס געפינט זיך דער מאָדערנער מענטש, טראָץ זיין וויסנשאַפטלעכן וויסן, ניט אין ערך הילפלאָזער ווי דער פרימיטיווער מענטש וואָס איז געווען אַרומגערינגעלט מיט לעבעדיקע פריינטלעכע און בייזע גייסטער. דער מאָדערנער מענטש, הגם ער האָט גע־מוזט פאַרוואַרפן די אַמאָליקע מגושמ׳דיקע רעליגיעזע פאָרמען, האָט דעריבער גע־פונען די בויטיקייט צוצוטראַכטן רוחניות׳דיקע רעליגיעזע פאָרמען, ווי „דער עטי־שער מאָנאָטעאיזם״ וכדומה, מיט דער אמונה אין „השארת הנפש״, „פרייען ווילן״, גייסטיקע ווערטן א. א. וו., כדי צופרידנצושטעלן זיין סוביעקטיווע גייסטיקע ווערטן באַדערפעניש, אין דער אמת׳ן אָבער זיינען דאָס בלויז פאַנטאַסטישע סוביעק־טיווע אורטיילן וועלכע אַנטהאַלטן אין זיך ניט מער ווירקלעכקייט ווי די געטער פון פרימיטיוון מענטשן.

מענטשן גלויבן אין די דאָקטרינען פון די פאַרשידענע רעליגיעס מיט זייערע פאָרשטעלונגען וועגן גייסטיקע ווערטן און הימלישע וועלטן, ניט ווייל עס איז אמת נאָר ווייל עס איז באַקוועמער אַזוי צו גלויבן, מחמת עס ווילט זיך אַנטלויפן פון דער שרעקלעכער ווירקלעכקייט. חוץ דעם לוינט עס זיך פאַר די פריווילעגירטע הערשענ־דיקע קלאַסן אויפצוהאַלטן די רעליגיעזע פיקציע, ווייל דורך דעם איז זיי לייכטער איינ־צואָרדענען מלוכהשע אינסטיטוציעס און אויפהאַלטן די געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג. דעריבער האַלטן טייל הומאַניסטן, אַז פאַר די אומוויסנדע מאַסן איז רעליגיע נאָך עד היום זייער אַ נייטיקע זאַך אָבער ניט פאַר די אויפגעקלערטע. מיט דער צייט וועט די הומאַניסטישע תורה וועט קלאָר ווערן פאַר אַלעמען וועלן ממילא פאַרשווינדן אַלע רעליגיעזע פאָרמען.

## 5.

לאָמיר איצט אונטערזוכן די אויסגעהאַלטנקייט פון דעם הומאַניסטישן גרונט געדאַנק, אַז עטישע, עסטעטישע און רעליגיעזע באַגריפן זיינען בלויז פיקטיווע פאָר־שטעלונגען וואָס אַנטשפּרעכן דעם מענטשענס פאַרלאַנג אָדער וואונש ווי אַזוי די ווירקלעכקייט וואָלט געדאַרפט זיין און וועלכע זיינען אַנטשטאַנען אַלס אַ פועל יוצא פון דעם מענטשענס קאַמף מיט דער אַרומיקער סביבה פאַר זיינע פיזישע באַדערפע־נישן. פרעגט זיך ווי קומט עס, אַז דער מענטש זאָל בכלל האָבן אַזעלכע פאַרלאַנגען אָדער וואונשן פון וועלכע קיין אַנדער בריאה האָט ניט די מינדסטע אַנונג? ווי קומט עס, אַז פשוטע מורא זאָל זיך מיט אַמאָל פאַרוואַנדלען אין פאָרשטעלונגען וועגן דער עקזיסטענץ פון גייסטער, רוחות און שדים מיט וועלכע מען קאָן פירן פאַרהאַנדלונ־גען א. א. וו.? אַנימאַלן קעמפן אויך פאַר זייערע פיזישע באַדערפענישן. זיי לעבן אויך אַדורך דעם געפיל פון פחד און רעאַגירן אויף דעם פיזיש אויף פאַרשידענע

אופנים. עס איז אָבער ניט מערקבאַר פון זייער רעאַקציע, אַז זיי האָבן וועלכע עס איז אַנונג ענלעך צו דעם וואָס מיר רופן אָן רעליגיע אָדער עטיק. לויט דעם הומאַניזם האָבן זיך די באַגריפן וועגן גייסטיקע ווערטן אַנטוויקעלט ביים מענטשן דורך דער אינטעראַקציע מיט דער סביבה אין וועלכער עס איז אים אויסגעקומען צו קעמפן פאַר זיין עקזיסטענץ. אין דער אויסערלעכער פיזיקאַלישער סביבה זיינען דאָך, לויט זייער שיטה, קיין גייסטיקע ווערטן אוודאי ניט פאַראַן; טו ווי אַזוי זיינען מיט אַמאָל אַנט־שטאַנען ביים מענטשן געדאַנקלעכע פאָרשטעלונגען אָדער פיקציעס וועגן גייסטיקע ווערטן און גייסטיקע וועזנס? פונוואַנענט האָבן זיי זיך גענומען? סיידן מען זאָל אָנ־נעמען די מאַטעריאַליסטישע סברה (אומבאַוואוסטערהייט טוען עס טאַקע אַ סך הו־מאַניסטן) אַז לעבן און גייסט זיינען ביי־פּראָדוקטן אָדער פונקציעס פון מאַטעריע. אָבער די מאַטעריאַליסטישע דערקלערונג (ווי מיר האָבן דאָס פריער אָנגעוויזן) איז דאָך פאַר אונדז אָפּגעפרעגט. בלייבט איין מעגלעכער ענטפער, אַז ניט גייסטיקע ווערטן זיינען אַ געדאַנקלעכע פיקציע, נייערט די גרונט הנחה פון הומאַניזם איז ניט מער ווי אַ פיקציע.

דער שכל איז מחייב אַקוראַט דעם היפוך פון דער הומאַניסטישער גרונט הנחה. היות ווי עטישע און מאָראַלישע באַגריפן פאַרנעמען אַזאַ וויכטיקן אָרט אין דער מענטשלעכער דערפאַרונג, סיי אין זיינע פּראַקטישע האַנדלונגען און סיי אין זיין טע־אָרעטישן דענקען איז דאָס אַ ראיה, אַז אין דעם יוניווערס ווירקט אַ מאָראַלישער פּרינציפּ. און אַזוי ווי דער מענטש לעבט דורך דעם געפיל פון קדושה, און אַזוי ווי דער באַגריף פון שלימות איז פונדאַמענטאַל אין מענטשלעכן דענקען און איז די טרייב־קראַפט פון זיין שטרעבן און שאַפן, איז דאָס אַ סימן, אַז די אידעע פון שלימות אָדער פון אַ שלימות׳דיקן וועזן איז אַ ווירקלעכע רעאַליטעט אומאָפּהענגיק פון מענטשלכען געדאַנק.

עס איז קיין ספק ניט, אַז אין דעם אַנטוויקלונגס פּראָצעס פון גייסטיקע ווערטן האָבן די פיזישע אומשטענדן פון דער סביבה און דער געפיל פון מורא געהאַט אַ באַ־דייטענדען איינפלוס אויף דעם אופן ווי אַזוי די גייסטיקע ווערטן האָבן זיך מאַני־פעסטירט. זיי זיינען אָבער זיכער ניט די איינציקע פאַקטאָרן וועלכע האָבן באַאיינ־פלוסט דעם אַנטוויקלונגס פּראָצעס און זיי דערקלערן בשום אופן ניט די גייסטיקע באַגריפן גופא.

מיר ווילן אויך אָנווייזן אויף אַ לאָגישער ניט דורכגעטראַכטקייט אין דעם הו־מאַניסטישן געדאַנקענגאַנג. ווען מען זאָל אַפילו לשם אַרגומענטאַציע אָננעמען זייער גרונט הנחה, אַז וועגן די רעליגיעזע, מאָראַלישע און עסטעטישע באַגריפן פון אַ ריין גייסטיקן כאַראַקטער מיט וועלכע דער מער פאָרגעשריטענער מאָדערנער מענטש איז באַקאַנט, האָט דער פּרימיטיווער מענטש קיין אַנונג ניט געהאַט, אַז בלויז פיזישע

פאַקטאָרן, — מורא און פיזישע באַדערפענישן האָבן באַשטימט זיין אויפפיר, קאָן מען דאָך פון דעם לאָגיש ניט דרינגען, ווי די הומאַניסטן טוען עס, אַז די באַגריפן וועגן גייסטיקע ווערטן פון דעם מאָדערנעם מענטשן וועלכע האָבן זיך פון דעם שפּעטער אַנטוויקעלט זיינען פון דעם זעלביקן ניט־גייסטיקן כאַראַקטער.

ס׳איז פּשוט. אויב דער טערמין אָדער קאָנצעפּט „אַנטוויקלונג" האָט וועלכן עס איז זין אָדער באַדייטונג מיינט עס, אַז אין דעם פועל יוצא ד. ה. אין דעם אַנט־וויקעלטן פּראָדוקט איז פאַראַן עפּעס מער אָדער עפּעס נייעס וואָס עס איז ניט געווען אין דער סיבה, ד. ה. אין דעם קערנדל פון וועלכן דער אַנטוויקעלטער פּראָדוקט איז אַנטשטאַנען. למשל, עס איז זיכער פאַראַן עפּעס מער אין דעם בוים ווי אין דעם זוימען פון וועלכן ער איז אַרויסגעוואַקסן, און אַז אין דער העכערער מאַטעמאַטיק איז בלי ספק פאַראַן אַ סך נייע אויפטואונגען וועלכע געפינען זיך ניט אין די מאַטעמאַטישע השגות פון פּרימיטיוון מענטשן פון וועלכע זי האָט זיך אַנטוויקעלט. אָנווענדנדיק דעם דאָזיקן כלל בנוגע אונדזער פּראָבלעם: — ווי אַזוי צו דערקלערן די אַנטשטיי־אונג פון די ריין גייסטיקע באַגריפן ביי דעם מאָדערנעם מענטשן, האָבן מיר פאַר זיך די ברירה בלויז פון צוויי דערקלערונגען: 1) אָדער מען נעמט אָן, אַז שוין אין דער סיבה — דעם אויפפיר פון פּרימיטיוון מענטשן איז שוין פּאָטענציעל געלעגן דער פועל יוצא: — די ריין גייסטיקע באַגריפן פון דעם מאָדערנעם מענטשן, און דער אַנטוויקלונגס פּראָצעס איז באַשטאַנען אין אַרויסברענגען דעם פועל יוצא מכוח אל הפועל, 2) אָדער מען מוז אָננעמען, אַז אין משך פון דעם אַנטוויקלונגס פּראָצעס האָט ערגעץ וואו אויף אַ וועלכן עס איז אופן פאָרגעקומען אַ קרעאַטיווער אַקט אָדער אַ נייע שאַפונג וואָס האָט מעגלעך געמאַכט די נייע דערשיינונג וואָס מיר געפינען אין דעם פועל יוצא. די ערשטע דערקלערונג איז אַקוראַט דער היפוך פון דער הומאַ־ניסטישער גרונט הנחה, אַז אין דעם אויפפיר פון פּרימיטיוון מענטשן איז ניט פאַראַן קיין שמץ פון ריין גייסטיקע ווערטן. דעריבער איז זי פאַר די הומאַניסטן ניט אָננעמ־באַר. די צווייטע דערקלערונג צעשטערט זייער מסקנה, אַז די באַגריפן וועגן גייסטי־קע ווערטן פון דעם מאָדערנעם מענטשן זיינען פון דעם אייגענעם ניט־גייסטיקן כאַ־ראַקטער ווי ביי דעם פּרימיטיוון מענטשן.

פון דעם אַלעם איז קענטיק, אַז דער אמת איז מיטן רעליגיעזן וועלט־באַנעם וועלכער האַלט, אַז אין אונדזערע השערות וועגן דעם פּרימיטיוון מענטשענס איבער־לעבונג מוז מען זיך אויך רעכענען מיט די געפילן פון וואונדער און קדושה וועלכע זיינען ווּיכטיקע פאַקטאָרן אין דער פאָרמירונג פון מענטשענס אויפפיר. אין זיין קאָנ־טאַקט מיט דער אַרומיקער סביבה האָט דער פּרימיטיווער מענטש ניט נאָר געליטן און דורכגעלעבט די געפילן פון פּשוטער מורא און הילפלאָזיקייט, ער האָט אויך גע־האַט גליקלעכע צייטן ווען די נאַטור איז געווען גוט צו אים און אים האָט ניט גע־

פעלט באַפרידיקונג פון זיינע פיזישע באַדערפעענישן. אין זיין פרייער צייט בעת ער האָט באַוואונדערט די שיינקייט פון דער אַרומיקער נאַטור האָט ער געהאַט מאָמענטן ווען ער האָט דורכגעלעבט דעם געפיל פון יראת הרוממות לגבי דעם שאַפער פון דעם וואונדערבאַרן קאָסמאָס. דער געפיל פון הילפלאָזיקייט גייט צוזאַמען מיט דעם באַ־וואוסטזיין פון זיין אייגענער באַגרעניצטקייט און מיט דעם איז איינג פאַרבונדן דער געפיל פון עניוות לגבי דעם כוח (אָדער כוחות) וואָס איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר דער עקזיסטענץ פון דער וועלט. דערצו מוז מען זיך אויך רעכענען מיטן סאַמע וויכטיקסטן פאַקטאָר: — די אייגנאַרטיקע מענטשלעכע פעאיקייט פון פרעגן און וועלן פאַרשטיין דעם זין און באַדייט פון דעם אַלעם. בלויז אויף דעם אופן באַקומט מען אַ צופרידנ־שטעלנדיקן באַגריף וועגן דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג.

די דאָזיקע פסיכאָלאָגישע פעאיקייטן זיינען פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן פון אַלע מענטשן. די נפקא־מינה צווישן דעם פרימיטיוון און דעם מאָדערנעם מענטשן איז בלויז אַן אונטערשייד אין גראַד, ניט פון מין. ביי דעם מאָדערנעם מענטשן זיינען די באַגריפן וועגן גייסטיקע ווערטן מער אַנטוויקעלט ווי ביי דעם פרימיטיוון מענטשן, אָבער, אויך דער פרימיטיווער מענטש איז, אויף זיין אופן, בכוח צו באַגרייפן דאָס געטלעכע אָדער דאָס גייסטיקע אין דעם יוניווערס. אָט אין דעם געפינען מיר דעם מקור פון התגלות. די געטלעכע אַנטפּלעקונג צום מענטשן איז ניט קיין זעלטענע אוי־סערגעוויינטלעכע דערשיינונג וואָס בלויז יחידי סגולה זיינען מסוגל אויפצונעמען. אומעטום און אין אַלע צייטן זיינען אַלע נאָרמאַלע מענטשן, יעדער לויט זיינע כשרונות, בכוח משיג צו זיין די געטלעכקייט, אָבער ניט אין דעם זעלביקן גראַד. די פעאיקייט מקבל צו זיין די געטלעכע התגלות בייט זיך קודם כל אין צייט. ד. ה. מיט דעם פּראָגרעס פון דער אַלגעמיינער מענטשלעכער אַנטוויקלונג. און אַפילו אין איין און דער זעלביקער צייט שטייען ניט אַלע מענטשלעכע גרופּירונגען אויף דער זעל־ביקער מדרגא אין זייער יכולת אויפצונעמען די געטלעכע אַנטפּלעקונג. זיי זיינען אויך פאַרשידן אין דעם אופן ווי אַזוי זיי זיינען משיג די געטלעכע התגלות. עס זיינען פאַראַן העכערע און נידעריקערע מדרגות פון גאָט דערקענטעניש. דער סאַמע וויכ־טיקסטער פאַקטאָר וואָס העלפט דעם מענטשן אין זיין שטרעבן צו שלימות איז די דערשיינונג פון יחידי סגולה מיט אויסערגעוויינטלעכע פעאיקייטן וועלכע שאַפן די מעגלעכקייט פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דעם התגלות פּראָצעס אין אַן אַרויפשטייגענדיקער ריכטונג. פון צייט צו צייט באַווייזן זיך גאָר גרויסע גייסטער, ווי אונדזערע נביאים, גרויסע פילאָזאָפן, צדיקים און רעליגיעזע דיכטער, זיי האָבן אַ טיפערן אַריינבליק אין דער רעאַליטעט פון דער וועלט ווי פשוטע מענטשן, און פון זייערע שאַפונגען ציען מיר אונדזער גייסטיקע חיונה.



# נשמת

יידיש פון

## צבי שטאָק

(א תפלה פון סידור)

מיין מאַמען, פרומע.

די נשמה פון יעדן לעבעדיקן וועט טוט דיין נאָמען בענטשן און לויבן
גאָט, אונדזער האַר;
און דער אָטעם־צוג פון איטלעך לייב טוט דיין נאָמען רימען און דערהויבן
אַלעמאַל, אין צייט פון רו און פון געפאַר: —

פון אייביק אָן ביז אייביק ביסטו גאָט;
און אויסער דיר האָבן מיר
קיין קעניג וואָס דערלייזט און העלפט און שפייזט און דערבאַרימט זיך
נאָר דו מיט דיין גענאָד: —

דו דערלייזסט און ראַטעוועסט, און שפייזסט און דערבאַרימסט זיך
אין יעדער צייט פון נויט און פּיין,
מיר האָבן קיין אַנדער קעניג וואָס העלפט און שטיצט, נאָר דו
ביסט תמיד געווען, דו ביסט און וועסט אַלע מאָל זיין: —

דו ביסט דער האַר פון די ערשטע דורות וואָס זיינען לאַנג שוין פאַרגאַנגען,
דער האַר פון אַלע באַשעפענישן;
דו, וואָס פירסט דיין וועלט מיט חסד
און דיינע באַשעפענישן אין שויס פון רחמים האַלטסט געפאַנגען.

און גאָט איז וואַך, ער טוט ניט שלאָפן און דרימלען
אין אַלע העכסטע הויכע הימלען: —
וואָס וועקט טיף־שלאָפנדיקע און מאַכט וואַכזאַם דרימלענדיקע;
און מאַכט ריידן שטומע;
און בינדט אויף געבונדענע,
און גלייכט אויס קרומע;
און אַנטפּלעקט פאַרשוואונדענע.
און לענט אונטער די וואָס פאַלן
אין אַלע נויטן און אומגליק־פאַלן.

דו, אַליין, גאָט ביסט דערהויבן,
נאָר דיך אַליין טוען מיר לויבן: —

ווען אונדזער מויל וואָלט געווען פול מיט געזאַנג ווי דער ים,
און אונדזער צונג ווי דאָס געברויז פון די כוואַליעס אָן דיין צאָם;
אונדזערע ליפּן פול מיט לויב ווי פון אויסשפּרייט די גערעמען
און אונדזערע אויגן וואָלטן לייכטן ווי די זון און לבנה אין פלאַמען,
אונדזערע הענט אויסגעשפּרייט ווי הויך־פליענדיקע אָדלערס
מיט כוונה און תפילה,
און אונדזערע פיס וואָלטן געווען גרינג ווי גיך־לויפנדיקע הינדינס
אין פאַרבאָרגענישן שטילע,
וואָלטן מיר אַלץ ניט אוספּייעט און אימשטאַנד געווען
צו דאַנקען דיר, גאָט,
און צו לויבן דיך פאַר דיין גענאָד.
פאַר איינער פון די טויזנטער און אָן אַ שיעור טובות,
נסים און וואונדער וואָס דו האָסט געטאָן מיט אונדזערע עלטערן און מיט אונדז,
גאָר אַמאָל, פון מצרים, האָסטו אונדז דערלייזט, גאָט אונדזער האַר,
און פון שקלאַפן־הויז האָסטו אונדז אויסגעלייזט, פון גרויס געפאַר: —

אין הונגער האָסטו אונדז געשפּייזט און אין דער זאַטקייט האָסטו אונדז
ביים לעבן דערהאַלטן;
פון דער שווערד האָסטו אונדז געראַטעוועט,
און פון דער פּעסט האָסטו אונדז געמאַכט אַנטרינען;

און פון פיל קראַנקהייטן, שלעכטע און געפערלעכע
האָסטו אונדז געטאָן אַרויסהויבן;
דאַרום דאַרפן מיר דיך שטענדיק דינען
און דיין הייליקן נאָמען לויבן: —

ביז אַהער האָט אונדז דיין דערבאַרעמקייט געהאָלפן,
און דיינע חסדים האָבן אונדז ניט געטאָן פאַרלאָזן;
גאָט, אונדזער האַר,
אין צייט פון רו און פון געפאַר:
דו ביסט באַגלויבט און מיר זיינען גלייביק,
און דו זאָלסט אונדז ניט פאַרלאָזן גאָט, אונדזער גאָט אויף אייביק.

דאַרום, די גלידער וואָס דו האָסט געטאָן אין אונדז אײַנטיילן
טוען אַלע דיינע שבחים, נסים און וואונדער דערציילן: —
דער אָטעם־צוג וואָס דו האָסט אַריינגעטאָן אין אונדזערע נאָז־לעכער
און די צונג וואָס דו האָסט אַריינגעלייגט אין אונדזער מויל
באַווייזן אַז דער מענטש וואָס שטרעבט צו דיר אַלץ העכער
ווי גוט איז אים און וואויל.

זיי, די איברים, טוען דאַנק דיר דאַנקען, דיך בענטשן און לויבן;
דיך רימען און באַזינגען און דערהויבן: —
זיי טוען דיך פאַרערן און פאַרהייליקן אומעטום
און זיי מאַכן קיניגן דיין נאָמען, אונדזער קעניג, אַלעמאָל —
אויף ישוב, אין וויסטעניש, אויף וויטסטע ים׳ען,
אויף פעלד, אין וואַלד, אויף באַרג און טאָל.

ווייל יעדעס מויל טוט דיך לויבן,
און יעדע צונג טוט צו דיר שווערן,
און יעדעס אויג טוט אויף דיר אַרויסקוקן,
און יעדע קני טוט קניענדיק דיך ערן,
און יעדע הויכקייט וואָס איז אין־אויבן
טוט צו דיר זיך בוקן: —

און אַלע הערצער טוען דיך פאָרכטן
און אַלע אינגעווייד און נירן
טוען זינגען צו דיין נאָמען
דיין הייליקן און שיינעם און ליבן;
ווי עס שטייט געשריבן:
אַלע מיינע איינצלנע ביינער
זאָגן, גאָט איז איינער;
פון אָרים צי פון רייך
ווער איז צו דיר גלייך?! —

דו ראַטעוועסט דעם אָרימאַן פון דעם שטאַרקערן פון אים
און דעם עני ואביון פון זיין רויבער.
דעם וויי־געשריי פון אָרימע לייט טוסטו דערהערן
דאָס געשריי פון געפאַלענעם פאַרנעמסטו און העלפסט אים.

ווער איז צו דיר ענלעך? און ווער קאָן זיך צו דיר גלייכן?
און ווער קען זיך שאַצן אין דיין ווערט?
דו גרויסער, שטאַרקער און פורכטיקער גאָט,
דו אייבערשטער גאָט, באַשאַפער פון הימל און ערד?

דאַרום טוען מיר דיך לויבן, רימען און באַשיינען,
מיט תפילה און לויב דיין נאָמען באַקריינען
ווי עס ווערט געזאָגט:
צו דודן, לויב גאָט, מיין זעל,
און מיין גאַנץ אינגעווייד
זיין הייליקן נאָמען.

וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער תפילה „נשמת“ זיינען דאָ פאַרשידענע השערות, זיי גייען אַזוי ווייט, די גוישע פאָרשער און יידיש־גוישע קריטיקער, אַז זיי זיינען אַזש מייחס די תפילה צו שמעון־פעטרוס דעם אפּאָסטאָל. די דאָזיקע מיינונג איז זיכער אַ פאַלשע. אין סידור „עבודת ישראל“, הוצאת שוקן, שטייט געשריבן, אַז די תפילה האָט מען מתקן געווען אין דער צייט פון דער משנה, אַז אַ טייל פון איר האָט מען געזאָגט ווען מען פלעגט בעטן אויף רעגן (ברכת הגשמים), אַז איר פאַרפאַסער טיילווייז איז געווען שמעון בן כיפא, און אַ טייל זאָגן, אַז שמעון בן שטח.

צ. ש.



# אנעים זמירות

יידיש פון

## צבי שטאָק

איך מאַך ליבלעך געזאַנגען און לידער טו איך וועבן,
ווייל צו דיר טוט מיין זעל גלוסטן און שטרעבן: — —

מיין זעל גלוסט צו זיין אין שאָטן פון דיין האַנט
צו דערגיין יעדן אָנוואונק פון דיינע סודות מיט פאַרשטאַנד: —

ווען איך רעד נאָר פון דיין כבוד וועגן
טוט מיין האַרץ נאָך דיין ליבשאַפט זיך רעגן: —

דאַרום טו איך וועגן דיר מיט גרויס כבוד ריידן;
דיין נאָמען מיט פריינטשאַפט־לידער באַשיידן: —

איך דערצייל אויס דיין פּראַכט און זען דיך איך זע ניט;
איך אָן דיך און רוף דיך, און פאַרשטיין דיך — איך קען ניט: —

דורך דיינע נביאים, אין געהיים־ראָט פון דיינע קנעכט
האָסטו געשילדערט דעם אָפּגלאַנץ פון דיין פּראַכט וואָס איז עכט:

דיין גרויסקייט און שטאַרקייט יעדע באַזונדער
רופן אויס די תקיפות פון דיינע מעשים און וואונדער: —

זיי האָבן דיך געמאָלט, אָבער ניט לויט דיין „יש"...
דיך געגליכן צו דיינע מעשים פון אומענדלעכער גרייס: —

זיי האָבן דיך געטאָן אין פיל זעאונגען האַלטן,
דו ביסט אָבער איינער אין אַלע געשטאַלטן: —

געזען דיך אי אַלט אי יונג אַזוי;
די האָר פון דיין קאָפּ — אי שוואַרץ, אי גרוי: —

אַלטקייט ביים דין און יוגנט אין קריג;
ווי אַ מאַן פון מלחמות זיינע הענט פול מיט זיג: —

מיט אַ קיוועד פון הילף איז זיין קאָפּ אומגעבונדן;
זיין רעכטע האַנט און אָרעם מיט הייליקייט געצונדן: —

מיט ליכטיקן טוי איז זיין קאָפּ אָנגעפילט;
זיינע לאָקן אין טראָפּנס פון נאַכט — אָפּגעקילט:

ער רימט זיך מיט מיר, ווייל ער טוט נאָך מיר גאַרן,
ער וועט מיר זיין ווי פון שיינקייט אַ קרוין פאַר די האָרן: —

דאָס געשטאַלט פון זיין קאָפּ איז ווי פיין־גינגאָלד גאַנץ;
אויף זיין שטערן געקריצט איז זיין נאָמען אין גלאַנץ: —

פאַר חן און פאַר כבוד און שיינקייט און פּראַכט
האָט זיין פאָלק אים פון תפילה אַ גאָלד־קרוין געמאַכט: —

ווי אין טעג פון דער יוגנט, די צעפּ פון זיין קאָפּ;
זיינע לאָקן געקרייזלט און שוואַרץ ווי אַ ראָב: —

מיט צדק און שיינקייט און פּראַכטיק באַוואוינט
זאָל ער אויפגיין אויבנאָן ביי זיין שמחה געשוינט: —

זיין אויסדערוויילטע זאָל זיין אַ קרוין אין זיין האַנט;
א דיאַדעמע פון חן און אַ קעניגלעכער באַנד: —

די באַלאָדענע האָט ער געטראָגן מיט אַ קריינדל באַצירט;
ליב אין זיינע אויגן, זיי מיט כבוד געפירט: —

מיין שיינקייט איז אויף אים און זיין שיינקייט אויף מיר,
ווען נאָר איך רוף אים איז ער נאָענט צו מיין טיר: —

לויטער און רויט איז זיין קלייד געווען רויט
אַ קעלטער ווען ער האָט געטראָטן פון אדום אין נויט: —

אַ קשר פון תפלין האָט ער דעם עניו געוויזן,
דאָס אָפּבילד פון גאָט — פאַר זיינע אויגן באַוויזן: —

ער וויל גערן זיין פאָלק, טוט באַשיידענע באַשיינען;
זיצט אין לויב־געבעטן זיך מיט זיי צו באַקריינען: —

דיין זיגל־וואָרט, אמת, רופט פון באַגינען;
אָ, פאָרש דיין פאָלק אין יעדן דור וואָס טוט דיך באַזינען: —

דאָס געברום פון מיינע פיל לידער, איך בעט דיך, נעם אָן,
זאָל מיין געזאַנג גענענען אַזש ביז צו דיין טראָן: —

מיין לויב אויף דיין קאָפּ ווי פיל קרוינען אָן צאָל
און מיין תפילה נעם אָן, ווי די קטרת, אַמאָל: —

זאָל דיר ליב זיין דאָס געזאַנג פון אָרימאַן, ווי מתנות;
ווי דאָס ליד וואָס ווערט געזונגען אויף דיינע קרבנות: —

זאָל מיין בענטשונג אויף דעם קאָפּ פון דעם אַלץ־שפּייזער שטייגן,
וואָס באַשאַפט דעם שטאַרק־גערעכטן זיינע וועגן אָנצוצייגן: —

צו מיין בענטשונג נייג דיין קאָפּ ווי צום געבעט פון אַ תמים;
און אָטעם זי איין ווי די טייערסטע בשמים: —

זאָל זיין אָנגענומען און זיס מיין געבעט און מיין שיר
ווייל מיין זעל טוט נאָר גלוסטן און שטרעבן צו דיר: —

צו דיר, גאָט, איז די גרויסקייט, שטאַרקייט, פּראַכטיקייט, אייביקייט
און גלאַנץ;
צו דיר, גאָט איז דאָס קעניגרייך, און דו דערהייבסט זיך איבער אַלעמען
און ביסט גאַנץ: —

ווער קען דערציילן די שטאַרקייטן פון גאָט,
לאָזן הערן זיין גאַנצן לויב וואָס ער האָט? —

דער שיר הכבוד איז מיוחס צו רבי יהודה החסיד מרעגנסבורג. צ. ש.

---

# האָבן שעה׳ן...

פון

## משה ראָלניק

האָבן שעה׳ן זייער טרויער צעהאַנגען,
האָט דער טאָג געציילט היינט זיינע וואונדן,
האָט דער אָוונט היינט זיין תפילה אויסגעזונגען,
האָט די נאַכט איר שווייגן אויפגעבונדן.

טאַנצן בלינדע שעה׳ן, זינגען שטום איצט אויס מיין ליד,
דאָס ליד פון מיר צו דיר: דער אייביק פרישער וואונדער,
מיר צוקאָפּנס דער אייפּל־טורעם אַן אויסגעלאָשן ליכט,
זינגט מיט מיט זיי יעדער וואָרט באַזונדער.

טריפן שטיקער נאַכט, הילן איין מיך אין זייער שאָטן,
ווייס איך אַז מיין ליד איצט בלאָנדזשעט וואו אליין,
ניט דערגאַנגען איז צו דיר מיין פּשוט וואָרט,
וועט עס קיינמאָל, שוין קיינמאָל ניט דערגיין?...

# מעטאַפאָריק*)

פון

## לייבוש לעהרער

2.

### פראָבלעמען פון מעטאַפאָריק

דער רעטאָרישער פאַרגלייך — לאָמיר זיך נאָכאַמאָל דערמאָנען — באַשטייט אין דעם וואָס כדי קלאָרער אַרויסצוברענגען דאָס געפיל אָדער דעם זינען פון אַ באַשטימטן אינהאַלט באַנוצט מען זיך מיט קאָנסטרוקציעס וואָס שטאַמען פון גאָר אַן אַנדער אינהאַלט. די טאָג־טעגלעכע שפּראַך איז ממש אָנגעפּראָפּט מיט די קונציקסטע רעטאָרישע פאַרגלייכן, זי פאַרמאָגט אויך פאַרגלייכן פון הויכן קינסטלערישן ווערט. עטלעכע ביישפּילן וועלן זיין גענוג: „ס'וועט העלפן ווי אַ טויטן באַנקעס“; „ער וואַרפט זיך ווי אַ שלאַנג“; „עס פּאַסט זיך ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט“; „גרויס ווי אַ טל ומטר אין אַ קליין סידורל“; „איך דאַרף אים ווי אַ פינפטע ראָד צום וואָגן“; „ער קוקט ווי אַ האָן אין בני אדם“; „עס גייט אים ווי אַ רשע אויף יענער וועלט“; „ער זעט אויס ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הושענה“. אַ חוץ דעם זיינען דאָ פאַרגלייכן וואָס ווערן אויסגעדריקט מעטאַפאָריש, ד. ה. זיי מיידן אויס דעם „ווי“ און שאַפן אין באַוואוסטזיין אַ דירעקטקייט. למשל: „עס וועט דויערן פון אסתר תענית ביז פּורים“. דאָס וויל זאָגן אַז עס וועט דויערן אַזוי וויניק ווי די צייט וואָס צווישן אסתר תענית און פּורים. אָפט גייט די מעטאַפאָרישע דירעקטקייט אַזוי ווייט אַז דער פאַרגלייכנדיקער מאָמענט זעט זיך אין גאַנצן ניט אַרויס. ווען מען זאָגט: „איך האָב אַייך צוגעדריקט צו דער וואַנט“, דאַכט זיך אַז דאָס איז טאַקע אַ פעסטשטעלונג פון דעם וואָס איז בוכשטעבלעך פאָרגעקומען. דאָס טוט אויף טיילווייז דער פאַקט וואָס קיין „ווי“ איז ניטאָ. אָבער סוף כל סוף איז דאָס פאָרט ניט מער ווי אַ פאַרגלייך, און דער פאָרמעלער אונטערשייד — און דער פּסיכאָלאָגישער פּראָצעס וואָס איז דערמיט פאַרבונדן — וועט אונדז דאָ ניט פאַראינטערעסירן.

די פּראָבלעמען וואָס זיינען פאַרבונדען מיט דער גאַנצער מעטאַפאָרישער מעטאָדע זיינען קודם כל פּסיכאָלאָגישע. דעריבער וועט טאַקע ניצלעך זיין זיך צו באַ־

זע יידישע שריפטן, העפט 12, ז. 66—457

קענען מיטן אופן אויף וועלכן פּסיכאָלאָגען האָבען די דאָזיקע פּראָבלעמען באַהאַנדעלט. מיר וועלן דורך דעם אײנזען סיי די מעלות, סיי די חסרונות פון דער מעטאָדע פון אַנאַליטישער אינטראָספּעקציע.

עס איז איבעריק צו דערמאָנען אַז רעטאָרישע פאַרגלײכן האָבן אַ מערקוויר־דיקן כוח צו אַפּעלירן צו אונדז. אַנדערש וואָלטן זײ ניט גע׳שאַפן געוואָרן ספּאָנטאַן אין דער שפּראַך און בכוונה אין דער קונסט. אָבער וואָס מיר לעבן איבער אין מאָ־מענט ווען מיר האָבן פאַר זיך די דאָזיקע רעטאָרישע פיגור, דאָ מוזן מיר שוין אָנ־קומען צו אַ פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז. לאָמיר פּרובירן צעטײלן די פראַגע, ווי איין אַמעריקאַנער פּסיכאָלאָג טוט עס, אויף פיר באַזונדערע פּונקטן. [1]

. וואָס קומט פאָר אין אונדז ווען צוויי אינהאַלטן ווערן פאַרגליכן. זעען מיר אָפּבילדער פון בײדע אָדער בלויז פון איין אינהאַלט? אויב דאָס צווייטע איז אמת, וואָסער טייל פונעם פאַרגלײך גיט אונדז דאָס אָפּבילד? למשל, אינם פאַרגלײך: „ער קוקט ווי אַ האָן אין בני אדם״, האָבן מיר אי אַן אָפּבילד פונם תמ׳עוואַטן קוק פון אַ מענטשן, אי פון אַן ערב יום כיפּור סצענע? האָבן מיר אפשר איין אָפּבילד יאָ און דאָס צווייטע ניט? אויב אַזוי, וואָסער אָפּבילד האָבן מיר? ווי עס זאָל ניט זיין, קע־נען מיר זאָגן אַז אַלע מענטשן זײנען גלײך אין דעם פּרט?

2. אויב אונדזער באַוואוסטזײן נעמט אויף בײדע אָפּבילדער, וואָס קומט דעמאָלט פאָר? בלײבן בײדע אין באַוואוסטזײן, אָדער אײנס פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון צווייטן? אויב אַזוי, אויב דאָס אָריגינעלע אָפּבילד פאַרשווינדט און דאָס צוויי־טע בלייבט, גייט עס אַזוי ווייט אַז דער מיין ווערט אין גאַנצן געביטן, ד. ה., מען הערט אויף אינגאַנצן צו זען דעם „תמ׳עוואַטן קוק״ און מען זעט בלויז דעם „האָן אין בני אדם״? אָדער אפשר גיסן זיך די אָפּבילדער צונויף און ס׳ווערט געשאַפן אַ גע־מיש פון בײדע?

3. אויב דאָס וואָס מיר לעבן איבער בעת׳ן רעטאָרישן פאַרגלײך איז אַ צו־נויפגאָס פון צוויי באַזונדערע אָפּבילדער, פון וואָס באַשטייט דעמאָלט דער הינטער־גרונט? יעדעס אָפּבילד האָט דאָך לכתחילה געהאַט זיין אייגענעם הינטערגרונט אין וועלכן עס איז געווען אײנגע׳פּאַסט, פון וואַנען האָט זיך דער נייער הינטערגרונט גע־נומען? אָדער אפשר איז איצט ביי דעם בוכשטעבלעכן טייל און ביי דעם פיגוראַ־טיוון טייל זיין בשותפות׳דיקער הינטערגרונט ניטאָ?

4. צי קומט דאָס פאַרגלײכן פאָר אָפּן אין באַוואוסטזײן?

לויט ווי די פיר פּונקטן זײנען אַוועקגעשטעלט געוואָרן זעט מען גלײך אַז דאָס האָט געטאָן אַ פּסיכאָלאָג וואָס האַלט פון דער מעטאָדע פון דעטאַלער אַנאַלי־טישער אינטראָספּעקציע. וואָרים די פּונקטן שטרייכן אונטער בלויז אָפּבילדער און

1) J. E. Downey, Creative Imagination, 1929, pp. 139-40.

שפירערישע אינהאַלטן, אַלץ זאַכן וואָס מיט זיי פאַרנעמט מען זיך אַזוי פיל אין דער אינטראָספּעקטיווער אַרבעט פון פּסיכאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריעס.

די אַרבעט גופא גייט אָן אויף אַ גאַנץ פּשוטן אופן. מען נעמט מענטשן וואָס זיינען טרעגירט געוואָרן צו אַנאַליזירן די אייגענע פּסיכישע איבערלעבענישן. מען לייענט פאַר זיי, אָדער מען גיט זיי אַליין צו לייענען רעטאָרישע פאַרגלייכן, דערנאָך שרייבן זיי אויף אַ באַריכט וואָס עס איז אין זייער באַוואוסטזיין פאָרגעקומען אין יענע מאָמענטן. דאָס האָט געטאָן קאַרל גראָסס. [2] ער האָט אויסגעפונען אַז ניט ביי אַלע מענטשן קומען פאָר די זעלביקע פּסיכישע פּראָצעסן אין מאָמענט פון רעטאָרישן פאַרגלייך. ער ווייזט אָן אויף פינף מעגלעכקייטן: 1) די אָפּבילדער קענען זיין בלויז אַרום דעם עיקר פון פאַרגלייך. 2) די אָפּבילדער קענען זיין בלויז אַרום דעם פיגוראַטיוון טייל. 3) עס קען זיין בלויז איין אָפּבילד פונם עיקר. 4) עס קען זיין בלויז איין אָפּבילד פון דער פיגור. 5) עס קענען זיין אָפּבילדער פוןביידע, און אַלע זאָלן זיין גלייך אינטענסיוו. אָבער פון 82 סוביעקטן אויף וועלכע ער האָט עקספּערימענטירט האָבן גאַנצע 81 איבערגעגעבן אַז זיי האָבן געהאַט אָפּבילדער פון ביידע זייטן פון פאַרגלייך. בלויז איינער האָט געהאַט אָפּבילדער נאָר פונם עיקר.

פון טייל באַריכטן ווייזט זיך אַרויס אַז דאָס וואָס עס שווימען אויף אָפּבילדער פון ביידע זייטן פונם פאַרגלייך ווערט דערמיט אָפּגעשוואַכט די עסטעטישע איינקייט, דאָס באַוואוסטזיין וואַרפט זיך פון בילד צו בילד, און דאָס פאַרגאַנצטע געפיל וואָס שיינקייט דאַרף שאַפן ווערט צעשטערט. ביי אַנדערע ווידער איז די דאָזיקע טאָפּעלטע בילדלעכקייט געווען אַ פאַרגעניגען. בכל אופן ווייזן די רעזולטאַטן אַז דער ענין איז פאַרבונדן מיט אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון יעדן מענטשן באַזונדער. קיין אַלגעמיין געזעץ איז ניטאָ אַזוי אַז די עסטעטישע הנאה פונם פאַרגלייך בלייבט אָן אַ פונדאַמענטאַלער פּסיכאָלאָגישער כאַראַקטערסטיק.

לויט אַן אַנדער טעאָריע קומט אויס [3] אַז די זאַפטיקייט וואָס ליגט אין דער הנאה פון אַ געלונגענעם פאַרגלייך שטאַמט פון דעם וואָס עס שאַפט זיך אַ בשותפות'דיקע פאָרשטעלונג, אַן אָפּבילד וואָס רעפּרעזענטירט ניט דעם אינהאַלט פון טייל פונם פאַרגלייך און ניט דעם פיגוראַטיוון, נאָר עפּעס נייעס וואָס איז גילטיק פאַר ביידע טיילן. קיין זיכערע אינטראָספּעקטיווע ראיות פאַר דעם זיינען ניטאָ. בכלל איז שווער צו פאַרשטיין ווי אַזוי אַזאַ ניי בילד ווערט אויפגעבויט און פאַרוואָס די דאָזיקע בשותפות'דיקע פאָרשטעלונג זאָל אַזוי שטאַרק אַפּעלירן צו אונדזער פּסיכיק.

פון דער אַנדער זייט, ווי מיר האָבן געזען, זיינען קלאָרע אָפּבילדער אָפּט אַ

2) Karl Groos, Das Anschauliche Vorstellen beim poetischen Gleichnis, Zeitschrift Fuer Aesthetik, 1914, B. 9, pp. 186-204.

3) Pluess, Das Gleichnis in Erzaehlen der Dichtung, 1907.

שטער אויפצונעמען דעם פולן מיין פון אַ פאַרגלייך. לויט דער דאָזיקער השערה וועט עס הייסן אַז די קלאָרקייט, די אָפּגעגרענעצטקייט פון איינצלנע בילדער מאַכט שווערער דעם פּראָצעס וואָס דאַרף זיי צונויפשמעלצן אין איין בשותּפות׳דיקער פאָרשטעלונג. פון דעם שטאַנדפּונקט וועלן אומקלאָרע אײַנדרוקן זיין אַ מעלה, און אַ געלונגענער פאַרגלייך איז ממילא אַזאַ וואָס איז לכתחילה געבויט אויף שאָטנדיקע, צעשוואומענע אָפּבילדער פון וועלכע ער ווערט געשאַפן. אַזאַ השערה קען אַמאָל זיין ריכטיק אין שייכות צו געוויסע קאָנטעקסטן. אָבער אין אַנדערע פאַלן איז זי אי קעגן די פאַקטן, אי קעגן שכל.

אָט לייען איך אפרים אויערבאַכס אַ ליד וואו איך געפין אַזעלכע צוויי שורות:

שניי, ווי זשאַר, צעגליט אויף שוואַרצע דראָטן,
צינדט אויף שויבן זילבערדיקע מאָטן.

מיר האָבן צוויי פאַרגלייכן פון איין אַלגעמיינער טעמע. אין דער ערשטער שורה איז דאָס בילד ניט גאַנץ קלאָר. דער דיכטער העלפט זיך אַרויס מיטן קאָנטראַסט וואָס צווישן ווייסן שניי און שוואַרצן דראָט. אָבער דאָס איז זייער אַבסטראַקט. מען קען ניט זען קיין שוואַרצקייט פון דראָטן בעת זיי זיינען פאַרדעקט מיט שניי. ניט בעסער איז מיט דעם „ווי זשאַר צעגליט". דראָטן קענען זיין צעגליט ביז ווייסן פייער, אָבער ווען מען טיילט אָפּ די צעגליטקייט ווי עפּעס וואָס ליגט אויף עפּעס אַנדערש — שניי אויף דראָטן — שוואַכט עס אָפּ דאָס בילד ווי מיר זיינען עס געוואוינט צו זען. פאַרקערט, „זילבערדיקע מאָטן" איז אַן אָפּגעצירקלט, אָפּגעטאָקט בילד. אָט קוק איך אויף די פאַרפרוירענע שויבן און זע שוין גאָרניט קיין שניי, קיין אייז, נאָר זילבערדיקע מאָטן. לויט דער פריערדיקער השערה וואָלט די ערשטע שורה געדאַרפט זיין געלינגענער פון דער צווייטער, דאָס הייסט אַז פון שניי און ווייסער צעגליטקייט וואָלט זיך גיכער געקענט אויסאַרבעטן אַ בשותּפות׳דיק אָפּבילד אין באַוואוסטזיין ווי פון די צייכענונגען אויף פאַרפרוירענע שויבן און זילבערנע באַשעפענישן. מיר דאַכט זיך אָבער אַז דאָס איז ניט ריכטיק. די צווייטע שורה פאַרשאַפט מער הנאה ווי די ערשטע.

ווען מיר האָבן אין זינען ניט דאָס באַוואוסטזיין פון לייענער נאָר פון קינסטלער אין מאָמענט פון שאַפן ווייסן מיר אַז אַ סך דיכטער און בעלעטריסטן, בעת זיי קאָנצענטרירן זיך אויף רעטאָרישע פאַרגלייכן זוכן זיי אַזעלכע וואו דער פיגוראַטיווער טייל איז בולט, שאַרף, און קען זיך אַריינגאָלען מיט באַזונדער שפּיציקייט אין צענטער פונם לייענערס באַוואוסטזיין. ביי י. אָפּאַטאָשון איז דאָס אַ שטענדיקער סיסטעמאַטישער דרך. באמת, זיינע קינסטלערישע דערגרייכונגען ליגן גאַנץ אָפּט אין אָט דעם דרך. אָט געפין איך אין זיין „קלאַסנקאַמף": „שטיקער נאַכט וואָס זיינען געלעגן אונטערן טישל, אונטער די שטולן און געוואַרט מען זאָל אויסלעשן די

לאָמפּן זיי זאָלן אַרויסקריכן פון די באַהעלטענישן". צום זעלביקן מין געהערט אויך ראַבאָיס פאַרגלייך אין „פּאַס פון ים": „די יונגעץ... האָבן הויך און גראָב געלאַכט צעשיטנדיק זייער געלעכטער איבערן וואַלד ווי מען שיט אויס שווערע ניס אין אַ ליידיקער קופּערנער שיסל". ניין, מען קען בשום אופן ניט זאָגן אַז אַזאַ גאַנג מוז זיין אַ שטער אין אויסאַרבעטן אַ געלונגענעם פאַרגלייך.

מען קען פאַרשטיין די אַלגעמיינע הנחה אַז דער פאַרגלייך שטעלט אַוועק דעם הויפּט־אָביעקט אין אַ ניי ליכט. אַזוי האַלט טאַקע שטערצינגער [4]) אַז די גאַנצע עסטעטישע הנאה וואָס דער פאַרגלייך גיט אונדז נעמט זיך פון דעם וואָס דאָס געשטאַלט פונם אָביעקט ווערט דערפון געביטן, און דער אומבייט איז גראָד אַזאַ וואָס לאָזט איבער אַ שטאַרקערן איינדרוק. אָבער דער דאָזיקער געדאַנק איז צו אַלגעמיין עפּעס צו דערקלערן. עס קען דאָך קיין ספק ניט זיין אַז דער פאַרגלייך טוט עפּעס אויף, בייט עפּעס, און אַז אין דעם דאַרף מען זוכן די סיבה פון די נייע איינדרוקן וואָס מיר האָבן. עס איז אָבער נאָך אַלץ פון דעם ניט געדרונגען אַז די צוגעקומענע אָפּבילדער קענען דאָס דערקלערן. מיר דאַכט זיך אַז מיר דאַרפן גיכער געניגט זיין אָנצונעמען אַז די גאַנצע אינטראָספּעקטיווע מעטאָדע פון פאָרשען די דאָזיקע פּראָבלעם איז ניט בכוח אַרויסצוברענגען קיין פאַרלאָזלעכע רעזולטאַטן.

ווען מען הייסט עמיצן לייענען, אָדער הערן, אַ רעטאָרישן פאַרגלייך כדי דערנאָך איבערצוגעבן וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין זיין באַוואוסטזיין איז דאָס זייער אַ געקינצלטער סאָרט אויפנעמען ליטעראַרישע ווערטן. דער „כדי" — די אויפגאַבע שפּעטער צו אַנאַליזירן די אייגענע פּסיכישע פּראָצעסן — ברענגט אַריין אין באַוואוסטזיין נייע פאַקטאָרן וואָס מען קען ניט קאָנטראָלירן. ממילא, ווי גוט, געטריי און אויסשעפּנדיק אַזאַ אינטראָספּעקטיווער באַריכט זאָל ניט זיין, איז אוממעגלעך צו זאָגן צי דאָס איז אַ ריכטיקע אָפּשפּיגלונג פון די פּסיכישע געשעענישן וואָס שפּילן זיך אָפּ אין מאָמענטן פון פרייען לייענען. אין אַזאַ עקספּערימענטאַלער סיטואַציע ווערט עפּעס באַפרייט און עפּעס באַגרענעצט. און ווען מען האָט ניט קיין מיטלען די אַלע שטערענישן צו קאָנטראָלירן, אָדער כאָטש צו דערגיין אין וואָס זיי באַשטייען, דעמאָלט איז שווער צו גלויבן אַז די רעזולטאַטן ווייזן אונדז טאַקע וואָס עס קומט באמת פאָר אין מאָמענטן פון רעטאָרישן פאַרגלייך. אַ חוץ דעם, די פּראָצעסן אין באַוואוסטזיין זיינען צו אָפט ניט אַזוי געטאָקט און געצירקלט. זיי זיינען לופטיק, צעשוואומען, און צושטאַנד מיט צושטאַנד שמעלצן זיך צונויף אַזוי אומבאַמערקלעך, אויף אַזאַ דין־פליסיקן אופן, אַז עס איז צו שווער זיי צו כאַפּן אין זייער באַזונדערקייט, אַפילו ווען מיר זאָלן אָננעמען אַז זיי עקזיסטירן טאַקע אין אָפּ־

4) Die Gruende d. Gefallens und Missgefallens am poetischen Bilder, Archiv f. Ges. Psychologie, 1913, B. 29, pp. 16-91.

גערזונדערטע פאָרמען, אויך גרויסע פייגל איז ניט אַזוי לייכט צו כאַפּן אין מיטן פליען.

אמת, דאָ רעדט זיך בלויז וועגן טרעניערטע סוביעקטן, מענטשן וואָס זיינען שוין געניט אין אַנאַליזירן אינטראָספּעקטיוון מאַטעריאַל. עס איז אָבער שווער צו גלויבן אַז אַפילו זיי זאָלן קענען בייקומען די געקינצלטקייט פון דער גאַנצער ספּעציעל־געשאַפענער סיטואַציע. ווען מען פרעגט אַ מענטשן: „וואָס זעסטו אין דיין פאַנטאַזיע?" איז אוממעגלעך אויסצומיידן די ווירקונג וואָס די פראַגע אַליין רופט אַרויס. מעגלעך אַז די בילדער וואָס קומען אַריין אין דמיון ווייזן זיך ערשט נאָך דעם ווי די פראַגע ווערט געשטעלט. מעגלעך אַז פריער זיינען דאָרט געווען אַנדערע בילדער, אָדער אַנדערע פּסיכישע איבערלעבענישן וואָס האָבן מיט קיין אָפּבילדער גאָר ניט צו טאָן. די דאָזיקע מניעות וואַרפן זיך ממש אין די אויגן. די פּסיכאָלאָגן וואָס האַלטן פון אַזאַ מין אַנאַליטישער אינטראָספּעקציע ווייסן דערפון, נאַטירלעך, און זוכן דאָס צו פאַרגיטיקן. עס ווייזט זיך מיר אָבער אויס אַז מען וועט קיינמאָל ניט קענען פאַרריכטן דעם פעלער ווייל ער ליגט אין דער מעטאָדע גופא. וויטגייענדיקע אַנאַליטישע אינטראָספּעקציע ביי עקספּערימענטאַלע באַדינגונגען איז אַ גליטשיקער וועג וואָס מוז אַראָפּפירן פון געזונטן דרך פון נאָרמאַלע, דירעקטע מענטשלעכע איבערלעבענישן. און אויב דער דאָזיקער וועג האָט געבראַכט דערצו מען זאָל זיך כסדר אָפּשטעלן אויפן כאַראַקטער פון די אָפּבילדער און דאָרטן זוכן די ענטפערס אויף די פראָבלעמען פון רעטאָרישן פאַרגלייך, איז טעאָרעטיש גאַנץ שווער זיך צו פאַרלאָזן אויף די רעזולטאַטן.

דער דאָזיקער אויפפיר קען אין פלוג אויסזען מאָדנע, ווייל ער איז ניט שוה בשוה מיט די איינדרוקן פון רוב קינסטלער און לייענער. ביי אַ סך קומט אויס אַז די שניידיקע בולט׳קייט מיט וועלכער אַ בילד רייסט זיך אַריין אין צענטער פון באַוואוסטזיין שאַפט דעם עפעקט פון אַ געלונגענעם פאַרגלייך. אַז די דאָזיקע בולט׳קייט טוט עפּעס אויף וועגן דעם קענען דאָך קיין חילוקי־דעות ניט זיין, אַנדערש וואָלטן קינסטלער זיך ניט באַנוצט מיט דער דאָזיקער מעטאָדע. אָבער גענוי אין וואָס דער אויפטו באַשטייט, און צי ער קען אַלעמאָל דערקלערט ווערן אויפן זעל־ביקן אופן, דאָס דאַרף מען נאָך אויסגעפינען.

די דאָזיקע ספקות וועלן בעסער פאַרשטאַנען ווערן ווען מיר וועלן אַ ווײַלע זיך אָפּשטעלן אויף דער ראָלע פון אָפּבילדער און דענקען בכלל. אָט למשל זאָג איך אַרויס אַזאַ מין געדאַנק: „דער צדיק האָט געשאַפן די חסידישע באַוועגונג, דער צדיקיזם האָט זי אומגעבראַכט". פּרובירט איצט אַנאַליזירן אייער באַוואוסטזיין און זיך אַליין אָפּגעבן אַ דין וחשבון וואָס דאָרט קומט פאָר. רופן די ווערטער אַרויס אין אייער דמיון געוויסע אָפּבילדער? וואָס זעט איר? וואָס הערט איר? וואָס שפּירט

איר? אפשר האָט איר בלויז אָפּטישע פּאַרשטעלונגען פון די באַנוצטע ווערטער? אפשר הערט איר בלויז קלאַנגען „צדיק", „צדיקיזם", אאז"וו? אפשר האָט איר גאַר אַ מין נאָך־געפיל פון דער אָנשטרענגונג פון די האַלדז מוסקלען בעת מען רעדט אַרויס אַזעלכע ווערטער? בקיצור, פון וואָס באַשטייט דער שטאָף פון אייער דענקען? איז דאָס בלויז שפּירערישער מאַטעריאַל, ד. ה. אָפּבילדער פון פאַרשיידענע חושים, אָדער קאָמבינאַציעס פון זיי? אפשר קען מען אויך דענקען ווען מען האָט ניט אין באַוואוסטזיין קיין שום מאַטעריאַל פון די חושים?

די דאָזיקע פּראָבלעמען האָבן אויפגערודערט און געהאַלטן געשפּאַנט די גאַנצע פּסיכאָלאָגישע וועלט אין אָנהויב פון איצטיקן יאָרהונדערט. אין דער פּסיכאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע פון ווירצבורג, פון וועלכער דער באַרימטער אָ. קילפּע איז געווען דער פירער, זיינען געמאַכט געוואָרן אַ ריי זייער אָנגעשטרענגטע, וויטגייענדיקע און דעטאַלע עקספּערימענטן פון פאַרשיידענע פאָרשער. זיי זיינען געקומען צום אויספיר אַז דענקען קען אויך אָנגיין אָן שום שפּירערישן מאַטעריאַל. עס איז פאַראַן אַן אַנדער שטאָף, ניט קיין אָפּבילדער, אויף וועלכן געדאַנק־פּראָצעסן קענען זיך האַלטן. דאָס איז די טעאָריע פון דער אַזוי־גערופענער ווירצבורגער שול.

אַנדערע פּסיכאָלאָגן האָבן זיך אויך עקספּערימענטאַל אַריינגעגראָבן אין דעם ענין און זיך געשטעלט קעגן דער דאָזיקער טעאָריע. יענע האָבן געהאַלטן אַז עס קענען ניט פאָרקומען קיין דענק־פּראָצעסן אָן שפּירערישע אָפּבילדער. אויב דער עקספּערימענטער קען זיי ניט כאַפּן, האָבן זיי גע'טענה'ט, איז דאָס דערפאַר ווייל ניט אַלע אָפּבילדער זיינען קלאָר און אָפּגעגרענעצט. טייל ליגן ביים ראַנד פון באַוואוסטזיין, אַנדערע טרעטן אַרויס ניט בולט, אאז"וו.

די וויכוחים האָבן זיך זייער לאַנג געצויגן, און ווי אַלע וויסנשאַפטלעכע וויכוחים האָבן זיי בכל אופן געבראַכט זייער גרויסן נוצן. פון די אַלע צענדליקער פאָרשונגען פון ביידע צדדים האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער דענק־פּראָצעס איז אַ סך קאָמפּליצירטער ווי מיר האָבן פריער געמיינט. זוכנדיק דעם „נאַקעטן" געדאַנק האָט מען דערוויל געפונען צאַרטע, לייכט־אָנרירנדיקע שייכותן און די אומגעהייערע ראָלע פון ריין פיזיאָלאָגישע פּראָצעסן אין יעדן אַקט פון דענקען. עס זיינען פאַראַן אַ סך אומבאַוואוסטזיניקע טענדענצן, איינגעשטעלטע באַציאונגען וואָס באַשטימען די ריכטונג פון אַ געדאַנק. עס זיינען אויך פאַראַן בלאָסע אָפּבילדער וואָס עס איז זיי שווער אויפצוכאַפּן, און זיי באַאיינפלוסן אי דעם הינטערגרונט, אי דעם אינהאַלט פון די אַזוי־גערופענע אינטעלעקטועלע פּראָצעסן. אין דענקען קומען פאָר זאַכן וואָס עס איז בכלל גאָרניט אַזוי לייכט צו זיי באַשרייבן. פאַראַן אַ געפיל פון אַ לעצטן פּועל יוצא וואָס דאַרף דערגרייכט ווערן, אַ געפיל פון דער ריכטונג אין וועלכער דער געדאַנק אַנטוויקלט זיך, אַ געפיל פון דער כסדר'דיקער אָריענטאַציע, פון אַ מין פּסיכי־

שער סביבה וואָס רינגלט אונדז אַרום, געפילן פון עפּעס וואָס איז ניי, באַקאַנט, זיכער, לייכט, שווער, פון די שייכות׳ן צווישן די אַרויפשווימענדיקע געדאַנקען, אאז״וו.

אין ליכט פון די דאָזיקע רעזולטאַטן ווערן נאָך האַרבער די פּראָבלעמען פון רעטאָרישן פאַרגלייך. די פריערדיקע באַריכטן פון די עקספּערימענט־סוביעקטן זעען אויס צו זיין אַ בלאַסער שאָטן פון ווייט־פאַרצווייגטע און פאַרפלאָנטערטע פּסיכישע געשעענישן. עס איז גאַנץ נאַטירלעך אַז אין אַזעלכע פאַלן זאָל מען זיך ווענדן קודם כל צו דעם וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן. דאָס זיינען זיכער די שפּירערישע אָפּביל־דער. אָבער איצט, גלויב איך, זיינען מיר שוין גרייט איינצוזען אַז אין בעסטן פאַל איז ניט קיין מוז אַז אָפּבילדער זאָלן האָבן אַ דעצידירנדיקן איינפלוס, און טייל מאָל זיינען זיי בלויז אַ מין מאַטעריעלער פורעם פון אַ רייך גייסטיק לעבן.

עס וואָלט זיכער געווען אוממעגלעך צו דערקלערן די פאַרשיידענע עפעקטן פון איינצלנע ווערטער דורך די בילדער וואָס זיי רופן אַרויס אין אונדזער דמיון. איך קען מיר ניט פאָרשטעלן אַז אַ פּסיכאָלאָג זאָל היינטיקע צייטן גאָר מאַכן אַזאַ השערה. מען קען אפשר רעכענען אַז ביים רעטאָרישן פאַרגלייך איז דאָס אַנדערש. קודם כל זיינען דאָס על פּי רוב ספּעציעל געשאַפענע קאָנסטרוקציעס ניט ווי ווערטער וואָס זיינען גע׳ירש׳נטע סימבאָלן. דער פאַרגלייך צייכנט זיך אויך אויס מיט זיין לאָגישן געבוי און מיט זיין בילדלעכקייט. ממילא, קען מען מיינען, אַז דאָס איז גאָר אַן אַנדער מין פּסיכישע איבערלעבעניש וואָס דאַרף גאָר אַנדערש דערקלערט ווערן. מיר דאַכט זיך אָבער אַז דאָס איז פאַרפירעריש. די פּסיכאָלאָגיע פון פאַגלייך איז, מיט די גע־העריקע קוואַליפיקאַציעס, די פּסיכאָלאָגיע פון שפּראַך בכלל. וואָס מער איך טראַכט וועגן דעם ענין אַלץ מער זע איך איין אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ ספּעציעלער שפּראַך, וואָס קינסטלער — און אַלע מענטשן אין זייערע קינסטלערישע מאָמענטן — מוזן אָנקומען צו איר כדי דורכצוברעכן די פאַרצאַמונגען און אויסצומיידן די אָרגאַ־נישע חסרונות וואָס ליגן אין דער געוויינטלעכער, פעסטשטעלערישער, ניט־פיגוראַ־טיווער שפּראַך. אַביסל גענויער וואָס דאָס באַטייט וועט אונדז באַלד קלאָר ווערן.

### 3.

### אבסטראַקטע און קאָנקרעטע פאַרגלייכן

איך בין אונטערן איינדרוק אַז די פאָרשער וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן רעטאָרישן פאַרגלייך זיינען פאַרפירט געוואָרן פונם אופן אויף וועלכן שרייבער רעדן געוויינטלעך וועגן דעם ענין. ווען שרייבער ווילן אָנווייזן אויף דער געלונגענקייט אָדער אומגעלונגענקייט פון אַ פאַרגלייך שטעלן זיי זיך אָפּ דער עיקר אויפן בילד וואָס מיר באַקומען פון אים. עס קומט ביי זיי אויס אַז די פּסיכישע ווירקונג אויפן לייענער ליגט קודם כל אינעם בילד. דאָס פירט צו דעם אַז מען זאָל זיך אָפּשטעלן ניט אויפן

פארגלייך אין זיין גאַנצקייט נאָר אויף די איינצלנע ווערטער וואָס סימבאָליזירן ביל־דער. דער אַנאַליז איז דעריבער געגאַנגען אַזוי ווייט אַז ער האָט צעבראָכן די פיגור אויף איינצלנע חלקים און מען האָט געזוכט אין יעדן באַזונדערן חלק דאָס וואָס בלויז אַ גאַנצע פיגור קען געבן. ווען מיר באַטראַכטן אַ געאָמעטריש ווינקל דערזעען מיר גלייך אַז עס באַשטייט פון צוויי ליניעס. עס וואָלט אָבער געווען אַן אומזיסטע אַרבעט ווען מיר צעטיילן די ליניעס און זוכן אין יעדער באַזונדער דאָס בילד פונם ווינקל. אַן אַנאַליז וואָס גייט צו ווייט קען אַמאָל צעשטערן גראָד דאָס וואָס מען וויל דערקלערן.

אַ חוץ דעם דאַרף מען זיין שטאַרק געהיט בנוגע דער מעטאָדע וואָס מיר באַ־נוצן אין פאָרשן. וואָרים עס איז וויכטיק צו האָבן אין זינען אַז בעת מען באַקענט מענטשן מיט געוויסע רעטאָרישע פאַרגלייכן און מען פאַרלאַנגט פון זיי אַן אינטראָספּעקטיוון דין־וחשבון וועלן זייערע באַריכטן זיין אָפּהענגיק ניט בלויז פונם אופן אויף וועלכן זייער פּסיכיק פונקציאָנירט נאָר אויך פונם כאַראַקטער פון פאַרגלייך וואָס זיי האָבן פאַר זיך. אַן אַנדער פאַרגלייך וואָלט אפשר געגעבן אַנדערע רעזולטאַטן. און אַזוי ווי פאַרגלייכן זיינען פאַראַן פון די פאַרשיידנסטע סאָרטן איז דעריבער נייטיק זיך אָפּצו־שטעלן ניט בלויז אויף דער פּסיכישער טבע פונם לייענער נאָר אויך אויף די באַ־זונדערע אייגנשאַפטן פון די פאַרשיידענע פאַרגלייכן. מעגלעך אַז ווען מיר וועלן גיין אויף אַזאַ וועג וועלן מיר אויסגעפינען בשותפות׳דיקע שטריכן וואָס זיינען כאַראַק־טעריסטיש פאַר אַלע פאַרגלייכן. דאָס וועט געבן אַן אויסגאַנג־פונקט פאַר דער גאַנ־צער מעטאַפאָרישער מעטאָדע.

אָט איז אַ מעטאַפאָר וואָס צייכנט זיך אויס מיט זיין זייער קאָנקרעטער בילד־לעכקייט. דאָך, ווען מיר זאָלן האָבן בעת׳ן לייענען אַ קלאָר אָפּבילד אין דמיון וואָלט דער גאַנצער עפעקט צעשטערט געוואָרן. אין מנחמס „גייער" געפין איך:

און ווער האָט מיך געשיקט
אַז איך זאָל שלעפּן שטיינער פון מיין זאַק
און וואַרפן אין די שויבן פון דער וועלט ?

די „שטיינער", דער „זאַק" און די „שויבן" זיינען קאָנקרעט און באַגרענעצט, די „וועלט" איז אַבסטראַקט און אומבאַגרענעצט. כדי די פיגור זאָל האָבן עפּעס אַ בילד־לעכן זינען וואָלט מען די „וועלט" געדאַרפט זען ווי עפּעס אַ געביידע מיט פענסטער אין אַ שטאָטישער גאַס. אָבער דאָס וואָלט נאַטירלעך אַ תל געמאַכט פון דער גאַנצער פיגור. עס איז איבעריק צו זאָגן אַז דאָס איז ניט אַזוי. מען דאַרף נאָך צוגעבן אַז פיגורן פון דעם מין זיינען פאַראַן זייער אַ סך, און מיר האָבן ליב די ווירקונג וואָס זיי האָבן אויף אונדז. היינט אויב ניט פונם בילד, טאָ פון וואַנען נעמט זיך דער עפעקט ?

לאָמיר גיין אַביסל ווייטער. מיר וועלן שטעלן אַזאַ פראַגע: וואָס קומט פאָר אין אונדזער באַוואוסטזיין ווען מיר באַגעגענען אַ פיגוראַטיווע פאָרם וואו אַ קאָנקרעט אָפּבילד פון מעטאַפאָרישן אינהאַלט איז בכלל ניט שייך? אַז אַזעלכע פאַרגלייכן זיינען דאָ, און אין גאָר אַ היפּשער צאָל, וועט אונדז באַלד קלאָר ווערן.

ווען מיר זאָגן: „עס פּאַסט זיך ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת" ווילן מיר דערמיט אויסדריקן די ניט־שייכות׳דיקייט פון צוויי געשעענישן. וואָסער בילד קען דאָס אַרויסברענגען? אַזעלכע ווערטער ווי „פּאַטש" און „גוט־שבת" קענען נאַטירלעך — ווי ווערטער בכלל — אַרויסרופן אין אונדזער פאָרשטעלונג די פאַרשיידנסטע אָפּביל־דער. אָבער טראַכט זיך אַריין אַ רגע אינם ענין וועט איר גלייך איינזען אַז וואָסערע בילדער דאָס זאָלן ניט זיין וועט זיך, אויף אַ דירעקטן אופן, אַלץ ניט באַקומען קיין עפעקט פון ניט־שייכות׳דיקייט. וואָרים דאָס לעצטע איז אונדזערס אַ לאָגישער צוגאַנג צו די באַציאונגען צווישן געשעענישן אין אַ באַשטימטן קאָנטעקסט, און ליגט ניט אין די געשעענישן גופא. יעדע אויסשטעלונג ווייזט אונדז בילדער פון די פאַרשיידנסטע סאָרטן, אָבער מיר האָבן ניט קיין געפיל פון ניט־שייכות׳דיקייט בעת מיר קוקן אויף זיי.

פאַרגלייכן וואו דער ציל איז צו שאַפן אַן איינדרוק פון ניט־שייכות׳דיקייט זיי־נען פאַראַן זייער אַ סך אי אין דער ליטעראַטור אי אין דער פאָלק־רעטאָריק. ווען מיין אַמאָליקער רבי פלעגט מיך עפּעס פרעגן און איך האָב געענטפערט ניט צו דער זאַך פלעגט ער געבן אַ זאָג כהאי לשנא: „מה־דאַך אַ לעבל ברויט איז קיילעכיק, פונ־דעסטוועגן שלאָגט מען כפּרות מיט אַ ווייסן האָן איז דאַך פון דעם געדרונגען אַז מען טאָר ניט טרינקען קיין זויערמילך אָן אַ היטל". דאָס פאָלק זאָגט אויך אין אַזאַ פאַל: „פון דעם איז געדרונגען אַז די קאַטשקעס גייען באָרוועס". מיט וואָסער שטאָף אַר־בעט דעמאָלט אונדזער באַוואוסטזיין און אונדזער פּסיכיק בכלל? עס איז קלאָר אַז אָפּבילדער, אויף וויפיל זיי זיינען אָפּגעזונדערטע איבערלעבענישן, זיינען פּאָזיטיווע פאַקטן יעדעס אין זיך אַליין. די שייכות פון ניט־שייכות׳דיקייט קען ניט ליגן אין זיי, איז באמת דער היפּוך פון דעם וואָס זיי זיינען אין זייער באַזונדערקייט בכוח צו געבן. און דאַך מוזן מיר מודה זיין אַז געלונגענע מעטאַפאָרישע אויסדרוקן פון ניט־שייכות׳־דיקייט פאַרשאַפן אונדז גרויס הנאה. זיי האָבן אויך אַ וויציקן אַספּעקט און פילן אָן אונדזער געמיט מיט דער לייכטקייט פון הומאָר. וואָסערע מאָמענטן אינם פאַרגלייך זיינען די סיבה דערפון?

וועלן מיר מאַכן נאָך אַ טראָט און צוקומען צו אַ פאַרגלייך וואָס וויל אַרויס־ברענגען אַ נעגאַטיווע אידייע: „איך דאַרף עס ווי אַ פינפט ראָד צום וואָגן", ד. ה., איך דאַרף עס ניט. ווען מיר זאָלן זיך פאָרשטעלן אַ וואָגן מיט רעדער איז ניטאָ קיין שאָטן פון אַן איינדרוק פון ניט־נייטיקייט. אַ וואָגן מיט פינף רעדער איז אַ גאַנץ

שיין בילד וואָס באַפרידיקט, און דאָס איז פּונקט דער היפּוך פון איבעריקייט. דאָס פינפטע ראָד אין אַ וואָגן איז ניט בייטיק פון שטאַנדפּונקט פון געוויסע פיזישע געזעצן, אָדער פון דער געוואוינהייט צו זען תמיד וואָגנס מיט פיר רעדער. אָבער דאָס אָפּ־בילד אַליין קען דאָס אונדז בשום אופן ניט ווייזן.

און אַט וועלן מירן מאַכן נאָך אַ טראַט און באַטראַכטן אַ פאַרגלייך וואָס וויל אַרויסברענגען דווקא עפּעס פּאָזיטיווס אָבער די פיגוראַטיווע זייט שטאַמט ניט פון דער רעאַלער וועלט: „עס גייט אים ווי אַ רשע אויף יענער וועלט". דאָס זאָגט מען וועגן אַ מענטשן וואָס עס גייט אים ניט גוט, ווען ער האָט ניט קיין פּרנסה, למשל. קאָנ־קרעטע אָפּבילדער וועגן דעם וואָס מען טוט מיט רשעים אויף יענער וועלט קענען האָבן צו טאָן מיט ברענען, בראָטן און אַנדערע פיזישע פּיין אין גהינום. אָבער עס וואָלט געווען אוממעגלעך צו פאַרשטיין פאַרוואָס דער געדאַנק וועגן אַ מענטשן אָן פּרנסה זאָל בולטער אַרויסגעבראַכט ווערן ווען מיר שטעלן אים לעבן אַן אַנדערן וואָס פרעגלט זיך אין קאָכעדיקער סמאָלע.

בכלל, די וואָס טראַכטן תמיד וועגן בילדער און בילדלעכקייט בעת זיי רעדן וועגן פאַרגלייכן פאַרבלאָנדזשען, דאַכט זיך מיר, אין לאַבירינטן פון וועלכע זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט קענען אַרויספּלאָנטערן. פון זייער שטאַנדפּונקט קען מען באַין אופן ניט דערקלערן די געבראַכטע סאָרטן פאַרגלייכן. מען וועט אויף אַזאַ אופן אויך ניט קענען דערקלערן דעם עפעקט פון געוויסע פאַרגלייכן וואָס מען געפינט זייער אָפט אין מאָדערנער ליטעראַטור בכלל און מאָדערנער פּאָעזיע בפרט. איך האָב דאָ אין זי־נען יענעם סאָרט מעטאַפאָריק וואָס פאַרוויקלט אַבסטראַקטע באַגריפן. נעמט, למשל, אַזאַ פאַרגלייך ביי י. גלאַטשטיינען:

„און אַפילו טאַטע־מאַמע זיינען פאַר מיר געווען
פאַרבענקטע פּרעסקאָס אַמאַליקייט".

מען קען אַפילו ניט חושד זיין אַז מיט „פּרעסקאָס אַמאַליקייט" ווערט געמיינט צו געבן אַן אָפּבילד וואָס מען קען עס אויפנעמען מיט די חושים, און דאָך קען מען ניט לייקענען אַז אַזאַ גאַנג קען זיין אַ גאַנץ עפעקטפולע מעטאַפאָרישע מעטאָדע.

דער אָנהענגער פון דער טעאָריע אַז געדאַנקען־שטאָף באַשטייט פון שפּירע־רישן און אָפּבילדערישן מאַטעריאַל וועט מסתמא ענטפערן אַז דער דאָזיקער מאַטע־ריאַל גופא איז ניט דער אינהאַלט נאָר בלויז אַ צייכן, אַ טרעגער פון אַ באַשטימטן מין. דאָס איז פּונקט ווי ביי סימבאָלן בכלל. דאָס וואָרט „טיש" ווייזט אָן אויף אַ גאַנץ באַשטימטן ווייזפּונקט, כאָטש אַליין האָט עס ניט קיין פיס און מען קען דערויף ניט עסן. אָבער דאָס ברענגט אונדז אַ האָר ניט נעענטער צום ענטפער אויף אונדזערע פּראָבלעמען. וועגן ווערטער ווייסן מיר אַז זיי זיינען בלויז פאָרמעלע צייכנס. יעדע שפּראַך האָט אַנדערע צייכנס־ווערטער — וואָס זיינען געווענדט צו אַ באַשטימטן

ווייזפונקט. היינט אויב אין רעטאָרישן פאַרגלייך זיינען די אָפּבילדער בלויז צייכנס, טאָ וואָס זשע איז דער ווייזפונקט?

עס קומט אויס אַז דער ווייזפונקט באַהאַלט זיך עפּעס אויף אַ סודות׳דיקן אופן אין צייכן גופא. אָבער אויב אַזוי איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס דער פאַרגלייך זאָל אונדז באַזונדערס געפעלן. אָט איז אַזאַ מין פאַרגלייך: „מיט פולע, ברוינע באַקן, ווי קאָרע פון גוט אויסגעבאַקן געבייטלט ברויט" (אַפּאַטאָשו: „פון ניו יאָרקער געטאָ"). פאַרוואָס זאָלן באַקן מער געפעלן ווען זיי ווערן אויפגענומען ווי קאָרע פון ברויט? פאַרוואָס זאָל דאָס זיין אַ קינסטלעריש געווינס? די דאָזיקע פראַגן ווערן נאָך האַר־בער ווען מיר דערמאָנען זיך, ווי איך האָב פריער אָנגעוויזן, אַז פיגוראַטיווע בילד־לעכקייט שפּילט אָפט קיין ראָלע ניט, איז נאָך אַפילו אַ שטער. היינט אויב אַזוי, וואָס איז פאַרט די פונקציע פונם פאַרגלייך? ווי אַזוי דערגרייכט ער זיין ציל? צו וואָס דאַרף מען בכלל אַז איין בילד זאָל פאַרטרעטן אַ צווייטס, איין געדאַנק אַ צווייטן, איין שטימונג אַ צווייטע?

לאָמיר זיך נאָך אויף אַ ווײַלע אומקערן צו דער מעטאָדע פון וואָרט־סימבאָליק. מיר האָבן פריער געזען אַז דאָס וואָרט איז אין זיך אַליין אַ גרופּירטער איינס פון פאַרשיידענע עלעמענטן, און עס ווערט גענוצט ווי אַ צייכן וואָס שיקט אונדז אָפּ צו אַן אַנדער גרופּירטן איינס, אַ ווייזפּונקט, וואָס באַשטייט פון אַנדערע סאָרטן עלע־מענטן.ביידע צוזאַמען, צייכן און ווייזפונקט, געהערן אָבער צו דער זעלביקער סיס־טעם. די סיסטעם אַרבעט אַזוי אַז ניט אַלעמאָל גייען מיר פון וואָרט צום מיין. עס קען אויך פאָרקומען פאַרקערט. מיר הייבן אָן מיטן מיין און ענדיקן מיטן וואָרט, ד. ה. דער מיין ווערט דער צייכן און דאָס וואָרט דער ווייזפונקט. דאָס טרעפט דעמאָלט ווען מיר קוקן, למשל, אויף אַ זאַך, אָדער אַ געשעעניש, און דערמאָנען זיך אָן די ווער־טער וואָס באַצייכענען זיי. ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַן אײַנגעשטעלטער סיסטעם איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן אַז דער פּראָצעס קען גיין אי אַהין, אי צוריק.

אָבער אַזוי ווי דער ווערטער־אוצר, אַפילו פון דער רייכסטער שפּראַך, איז צו באַגרענעצט אין פאַרגלייך מיט דער עשירות פון פסיכישן לעבן, מוזן אונדז בלייבן אַ סך ווייזפונקטן וואָס האָבן ניט קיין אַדעקוואַטע ווערטער זיי צו פאַרטרעטן. מיר ראַטעווען זיך פון דער דאָזיקער לאַגע אויף פאַרשיידענע אופנים. איינס פון די מיט־לען איז צו צווינגען אַלטע צייכנס זיי זאָלן זיך ווענדן צו נייע ווייזפונקטן. אַזאַ ביי־שפּיל געפינען מיר אינם אופן ווי עס ווערט באַנוצט דאָס וואָרט „דאַך" אינם זאָגן: „אַ מענטש דאַרף האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ". אָט איז נאָך אַ ביישפּיל וואָס מיר איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אויסגעקומען צו הערן. אינם הויז וואו א. ליעסין האָט גע־וואוינט איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק אויפן דיכטערס נאָמען. ביי דער פייע־רונג וואָס מען האָט געמאַכט לכבוד דער געשעעניש האָט ש. ניגער אין זיין רעדע

געמאַכט אַזאַ באַמערקונג: „פאַר דער גרעסטער צאָל מענטשן וואָס געפינט זיך דאָ איז א. ליעסין אַ שכן, אַן איינוואוינער, אָבער פאַר דער יידישער ליטעראַטור איז ער אַ לענדלאָרד״.

דער צייכן „לענדלאָרד״ האָט זיין אַלטן ווייזפּונקט, גראָד אַזאַ וואָס זיין עובדא איז ניט אַרויסצורופן קיין וואַרעמע געפילן. אָבער דורך אַן אומבייט אינם קאָנטעקסט האָט דאָס אַלטע וואָרט געגומען באַצייכענען אַ נייעם באַגריף, אַזאַ וואָס וועקט ספּעציעלע וואַרעמע געפילן און דרך ארץ. עס איז ווערט צו געדענקען — אַ זאַך וואָס וועט אונדז נאָך שפּעטער פאַראינטערעסירן — אַז דער עפעקט פון דער דאַזיקער מאַניפּולאַציע ווערט שטאַרקער דערמיט וואָס בעת „לענדלאָרד״ האָט גע־ביטן זיין געוויינטלעכן טייטש איז „שכן״ אויפגעהאַלטן געוואָרן אין זיין אָנגענומע־נעם זינען. מענטשן ווענדן אָפּט אָן דאָס דאָזיקע מיטל. פאַראַן קינסטלער וואָס ווייזן אַרויס גרויס כוח אין בייטן די ריכטונגען פון וואָרט־צייכנס דורך אויפבויען נייע, אומגעריכטע קאָנטעקסטן.

די דאָזיקע מעטאָדע איז אויך פאַרבונדן מיט געוויסע סכנות. עס איז פאַראַן אַ געפאַר אַז דער צייכן וואָס ווערט אָפּגעריסן פון זיין אַלטן ווייזפּונקט זאָל אַלץ נאָך טראָגן אויף זיך סימנים פון געוויסע אַספּעקטן פון זיין פריערדיקן טייטש, וואָס דאָס וועט ממילא שטערן אויפצונעמען דעם נייעם מיין. ביי מאַני לייבן איז פאַראַן אַ בילד פון אַ גאַס אין ניו יאָרק וואו עס מישן זיך אויס:

„אויטאָמאָבילן און פרויען און פערד״.

דער דיכטער באַנוצט זיך דאָ אויף אַ זייער אומדירעקטן אופן מיט דער אַנ־געוויזענער מעטאָדע. וואָרים „פערד״ האָט נאָך אַלץ דעם זעלביקן טייטש, וואָס באַ־טייט אַ געוויסע באַשעפעניש, עס ווערט בלויז אָוועקגענומען די באַליידיקונג־קוואַ־ליטעט וואָס „פערד״ האָט אין יידיש. האָט מען מיר דערציילט אַז אַ פּשוטע פאָלקס־פרוי האָט צופעליק געהערט לייענען דאָס ליד און שטאַרק פּראָטעסטירט. דער „פרוי־ען און פערד״ האָט אויף איר געמאַכט דעם איינדרוק ווי דער דיכטער וואָלט גע־וואָלט באַליידיקן פרויען.

דאָס איז אַ ווייט גייענדיקער ביישפּיל. אַזאַ מין לייענען טרעפט זיך גאַנץ זעלטן ביי אַ מער קולטורעלן מענטשן. אָבער אויף אַ שוואַכערן אופן קען זיך דאָס טרעפן ביי יעדן פון אונדז. דאָס איז באַזונדערס מעגלעך ווען מיר ווילן בייטן ניט די סובסטאַנטיווע נאָר בלויז די אַדיעקטיווע באַצייכענונג פון ווערטער.

סיי ווי איז דאָס אַ גרויסע הילף ביים אַריבערשפּרייזן דעם תהום וואָס צווישן דער אָרימער שפּראַך און דער רייכער פּסיכיק. דאָ טאַקע ווייזט זיך אויך אַרויס דער כוח וואָס ליגט אין די פונקציעס פון רעטאָרישן פאַרגלייך.

# מיין זיידע

(ליד)

(פון בוך „אויטאָביאָגראַפיע״)

פון

## א. י. קריזאַווסקי

געפעלט מיין טאַטן ניט דעם שעפערס קעניגרייך —
שוין ס׳צווייטע מאָל געראַטעוועט פון אונדזער טייך;
ער מאָלט די וועלט מיט מרה־שחורהדיקע פאַרבן:
„און ניט נאָר לעבן, לאָזט מען ניט — מ׳לאָזט אויך ניט שטאַרבן״.

די מאַמע, בלאַס, זי גלעט מיין האַנט, די מאַמע — קראַנק,
און קראַנקערהייט בין איך איר קראַנקסטער וועב־געדאַנק.
און נאָך אַ טאָלקעווען אַ סך פון זיפצן, ריידן,
איך זיץ אין וואָגן — ס׳פירט אַ גוי׳טשיק מיך צום זיידן.

דער זיידעלע אַ גוטינקער, מיט ווערטלאַך, קלוג,
עס נעמט מיין האַרץ מיך דורך, זיין ליבשאַפט־שאַרפער קוק.
ער טוליעט מיך צום האַרץ, זיין בליק פאַרציט אַ נעפל,
ער גיט מיר מילך מיט לעקעך, קושט מיך אויפן קעפל.

ער וואַשט און צוואָגט מיך, נעמט מיך וואַרעם אויפן שויס,
מאָלט־אויס אויף רויט און לערנט מיר דעם „אלף בית״;
דער זיידעלע, אַ קלייניקער, אַ לייכטער, זשוואוער
צום שול — מיר קייקלען זיך פון בערגל — „ביידע־חבר״.

נאָר ווי דער זיידע גוט, אַזוי די באָבע שלעכט ;
דער זיידע לאַכט : „דער קאָזאַק שעכט און בלייבט גערעכט".
דערפאַר נישטאָ נאָך אויף דער וועלט ווי זי — אַ בריה
און רק זי שמייעט, שייערט, קראַצט און שעלט : „חחחאָלעריע".

נאָר קומט צו פרומקייט, איז די באָבע פרימער פרום !
זאָגט תחינה׳ס גייענדיק און שטייענדיק און אומעטום,
גיסט אָן אַ „טייכל" וואַסער אויפן טיש, צו „קריאת־שמע",
חלילה, טאָמער שלאָפט זי אַיין צו „לישועתך־קיוויתי".

נאָר ס׳איז דער זיידע גוט, איז מיר באַם זיידן גוט,
ער ווייזט מיר אַלץ וואָס ער צעמייסטרעוועט און טוט,
קלערט־אויס מאַשינעס, רעדלעך דריידלאַך — „חוכא־טלולא׳ס",
און פאַר די שוסטער פון די שטעטלאַך — שניצט קאָפּולעס.

פלעגט אָנקוועלן פון זיידעס חכמה, שאַרפן וויץ
דער גרויסער גראַף, וועלמאזשנע וואגנער־דאמעניץ,
דער גרעסטער שררה פון דער געגנט דער באַוואוסטער —
דער זיידע לערנט אים, בשתיקה, פאַר אַ שוסטער.

און דאַרף אַ גביר אַ שיינע הויז — איז בויט דער זיידע אויס,
אַ פּריץ וויל אַ ברויז — מיין זיידע „שטעלט" די ברויז,
אַן ארון קודש, הירשן, לייבן — אַלץ־אַלץ שניצט ער,
און א מצבה, פול מיט גראַמען — ס׳לעבט אַזש ! — קריצט ער.

באַ אים „נישט קאָנען"— „ס׳קאָן ניט זיין גאָר אַזאַ זאַך.
מיט פּריצים און „נאַטשאַלסטווע" שפּילט ער דאמקעס, שפּילט ער שאַך.
אין גאַנצן קאַנט, פון ליפּטש ביז טראַב און אַזש ביז סקידל,
מ׳אַכט אָפּ דעם זיידן „שפּילן טיש" — פּס... אַ שפּאַס זיין פידל !

באַ וועמען נעמט מען פאַר אַ קראַנקן זומער אַייז ?
און ווער שנֵיידט אָויס פון הינעֶר־וואָליעס „סם פאַר מייז ?"

ווער היילט צעבראָכענע נשמות, מיט אַן עצה ?
צו וועמען קומט מען נאָך אַ פּליאַסטער צו אַ פּלייצע ?

פאַרגלוסט זיך „אײנגעמאַכץ״ אַ טראַגעדיקער פּרוי,
צעברעכט זיך וואו אַ וואַזע, צי פון שמאלץ אַ סלאָי —
מען קומט צום זיידן — אַלץ צום זיידן ! — טויזנט זאַכן !
מ׳זאָל אַלץ דערציילן — קאָן מען שטאַרבן אַזש פון לאַכן.

אוי, קינדער מ׳קאָן זיך אַזש פאַרלאַכן ביז צום טויט !
פון אַלע הייזער, וואָס דער זיידע האָט געבויט,
פון אַלע זאַכן — דאָ געמעלדט, און ניט דערפאַרבן —
אין פרעמדע תכריכים, איז דער זיידעלע געשטאָרבן.

---

# באַגעגעניש . . .

פון

## ד. יאגעסט

איך האָב באַגעגנט זיך איין מאָל,
באַשיידענער און שעמעוודיקער שתקן.
כ׳בין רויט פאַרשעמט געוואָרן, ווי א נאָנע׳ס נדר־קול,
ווען אויף דער עלטער יצר־טוב קומט אָפנעמען דעם צניעות־משכון.

באַגעגנט זיך א צווייטעס מאָל,
איך בין נאָך אלץ א ביישן, שטילער לערנער.
איך ציטער, ווי אַן אָפגעהילכטער בלייכער בשורה־קול,
ווען ער ארויפגענומען ווערט אויף די גיגאַנטיש סאָסנעס הערנער . . .



# דאָס לאַנד פון תורה...

(אַריינפיר צום בוך „מתנגדים״)

פון

## פסח מאַרקוס

אין דעם קליינעם און אָרעמען ליטע־לאַנד איז געווען אַ מזל־ברכה אויף קרעניצעס, טייכעלעך און טייכן. זיי האָבן געשטראָמט פון הויכע משופּעדיקע בערג, זיך געריסן פון צווישן באַמאָכטע שטיינער, געשלענגלט זיך דורך פינסטערע אור־אַלטע וועלדער, און באַהאַלטן געפלאָסן הינטער הויכע ווילדע גראָזן.

אויך אַזאַ גרויס שפע, ווי אויף טייכעלעך און טייכן, איז אין ליטע־לאַנד געווען אויף קלויזן, בתי־מדרשים ישיבה׳לעך און ישיבות. לומדים מופלגים זיינען אין זיי געזעסן, אַריבערגעבויגן איבער סטענדערס, און געטיפט זיך אין דער תורה, געזוכט קלערערע טייטשן אין דער גמרא און געפּלפּולט זיך אַרום די תוספותן און מהרש״אותן...

ביי איינעם פון די טייכן האָט זיך געטוליעט דאָס קליין־שטעטל — וויזשונע — אַ פאַרהוילענע פון דער וועלט. וואָרים גלייך ביי אירע פעלדער האָט זיך גענו־מען שפּרייטן אַ געדיכטער וואַלד, וואָס האָט אין איין אָטעם זיך געצויגן אַזש ביז פּרייסן. און וואו וואַלד האָט פאַרפעלט צו וואַקסן האָבן זיך געהויבן אַזש אין הימל אַריין שפּיציקע בערג. און איבער זיי, איבער די הויכע בערג, האָט זיך דוקא — דורכגעשניטן דער טראַקט — קיין קאָוונע.

יידן, וואָס זיינען געפאָרן איבערן טראַקט, פלעגן ביים אָנקומען צו די וויז־שינער בערג אַראָפּנידערן פון די פורן, וואַשן די הענט ביי די קרעניצעס, און זאָ־גענדיק פּסוקים תהילים געקלעטערט צו־פוס אויף די בערג. זיי האָבן זיך בלויז אָפּגעשטעלט צו כאַפּן דעם אָטעם, ווען דאָס פערד אין שפּאַן האָט זיך אָפּגע־שטעלט רוען און מיט זיינע גרויסע באַברעמטע אויגן געפינטלט אַ פאַרזאָרגטער,

וואָס דער באַרג זעט גאָר אויס צו ווערן אַלץ העכער און העכער. ער פלעגט רחמנותדיק אומקערן דעם קאָפּ צו די יידן, וואָס זיינען געשטאַנען ביים פּור, און ווי מיט דעם זיי געגעבן צו וויסן, אַז עס איז זייער גלייך, וואָס זיי קלעטערן צו־פוס, זיי פאַרדינען דערביי די גרויסע מצוה פון צער בעלי חיים, וואָרום עס איז אים שווער צו שלעפּן אַפילו דעם ליידיקן וואָגן.

צוליב די בערג און דעם וואַלד איז דער הימל איבער וויזשינע געווען זייער קליין, און אין פאַרוואָלקנדיקע טעג איז ער גאָר איינגעשרומפּן... דערצו נאָך האָט דער הויכער שפּיציקער צלם פון וויזשינער קלויסטער דורכגעשטאָכן דעם הימל אין סאַמע מיטן...

דאָך, כאָטש וויזשינע איז געווען פאַרבאָרגן פון דער וועלט האָט זי געלאָזט זיך הערן אַפילו איבער דער אויבערשטער ליטע, און איר גוטער נאָמען האָט דער־גרייכט אַזש קיין פּרייסן. אָנגעהויבן האָט זיך דאָס נאָך מיט יאָרן צוריק, ווען דאָרטן איז געווען רב, דער גרויסער גאון און אוהב הבריות ר׳ זונדל, וואָס האָט געגאָלטן אונטערן נאָמען: — דער „מתיר עגונות״...

אין וויזשינע איז זיך דאָס לעבן געפלאָסן אַזוי שטיל ווי די קוואַליקע קרע־ניצעס און אַזוי לויטער ווי דער טייך, וואָס אַפילו אין רעגנדיקע טעג איז זיין זאַמ־דיקער גרונט קלאָר און דורכזיכטיק...

צוליב דעם וואַלד, די בערג און דעם צלם, וואָס זייערע שפּיצן האָבן דער־לאַנגט אין הימל אַריין, איז אָנגעקומען שווער דער לבנה זיך דורכצושפּאַרן קיין וויזשי־נע, די יידן דאָרטן זאָלן קענען איר מחדש זיין... ביים אָנקומען אַהין פלעגט זי זיך תמיד שטעלן איבערן טייך, און אין אים זיך שפּיגלען... די וויזשינער יידן ווען זיי האָבן געשפּרייזט פאַזע טייך צום בית המדרש פלעגן טיילמאָל צו זייער גרויס צער דערזען אַז די לבנה אויפן וואַסער איז זייער בלייך און איז בלויז אַן האַלבע...

אַלע קרעניצעס און וואַסערן האָבן זיך געצויגן צו די צוויי גרויסע שטראָ־מיקע טייכן, די ווילייע און דער ניעמאַן, וואָס זיינען דורך דער גאַנצער ליינג פון לאַנד, ווי חוט־השדרה׳ס געשטראָמט צו דער ליטווישער מוטער־שטאָט—קאָוונע. און ווי די וואַסערן האָבן אויך די וויזשינער יידן זיך געצויגן צו איר, דער שטאָט פון תורה, פון ישיבות, לומדים, חריפים, מתמידים, פּרושים, עילוים און מופלגים....

אַ וויזשינער ייד פלעגט נאָכן וויזן זיין דרייצן יאָריקן אינגל ווי צו לייגן תפילין אים פאַרזאָגן: — פון היינט און ווייטער ביזטו אין דיין אייגענעם רשות. דו אַליין וועסט דאַרפן אָפּגעבן חשבון צו גאָט ברוך הוא, דו אַליין, וועסט קריגן דעם שכר פאַר דיינע מצוות און דעם עונש פאַר דיינע עבירות. טאָ, סטאַרע זיך צו זיין אַן ערלאַכער און פרומער ייד, און זע צו ווערן אַ גרויסער למדן... צום נייעם זמן

האָט שוין דאָס קליין ייִנגל פֿאַרלאָזן זיין היים און איז געפֿאָרן לערנען אין קאָוונע אין די ישיבות.

אויך ער, דער טאַטע אַליין, אַז ער האָט געזען, אַז זיין טאָכטער טוט זיך בגרתן, האָט ער זיך געלאָזט קיין קאָוונע אויסצוקלייבן אַ חתן פֿאַר איר אין דער ישיבה. ער האָט עס געטאָן מיט גרויס סוד, קיינמאָל זיך ניט געזעצט אין בויד ביים שטוב, ניט געוואָלט שכנים זאָלן אים מקנא זיין, און ער זאָל זיין גורם צו דער עבירה. ער האָט אויך מורא געהאַט פֿאַר אַ שלעכט אויג, מען זאָל ניט געבן קיין עין־הרע, האָט ער שטילערהייט דורך די גערטנער זיך פֿאַרנומען צום טראַקט, און ביים באַרג געוואַרט אויף די בוידן, וואָס פֿאָרן קיין קאָוונע. ער פֿלעגט דעם אויס־געקליבענעם חתן, דעם לערנער אַראָפּברייינגען קיין ווידזשינע, אים באַקליידן, באַ־נייען און אויך אויף פּאַרטיקע קעסט אים נעמען.

צו דער חתונה, ביים חתן־טיש האָבן זיך אויסגעזעצט אַלע ווידזשינער לומדים. דער פֿרעמדער לערנער האָט געזאָגט אַ דרשה, געפּלאָכטן פֿון חידושים און פּלפּול זייער שאַרפֿע. די ווידזשינער לומדים האָבן זיך מחיה געווען מיט דער תורה, וואָס דער נייער ווידזשינער איידעם האָט אַראָפּגעבראַכט פֿון דער ישיבה. אויך זיי אַליין האָבן אַריינגעוואָרפֿן אייגענע תורה־ווערטלעך שוין צום ווייפּלטן מאָל איבער־געזאָגטע און פֿאַרן פֿרעמדן לערנער זיך מיט זיי אויסגעפּיינט, ווי מיט זייערע אַט־לאַסענע קאַפּאָטעס, וואָס די עלנבויגנס האָבן שוין פֿעכיק געגלאַנצט פֿון רייבן אין די סטענדערס, וואָרום געגייט האָט מען זיי שוין מיט יאָרן צוריק, צו זייער איי־גענער חתונה...

דעם נייעם איידעם איז אָבער געווען אומעטיק אין ווידזשינער בית־המדרש. ער האָט דאָרט פֿאַרלאָרן דעם טעם אין לערנען. ער האָט ניט געהאַט פֿאַר וועמען איבערצוזאָגן אַ איינפֿאַל, צי אַ טייטש אין דער הלכה. די ווידזשינער יידן, לומדים טאַקע, אָבער פֿאַרנומענע אין זייערע פּרנסות. ווי נאָר זיי האָבן אָפּגעדאַוונט, און אין איילעניש אַ בלאַט גמרא אָפּגעלערנט זיינען זיי געלאָפֿן צו זייערע קראָמען. עס האָט דעם לערנער געצויגן צוריק קיין קאָוונע, וואו תורה שטראָמט אָהן אָפּשטעל טאָג און נאַכט, ווי די שטראָמיקע וואַסערן פֿון דער ווילייע און דעם ניעמאַן. ער האָט זיך גענומען קלייבן דורכצורייידן מיט זיין זיווג. איר זאָגן אָפּען ווי מאַן זיין ווייב, אַז ער גייט ווערן אַ פּרוש אין קאָוונער „כולל". עס איז אים אַפֿילו געווען קשה׳דיק דאָס פֿראַלאָזן אַ ווייב, האָט זיך געדעכטפֿערטיקט מיטן והוא ימשל בה — ער, דער מאַן, טוט געוועלטיקן איבער דער פֿרוי, און ער מעג טאָן, וואָס אים געפֿעלט, און וואָס ער האַלט פֿאַר גלייכער . . . מיטן גאַנצן מוטיקן זיך האָט ער זיך דאָך ניט דערקליבן צום שמועס. ער האָט זיך אונטערגעשעמט פֿאַר דער פֿרעמדלעכער אשה...

נאָך יום־טוב האָט ער שווייגנדיק מיט עקשנות צונויפֿגעלייגט זיין נייעם

טלית, וואָס די פאַלדן האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן איינצוקנייטשן. ער האָט אים אַריינגעטאָן אין סאַמעטענעם זעקל, אויף וואָס זיין אשה האָט נאָך מיידלווייז אויס־גענייט אַ מגן־דוד. זי האָט דעמאָלסט אַפילו ניט געוואוסט, ווער עס וועט זיין איר באַשערטער... און אַ שיינער ליבער בחורשער פּנים האָט זיך אויף איר שטריק־נאָדל געמינעט... ער האָט מיטן טלית אונטערן אָרעם געלאָזט זיך צום טיר, כאָטש ער איז אָקאָרשט געהאַט געקומען פון דאַוונען. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים שוועל, געקושט די מזוזה און אַפילו ניט קוקנדיק צום יונגן ווייב געזאָגט:

— איך פאָר לערנען אין קאָוונער „כולל”... אם ירצה השם אויף פּסח, וועט מען מסתמא קומען אַהיים און פּראַוועץ די סדרים... אַ גוטן טאָג...

זיינע פלוצימדיקע און אָפּגעריסענע רייד האָבן איר אינגאַנצן צעטומלט. זי האָט איר לשון פאַרלאָרן, און אים אַפילו ניט געזאָגט, ווי אַ געטרייע יידישע טאָכ־טער דאַרף ווינטשן איר מאַן: — פאָר געזונטערהייט. ערשט אַ ווייל שפּעטער האָט זי זיך געכאַפּט, אַז איר מאַן גייט זיך אָפּשיידן פון איר, ער ווערט אַ פּרוש... אַ צע־שראָקענע האָט זי זיך געלאָזט לויפן צום טיר, און אין איר האלדז האָט זיך גע־שטיקט אַ ביטערער געשריי:

— האָב רחמנות, לאָז מיך ניט איבער איינע אַליין...

דער וואויל לערנער, איז שוין אָבער געווען ביים עק גאַס, וואו עס האָט זיך גענומען אויסשניידן דער מאַרק, און די בוידן זיינען שוין געשטאַנען גרייט צו פאָרן קיין קאָוונע. זי האָט אַ צערודערטע, אין גרויס אײלעניש, גענומען צורעכט מאַכן איר יונג ווייבלעך שייטעלע, וואָס איז איר געוואָרן אַזוי ליב, זי האָט זיך מיטן פאַרוק איבערגענומען אַנטקעגן איר נאָך ניט חתונה געהאַטע חברה׳טעס. איצט האָט איר אויסגעוויזן, אַז דאָס שייטעלע האָט ניט מער קיין זין; וואָס טויג עס, אַז איר מאַן שיידט זיך דאָך אָפּ?... זי האָט עס געלאָזט צורו, אײנגעהילט זיך אין דער וואָכעדיקער פאַטשיילע און געיאָגט זיך נאָך אים, צום מאַרק, ווי נאָך אַן אָקאָרשט געקויפטן עוף, וואָס איז אַרויסגעשפּרונגען דורכן אָפענעם פענסטער... זי איז מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם אָנגעקומען אויפן מאַרק. איר מאַן, דער וואויל לער־נער איז שוין געזעסן אויפן פור מיטן טלית אונטערן אָרעם. דער מגן־דוד, וואָס זי האָט מיט אַזויפיל זיסע האָפנונגען אויסגענייט אין די שפּעטע נעכט האָט צו איר אַרויסגעקוקט צעשראָקן און מיט צער... ווי איר מאַן דער נייער פּרוש אַליין, וואָס האָט פאַרמישט געוויקלט זיך פאַפּיראָסן, און פאַראומערט געגלאָצט צום רויך פון דעם טאַבאַק, וואָס וויקלט זיך אויס ווי שעפּסן־וואָל, און צערינט אין פוסטן חלל.

זי איז צוגעגאַנגען נעענטער צום פור, און אים געוואָלט כאָטש בעטן:

— שרייב אָפּטער אַ בריוו.

זיינען אָבער אין מיטן דערינען אָנגעקומען צום בויד מיט גרויס געפּילדער

אַ ייד, אַ יידענע מיט זייער יינגל, וואָס איז אויך געפּאָרן לערנען אין קאָוונער סלאָ־באָדקע אין דער ישיבה. זי האָט זיך פאַר זיי פאַרשעמט און איר טוך אַראָפּגערוקט איבערן שטערן.

דער טאַטע פון יינגל איז צוגעגאַנגען צום יונגן פרוש, וואָס איז געזעסן אויפן פור. ער האָט זיך מיט אים געזעגנט, געוואונטשן אים הצלחה אין לערנען, און אויך געזאָגט, אַז עס וועט זיין אומעטיק אָהן אים אין בית־המדרש, ער וועט אויספעלן ביים חברה ש״ס טיש. ער האָט אים געבעטן: — זייט אַזוי גוט און גיט אַכטונג אויפן יינגל ער זאָל חס וחלילה ניט אַראָפּפאַלן פון הויכן פור. דער פרוש האָט אומעטיק מיט אַנגעשטרענגטן שמייכל געשאָקלט מיטן קאָפּ: — יאָ. האָט אַפילו רעכט ניט געהערט וואָס זייריידן צו אים. ער איז געווען פאַרטאָן אין זיינע אייגענע מחשבות, דורכגענומען מיט צער צום יונגן ווייב, וואָס בלייבט איבער עלנט.

עס האָט זיך אים געפּלאָנטערט אין קאָפּ די מעשה מיטן תנא עקיבא, וואָס איז אין זיינע יונגע יאָרן געווען אַ פּאַסטוך ביים רייכן יידן, כלבא שבוע... זיין טאָכטער רחל האָט ליב געקראָגן דעם אָרימען פּראָסטאָק. איר רייכן טאַטן איז דער שידוך ניט אָנגעשטאַנען, רחל האָט פאַרלאָזן דאָס שטוב פון כל גוטס, וואו די טירן זיינען תמיד געווען אָפן און די טישן גרייטע. יעדער הונגעריקער מענטש, וואָס איז דעם שוועל אַריבערגעטראָטן איז אַרויס אַ זאַטער. זי האָט חתונה געהאַט מיטן אָרימען פּאַסטוך עקיבא... דאָך מיט איר גאַנצער ליבשאַפט צו אים, איז זי אַליין באַשטאַנען, ער זאָל זיך פון איר אָפּשיידן און אַוועקפאָרן לערנען אין די ישיבות פון בבל...

עקיבא האָט זיך גענומען צום לערנען מיט גרויס התמדה. נאָך לאַנגע יאָרן אין דער פרעמד, האָט עקיבא זיך באַזינט, אַז ער קאָן שוין גענוג לערנען. און עס איז צייט צו קומען צוריק אַהיים, צו זיין ליבן זיווג רחל. נאָך טעג און נעכט וואַנ־דערן איבער פרעמדע וועגן און שטעגן איז ער אָנגעקומען צום קליין שטיבעלע, וואו עס האָט אין אָרימקייט און עלנטקייט געוואוינט זיין רחל. ער האָט שוין אַרויפגעלייגט מיט גרויס ציטער זיין האַנט אויף דער קליאַמקע, און דערהערט, ווי אַ שכנה טענהט צו רחלען:

— זאָלסט ניט נעמען פאַר אומגוט מיינע רייד, און זאָל דער רבונו של עולם מיך פאַר זיי ניט שטראָפן. איך בין דאָ אויסן בלויז דעם אמת און דיין טובה. עס איז דאָך שוין ווידער שמיטה. דיין טאַטע דער גרויסער נדבן האָט געעפנט זיינע שפּיי־כלערן און שפּייכלערס פאַר אַלע אָרימע מענטשן... יעדער זאָל גיין נעמען, וואָס זיין האַרץ גלוסט. איך אַליין קלייב זיך טאַקע איצט אַהין, אויסצוקלייבן עטלעכע גאַרבן פלאַקס, אויסצושפּינען פעדים פאַר א קלייד... פון מיין אייגענעם פעלד קען איך

זיך דאָס קיינמאָל ניט פאַרגינען. פאַר מיר איז שמיטה גאָר אַ גליק... טפו.. איך האָב זיך צו ווייט פאַררעדט, ניט דאָס בין איך אויסן .. איך וויל דיר בלויז זאָגן אַז גייענדיק צו דיין טאַטנס שייערן האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס איז שוין אָנגעקומען נאָך אַ שמיטה און דיין עקיבא לאָזט אַלץ פון זיך ניט צו הערן . . . איך האָב שטאַרק מורא, אַז ער האָט אין דיר פאַרגעסן און דיך איבערגעלאָזט אַן עגונה.

עקיבאן האָט דער שכנה׳טעס כלומרשט פרומע רייד געשטאָכן ווי מיט שפיזן. ער האָט געוואָלט אַ פּראַל טאָן די טיר און אויסשרייען:

— עס איז ניט אמת, איך קען אין מיין רחל׳ען ניט פאַרגעסן, ווי איך קען ניט פאַרגעסן אין מיין רעכטער האַנט.

ער האָט זיך אָבער איינגעהאַלטן, וואָרום ער האָט געהערט זיין רחלס זיסן ריידן:

— פאַר וואָס זאָל איך נעמען פאַר אומגוט אייערע רייד, איך שפיר דאָך, אַז פון זיי שפּראָצט אַרויס פריינטשאַפט. און וואָס זאָל איך פאַר אייך לייקענען. עס איז שווער צו לעבן אין עלנטקייט. אָבער גלויבט מיר, אַז איך נעם אָן מיט ליבשאַפט מיינע ליידן. איך וואָלט געפילט זיך זייער גליקלעך ווען עקיבא זיצט אין ישיבה פון בבל און לערנט כאָטש נאָך אַ שמיטה... מיין וואונטש איז, ער זאָל ווערן אַ גרויסער למדן...

דער יונגער פרוש האָט זיך געמוטיקט מיט דער שיינער מעשה פון עקיבא מיט רחלען, און געקלערט אַז עס וואָלט פאַר איר געווען אי אַ מוסר אי אַ טרייסט... ער האָט אָבער ניט געוואוסט, ווי אַזוי עס אָנצוהויבן צו דערציילן... מען איז דאָך אויפן מיטן מאַרק... עס קוקן אַזוי פיל פרעמדע אויגן... און געגאַרט כאָטש נאָך איינמאָל אָנצוקוקן זיין ליבן זיווג, וואָס ער שיידט זיך פון איר אָפּ... ער האָט זיך אָבער געשעמט פאַר לייטן... און דאָ האָט דער פורמאַן מיט אַמאָל גענומען אײַלן. ער האָט מיט רעש געשמיסן די פערד און די בויד האָט גענומען לויפן... די מאַמע פון בר־מצוה ייִנגל און זי, דאָס יונג ווייב — וואָס האָט מיטן רירן זיך פון די רעדער געקראָגן דעם נאָמען: — די פרוש׳טע — האָבן זיך געמיעט מיט אַלע כחות זיך ניט צעוויינען, באַלד אָבער האָבן זיך געלאָזט די פאַרשטיקטע טרערן גיסן פריי, און שוין געגלויבט, אַז זיי וויינען גאָר פון פרייד, וואָס מאַן און קינד פאָרן לערנען. די תורה איז זייער האַרב און נאָך שווערער איז דער וועג צו איר... אָבער אַז וואויל און גוט איז צו יענעם, וואָס טרעט אין די שיינע שטעגן פון דער תורה . . .

די בוידן מיט די לערנער אויף זיי האָבן זיך גערוקט פּאַמעלעך און עקשנותדיק איבערן טראַקט, וואָס האָט זיך געצויגן צווישן דער ווילייע און דעם ניעמאַן טייך. אָנקומענדיק צו קאָוונע האָט די ווילייע אַ שוואַכערע אין שטראָם, דער־

שפּירט דעם רוגזה׳דיקן אָטעם פון דעם ברויזנדיקן ניעמאַן טייך. ער האָט זיך גע־יאָגט צו דרום צווישן דעם באַרגיקן שטעטל אַלעקסאָט און דער טאַליקער קאָוונע, וואָס איין ברעג אירער, האָט זיך ווי אַ פּאָלע פון אַ קאַפּאָטע צעשפּרייט פון ווינט, זיך געדראַפּעט אויף אַ הויכן גרינעם באַרג. די ווילִיע האָט אַ צעשראָקענע גענומען אַפּווייכן פון ניעמאַן, זי האָט זיך געריסן צו צפון צו, און ווי מיט אַ שאַרפער שווערד אָפּגעשניטען סלאַבאָדקע פון קאָוונע. אַ הילצערנע בריק האָט געפּרואווט זיי צוריק באַהעפטן אין איין שטאָט, אָבער די אייז קריעס האָבן אין פרילינג מיט זייער אימפּעט זי צובראָכן און פאַרטראָגן מיטן שטראָם קיין פּרייסן . . .

ווען די בויד פון ווייזשינע איז אָנגעקומען קיין קאָוונע האָבן אויך די לערנער פּונקט ווי די טייכן זיך פאַנאַנדערגעטיילט. דער בר־מצוה בחור— אויסגעקליידעט אין אַ נייעם קאָרטענעם רעקל, און אין די וועסטל קעשענע זילבערנע גילדענס פאַר־טשעפּעט מיט פאַרזיכער־נאָדלען — האָט אָוועקגעאײַלט צו צפון, צו דער ווילייע, וואו אויף דער אַנדער זייט האָבן זיך געשפּרייט די דריי סלאָבאָדקער ישיבות: די ר׳ הירשעלעס, די מוסרשע „כנסת ישראל״ און די לומדישע ישיבה „כנסת־בית־יצחק״. דער יונגער פּרוש האָט נאָכגעקוקט מיט הנאה, ווי דאָס ייִנגל שפּאַנט מו־טיק קיין סלאָבאָדקע, אויך ער האָט דאָרט פאַר דער חתונה געלערנט, אָהן זאָרג און דאגה׳ס . . . אַז דאָס ייִנגל האָט זיך שוין מער ניט געזען, האָט ער גענומען דעם טלית אונטערן אָרעם און אומעטיק אַוועקגעשפּאַנט צו דרום — צום ניעמאַן. דאָרטן איז געשטאַנען דער גרויסער בית־המדרש, פּרושים פון גאַנצן תחום זיינען דאָרטן געזעסן און געלערנט תורה און געמיט זיך צו פאַרגעסן אין ווייב, וואָס זיי האָבן איבערגעלאָזט אין עלנטקייט ערגעץ אין אַ שטעטל. אין די ערבֿ־ ימים־טובים האָבן זיי אויף דעם געלבלאַכן פּאַפּיר פון די סטאַרין ליכט, מיט אַ פאַרשפּיצטן גענדזן־פעדער זיך גענומען אויסצושטעלן אַ בריוול צום ווייב. זיי האָבן איר גע־וואונטשן אַ גוטן און פריילאַכן יום־טוב, און דאָס טינט האָט זיך ווי פון צער גע־קלעקט אויפן פאַר׳חלב׳טן פּאַפּיר . . .

אזוי איז מען אויף ביידע זייטן פון די טייכן געזעסן טאָג און נאַכט געלערנט תורה. ביי דער ווילייע, אין די ישיבות — יונגע אינגלאך און בחורים דערוואַקסענע, און באַם ניעמאַן אין די בתי־מדרשים — פּרושים, באַווייבטע יונגעלייט, די — אין קאָוונע, יענע אין סלאבאָדקע, איין שטאָט וואָס די ווילייע האָט זי איבערגעשניטן. אוּן זיך אַליין מיט דעם קיין גוטס ניט געטאָן, וואָרום אויסן שטאָט האָט דער ניעמאַן מיט זיין גאַנצער גבורה זיך אויסגעבויגן, ווי אַ רייף צו צפון און האָט פאַרשטעלט דער ווילייע דעם וועג. זי האָט ער איינגעשלונגען, און אירע וואַסערן אין זיין ברויזנדיקן שטראָם אַריינגעצויגן.

פון אויסבויג אָן איז שוין דער ניעמאַן אַ צעשפּרייטער, ער האָט זיך איינער אַליין

געטראָגן אין דער גרויסער וועלט אַריין... אַ באַלאַדענער מיט די פאַרבייענקטע גמרא ניגונים, וואָס ער האָט אין זיין שווימען אויפגעכאַפּט פון די פרושים אין די בתי־מדרשים, און מיט די פריילאַכע ניגונים פון די יונגלאַך אין די ישיבות, וואָס ער האָט איבערגענומען פון דער ווילייע, וואָס איז געשוואומען פאַרביי סלאַבאָדקער ישיבות.

דער ניעמאַן האט מוטיק געפּאַטשט מיט זיינע כוואַליעס, וואָס ער אַליין האָט די שליחות אָנצוזאָגן די גוטע בשורה צו די יידן וואָס זיינען צעשפּרייט און צעזייט איבער דער גאָרער וועלט... אַז —

ביי די ברעגן פון די ליטווישע טייכן פונקט ווי אַמאָל ביי די טייכן פון בבל זיצן יידן פאַרטאָן אין דער תורה, און זיי לערנען טאַקע די גמרות, וואָס זייערע על־טער־עלטער זיידעס האָבן מיטגעבראַכט פון בבל...

די יידן אין ליטע גלויבן אַז משיח בן דוד וועט און מוז קומען. ער וועט ברייג־גען די גאולה, און די וועלט וועט אויסגעלייזט ווערן פון אַלע רשעותן און אכזריותן. מען טאָר אָבער משיחן ניט אַיילן, זיך ניט באַנוצן ניט מיט צרופים און ניט מיט קיין השבעות. צו אַזוינע גאַנגען זיינען זיי — מתנגדים... בהדרגה, פּאַמעלאַך, און גרונ־טאָוונע דאַרף מען העלפן פאַרגרינגערן די טריט פון משיחן... עס זאָל קענען זיך צעבליען אַ נייע וועלט פון יושר און ליבשאַפט — — —

---

# איך וואַנדער

פון

## א. מ. נישטאַנישק

איך וואנדער טאָג און נאַכט, איך שלעפ ארום מיין קערפּער־לאַסט\
אין מיר אליין קומט פאָר מיין שטענדיקע ארום־דער־וועלט נסיעה.\
סיי שבת וואָך איך בין אין וועג. איך פאָר אהיים צו־גאַסט.\
אזוי עס טוט מיין ברודער, ים, דער כוואַליענדיקער מדרש־פליאה.

פאר קפיצת־דרך כ׳בין מצרף אותיות, שמות און השבעות.\
צו דעקן רייזע־קאָסטן אין מיין גמילת־חסד כ׳מאַך הלוואות...\
איך וואַנדער טאָג און נאַכט...



# תורה שבעל־פה *)

(מוסר־שפרוכן)

קלאַסיפיצירט און איבערגעגעבן צום דרוק פון

## הרב זלמן ב. זאהן

י״ב

### מדות

118. מדות זיינען דעם מענטשנס עשירות.

119. דורכטאָן איין מדה איז שווערער ווי דורכטאָן גאַנץ ש״ס.

120. מיט קיין זאַך בין איך ניט זיכער אין „לשמה" ווי מיט „שבירת המדות".

י״ג

### מדות און דעות

121. דער וואָס האָט גלייכע מדות האָט גלייכע דעות.

122. דאָס ביסל שכל טרינקט זיך אין אַ ים פון געפילן און תאוות.

123. אַ קאָמפּאָס אין פאַדעשעווע, שכל אין פאַרלאַנג.

124. אַ מענטש באַלאָדן מיט שטיינער, שכל באַלעסטיקט מיט תאוות.

125. ס'מעג שטיין פאַר די אויגן, און אַז מען וויל ניט זען, וועט מען ניט זען.

12. ווי מען וויל קוקט מען, ווי מען קוקט זעט מען.

י״ד

### צוועקמעסיקייט און אויסדויער

127. די גרעסטע זינד איז גיין ווי עס גייט זיך, טאָן ווי עס טוט זיך, לעבן ווי עס לעבט זיך.

*) זע יידישע שריפטן באַנד 3 העפט 4 זז. 56־453.

128. דער „ערב לשעתו" (זיס פאַר אַ ווייל) איז טאַקע זיס, אָבער לאָזט אַ ביי־טערן נאָכטעם.

129. אַ מענטש אַ בעל מדות פירט זיך ניט, „מצות אנשים מלומדה" 1) (ישעיה כ"ט י"ג).

130. אויב דו ביסט גערעכט, זע צו בלייבן גערעכט.

131. דאָס וואָס דער גיבור קען אויפטאָן מיט זיין גבורה, קען דער שוואַכער אויפטאָן מיט זיין שמירה.

132. דאָס וואָס דער גיבור קען אויפטאָן מיט אַמאָל, קען דער שוואַכער אויפ־טאָן צעביסלעך.

133. דער וואָס האָט ניט פּרובירט מיינט, אַז עס איז גאָרניט שווער; דער וואָס האָט פּרובירט און אָוועקגעוואָרפן מיינט, אַז עס איז גאָר שווער; דער וואָס גיט זיך איבער דער זאַך, דער זעט אַז עס איז גאָר ניט אַזוי שווער.

134. דער גרעסטער בנין איז צוזאַמענגעשטעלט פון איינצעלנע ציגל.

135. דער מענטש לעבט ניט קיין זיבעציק יאָר, ער לעבט אַ מינוט; דאָס וואָס ער טוט מיט דער מינוט, דאָס טוט ער מיט זיין לעבן.

136. די קלענסטע מצוה אין הווה (געגענוואַרט) איז חשובער ווי די גרעס־טע מצוה אין עתיד (צוקונפט).

137. דער וואָס לאָזט דורך דעם הווה דאַרף וויסן אַז דער עתיד וועט אויך זיין אַ הווה.

138. „יודע ה' ימי תמימים„ 2) — אַלע טעג זיינען גאַנצע, אַנגעפילטע שלימות'דיקע, ווי פּערל אַרויפגעצויגן אויף אַ שנור.

## ט"ו

## ערלעך איז שווערלעך, און דאָך . . .

139. געקויפט ביליג, איז דאָס פאַלשע סחורה.

140. מען גיט צוגאָב, וויל איך ניט.

141. „ושונא מתנות יחיה" 3) — נישטאָ קיין אומזיסטע זאַכן, מען צאָלט מיטן קאָפּ.

142. אין פוך איז גוט און ווייך, פּרוביר אָבער אַרויסקריכן.

143. עס איז דיר מיט אַמאָל געוואָרן גערעם, אפשר ביסטו אַראָפּ פון וועג.

144. אויב עס איז שווער צו גיין אויפן דרך הישר, ווי טייער באַצאָלט מען ווען מען גייט אויף קרומע וועגן.

145. אויב עס איז שווער צו פאָרן מיט אַ גלייכן וואָגן, איז דאָך מיט אַ איבערגעקערטן אוודאי.

146. „דרך ארוכה וקצרה" 4) — עס איז אָנגעלעגט וועג, אָבער דעם טייך אויסגעמיטן.

## ט"ז

## אַנטשלאָסענהייט

147. באַשלאָסן צו טאָן, דאַרף זיין גלייך אָפּגעטאָן.

149. ניט קענען איז ניטאָ, ניט וועלן איז פאַראַן.

148. איך קלער קיינמאָל ניט צי מען קען, נאָר צי מען דאַרף.

150. די וועלט זאָגט: אַז מען קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער; ר' יויזל פלעגט זאָגן: אַז מען קען ניט אַריבער, מוז מען אַריבער.

151. אויב עס איז ניטאָ קיין וועג, וועל איך אים אויסטרעטן.

## י"ז

## רוחניות און גשמיות

152. אין רוחניות איז ניטאָ קיין כללים, און דאָס גופא איז אויך ניט קיין כלל.

153. רוחניות איז ווי אַ פויגעלע, אַז מען קוועטשט עס, דערשטיקט מען עס, לאָזט מען עס לויז, פליט עס אַוועק.

154. אַז איך טו פאַר יענעם אין גשמיות, טו איך פאַר זיך אין רוחניות.

155. מיין נשמה קומט פאַר מיין גוף, און יענעמ'ס גוף קומט פאַר מיין נשמה.

---

156. גשמיות איז מיר קיינמאָל קיין שטער ניט, אַמאָל בין איך אַן אורח, אַמאָל נעמט מען אַן אורח.

157. פיל האָבן געקענט דערגרייכן צו דער העכסטער מדרגה, ווען זיי זאָלן ניט מורא האָבן פאַרן קישעלע און טעפעלע.

158. הלכות בטחון איז אַ האַרבע סוגיא.

159. דריי פייגן דאַרף דער מענטש קענען געבן: איין פייג — זיך, איין פייג — דער וועלט, אַ פייג — מקורבים.

**160. דער צימעס עסט אויף די זמירות, די קניידלעך פרעסן אויף די הגדה, דער ווײַן טרינקט אויס דעם קידוש.**

**161. ס׳איז שווערער צו עסן פאַר מצוה וועגן ערב יום כיפור, ווי פאַסטן יום כיפור.**

---

**162. אין מרחץ איז גוט, אָבער ניט אויף אַ גאַנצן טאָג — דאָס זעלבע מיט גשמיות.**

**163. „ונשמרתם מאד לנפשתיכם״ 5) — אַ גוטער בעל־עגלה היט אָפּ זײַן פערד.**

**164. מ׳קען אַ גאַנצן טאָג לערנען מיט התמדה, ווײַל מ׳האָט זיך בײַנאַכט צו־געדעקט מיט אַ וואַרימער קאָלדרע; און אַ גאַנצן טאָג זײַן אומעטיק און צעבראָכן, ווײַל מ׳איז ניט אויסגעשלאָפן.**

**165. רוחניות איז גשמיות, גשמיות איז רוחניות — אַלץ ווענדט זיך אין דעם: צי דער מענטש מעלקט די בהמה, צי די בהמה מעלקט דעם מענטשן.**

---

1) טוט ניט נאָך די מעשים פון די מענטשן וואָס אַרום אים, נאָר האַנדלט לויט זײַנע עטישע איבערצײַגונגען.

2) ה׳ מערקט די טעג פון די אומשולדיקע (די גאַנצע). ימי תמימים — גאַנצע טעג.

3) „און דער וואָס האָט פײַנט מתנות וועט לעבן״ — משלי ט״ו כ״ז.

4) „אַ לאַנגער וועג, און דאָך אַ קורצער״ — ערובין נ״ג ע״ב.

5) „און איר זאָלט זייער היטן אײַער זעל״, דברים ד׳ ט״ו, היט אײַער געזונט.



# עגאָסאָפּישע אפּאָריזמען

פון

## זאב באראקס

אַ קאָסטבאַר פּערל זעלטן ווען אַן אויסטער טיף אין מושל קריצט,
אַ וואונדער מאַרך אין פעסט געבויטן שאַרבן יעדער מענטש באַזיצט.

אַן אויסטער קען באַוואוסט ניט ווערן פון זיין רייכטום־מאַכט.
דעם מוח׳ס כוח וויפל מענטשן האָבן אים באַטראַכט ?

„איך בין !״ וואָס איז פון „איך״ דער זין ? איך קלער — און ווער
מיין וויסן מיט געוויסן פּאָרט, ווען שכל שטייגט אַלץ מער ?

מיין איך אַ מעטעאָר פון זעל אין רוים און צייט געבונדן,
געבאָרן פון אַן אויפקום אום צו ווערן אין אַן אייביקייט פאַרשוואונדן.

ווער איז אין מיר דער „איך״ ? ווער איז אין דיר דער „דו״ ?
די פראַגע : וואָס איז „איך״ ? ווי איינהייט קייטלט זיך צו מערהייט ? לאָז צו רו.

ניו־יאָרק



# אין מיין טאַטנס סידור

(ל י ד)

פון

## בצלאל פאַרגמאַן

מיין טאַטע ט׳געדאַוונט
באימה, בקדושה;
פאַרמאָג איך אַ סידור
פון טאַטן אַ ירושה.

איך עפן דעם סידור,
די בלעטער שוין געל;
צעשטראַלט זיך מיין טאַטע,
זיין פנים בלאַנקט העל.

דערהער איך אַ שלוכצן;
כ׳דערקאָן דאָס געוויין...
—: מיין טאַטע אין טלית —
אַט זע איך אים שטיין!...

עס דאַוונט מיין טאַטע;
זיין תפילה איך הער!...
— — — — — — — —
אַט קוש איך אין סידור
מיין טאַטנס אַ טרער...



# אויף פרעמדע וועגן

(לייענענדיק שלום אַש׳ס „אַפּאָסטאָל״)

פון

## אברהם ביק

— 1. —

צוויי ווערק אויף דער טעמע קריסטנטום האָבן לעצטנס געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג אין דער אַמעריקאַנער ליטעראַרישער וועלט. פראַנץ ווערפלס „דאָס ליד פון בערנאַדעט״ איז לעצטנס יאָר געווען אַ „בעסט סעלער״ און שלום אַש׳ס „דער אַפּאָסטאָל״ איז כמעט אַ „בעסט סעלער״ היינטיקס יאָר*).

ביידע מחברים האָבן אונדז דערקלערט אַז זיי באַצוועקן מיט זייערע ווערק צו געבן אַ רעליגיעז־עטישן ענטפער דער וועלט וואָס לעבט אין דערמיט פון אַ סאַטאַנישער גאָט און מענטש לעסטערונג, דעם אַנטי מענטשלעכן און אַנטי־געטלעכן קרייצצוג פון אונדזער עפּאָכע וואָס הייסט פאַשיזם.

ביידע מחברים גלויבן און ווילן אונדז מאַכן גלויבן אַז זייערע ווערק קאָנען דערהויבן דעם מענטשן צו דער פולסטער דערקענטניש פון דער געטלעכער מיס־טעריע און דער הייליקייט פון לעבן.

אין דער אינטים־לירישער הקדמה צו זיין ווערק דערקלערט אונדז ווערפל זיין כונה: „אַפילו אין די טעג ווען איך האָב געשריבן מיינע ערשטע פערזן האָב איך זיך אַ נדר געגעבן אַז איך וועל אַלעמאָל און אומעטום אין אַלצדינג וואָס איך וועל שרייבן גרויס מאַכן די געטלעכע מיסטעריע און די הייליקייט פון דעם מענטשן — איך וועל דאָס טאָן, ניט קימערנדיק זיך וואָס מיר לעבן אין אַן עפּאָכע וואָס האָט אָפּגעקערט דעם פּנים מיט פאַראַכטונג און כעס און גלייכגילטיקייט פון אָט די ענדגילטיקע ווערטן פון אונדזער מענשלעכן „גורל״.

*) סוף 1943, אָנהויב 1944.

שלום אַש האָט פאַרענדיקט זיין „אַפּאָסטאָל” אין סטיל פון אַלטן רבנישן „תם ונשלם שבח לאל בורא עולם”. אַ דאַנק צו גאָט וואָס האָט אים געהאָלפן גובר זיין אַלע אויסערלעכע און אייגנגעמאַכטע מניעות ער זאָל קענען משלים זיין די צוויי ספרים „דער מאַן פון נצרת” און „דער אַפּאָסטאָל”, וואָס זיינען איין ווערק. דערביי זאָגט ער אַרויס אַז זיין כוונה אין שרייבן די ווערק איז געווען: „צו דער־ציילן דעם זכות פון ישראל צווישן די פעלקער וועמען גאָט האָט אויסגעקליבן צו זיין אַ אור לגוים, אַ ליכט פאַר די פעלקער”.

וואָס זאָלן מיר זאָגן וועגן די צוויי גרויסע וואָרט־קינסטלער, וועלכע האָבן גענומען פאַר זייער טעמע די פאַר יידן פרעמדע וועלט? מיר דוכט אַז ביידע, ווערפל, דער עסטרייכישער ייד, און אַש דער ייד פון יידנלאַנד, האָבן זיך אַוועק־געלאָזן אויף פרעמדע נסיעות, אויף וועגן וואָס זיינען מיילן ווייט פון יידישן דרך המלך.

„דאָס ליד פון בערנאַדעט” איז דאָס ליד פון אַ פראַנצויזיש קינד וואָס איז דערקלערט געוואָרן ווי אַ הייליקע און פון דעם נס וואָס איז מיט איר געשען. עס איז דאָס ליד פון דער קליינער בערנאַדעט סובירו איינס פון פיר קינדער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן ביי אָרעמע עלטערן אין דרום־פראַנקרייך. בערנאַדעט האָט גע־ליטן אויף אַ כראָנישער אַסטמע. זי האָט זיך אַרויסגעוויזן אומפעאיק אין שול און האָט ניט געהאַט קיין אָנזען ביי אירע פריינד. אין דעם יאָר 1858, ווען בערנאַדעט איז אַלט געוואָרן פערצן יאָר, האָט זי איינמאָל דערזען ביי דער דערעפענונג פון אַ הייל אויף אַ שטיין, אַ וואונדערלעך שיינע פרוי אָנגעטאָן אין ווייסן מיט אַ בלוי־ער סטענגע און גאָלדענע רויזן אויף די פיס. די פרוי האָט איר געבעטן זי זאָל דאָרטן באַזוכן פופצן מאָל, און די קליינע בערנאַדעט האָט דאַן איבערגעלעבט אַן אומבאַשרייבלעכע פרייד און איר פנים האָט אויפגעלויכטן מיט אַ הימלישער גליקזעליקייט. און דערנאָך האָט זיך פלוצלונג באַוויזן אַ קוואַל אין דער הייל און ס'וואַסער פון דעם קוואַל האָט פאַרמאָגט אין זיך דעם כוח צו היילן קראַנקע: אַ בלינדער וואָס האָט זיך געוואַשן די אויגן מיט וואַסער פונם קוואַל איז געוואָרן זעעוודיק. אַ קינד וואָס האָט געגוססט איז געזונט געוואָרן נאָכדעם ווי מען האָט אים געבאָדן אין קוואַל. ווייטער דערציילט זיך, אויף אַ רירנדיק־דעליקאַטן אופן, וועגן בערנאַדעטס איבערגעבנקייט צו דער „פרוי” און וועגן איר פלאַמנדיקן גלויבן אין איר אמת ווי זי האָט אים פאַרשטאַנען. ביסלעכווייז האָט זי אַריבערגעוואונען אירע עלטערן, דעם שטאָט־דאָקטאָר, די פרומע מענטשן פון דער געגנט און אַפילו די קירך. דערנאָך איז זי פרייוויליק אַוועק אין אַ פרויען־מאָנאַסטיר און איז גע־שטאָרבן אין עלטער פון עטלעכע און דרייסיק יאָר פון אַ שווינדזוכט אין די ביינער.

פראַנץ ווערפל איז בלויז אַ ייד לויט דער אָפּשטאַמונג און זיין ווערק איז פון אַן אוניווערסאַלן כאַראַקטער. מיט יידן און יידישקייט האָט עס ניט צו טאָן. דאָך ווערט קלאָר נאָכן איבערלייענען דאָס בוך אַז עס איז ניט פון דעם סאָרט קריסטלעכע ביכער וואָס שטרעבן צוריקפירן וועלטלעך־הומאַנע אידעען צו זייערע רעליגיעזע (נישט אין קירכלעכן זין) קוואַלן, ווי למשל די ווערק פונם איטאַליענישן שרייבער איגנאַציאָ סילאָנע, וואָס שרייבט וועגן איטאַליענישע קעמפער וועלכע זיינען אַוועק אין די ניי־רוימישע קאַטאַקאָמבעס און אין דער עמיגראַציע. סילאָנע קעמפט קעגן אַבסאָלוטן קירכנטום און איינער פון די שענסטע און קינסטלעריש־רייפסטע געשטאַלטן פון זיין ווערק „ברויט און וויין" האָט דערקענט דעם אמת אַז „גאָט איז נישט ביי די בישאָפן נאָר ביי די געפּייניקטע מענטשן". ער שטעלט זיך דערפאַר אָפּ אויף אַ סינטעז פון אַ רעוואָלוציאָנערן אור־קריסטנטום און אַ רעליגיעז־באַפאַרבטן סאָציאַליזם, (פאַרגלייך ספּינאָס וואָרט: „אין עוואַנגעליום איז נישט געשריבן: הייל די קראַנקע וועלכע דענקען אַזוי ווי דו").

ווערפלס ווערק איז אָנגעקליידט אין אַ מיטאָלאָגישן לבוש און שטימט מיט דער קאַטוילישׂ־קירכלעכער דאָגמאַטיק. ווערפל איז גלויביק פאַראינטערעסירט אין אָט דעם נס וואָס איז פאָרגעקומען מיט אַכציק יאָר צוריק ניט ווי אַ געשעעניש וואָס האָט פּאַסירט אין אַ באַשטימטער עפּאָכע און איז פאַרבונדן מיט צייט. ער באַטראַכט עס פאַר אַ נס אין דעם קעניגרייך פון גייסט וואָס איז איבער דער צייט און מיט דעם איז ער אין הסכם מיט דער אָפיציעלער קאַטוילישער וועלט וואָס איז אויך „איבער צייטלעך", טיילט אָפּ אמונה פון קאָנקרעטע היסטאָרישע אויפגאַבן און באַרואיקט זיך אויף דער פלאַך פון אָבערגלויבן.

וואָס פאַר אַ ווערט קאָן פאַר אונדז האָבן אַזאַ מעשה ווען מיר זאָלן זי איבערזעצן אויפן לשון פון די קאָנקרעטע ליידן און האָפנונגען פון אונדזערע דור?

עס איז שווער פעסטצושטעלן וואָס פאַר אַ שייכות ווערפלס ווערק האָט מיט „די ענדגילטיקע ווערטען פון אונדזער מענטשלעכן גורל" (ווערפלס רייד אין זיין הקדמה)? מען קאָן זאָגן מיט אַ רואיק געוויסן: ווערפל נעמט אָן דעם וועג פון אינדיווידואַליסטישער עולם הבא׳דיקייט, פון יענער היסטאָרישער קריסטלעכקייט וואָס האָט געמאַכט אַ שאַרפן אונטערשייד צווישן חומר און רוח, צווישן גייסט און קערפּער, פון אַ רעליגיע וואָס דענקט וועגן „גן עדן" אין טערמינען פון ריינער התבוננות, וועלכע איז אינגאַנצן באַפרייט פון ערדיש־סאָציאַל פאָרמען. אַזאַ רעליגיע וואָס דאַרף, מיט רעכט, פרעמד זיין אונדזער דור, דעם דור וואָס זוכט צו שאַפן אַ סאָציאַל־בעסערע וועלט ניט ערגעץ וואו איבער געשיכטע נאָר אין דער געשיכטע.

— 2 —

איך בין זיך מודה: מיר איז מער ניחא צו באַטראַכטן אַש׳ס ווערק „דער אַפּאָסטאַל״ אין אידעאישע טערמינען ווי אין ליטעראַטור־קינסטלערישע. וועגן אַזאַ ווערק קאָן מען רעדן אין טערמינען וואָס האָבן אַ קנאַפּע שייכות צו זיין פּראָזע־קונסט. מען מוז זען אין דעם ווערק יענע מאָמענטן וואָס רינען אַריבער די גרע־נעצן פון זיין אינסטרומענטאַלן שאַפן. ד. ה. פונם אופן אויף וועלכן ער מאָלט און שניצט און טיילט אויס פאַר זיך די פאָרם פון זיין נאָוועלע.

וועט מען צוגיין צו דעם אַכט הונדערט זייטיקן ווערק מיט אַ ליטעראַריש־קריטישער ניכטערקייט וועט מען ניט באַגרייפן זיין אידייאישע קאָנצעפּציע. דאָס וועט גראָד פאַרטונקלען וואָס ס׳ווילט זיך אויפדעקן. איך גלויב ניט אַז מ׳דאַרף צו אַזאַ ווערק ווי „דער אַפּאָסטאַל״ צוגייך מיט דער שפּראַך און מיט דער מאָס פון דערציילונגס־קונסט. נאָכגיין טריט ביי טריט אַזאַ כמות׳דיק גרויס ווערק איז בכלל אוממעגלעך און אפשר גאָר ניט נויטיק. מוז מען זיך באַגנוגענען מיט אַנאַ־ליזירן די הויפּט־מאָמענטן פון דאָזיקן ברייט פאַרמאָסטענעם ווערק און אילוס־טרירן זיין אידעאָלאָגישן ווערט דורך אַ ריי בולט׳ע ביישפּילן איז גענוג אַז מען הייבט אָן פון זיין געדאַנקלעכער זייט, פון אידעאָלאָגישן אינהאַלט.

כדי צו קאָנען אַנטפּלעקן דעם אידייאישן מהות פון אַ געוויס ווערק, מוז מען וויסן קלאָר, וואָס דער מחבר האָט געוואָלט זאָגן מיט זיין חיבור. עס איז אָבער שווער צו אַנאַליזירן דעם אידייאישן אינהאַלט פון אַש׳ס ווערק ווייל ער גיט גאָר־ניט קיין צענטראַל אידייאישן פּונקט, יעדנפאַלס איז אים שווער אַרויסצושפּירן, אַרויסצושיילן.

פון אויבן אויף דוכט זיך אַז דער אידעאישער אַקס פון דעם „אַפּאָסטאַל״ איז דאָס אונטערשטרייכן דאָס יידישע נאַציאָנאַלע וואָס האָט זיך טראַנספאָרמירט אין דאָס אוניווערסאַלע ביי פּאולן. אין די ערשטע קאַפּיטלען זעען מיר פון איין זייט פּאולס רודפן אָדער ריכטיקער זיין קאַמף אין נאָמען פון ריינער פּרושישער יידישקייט קעגן געקרייציקטן און זיין הייפעלע אָנהענגער, די ערשטע נוצרים פון דער ירושלימער קאָמונע, אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען — זיין פאַרלאָזן די יידיש־הלכה׳ישע וועלט און זיין קאַמף קעגן איר אין נאָמען פון נוצרי׳ס אוניווערסאַלער משיח׳ישקייט.

דאָס נאַציאָנאַלע און אַנטי־נוצרישע ווערט זייער בלאָס אַרויסגעבראַכט. מיר זעען ניט אַז פּאול זאָל זיך ראַנגלען מיט דער פּרושישער אידעע, וואָס האָט דאַן געהערשט אין דעם קרייז וואו ער האָט געווירקט. אין זיין דעבאַטע מיט זיין רבין רבן גמליאל, וואָס איז, לויט אַשן, אַן אָנהענגער פון דעם געקרייציקטן, פילט זיך

ניט ארויס קיין אינעווייניקסטער אידייאישער גערא̇נגל ביי דעם תלמיד. ער ווערט א̇נטציקט פון זיין רבינס רייד. און ער שטעלט ניט א̇רויס קיין אייגענעם אידייאי־שען וואפן אין נאָמען פון זיין הלכה׳ישקייט אָדער נא̇ציאָנאַל פרושישער אידעע. דעם „שליחס" קאַמף קעגן די ערשטע קריסטן ווערט ניט אידעאָלאָגיש מאָטיווירט. מען דערקענט אויף צענדליקער זייטן פון די ערשטע קאַפיטלען יענע פייערדיקע פונקען פון שנאה און כעס מיט וואָס שאול האָט זיך אויסגעצייכנט אין זיין הייליקער מלחמת־מצוה קעגן דעם נוצריס אַנהענגער, אָבער אין נאָמען פון וואָס פאַר אידעאָלאָגיע טוט ער עס ? זיין קאַמף איז ניט אַנגעלאָדן מיט נאַציאָנאַלער אחריות אָדער יידישקייט באַוואוסטזיניקייט. דער נאַציאָנאַלער מאָמענט איז ווייניק אונ־טערשטראָכן. דערפאַר ווערט שוין בולט׳ער אַרויסגעבראַכט די אוניווערסאַלע זייט פון פאולס שפעטערדיקן ווירקן, דער מיסטיש־משיחישער שגעון, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער אלף און דער תיו פון זיין טעאָלאָגיע און מיסיע און אין ווע̇לכער ער האָט זיך אַנגעקלאַמערט ווי מיט אייזערנע צוואַנגען.

אַש גייט געטריי אין די פוס־טריט פון דעם עוואַנגעליע און אַנדערע קריסטלעכע מקורים. איז קיין וואונדער ניט וואָס דער שפּעטערדיקער פּאול, דער „שליח צו די גוים", ווערט אַרויסגעבראַכט פאַרביקער און בולט׳ער ווי דער ייד פון תרשיש, ר׳ גמליאלס תלמיד, ערשט ווען מען קומט צו די לעצטע קאַפּיטלען באַמערקט מען אַז אַש האָט יא אַן אידעע, וואָס איז געווען די שטויס קראַפט צו דעם דאָזיקן ווערק, דאָס איז זיין גלויבן און זיין ווילן אונדז צו מאַכן גלויבן אַז ישו׳ס אַפּאָסטאל, וועלכער האָט אַוועקגעוואָרפן דעם אַלטן שמאָלן וועג פון יידן און זיך געטראָגן קיין רוים, זיך צו פאַרמעסטן מיט דעם גרויסן וועלט צענטער פון די היידן, כדי זיי צו באַקערן צו דער יידישער אמונה — אים איז באַשערט געוואָרן אַ פּראָווידענציעלע מיסיע: אַריינברענגען דעם אידיש מאָנאָטעאיסטישן גייסט אין דער ברייטער ניט־יידישער וועלט. אַש פאַרענדיקט די נאָוועלע מיט דעם היסטאָ־רישן פאַקט וואָס כמעט אין דער זעלבער צייט, ווען יהודה איז פאַרוויסט געוואָרן פון טיטוסעס לעגיאָנען האָט זיך באַוויזן ס׳קריסטנטום אין רוים וואָס האָט געבראַכט אַ חורבן אויף דער רוימישער אימפּעריע. די באַזיגטע יידן האָבן, הייסט עס, מיט זייער קריסטנטום באַזיגט די רוימישע זיגער און פאַרן חורבן יהודה האָבן זיי באַ־צאָלט מיט חורבן רוים.

האָבן מיר, הייסט עס, „דערטאַפּט" אויף וויפיל עס לאָזט זיך דעם אידיי־אישן קערן פון בוך. דער ציל איז די פאַראידעאַליזאַציע פון דעם מענטשן וועל־כער איז דער לעצטער „נביא לגוים" וואָס איז געשיקט געוואָרן פון דער השגחה איינצופלאַנצן דעם מאָנאטעאיסטישן גלויבן אין אַ געצנדינערישער וועלט. לייענענ־

דיק דאָס גרויסע ווערק שטעלט מען זיך אָפּ אויף הונדערטער שטעלן און בילדער. וואו עס טרעט אַרויס אַש דער דיכטער, דער שטאַרקער פּייזאַזש מאַלער. זיינע שיל־דערונגען פון יידישן לעבן אין ירושלים און אין די חוץ־לארצ׳דיקע ישובים זיינען זיכער אַ גרויסע מדרגה און דאָך איז פאַר אַ יידן מיט אַ היסטאָריש טראַדיציאָנעלן חוש קיין הונדערטסטל ספק ניטאָ, אַז דאָס וואָס די אידעע איז נישט געלונגען אַרויסגעבראַכט איז אַ רעזולטאַט פון אַן אומפעאיקייט טיף אַריינצודרינגען אין דעם יידיש־קריסטלעכן פּראָבלעם.

— 3 —

וואָס איז אייגנטלעך דער קערן פון דער מחלוקת צווישן אידנטום און קריסטנטום ?

קודם כל איז נויטיק צו דערמאָנען די „דריי־אייניקייט", דעם קריסטלעכן טעזיס אַז דער באַשאַפער פון דער וועלט איז איינער אין צוויי געשטאַלטן, בתוכם אין דער געשטאַלט פון „משיח", פון אַ „ילוד אישה" וואָס איז געוואָרן אַ בשר ודם כדי מיט זיין לעבן און טויט אויף דער זינדיקער ערד צו דערלייזן אַלדאָס פליש, כדי אַלעס צו פאַרוואַנדלען אין ריינעם גייסט. אַזאַ אויסטייטש פון וואָרט „גאָט" האָט דאָס פאָלק ישראל אָפּגעוואָרפן, ניט בלויז מחמת עס איז געווען דאָס פאָלק פון „שמע ישראל„ — אונדזער השם איז איינציק" — נאָר אויך צוליב דעם וואָס דאָס פאָלק האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו וואַרטן אויף דער אמתער גאולה און אויפן גואל צדק — פונקט אַזוי בעתן און נאָכן אויפקום פון קריסטנטום.

אָבער נישט בלויז די קריסטלעכע מיטאָלאָגיע, נישט בלויז די געשיכטלעכע מנהגים און סימבאָלן, נאָר אַ טיפערער און ראַדיקאַלערער אונטערשייד איז דאָ צווישן יידישקייט און פאולס טעאָלאָגיע. עס איז „דין" אַקעגן „חסד", געזעץ אַקעגן „גנאָד", „אמת" קעגן „ליבע". דאָ זיינען צוויי וועלטן וואָס שטייען איינס אַקעגן אַנדערן. פון איין זייט אַ וועלט פון שטרייגנער געטלעכער אָרדנונג, פון אַ רעאַלער וועלט וואָס ווייסט פון דין ניט נאָר פון רחמים און שטרעבט „ממתיק את הדין" זיין, צו פאַרזיסן דעם שטרענגן געזעץ און פון דער צווייטער — אַ ראָמאַן און אַן אידיליע; אַ פאָטער וואָס האָט אַרום זיך אַ פאַמיליע פון קינדער און האָט זיי אַזוי ליב אַז ער איז מקריב זיין בן־יחיד, אַ טייל פון זיך, פאַר זייערטוועגן.

פאול איז קיין בעל הלכה ניט געווען. אמונה איז ביי אים אַלץ, מעשים זיי־נען גאָרניט און אויב מעשים האָבן קיין באַדייטונג ניט אָדער זיי פירן ניט צו דער גאולה, דאַרף מען אויך קיין הלכה למעשה ניט האָבן. ניט אומזיסט רופט ביצשע פאולן „דער פאַרטיליקער פון דער תורה" („דער פאַרניכטער דעס געזעצעס"), ווי מיר זעען פון זיינע בריוו האָט ער זיך בכלל פאַרמאָסטן בטל צו מאַכן דעם

עלעמענט פון הלכה. ניטאָ קיין דינים, קיין מצוות און קיינע אָבליגאַטאָרישע מנהגים — עס איז פאַראַן בלויז די משיח לעגענדע און דער גלויבן אין איר.

פאולס קריסטנטום האָט זיך געשטעלט קעגן מעשה, קעגן הלכה. שוין אין דעם איז געלעגן דער „אַנטי קריסט"...

מיר האָבן געזען פאַר זיך די אַנטוויקלונג פון קריסטנטום, איר שותפות מיט דער וועלטלעכער מאַכט, איר געראַנגל פאַר דער דאָזיקער מאַכט, די פּאַסיס־טישע ווירקלעכקייט איז דאָך אייגנטלעך אויסגעוואַקסן אונטער איר שוץ, טייל־ווייז מיט איר ברכה. די פרוכט איז שפּעטער רייף געוואָרן אָבער זי איז שוין גע־לעגן אין קערן פון וועלכן דאָס שפּעטערע האָט זיך אַנטוויקלט.

פון אַלע קריסטלעכע פּאַטערס איז פּאול דער מערסטנס אַנטי־סאָציאַלער. אין זיינע בריוו האָט ער געפּריידיקט אונטערטעניקייט צו רוים און אַז „די קנעכט זאָלן דינען זייערע האַרן אַזוי ווי ישו'ן" און די פרוי האָט ער געלערנט אונטער־טעניק זיין דעם מאַן ווייל „אין גאָט זיינען זיי דאָך סיי ווי סיי פריי".

אין קאַפּיטל דרייצען פון זיינע בריוו צו די קאָרינטיער וועלכע די קריסטן רופן, ניט אָן רעכט, דער שיר השירים פון נייעם טעסטאַמענט זינגט דער אַפּאָסטאָל:

„אויב איך זאָל רעדן מיט די לשונות פון מענטשן און פון מלאכים און האָב נישט קיין ליבשאַפט, בין איך געוואָרן ווי קלינגענדיק מעש אָדער אַ שאַלנדי־קער צימבל און אויב איך זאָל האָבן די מתנה פון נבואה און זאָל וויסן אַלע סודות און אַלע חכמות און אויב איך זאָל האָבן די גאַנצע אמונה אַזוי אַז איך זאָל קאָנען איבערשטעלן בערג, און האָב נישט קיין ליבשאַפט, אַזוי נוצט מיר גאָרנישט ניט. און אויב איך שענק מיין גאַנץ פאַרמעגן צו שפּייזן די אָרעמע און גיב מיין לייב צו פאַרברענט ווערן, און האָב נישט קיין ליבשאַפט, אַזוי נוצט עס מיר גאָר־נישט ניט. ליבשאַפט טראָגט פיל אַריבער און איז גוט, ליבשאַפט טוט נישט מקנא זיין, ליבשאַפט טוט נישט שטאָלצירן, זי בלאָזט זיך נישט אָן, זי באַגייט זיך נישט געמיין, זי זוכט נישט דאָס איריקע, זי דערצערנט זיך נישט, טראַכט נישט קיין שלעכטס, פרייט זיך ניט מיט קיין עולה. אַלץ פאַרטראָגט זי, אַלץ גלויבט זי, אַלץ האָפט זי, אַלץ דולדעט זי. ליבשאַפט ווערט קיינמאָל נישט בטל... אַצונד פאַר־בלייבט אמונה, האָפנונג, ליבשאַפט, די דאָזיקע דריי; און דאָס גרעסטע פון זיי איז ליבשאַפט".

„אמונה, האָפנונג, ליבשאַפט" און מעשה ווערט ניט דערמאָנט און די ליבע איז אַן אַבסטראַקטע אין לעבן ניט צו פאַרווירקלעכן.

„ליב האָבן — זאָגט פּאַסקאַל — מיינט לעבן מיטן אַנדערנס לעבן" — פּאול האָט ניט געקענט הייסן מיטלעבן מיטן אַנדערן ווייל „אַלע לעבן אין — קריס־

טוסן״. איז אַ וואונדער וואָס פון דער לערע פון ליבע איז געוואָרן אַ פּראַקטיק פון שנאה?

א. ד. גאָרדאָן אין זיינע „הרהורים אחרונים״ („לעצטע נאָכטראַכטעניש״), רעדט וועגן חלוק צווישן יידנטום און קריסטנטום און זאָגט אַרויס דעם געדאַנק אַז יידישקייט איז גאָרניט קיין וועלט־אַנשויאונג, נאָר אַ נייע באַציאונג פון מענטש צום מענטש, פון מענטש צו נאַטור און פון מענטש צו גאָט. קריסטנטום האָט געלערנט אַבסטראַקטע ליבע, יהדות האָט געלערנט קאָנקרעטע ליבע און אמת וואָס איז גרעסער פון ליבע, „דאָס וואָס ליבע איז גוזר און איז ניט ביכולת צו פאַרווירקלעכן וועט דער אמת פאַרווירקלעכן״.

די געשיכטע פון קריסטנטום איז געווען אַ וויכטיקע שול וואָס האָט גע־לערנט יידנטום זיך צו דערווייטערן פון אַזאַ לערע פון ליבע.

קריסטנטום איז פּעסימיזם. דער יסוד פון פּאולס טעאָלאָגיע און דער ריטם פון זיינע בריוו איז, אַז דער מענטש איז אַ זינדיקער און איז אָפּהענגיק אינגאַנצן פון גאָטס מחילה. דער מענטש טראָגט שטענדיק דעם עול פון פּראָווידענציעל־דעטערמינירטן געזעץ. דער זינדיקער בן אדם ליגט שטענדיק אַ פאַרשאָלטענער אין די נעגל פון אַ רעליגיעז מיסטישן פאַטום. פּאולס וועלט איז בכלל אַ וועלט פון „רעליגיעזער דעטערמינאַציע״. עס יאָגט אים און עס טרייבט אים אַן אייביקע באַ־שערטקייט, און ער איז פאַרמשפּט צום „צער פון גורל״ (אווגוסטינוס). קריסטנטום צעגייט זיך אין פּאַטאָס פון ליידן און שטאָלצירט מיט יסורים. די גרעסטע ברכה לויט פּאולס באַנעם איז אויסלייזונג דורך טויט. קריסטוס מיט זיינע פּינף וואונדן איז דער צענטער פון דעם פּאולישן קולט. דער אין בלוט־אָפּגייענדיקער בלייכער געקריי־ציקטער, דער גאָט וואָס הייגגט אויף די וועגן און האָלט צעשפּרייט זיינע הילפלאָזע הענט מט אַזויפיל עצבות אין זיינע אויגן, ער איז דער צענטער פון קריסטלעכער דבקות.

ווי אַנדערש די יידישע אגדה שילדערט דאָס בילד פון גאָט וואָס ליידט מיט זיינע קינדער, דעם גאָט פון „עמו אנכי בצרה״.

„בכל דור ודור טופח הקב״ה בשתי ידיו ונותן כנגד לבו, חוזר ונותן כנגד זרועותיו ובוכה עליהן, בין בסתר ובין בגלוי. ומפני מה הוא בוכה עליהן בסתר? מפני שגנאי הוא לארי שיבכה בפני שועל וגנאי הוא למלך שיבכה בפני עבדיו וגנאי לרב שיבכה בפני תלמידיו״ (ילקוט שמעוני, ירמיהו).

ניט קיין גאָט וואָס טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון פּיין און ליידן. דער אלהי ישראל וויקט זיך ניט אין מענטשלעכער אַגאָניע און ווען ער האָט אַפילו צער און קלאָפּט זיך, כביכול, על חטא טוט ער עס פאַרבאָרגענערהייט...״

אין דאָסטאָיעווסקיס „ברידער קאַרמאַזאָוו״ פירט דער הויפּט־אינקוויזיטאָר

אַ שאַרפֿן וואָרט־קאַמף קעגן קריסטנטום. ער דריקט אויס די שאַרפֿע און שטאַרקע דיאַלעקטיק פֿון „אַנטי־קריסט" און דער שלוס פֿון זיין אַרגומענטאַציע איז דאָס אַלטע יידישע וואָרט: „וחי בהם", — „און ער זאָל לעבן אין זיי, און ער זאָל ניט שטאַרבן אין זיי".

„וחי בהם"! דאָס איז דער דעוויז פֿון יהדות. יידנטום האָט געהייליקט לעבן. דאָס ווערט אַקצענטירט אין חומש וואָס איז אַ תורה פֿון געזעץ, פֿון לעבן און נאָכמער אין דער אייגנאַרטיקער לירישער ספֿערע פֿון דער אגדה און די מדרשים. דער שטריך פֿון הייליקן דאָס ערדישע לעבן ווערט דאָרט נאָך מער אַרטיקולירט. די אגדה און די מדרשים אַנטהאַלטן אין זיך אַן אומגעהייערן אוצר פֿון לעבנס־פֿילאָזאָפֿיע. פֿון גרויסן און ברייטן תלמוד הערט זיך אַרויס דער געשריי נאָך מעשים, דער הונגער נאָך לעבן און אַזוי ציט זיך דער פֿאָדים פֿון „וחי בהם" איבער די דורות פֿון יבנה און פּומפּדיתא ביז מעזשיביזש, וואָלאָזשין און בראַסלאַוו, קאָצק און סלאָבאָדקע.

„מיר פֿאַראַכטן דעם טרויער, וואָרים אָדער ער וועט פֿאַרניכטעט ווערן, אָדער ער וועט אונדז פֿאַרניכטן". יידנטום האָט בעסער אָנגענומען דאָס וואָרט פֿונם פּקחותדיקן רוימער סענעקאַ, איידער דאָס וואָרט פֿון פּאַולן דעם העלעניזירטן יידן: „אויסלייזונג דורך טויט".

— 4 —

אַש גייט טריי אין די טריט פֿון די קריסטלעכע מקורים. די איבערמענטשלעכקייט פֿון פּאַולן, פּונקט ווי ישוס אין זיין „מאַן פֿון נצרת", ווערט אַקצענטירט אין צענדליקער ווידערהאָלונגען. ער גיט ניט דעם לייענער צו פֿאַרשטיין די פּסיכאָלאָגישע אָדער עקאָנאָמישע סיבות פֿאַר דער דאָזיקער דערשיינונג וואָס הייסט פּאַול. אַש, פּונקט ווי ווערפֿל, באַווייזט אונדז אַבסאָלוט נישט דעם מענטשלעכן קערן וואָס ליגט אין דער וואונדער־געשיכטע פֿון פּאולס לעבן. אַלע פּאולס ביאָגראַפֿן און בתוכם דר. יוסף קלויזנער, באַווייזן אַז שאול־פּאול איז געווען אַ דואַליסטישע פּערזענלעכקייט. צוויי נאַטורן האָבן אין אים געהערשט און אַרויסגערופֿן שפּאַלטונגען וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט באַהערשן. די צענויפֿמישונג פֿון די צוויי פּערזענלעכקייטן האָט גורם געווען אַז זיין לערע זאָל זיין אַ צענויפֿמישונג פֿון צוויי קעגנגעזעצטע עלעמענטן.

דער מאַן פֿון היסטערישע עמאָציעס און עפּילעפּטישע אָנפֿאַלן האָט אידענטיפֿיצירט צוויי קעגנגעזעצטע עלעמענטן, וועלט אָנשויאונגען. אַ צעשפּאָלטענער, אַ צעריסענער, אַ שולד־באַוואוסטער איז ער אַליין געווען און דעם חותם פֿון זיין

פערזענלעכקייט האָט ער אַרויפגעלייגט אויפן קריסטנטום און דאָס האָט געהאַט וועלט־היסטאָרישע קאָנסעקווענצן.

זיין שיטה, דאָס טיפּיש פּאולינישע, דאָס קריסטנטום וואָס ער האָט געשאַפן, טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פון זיין דואַליזם און דאָס איז אַ געפיל פון שולד — שולד וואָס מען מוז אויסקויפן — אויסלייזן, פאַרגלעטן דורך אייגענע ליידן, אָדער דורך פרעמדע. דער ערשטער פאַנאַטישער רודף פון דער קריסטלעכער סעקטע איז געוואָרן דער ערשטער יאָגער און פאַרפאָלגער — ביז צום בלוט — פון זיין אייגן פאָלק, פון זיין אייגענעם שורש. אַנטקעגן זיך אַליין — אין קאַמף מיט זיך — אַזוי איז געווען זיין לעבן און אַקעגן דעם וואָס ער איז געווען, וואָס איז געווען די נשמה פון זיין שיטה, די אידעע פון זיין ווערק — דאָס איז געווען די פרוכט פון זיין לעבן.

דעם פּאול געפינען מיר אָבער ניט ביי אַש'ן. ער פאַראידעאַליזירט דעם „אַפּאָסטאָל" ווי דאָס וואָלט געטאָן אַן עכטער קריסט. די נסים ווערן געמאָלן מיט אַן אומאויפהערלעכער התלהבות, אָן דעם מינדסטן פאַרזוך צו אָביעקטיוויזירן די געשעענישן און ווייזן ווי אַזוי עס איז דערפון אויסגעוואַקסן אַ לעגענדע. דער פאַקט אַליין וואָס אַש האָט אַריינגעלייגט אַזויפיל אַרבעט אין די היסטאָרישע מאַטעריאַלן — וועלכע זיינען נאָר קריסטלעכע ווייל קיין אַנדערע זיינען דאָך ניטאָ — באַווייזט אַז ער באַציט זיך פּאָזיטיוו צום מאַטעריאַל און דאָס אַליין איז גענוג מיר זאָלן דאָס ווערק דערקלערן פאַר ניט יידיש. די יידישע יוגנט וואָס קאָן זיך ניט פאַרנאַנדערקלייבן אין דעם יידיש־קריסטלעכן פּראָבלעם און איז ווייניק באַהאַוועגט אין אונדזערע קולטור־אוצרות קאָן פון דעם ווערק לייכט באַאיינפלוסט ווערן צום צד פון קריסטנטום.

עס גלויבט זיך אויך ניט אַז קריסטן זאָלן צוליב אַש'ס אַפּאָלעגעטיק אויפגעבן זייער איינגעוואָרצלטע יידן־שנאה. פאַר פאַנאַטישע קריסטן קאָנען אַזעלכע ווערק נאָר דינען אַלס יסוד פאַר אַ באַנייטער באַשולדיקונג קעגן יידן. די פראַגע וואָס די אַמעריקאַנער קריסטלעך־גלויביקע וועלט וועט אַרויסדרינגען פון אַש'ס אויפפאַסונג פון דער פּאול געשטאַלט, ווען ער שילדערט אַזוי הערלעך — קאָן אפשר זיין: אויב פּאול איז באמת אַן איבערמענטשלעכע געשטאַלט מיט אַ געטלעכער שליחות און אַ מיסיע — פאַרוואָס האָט דאָס יידישע פאָלק ניט איינגעזען זיין אמת? פאַרוואָס האָבן יידן ניט אַקצעפּטירט זיין וועג, זיין לערע?

אין סך הכל: דער וואָס וועט לייענען דאָס ווערק וועט מוזן איינזען אַז עפּעס פלעמלט ביי אַש'ן אַ בלאָנדזשענדיק ליכט וואָס פירט און פאַרפירט אין אַן אַנדער ספערע. מען געפינט דעם אָפּשיין פון אַט דעם פרעמדן ליכט, זיינע אָפּשפריצן, צויטן, און צעדריבלטע פעדים אין די שורות און צווישן די שורות פון

אַט דעם מאָסיוון ווערק. דאָס ליכט איז עלול צו פאַרפירן אויף פרעמדע וועגן און עס איז אַ שאָד.

אַש וויל אונדז זאָגן אַז „כונתו רצויה״, אַז ער מיינט אָפּצושאָפן דעם תהום צווישן די צוויי גלויבנס. אַ רמז אויף דעם ווילן געפינען מיר נאָך אין זיינער אַן ערשטער דערציילונג „דער קאַמף צווישן די געטער״. לעצטנס האָט ער אויך אָפּי־ציעל דעקלאַרירט אַז ער „קאָן זיך ניט פאָרשטעלן קיין באַגריף פון „מיין גאָט און דיין גאָט״ ווייל גאָט איז אַן אוניווערסאַלער באַגריף.

די זאַך אז ניט אַזוי פּשוט. די צייטן פון מיטלאַלטער ווען די צעטיילונג פון די גלויבנס האָט געפירט צו בלוטיקע קאַמפן איז שוין לאַנג פאַראיבער. עס איז איצט אויך ניט די צייט צו פאַנאַנדערוויקלען דעם אַלטן וויכוח־פּראָבלעם פון די צוויי גלויבנס. פרייהייט פון רעליגיע איז אַן עיקר׳דיקער יסוד פון יעדער עכטער דעמאָקראַטיע און דיפערענציאַציעס פון גלויבן מוזן ניט פירן אַפילו צו גייסטיקע קאַמפן. „ילך כל איש בשם אלהיו״ — זאָל יעדער מענטש גיין אין נאָמען פון זיין גאָט. דער פּסוק אין מיכה איז דער גרונט־פּרינציפּ פון רעליגיעזער דעמאָקראַטיע.

קעמפן דאַרף מען איצט פאַר עקאָנאָמישער און סאָציאַלער גלייכקייט. אין־בערן גייסט איז דער מענטש אפשר קיין באַלעבאָס ניט און דעם אַבסאָלוטן אמת האָט קיינער ניט.

אין דער צוקונפט גלויבן מיר, אין אונזער ווייטערדיקער פולקומער אַנט־וויקלונג, ווען עס וועט זיין „ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים״ — ווען די ערד וועט פול ווערן מיט גאָטס וויסן וועט מען דערקענען אַז דער שרש איז אייך איינציקער פאַר אַלעמען. דערווייל איז נאָך משיח נישט געקומען און מיר זיינען ווייט פון דעם אַבסאָלוט מוז נאָך דערווייל אַלץ זיין מיין גאָט, דיין גאָט — און וויל מען פולע גלייכקייט איז בעסער פאַרגעסן די נשמה און זיך גלייכן אויפן חומר.

---

ביז אַצונד איז אַש געווען פאַררעכנט — און מיט רעכט — פאַרן אמתן יידישן וואָרט־קינסטלער. אין זיינע גרויסע יידישע ווערק פון „קדוש השם״ ביז „געזאַנג פון טאָל״ שטעקט די כונה פון בטחון און אמונה. זיין „תהלים ייד״ איז אַ פּערל אין דער קרוין פון יידישער ראָמאַנטיק.

אויפ׳ן סמך פון זיינע ווערק און זיינע פון צייט צו צייט אָפּגעגעבענע דערקלע־רענישן אין ליבע צום נוצרי און די אַפּאָסטאָלן, קאָן מען ליידער פעסטשטעלן דאָס טראַגישע אַז דער שילדערער און באַזינגער דיכטער פון דורות פאַרוואָרצעלטע גע־שטאָלטען פון קדוש השם, אמונה און בטחון איז אַריבער צו דער מיסטיק פון פּאָולן און דער קירך. פאַרוואָס שטעלט זיך אַש מחוץ למחנה פון היסטאָרישן יידנטום?



# דיאַלאָג אויפ׳ן שלאַכט־פעלד

פון

## י. י. טרונק

פאָדערשטע פּאָזיציע. נאָך אַ שלאַכט. שוץ־גרובן אין וואַלד. פינצטערע נאַכט. ווינט און רעגן.

ערשטער זעלנער: נישט מעגלעך געווען במשך דעם טאָג אָפּצורוימען אַלע טויטע פונם שלאַכט־פעלד. די טאַנקן און די עראָפּלאַנען צעפּערטלען און צערייסן די געפאַלענע אויף שטיקער. מ׳מוז די צע׳הרג׳טע מענטשן צונויפזאַמלען שטיקער־ווייז ווי די פלייש־חלקים אין אַ יאַטקע. איין און איינציקן הרוג כדי אים צוריק צונויפ־צושטעלן וואָלט מען אים געמוזט אויסזוכן איבערן גאַנצן שלאַכט־פעלד, און דאַן וועלן נאָך פאַרשידענע חלקים פון אים בלייבן הענגען אויף די בוימער.

צווייטער זעלנער: איך בין שוין אַן אַלטער קעמפער. כ׳האָב מיך באַטייליקט אין אַ סך מלחמות און באַקומען אַפילו אויסצייכענונגען פאַר מוט און העלדישקייט. איר הערט, קאָלעגע, דער קריג איז אַבסאָלוט נישט קיין מיספאַרשטענדעניש. דאָס אַליין גע׳הרג׳עט ווערן אָדער יענעם טויטן איז די אייגענטלעכע קאָנסעקווענץ פונם מהות פון לעבן. דער אמת׳ער מענטש איז דער מוטיקער און דער קריגערישער מענטש, דער איש־מלחמה. די שלום־צייטן האָב איך תמיד באַטראַכט נאָר אַלס לאַנג־ווייליקע צווישן־פּויזעס צווישן קריג און קריג. אין דער שלום־צייט ווערן די מענטשן פויל און אומטעטיק. און דאָס שעדלעכסטע איז, וואָס מענטשן לעבן דאַן מיט דער אילוזיע אַז דעם בן־אדם איז געראָטן זיך אָפּצורייסן פון דער אור־נאַטור און זיך אויפצוהויבן אויף דער אַזוי גערופענער קולטור איבער דער חיה׳שער און עלעמענ־טאַרער ערד־פּלאַך. די קולטור, הייסט עס, איז דער ווייכער זילבערנער וואָלקן אויף וועלכן מיר וויגן זיך אין די בלויקייטן פון די הימלען און חלומ׳ען. דער מיקלאָמפּער־שטער שלום צווישן מענטשן און די מיקלאָמפּערשטע עטישע פאַראַכטונג צו פאַרגאָ־

סענעם בלוט איז איינגאַנצן פאַלש און ליגן און איז דערווידער צו דער נאַטור פון קאָסמאָס און צו די אייביקע געזעצן פון דער וועלט־אַנטוויקלונג. אין מהות זיינעם איז דער וועלט־שלום דאָס אויבערפלאַכלעכסטע פון אַלע אויבערפלאַכלעכקייטן. די, וואָס גלויבן אין אים פאַרזען אַבסאָלוט דאָס, וואָס דער מענטש איז אַלס עקזיסטענץ און אַלס פסיכישער פענאָמען. אויב איר ווילט נישט צוגעבן אַז דער מענטש — און דאָס איז פולקום אייער רעכט — איז סך־הכל נישט מער ווי אַ בלוטדורשטיקע חיה—מיך באַליידיקט עס נישט — ביטע זייער, דאַן איז דער מענטש עפּעס העכערס, בעמליך, אַ בלוט־דורשטיקער גאָט. און איר וועט דערביי גאַרנישט געווינען, וואָרים פאַרגעסט נישט, אַז פון קדמונים זיינען די גאָטהייטן געווען פיל בלוט־דורשטיקער ווי די חיות, און זיי האָבן זיך גאָר נישט געשעמט צו מאַכן פון זייער בלוטדורשטיקייט העכסטע קולטן. די געטער זיינען פיל אויפריכטיקער און פיל אמת׳ער ווי די מענטשן, און זיי ווייזן זיך אונדז אין זייער אייגנטלעכסטער טבע. אין דער בלוטדורשטיקייט אידענ־טיפיצירן זיך די גאָטהייטן מיטן קאָסמאָס און מיט דער אייביקייט. לייענט נאָר די מיטאָלאָגיע פון דער אַנטיקע און די געשיכטע פון די רעליגיעזע מלחמות. די געטער האָבן געטויט זייערע קעגנער פאַרן מינדסטן וואָרט, און מיט דער גרעסטער לוסט אַראָפּגעקוקט פון די הימלען אויף פאַרגאָסענעם בלוט. אויב די מענטשן האָבן אין זייער קורצזיכטיקער פאַרבלענדעניש געגלויבט צו מאַכן צווישן זיך שלום, די געטער אָבער אין זייער גע־פיל פאַרן אייביקן אמת, האָבן אַפילו קיינמאָל נישט געפּרואווט אַזאַ אויסזיכט־לאָזע מעגלעכקייט. איר מיינט, קאָלעגע, אַז איך בין אַ באַרבאַר. ניין, איך בין דורכ־אויס אַ קולטור־מענטש, נאָר איך באַנעם די קולטור פיל טיפער איידער איר. אויב מיר בויען אויף קולטורן טוען מיר עס נישט כדי זיי צו דערהאַלטן, נאָר כדי זיי צו צעשטערן. אין דעם איז אונדזער נאַטור ווידער געגליכן צו דער טבע פון אַלע גאָט־הייטן, און מיר פאַרשטייען די מענטשלעכע גזעלשאַפט לויט דעם אָפּבילד פון דער געזעלשאַפט פון די געטער. אַזוי האָבן עס פאַרשטאַנען האָמער און די גרויסע דיכ־טער פון דער אַנטיקער וועלט. אין דעם שטעקט זייער גרויסקייט און זיי זיינען טאַקע פאַרבליבן אונדזערע לערער. דאָס צעשטערן און דאָס טויטן איז די צווייטע זייט פון דער מענטשלעכער פרייהייט, און אַלע פרייהייטן און אַלע נויטווענדיקייטן און אַלע אינסטינקטן פון מענטשן האָבן די אַנטיקע דיכטער זייער טיפזיניק אַרונטערגענומען אונטער איין וואָרט: שיקזאַל! שיקזאַל איז די איינהייט פון אַלע צווייקייטן, און דער לעצטער אויסגלייך און דער לעצטער ווידערקער פון אַלע אַנטוויקלונגען צו זייער קאָסמישן שורש. שיקזאַל אָבער און כאַאָס איז איינס און דאָס זעלביקע. נאָך מער, איבערן שיקזאַל שטייען ניט די גאָטהייטן, וואָרים די גאָטהייטן זיינען אונטערן שיק־זאַל. איבערן שיקזאַל שטייט דער כאַאָס, און דער כאַאָס איז דער סופּרימא לעקס.

דאָס העכסטע געזעץ אין דעם סדר׳לאָזן סדר פון דער וועלט. אָט דאָס העכסטע פון אַלע הויכקייטן — דער כאַאָס — איז די ראַציאָ, די דערקענטעניש און דער טיפסטער שכל פונם מענטשלעכן לעבן. מיט׳ן מכלומרשטן וועלט פרידן דערווייטערט איר זיך גאָר פון אַלע עלעמענטאַרע וואָרהייטן פון דער וועלט ווי אַ יתום־קינד וואָס איז דערווייטערט פון דער מילך פון דער מוטער־ברוסט. און איר וועט אויסגיין פון גייסטיקן הונגער און בלאָנדזשען אין אַלע בין־השמשות׳ן און אין די פינצטערנישן פון אַן אומבאַקאַנטן וואָס וועט תמיד פאַר אייך בלייבן אומבאַשטימט און נעבלהאַפטיק. דער קריג אָבער צווישן די קרעאַטורן פון דער וועלט, ד. ה. דאָס צוריק־אויפגיין אין דער צעשטערונג, איז דאָס קלאָר רעאַליזירטע אומבאַקאַנטע, דאָס אומבאַקאַנטע אַלס וועלט־וואָרהייט און אַלס דערקענטעניש. און נאָר אויף דעם דאָזיקן אופן ווערט דאָס אומבאַקאַנטע יסודות׳דיק און ראַציאָנעל. אַפילו דאָס וועלט־מיסטעריום ווערט ראַציאָנעל אין אָנגעזיכט פון טויט און צעשטערונג. מענטש־זיין הייסט חיה־זיין, און חיה־זיין הייסט גאָט־זיין, און גאָט־זיין הייסט העלד־זיין, ד. ה. קין דער אייביקער מענטשן־טויטער און דער אייביקער צעשטערער. אַזוי אַרום פולענדעט זיך דער קרייז פון דער אַנטוויקלונג.

קוקט קאָלעגע, מיר ליגן איצט ווי בלוטיקע וועלף אין וואַלד און אין ווינט און אין רעגן. די ערד איז קלעפיק און בלאָטיק ווי אין איר שליימיקן אור־צושטאַנד, אין מיינע אינגעווייִדן נאָגט דער הונגער ווי אַ וואָרעם. אָבער דער הונגער אין אָנגעזיכט פון אַ פרעמדן, פאַר מיר גאַנץ אומבאַקאַנטן מענטש, אויף וועלכן איך לויער כדי אים צו טויטן, איז פאַר מיר אַ וואונדערלעך איבערלעבעניש, אַן עקסטאַז און אַן עמאָציע פון דעם חיה׳שן צי פון דעם געטערישן קאָסמאָס. דער געטלעכער העראַקליט האָט פאָרמולירט דעם קריג אַלס דעם פאָטער פון אַלעם. האָבן די פרייהייט צו טויטן איז די העכסטע פרייהייט פון דער פערזענלעכקייט, די העכסטע איניציאַטיוו פון דער פערזענלעכקייט, און דאָס העכסטע העלדנטום פון דער פערזענלעכקייט. גיט אַהער אַ טרונק בראָנפן, קריגערישער קאָלעגע, בראָנפן דערוואַרימט דאָס בלוט און וועקט אויף דערין אַלע אינסטינקטן פון דער חיה, ד. ה. די אינסטינקטן פון דעם וועלטאַל.

ערשטער זעלנער: איר גלויבט אַז איר טוט צו מיר רײדן ווי אַן אור־מענטש, און דערמיט מיינט איר צו זיין דער ריינער אורשפרונגלעכער וועלט־אמת. דעם אָנהויב און דעם אויסגאַנג פון דער וועלט און פון דער געשיכטע זעט איר אין דער בלוטדורשטיקייט פון דער חיה, אָדער ווי איר זאָגט נאָך מיטישער, אין דער בלוטדורשטיקייט פון די געטער צי פון די קאָסמישע עלעמענטן. איר טראַכט און דענקט אין די שטימונגען פון אייער אייגענער פאַרלוירנקייט. גראָד דערין זייט איר אַ טיפישער היינטצייטיקער מאָדערנער מענטש. די בלוטדורשטיקייט אייערע — וואָס איז ניִשט מער ווי

דאָס מינדערוואַרטיקייטס־געפיל, דער יאוש און די וואָג־לאָזיקייט פון דעם היינטציי־טיקן מענטש — לייגט איר אומישנע אַריין אין די יסודות פון דער וועלט. און איר טוט עס אַפילו מיט פּאַטאָס. דאָס וועלט־בילד זעט איר פאַלש אין דעם בילד פון אייער באַדנלאָזער פערזענלעכקייט. די געזעצלאָזיקייט אין דעם כאַאָס פון אייער אייגענעם איך, זעט איר אַלס געזעצלאָזיקייט און כאַאָס פון דער וועלט. נישט בלויז דער מענטש זעט דאָס וואָס ער וויל זען, ער ווייס אַפילו בלויז נאָר דאָס, וואָס ער וויל וויסן. די אָביעקטיווע וויסנשאַפטן, אַפילו אַזעלכע אָביעקטיווע וויסנשאַפטן ווי די מאַטעמאַטיק, די פיזיק, די כעמיע און בכלל אַלע נאַטור־וויסנשאַפטן, זיינען סך־הכל נישט מער ווי דער סוביעקטיווער לעבנס־ציל פון אונדזערע עמאָציעס. ווי עמאָצי־אָנעל למשל איז אַיינשטיין און די גאַנצע מאָדערנע קוואַנטום־טעאָריע וועלכע באַשטע־טיקן מכלומרשט וויסנשאַפטלעך דעם כאַאָס און די געזעצלאָזיקייט. אָ, ווי מאָדערן־עמאָציאָנעל זיי זיינען! די עמאָציע באַשאַפט די וועלט־אַנשויאונג און דאָס אָביעקטי־ווע וועלט־בילד. זאָג מיר וואָס דו ביסט און וואָס ס׳איז דיין כאַראַקטער און איך וועל דיר זאָגן ווי דו זעסט — אָביעקטיוו — די וועלט. איר רעדט כסדר פון אַנט־וויקלונג און זעט דערין די באַרעכטיקונג פון אייער געפיל. מיר אָבער פאַרשטייען גראָד זייער נישט ריכטיק דאָס וועזן פון דער אַנטוויקלונג, און מיר האָבן געמאַכט אין דעם דאָזיקן מכלומרשט אָביעקטיוון פּרט זייער גרויסע אָביעקטיווע טעותים. אַפילו אַזאַ אָביעקטיוו־אָפּגעטאָנענע זאַך ווי די מענטשלעכע פאַרגאַנגנהייט, ד. ה. די גע־שעענע פאַקטן פון דער געשיכטע, שאַצן מיר אָפּ לויט אונדזערע קעגנוואַרטיקע שטי־מונגען און עמאָציעס. עס ווייזט זיך דעריבער אַרויס, אַז מיר מאַכן דאָ כסדר היס־טאָרישע טעותים, און אַלע געשעענע פאַקטן דרייען מיר אויס לויטן ווינט פון אונדזער געמיט. אויך אין דער געשיכטס־וויסנשאַפט מאַכן מיר קאָלאָסאַלע טעותים. אפשר די קאָלאָסאַלסטע טעותים פון אונדזערע וויסנשאַפטן. איך וועל אייך נאָר ווייזן אַ קליינעם ביישפּיל: מיר האָבן פון תמיד אָן געקוקט אויף דער געשיכטע פונם שטאַנדפּונקט פון דער עמבריאָלאָגיע. די סכעמע פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג איז געווען, אַזוי צו זאָגן, די פאָלגנדיקע: דאָס מענטשלעכע באַוואוסטזיין האָט אָנ־געהויבן אויפצודעמערן עפּעס ווי פון אַן אור־שליים פון אַ חיה׳שער גייסטיקער פינצ־טערניש. דער ערשטער מענטש איז ערשט געשטאַנען אַ טריט נאָך דער חיה. זיין ערשטע קולטור־טאַט — ווי מיר געפינען זי אין דער פריער שטיין־צייט — איז געווען קוים ווי עטוואָס ווייטער ווי די טאַט פון דעם אָראַנגאָטאַנג. דעם אור־מענטשנס געדאַנק איז נאָך געווען פּרימיטיוו, אָבערגלויבעריש און געשפּענצטערהאַפטיק, און האָט געשמעקט מיט דער אור־נאַכט פון דער וועלט. ווען די צונג האָט זיך דעם דאָזיקן ווילדן מענטש אויפגעבונדן כדי אויסצודריקן זיין וועלט־צושטאַנד איז עס

נאָך געווען אַ גאַנץ פֿאַרמלאָז און אומהיימלעך געבערום פֿון אַ שטומען. די מהותן פֿון דער וועלט האָבן נאָך אור־ווילד און חיה׳יש אַרויסגעקלונגען פֿון זיין מויל. כדי צו באַשטעטיקן די דאָזיקע פֿריע צושטאַנדן פֿון דער מענטשהייט, האָבן מיר קודם־כל געהאַט אין דער האַנט סך־הכל נישט מער ווי עטלעכע קינבאַקן פֿון דעם „היידלבער־גער" צי „נעאַנדערטאַלער" מענטש־עקזעמפּלאַר. אָט־אָ־די געפֿונענע קינבאַקן האָבן אונדז באַשיינפּערלעך געוויזן דעם עמבריאָנאַלן אור־מענטש אין זיין זאָאָלאָגישער גע־שטאַלט און וואָס מען האָט גייסטיק פֿון אים ד. ה. פֿון דער דאָזיקער מענטש־חיה, גע־קאָנט דערוואַרטן. אַפֿילו די היינטיקע ווילדע פֿעלקער אין די וויסטענישן פֿון אַפֿרי־קע, צי די נעגער פֿון אויסטראַליע אין זייער גאַנץ פּרימיטיוון קולטור־באַשטאַנד זיי־נען, אַזוי צו זאָגן, לעבעדיקע איבערגעבליבענע עדות פֿון דעם קלאָגדיקן און טעמפּן גייסטיקן באַשטאַנד פֿון דעם ערשטן מענטש.

די מאָדערנע פּסיכאָ־אַנאַליז פֿון דער פֿרוידיאַנישער שול האָט געמאַכט אַ וויי־טערן שריט: אין אונטער־באַוואוסטזיין און בכלל אין אונדזערע גייסטיקע קראַנק־הייטן, ניוראָזן, וואַהן־אידעען און קאָמפּלעקסן האָט זי מיט אַן אויסטערלישער גע־נויאיקייט אויפֿגעדעקט די געאָלאָגיע פֿון מענטשלעכן גייסט: אַזוי צו זאָגן די גאַנ־צע געגנעזיס סיי פֿון דער פּערזענלעכער סיי פֿון דער קאָלעקטיווער נשמה, ביז צו אירע טונקלסטע אור־קוואַלן. (אין זיין ווערק „טאָטעם און טאַבו" באַמיט זיך צ. ב. פֿרויד צו קאָנסטרואירן מיטישע פֿאַקטן פֿון עפּעס אַן אור־פֿאָטער וועלכן די זין האָבן אַוועקגע׳שחט׳ן, און אָט־אָ־דער אור־ווילדער מענטש זאָל דאָס אויך זיין דער אור־פֿאָטער פֿון אונדזער גאַנצן גייסטיקן באַגאַזש און פֿון אונזער מאָראַליש געוויסן). דאָס דאָזיקע עמבריאָנאַלע אַנטוויקלונגס־בילד וואָלט געווען גאָר שיין און קלוג ווען די זאַכן וואָלטן טאַקע געווען אַזוי באַשיינפּערלעך פּשוט, און דער אָקס וואָלט זיך געלאָזט אויף אַן אמת אָנכאַפּן פֿאַר די הערנער. איז די מעשה אָבער, וואָס פּאַראַלעל מיט דעם שיינעם מיטאָס פֿון דעם „נעאַנדערטאַלער" און מיט דער גאַנצער קונציק אויפֿגעבויטער דיאַלעקטישער פּיראַמידע וואָס גייט פֿונם טעמפּסטן פּרימיטיוו צו דער ראַפֿינירטסטער דערקענטעניש — פּאַראַלעל, — זאָג איך, — מיט דער אַנט־וויקלונגס־ליניע וואָס גייט פֿון טיף אונטן ביז הויך אויבן, גייט נאָך אַן אַנטוויקלונגס־ליניע: דווקא אַ קאַפּוירדיקע אַנטוויקלונגס־ליניע, וואָס שטעלט די ערשטע עמאַצי־אַנעלע־הנחות אויפֿן קאָפּ. היינט צו טאָג הויבט זיך אָן אויפֿצובויען אַ צווייטע, אויך אַ גאָר וויסנשאַפֿטלעכע און עמאַציאָנעלע אַנטוויקלונגס־ליניע. יאָ חשובער קאָלעגע אין שוץ־גרובן, דער מענטשלעכער גייסט איז באמת זייער אומרוהיק און ער דער־גייט קיינמאָל נישט צו קיין טאָלק. די וויסנשאַפֿטן הייבן זיך אָן צו פּלאָנטערן דווקא ווען זיי גלויבן אָט אָט צו האָבן צוגעקומען צו די ענדגילטיקע שלוסן. שטעלט אייך פֿאָר: די לעצטע פֿאָרשונגען וועגן די אַלטע רעליגיעס און אַלטע קולטורן גיבן אונדז

דאָס בילד פון אַ גאָר אַנדערער דיאַלעקטיק, נעמליך אַן אַנטוויקלונג וואָס גייט פון אויבן אַראָפּ. פּאַמעלעך הויבט זיך אָן אַרויסצווייזן אַז דער מענטש וואָס האָט גע־האָט די קלאָרסטע, טיפסטע און וועזנהאַפטיקסטע דערקענטענישן וועגן אַלע אמת׳ן פון דער וועלט איז גאָר געווען דער יעניקער מענטש וואָס איז נאָך געשטאַנען ביי די אור־קוואַלן פון דער קרעאַטור. ער איז אָקערשט אַרויסגעקומען פון דעם תהום פון דער וועלט און דעריבער האָט ער אַלצדינג געוואוסט וואָס אין איר טוט זיך. פריע־ברוך־שטיקער פון די אַלטע אינדישע וועדן און פון דער ריגוועדאַ וועלכע די היינט־צייטיקע פאָרשער ווילן צוריק פירן זייער אורשפּרונג צו צוואַנציק און צו אַ סך מער טויזנטער יאָרן צוריק, ד. ה. כמעט צו דער זעלבער צייט פון די מכלומרשטע ווילדע האָרדעס פון הייל־מענטשן, און די פּאַלעאָליטישע און נעאָליטישע שטיין־צייטן — אָט אָ־די אויבן דערמאָנטע וועדע־טעקסטן אַנטפּלעקן גאָר אַזעלכע איידעלע און הויכע וועלט־דערקענטענישן וועגן וועלכע מיר באַמיען זיך צו ריידן אין טויזנטער סיסטע־מען פון פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט און אין גאַנצע ביבליאָטעקן מיט פאָליאַנטן און מיר קאָנען זיך סוף כל סוף נישט דעררײדן צום פּינטל און צום עיקר. דאָ אין דער בלאָטע פונם שלאָכט־פעלד קאָן איך אַייך נישט אויפאויסנווייניק ציטירן שטיקער פון דער ריגוועדאַ, און זי זאָל שוין אַלט זיין צענדליקער טויזנט יאָר. דאָרט זיינען פּאַראַנען זאַצן וואָס זאָגן אַרויס געדאַנקען וועגן די טיפסטע וועלט־אמת׳ן, אַזוי קלאָר, אַזוי קנאַפּ און אַזוי סינטעטיש, אַז אונדזערע אַלע רעליגיעס, פילאָזאָפיעס און דערקענטעניש־וויסנשאַפטן ביז צו דער לעצטער צייט, זיינען נישט מער ווי טונ־קעלע אומקלאָרע שטאַמלענישן און אַ טאַפּן אין דער פינצטערניש. אויך די פריע עגיפּטישע וויזהייטן וועגן דעם וועזן פון דעם אַבסאָלוט זיינען פון דער העכסטער מדרגה, און זיי שטאַמען כמעט פון דער זעלבער צייט ווען איר ווילט זען דעם מענטש אַלס אַ ווילדע, טעמפּע, אָבערגלויבערישע און בלוטדורשטיקע הייל־בעסטיע. ערשט דער שפּעטערער געפאַלענער מענטש וואָס איז דעגענערירט געוואָרן אין זיין וועלט־געפיל, אין זיין אינטעלעקט און אין זיין וויסן, און איז אַליין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בעסטיע, ער האָט דאָס פון די אַלטע אַבסאָלוטע גאָטהייטן פון דער ריגוועדאַ, פון די עגיפּטישע וויזהייטן, און פון די אַנדערע טעקסטן מיט אומבאַקאַנטער שריפט, וועלכע מיר קאָנען גאָרנישט אַנטציפערן, — פון די דאָזיקע איידלסטע גאָטהייטן האָט דער געפאַלענער מענטש געמאַכט טעמפּע בלוטדורשטיקע בעסטיעס לויט דעם אָפּ־בילד פון זיינע דעגענערירטע עמאָציעס. און ער האָט דאָ ווידער זיין דעגענערירטן איך געזען אינם טריבן שפּיגל־בילד פון דעם דעגענערירטן אַבסאָלוט. די געטער זיינען צו אונדז שלעכט, ווייל מיר זיינען געוואָרן די שלעכטע, אָבער אין דער אמת׳ן איז דאָס גוטע, דערהויבענע און פרידליכע דאָס אורשפּרינגליכע וועזן פון דער קרעאַטור. זעט, ווי די דיאַלעקטיק איז גאָר אַ שטעקן מיט צוויי עקן און העגל קאָן דאָ פון דאָסניי גע־

שטעלט ווערן אויפ׳ן קאָפּ, ד. ה. אַז דער דרך פונם וועלט־גייסט גייט גראַד פון דעם העכסטן צו דעם נידעריקן און דער וועלט־גייסט ווערט כסדר דעגענערירט און דעגע־נערירט, טעמפּ און טעמפּער, סיידן אַז די דאָזיקע טראַגישע ירידה זאָל זיך אינמיטן דערין אָפּשטעלן און ס׳זאָל זיך אָנהויבן דער וועג־צוריק צום וועלט־אורשפּרונג און צום אורשפּרינגלעכן מענטש. קוקט, ווי אַפילו די פּסיכאָ־אַנאַליז האָט אירע מעטאָדן אויפגעשטעלט ענגקעפלדיק און אײנזײטיק און זי האָט אינם מענטשלעכן אונטער־באַוואוסטזיין זיך באַמיט נאָר אויסצוגעפינען די שפּורן פון אונדזערע אור־פּעטער אין די היילן וואָס קוילענען זיך אויס צווישן אַנאַנדער און פרעסן זיך אויף, און פון דער אַנדערער זייט זיינען זיי פּחדנות׳דיק און ציטערן פאַרן מינדסטן בליץ אויפן הימל און פאַר יעדער נאַטור דערשיינונג וואָס געהער נישט צו זייער טאָג־טעגלעכן ווערק־געצייג. איבריגנס איז פּחדנות די טבע פון אַלע טיראַנען. אָבער די פּסיכאָ־אַנאַליז האָט פאַלשטענדיק אינגאָנירט — און דאָ האָט זי ווידער געהאַנדלט לויט אַן איינזיי־טיקער עמאָציע — די וואונדערלעכע אור־זכרונות אין דער מענטשלעכער פּסיכיק וועגן אַ גאָלדענעם צייט־אַלטער און וועגן אַ וואונדערלאַנד אַטלאַנטידע וואו די מענטש־לעכע געזעלשאַפט האָט געהאַט דערגרייכט דעם העכסטן אופן פון גייסט און פולקומנ־הייט, און דער ניוואָ פון איר קולטור און אירע וויסנשאַפטן און איר עטיק און מאָ־ראַל זיינען געשטאַנען אויף אַזאַ דערהויבענער מדרגה אַז די שפּעטערע קולטורן זיי־נען נישט מער ווי אירע קלעגלעכע ברוך־שטיקער און אירע טונקעלע רעמיניסצענצן. קוקט ווי אין אונדזער אונטער־באַוואוסטזיין טליען נישט בלויז די פּעך־פייערן פון אַ גיהנום, נאָר ס׳זיינען נאָך דאָרט פאַראַן די ריחות און די וואונדערלעכע בלויקייטן פון אַ גן־עדן.

נאָך איינס: אויב די עמבריאָנאַלע און די זאָאָלאָגישע וועלט־אַנשויאונג האָט אין אירע הענט דעם „גענאַנדערטאַלער מענטש" און די אומבאַהאָלפענע פּרי־קולטורן, האָבן מיר אָבער אויך — אַלס אַנדערן באַווייז — אַ לעבעדיקן פאָסיל פון דער לע־גענדאַרישער גאָלדענער צייט און פון דעם הויך־מאָראַלישן וואונדערלאַנד אַטלאַנטי־דע, נעמליך, די מענטשלעכע שפּראַך.

אָ, עס איז אַ געוואַלטיקער טעות צו מיינען אַז די מענטשלעכע שפּראַך איז נישט מער ווי א וויטערדיקע אַנטוויקלונגס־שטופע פון דעם וויסטן אור־געברום פון דעם היילן־מענטש! פּונקט קאַפּויער. גראַד די מאָדערנע שפּראַכן זיינען נישט מער ווי אָפּגעשוואַכטע קלאַנגען פון די וואונדערלעכע ערשטע שפּראַכן. און זיי ווערן כסדר בלאַסער און אָפּגעשוואַכטער און דערקענטעניש־אָרימער. יענע אור־שפּראַכן זיינען געווען די וועלט אויסגעאיידעלט און דערקענט אינם מענטשלעכן געדאַנק. זיי זיינען געווען די עסענצן פון דער דערקענטעניש־בלום, און מיר גיסן נאָר צו זיי צו וואַסער, קאָמבינירן מיט די שטראַלן פון זייער אינערלעך וועלט־ליכט און לעבן ווי

פּאַראַזיטן אויף זייער חשבון. ווי גרויס מוז זיין אונדזער אָרימקייט, אַז מיר קאָנען פון אונדזערע גייסטיקע פאַרמעגנס נישט מער שאַפן קיין נייע שפּראַך און קיין נײַ וועלט־בילד אין דעם ליכט־און־שאָטן שפּיל פון אונדזער וואָרט־באַגריף, אַזוי ווי עס האָבן עס געטאָן יענע עטישע און דערקענענדיקע מענטשן פון אַטלאַנטידע. דאָס וואָרט אַלס סינטעטיש און באַנעמעריש וועלט־בילד האָט נאָר באַשאַפן דער ערש־טער מענטש וועלכן איר ווילט דווקא זען אַלס פינצטערע און אומוויסנדיקע קרעאַ־טור אין דעם פייכטן בויך פון דער ערד. די ערשטע, און צוגלייך די אַנטשיידנדיקסטע, דערגרייכונג פון אַלע קולטורן האָבן געשאַפן די ערשטע מענטשן, וואָרים זיי האָבן געשאַפן די שפּראַך — און דערמיט פאַרוואַנדלט די וועלט אין פאָרשטעלונג. זיי האָבן אויסגעקעלטערט די ווייַנען פון אַלע עקזיסטענצן און אַלע קרעאַטורן אַריין אין די גינגאָלדענע בעכערס פונם מענטשלעכן וואָרט. אין אָנהויב איז געווען דאָס וואָרט — און מיט דעם איז געטון געוואָרן די גרעסטע טאַט פון דעם מענטש וואָס האָט זיך באַפרייט פון דער אומהיימלעכער וועלט־שטומקייט פון דער חיה. די ערשטע מענטשן האָבן אַלץ געוואוסט, און געזאָגט. פון אָט יענער וואָרט־שאַפונג האָבן די שפּעטערע פילאָזאָפיע, רעליגיעס און דיכטונג נישט אויפגעהערט צו שעפּן זייערע דערקענטענישן, דאָס געמיט, די פּאָעזיע און דעם וועלט־ריטמוס פון דער מענטש־לעכער נשמה. מיר האָבן נישט מער געטאָן אין די שפּעטערע דורות, און מיר טוען כסדר נישט מער, נאָר ווי מיר אַנטפּלעקן די אוצרות פון מענטשלעכן גייסט און די וועלט מהותן וואָס געפינען זיך אינם ערשטן וואָרט.

איז עס אַ סתירה צו דער זאָאָלאָגישער וועלט־אַנשויאונג?

ניין, וואָרים ס׳איז זייער מעגלעך אַז די פּרימיטיווע פּרי־קולטורן פון דער שטיין־צייט געהערן צו אַן אַנדערער ראַסע, אַ ראַסע האַלב־חיה, האַלב מענטש; די שפּראַכן אָבער, דאָס עטישע געוויסן און די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אונדזער עקזיסטענץ געהערן צו יענעם וואונדערלעכן מענטשן־געשלעכט פון לאַנד אַטלאַנטידע. און אויב מיר געפינען נישט אינם שויס פון דער ערד די שפּורן פון מכשירים, מיט וועלכע די מענטשן פון דער גאָלדענער צייט אין אַטלאַנטידע האָבן באַצוואונגען די האַרטנעקיקייט פון דער נאַטור און פון איר אַרויס באַקומען זייער טאָג־טעגלעכע חיונה, איז עס אפשר דערפאַר, ווייל אין זייערע פאַרמעסטן מיט דער נאַ־טור האָבן זיי גאָר נישט באַדאַרפט קיין גראָבע ווערק־געצייגן און האָבן זי גאָר באַ־הערשט מיטן גייסטיקן כוח פון אַן אויסגעאיידלטן ווילן, אָדער זיך באַנוצט מיט אַזעלכע אַבסטראַקטע און פאַרבאָרגענע נאַטור־כוחות פון וועלכע מיר האָבן צומאָל נישט קיין אַנונג. דאָס מלכות פון זייער מאָראַל איז געווען דער איינציקער האַר אי־בער אַלע קרעאַטורן, און שעקספּירס פּראָספּעראָ איז אַ געוויינטלעכער מענטשן־מוס־טער פון יענער גאָלדענער עפּאָכע פון גייסט. יאָ, ליבער קאָלעגע, ס׳איז טאַקע מעג־

לעך אַז מיר געהערן צו צוויי פאַרשידענע מענטשן־ראַסעס, און דער פערסישער מי־טאָס וועגן האַרמוז און אַחרימון ד. ה. די צוויי גאָטהייטן פון ליכט און פינצטערניש איז גאָר נישט אַזוי ווייט פונעם היסטאָרישן אמת. האַרמוז און אַחרימון פירן נאָך היינט זייער געראַנגעל און זיי גיבן דער מענטשלעכער געשיכטע איר ליכט און איר טונקלקייט. יעדע אידעע, יעדער געדאַנק און יעדע גײַזעלשאַפטלכע באַוועגונג איז דאָס שלאַכט־פעלד צווישן הארמוז און אַחרימון. אַפילו אויף דעם שטח פון, אַזוי צו זאָגן, דעם אַבסאָלוטן אמת קעמפן צווישן זיך הארמוז און אַחרימון. וואָרים אויך דער אַבסאָלוטער אמת קאָן זיין סיי ליכטיק און סיי פינצטער, און ס׳איז דאָ צוויי אַב־סאָלוטע וועלט־אמת׳ן וועלכע זיינען ביידע אַבסאָלוט און אמת. ס׳געווענדט זיך נאָר אין אונדזער עמאָציע, ד. ה. אין אונדזער וועלט־צושטאַנד. אומעטום און תמיד קעמ־פען האַרמוז און אחרימון, און קעמפן און קעמפן . . . אונדז דאָ אין די שוץ־גראָבנס, איז גראָד אויסגעקומען צו ליגן אין דעם מלכות פון דעם פינצטערניש־גאָט.

2־טער זעלנער: אָ, ווי איר זענט נאַאיוו! נאָר אייערע פערזענלעכע שוואַכ־קייטן האָט איר אַנגעטאָן אין די טרוימערישע געווענדער פון אַ גאָלדענער צייט. די מענטשן וואָס האָבן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דעם גורל אייביק צו זיין אָנגעע־בונדן מיט קייטן צו דער חיה האָבן זיך אַליין אויסגעטראַכט מעשהלעך פונם לאַנד אַטלאַנטידע. אַטלאַנטידע איז נישט מער געווען ווי די אומבאַהאָלפענע קאָמפענסאַציע פאַר די ווייכע און קרענקלעכע כאַראַקטערן וואָס האָבן נישט געהאַט דעם מוט צו זען די שפּראָצן פון דעם נעאַנדערטאַלער אור־מענטש. און אַטלאַנטידע געפינט זיך דעריבער נישט אין די קעלערן פון אונדזער אונטערבאַוואוסטזיין — די קעלערן וואו עס ווערט אויפריכטיק אויפגעהיט דער גאַנצער מענטשלעכער יחוס, און דער גאַנ־צער מענטשלעכער אמת. די פּסיכאָ־אַנאַליזע איז אַבסאָלוט נישט געווען ענגהאַרציק, נאָר זי האָט פּשוט נישט געפונען קיין שפּור פון דעם גאָלדענעם צייט־אַלטער צווישן די קאַניבאַלישע איבערבלייבענישן אין אונדזער אונטערבאַוואוסטזיין. און אויב ס׳איז טאַקע ווען עס איז אַמאָל געווען אַ גאָלדענער צייט־אַלטער איז עס נישט מער געווען ווי איין גרויסע אַנטוישונג און אַ געוואַלטיקער טעות וועגן וועזן פון דער וועלט — און האָט זיך אויסגעלאָזט מיטן גרעסטן קאַצן־יאָמער. און ער געהערט גאָרנישט צו דער סכום פון מענטשלעכער געשיכטע. ווי קאָן זיין אמת דאָס יעניקע, וואָס אַנטוישט כסדר? און דער פרידן און די ליבע אַנטוישן אונדז כסדר. נאָר דער קריג און די שנאה אַנטוישן אונדז נישט. איר האָט שוין געהערט ווען, צי געלייענט ערגעץ־וואו אַז דער שיקזאַל זאָל נישט זיין טראַגיש, ד. ה. פיינטלעך און פאַרניכטנדיק? און דער שיק־זאַל איז דאָך העכער איבער אַלע גאָטהייטן, און זיי האָבן אַקעגן אים נישט קיין באַ־שטאַנד. דער שיקזאַל איז צו אונדז אַזוי גרויזאַם, ווייל נאָר דער שיקזאַל איז קאָס־מיש און די גוטע געטער זיינען נישט מער ווי אומבאַהאָלפענע קאָמפענסאַציעס פאַר

די טראַגישע אמת׳ן פונם שיקזאַל. דער פריינט איז געטלעך, און דער פיינט איז נאָך העכער, ער איז שיקזאַל; און מיר קלויבן זיך אים נישט אויס, אַזוי ווי מיר קלויבן זיך נישט אויס דאָס שיקזאַל. דעם פריינט קלויבן מיר זיך אויס, אַזוי ווי מיר קלויבן זיך אויס די גאָטהייט. און דער פריינט אַנטוישט אונדז פּונקט ווי עס אַנטוישט אונדז די גאָטהייט. דער פיינט אָבער אַנטוישט אונדז קיינמאָל נישט און מיר קאָנען אים תמיד פיינט האָבן. איך ליג דאָ אין דער נאַכט און דערוואַרט דעם אומבאַקאַנטן מענטש־פיינט, ד. ה. דעם אומבאַקאַנטן שיקזאַל. דאָס איז דער העכסטער אידעאַל פון דעם קאָסמישן מענטש.

1־טער זעלנער: וואו האָט איר דעם מענטש־פיינט וועלכן איר דערוואַרט אַזוי גיריק?

2־טער זעלנער: אויף יענער זייט וואַלד ליגט ער פּונקט אַזוי ווי איך אין ווינט און רעגן און וואַרט אויף מיר מיך צו פאַרניכטן. די וואַלקנס יאָגן פינצטער ווי אין די ערשטע טעג פון דער וועלט. צוויי אומבאַקאַנטע מענטשן ליגן קעגנאַנאַנדער אין דער פייכטער אויפגעגראָבענער ערד און לויערן אויף אַנאַנדער זיך צו טויטן. נאָר אַזוי אַרום דערקענען זיי זיך און פאַרלעשן זיך ווי צוויי אונטערגייענדיקע שטערן אין דער אייביקער נאַכט פון דער וועלט. ווי אור־העלדנהאַפטיק און ווי קאָסמיש! און וויפיל וועלט־אמת! דאָס איז דער גאַנג פונם אייביק־אומגעשטילטן וועלט־ווילן און דאָס גרויסע מיסטעריום פון דער שאַפונג.

1־טער זעלנער: — וואו האָט איר במשך דער נעכטיקער גרויסער שלאַכט געזען דעם מענטשן־פיינט? ס׳איז געווען בלויז די נידריקסטע און די טעמפּסטע מאַטעריע פון דער ערד, דאָס שטאָל און דאָס אייזן וואָס דער מענטש האָט אויסגעגראָבן פון די טיפע און אייביקע פינצטערנישן אין די אינגעווייד פון דער ערד און זיי קאָנסטרואירט אין אומגעהויערע און אומגעלומפּערטע מאַשין־באַשעפענישן, און אַרויסגערופן די טעמפּע און אומבאַוואוסטזיניקע געזעצן פון דער מאַטעריע, ד. ה. די פיזיק, צו זיין דאָס לעבן און די נשמה פון די דאָזיקע אומגעהויערן. נישט מיט דעם העלדנהאַפטיקן שיקזאַלהאַפטיקן מענטש האָבן מיר זיך געטראָפן אין דעם קאַמפּסשפּיל פון לעבן און טויט, נייערט מיט דער בלינדער אינערטישער און געדאַנקענלאָזער מאַשין. איר האָט געזען ווי פון די פיינטלעכע שלאַכטליניעס אַרויס האָט זיך קיין איין באַוואָפנטער פיינט נישט באַוויזן, נאָר אין די הונדערטער און אין די טויזנטער זיינען פון דאָרט אָפּער געקראָכן די טאַנקן. בלינדע, שטאָלענע און אויסטערלישע אומגעהויערן־מאַשינען. זיי האָבן געברוישט און געקלאַפּט ווי צעווילדעוועטע טייוולאָנים. זיי האָבן געפויזט, און געלאָפן איבערן שלאַכט־פעלד, געשפּיגן אויף אונדז מיט אַ מבול פון קוילן, און זייער אָטעם איז געווען פייער און גיפטיקע גאַזן. שטאָלענע שוואַרצע מאַשינען זיינען כמאַרעסווייז אַרומגעפלויגן אין די הימלען אי־

בער אונדזערע קעפּ העכער און שנעלער ווי די פלינקסטע אָדלערס. זיי האָבן אומ־הימלך געטרוישט און געקראַקעט צווישן די וואַלקנס. אינמיטן דעם וויסטן גיהנם פון צעפּעטעטעטע און טייוולאַניש־צעוואָיעטע מאַשינען וואָס זיינען געלאָפן איבער דער ערד און געפלויגן אין די הימלען זיינען צענדליקער טויזנטער פון אונדז צעריסן גע־וואָרן אויף בלוטיקע שטיקער, אָדער פאַרקוילט און פאַר׳סמ׳ט געוואָרן ווי עלנטע שטשורעס. כמעט קיינער פון די געפאַלענע האָט נישט מער געהאַט קיין צורה פון קיין טויטן מענטש, נאָר עפּעס אַ צעבראָקטע און צעהאַקטע פלייש־מאַסע, אָדער אַ געשפּענצטערהאַפטיק־דעפאָרמירטער פגר. די מאַשינען האָבן אונדז געטויט אָן שום באַוואוסטזיין, אָן שום ליידנשאַפט און העלדישקייט ; זיי האָבן אונדז געטויט אָן שום שנאה, אכזריות׳דיק און קאַלט־בלוטיק ווי אַ נאַטור־קאַטאַסטראָפע. דער פיינטלעכער מענטש, דער מיקלאָמפּערשטער העלד וועלכן איר האָט אַזוי אַנונגספּול און שיקזאַל־פול דערוואַרט — ער האָט זיך צומאָל נישט באַוויזן אין דעם טראַגישן געראַנגל פונם שלאַכט־פעלד, פּחדנות׳דיק איז ער פאַרקראָכן און זיך אויסבאַהאַלטן אינם טונקעלן בויך פון דער מאַשין. ער אַליין, דער זיגרייכער מענטש, איז געווען די הילפלאָזע קרעאַטור און מורא געהאַט פאַר די ווילדע אור־כוחות פון דער נאַטור וואָס ער האָט כלומרשט באַהערשט.

2־טער זעלנער : אָ, אומפאַרבעסערלעכער טרוימער פון לאַנד אַטלאַנטידע ! אייער אינערלעכע נישט־זיכערקייט קאָמפּענסירט איר מיט דער זיכערקייט, אַז די קולטור האָט באַוויזן זיך ענדלעך אָפּצורייסן פון דעם קאָסמישן אור־ווילן און זי איז בכוח אויסצובויען אַ גערעכטע וועלט אינמיטן דער אייביקער אומגערעכטיקייט פון דעם וועלט־אַל. דער מענטש אַבסטראַהירט זיך אין די דערגרייכונגען פון זיין דערקענטעניש ! אָבער די העכסטע מענטשלעכע אַבסטראַקציעס גייען נישט אַוועק פון די אייביקע און אייביק־אומגערעכטע וועלט־געזעצן פון דעם כאַאָס. יעדע אַבסטראַקציע איז נאָר דער זועג פון גייסט צו זיין אור־קוואַל און דער אור־קוואַל איז דער כאַאָס. אויך די קולטור קומט סוף־כל־סוף צוריק צום כאַאָס, און דאָס איז איר וועלט־אמת. אויב איר טיילט אָפּ דעם שאַפערישן מענטש פון זיין מאָדערנער טאַט, ד. ה. פון דער מאַשין, באַגייט איר ווידער אַן אומפאַרציילעכן פעלער. די מאַשין איז נעמליך דער אַבסטראַקטער מענטש, דער דערקענטעניש־מענטש, דער קולטור־מענטש. אויב די מאַשין איז נישט מער ווי אַ פאַרניכטנדיקע חיה, איז עס נאָר דערפאַר, ווייל דער מענטש איז אויף דער העכסטער קולטור־מדריגה פאַרבליבן די אור־אַלטע וואַלד־חיה. אויף די פליינען פון דער וועלט איז די מאַשין דער שאָטן פונם מענטש, דאָס אָפּ־בילד פון זיין אייביקייטס־מהות, זיין צווייטער עגאָ, בלוט פון זיין בלוט און פלייש פון זיין פלייש. ווייל די מאַשין איז אינגאַנצן געבויט פון די עמאָציאָנעלע עלעמענטן פונם מענטשנס כאַראַקטער, — דעריבער איז די מאַשין אויך פולשטענדיק דעם

מענטשנס שיקזאל. און זי איז געווען אזוי בייז און שלעכט ווי עס זיינען אַמאָל געווען די געטער, וואָס זיינען אויך נאָר געווען די אַבסטראַהירטע מענטשלעכע עמאָציעס. די מאַשין טויט אונדז מיט דער באַשטימונג פון דעם וועלט־געפיל פון דער מענטש־לעכער געשיכטע, און די געשיכטע איז דער העלדנעפּאָס פון מענטשן וואָס האָבן זיך פיינט, באַקריגן זיך כסדר און הרג׳ענען זיך אויס. אַ, דער טויט איז די ראַציאָ און דער וואונדערלעכער ענטפער אויפן לעבן, און דער סוף פון אַלע ליגנערישע און אי־לוזאָרישע אָנהייבן. די מלחמות קאָריגירן אַלע טעותים וואָס די מענטשן האָבן וועגן זיך, און ברענגען אַריין קלאָרקייט אין אונדזער אייגענטלעכן וועלט־באַשטאַנד. אינעם טאַנק און אינעם מלחמה־אַעראָפּלאַן זע איך דאָס אויסגעוואַקסענע געשטאַלט פון דעם העראָישן מענטש.

(פון צווישן די צערוישטע וואַלד־טיפּעניש ברענגט דער ווינט צו טראָגן אַ וויט, קוים דערהערטע, און אומהיימלעך געזאַנג.)

ערשטער זעלנער: **האָרך אויף, אין דער טיפער נאַכט זינגען מענטשן.**

צווייטער זעלנער: **דאָס ברומט דער פיינט אין דער טיפער נאַכט. די חיות אין די אור־וועלדער רייצן זיך אויף אַזאַ אופן צו רויב און פאַרציקונג.**

קול פון אָפיציר אַרויס פון דער נאַכט: **אין די פאָדערשטע פיינטלעכע ליניעס הערן זיך קולות. פּאַטראָל! גייט זעט וואָס דאָס איז.** ביידע זעלנער מיט אַמאָל: **אויף באַפעל, הער אָפיציר!**

## צווייט בילד.

וואַלד צווישן די שלאַכט־ליניעס. עס שאַריעט אויף טאָג ווי די וועלט וואָלט אויפגעציטערט אין שטילער ליכטיקייט. ביידע זעלנער פויזשן און רוקן זיך אויף די בייכער צו דער ריכטונג פון די פיינטלעכע ליניעס.

ערשטער זעלנער: **די העכערע מאַכט האָט אונדז באַפוילן צוצוגיין צו דער אַנדערער זייט. איך גיי קוקן, די העכסטע טאָט איז די אַנשויאונג. און די אַנשויאונג איז די געטלעכע וועלט־רויקייט.**

צווייטער זעלנער: **און איך גיי טויטן. די העכסטע אַנשויאונג איז די טאָט, און די טאָט איז דער אייביקער וועלט־קאַמף.**

## דריט בילד.

שלאַכט־פעלד צווישן די ליניעס. פריער באַגינען. פון דער וויטנס רויכערן זיך וועלדער. צום האָריזאָנט צו — אַ פאַרברענט דאָרף. נעבעכער צו דער זייט פון שלאַכט־פעלד אַ צעשאָסענע חורבה פון אַ משוגעים־שפּיטאָל.

אויפן שלאַכט־פעלד וואַלגערן זיך צעריסענע שטיקער פון מענטשלעכע קער־פערס און איינצלנע קערפער־טיילן. קאַלוזשעס פאַרטריקנט בלוט אויסגעמישט מיט בלאָטע. דאָ און דאָרט צעבראָכענע איבערגעקערטע טאַנקס און אַראָפּגעשאָסענע אַעראָפּלאַנען. ס׳רעגנט. כמאַרעס שוואַרצע קראָען פליען איבערן שלאַכט־פעלד און כאַפּן אויף שטיקער פון מענטשן־פלייש און פרעסן. דערביי שרייען די קראָען און קראַקן אומהיימלעך. ס׳ווערט וואָס אַמאָל גרויער און טאָג־ליכטיקער.

קופּקעלעך משוגעים וואָס זיינען אַרויס—אַנטלאָפן פון דעם חרוב־־און־הפקר געוואָרענעם שפּיטאָל גייען פאַרלוירענע צוזאַמען אַרום איבערן שלאַכט־פעלד. זיי גייען ווי אין אַ פּיערלעכן הינער־פלעט. ס׳זיינען משוגעים פון פאַרשידענעם עלטער און פון ביידערליי געשלעכטער. מענער, פרויען און זקנים. טייל אין לאַנגע ווייסע משוגעים־קיטלען און זייערע הענט זיינען אַרונטערגעבונדן אויפן רוקן. טייל באָר־וויס און האַלב־נאַקעט אין שמוציקע פאַנאַנדערגעריסענע שמאַטעס אָדער אין שטרויענע פלאַכטעס. טייל משוגעים פולשטענדיק נאַקעטע מיט מיאוסע איינגעטריקנטע לייבער ווי טונקעלע סקעלעטן. אַנטבלויזטע וואַנזיניקע פרויען ווי אויסטערלישע מכשפות מיט ווילד־צעפלאָשעטע האָר און אויסגעצערטע ברוסטן וואָס הענגען אַראָפּ ווי ליידיקע זעקלעך און באַמבלען זיך זיי איבערן אויסגעפייניקטן גוף. גרייז־גרויע משוגענע זקנים, געדיכט און גראָ באַוואַקסן מיט לאַנגע צעוועטע קאָפּ ־ האָר און לאַנגע צעוועטע בערד. טייל פון די זקנים זיינען נאַקעטע און טייל האַלב־נאַקעטע און זיי קריכן איינגעבויגענערהייט אַרום אויפן בלאָטיקן שלאַכט־פעלד ווי לעבעדיקע און פאַנטאַסטישע געוויקסן.

די משוגעים טראָגן אין זייערע הענט פאַרשידענע מענטשלעכע איברים וואָס זיי האָבן צונויפגעקליבן אויפן שלאַכט־פעלד: מענטשלעכע קעפּ, הענט, פיס. אַנדערע משוגעים טראָגן די טויטע אָפּגעהאַקטע קעפּ הויך איבער די אייגענע קעפּ און טרעטן אַזוי — ווי צוויי קעפּיקע ברואים — אין ריטמוס פון א סאָמנאַמבולישן מארש. טייל גייען פאַראַדיש שורות־וויז ווי זעלנער און רעפּרעזענטירן אָפּגעריסענע פיס און הענט, גלייך קריגעריש וואָפן. עטלעכע שלאַנקע נאַקעטע פרויען טראָגן הענט און קעפּ הויך איבער די אַקסלען מיט דעם שטאָלצן און פייערלעכן זשעסט ווי די אַנטיקע פריסטערינס האָבן געטראָגן אייל־און וויין־קרוגן. זיי וויגן זיך שטיל אין גאַנג איבערן שלאַכט־פעלד ווי לויט אַן אינערלעכן טאַקט. אַלעמענס אויגן ברענען אין אַ שיכורן און עקסטאַטישן וואַנזין.

נייע מחנות קראָען פליען אָן פון אַלע זייטן פון דער וועלט. די ווילדע קראַ־ישע געקראַקעריי ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער און ווילדער.

כאַר פון משוגעים האַלטן זיך קראַמפּהאַפטיק פאַר די הענט און דרייען זיך אין אַ ראָד.

# פערט ביל ד.

**די נאַטור־רעקוויזיטן ווי אין ערשטן בילד. העל־גרויער רעגן־טאָג.**

ערשטער זעלנער: די טיפקייט פון דער אָנשויאונג האָט געליימט די פּאַרמעס־טן פון דער טאַט. דו האָסט גאַרנישט געטאָן נאָר געקוקט גלייך מיט מיר און די קניען האָבן דיר געציטערט. די מעכטיקסטע פון אַלע טאַטן איז די אָנשויאונג.

צווייטער זעלנער: די וועלט האָט אויך אירע וועלט־נאַראָנים וואָס מיינען אַז זי איז נישט מער ווי אילוזיע און טעאַטער, און זיי פאַרוואַנדלען די וועלט אין שויִ־שפּיל און קאָמעדיע אָנשטאָט צו פאַרוואַנדלען זי אין ווירקלעכקייט און טאַט. מיר איז קיינמאָל נישט געפעלן געוואָרן דער אופן ווי אַזוי שעקספּיר באַנעמט און שטעלט פאַר דאָס וועזן פון דער וועלט. דאָס וואָס מיר האָבן געזען איז געווען אַ שעקספּיר־סצענע געשפּילט פון אומפאַרבעסערלעכע קלאָונס. אויב איך בין געווען גערירט און דערשיטערט פון דער דאָזיקער אויסטערלישער פאָרשטעלונג, איז עס געווען דער־פאַר, ווייל יעדעס גוטע טעאַטער־שפּיל רירט און דערשיטערט אונדזער געמיט. און עס רירט אונדז, נישט ווייל אַזוי קוקט טאַקע אויס דער וועלט־אמת, נאָר — ווי קאָ־נען מענטשן אויף די בינע ברעטער פאַרגעסן אַלע ווירקלעכקייטן און אַזוי וואונדער־לעך און אַזוי טראַגיש באַלייכטן די וועלט מיט אַ לאָמטערן פון אַ ליגנערישער פּאַטאָ־מאָרגאַנאַ. אויפן בלוטיקן קאַמפּס־פעלד פון דער טאַט קאָנען נאָר וועלט־נאַראָנים און שוישפּילער טאַנצן און דרייען זיך אינם שאָטן־שפּיל פון דער אילוזיע, און דערביי מיינען אַז זיי טראָגן די וועלט אויף אַ טעלער ווי סאַלאָמעא דעם קאָפּ פון יוחנן. די אָפּגעשטאַנענע און די שוואַכע וואָס קאָנען נישט באַהערשן די וועלט מיט דעם כח פון דער טאַט און פון דער ווירקלעכקייט ווילן זי באַהערשן מיטן כוח פון דעם אידע־אַל און פון דער פאָרשטעלונג. ווי פאַלש און ווי הילפלאָז! איך בין פולשטענדיק מסכים מיט טאָלסטאָיען וואָס האָט געהאַלטן אַז דער גאַנצער שעקספּיר איז נישט ווערט קיין פאָר שטיוול פון אַ פויער. וואָרים שעקספּיר האָט אַרויסגעשטעלט דעם נאַר, ד. ה. דעם קלאָון, פאַר דעם העראָס פון דער היסטאָריע. ניין. קאָמעדיאַנטן גע־הערן נישט צום העראָאישן וועזן פון דער היסטאָריע. זיי לויפן נאָר נאָך דעם גאָל־דענעם וואָגן פון דער וועלט ווי אומווירדיקע בעטלער און קבצנים. די אַנטוויקלונג פון דער געשיכטע איז די אַנטוויקלונג פון אַ העראָאישער און עשירות׳דיקער ווירק־לעכקייט. די געשיכטע איז דער עפּאָס פון דער טאַט.

ערשטער זעלנער: די געשיכטע איז די אַנטוויקלונג פון דער עשירות׳דיקער פאַנטאַזיע און פון דער טאַט וואָס איז נישט מער ווי ווילן און פאָרשטעלונג. די אַנט־וויקלונג פון דעם העראָאישן זשעסט. דער עפּאָס פון דעם געמיט און פון דער עמאָ־

ציע. ווייל די געשיכטע איז סוף־כל־סוף נישט מער ווי אונדזער סוביעקטיווע פאָר־שטעלונג וועגן דעם גאַנג פונם מענטשלעכן שיקזאַל, דעריבער קאָנען מיר אויך איר קוקן פון אַזוי פיל שטאַנדפּונקטן. שעקספּיר איז געווען דער גרעסטער וועלט־חכם, ווייל ער איז געווען דער גרעסטער וועלט־קלאָון — און ער איז דערפאַר געווען דער פילאָזאָפישסטער פון אַלע פילאָזאָפן. און זיינע ווערק זיינען די ביבל פון דער דער־קענטעניש. אַפילו רעמבראַנד און אַיינשטיין זיי האָבן נאָר יעדער אויף זיין אופן אויס־געדריקט און געשטאַלטיקט דאָס שעקספּירישע וועלט־בילד, ד. ה. די וועלט אַלס אילוזיע און אַלס געמיטס־עמאָציע. די וועלט־רעאַליטעט אַלס הוילע פאָרשטעלונג־שפּיל. די וועלט אַלס חלום און וואָר. און חלום און וואָר איז סך־הכל נישט מער ווי דער ליכט און שאָטן פון אַ זיך באַוועגנדיקן איקס. שעקספּיר האָט דערקענט די וועלט ווי אַזוי זי איז אין איר קוואַליטעט און אין איר לעצטער באַוועגונג, אין איר ליכט און שאָטן, — די וועלט ווי זי איז, ד. ה. ווי זי איז נישט, — דעריבער איז ער געווען ביכולת צו פאַרוואַנדלען די דימענסיעס פון דעם אילוזאָרישן וועלט־אַל אין עטלעכע אָרימע און נישטיקע ברעטער פון אַ טעאַטער־בינע.

צווייטער זעלנער: ווען די וועלט זאָל זיין אַזוי ווי שעקספּיר באַנעמט זי וואָלט נישט געקאָנט געשען קיין שום טאַט אונדזערע. מיר וואָלטן תמיד געמיינט אַז מיר זיינען אין טעות און געגנאַרט זיך אַפּ, און מיר וואָלטן קיינמאָל נישט געקומען פון אָרט.

ערשטער זעלנער: אָביעקטיוו האָבן מיר מער נישט ווי דעם שאָטן פון אַן אומבאַקאַנטן איקס וואָס באַוועגט זיך אין דער אומבאַקאַנטער צייט, און אונדזער איינציקע וועלט־רעאַליטעט איז די פאַנטאַזיע. נאָר אויף אירע פליגל קומען מיר ווייטער, און מיר מאַכן געשיכטע. נאָר זיין אייגענע פאָרשטעלונג איז דער מענטש ביכולת אָנצונעמען פאַר דעם אָביעקטיוון אמת פון דער וועלט און ער פאַסט צו די מאָס פון זיינע טאַטן לויט דער מאָס פון זיינע פאָרשטעלונגען. אָט דאָס איז די גאַנ־צע דיאַלעקטיק פון אונדזער טאַט, און די אַלטע גריכן האָבן עס ריכטיק פאָר־שטאַנען ווען זיי האָבן געזאָגט אַז דער מענטש איז די מאָס פון די זאַכן... דער מענטש. עס איז ביטער טראַגיש צו זיין אַ מענטש, אָבער עס איז אויך וואונדער־לעך גרויסאַרטיק צו זיין אַ מענטש. אויב איר מיינט אַז אייערע טאַטן זיינען נישט דאָס בלויזע שפּיגל־בילד פון אייערע אילוזיעס און אייער שיינהאַפּטיקייט, נאָר זיי זיינען ווירקלעכע און ממשות׳דיקע רעאַליטעט און איר וועט מיט זייער כח דע־צידירן אינם וועלט־אַל און ענדערן זיינע געזעצן, דאַן באַדויער איך אייך. איר האָקט מיטן קאָפּ אין אַ וואַנט. איר קאָנט גרייליך מער נישט טאָן — אָבער טאַקי אַבסאָלוט מער נישט — סיידן ווי בייקומען אייערע וועלט־פאָרשטעלונגען און

אויסשטעלן דאָס וועלט־בילד פון אייערע עמאָציעס ווי אַ רעזשיסער די טעאַ־טער־דעקאָראַציעס. דאָס איז אַלץ, און דאָס איז פּולקום געגוג. וואָרים אין דער דאַזיקער מערקווירדיקער מעגלעכקייט ליגט דער מקור פון אַלעם גוטן און פון אַלעם שיינעם. וואָס מער איך זע די וועלט אינם ליכט־און־שאָטן שפּיל פון דער פאַנטאַזיע אַלץ מער זע איך זי אַלס רעאַליטעט. דער דאַזיקער אמת העלפט אונדז צו דערקענען די וועלט און זי צו דערגרונטעווען אין אירע יסודות, און זי צו באַהערשן. נאָר פון דער הנחה אַז די וועלט איז אַ געמיטס־ספּעקטאַקל. דאַן איז דער מענטש איר קיניג — און פאַרט איז זיין פאַפּירענער קרוין גינגאָלדענער פון אַלע גינגאָלדן.

ערשטער זעלנער: (נאָך אַ קליינער פּויזע) פון אַלע טראַגישע שוישפּילער מאַכט אויף מיר דעם גרעסטן איינדרוק דער צירק־קלאָון. אינם צירקוס — כמעט נאָך יעדן אויפטריט פון אַן אַטלעט אָדער אַ זשאָנגלער אָדער אַ חיות־באַצווינגער, ד. ה. צירק־אַרטיסטן וואָס זייער ספּעציעלע קונץ־שטיק באַשטייט אין דעם כלומרשטן באַצווינגען די רויע כוחות פון דער נאַטור, און דאָס צושויענדיקע פּובליקום האָט שוין טאַקע דעם איינדרוק אַז סוף־כל־סוף איז דער מענטש די שטאַרקסטע חיה פון אַלע חיות און די שטאַרקסטע קרעאַטור פון אַלע קרעאַטורן, און זיין פיזישע קראַפט איז אַזוי גרויס אַז ער קען מיט איר באַצווינגען אַלע קעגנער און בייקומען אַלע אָביעקטיווע געזעצן און אַלע אָביעקטיווע ווידערשטאַנדן. און דאָס פּובליקום אַפּלאָדירט און שטורעמט פון אַנטציקונג פאַר דעם דאַזיקן טאַטהאַפטיקן מענטש. דאַן שלייכט זיך שטיל און קוים באַמערקט דער קלאָון אַרויס אויף דער אַרענע. זיין קליינע הילפלאָזע פּי־גור איז אומגעלומפּערט אַנגעטאָן אין בונטע און משונה־פאַרביקע געוואַנדער וואָס מאַכן אים לעכערלעך, און זיין פּנים איז ווייס און רויט באַמאָלט ווי אַ קאָמישע הילצערנע ליאַלקע כדי אויסצוקוקן גאָר קלאָגעדיק און אומבאַהאָלפן — און עס לאַכט און וויינט צוזאַמען דאָס געלעכטער און דאָס געוויין פונם מענטש. אַט־אַ־דאָס אומגליקלעכע און נישטיקע מענטשעלע פּלאָנטערט זיך גאָר איבריק פאַר די פיס פון די אַלע יעניקע וואָס זיינען באַשעפטיקט און פאַרען זיך ביים פייער־לעכן צירקוס־ספּעקטאַקל. איינער אַליין שפּרינגט ער אַרום צווישן די איבערגע־בליבענע רעקוויזיטן פון דעם גרויסן צירקוס־שפּיל. ער חזר׳ט איבער און מאַכט נאָך מעכאַניש און מאַריאָנעטנהאַפטיק די אַלע העלדישע באַוועגונגען און זשעסטן פון די הויפּט־שוישפּילער. אַט־אַ־די קלאָונען דעקן גאָר טיפזיניק אויף דעם מהות פון דעם שוישפּיל און דעם אמת פון דער פולגעבראַכטער טאָט. דער קלאָון מאַכט די טאָט אָרים און רעלאַטיוו און דערמיט ערשט מאַכט ער זי גרויסאַרטיק און רעאַל. יענע משוגעים וואָס האָבן אַזוי הילפלאָז באַהערשט דאָס שלאַכט־פעלד נאָך

דער שלאַכט, — מיינט איר נישט, אַז זיי האָבן אונדז אַם באַשיינפּערלעכסטן גע־וויזן וואָס אַזוינס דער מענטש איז אין זיינע טאָטן און אין זיינע קאַמפֿן, נעמליך דער טראַגישער קלאָון פֿון דעם צירקוס וואָס הייסט וועלט־אַל.

צווייטער זעלנער: אָ, איר זיינט אַן אומפֿאַרבעסערלעכער אידעאַליסט, און איר וועט אייך אַמאָל ביטער אַנטוישן.

ערשטער זעלנער: מיר אַנטוישן זיך קיינמאָל נישט, מיר אידעאַליסטן. מיר האָבן אין אַלע האָפֿנונגסלאָזיגקייטן און זיינען האָפֿנונגסלאָז אין אַלע האָפֿנונגען, מיר אידעאַליסטן. מיר ליגן אין אונדזער פּאָס ווי דיאָגענעס און לאָזן זיך נישט פֿאַרשטעלן די זון פֿון קיין שום אַלעקסאַנדער.

ווילנע, 4־טן מערץ, 1940.



# אנא השם

פֿון

## נ. ל. סווירער

אנא השם!
בקשה מיין פֿארנעם!

מיר שענק די קראַפֿט פֿון וואָרט און רייד
און גיב במתנה גמורה
די אָנגעגורטע גבורה
פֿון קאָסמאָס־רעטעניש־באַשייד.

מיין שנעלן רעיון מאַך זיגזאגיש בליציק,
ער זאָל די שווערע ידיעה־בחירה כמאַרעס שפּאַלטן.
מיין לשון לענק אי ערנסט און אי וויציק:
ער זאָל דאָס נייע פֿלעכטן מיט דעם גרויען אלטן.
פֿאַרמאָצעווע דעם כוח פֿון זכרון,
באַצווינג פֿון שכחה דעם מנוול שטן:
אין ניוועץ־לאיבוד גיין ניט זאָל
קיין איינציק קערנדל פֿון תורה־קאָרן,
וואָס וועדט אין אים אריינגעשאָטן
אין יאָרן הן פֿון יקרות, הן פֿון זול.



# גלות, ארץ ישראל און יידישקייט

(אַן אָפּרוף אויף יעקב לעשצינסקיס דריי אַרטיקלען אין „יידישן קעמפער" פון 10־טן, 17־טן און 24טן דעצ. 1943)

פון

## אַ מחבר

### אַ פּאָר איינלייטנדע ווערטער.

קאָלעגע לעשצינקי פּאָלעמיזירט אין די דערמאָנטע אַרטיקלען מיט קאָלעגע טרונק, דעם „בונדיסט", איז וואָס מיש איך זיך אַריין, איך, וואָס בין קיינמאָל קיין „בונדיסט" ניט געווען? לעשצינסקי באַקעמפט די „גלות־אָפּטימיסטן", ווי ער רופט זיי, און אַנטוויקלט אַן „ארץ־ישראל אָפּטימיזם" פּאַראַלעל מיט אַ „גלות־פּעסימיזם". איך בין זיך מודה, איך בין ניט קיין אָפּטימיסט און ניט קיין פּעסימיסט, ניט בנוגע ארץ־ישראל און ניט בנוגע גלות. איך בין, ווי מיר דוכט עס איז יעדער ייד, אַ בעל־בטחון, ניט האָפּערדיק אָפּטימיסטיש און ניט שוואַרץ־זעעוודיק פּעסימיסטיש, איז דאָך נאָר מער קשה, צו וואָס קום איך אַריין אין דער דעבאַטע אַ ניט געבעטענער?

מיין התנצלות פאַר אָט־דער, אפשר אומטאַקטישער, „אינטערווענציע" איז דאָס: קאָלעגע לעשצינסקי באַהאַנדלט אַ יידישן ענין. ער רירט אָן אַן אַנגעווייטיקטע, און אונטער די אומשטענדן אַ בוכשטאבלעך ברענענדיקע, יידישע פראַגע, און יע־דער ייד האָט דאָס רעכט צו נעמען אַ וואָרט אין אַזאַ פּאָלעמיק.

.1

יעקב לעשצינסקי שרייבט צום סוף פון זיין דריי־אַרטיקלדיקן עסיי: „איך האָב איבערגעלייענט דאָס אָנגעשריבענע און האָב זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין — אַזעלכע עלעמענטאַרע אמת'ן און מען דאַרף זיי נאָך באַווייזן! און דערצו אין 1943, ווען די שוואַכע נאַציאָנאַלע פּערספּעקטיוון אין פּוילן, ליטע, לעטלאַנד, אין דער סאָוויעטישער אוקראַינע און אין סאָוויעטישן ווייסרוסלאַנד זיינען ביזן וואָרצל פאַרניכ־

טעט און די האָפענונגען אויף דאָס אַלץ אויפשטעלן און אויפלעבן זיינען אַזעלכע שרעקלעך קנאַפּע!"

קעגן אָט־דער באַהויפּטונג וואָלט איך מאַכן דריי אויסזעצונגען.

ערשטנס, די אמת׳ן, וואָס יעקב לעשצינסקי זאָגט אַרויס אין זיין סעריע אַר־טיקלען, זיינען גאָר ניט עלעמענטאַר און אפשר טאַקע אויך ניט אמת׳דיק. צווייטנס, די קאַטאַסטראָפע פון די לעצטע עטלעכע יאָר, וואָס האָט דערגרייכט איר קולמינאַציע פּונקט אין 1943, דאַרף ניט אַריינגעצויגן ווערן אין אַן אַלגעמיינער אָפּהאַנדלונג וועגן דעם ארץ־ישראל־פּראָבלעם ווערסוס גלות. דער זעלביקער אומגליק האָט געקענט פּאַסירן אויך אין ארץ־ישראל. ניט די שטאַרקע אימאַגענטע כוחות פון יידישן ישוב אין ארץ־ישראל האָבן צעשלאָגן די האָרדעס פון די נאַציס אונטער דער אָנפירער־שאַפט פון ראָמעלן, און ניט די שוואַכקייט פון די יידן אין די גלות־לענדער קען ווערן געטאַדלט פאַר דעם חורבן וואָס די נאַציס האָבן דאָרט אָנגעטאָן. בכדי צו זיין בכוח זיך צו שטעלן דערפאָלגרייך קעגן די לעגיאָנען פון היטלערן דאַרף מען האָבן אַן אימ־פּעריע פון דער ערשטער מאַגניטוד, און קיין ציוניסט, ווי רעוויזיאָניסטיש פאַנטאַזיאָ־ריש ער זאָל ניט זיין האָט ניט דעם דרייסט אַפילו צו טרוימען וועגן דעם אַז מיר וועלן אויפריכטן אין ארץ־ישראל אַזאַ אימפּעריע מיט אַזאַ מיליטערישער גבורה, אַז זי זאָל זיך קענען פאַרמעסטן אויפן שלאַכטפעלד מיט די חיילות פון נאַצי־דייטשלאַנד.

און לעשצינסקי ווייס גאַנץ גוט אַז די גזירת תש״ב־תש״ג־תש״ד דאַרף ניט אַריינגענומען ווערן אין חשבון און געשטעלט ווערן אויף דער דעביט־זייט פון יידישן לעבן אין גלות.

אָט־וואָס ער שרייבט אין זיין אַרטיקל (פון דעצ. 10).

„איך לייג פאַר אינגאַנצן אויסשליסן פון דער דעבאַטע די היטלער קאַטאַס־טראָפע. פון איר איז בכלל ווייניק צו דרינגען, באַזונדערס פאַר אונדזער טעמע".

ניט שוין איז עס אַזוי שווער פאַר אַ פּובליציסט (אַ חשובן, ווי לעשצינסקי, אָן ספק, איז) צו געדענקען צום סוף פון זיין עסיי דאָס מיט וואָס ער האָט אָנגעהויבן?!

דער חורבן וואָס היטלער האָט געמאַכט דאַרף אַראָפּגענומען ווערן פון די וואָגשאָלן, אויף וועלכע יעקב לעשצינסקי האָט אַרויפגעלייגט גלות־לעבן און ארץ־ישראל־אויפבוי און האַלט זיי אין וועגן איינס קעגן דאָס אַנדערע.

דריטנס, מיר ווייסן לעת־עתה לחלוטין גאָרניט מכוח דעם ווי סאָוויעט־רוס־לאַנד וועט זיך פאַרהאַלטן צו דער יידן־פּראַגע אין די קענגנטן, וועלכע זי וועט פאַר־נעמען אין איר זיגרייכן מאַרש קעגן דער צעשלאָגענער אַרמיי פון נאַצי־דייטשלאַנד, ווי דהיינו לעטלאַנד, ליטע, ווייסרוסלאַנד און אַנדערע. מיר קענען ניט, ווען מיר פילן פולע אחריות פאַר אונדזער געשריבן וואָרט, פאַרזיכערן אַז די יידישע נאַציאָנאַלע פּערספּעקטיוון אין יענע מקומות זיינען פאַרניכטעט ביזן וואָרצל...

אָבער דאָס איז בלויז אַן אַריינפיר־באַמערקונג.

וואָס איז אונדזער עיקר־אָפּפרעג פון יעקב לעשצינסקיס טעזיס אַנטוויקלט אין זיין עסיי?

קאָלעגע לעשצינסקי נעמט, עפּעס הפּנים ווי, אַן טרונקס פּעלערהאַפּטע טער־מינאָלאָגיע, און ער רעדט וועגן יידישן גלות־לעבן און ארץ־ישראל אויפבוי ווי זועגן אַן עקספּערימענט, הגם ער שטעלט אַריין דעם וואָרט עקספּערימענט אין גענדזנפיס־לעך, אין קעפּל צו זיין אַרטיקל.

אָט־וואָס ער שרייבט:

„עד כאן גלות־עקספּערימענט — ווער עס וויל בויען אויף די דאָזיקע עקס־פּערימענטן אונדזער נאַציאָנאַלן קיום און מיינט דערמיט ערנסט און ערלעך באַווייזט נאָר, אַז ער איז בלינד און טויב"... (דעצ. 24).

דער טערמין עקספּערימענט שיקט זיך דאָ לחלוטין ניט. מיר עקספּערימענטירן ניט מיט אונדזער עצם גלות־לעבן. די יידן וואָס זיינען געלאָפן פון צאַרישן רוסלאַנד, ווי אויך פון אַנדערע לענדער, און האָבן זיך באַזעצט אין „דער נייער וועלט" זיינען ניט געקומען מאַכן עקספּערימענטן, נייערט לעבן, וואוינען, עקזיסטירן, פאַרזעצן זייער קיום. דאָס אייגענע איז ריכטיק וועגן אַלע איבעריקע יידישע ישובים אין די גלות־לענדער. און „שיבת ציון" אַלס אַ יידיש נאַציאָנאַלע אַקציע איז אויך ניט קיין עקס־פּערימענט אין דער יידישער געשיכטע, נייערט די עצם געשיכטע. אַן עקספּערימענט איז אַ במחשבה תחילה׳דיקער אַקט אָדער אַ צאָל אַקטן דורכגעפירט פון איין פּערזאָן אָדער אַ צאָל פּערזאָנען אין אַ קינסטלעכער, ספּעציעל - גע־שאַפענער פאַר דעם צוועק סביבה. סיי דאָס לעבן אין גלות, סיי דאָס לעבן אין ארץ־ישראל זיינען ביי אונדז היסטאָריש נאַטירלעכע דערשיינונגען. גלות און ארץ ישראל זיינען פאַרשיידענע סצענעס אָדער אַקטן אין דער זעלביקער יידישער גע־שיכטלעכער דראַמע.

ווייטער, קאָלעגע לעשצינסקי צייגט אָן מיט ציפערן אַז די צאָל לייענער פון יידישע צייטונגען, פון יידישע ביכער, די צאָל באַזוכער פון יידישע שולן ווערט ווייניקער מיט יעדן יאָר סיי אין אַמעריקע, סיי אין פּוילן און סיי אין סאָוויעט־רוסלאַנד (דעצ. 24).

איך וויל זיך ניט קריגן מיט די ציפערן, אַלץ וואָס זיי זאָגן איז אמת ויציב. אָבער וואָס באַווייזן אָט־יענע ציפערן? אַז דער גלות איז אַ דורכפאַל? בשום אופן ניט. מחמת עס איז דאָך געווען אַ צייט, גאָרניט אַזוי לאַנג צוריק ווען אין דעם זעל־ביקן גלות פּוילן און ליטע, אין די זעלביקע ביאַלעסטאָקס, מינסקס, פּינסקס, קאָוונעס און ווילנעס האָבן יידן אָפּגעהאַלטן היציקע אסיפות און אָנגענומען באַשלוסן אַז „שקאָלעס ניע זשעלאָיעם" (מיר ווילן ניט קיין רוסישע שולן). אַחד־העם דערציילט

אַז זיין פֿאָטער האָט געהאַלטן אַז די בוכשטאַבן פון דעם רוסישן אַלפֿאַבעט זיינען מטמא די אויגן און מ׳טאָר אויף זיי ניט קוקן, און ער, אין זיין צייט, איז זיכער ניט געווען דער איינציקער וואָס האָט אַזוי געטראַכט. און ווער איז ער געווען, אַ ארץ־ישראל־ייד? אַ גלות־פּראָדוקט ווי אַלע איבעריקע פרומע יידן. מיין זיידע פלעגט אָנטאָן דעם טלית־קטן איבערן פעלץ ווינטער און איבערן אויבער־ראָק זומער, זיין שפּרוך איז געווען: „מיט אַ יידישן מלבוש איז זיך ניטאָ וואָס צו שעמען״. אָט־די טיפֿן יידן זיינען דאָך געווען גלות־פּראָדוקטן. מיר האָבן קיינמאָל ניט פאַרמאָגט אין ארץ־ישראל אין די בעסטע צייטן, ווען „דער בית המקדש איז געשטאַנען אויף זיין פעסטגעשטעל און די כהנים האָבן געפּראַוועט די עבודה און די לוויים האָבן געזונגען״ אַזאַ אינטענסיווע יידישקייט, ווי אין אונדזערע שטעטלעך און שטעט צעוואָרפענע איבער פּוילן, ליטע און אוקראַינע אין אַכצנטן און אַנהויב נייַנצנטן יאָרהונדערט.

לכן וואָס לערנט אונדז די סטאַטיסטיק וואָס יעקב לעשצינסקי האָט געבראַכט? עס לערנט אונדז אַז יידן אָן יידישקייט קענען ניט עקזיסטירן, זיי גייען אונטער, זייער צוזאַמענבונד ווערט אויפגעלייזט, זיי פאַרלירן זייער אידענטיטעט; אָבער יידן מיט יידישקייט קענען יאָ עקזיסטירן אַפילו אונטער די שווערסטע אומשטענדן פון צעשפּרייטקייט, פון צעזייט זיין אין פאַרשיידענע לענדער.

און אויב דאָס איז דער ריכטיקער אויספיר, ווועלן מיר אים איבער׳חזר׳ן און אים אַרויסברענגען אַביסל דייטלעכער און קלערער; יידן אָן אַ באַשטימטן רעליגיעז־עטישן וועלט־באַנעם און אַ דעטאַליזירטן, קאָדיפיצירטן רעליגיעז־עטיש סאַנקציאָנירטן אויפפיר, לעבנס־שטייגער, קענען ניט ממשיך זיין זייער קיום ניט אין גלות און אויך ניט אין ארץ־ישראל. דעם אייגענעם קריזיס וואָס די יידן אָן יידישקייט, די אַזוי גערופענע „וועלטלעכע יידן״, לעבן איבער אין די גלות־לענדער, וועלן זיי דורכלעבן אין ארץ־ישראל מיט עטלעכע צענדליק יאָר שפּעטער. און ווער עס האָט אַ שאַרף אויג קען שוין איצט דאָרט באַמערקן סימפּטאָמען, כאָטש נאָך זייער שוואַכע, פון אָט־דעם קריזיס.

## 2.

קיינער דאַרף ניט דערלויבן זיך צו זיין מער ארץ־ישראל־אָפּטימיסט ווי דער חומש איז. און וואָס זאָגט אונדז דער חומש בנוגע אָט־דעם פּראָבלעם? נאַטירלעך ווועט ער עס אונדז זאָגן אויף זיין לשון, אין זיין ביבלישער טערמינאָלאָגיע.

אָט וואָס תורת־משה זאָגט אונדז מכוח דעם וואָס דאָס יידישע פאָלק קען דערוואַרטן אין ארץ־ישראל, אין זיין היימלאַנד, ווען עס וועט פאַרלאָזן זיין קולטור, וועלכע איז געווען, איז (אויף דעם סמך זיינען מיר באַרעכטיקט צו זאָגן) און וועט זיין אַ רעליגיעז עטישע:

אַז דו ווּעסט געבוירן קינדער און קינדס־קינדער און איר וועט זיך עלטערן אין לאַנד (דאָס רעדט זיך וועגן ארץ־ישראל), און איר וועט פאַרדאַרבן ווערן און מאַכן געצן, געשטאַלטן פון אַלצדינג, און איר וועט טאָן, וואָס איז שלעכט אין די אויגן פון יהוה, אייער אלהים, אים צו דערצאָרענען, נעם איך קעגן אייך פאַר עדות הימל און ערד, אַז פאַרלאָרן וועט איר פאַרלאָרן גיין אויף גיך פון דעם לאַנד וואָס איר גייט אַריבער דעם ירדן עס צו אַרבן, איר וועט דאָרטן ניט מאריך־ימים זיין, נייערט פאַר־טיליקט וועט איר פאַרטיליקט ווערן" (דברים ד׳, כ"ה־כו").

וואָס אויף אונדזער לשון הייסט אַסימילאַציע, רופט דער חומש, אויף זיין שפּראַך, געצנדינסט. מאַכן געצן, דינען צו זיי איז געווען די קאַלאַראַציע וואָס אַסי־מילאַציע האָט אָנגענומען אין יענער צייט. און ארץ־ישראל, טראָץ דעם איבערגעטרי־בענעם אָפּטימיזם פון אייניקע צו־ראָז־זעעדיקע פובליציסטן, האָט ניט קיין אימוני־טעט קעגן אָט־דער געפערלעכער קראַנקהייט. דער מיטאָס פון מתן־תורה וואָס קומט פאַר דער דעראָבערונג פון דעם „פאַרשפּראָכענעם לאַנד" איז ניט עפּעס צופעליקס און לאַוו־דווקא׳דיקעס. ער ווערט דיקטירט פון דעם פאָלקס־אינסטינקט און זיכערן פאַר־געפיל אַז אָן אַן אייגענער טיף און שטאַרק פאַרפונדעוועטער רעליגיעז־עטישער קולטור וועט דאָס יידישע פאָלק ניט זיין אימשטאַנד אויסצוהאַלטן דעם דרוק פון דער קולטור פון די אַרומיקע שכנים אַפילו ווען עס וועט זיך געפינען אין זיין אייגן לאַנד, אויפן אייגענעם באָדן.

די אַזוי גערופענע „וועלטלעכע" אינטעליגענציע, סיי פון דער גלות׳יסטישער און סיי פון דער ציוניסטישער געזיבונג, האָבן אויסגעליידיקט גרויסע טיילן פון די יידישע פאָלקס־מאַסן פון זייערע אַלע טראַדיציאָנעלע רעליגיעז־עטישע און אייגנאַר־טיקע יידישע קאָסטבאַרקייטן. מיר פאַרמאָגן אַ ברייט און טיף באַאַרבעטן ציווילן קאָ־דעקס, אַ חושן־משפט, לויט וועלכן מען פלעגט שליכטן סיכסוכים בנוגע דיני ממונות אין יידישן בית־דין, ביז גאָר ניט לאַנג צוריק. מיר האָבן פאַרמאָגט אַ גוט דורכגע־טראַכטן לעבנס־שטייגער וועלכער איז געווען באַשריבן ביז זיינע קלענסטע פּרטים. עס איז געווען אַ ספּעציעל יידישע דיעטע, אַן אייגענע „קיך", אַ יידישע וועטערינאַרע וויסנשאַפט, אַ שטרענג רעגלאַמענטירטעס משפחה־לעבן. דאָס זיינען די פיר יסודות וועלכע די תלמוד־יידישקייט האָט פאַרפונדעוועט, באַגרייפנדיק אַז אָן דעם וועט דער יידישער סאָציאָלאָגישער בנין ניט האָבן אויף וואָס זיך צו האַלטן. דאָס אַלץ האָט מען אַרויסגעשליידערט און מען האָט זיך איינגעשמועסט אַז מען וועט אויפהאַלטן דאָס יידישע פאָלק, אַלס אַן אייגנאַרטיקן סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישן אַגרעגאַט, וואָס געפינט זיך נאָך דערצו אַלס אַ מינאָריטעט צווישן אַנדערע פעלקער... מיט וואָס? מיט „שיינער ליטעראַטור", מיט מעשה־ביכלעך און פּאָעזיע. דאָס האָט אַזאַ זינען ווי צו מיינען אַז אַן אַרמיי דאַרף מען קאָרמען מיט איינגעמאַכץ און באַוואָפענען מיט שפּיל־

געצייג וועט עס קענען אָפּשלאָגן אַלע אַטאַקעס פון שונא וואָס האַלט אים אַרומגע־רינגלט פון אַלע זייטן.

אונדזערע „נאַרישע" טאַטעס און זיידעס האָבן זיך אויפגעפירט לויט דער תורה, לויט אַ באַשטימטער פון דורות פאַרהייליקטער הלכה און די „קלוגע" אינטע־ליגענטן האָבן געמיינט אַז זיי קענען מנהיג־זיין אַ פאָלק דורך סקיצן, דערציילונגען, ראָמאַנען און פּאָעמעס. און אָט־דער „עקספּערימענט", אָוועקצושטעלן שיינע ליטע־ראַטור במקום רעליגיע, קאָדעקס און איינגעפונדעוועטן שטייגער, איז דורכגעפאַלן הונדערט פּראָצענט. אָבער אָט־דער דורכפאַל דאַרף אָוועקגעשטעלט ווערן אויפן חשבון פון „וועלטלעכקייט" ביי יידן, ניט פון גלות־לעבן, מחמת דאָס אייגענע וועט זיך איבער׳חזר׳ן אויך אין ארץ־ישראל. לעת־עתה איז דער דרוק פון דער אַראַבי־שער קולטור אָדער אינגאַנצן אָפּוועזנד אָדער מינימאַל, אָבער ער וועט שטאַרקער ווערן מיט יעדן יאָר. און די אַנגלאָ־זאַקסישע קולטור וועט זיך אוודאי לאָזן גאַנץ שטאַרק פילן. און אַז אין ארץ־ישראל האָבן מיר זיך, אין געוויסע עפּאָכן, געגוג אָנ־געליטן פון העלעניזאַציע איז דאָך באַקאַנט יעדן וואָס האָט די מינדסטע ידיעות אין יידישער געשיכטע.

בקיצור, גלות־לעבן מיט דער האָפענונג פון אויסלייזונג, אַ לעבן באַזירט אויף אַ תורה און מצוות, ד. ה. אויף רעליגיעז־עטישן און שטייגערישן המשך איז ניט דורכגעפאַלן און וועט ניט דורכפאַלן. און אָן אַ טראַדיציאָנעל פּערפּעסטיקטן המשך וועט דאָס יידישע לעבן זיין אַ דורכפאַל אומעטום אויך אין ארץ־ישראל.

יעקב לעשצינסקי שרייבט:

בנוגע ארץ־ישראל וועל איך זאָגן גאָר קורץ:

„אַ יידישער בוך איז דאָרטן ניט קיין נדבה און ניט קיין רחמנות־טובה דעם אָרימען שרייבער . . . אַ יידישער יום טוב איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג" (דעצ. 24).

ווען מען צייגט מיר אָן, ווי אַביישפּיל פון שלום־בית און פון האַרמאָניע וואָס הערשט אין דעם פאַרהייראַטן לעבן, אויף אַ פּאָרל וואָס שטייט אונטער דער חופּה, איבערצייגט מען מיך ניט אין דער סאָלידקייט פון דער הייראַט־אינסטיטוציע בכלל און דעם גליקלעכן מזל וואָס דערוואַרט דעם באַשערטן זיווג בפרט . . . אונטער דער חופּה און אין שבעת ימי המשתה לעבן כמעט אַלע פּאָרלעך אין שלום ושלווה.

ארץ־ישראל האַלט איצט ביים סאַמע אָנהויב, אין סאַמע ברענפּונקט פון אויפ־קום און אויפריכט, און פון דעם דערפּאָלגרייכן אָנהויב טאָר מען זיך ניט לאָזן פאַר־פירן און ווערן צו האָפּערדיק־פאַרריסן.

אין דעם ציטירטן פּסוק פון ספר דברים זאָגט זיך בפירוש „און איר וועט זיך עלטערן אין לאַנד", ער פאַרשטייט גאַנץ גוט אַז דער פּיאָנערן־דור האָט ניט וואָס

מורא צו האָבן פאַר דער מכה פון אַסימילאַציע; די וואָרנונג גיט אונדז דער חומש בנוגע די קינדער און קינדס־קינדער וואָס ווערן געבאָרן אין לאַנד...

ווער זיינען עס דער רוב מנין ובנין פון די שרייבער פון ידיש בוך און זיינע לייענער? ווער שאַפט עס אָט־יענע הייס־יידישע אַטמאָספערע אין ארץ־ישראל? דאָס זיינען דאָך אויסדערוויילטע יחידים וואָס זיינען געקומען, אין מערסטע פאַלן, פון יידישע היימען אין די גלות־לענדער וואָס זיינען געווען אָנגעזאַפּט און אָנגעלאָדן מיט יידישער טראַדיציע, מיט אהבת־התורה און אהבת־ישראל.

לפי עניות דעתי, לויט דער אָרימקייט פון מיין פאַרשטאַנד דאַרף מען גורס זיין אי גלות אי ארץ־ישראל און אי יידישקייט, און אָט־דער אינדרייען־געפלאָכטענער פאָדים וועט זיך ניט איבעררייסן. אָן יידישקייט וועלן מיר האָבן ניט קיין גלות־לעבן און ניט קיין ארץ־ישראל, מיט יידישקייט וועלן מיר האָבן אי אַ לעבן אין גלות און אי אין ארץ־ישראל. די יידישע געשיכטע הויבט זיך אָן מיטן „וויסן זאָלסטו וויסן אַז דיינע קינדער וועלן זיין פרעמדע אין אַ לאַנד וואָס איז ניט זייערס... און ערשט אין פערטן דור וועלן זיי זיך אומקערן אַהער (בראשית ט״ו, י״ג—ט״ז)" גלות און אומקער און ווייטער גלות און ווידער אומקער און נאָך אַמאָל גלות און ווייטער אומקער דאָס איז דער שתי וערב אין דעם געוועב פון דער יידישער געשיכטע. די פאָרמול איז אַ דריי־גלידערדיקע: גלות־ארץ־ישראל־גלות... און אַזוי ווייטער.

דאָס רופן צום אומקער דאַרף זיך ניט אַסאָציאירן מיט דער נעגאַציע פון גלות־לעבן.

אין דרש פון גמרא און מדרש (ברכות ט׳, שמות רבה פרשה ג׳) אויפן „אהיה אשר אהיה" איך בין געווען מיט אייך אין דעם גלות און איך וועל זיין מיט אייך אין אַ צווייטן גלות, און דאָס ווערט געזאָגט צו משהן ווען די שליחות פון אויסלייזונג ווערט אָנפאַרטרויט, ליגט מער פאַרשטענדעניש פאַר דער פונדאַמענטאַלער טענדענץ פון דער יידישער געשיכטע, ווי אין די אַטאַקעס אויפן גלות־לעבן פון די קנאים וואָס כאַפּן אַריבער די מאָס, מחמת זיי באַזיצן מער אייפער פאַרן יידישן אויפריכט ווי פאַרשטאַנד פאַר דער אָביעקטיווער יידישער היסטאָרישער מערכה.

14־טן יאַנוואַר 1944



# בין איך
(פון טאַטנס ספר, דיכטונג)

פון
## ש. פעליטש

ווערט געזאָגט:
געווען איז נאַכט, און ס'האָט פאַרטאָגט.
אַלמעכטיקייט באַפעלט: מענש, זיי!
אין בלי מה.
אין גאָרניט — אָן אַנטשטיי . . . ביסט דאָ.
אויף גאָרניט גיי, ווייניק זע
און קאַרגער נאָך פאַרשטיי.
און ביסטו — איך־באַוואוסטזיין און שטאָף רוי.
שטויביג, קליין,
פרימיטיוו אין געלעכטער און געוויין.
און — מחשבה צאַפּל, עקסטאַז.
מיט גליאיק חשק — אייביקייט באַרייז.
איז ביסטו איינער פון פיל.
אין גראַנדיעזן רוימן שפיל.
מיט אַ סדר,
וואו איין איז אַלע און אַלע — איז יעדער.

און —
אינם טונקל, ערדיש ווינקל,
איז יעדער, אַלע זיינען מיינע ברידער.
איין האַנט האָט אונז געקנאָטן
פון פלייש און בלוט.

די זעלבע אוצרות־לאַסטן אונז באַלאָדן:
פּיין, פרייד; שלעכטס, גוטס.
ס'איז איין גורל אונז באַשערט
אין קורצן גאַנג, געצייכנט אויף דער ערד:
פון דאַנען ביז אַהער.
און —
ניט מער. ניט מער.
פון קדמונים קערעוועט אַ האַנט אַזוי דעם רודער —
יעדער זאָל מיר זיין אַ ברודער,
אַ פריינט, אַ פיינט אין זינלאָז יעקב־עשו שטרייט,
ערדיש נאָענט, הימליש — ווייט.

און האָט איינער,
טיף אין קויט, בלוט, טויט,
אויף אַ באַרג־שפּיץ מיך דערזען,
אַן עקזאַלטירטן פאַר אַ וויזיע שטיין.
מיט אַן אויפשריפט:
„הויך האַלט גרייט פאַר דיר מתנות —
פאַרברודערונג און רחמנות.
און פריידן מער וועט זי דיר אַנטפּלעקן:
נשמה זונען צעלויכטן אין אַלע עקן.

האָט איינער זיין האַריק האַנט, מיט רציחה
פאַרוואַנדט,
צום באַרג שפּיץ אויסגעצויגן.
ער וויל זיך ראַטעווען, פון זומפּ אַרויפהויבן.
געדוכטן האָט זיך:
שוין לאַנג פון דעם ער האָט געחלומט,
נאָך דעם געבענקט.
און איצט געפרייט זיך דורך טרערן.
אַזאַ פינקלדיקער וואונדער שטערן!
אַ צויבער ליכט.
בליץ־קלאָר דייט: רעכט!
וועסט דאָרט אַנטרעפן דעם הימל אויף דער ערד,

אַ צעשטראַלטער וועג מיט נשמה פריידן שוועב.
פריער ווער געלייטערט.
רייניק דיר די הענט.
שייער די נשמה.
באַפריי דאָס האַרץ פון קנאה, שנאה,
רציחה און נקמה.
דאַמאָלס וועסטו זוכה זיין:
פריידן שפיל, דערהויבן פיל ס׳גאַנצע לעבן דיין.

איז ניט געאַכט האָט ער דעם רוף.
גרינג־געשעצט באַדייט.
ס׳איז גרונט פון קוואַלן אַזוי טיף.
הימל שטרעקן — אַ מהלך ווייט.
פעלט אים מוט, אויסדויער, געדולד.
גיין, ער קען אַ וועג אַזאַ, לאַנג און שווער, ניט גיין.
אים איז היימליכער, נשמה׳דיק אינטים,
פון אינסטינקטן די פרימיטיווע שטים.
דאָ באַלד, אין ווילדערניש פון האַרץ, מוח וואַלד.
תשובה . . . וויזיע ריין . . .
נשמה טבילה . . . וועלטן שיין . . .
ווי קען ער.
זומפּן שימל דעמפּט אין אים קדושה טענער,
מוח טויבט, האַרץ פאַרשטויבט.
האָט קוים אַ שפּריצל פון אַ בלאַסן שיין געפאַנגען.
אַ דומפּן טאָן פון אמת־קוואַל געזאַנגען.
אין קורצזיכט איינגעראַמט,
מיט ענגהאַרץ אַרומגעצאַמט
און אָפּגעפּרעסט אַ שטעמפּל:
שטעג צו הייליק טעמפּל.
אין עקסטאַז געגאָסן פרומע טרערן,
געשלאָגן זיך אין האַרצן און געשוואוירן:
ער גייט דעם וועג פון אמת, רעכט,
אָנגעדייט פון העלן וואונדער ליכט.

פלאַטערט איבער אים ווייס — אַ טויב :
„ריין געוואַשן ביסטו פון מאָרד און רויב".

און פריידיק פרידן, נשמה רו ?
ניט געקומען. איז ניטאָ.
דאָ איז אומרו שטויס, חיה ברויז.
שרפ'יק בענקשאַפט אויף צוריק,
איבער האַס געפלאַסטערט בריק.
צו שוואַרץ־רויטע גיהנום יאָרן,
צעפלאַקערט אין אכזריות צאָרן.

האָט איינער אַלע זונען אויסגעלאָשן.
טויט געשלאָגן נשמה לשון.
אַוועק אויף אוראַלט וועגן —
חיה־אייגן.
בלוט געווייקט, טויט באַגלייט.
פייער שוידער, רציחה גרויל.
און ווען בלוט און טרערן
ימים שטראָמען ווערן, —
טוט אַ בליץ אים אין די אויגן,
אַ בלענדיק ליכט פון וייטן אויבן.
עמעץ וואָרנט :
„מע איז דערצאָרנט.
גייט אַ שטראָף.
קומט דיין סוף."
עמעץ — ווער ?
אָ, דאָס איז דאָך ער —
ישראל. דער גראָ־גרייז,
אין אייביק גלות'דיק פאַררייז.
מיטן מאָנען און דערמאָנען :
ס'איז אָן אויג, אַ וואַכס, פאַראַנען.
איז רציחה און אכזריות אוואו —
אָפּגעטאָן פון דאָרט וועט זיין די רו".
דאָס רייצט ער אויף מיר געוויסן שלאַנג

„חשבון פאַר מעשים זיינע פאַרלאַנג“.
אַ טויט צו אים, פאַרניכט!
אויס מיט בלענדינג ליכט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז איינעם דריקט אַ הארב אויף דער נשמה:
זיי געבויגן, צו פינסטערניש געצויגן.
דיין ווייַן, דיין ברויט —
בלוט, טויט.
דיין לוסט, דראַנג:
לופט פאַרסמ׳ט, ערד באַשלאַנגט.
יאָגט אים בייטאָג שרעק געשפענסטער —
אויגן פייער, האַסיק פינצטער.
איז נאַכט געלעגער זיין
אויסגעבעט מיט הייסע קוילן —
קאַשמאַרן פון פאַרברעכן גרוילן.
אימה אויף אים —
נשמה לויערט צאָרנדיק גרים.
און מיר ליכטיגט אין די אויגן.
אַ פייער זייל אין האַנט.
אַנגסט און טרויער — שאַרפע לייד־פרייד —
מתנות גנעדיג מיר צוגעגרייט.
הימליש באַפליגלט. זוניג באַשפיגלט.
איך נעם אַן פאַר ליב, פאַר גוט.
שעפער ווייסט, וואָס ער טוט.
און טוט מען פרעגן —
וואָס איז דיין באַשטרעבן?
זאָג איך — אַ טרוים פאַרמאָג איך:
אויף דער ערד אַ הימליש לעבן.

וויכערט אַ געדריי.
אינם ווירבל זע:
ים־רעג צעשטורמט.
אינמיטן — אַ טרער. פון פיינעץ געפורמט.

אין וואַסער גרוי — צעפּונקלט טוי, הימל בלוי.
כוואַליעסווילדעווען: פאַרשווענקן, דערטרינקען.
ווייטאָג טרער לאָזט זיך ניט פאַרזינקען.
אַ קראַפּט — רעטזלהאַפט.
בין איך — אַ דאָרן. אין פינצטערניש פון אויגן.
בין איך שימער. אין נשמה שויבן.
גייט מען מיך פאַרשניידן.
מיט פייער און מיט שווערד.
אַ זכר זאָל פון מיר ניט בלייבן,
ווען טומאה, אַ פרייע, יובלען איבער ערד.
קומט מען מיך באַשיידן —
למדניש, פילאָסאָפיש.
אַ דערשיינונג בין איך אַ מיסטישע. אין אומפּאַס סימבאָליש.
מע דאַרף מיך ערשט באַגרייפן.
די טיפעניש דערגרייכן.

וויכערט אַ געדריי.
איך און זיי —
ברידער.
האָט ציטערן געמוזט די פעדער,
צייכנדיג דעם סדר.
און קלינגען שטערן טענער
אין חושך פון שטאָק נאַכט.
דער אייביג איינציג איינער
איבער גורל מיינעם וואַכט.
וועט אין מיסטעריען לעבן אקעאַן
געדעכעניש מיין אויסגעמעקט ניט זיין.



# ארויס פון גן־עדן

(אַ מיסטעריע אין בילדער און דיאַלאָגן)

פון

## פ. מעלער

### בילד פיר:

### דער וויכוח מיט די ברידער

קב"ה (צו זיך) די "חבריא" גייט; זיי ווילן מיך, מסתמא, נעמען געפאַנגען. זאָל איך רופן די שכינה צו הילף?

עס פאַסט ניט, זי איז נאַר־וואָס אַוועק; און גלייך זי פאַרבעטן צוריק וואָלט דאָך מיינען אַז איך קען זיך אָן איר ניט באַגיין קיין איין מינוט. זי קען זיך נאָך איינבילדן, אַז אָן איר בין איך הילפלאָז.

די ברידער קומען צו נענטער.

קב"ה (הויך אויפן קול) דער טאַטע קדמון האָט גאָרניט געקענט אויפטאָן מיט זיין געראַנגל מיט מיר, איינס אויף איינס, האָט ער אייך אָנגעשיקט אויף מיר, אַ גאַנצע באַנדע, שוואַרצע חברה'ניקעס. איז עס אמת? זייט זיך מודה אַז איר קומט אַהער צו מיר ספּעציעל געשיקט פון טאַטן און ניט פון אייער אייגענעם ווילן.

ברידער. ניט אמת, קיינער האָט אונדז ניט געשיקט. מיר קומען אַליין. מיר האָבן געהערט וועגן דעם, וואָס דו פאַרטראַכסט צו טאָן, און מיר קומען צו דיר מיט די בעסטע אַבזיכטן, זיך דורכצושמועסן און טאַקע ווירקן אויף דיר, אַז דו זאָלסט זיך אומקערן אַהיים, אין אונדזער מחנה.

קב"ה. אויב איר ווילט זיך דורכריידן, בין איך גרייט אייך אויסצוהערן און אייך צו ענטפערן. אדרבא זאָגט, וואָס ווילט איר. אפשר וועל איך אייך באַווירקן און איר וועט זיך באַזינען און נעמען גיין אין מיינע וועגן.

(שכינה קומט צו נענטער, קיינער זעט זי ניט. זי איז פאַרבאַהאַלטן אין די קוסטעס, וואָס וועלן ערשט שפּעטער באַשאַפן ווערן און דערווייל זיינען זיי בלויז

אַ פאַרשטעלונג מכוח קוסטעס. זיי זעען זי ניט, זי, אָבער, זעט זיי און הערט זייע־רע רייד. זי פאָלגט נאָך דעם דיאַלאָג מיט געשפּאַנטן אינטערעס).

**בריד ער.** מיר'ן אָנהייבן אָן איבעריקע הקדמות. מיר'ן דיר זאָגן קורץ און שאַרף: דאָס וואָס דו, ברודערקע, ווילסט זיך אָפּטיילן פון אונדז, זיך דערקלערן פאַר אַ פּערזענלעכקייט, פאַר אַ יחיד ומיוחד, באַטראַכטן מיר פאַר אַ פאַרברעכן. דאָס וואָס דו געברויכסט מיט אַזאַ זיכערקייט און כמעט ווי מיט גאווה דעם וואָרט „איך" האַלטן מיר פאַר אַן אומפאַרגעבלעכער זינד.

**קב"ה.** פאַרוואָס טאָר מען ניט געברויכן אָט־דעם פאַרוואָרט?

**בריד ער.** וואָס מאַכסטו זיך תמ'עוואַטע! סטייטש, ווי האָסטו גאָר די העזה זיך ארויסצוטיילן און זיך דערקלערן פאַר אַן איינצלנעם. וואָס מיינסטו צו באַ־צייכענען מיט אָט־דעם פאַרברעכערישן וואָרט? ביסטו דען אַ איך? אין דיינע אָדערן פליסט דאָך דאָס בלוט פון דיינע אבות און אמהות. דו ביסט דאָך מיט טויזנטער פעדים פאַרקניפּט מיט אונדז אַלעמען! ווי קענסטו זיך גאָר איינריידן, אַז דו ביסט אַ פּערזאָן פאַר זיך. דאָס איז דאָך אַ פיקציע. מיר, דער רבים, די מאַ־סע, דאָס צונויפגעגאָסענע־צונויפגענומענע, עקזיסטירן. דו, ווי אַן איך, ביסט ניט בנמצא. ביסט אַ ליגן, אַן אָפּנאַר. עס איז ניט פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַ „זיך", ווי אַ פּערזאָן; און פאַרשטייט זיך, אַז עס קען ניט זיין קיין ערשטע פּערזאָן. מיר לעבן אין צונויפנעם און צונויפקלעם. אַלע צוזאַמען האָבן אַ קיום. איינער איז קיינער. באַזונדער קען קיינער ניט עקזיסטירן. ער האָט ניט קיין ממשות; ער איז ניט קיין יש. קיין זיך און קיין זאַך פאַר זיך, באַזונדער, האָט ניט קיין האַפט. יחידות איז אַן אויסטראַכט, אַן אָפּדוכט, אַ פאַלשקייט, שקר וכזב. דו ביסט אַ טייל פון אונדז, אַ חלק'ל פון דער גאַנצער מחנה און מיר אַלע זיינען אָפּגעטונקט אין איין אָפּגרונט פון פינצטערער מטושטש'דיקער צעשוואומענקייט. שאַף ניט קיין מחיצות. צעטייל ניט קיין ברידער. רייד זיך ניט איין די נאַרישקייט אַז דו, ווי אַן איך, קענסט ווערן אַן אומאָפּהענגיקער צענטער פון ווילן, פון געדאַנק און געשפיר. מיט דיינע זינלאָ־זע און זינדפולע איינרעדעניש ברענגסטו אַן אומגליק ניט נאָר אויף זיך אַליין, נייערט אויף אונדז אַלעמען. מיר זיינען לעת־עתה עפּעס גאַנצעס, כאָטש מיר פאַר־מאָגן ניט קיין באַשטימטע קאָנפיגוראַציע, קיין דעפיניטיווע פאָרם, קיין בולט־אָפּגעשטעמפּלטע געשטאַלטיקונג. דו ווילסט זיך אָפּשפּאַלטן, זיך דעקלאַרירן פאַר אַ סעפּאַראַטיסט. דו לאָזט זיך גיין אויף אַ פאַלשן וועג און אין אַ געפערלעכער ריכטונג. עס איז ניט פאַראַן און עס וועט קיינמאָל ניט זיין עפּעס באַשטימטעס. מען קען קיין זיך און קיין זאַך בשום אופן ניט דעפינירן. אַלע דעפיניציעס זיינען פאַלש, ווי עבודה זרה. מערסטנטיילס זיינען זיי טויטאָלאָגיע, אַן איבער'חזר'ונג פון

די אייגענע ווערטער וואָס זאָגן גאָרניט צום ערשטן מאָל און טוען מער ניט אויף מיט זייער זאָגעכץ אין קלאָר־מאַכונג צום צווייטן מאָל.

ווי נאָר דו נעמסט אײַנפירן אָט דעם איך מיט זיין שעדלעכן, סם־המות׳דיקן באַגריף, אַזוי ברענגסטו פאַרברעכן, אָפּבּרעכונג, צעשפּליטערונג. און וויבאַלד דו פאַנגסט אָן צו שפּאַלטן זיך, וועט־אָט־די שפּאַלטונג קיין סוף ניט האָבן. וואו, ביי וועלכער ליניע, ביי וועלכער גרעניץ, אויף וועלכער שטופע וועט אָט־די שפּליטערונג זיך אָפּשטעלן?

מיינסטו, טאַקע, אַז דו, אַלס אַזעלכער, שוין אַלס אָן איך, שטעלסט פאַר מיט זיך עפּעס אומצעטיילבאַרעס. ערשטנס, דעם אמת זאָגנדיק, ביי דיין גאַנצן פאַרלאַנג קענסטו זיך פון אונדז ניט אָפּרייסן. מיר זיינען אין דיר. מיר ליגן פאַר־באַהאַלטן אין דיין איך. צווייטנס, אַז דו וועסט זיך אָפּשפּאַלטן פון אונדז איז וואָס וועט זיין דער פּועל יוצא פון דיין אויפטו? דו וועסט זיך כסדר האַלטן אין איין שפּאַלטן און ברעקלען זיך און פּיצלען זיך. יעדעס טיילכל דיינס וועט דיר נאָכטאָן, עס וועט זיך דערקלערן פאַר אַ פּאַרטיקולאַריסט. יעדער געדאַנק דיינער וועט זיך קרושלען, ביז דו וועסט צעדרוזגעט ווערן. דו, אַלס אַ גאַנצער איך, וועסט ניט עקזיסטירן.

פאָלג אונדז, גיי מיטן ציבור, מיט דער מאַסע, מיט דעם אַלצמיטאַנאַנדער. מיר קאָכן זיך אַלע אין איין קעסל. מיר זיינען אַלע איין פאַרמישעניש. הייב ניט אָן דיינע געפערלעכע ויבדל׳ס, המבדיל׳ס, להבדיל׳ס, ווייל סע וועט צו דעם קיין סוף ניט נעמען. זונדער זיך ניט אָפּ. שמועס זיך ניט איין, אַז דו ביסט בעסער, שענער, קליגער, פרימער, אַז דו ביסט די קדושה און מיר די טומאה. דערווייל זיי־נען מיר אַלע אויסגעמישט, פאַרמישט ווי מעל אין אַ דייזשע. ניט דו ביסט גוט, ניט מיר זיינען שלעכט. ניט דו ביסט דער „יהי אור״, ניט מיר זיינען דער „ימוש חושך״. אויב דו וועסט זיך אָפּזונדערן פון אונדז און זיך דערקלערן פאַר ריינער קדושה, וועלן מיר, ממילא, דיר אויף־צו־להכעיס, ווערן דורכאויס טומאה. דו טרייבסט דערצו אַז עס זאָלן זיך שאַפן צדדים. די גאַנצע אחריות פאַר דער מחלוקת וועט פאַלן אויף דיר. מיר וועלן פאָרמירן אַן אָפּאָזיציע. דיינע מקובלים וועלן אונדז אָנרופן „סטרא אחרא״. פיר ניט איין קיין סעקטאַנטיזם. קיין פראַקצי־אָנאַליזם, קיין רעכטע און קיין לינקע. ווען עסטו עס טאָן וועלן מיר ניט זיצן מיט צונויפגעלייגטע הענט. מיר וועלן מאָביליזירן אַלע כוחות פון דער טומאה, אַלע קרעפטן פון דאָס בייזע. מיר ווילן שלום. מיר ווילן ניט קיין קריגערייַ. מיר ווילן זיין וואָס מיר זיינען, סתם אַזוי זיך מיטלמעסיקע, ניט קיין גוטע און ניט קיין „ניט־גוטע״. מיר וואָרענען דיך, דו וועסט ניט אויספירן, דו וועסט ניט זיגן. מיר אַלע צוזאַמען באַזיצן מער כוח פון דיר, דעם יחיד. מיר זיינען ניט קיין יחידים. אונד־

זעַר כוח ליגט אין אונדזער סכיקייט און צוזאַמענקייט, ניט דיפערענצירטקייט. ווי נאָר דו ווערסט זיך אָנפאַנגען צו דיפערענצירן, זיי וויסן, וועט דיר קיין אינטעגראַציע אין דער וועלט ניט העלפן. עס וועט אָנגיין אַן אייביקער, אַ פאַרביסענער קאַמף צווישן אונדז און דיר. אַ מיעוט פון די וועלט־דערשיינונגען און פּראָצעסן, אַ מינ־דערהייט פון גייסטער, וועלן, אפשר, האַלטן מיט דיר, און דאָס אויך ניט מיטן גאַנצן האַרצן. אָבער די ברייטע מאַסן און פילע ענערגיעס וועלן גיין מיט אונדז. און אויב אַפילו עס זאָל זיך אַזוי מאַכן אַז מיר וועלן ניט זיין גענוג שטאַרק דיך צו באַזיגן, וועט זיך איינשטעלן אַ גלייכגעוויכט פון כוחות. דו אונדז וועסט, זיכער, ניט קענען בייקומען. און דער קריג צווישן די חיילות און פּרינצן פון חושך און כאַאָס און די לעגיאָנען וואָס וועלן זיין טריי צו דיר, דעם פּרינץ פון ליכטיקייט, דעם האַר פון קאָסמאָס, וועט אָנהאַלטן אין אַלער אייביקייט. לייג זיך ניט קיין פּיי־געלעך אין בוזעם. בילד זיך ניט איין, אַז דו ביסט אַלמעכטיק. מיר זיינען יעדנ־פאַלס אַזוי שטאַרק ווי דו. מיר וועלן דיך באַקעמפן מיט אַלע מיטלען און תחבולות, מיט וועלכע מיר קענען זיך נאָר פאַרשאַפן. מיר וועלן אונדזער געווער פון האַנט ניט אַרויסלאָזן. וואָס דו זאָלסט ניט טאָן, וועלן מיר קומען און אומטאָן, צונישט מאַכן, פאַרדאַרבן. מיר וועלן ווערן מזיקים, מחבלים, בייזע רוחות, מרעין בישין.

ברודערקע, זאָל זיין ווי עס איז געווען עד־היום. זאָל מען ניט וויסן וואו איין און וואו אויס. זאָל מען ניט קענען זאָגן, וואו עס הויבט זיך אָן די קדושה און וואו עס לאָזט זיך אויס די טומאה. אין יעדער קדושה זיינען פאַראַן ניצוצות פון טומאה און אין יעדער טומאה — ניצוצות פון קדושה. ריינע קדושה איז אַן אילוזיע, און דורכאויסיקע טומאה איז נאָך אַ גרעסערע אילוזיע.

און אַז דו ווערסט זיך שוין אָפּטיילן פון אונדז, ווערסטו דען בכוח זיין צו ווערן איין שטיק הייליקייט, „שמן זית זך״. עס הויבט זיך ניט אָן. אונדזער אַל־געמיינע פאַרגאַנגענהייט וועט דיר נאָכפאָלגן. מען קען ניט אָנהויבן, באמת, פונ־דאָסניי, פון סאַמע אָנפאַנגלעכן בראשית. דו האָסט דאָך אַ געשיכטע הינטער זיך. אין דיין מעשה־בראשית, אין קאָסמאָס גופא, אַפילו אָן אונדזער צו־להכעיס אָפּ־טאָן, וועלן זיך אַריינכאַפּן עלעמענטן פון כאַאָס און אין דיין קדושה וועלן ניט פעלן קיין טיילן פון טומאה. און אויב אַזוי, אויב אַ טיילווייזער כאַאָס מוז סיי ווי סיי בלייבן, איז שוין גלייכער, לויט אונדזער פאַרשטיין, ניט אָנצופאַנגען מיט קיין קאָסמאָס. ווייל ווי גוט־איינגעאָרדנט דער קאָסמאָס זאָל ניט זיין, וועט אין אים שטענדיק הערשן אַן אומאָרדענונג.

קב״ה. פאַרוואָס עפּעס אַזוי? פון וואַנענט נעמט זיך ביי אייך אַזאַ יאוש? ווער האָט אייך איינגערעדט אַז מען קען גאָרניט אויפטאָן, אַז אַלץ מוז בלייבן ווי

גְעווען. מען מוז פֿאָלגן טאַטע, מאַמע און אַלע פֿרומע־קרומע חברה־לייט. איר זייט פּעסימיסטן. מען האָט אײַך אָנגעשראָקן, און איר האַלט אין איין פּחד־פּחדים׳עווען: אַ בער איז אין וואַלד, וואָס איך גיי שאַפֿן.

ברידער. פֿון אונדז רעדט אַרויס ניט קיין פֿאַרצווייפֿלונג, נייערט שׂכל־הישר. וואָס דיר, ברודערקע, פֿעלט, איז ניט קיין ווילן, דעם אַרטיקל פֿאַרמאָגסטו צופֿיל, נאָר געזונטער פֿאַרשטאַנד. דיר ווילט זיך לעבן אין אַ וועלט פֿון אילוזיעס, אײַנריידענישן און אויסדוכטענישן.

קב״ה. איר האָט גערעדט אַ היפּשע ווײַלע, איר האָט מיך געסטראַשעט. מילא. איך בין ניט קיין שרעקעדיקער. דערנאָך האָט איר גע׳טענה׳ט, סתּם אַזוי זיך באַהויפּט, אַז פֿון דעם קאָסמאָס וועט גאָרניט אַרויסקומען. איר האָט עס מיר ניט באַוויזן. אײַער טעזיס וועגן דער נישטיקייט און נוצלאָזיקייט פֿון מײַן אונטערנעמונג האָט איר ניט באַגרינדעט, ער איז געבליבן הענגען אין־דער־לופֿטן אָן קיין שום יסוד.

ברידער. מיר האָבן געמיינט, אַז דאָס וואָס מיר זאָגן איז אַקסיאָמאַטיש; עס פֿאָדערט ניט קיין באַווייז דאָס וואָס איז זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך. נאָר אַזוי ווי דו פֿאָדערסט אונדז אויף, וועלן מיר באַפֿעסטיקן אונדזער טעזיס. מיר קענען עס טאָן אָן צופֿיל אָנשטרענג. הער זיך צו צו אונדזערע רייד, נעם זיי ערנסט און מיין ניט, אין דײַן גדלות, אַז דו ביסט קליגער פֿון דער גאַנצער פּאַר־וועלט.

די זאַך איז אײַנפֿאַך. באמת פּשוט ווי ברויט און קעז, וואָס דײַנע מענטשעלעך, וועלכע דו האָסט בדעה צו שאַפֿן, וועלן עסן מיט גרויס אַפּעטיט.

ווען אַלץ גייט זיך זײַן אײַנגעשטעלטן גאַנג, ווי עס איז אײַנגעפֿירט פֿון קדמונים־אָן, איז דאָך ניט שייך צו פֿרעגן וועגן דעם קיינע פֿראַגעס, האָבן טענות מענות, קומען מיט אויסזעצונגען. אַזוי איז עס, און אויף קיין פֿאַקטן פֿרעגט מען ניט קיינע קשיות. ווען אָבער מען נעמט זאַכן איבערמאַכן, אײַנפֿירן בייע „פֿאַ־זשאַנטקעס", אַזוי צייגט זיך גלײַך אַרויס, אַז די עטאַבלירונג פֿון אַ ריכטיקן גוט־אײַנגעאָרדנטן סדר איז אַ זאַך פֿון דער אוממעגלעכקייט.

דו ווילסט שאַפֿן אַ מעשׂה־בראשית, ווילסט אָנפֿאַנגען אָנצוהייבן, זאָג אונדז, אדרבא, אויב דו ווייסט וואָס צו זאָגן, וואו? ווען? פֿאַרוואָס איצט און ניט פֿאַר־דעם אָדער שפּעטער? פֿאַרוואָס עפּעס דווקא דאָ און ניט דאָרט? פֿאַרוואָס אַזוי און ניט אַנדערש? פֿאַרוואָס אַזאַ סדר און ניט קיין אַנדערן? וועלכן קריטעריום ווילסטו אָנווענדן? ווען ווילסטו ווייסן אויפֿצוהערן? ווען ווילסטו ווייסן און ווי אַזוי ווילסטו ווייסן, אַז דאָס וואָס דו האָסט געשאַפֿן איז באמת גוט און פֿאַרדינט צו האָבן אַ קיום? ווי נאָר דו ווילסט שאַפֿן אַן אײַנשטעל וועט זיך גלײַך פֿרעגן די פֿראַגע, פֿאַרוואָס עפּעס אָט־דער אײַנשטעל פֿון אַלע אײַנשטעלונגען? וואָס איז

דער שכל פון דעם? פאַרוואָס זאָל איין זאַך קומען פאַר דער צווייטער? ווער דאַרף זיין די ערשטע, די מיטלסטע, די לעצטע? פאַרוואָס זאָל איין פּאַסירונג ווערן פרע־פערירט און אָנהויבן מיט זיך די ריי פון געשעענישן? יעדער צווייטער וועט וועלן זיין דער ערשטער. ווי אַזוי וועסטו עס קענען פּינקטלעך אָנצייגן יעדען זיין פלאַץ, ראַנג, ווערט, פּאָזיציע? דו וועסט עס טאַקע ניט קענען באַווייזן, און אַלץ וועט געטאָן ווערן ווילקירלעך. און אויב אַזוי, פרעגן מיר דיך וואָס איז וויל־קיר אויב ניט אַן אַנדער וואָרט פאַר כאַאָס. וואָס דו זאָלסט ניט טאָן און ווי דו זאָלסט עס ניט טאָן, וועסטו פון כאַאָס זיך ניט קענען באַפרייען. ער וועט דיר נאָכ־גיין אויף יעדן טריט און שריט, ריכטיקער, ער וועט דיר פאַראויסגיין, איידער דו וועסט זיך געבן אַ ריר, וועט ער שוין זיין דאָרטן ער איז פלינקער פון דיר.

מיר ווייסן דו האָסט בדעה אַלץ צו שאַפן דורך שפּרוכן, דורך קלאַנגען און הייליקע אותיות. ווי וועסטו, אָבער, זיך אַן עצה געבן מיטן כאַאָס וואָס וועט הערשן אין דעם עצם אלף־בית? דו וועסט גוזר זיין אַז דער און דער אות קומט דער ערשטער. פאַרוואָס? פאַרוועןן? די אותיות אין דיין עטאַבלירטן אלף־בית וועלן זיך אַמפּערן, זיי וועלן האָבן טענות צו דיר און גערעכטע טענות. דאָס וועט אַלץ רעגיסטרירט ווערן אין די הייליקע מדרשים. די אותיות וועלן ניט וועלן איינשטיין אויף זייערע פּלעצער אין דער ריי. יעדער אות וועט וועלן זיין דער ער־שטער. וואָס וועסטו טאָן אום פעסטצושטעלן זייער אויסשטעל? וואָרפן גורל? ציען קניפּלעך? פאַרלאָזן זיך אויפן צופאַל? און וואָס איז צופאַל אויב ניט אַן אַנדער וואָרט פאַר כאַאָס?! אין דער אָרדענונג גופא מוז ליגן אַן אומאָרדענונג, אָרדענונג אייגענטלעך איז אַ פאַרשטאַרקטע אומאָרדענונג, איינמאָל־פאַר־אַלע־מאָל אַיינגעאָרדענטע סאַנקציאָנירטע אומאָרדענונג. פאַרוואָס זאָל דווקא אָט־דער נאָכפאָלג אָדער סעריע ווערן פאַררעכנט פאַר די פּאָסיקע? וואָס איז עס אַ קאַפּ־ריז, אַן „אוקאַז”, אַ חוק ולא יעבור? דאַרפסט באַגרייפן, אַז עס איז ניט פאַראַן קיין אַלטערנאַטיוו, סי אָדער כאַאָס, אָדער אַן אַרביטראַרישער קאָסמאָס וואָס איז אייגענטלעך אַ כאַאָטישער כאַאָס, אָדער גלאַט גאָרניט־מיט־נישט.

טראַכט זיך אַריין אין דיין אייגענעם געדאַנק, וועסטו זייער לייכט אײַנזען, אַז מיר זיינען גערעכט.

דו בלאַמירסט אונדזער כאַאָטישן צושטאַנד, דו זאָגסט אַז ביי אונדז הערשט אַן אומאָרדנונג. גאַנץ גוט. מיר זיינען אײַנשטימיק מיט דיר, ווי אַזוי ביסטו, אָבער געקומען צו אָט־דעם רעיון?

קב״ה. וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע? דורך נאָכטראַכטן, דורך איבער־קלערן.

ברידער. אוודאי אַזוי, דורך נאָכטראַכטן און צוטראַכטן עפּעס בעסערס, מער צוגויפגעבונדנס, בעסער קלאַסיפיצירטס.

קב״ה. זאָל זיין אַזוי. איז וואָס ווילט איר דרינגען פון דעם?

ברידער. אָט וואָס: דו קריטיקירסט אונדזער צושטאַנד פון כאַאָס, אין דיין נאַאיווקייט מיינסטו אַז די וועלט אָדער אַן אַ צאָל וועלטן און איינשטעלונגען, וואָס דו גייסט עטאַבלירן, וועט מען ניט קענען קריטיקירן, אויפדעקן זייערע חסרונות. אויף דעם בעסטן פאַל וועסטו זיין אימשטאַנד צו שאַפן נאָך אַ מין כאַאָס, אַן אַנדער סאָרט כאַאָס, אָבער אַלץ אַ כאַאָס, קיינמאָל ניט קיין קאָסמאָס. עס וועט זיין בלויז אַ פראַגע פון דער קוואַליטעט פון כאַאָטישקייט. אָבער דער עצם כאַאָס וועט בלייבן אויף אייביקער בלייבעניש. מען קען אים ניט באַזייטיקן, אָדער בייקומען. מער ווי אַ כאַאָס וועט קיינמאָל ניט זיין, מחמת ״זיין״ און „כאַאָטיזירן״ איז איין און די זעלביקע זאַך. נאָר וואָס? דו וועסט זיך באַמיען רעכטצופאַרטיקן דיין כאַאָס און דו וועסט אים רופן קאָסמאָס, ווייל ער איז דיין כאַאָס. און אויב דו וואָלסט שטאַרק וועלן, וואָלסטו מיט דעם זעלביקן אָנשטרענג געקענט רעכטפאַרטיקן, געפינען אַ זכות־הקיום פאַר דעם קדמון־כאַאָס, אָקעאַנוס־כאַאָס. און פאַרקערט, אויב דו זאָלסט נאָר וועלן, וואָלסטו לייכט געקענט געפינען חסרונות און כאַאָטיזמען אין דיין געשאַפענעם קאָסמאָס. ווען מען וויל קען מען אין אַלץ געפינען מעלות, ווען מען וויל קען מען אומעטום אויפדעקן חסרונות. אַזוי אַז דאָס איז אַ פראַגע פון ווילן, און ווילן איז אַרביטראַריש, ד. ה. כאַאָטיש. ווען אַלץ ווערט געטאָן דורך ווילן מיינט דאָך עס אַז אומעטום הערשט אַ כאַאָס און עס איז ניטאָ קיין אַנטרינונג פון אים, עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ וואָס איז פריי פון אים. דו, ברודערקע, קענסט פון זיך, פון דיין סביבה, ניט אַנטלויפן. פון כאַאָס קומסטו און צום כאַאָס וועסטו זיך מוזן אומקערן, אויף וויפל וועגן, אומוועגן, בייוועגן דו זאָלסט זיך ניט אַרומדרייען. דו וועסט זיך אַפילו אומקערן ניט דאַרפן. דו ביסט אין כאַאָס און דער כאַאָס איז אין דיר, און דו מוזט בלייבן אין אים און ער אין דיר אויף שטענדיק און אייביק. איר קענט זיך ניט שיידן. און אויב אַזוי, ברודערקע, רעזיגניר, בונטעווע זיך ניט! דו וועסט די קייטן פון כאַאָס, אין וועלכע דו ביסט פאַרשמידט, ניט צעררייסן. פאַרוואָרף דיינע כלומרשטע דרייסטע פּלענער. וואָס טויגן דיר דיינע אויסטראַכטעניש, מ׳קען דאָ גאַרניט אויסטראַכטן. אַלץ וועט בלייבן ווי עס איז געוועזן...

קב״ה. ניין! אַייערע רייד האָבן מיך ניט אָפּגעבויגט פון מיין שטאַרק־געפאַסטן באַשלוס אַפילו אויף־אַ־האָר. איך בין אַ יחיד, הגם ניט קיין בן־יחיד. איך וויל לעבן פאַר־זיך, איינער אַליין, אויף אייגענער אחריות. איך וויל ניט זיין אייגער פון דער מאַסע, איך וויל ניט זיין קיין סאָציאַלעס וועזן. איך וויל גיין אין מיי־

נע אייגענע וועגן. און אויב איר וועט פירן אַ קאַמף קעגן מיר, איז גאַנץ גוט, כל זמן איר וועט אָנווענדן לעגיטימיע כלי־זיין און כשר׳ע תכסיסי־מלחמה. ס׳איז בעסער אַ גוטער קריג אײדער אַ שלעכטער שלום, אַן ערבוביה, אַ צעבויטשעניש. זאָלן מיר וויסן וואו מיר האַלטן, וואו מיר שטייען, אויף וואָס מיר שטייען.

**ברידער.** (מיט רוגזא). דו פאַרמאָגסט דאָך ניט קיין אייגענעם שטאַף. דו ביסט דאָך אַן עני ואביון, אַן האַלעדראַנעץ. פאַרמאָגסט ניט קיין פאַרבן און ניט קיין פאַרמען. דו מוזט דאָך אַלץ נעמען ביי אונדז, שעפּן פון כאַאָס אַרויס. מוזט אָנקומען צו אונדז, נאָר ווילסט עס ניט צוגעבן. ווילסט אונדז באַראַבעווען. — שטייסט אויף אונדזער ערב־ערד, געפינסט זיך אונטער אונדזער ערב־הימל. אַליין באַזיצסטו דאָך גאָרניט.

**קב״ה.** איך האָב לעת־עתה גאָרניט, איך וועל, אָבער, האָבן אַלץ. דאָס איז מיין וועג, דער וועג פון אני, פון אין צום יש.

**ברידער** (אויפגערעגט) דו ביסט אַן אויפשטעענדלער, דו גייסט קעגן דיין טאַטן, דעם גרויסן קדמון־אָקעאַנוס און קעגן דיין גרויסער מאַמע׳ן, דער אורמוטער, תהו־ובהו. דו פאַרשוועכסט, מיט דיינע פרעכע רייד און טריפה׳נע געדאַנקען זייער העל־טונקלען נאָמען. באַדענק זיך גוט איידער דו גייסט עס טאָן.

**קב״ה.** (מיט אַנטשלאָסנקייט) איך וויל אַזוי! . . . איר זאָגט, איך האָב גאָרניט, — איך האָב אַלץ! ווער עס באַזיצט ווילן, באַזיצט אַלץ, און איך באַזיץ אַ שעפערישן ווילן.

**ברידער.** (שרייען מיט באַנומענע קולות, די ווערטער זייערע קאָלערן זיך אין חלל ווי קאַנאָנאַדיקע דונערן באַגלייט פון גערויש פון וואַסער־פאַלן) מיר וועלן דיך מוזן פאַרניכטן, פאַרכאַאָסעווען, צעדרוזגען דיינע ביינער און זיי איבערקאָכן אין אַ געלאַטין אָדער קאָכן פון זיי אַ מאַסאָוון זופּ, אַן עמך׳דיקע קאַשע.

**קב״ה.** איר האָט אָנגעהייבן מיט אַן אַרגומענטאַציע, ווי באַדאַרף צו זיין, מיט ישוב הדעת, און איצט זייט איר אַרויס פון די כלים, איר שרייט, איר געוואַלדעוועט, און ווייסט אַליין ניט וואָס איר רעדט. האָס און כעס זיינען שלעכטע דיסקוסאַנטן.

**ברידער.** אַז דו לאָזט זיך ניט איבעררײדן, מען קען דיך ניט איבערצייגן, וועט מען מוזן דיך צווינגען, ווי זאָגט דער שפּרוך: פאַר אַ קלוגן — אַ וואָרט, פאַר אַ נאַר — אַ שטעקן.

**קב״ה.** אויב איר קענט מיך ניט איבערצייגן, וועט איר צווינגען מיך אוודאי ניט קענען. איצטער הערט זיך איין, וואָס איך וועל אייך זאָגן. איר האָט גערעדט אַ סך, איצטער גיט מיר אַ געלעגנהייט אויסצורײדן אַ פּאָר ווערטער. איך בין געווען איינער פון אייך. אָבער מיין מצב האָט מיך ניט באַפרײ־

דיקט. איך בין געוואָרן מיט יעדן טאָג אומרואיקער. איך בין שיער ניט אַריינגע־פאַלן אין אַ מרה־שחורה. איך האָב גאַנץ אָפט זיך באַטראַכט וועגן דעם צי עס איז מעגלעך פאַר אַן אויבער־גייסט צו באַגיין זעלבסט־מאָרד. צום סוף מיט דער מזל־ברכה׳דיקער אָנרעגונג מצד פון אונדזער ליבער שוועסטער שכינה, האָב איך זיך דערטראַכט צום געדאַנק פון אַ וועלט־באַשאַף, פון אַ מעשה־בראשית. און אָט־דער געדאַנק האָט מיר פאַרזיסט די ביטערקייט פון מיין תכלית׳לאָזער פוס־טער עקזיסטענץ, און איך האָב דערשפּירט ווי אַן אומדערשעפּלעכער קוואַל פון אַלמאַכט האָט זיך געעפנט אין מיין ברוסט.

דער גרויסער קדמון איז דאָ געווען. ער איז מיך באַפאַלן. איך האָב אויס־געהאַלטן דעם אָנגריף מיט אייזערנער אַנטשלאָסענקייט. ער האָט מיך שיער פאַר אַ בעל־מום ניט געמאַכט, אַזוי בלא־רציחה איז ער געווען אויף מיר, נאָר די שכינה איז אָנגעקומען און ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זיך פאַר איר פאַרשעמט. ער איז אַוועק, דראָענדיק אַז ער וועט קומען אַ צווייטן מאָל. איך האָב פאַרלאָזן דעם טאַ־טענס הויז קיינמאָל צוריק ניט צו קומען. איך ריכט אָפּ גלות. אין דער פרעמד איז אַמאָל היימישער, ווי צווישן אייגענע אין דער „פיינטלעכער" היים. עס קומט אויס תמיד צו קעמפן, זיך אַרומצוקריגן מיט אייגענע און נאָענטע. איך גיי מיר אַרום אין דער פרעמד.

ברידער. (האַקן אים איבער די רייד) און וואו איז די שכינה? מיט איר האָס־טו זיך שוין אויך צוקריגט, איר האָט שוין אָנגעהויבן זיך שיידן און שפּאַלטן?

קב״ה. (איגנאָרירט זייערע רייד, זעצט פאָר) איך בלאָנקע ארום איבער מיינע, דורכאויס מיינע, נאָר־וואָס פאַרטראַכטע פעלדער און וועלדער.

אין דער פרעמד, וואָס איז מיין אייגן פאַרטראַכט־פון־באַשאַף, פיל איך זיך זיכערער ווי אין דעם „קעניגרייך" פון מיין אייגענעם טאַטן, וואָס האָט געוואָלט ווערן מיין רוצח־נפש. און איצט, זאָגט, וועל איך דאַרפן אויך פון אייך אַנטרינען? אויך איר ווילט ווערן מיינע רוצחים, פאַרגיסן דאָס בלוט פון אייער אייגענעם ברודער?

איך וואַגל און וואַקס אויס צוזאַמען מיט מיינע דרייסטע געדאַנקען מכוח מיינע אייגענע ערד און הימל. און מיינע ווינטן וועלן בלאָזן אין מיינע פליגעל, ווי אין זעגל, און מיינע טויען וועלן באַנעצן מיינע שוואַרצע לאָקן. מיינע אייגענע פייגעלעך וועלן זינגען מיינע לידלעך, זאָגן מיין אייגענע שירה. מיינע בלומען וועלן רויכערן פאַר מיר זייער קטורת אין מיינע נעזלעכער, און איך וועל אַריינאָטע־מען דעם ריח־הניחוח, און וועל זיך פילן גליקלעך. איך זע זיך זיצנדיק אויפן כסא ־ הכבוד (זיינע אויגן נעמען גליען פון דער וויזיע, ער איז פול מיט אַנטצי־

קונג און באַגייסטערונג) איר ווילט אוודאי וויסן ווי אַזוי מיין כסא־הכבוד וועט אויסזען? (מיט אַ פּאַר חלומ׳טער שטים כמעט דעקלאַמירט).

... און דעם דיל פון „ערבות״ (דעם זיבעטן הימל) וועל איך מאַכן פון אַנגעגליטן מעטאַל. סאַפּירשטיין, שמאַראַק און פּערל וועל איך איינפלאַסטערן אין אים. און דער שיין פון אַט־די אבנים טובות וועט אַדורכדרינגען איעדן הימל־אויסשפּרייט. מיט זייער שיין וועלן זיי אַדורכלעכערן די זיבן הימל־אויסשפּרייטעכצן. דער זונענקויק וועט אויסזען לגבי זייער שיין ווי די שיין פון אַ ליכטל לגבי דעם זונענקויק. און איטלעכער הימל־אויסשפּרייט וועט זיין פול מיט אַ גרויסער ליכטיקייט, וואָס קומט פון זייער שיין . . . ניט דאָס אַליין, פיר מויער־ווענט פון פייער רינגלען אַרום די הויך פון „ערבות״ (פון זיבעטן הימל). די ערש־טע מויער־וואַנט איז פון בראַנד; די צווייטע — פון אַנצונד; די דריטע — פון פלאַקער; די פערטע — פון בליצן. און אַפילו מיינע גרעסטע האַרן וואָס הייסן קעניגן (הויה — הויה איז זייער בכבוד׳יקער און פורכטזאַמער נאָמען) וועלן זיך ניט קענען איינקוקן אין דער שיין פון יענע מויער־ווענט וואָס שטייען קעגנאיבער מיין טראָן. און צווישן זיי וועל איך אויפריכטן זיבן טעמפּלען אויף זיבן פּראַכטיקייטן איינער אַריינגעבויט אין דעם צווייטן. און אַלע זיבן טעמפּלען פול מיט אנגעגליטן מעטאַל און בראַנדן, און פינקלעניש, און בליצן, און זיילן פון אנגעגליטן מעטאַל און זיילן פון בלאַנקענישן, און זיילן פון אַנצונד, און זיילן פון בליצן, און זיילן פון פלעמעלעך, און זיילן פון פלאַקערס, וואָס זיינען הויך פון דער ערד ביזן שפּיץ פון העכסטן הימל־אויסשפּרייט.

און אין יעטוועדן טעמפּל וועלן זיין אַכט טויזנט זיבן הונדערט זעקס און זעכציק טויערן פון בליצן, וויפל עס וועלן זיין שעהן אין די טעג פון אַ יאָר. און יעטווידער טויער איז הויך ווי די הויך פון די זיבן־הימל־אויסשפּרייטעכצן און זייער ברייט ווי די ברייט און לענג פון דער וועלט, וואָס איך האָב בדעה צו שאַפן. אי־בער יעדער טיר וואָס אין „ערבות״ וועלן זיין איינגעפעסטיקט דריי הונדערט פינף און זעכציק טויזנט מאָל צענדליקער טויזנטער סאָרטן ליכטער פון גרויסן גע־ליכט, וואָס די גאַנצע וועלט וועט ווערן באַלויכטן פון זיין אַפּלויכט. און קיין באַ־שעפעניש וועט אין זיי זיך ניט קענען איינקוקן. און ביי איטלעכער טיר וועל איך אַוועקשטעלן דריי הונדערט פינף און זעכציק טויזנט מאָל צענטויזנטער מלאכי־השרת, וואָס וועלן זיין הויך פון דער ערד ביזן שפּיץ פון הימל־אויסשפּרייט. פון זייער פוספלאַך ביז׳ן שאַרבן פון קאָפּ וועלן זיי זיין פול מיט אויגן. און איטלעכעס אויג איז ווי דער לבנה־קויק. און דער קערפּער פון יעדן איינעם פון זיי איז ווי אַנגעגליטער מעטאַל; און זייער אַנבליק איז ווי בראַנד און די קויקן פון די אויגן בלאַנקען ווי די בליצן. און יעדער איינער פון זיי האָט זיין מין געווערקצייג פון

תכסיסי־מלחמה. און יעדער איינער פון זיי פאַרמאָגט פערד. און זייערע פערד זיינען פון פייער, און זייערע רייטוועגענער (מרכבות) פון פלאַם, און זייערע שווערדן פון בראַנד; און זייערע באַיאָנעטן פון פלאַקער; און זייערע שפּיזן זיינען שפּיזן פון אָנגעגליטן מעטאַל; און זייערע פיילן זיינען פיילן פון אָנצונד; און זייער געווער איז ברענענדיקער פייער. און זיי, די מלאכי־השרת האָבן פילע נעמען, און זייערע פערד האָבן פילע נעמען; און זיי האָבן פיר פּנים׳ער, און זייערע פערד האָבן פיר פּנים׳ער. און זיי האָבן פליגלען, אין זייערע פערד האָבן פיר פליגלען. זיי ריידן מיט פיר מיילער פיר דיבורים, און זייערע פערד ריידן מיט פיר מיילער פיר דיבורים, זיי זאָגן „קדוש", און זייערע פערד זאָגן „קדוש". זיי זאָגן „ברוך", און זייערע פערד זאָגן „ברוך". זיי זינגען תשבחות פון מיר, זייער קעניג, אין זיבעציק שפּראַכן און זייערע פערד זינגען תשבחות פון מיר זייער קעניג, אין זיבעציק שפּראַכן. זיי טועז מיין ווילן, דעם ווילן פון זייער באַשעפער, יעדן טאָג; און זייערע פערד טועז מיין ווילן, דעם ווילן פון זייער באַשעפער, יעדן טאָג. און איבער אַט־די מלאכי־השרת זיינען ממונה אַכט האַרן, גרויסע דערהויבענע און פאַרהערלעכטע שרים. און די מלאכי־השרת גייען ניט אַריין אָנצוקוקן דעם כסא־הכבוד און צו זאָגן שירה פון כסא־הכבוד און גייען ניט אַרויס אָן דעם רשות, וואָס ווערט זיי געגעבן פון די אַכט שרים.

פון דער ערד ביזן הימל־אויסשפּרייט וועט זיין אַ מהלך פון פינף הונדערט יאָר; און די גרעב פון הימל־אויסשפּרייט איז פינף הונדערט יאָר, און אַזוי וועט זיין יעדער הימל־אויסשפּרייט. און צווישן איין הימלאויסשפּרייט און דעם צווייטן איז אַ מהלך פון פינף הונדערט יאָר. און איבער די הימל־אויסשפּרייטעכצן געפינען זיך די חיות־הקודש. די פיס פון די חיות זיינען קעגנאיבער אַלעמען; די שענקלען פון די חיות־קעגנאיבער אַלעמען, די העלדזער פון די חיות קעגנאיבער אַלעמען; די קעפּ פון די חיות קעגנאיבער אַלעמען. איבער זיי איז דער כסא־הכבוד. די פיסלעך פון כסא־הכבוד קעגנאיבער אלעמען און דער כסא־הכבוד גופא איז קעגנאיבער אַלעמען און איך, דער הויכער און דערהויבענער און דער זיך־דערהייכנדיקער און זיך־דערהויבנדיקער, רו אויף אים, אויף אַט־דעם כסא־הכבוד. אין זיבעטן טעמפּל וועט שטיין פעסט אַוועקגעשטעלט דער כסא־הכבוד און די רייטוועגענער פון די כרובים, און מחנות פון שרפים, און רעדער, און חיות, און רייפן פון פאַרצערנדיקן פייער, און רייטוועגענער פון בראַנדן, און בורשטינען (חשמלים) פון פּראַכט פון שיין און געלייטערטקייטן פון פייער, און שאַצקאַמערן פון בליצן, און באַהעלטענישן פון טויען, און צימערן פון בלאַנקעניש, און קרייזן פון פאַקלען, און פאָנען פון מיליטערישע אָפּטיילונגען, און רעגימענטן פון סאַט־ראַפּן, און לעגיאָנען פון אראלים, און פלאַמען פון קוילן, און געזעמלען פון פלע־

מעלעך, און שפּייכלערס פון שנייען, און טייכן פון בראַנד און קוואַלן פון קוואַל פון לעבעדיקע וואַסערן, און רופערס פון געפּילדערס און דונערן, און רוישערס פון געזאַנג, אוןריידערס פון וואונדער, און ברומערס פון הימנעס, און פאַרשיינערס פון געזיכטער, און פינקלערס פון בורשטינען (חשמאלים) און וואוינונגען פון די פורכטזאַמע, און די פאַרפירקאַנטיקטע פּנים׳ער און פליגלען, און די צוגעדעקטע אַנבליקן, און די אַנגעפילטע מיט אויגן, און די באַזיצערס פון פּראַכט־שטראַלן פון קעניגרייך און שיינקייטן, און אויבערשטער ערע, און באַציר, און די שטאַל־צירונג פון מיר, דעם הויכן פון די הויכע, און לויב פון מיר, דעם הויכן פון די הויכע, וואָס זיצט אויפן כסא־הכבוד: און שאַצקאַמערן פון גייסטער, באַהעלטעניש פון זעלן, און ברכות, און צדקות, און לויבענישן און זמירות, און חיילות און לעגיאָנען רעגימענטן, און צעפלאַטערונגען פון פאַנען, און חיילות פון דריטן ראַנג און קריגערס, און גיבורים, און גבורות און אַנשטרענגונגען, און העלדנטאַטן, און רייטערס, און אויפּזעערס פון חיילות און שרים, און בלאַזערס פון האָרן און זאַגערס פון לויבונגען, און זינגערס פון מעלאָדיעס און לויבענישן, און דאַנקגעבונגען, וואונדערס און גדולות, פּראַכט פון לידער און געזאַנגען, פון הייליקייט און מאַטיוון אַלץ אין דער הויך פון זיבעטן הימל־אויסשפּרייט, „ערבות" צו מיר, דעם רייטער אין יה מיין נאָמען, אין די ערבות. געבענטשט וועט זיין מיין נאָמען און דערהויבן וועט זיין מיין אַנדענק. אמן!

פיר כיתות פון מלאכי־השרת וועלן רימען מיך. די ערשטע מחנה פון מיכאל׳ן אויף מיין רעכטער זייט, און די צווייטע מחנה פון גבריאלן אויף מיין לינקער זייט. די דריטע מחנה פון אוריאלן ביי מיר פון פאָרנט, די פערטע מחנה פון רפאלן הינטער מיר. און די שוועסטער שכינה שטייט אין מיטן. און איך זיץ אויף דעם הויכן און דערהויבענעם שטול... און פיר מחנות שטייען אין די צימערן פון בראַנדהעלצער און קעגנאיבער זיי די רעדער פון דעם כסא־הכבוד, און די רייטוועגענער פון זיבעטן טעמפּל וואָס אין „ערבות", אין זיבעטן הימל. און יעדע מחנה איז פיר הונדערט און זעקס און ניינציק טויזנט מייל די לענג און צוויי טויזענט מייל די ברייט, און צווישן איין מחנה און אַ צווייטער גייען אַדורך טייכן פון פייער, וואָס ציען זיך און קומען אַרויס פון אונטערן כסא־הכבוד; און יעדער טייך איז די טיף ווי דער גרויסער אָפּגרונט און זיין ברייט איז ווי די ברייט פון הימל־אויסשפּרייט. און צווישן איין מחנה און אַ צווייטער געפינען זיך די נעפּלען פון ריינקייט; און צווישן יעדן לאַגערינג געפינען זיך די וואָלקנס פון ליכט פון פאָרנט און די וואָלקנס פון פינצטערניש פונהינטן. און ביי זיי אַלעמען זיינען די פליגלען מיט דער הויך פון קאָפּ, און פייערן פאַרשלייערן זייערע געזיכטער, בכדי זיי זאָלן ניט קוקן און זאָלן ניט דערבליקן די געשטאַלט פון דער שכינה, ווייל די

שכינה געפינט זיך לעבן זיי אומעטום. און אייניקע מלאכים זיינען אנגעטאָן אין בגדים פון פלאַמפייער און איינגעהילט אין מאַנטלען פון אנגעגליטן מעטאַל. זיי זיינען גרייט מיט שרעק און פאַרכט צו טאָן מיין ווילן, דעם ווילן פון זייער באַ־שעפער; און אַנדערע מלאכים, איינגעטיילט אין טויזנט מחנות, שטייען קדושה, און אַנדערע לויפן, צענטויזנט־לעגיאָנענווייז, מיט אַ שליחות. די וואָס שטייען קדושה זאָגן פאַר מיר פון דער פרי ביז אין אָוונט: „הייליק, הייליק, הייליק איז יהוה צבאות", און פון אָוונט ביז אינדערפרי זאָגן זיי פאַר מיר: „געבענטשט איז דער נאָמען פון יהוה׳ס ערע, פון זיין פלאַץ". און אַזוי ווי די קדושה איז דרייפאַ־כיק אַזוי איז די ברכה דרייפאַכיק. זיי קוקן זיך איין אין דעם געשטאַלט פון כסא־הכבוד און זיי דערבליקן ניט דאָס געשטאַלט פון דער שכינה. זיי קוקן זיך צו צו די חיות־הקודש און זיי דערגרייכן ניט צו דעם לאַגער פון די חיות...

ברידער. (איינער צום אַנדערן) קומט מיר וועלן גיין. ס׳איז ניטאָ וואָס צו הערן. ער איז אַ ווילדער פאַנטאַזיאָר, אַ פּוסטער טרוימער, מיט אַזאָ איז ניטאָ וואָס צו ריידן, ווער קען אַרגומענטירן מיט אַ מיסטיקער!

(גייען אָפּ).



# אין זיך

פון

## מ. כאַלישקער

כ׳פאַרנעם דאָס זאָגן
פון די פאַרטאָגן
צו די פאַרנאַכטן
אין וואונדער־פּראַכטן.

דאָס אלץ אין מיר,
אין זיך אליין.
די ווערטער כ׳שפיר.
קען קוים פאַרשטיין.



# דער רעליגיעז־עטישער אונטערגרונט פון דער אידישער ליטעראטור

פון

## ב. ריווקין

עס האָט זיך באַשטעטיקט. די יידישע ליטעראַטור, פּונקט ווי איר פּאַרויסגייער־ין די יידישע רעליגיע, האָט זיך געריכט אויף אָט דער גורלדיקער שעה, מיט די אַלע טענדענצן, וואָס זי האָט אַריינגעזויגן ביי איר געבורט: מענדעלעס גרויס־תכלית, שלום עליכם׳ס איבערגעשטאַלטונג פון דעם אַלט־יידן אין דעם ניי־יידן, פּרצס ירושה־פאַרוואַנדלונג — די פאַרמאַדערניזירונג פון דער אַלט־רעליגיעזער התלהבות אין היינטוועלטיקן עטישן ענטוזיאַזם — מיט דער מוטער־טענדענץ פון זיי אַלע: צו דינען, פּונקט ווי די רעליגיע ווי אַ כמו־טעריטאָריע, ווי אַ טעריטאָריע של מעלה, פאַר דעם פאָלק אַנצוהענגען זיך אויף איר מיט זיין קיום — מיט אַלע אירע אַריינגעבאַרענע גרונט־טענדענצן האָט די ליטעראַטור ווי פאַרויסגעזען די קאַטאַסטראָפע איבער אַלע קאַטאַסטראָפעס, ווען ס׳וועט אויפשטיין אַ וועלט־שונא, וואָס וועט זיך פאַרמעסטן אויפן פאָלק מיט פולשטענדיקער פאַרניכטונג. דאָס זיינען געווען פאַראויסזעערישע טענדענצן, באַוואָרענישן אויף להבא...

ווי האָט דאָס אַלץ די יידישע ליטעראַטור פאַרויסגעוואוסט, פאַרויסגעזען און באַוואָרנט? וואָס איז זי אַ לעבעדיק ווען? געוואוסט האָט זי עס דורך די שריפטשטעלער, וואָס האָבן זי אויסגעפאַטערט און אויסגעמוטערט. האָבן די פאָטערס פּראָסט־פּשוט קאָפּירט די יידישע רעליגיע? ניין. זיי האָבן עס געוואוסט מיט אַן אומבאַוואוסטזיניקן וויסן, וואָס איז געוואָרן אַלץ באַוואוסטזיניקער — דורך זייער גרונט־וועזן. דאָס האָט געערבט דורך זיי די 2,000־יעריקע דערפאַרונג פון אַ פאָלק, וואָס האָט פון זיין טעריטאָריעלאָזער גרונט־סיטואַציע אַרויס אויסגעאַרבעט זיין היסטאָרישן קיום־תנאי: צו דערגאַנצן וואָס עס פעלט אים צו פיזישער טעריטאָריע מיט דער טעריטאָריע של מעלה, וואָס זיין אמונה האָט אויסגעשפּרייט איבער אים. טערי־

טאַריעלאַז, אויסגעליפערט צו פערמאַנענטע סכנות, האָט דאָס פאָלק זיך אויסגע־שטרעקט מיט אמונה, וואָס כאָטש ניט געגנוג פאַר פיזישער באַשיצונג, האָט עס דאָך אָנגעלאָדן מיט כוח און חשק צו לעבן די אַנטרונענע רעשטן; אַנטקעגנווירקנדיק דעם סם המות פון פאַרצווייפלונג מיט בטחון אין ענדגילטיקן נצחון.

דאָס איז געווען אַ פאַרפאַנצערונג פון פאָלק צו גייסטיקן ווידערשטאַנד; אַ צודעק איבערן קאָפּ במקום אַן אָנשפּאַר אונטער די פיס.

דערפאַר, ווען אַלץ ברייטערע קרייזן פון פאָלק האָבן זיך גענומען אויסטאָן פון דער רעליגיעזער פאַרפאַנצערונג און נאַקעט און הויל האָבן זיי זיך געלאָזט גיין מיט דעם וועג פון פאַרוועלטלעכונג, האָבן די שפּעטערישע יידישע גייסטער זיך צוגעכאַפּט צו ליטעראַטור, דער וועלטלעכסטער שפּעטערישער פאָרם, וואָס די אומות העולם האָבן אויסגעאַרבעט, און דעם צוגענגלעכסטן פאַר יידן צווייג פון קונסט, וועלכע איז די נעענטסטע דערנעענטערונג צו רעליגיע, און צוהערנדיק זיך צו דעם קול פון דער גע־ירשנטער פּסיכישער דערפאַרונג, האָבן זיי גלייך איינגעשטעלט די ניי־איבערגענומע־נע שפּעטערישע פאָרם אויף אויפדעקן און אָפּשייערן פון שטויב דעם נשמה־פאַנצער, וואָס די אמונה האָט אויסגעשמידט, כדי יידן זאָלן ניט בלייבן שוצלאָז אינמיטן אַ וועלט, וואָס באַלאַגערט מיט שנאה: — מענדעלע, מיט דער פּירענדיקער משכילי־שער פראַגע: צו וועלכן תכלית? — איז פון דעם אָרעם־פּראַזאַאישן „קליין־מענטשע־לע" דערגאַנגען צום קינסטלעריש רייכן „שלומה ר' חיימס", וואָס פייערט דעם יידנס יום־טוב׳דיקע עלית נשמה: שלום עליכם האָט איבערגעשטאַלטיקט די „קליינע מענ־טשעלעך מיט די קליינע השגות" אין טוביהן, די פאַרקערפּערונג פון יידישן גרויס־בטחון, און די לופט־מענטשעלעך האָט ער איבערגעשטאַלטיקט אין מנחם מענדלען, דער שאָטן־אָפּשלאָג און באַלד־באַלד די פאַרקערפּערונג פון דער גרויסער התלהבות, מיט וועלכער דער ייד דערהויבט זיך איבער זיין באַדנלאָזערווירקלעכקייט; און פּרץ, וועלכער האָט געהאַט פאַר זיך אַ נייעם באַשטעלער, דעם האַרעפּאַשניק, וועלכער האָט געמאָנט כוח פאַר זיין קאָמפּסלוסטיקייט, האָט קינסטלעריש גענומען פאַר־וואַנדלען — צוערשט מיט זיינע חסידישע מעשיות, דערנאָך דורך זיינע פאָלקסטימלע־כע געשיכטן — די אמונה־ירושה אין מאָדערנער מאָראַלער ענערגיע פאַרן באַלדיק־סטן פאַרברויך: — אָט האָט איר, האַרעפּאַשניקעס, יידישע גבורים אויף נאָכצוטאָן!...

די ליטעראַטור האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַן אויסגעצייכנטער שפּעטערי־שער פאָרם, וואָס אי זי קאָמוניקירט מיט דער וועלט, אי זי היט אַיין די אייגענע נשמה־אוצרות. און ווייל דער אַיינשטעל פון די דריי קלאַסיקער, וועלכע האָבן איינ־געשטעלט די יידישע ליטעראַטור, האָט אַזוי גוט געשטימט מיט דעם פּסיכישן מוס־טער, וואָס זיי האָבן געטראָגן אין זיך, איז עס געווען צו מזל ברכה. אַ שפע פון שע־פערישקייט האָט זיך אַרויסגעשלאָגן. אין פאַרלויף פון ווייניקער ווי צוויי דורות האָט

די יידישע ליטעראַטור אַנגעיאָגט די ליטעראַטורן פון די אומות העולם. נאָך בעסער איז, וואָס די יידישע ליטעראַטור מיט אירע שפּיצן האָט שוין באַלד אַנגערירט די העכסטע דערגרייכונג פון איר פּאַרויסגייערין, די יידישע רעליגיע — דעם אָפּדאָך איבערן קאָפּ, וואָס די אמונה האָט אויפגעהויבן. מענדעלעס „בנימין השלישי", „שלום עליכמס „טביה", „מנחם מענדל", פּרצס שלמה פון דער „גאָלדענער קייט" — זיי ריידן זיך שוין באַלד צענויף מיט די געשטאַלטן פון דער וועלט־ליטעראַטור פון דער אויבערשטער יידישער בימה. נאָך אַ ווײַלע און עס וועט זיך אײַנשטעלן אַ גרויס־וועלטישע טעריטאָריע של מעלה, וואָס פאַרבייט ביי יידן טעריטאָריע של מטה. די גרויסע צאָל שריפטשטעלער, וואָס זײַנען אויפגעקומען אין פּרצס סביבה אָדער אונ־טער פּרצס השפּעה האָבן בפועל ממש געפּילט פעסטן באָדן אונטער די פיס. אַזאַ ברייטע יידישע אוידיענץ! זיי האָבן שוין געמיינט, אַז יידישע ליטעראַטור שפּראָצט, וואַקסט, געדייט און באַפרוכפּערט זיך אַזוי נאַטירלעך, ווי ביי אַלע לייטישע פעלקער.

אָבער די ליטעראַטור אין גרויסן גאַנצן, מיט דעם באַהאַלטענעם וויסן, וואָס איז איר אונטערגעזאָגט געוואָרן פון דער יידישער רעליגיע, האָט בעסער געוואוסט. די יידישע רעליגיע האָט זיך ניט באַגנוגענט מיט פּאַסיווער פאַרפאַנצערונג. אַן אָנגע־לערנטע פון איר 2,000־יעריקער דערפאַרונג, האָט זי געטראָגן אין זיך דעם זיכערן פאַרגעפיל, אַז וואָס גרעסער, ברייטער, אַרומגענומענער די וועלט וועט ווערן, אַלץ גרעסער, ברייטער, אַרומנעמנדיקער וועלן ווערן די קאַטאַסטראָפעס, וואָס וועלן זיך שטירצן אויף דעם יידנס קאָפּ — ביז די וועלט וועט ניט אויסהאַלטן איר אייגענע רשעות. די רשעות־אָרדנונג וועט פּלאַצן, אַרויספּלאַצנדיק פון זיך אַ וועלט־קאַטאַס־טראָפע, וואָס וועט אויסקלייבן דעם יידן פאַר איר ערשטן און הויפּט־קרבן, אויב דער ייד וועט איר דעם וועג ניט פאַרלויפן. האָט די יידישע רעליגיע באַצייטנס, פון פאַר־צייטן אָן, גענומען אויסאַרבעטן דעם טיכטיקסטן, ווירקזאַמסטן, אַקטיווסטן אָפּווער־מיטל — די געשטאַלט פון געשטאַלטגעבער. אַלץ וואָס דער ייד האָט אָנגעלעבט דורך זײַנע טויזנטער יאָרן, דורך ליידן, אויסדויער, האַלז־און נשמה־אויסשטרעקונג, האָט ער אַרײַנגעטאָן אין דעם אויפבוי פון דעם משיח־געשטאַלט, וואָס איז אָנגעקניפּט אָן ה' אחד, האָט צוזאַמענגעהאַלטן די טעריטאָריע של מעלה, אַן וועלכער עס איז אָנ־געקלאַמערט געווען דעם יידנס קיום און בטחון אין ענדגילטיקן נצחון. געשטאַלטגע־בונג, וואָס פורעמט, באַשאַפט און שאַפט איבער — בצלם אלהים — מענטשן־מאַסן כהרף־עין, איז דער אויסגעפּרובירטעסטער היסטאָריש־פּסיכאָלאָגישער געזעץ. וויפיל מאָל, ביי יעדער קאַטאַסטראָפאַלער ווענדונג, האָט די געשטאַלט פון געשטאַלט־געבער זיך געוויזן ווי אַ זעאונג, וואָס האָט איבערגעשטאַלטיקט ניט נאָר דאָס פּנים פון יידישן פאָלק, נאָר די פנימער פון די פעלקער, און איבערגעפורעמט זייער געשיכט־לעכן גורל. דאָס זײַנען אַלץ געווען פּראָבן — הכנות צו דער קאַטאַסטראָפע איבער

אַלע קאַטאַסטראָפעס, ווען די איבערפורעמונג פון מענטש און אָרדנונג וועט זיך פאָ־דערן אויף אַ וועלט־מאַסשטאַב.

און די יידישע ליטעראַטור האָט זיך אָנגעשטעקט פון דער יידישער רעליגיע מיט דעמזעלביקן פאַרגעפיל און זי האָט זיך אויך ניט באַגנוגענט מיט פאַסיווער פאַר־פאַנצערונג. זי האָט איבערגענומען פון דער רעליגיע איר פאַראויסוויסן, אַז אין דער לעצטער גורלדיקער שעה וועט אַבי קיום — אַבי אויסהאַלטן און בלייבן לעבן — ניט גענוג זיין. דער קיום וועט זיך דאַרפן איבערזעצן אין נצחון. וואָרים אָן אַ גייסטיקן נצחון וועט קיין קיום אויך ניט זיין. ווי עס באַשטעטיקט זיך אַזוי מורא׳דיק היינט: קיין רעטונג פאַר די יידישע מיליאָנען, ווען מיר וועלן מאָראַליש ניט באַצווינגען די פעל־קער. געננוי לויט דער רעליגיעזער נבואה: — אַז ערשט אויסלייזנדיק די וועלט, וועט דאָס פאָלק זיך אויסלייזן...

און זי האָט איבערגענומען פון דער רעליגיע דעם צוזאָג־פאַרזאָג, דעם נדר־באַפעל אויסצעשמעלצן פון זיך דעם רעטנדיקן אינסטרומענט קעגן דער וועלט־רשעות — די געשטאַלט פון געשטאַלטגעבער. פון איר סאַמע געבורט, איז זי אָן איר וויסען אָנגעצילעוועט געווען צו אַן אויסלייזנדיקער וועלט־ראָלע. און זי איז געוואָרן אַלץ באַוואוסטזיניקער וועגן דעם. שלמה פון דער „גאָלדענער קייט" איז שוין אַן אָנ־געצילעוועטער משיח־וואונק. און וואָס ווייטער איז זי געוואָרן אַלץ אָנגעצילעוועטער. משיח־דראַמען האָבן זיך גענומען מערן, אָנזאָגנדיק משיחס צייטן.

און איצט אין דער לעצטער גורלדיקער שעה — די געשטאַלט פון געשטאַלט־געבער איז בפירוש דאָ; זי האָט זיך אָפּגערופן; זי מיניעט זיך ווי אַ זעאונג. זי איז אַרויס פון איר פאַרגליווערטן סטאַטישן צושטאַנד, זי איז געוואָרן דינאַמיש. זי טראָגט זיך דורכן וועלט־חלל און לויט דעם פעסטגעשטעלטן געזעץ פון דער געשיכטלעכער געשטאַלט־פסיכאָלאָגיע האָט זי געדאַרפט נעמען טאָן איר פורעמענדיקע אַרבעט, און זי טוט די אַרבעט — אָבער צו אונדזער גרויסן אומגליק אין רציחה׳דיקער אפּאָזיציע צום יידן, ווי אַ פינצטערער שאָטן אָפּשלאָג, ווי דער שטן המשחית, דורך היטלערס טייוולשער אימיטאַציע.

משחית׳דיק, נעגאַטיוו, צום יידנס רעה — יא; אָבער פּאָזיטיוו, דערלייזע־ריש, צום יידנס טובה — ניט?

דאָס מיינט ניט, אַז די יידישע ליטעראַטור האָט געדאַרפט נעמען אויף זיך אַראָפּצוברייגגען משיח׳ן. נאָר זי האָט געדאַרפט טאָן פאַר דעם יידישן פאָלק לכל הפחות אַזויפיל ווי להבדיל אלף הבדלות וואַגנערס אָפּעראַס, מיט זייער וואָטאַן־פמליה, האָבן געטאָן פאַר היטלערן: — אים אינספּירירט צו זיין פירער־ראָלע. אָבער דאָס איז געווען ניט בלויז וואַגנער און וואָטאַן, וואָס האָבן געגעבן היטלערן אינספּי־ראַציע. דער יידישער בייטראָג צו היטלערן איז געווען נאָך מער: די וואָטאַן גע־

שטאַלט איז הונדערטפאַך פאַרשטאַרקט געוואָרן אין קעגנשפּיל צום יידישן געשטאַלטגעבער — וואָס דאָס האָט געמאַכט זיך בוקן צום פירער די מיליאָנען געפירטע, פאַרזיכערנדיק אים מיט זיינע ערשטע טריאומפן.

די קונסט איז באַרופן דערצו. געשטאַלטגעבונג איז אַ געזעלשאַפטלעכער קונסט־אַקט — אין אָנווענדונג אויף לעבעדיקע מענטשן־מאַסן. מילא, די יידישע רעליגיע אַליין ניט. זי איז נאָך אַלץ פאַרשלאָסן אין איר געטא־פרומקייט, און איר פרומער משיח איז נאָך אַלץ געטא־געפאַנגען. קאָן ער זיך ניט דערלאַנגען צו דער וועלט. אָבער ליטעראַטור האָט זיך דאָך געמאָלדן ביי יידן פונקט פאַר אָט דעם צוועק — איינצושטעלן קאָמוניקאַציע מיט דער וועלט, פאַר דירעקטער ווירקונג און באַאיינפלוסונג. דאָס האָט געהערט צום נויטיק געוואָרענעם פּראָצעס פון פאַרוועלטלעכונג, ווען די געטא־ווענט זיינען איינגעפאַלן. די רעליגיע, מיט איר פרומען משיח, ניט. אָבער די ליטעראַטור האָט דאָך געקאָנט דינען ווי דער קאַנאַל, דורך וועלכן עס זאָל זיך דורכטראָגן דער שטראָם פון דער רעליגיעז־אָנגעקוואָלענער דערלייזערישער עמאָציע, וואָס אין דער איצטיקער גורלדיקער שעה — ניט נאָר פאַר יידן, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט — וואָלט זיך דאָס דערלאַנגט מיט אַ גראַנדיעזן עפעקט. אַפילו די גע׳שמד׳טע איקאָנע, די צוגענאָגלטע צו די קירכלעכע ווענט, וואָלט זיך גענומען באַוועגן צו יידישער רעטונג.

און ניט בלויז די דערלייזערישע עמאָציע. די גאַנצע רעליגיעזע אָנגעלאָדענקייט, די אָנגעשפּאַנטע און די אקומילירטע מאָראַלע ענערגיע פון טויזנטער יאָרן, וואָס האָט געגעבן דעם יידן האַפט און קראַפט און לעבנס־דראַנג, האָט געדאַרפט געבראַכט ווערן אין באַוועגונג אַריינגעפלייצט צו ווערן דורך דעם קאַנאַל פון וועלטלעכער ליטעראַטור אין דער היינטיקער שעה אַריין. זי וואָלט אונדז גריילעך צוניץ געקומען ווי אַן אָפּוווער קעגן דער סכנה פון אומקום. צו אָט־דעם ציל איז דאָך די יידישע ליטעראַטור לכתחילה אָנגעשטעלט געווען, דאָס איז דאָך איר גרונט טענדענץ. די כמו־טעריטאָריע, וואָס זי דאַרף אויפשטעלן איבערן יידנס קאָפּ, איז דאָך אָנגעלענט אויפן יידנס האַרץ, אָנגעלאָדענעם מיט אמונה.

און דאָס איז דאָך דאָס פּראָבלעם, וואָס האָט באַשעפטיקט פּרצן: ווי טוט מען אַריין דעם מאָראַלישן אינהאַלט פון רעליגיע אין דער וועלטלעכער קונסט־פאָרם? און פאַר זיך האָט ער דאָס פּראָבלעם געלייזט דורך די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן״. ער האָט געשאַפן אַ ספּעציעל יידישע פאָרם, וואָס פּראָדוצירט גלייכצייטיק אי מאָראַל אי קונסט — ביידע אין באַהעפטונג, אין אַ סינטעז.

פּרצס פּראָבלעם איז דאָס פּראָבלעם פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור.

פאַרוואָס אַ פּראָבלעם? אין זייער עצם, אין זייער אָפּשטאַמונג, זיינען רעליגיע און קונסט גאָר ניט אַזוי ווייט איינס פון אַנדערן. אי די רעליגיעזע, אי די

קינסטלערישע שאַפונג קוועלן אַרויס ווי אַ יש מאין — אין אמונה, אין צוטרוי צו רוח־הקודש.ביידע זיינען מענטש־באַשאַפונג, אַנהויבנדיק פון געפילן און שטימונגען און פאַרענדיקנדיק מיט געשטאַלטן. דער חילוק איז נאָר, וואָס רעליגיע שאַפט אין צוטרוילעכן אויסשטרעקן זיך צו גאָט, קונסט ווערט געשאַפן אין קינסטלערס צוטרוי צו זיך אַליין. דאָרט גראַדלייניקע געהאַרכזאַמקייט צו גאָט, דירעקטע דערלאַנגונג פון גאָטס וואָרט — דאָ פרייער שפּיל פון פאַנטאַזיע, פון אייגענעם אימפּעט אַרויס. דאָ הויבט זיך אָן די סתירה, די ראַנגלעריי צווישן גאָט און מענטש. קאָן די סתירה אָפּגעווישט ווערן? קאָן מען די ביידע שאַפונגס־פאָרמען פאַרען? פּרץ האָט געגלויבט, אַז דורך די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן" האָט ער באַוויזן, אַז יאָ. אין אַנדערשקייט פון דער קונסט ביי די אומות העולם, וואָס פאַרבייט זיי רעליגיע, איז די אידעאַלע יידישע קונסט־פאָרם גלייכווערטיק מיט רעליגיע — אַ קינסטלערישער עקוויוואַלענט צו רעליגיע. ניט במקום־רעליגיע, נאָר כמו־רעליגיע.

צי פּרץ האָט דערגרייכט זיין אידעאַל, לאָזט זיך דיסקוטירן. אָבער אין דער ריכטונג פון אָט דעם ענדציל האָט די יידישע ליטעראַטור זיך באַוועגט און זיך געדאַרפט ווייטער באַוועגן — צו קינסטלערישער — כמו רעליגיע — (וואָס איך רוף כמו־טעריטאָריע, איז אייגענטלעך כמו־רעליגיע).

וואָס האָט געשטערט? וואָס האָט די באַוועגונג פאַרהאַלטן? — נאָך דעם ענטפער טראָגן מיר זיך אַריבער קיין אַמעריקע, וואו אַלע גרונט־טענדענצן פון דער יידישער ליטעראַטור האָבן זיך איבערגעחזרט מיט נייע באַשטעטיקונגען, אָבער אויך מיט פרישע וואַריאַציעס.

עס האָט זיך באַשטעטיקט, אַז דער דראַנג צו טעריטאָריאַליזירונג איז די הויפּט טרייב־קראַפט פון דער יידישער ליטעראַטור. אָבער דאָ האָט געפעלט די כנסת ישראל, די גייסטיקע געמיינשאַפט פון דער יידישער עדה, וואָס זאָל באַפעלן פון אויבן אַראָפּ דער ליטעראַטור: באַשאַף זיך ווי אַ כמו־טעריטאָריע — וואָס דאָס האָט אין דער אַלטער היים פאַרגיכערט דעם פּראָצעס פון דער פאַרקינסטלערונג פון דער ליטעראַטור; אַז אָנהויבענדיק פון משכילישן תכלית־דינסט, זאָל זי אין פאַרלויף פון אַ דור און האַלב, מיט דער אונטערשטיצונג פון דער ברייטער לייענערשאַפט, וואָס דער גרויסער ישוב האָט אויסגעטיילט, אָננעמען דעם כאַראַקטער פון אַ נאָרמאַלער טעריטאָריע־ליטעראַטור, ווי ביי די אומות העולם.

גרויסער יידישער ישוב האָט זיך אויך דאָ געזאַמלט, זייט דער אימיגראַציע־שטראָם האָט זיך גענומען טראָגן איבערן אַטלאַנטיק, מיטן אָנהויב פון די 80ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט. אָבער דער צוזאַמענשטעל פון דעם ישוב איז געווען גרויער ערב־רב, ניט פאַרגאַנצט און ניט געקרוינט פון אויבן מיט אַ כנסת ישראל נשמה. די תכלית־טענדענץ איז געווען די ערשטע צו מעלדן זיך, פונקט ווי

אין דער אַלטער היים, אָבער לכתחילה ווי קליין־תכלית: דער ערב־רב איז צוגע־פאַלן צום געדרוקטן וואָרט, צו דער צייטונג, כדי אַריינגעפּירט צו ווערן אין נייעם לאַנד, כדי אײַנצוהיימישן זיך אין דער נייער היים. באַלד איז אונטערגעקומען די געהויבענערע תכלית־אידייע פון קאָסמאָפּאָליטישן סאָציאַליזם, וועלכער האָט נאָך שטאַרקער געמאָנט ליטעראַטור פאַר זיינע פּראָפּאַגאַנדע־נויטן. אָבער סיי דער ניצלעכקייט־צוועק און סיי דער פּראָפּאַגאַנדע־צוועק זיינען קיין שטער ניט געווען צו דער אַרויסבאַפרייאונג פון ליטעראַטור; עס זאָלן זיך נעמען אַרויספורעמען: דערציילונג, ליד און דראַמע.

די כנסת ישראל איז נאָך אַלץ ניט געווען בנמצא, אָבער יחידים האָבן זיך שוין באַוויזן, וואָס האָבן איר ירושה געטראָגן אין זיך, און זיי האָבן גענומען אַריינברייננגען די יידישנדיקע כנסת־ישראלדיקע גרויס־תכלית־טענדענץ: אברהם וואַלט־ליעסין מיט דער מאַרטירערשאַפט פון די דורות: יהואש מיט זיינע הימנעס צום יידישן העראָאיזם, און נאָך פריער אַווילע מאָריס ראָזענפעלד מיט זיין איבּ־טואיטיווער פאָלקסטימלעך־יידישער שטימונג. און עס האָט גלייך זיך אַרויסגע־שטעלט, אַז אין אַמעריקע וועט זיין אַנדערש: סע האָבן זיך גענומען צייכנען אייגנ־אַרטיקע ריין־אַמעריקאַנישע טענדענצן.

די ערשטע טענדענץ וואָלט איך אָנגערופן די „טענדענץ פון אָנהויב אָן”. אין דער אַלטער היים, אונטער דעם וואָרעמען צודעק פון כנסת ישראל, האָט די קינסטלערישע ליטעראַטור געהאַט אַ לייכטערע אויפשפּראָצונג. אונטער דער גע־דיכט־יידישער טראַדיציע איז מענדעלעס גרויס־תכלית לייכט איבערגעגאַנגען אין שלום־עליכמס איבערגעשטאַלטונג, אין פּרצס ירושה־פאַרוואַנדלונג. עס איז געווען אַן איבערגאַנג פון איין ספר צום צווייטן — פון פרומען צום וועלטלעכן. איין ספר איז פאַרביטן געוואָרן מיטן צווייטן. אַ ספר־פאַרוואַנדלונג. און ספר איז דאָך שוין ליטעראַטור. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַלט־היימישער ליטעראַטור, אַז אַפילו אין איר אויפבלי האָט זי זיך גע׳ספר׳ט מיט ספר, אַפילו ווען זי האָט זיך שוין דעראַרבעט צו כמו־טעריטאָריע־כמו־רעליגיע — ביי פּרצן — איז עס גע־בליבן אין ספר. — דאָ אַן ערב־רב, אָן זכות אבות, אָן ספר־טראַדיציע. האָבן די יחידים־טרעגער פון יידישן גרויס־תכלית, ווען זיי האָבן גענומען אַריינקנעלן די כנסת ישראל ירושה אין לייענער־עולם, זיך ניט געקאָנט באַהעלפן מיטן ספר. זיי האָבן געדאַרפט אָנהויבן פון אָנהויב־אָן. דאָס איז געווען אַ סך שווערער. אָבער עס האָט אויך געהאַט אַ גרויסע מעלה, אויף ליעסינען איז עס צום קאָנטיקסטן. נאָך אין מינסק האָט ער עס אָנגעהויבן. ער האָט געדאַרפט אַריבערטראָגן די מאַרטי־רערשאַפט פאַר אמונה אין מאַרטירערשאַפט פאַר סאָציאַליזם — פאַר שניידער, שוס־טער, בלעכער, ניט קיין יודעי־ספר — איבערזעצן ר׳ עקיבאן אין הירש לעקערטן.

און עס האָט ניט געטאָרט אין ספר בלייבן, נאָר אין לעבן גיין. האָט ער געדאַרפט נוצן דעם אַלטן אמונה־מעטאָד פון דירעקטער דערלאַנגונג פון אמת, ניט דעם וועלטלעכן קונסט־מעטאָד פון אַרומגיין מיט שפּיל אַרום אמת. איז עס געווען ווי ניי־באַשאַפונג פון אמונה פון סאַמע ערשטן מענטשלעכן קוואַל מיט די מיטלען פון קונסט — ניט מיט דעם מיטל פון „כה אמר ה׳״. אין זיין צווייטן פּעריאָד האָט ליעסין אַלץ מער זיך דערנענט צום קינסטלערישן עקוויוואַלענט פון רעליגיע, וואָס פּרץ האָט געאָהנט, וואָס דערין האָט ער געזען די קינפטיקע ספּעציעל יידישע קונסט־פאָרם.

די צווייטע אַמעריקאַנישע טענדענץ שטאַמט פון דער געאָגראַפישער פּאָזיציע פון אַמעריקע — פון דער פּאָזיציע „מעבר לים״ קעגן דער אַלטער היים. שילדערונגען פון אַלט־היימישן לעבן, לידער אַדרעסירט צו דער אַלטער היים, האָבן פאַרנומען אַן אָרט אין דער סאַמע פריסטער היגער יידישער ליטעראַטור. אָבער איר פולע פרוכט וועט די „מעבר־לים״־פּאָזיציע ערשט שפּעטער געבן. דער „מעבר־לים״ — איז אַן אקומולאַטאָר פון שעפערישער ענערגיע. דער קוק פונדערווייטנס גיט אַרומנעם, פאַרנעם און פאַרמעסט. די כמו־טעריטאָריעלע אַלטוועלטלעכקייט פון דער יידישער ליטעראַטור שטאַמט פון אַמעריקע. זיי האָבן געהאַט ניט קיין לייכטע אַרבעט די כנסת־ישראל פּיאָנערן צו האַמערן אין האַרטן, פלאַכן בלעד, מיט וועלכן די קליין־תכליתדיקע ניצלעכקייט און די אויבערפלעכלעכע קאָסמאָפּאָלי־טישע פּראָפּאַגאַנדע האָבן באַצויגן די געמיטער, וואָס זיינען פאַר זיך אַליין געווען האַרט און פלאַך. זיי, די פּיאָנערן, האָבן געדאַרפט דורכבערעכן דעם בלעד און דורכ־האַקן די געמיטער און פאַרטיפן זיי. און געפינען פאַר דעם לשון, וואָס דער עולם האָט אים ניט געקאָנט נאָכפּילן און נאָכזאָגן. האָבן זיי אָנגעהאַקט געגנוג לשון־שפּליטערס, אָבער זיי האָבן דורכגעבראָכן. און זיי האָבן עס געמאַכט אַ סך לייכטער פאַר די, וואָס זיינען געקומען נאָך זיי.

* * *

די צווייטע אימיגראַנטן־כוואַליע פון פאַר 1906 און נאָך 1906 האָט גע־בראַכט צוטראָגן נאָך אַ גרעסערן עולם, מיט נאָך אַ גרעסערער פּראָפּאָרציע יוגענט און אינטעליגענץ, וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַ טאָפּלטע רעוואָלוציע — אי דורך אַקציע, אי דורך דער ליטעראַטור. זיי האָבן מיטגעבראַכט אַ נייעם הונגער נאָך ליטעראַטור. און צווישן דער יוגענט און דער אינטעליגענץ שעפערישע יחידים וואָס האָבן מיטגעבראַכט דעם גאַנצן יונגען אויפבלי פון דער יידישער ליטעראַטור, מיט היפשער קענטניש אין פרעמדע ליטעראַטורן. האָבן זיך געמאָלדן אי נייע באַשטעלער, אי פּאָטענציעלע שריפטשטעלער, וואָס זיינען ראוי געווען צו באַ־

פרידיקן די באַשטעלונג. עס זיינען צייטיק געוואָרן די באַדינגונגען פאַר אַ נייעם אויפשוואונג.

די „יונגע" האָבן פאַרענדיקט די איבערגעמונג פון דער נייער שעפערישער פאָרם — פון דער אומות העולמ'דיקער קונסט — ניט נאָר פאַר דער יידישער ליטעראַטור פון אַמעריקע, נאָר פאַר דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור. אַנדערש פון די שריפטשטעלער פון וואַרשע, ווילנא, קיעוו און אַדעס האָבן זיי ניט נאָכגעשריבען און ניט איבערגעשריבן דעם אַלטען יידישן ספר. און אַנדערש פון די פּיאָנערן דאָ האָבן זיי ניט גערעדט צו זייער עולם, אמת פון דער אייגענער טיף, אָבער פון דער בימה אַראָפּ, איבער דעם עולמ'ס קאָפּ. זיי זיינען געשטאַנען צו זייער עולם פּנים אל פּנים. נאָך בעסער: זיי האָבן וועגן זייער עולם זיך גאָרניט געדאַרפט קימערן. זיי האָבן געשאַפן קונסט פון זיך אַרויס, פון זעלבסטוועגן. וואָס דאָס איז דער עיקר; וואָס דאָס איז קונסט — אַ שעפערישע פאָרם, וואָס גיט אַרויס כפל כפלים וויפל מען גיט אין איר אריין; אַן אינסטרומענט פון זעלבסטבאַרייכערונג — וואָס דאָס איז געווען, וואָס יידן האָבן געדאַרפט איבערנעמען ביי די אומות העולם; וואָס צוליב איר איז אויפגעקומען די מאָדערנע ליטעראַטור ביי יידן — באַרייכערט צו ווערן מיט אַ נייער שעפערישער פאָרם. אַפילו ווען זיי האָבן איבערגעטריבן אין זייער קונסט לשם קונסט־מאַנער, זיינען זיי געווען באַרעכטיקט. ווייל דאָס איז געווען נויטיק. זיי האָבן פאַרענדיקט אַ געוואַגטע יידישע אונטערנעמונג.

און דער עולם, וועגן וועלכן זיי האָבן זיך ניט געקימערט, האָט דוקא זיי אָנגענומען. נאָך אַט־דעם געשמאַקן טעם פון פרייער קונסט האָט ער געדאָרשט. עס זיינען צוגעקומען טויזנטער לייענער, עס וועלן צוקומען צענדליקער טויזנטער. אַ וועלט מיט יידן, קיין עין־הרע! עס האָט זיך געלאָזט חלומען וועגן אַ מיליאָן יידישע לייענער. די אילוזיע פון אַ נאָרמאַלער יידישער ליטעראַטור, ווי ביי אַלע לייטישע טעריטאָריע פעלקער, האָט ווידער אַמאָל אויפגעשפּילט, באַווירקט, באַפרוכפּערט און אָנגעצוייגן אַ שפע שעפערישקייט...

אָבער די יידישע ליטעראַטור, מיט איר פאַרויסזעערישקייט, מיט איר געהיימען וויסן, וואָס זי האָט געירשנט פון דער יידישער רעליגיע, וואָס די צוויי־טויזענט יעריקע דערפאַרונג האָט זי געלערנט, אַז די טעריטאָריעלאָזע יידישע גרונט־סיטואַציע דאַרף אַריבערגעוואויגן ווערן מיט נשמה־שפּאַנונג און נשמה־אויס־שטרעקונג, האָט בעסער געוואוסט. זי האָט ווי פאָרויסגעזען, אַז ווען די האַניק־יאָרן וועלן אַריבער און דער נייער עולם וועט זיך איינבירגערן און פאַר'משפּחה'ן אין אַמעריקע, וועט די איינבירגערונג לויט דעם היסטאָרישן כלל, וואָס גילט פאַר דער יידישער ליטעראַטור אין אַלע יידישע שפּראַכן, זיך אונטער איר אונטער־

גראָבן, דער דעק, די כלומרשט פיזישע טעריטאָריע, וועט אַוועקפאַלן, אויב זי וועט זיך פריער ניט באַוואָרענען. די לייענערשאַפט וועט אַוועקפאַלן. און זי האָט זיך גענומען באַוואָרענען: אַריינאַרבעטן אין זיך די טענדענצן — אירע עקזיסטענץ־געזעצן, מיט דער גרונט־טענדענץ פון כמו־טעריטאָריע: אַריבערצוציען אַ גייסטי־קען אָפּדאַך איבער איר לייענער־עדה כדי זי אנצוציען און צוהאַלטן. די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט זיך גענומען כמו־טעריטאָריאַליזירן. און זי האָט געווען צו הילף די צוויי נייע אַמעריקאַנער טענדענצן — פון „מעבר־לים" און „פון אַנהויב אָן".

וועלכע פון זיי האָט זיך פריער אָפּגערופן? ביידע גלייכצייטיק. דער עלע־מענטאַרער „מעבר־לים", די פּראָסט־פּשוטע אַלט־היים־שילדערונג, אָנזויגנדיק זיך מיט אַלץ טיפערן זין, האָט זיך גענומען שטרעקן צו וועלט־ארומנעמונג, אויס־שפּרייטנדיק זיך אין שטח פון רוים און צייט. דעם געוואונענעם רעזולטאַט אין וועלט אַרומנעמונג, אין פאַר־סך־הכל׳ען אָן עפּאָכע, האָט די ליטעראַטור דערנאָך אַריבערגעטראָגן אויף אַמעריקע. אַפּאַטאָשו איז פון זיינע „פּוילישע וועלדער" אַריבער צום ראָמאַן וועגן אַ וואַלד־צדיק, וועלכער פאַרמעסט זיך שוין מיט אַ סינטעז פון בעל־שם און אָנקעל סעם אויפן נייעם לאַנד, און וואָס זיין זון פּרואווט זיך דערוויף אויף אַ נייעם אופן — מיט רעליגיעזן סאָציאַליזם. ראַבאָי נאָך אַ ווייל־אַלט־היימישן זיך, און אים צו לענגערע יאָר איגנאַטאָוו גלייך פון אָנהויב, אָן שום צוגרייטונג, האָבן זיך פאַרמאָסטן אויף אַמעריקע — דער ערשטער אידיליש־נאַ־טוריסטיש, דער צווייטער — אידייאיש־וויזיאָנעריש; און נאָך זיי — י. י. שוואַרץ מיט „קענטאָקי" — שבת׳דיק רעאַליסטיש. „טעריטאָריאַליזירן" זיך אין אַמעריקע — „איינעמען דאָס לאַנד" — מיינט ניט סתם אַ שילדערנדיקע אָפּשפּיגלונג פון אַמעריקאַנער סביבה—דירעקטער־פאַרמעסט; ס׳מיינט אויך די פּערפעקטירונג פון אינסטרומענט, מיט וועלכן מען פאַרמעסט זיך. מען קאָן זיך שטעלן דרויסן פון אַמעריקע אויסצואַרבעטן דעם אינסטרומענט פון פאַסמעסטונג, און מען קאָן זיך אַרונטערלאָזן אין דער אייגענער טיף. נאָר באַזונדערס פאָדערט וועלט־ארומנעמונג אינסטרומענטירונג, און דער היסטאָריש אויסגעפּרואווטער אינסטרומענט, וואָס האָלט צוזאַמען די יידישע וועלט־טעריטאָריע אין איין גאַנצקייט, איז די גע־שטאַלט פון געשטאַלטגעבער. גערעד אין אַמעריקע האָט די יידישע ליטעראַטור זיך גענומען משיחיזירן. אויף לייוויקס משיח־דראַמען זעט מען ערשט צו וואָס עס דינגט און וואָס עס לאָזט זיך אויפטאָן מיט דער צווייטער אַמעריקאַנער טענדענץ פון „פון אָנהויב אָן". אַנדערש פון די אַלט־היימישע דעקאָראַטיווע משיח־דראַמען פון ספר אַרויס, נעמט לייוויק זיין משיח־געשטאַלט פון זיך אַרויס, פון די גע־בורטס־ווייען פון דער געשטאַלט אין דעם פּאָעט גופא. אַזוי טאַקע איז די גע־

שטאַלט לכתחילה געבאָרן געוואָרן. איז דאָס אָריגינעלע רעליגיעז־קינסטלערישע שאַפונג. כמו־טעריטאָריע גייט דאָ איבער אין כמו־רעליגיע, אין קינסטלערישן עקוויוואַלענט פון רעליגיע.

פון אַמעריקע אַרויס האָט די יידישע ליטעראַטור זיך אָנגעשטעקט מיט דעם דראַנג צו אַ וועלט־דראַמע אָדער צו אַ וועלט־ראָמאַן אַרום אַ יידישן וועלט־גיבור אָדער וועלט־דערלייזער. — אַז וועלט־אַרומנעמענדיקע, געשטאַלטענדיקע איבערשטרומענטירונג איז געווען אַ נויטיקער פּראָצעס איז צו זען דערפון, אַז פריער פון אַלץ האָט דער פּראָצעס אַ פּעולה געטאָן מיט דער ליטעראַטור־גופא. זי האָט גענומען קווען און געדייען, זיך מערן און פרוכפּערן, און האָט אַפילו לכתחילה ניט באַמערקט, אַז איר אוידיענץ ווערט אַלץ שיטערער, ווערנדיק פאַרשלונגען פון דער אַמעריקאַניזירונג. און נאָך אַ באַוויז, אַז דער פּראָצעס איז געווען אַ נויטיקער, האָבן מיר אין דעם, אַז אַפילו די עסטעטישע פּראַקטיע פון די „יונגע" די „אינזל"־גרופּע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אויף איבערנעמען די אומות־העולמ׳דיקע קונסט־פאָרם, האָט אויך זיך ניט אָפּגעזאָגט פון פאַרקינסטלערן געשטאַלט־זעאונג: מאַני לייבס געזאַנגען צום „געהיימען רייטער"; זישא לאַנדויס אויפשפּילן די געשטאַלטן פון זיינע אבות — אַפילו מיט דעם גראָטעסק פון אַ ליבע־שפּיל צווישן בעל־שם־טוב און שרה בת־טובים, און אַפילו דער אין זיך פאַרטאָנענער יוסף ראָלניק האָט אויך געצאָלט צינז צום „קעניג אינקאָגניטא"". מיט דער צייט וואַלטן ביידע פּראַקציעס זיך צונויפגעשלאָסן אין פּאָעטישער געשטאַלטגעבונג.

וואָס האָט געשטערט? וואָס האָט פאַרהאַלטן דעם פּראָצעס? און פאַרוואָס האָט די ליטעראַטור אומבאַמערקט גענומען פאַרלירן איר אוידיענץ, בעת זי האָט שוין יאָ אָנגענומען דאָס כמו־טעריטאָריע־כמו־רעליגיע־באַוואָרעניש די אוידיענץ איינצוהאַלטן? דאָ, פון דער נאָענט, מיט שאַרפע ביישפּילן פאַר די אויגן, לאָזט זיך די פראַגע פאַרענטפערן.

* * *

די ליטעראַטור איז געשטערט געוואָרן פון דער אידעאָלאָגיע, וואָס האָט זיך איינגעשטעלט אַרום איר און וועלכע איז געגאַנגען להיפוך צו אירע גרונט־טענדענצן. יאָ, עס איז אומבאַדינגט נויטיק געווען יידן זאָלן איבערנעמען ביי די אומות־העולם די וועלטלעכע שעפערישע פאָרם, אָבער זי האָט געדאַרפט איבערגענומען ווערן מיט אַ גרונט־תנאי: — אַז די ליטעראַטור ביי יידן וועט פאַרנעמען דעם אָרט פון רעליגיע און וועט דאַרפן טאָן די אַרבעט פון רעליגיע: אַריבערצוהויבן זיך איבער דער יידישער טעריטאָריעלאָזקייט מיט כמו־טעריטאָריע — כמו־רעליגיע, און דערמיט וועט זי זיין אַנדערש פון די ליטעראַטורן פון די אומות־העולם. ווי־

באַלד דער תנאי איז ניט אויסגענומען געוואָרן, איז די גאַנצע אידעאָלאָגיע פון איבערנעמען די גויאישע קונסט געוואָרן אַ גרויסע אימיטאַציע. די ליטעראַטור גופא מיט אירע גרונט־טענדענצן האָט געפאָלגט און אויסגעפאָלגט דעם גרונט־תנאי. אָבער די אידעאָלאָגיע האָט ניט נאָר איר ניט נאָכגעפאָלגט, נאָר איז איר דעם וועג פאַרלאָפן און פאַרשטעלט.

אונדזער ערשטער און גרעסטער קולטור־אידעאָלאָג איז געווען חיים זשיטלאָווסקי. און דר. חיים זשיטלאָווסקי איז געווען אַ טעריטאָריאַליסט. ער האָט גערופן יידן זיך צו טעריטאָריאַליזירן — עקאָנאָמיש, סאָציאַל און נאַציאָנאַל צו נאָרמאַליזירן זייער אַבנאָרמאַלע גרונט־סיטואַציע. ער האָט אָבער ניט איינגעזען און ניט פאַרשטאַנען, אַז דאָס וואָס ער הייסט יידן טאָן מאַטעריעל, האָט די יידישע ליטעראַטור אין אַלע אירע פאָרמען און דורך אַלע צייטן געטאָן ספּיריטועל. זי איז געגאַנגען אויף דר. זשיטלאָווסקיס וועגן — זי האָט דעם יידנס נשמה — אַלץ וואָס דינט צו פאַרמערן און צו באַרייכערן זיין נשמה־פאַרמעגן — טעריטאָריאַליזירט . . .

זיין גרויסע שמחה איז געווען: ענדלעך האָט די יידישע נאַציע זוכה געווען צו פאַרוועלטלעכן זיך ככל הגוים! — אָבער מיט דער ככל הגוימדיקער וועלטלעכקייט איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ פעלשונג. די פּראָגרעסיווע וועלטלעכקייט פון כל הגוים, מיט וועלכער ער האָט גערופן יידן זיך צו אידענטיפיצירן, איז געווען אַנטי־קירכלעך און פאַר איינוועגס אויך אַנטי־רעליגיעז. און ער האָט פאַרזען דעם גרויסן חילוק: — אַז די יידישע רעליגיע האָט געדינט דעם וועלטלעכן צוועק — דעם יידישן קיום אויף דער וועלט. ער האָט ניט אַרויסגעשיילט דעם קערנדיקן וועלטלעכן עצם פון דער יידישער רעליגיע פון דער אומוועלטלעכער שאָלעכץ, וואָס האָט זיך פאַרהאַרטעוועט אַרום קערן, — און איז דען דער עצם פון רעליגיע — דער גאָט־גלויבן — אומוועלטלעך? — דר. זשיטלאָווסקי איז גאָר ניט געווען אַזאַ אפיקורס ווי ער האָט געהייסן די יידן זיין. ער האָט גוט געוואוסט, אַז גאָט איז דאָס מענטשלעכסטע, און במילא שוין דאָס וועלטלעכסטע אין מענטשן. פאַר זיך אַליין, פאַר יחידי סגולה, פאַר פּאָעטן און פילאָזאָפן האָט ער דערלויבט גאָט־גלויבן. ער האָט אַפילו געקאָנט כאַפּן התפעלות פון די גאָלדשטיקער, וואָס פּרצס קינסטלערישע רעליגיעזיטעט האָט אויסגעמינצט, און פון די קינסטלערישע פּערל וואָס האָבן זיך אויסגעפורעמט אין פּראָצעס פון לייוויקס משיח־געשטאַלטונג. אָבער בנוגע דעם גאָט־גלויבן פון דער יידישער פאָלקס־מאַסע איז ער געווען אַן אַפּיקורס, צייטנווייז אַ וואולגאַרער אפיקורס. דעם פאָלקס פרומען צערעמאָניאַל ארום זיין גאָט גלויבן האָט זשיטלאָווסקי געמאָלען ווי אַ צרעת, וואָס זויגט דעם פאָלקס לעבענס־קראַפט. און גראָד איז דער גאָט־גלויבן פון יידישן פאָלק געווען זיין

שטאַרקסטער כלי־זיין: גאָט זיין שפּייזער מיט כוח: דער קנופּ, וואָס האָט צע־נויפגעקניפּט זיין עקזיסטענץ אין דער לופטן — על בלימה, זי זאָל ניט פאַנאַנדער־פאַלן: דער מאַגנעטישער פּאָל, וואָס האָט מאַגנעטיזירט דעם פאָלקס נשמה און זי אָנגעשפּאַנט מיט אינטענסיווער שעפערישקייט — ביז צו געניאַליטעט. — וועגן דער משיח געשטאַלט האָט זשיטלאָווסקי איינמאָל זיך אַרויסגעכאַפּט, אַז זי איז אַ סטראַשידלע, אַ פאַרזעעניש, אַ מיאוסקייט פאַרן אויג — בעת משיח איז געווען דער פּראָדוקט פון יידישן פאָלקס אייגענאַרטיקסטער געשטאַלטגעבערישער קונסט, וואָס האָט אים געגעבן זיין געשיכטלעכע ראָלע אין דער וועלט מיט דעם צוזאָג פון נאָך אַ גרעסערער וועלט־ראָלע.

מעגלעך, אַז איך בין צו זשיטלאָווסקין אומגערעכט. פאַר 40 יאָרן איז ניט לייכט געווען אײַנצוזען, וואָס מיר זעען עס אַיין היינט, און די ששון־ושמחה מיט ווערן ככל הגוים האָט פאַרבלענדט. האָט געדאַרפט קומען אַ געניאַלער קאָפּ, וואָס זאָל יא באַנעמען, וואָס דער מאָמענט פון איבערגאַנג פון פרומקייט צו וועלטלעכ־קייט האָט פאַרלאַנגט. עס האָט זיך געפאָדערט טעאָרעטיש דורכצוזעצן דעם אַקט פון אַריבערפירן די רעליגיעזע אינספּיראַציע אין דער וועלטלעכער קונסט־פאָרם — וואָס דאָס האָט די יידישע ליטעראַטור פּראַקטיש און פאַקטיש זיך באַמיט צו טאָן.

עס האָט געדאַרפט אַרויסגעבראַכט ווערן דער חילוק צווישן גויאישן און יידישן גאָט־גלויבן. צווישן אַ גאָט וואָס טוט גאַרנישט און אַ גאָט וואָס גיט אַ פאָלק כוח אויסצולעבן זיינע טויזנטער יאָרן, און דער חילוק צווישן אַבסטראַקטן גאָט, וואָס אַ פילאָזאָפישער שפּיץ־קאָפּ פאַרוואַרפט אים צו די ברעגן פון וועלט־אַל, און וואָס זיין גאַנצע עובדא איז צו פאַרשאַפן נחת רוח דעם דענקער (וואָס דאָס איז אגב אורחא זשיטלאָווסקיס גאָט), און דעם קאָנקרעטן יידישן גאָט, וואָס זיצט אין מענטשנס האַרצן און חזרט אין אים איבער דעם וועלט־באַשאַף און מענטש־באַשאַף. אַפילו דער נאָמען גאָט האָט געקאָנט אויסגעלאָזן ווערן, און אַרויסגע־בראַכט האָט געדאַרפט ווערן דער חילוק צווישן אַ ווייכער שלאַבערדיקער פּסיכאָ־לאָגיע, וואָס מינטערט זיך מיט זיסע גלויבענס־טראָפּענס, כדי ניט אָוועקצוחלשן, און אַ פּסיכאָלאָגיע, וואָס איז אָנגעטרונקען מיט גלויבען. פאַרשוואַרן און פאַר׳נדר׳ט אויף טאָג־טעגלעכע מעשים, שמעלצט זי זיך אַליין איבער אין אַ אינסטרומענט, וואָס צאַפּט לעבנס־קראַפט און שאַפונגס־קראַפט פון אַן אומענדלעכן קוואַל; אַן אינסטרומענט פאַר זעלבסט־מאַגנעטיזירונג און עלעקטריזירונג, וואָס ווירקט דיי־רעקט אויף די געשעענישן, ציט זיי צו און שטויסט זיי אָפּ פון זיך; אַזוי אַרום באַשטימענדיק און פאַרויסבאַשטימענדיק דעם פאָלקס גורל, אויסלייגענדיק זיין גע־

שיכטלעכן וועג איבער אַ טעריטאָריע פון הוילער גייסטיקער ממשות, אַן אַ באָדן אונטער זיך...

יעמאָלט, ווען די אייגענאַרטיקייט און איינאיינציקייט פון דער יידישער, אויף אמונה איינגעשטעלטער פסיכאָלאָגיע וואָלט אַרויסגעבראַכט געוואָרן, וואָלט דאָס פאַרוועלטלעכן זיך מיט די גוים ניט געוואָרן אַ ליידיקע ככל הגוים׳דיקע אימיטאַציע. די יידישע רעליגיעזע שעפערישקייט, וואָס האָט געהאַט פאַר איר אינסטרומענט דעם גאָט־גלויבן, וואָלט באַרייכערט געוואָרן מיט דעם וועלטלעכן קונסט־אינסטרומענט. צוויי שעפערישע אינסטרומענטן וואָלטן זיך פאַר׳שותפ׳ט פאַר אַ טאָפּלטער פעולה — וואָס צו אָט דער שותפות האָט די יידישע ליטעראַטור אינטואיטיוו זיך געצויגען.

אַן אידעאָלאָג מיט אַ געבענטשטן קאָפּ וואָלט דאָ נאָך געהאַט געענוג אַר־בעט. אמת איז, אַז רעליגיע און קונסט האָבן איין אָפּשטאַמונג. ביידע ציען זייער שעפערישקייט פון איין אורקוואַל — על פּי רוח הקודש. ביידע זיינען מענטש־באַ־שאַפונג און מענטש־געשטאַלטונג. אָבער מיט אַ נפקא מינה. רעליגיע איבט מענטש־באַשאַפונג, בצלם אלהים דירעקט, אוממיטעלבאַר, פון אינעווייניק אַרויס — ווי איך פאָרמוליר עס: קונסט אויפן לעבעדיקן מענטשן. די „קינסטלערישע״ קונסט טוט איר אַרבעט אינדירעקט, דורך אַ פאַרמיטלונג, איבנדיק זיך אויף רויען דרויסנדיקן שטאָף: זי שרייבט, מאָלט, קלעפּט; בויט בנינים, רעגולירט קלאַנגען, ערשט דורך דעם שטאָף פאַרמיטלער דאַרף די ווירקונג זיך איבערגעבן צום מענטשן. און נאָך אַ גרעסערע נפקא מינה: רעליגיע איז רעאַל. זי טוט איר אַר־בעט אויף אַן אמת. זי איז ריינע אמת־זעאונג און אמת־זאָגונג. זי שאַפט אמת. קונסט טוט איר אַרבעט אויף צו פלייסענס — זי איז שפּיל אַרום אמת. יאָ, אויך רעליגיע איז שפּיל. יעדע אָנשעפּונג פון רוח הקודש איז שפּיל; אַ וואָגונג אין צו־טרויען, אַ ריזיקע, אַ גלויבנס־אַקט, אויפגעשפּילטער גלויבן. אָבער ווי שוין אויבן אָנגעוויזן, אין רעליגיע איז דער אויפשפּיל דיריגירט פון אויבן, אנגעצייל־ט־וועט צו גאָט און פון גאָט אָנגעצילעוועט צום מענטשן. בעת אין קונסט איז עס פרייער פאַנטאַזיע־שפּיל. צוטרויען צו גאָט איז פאַרביטן מיט דעם מענטשנס זעלבסטצוטרויען, קאָן מען זאָגן, עס איז נאָך בעסער אַזוי. איז דען אַזאַ מהלך צווישן גאָט און מענטש? אין אַ געוויסן זין איז גאָט דאָך אויך מענטש. אָבער ווען עס האַנדעלט זיך וועגן אַ סינטעז, ווי קאָן גראַדליניקע געהאָרכזאַמקייט זיך סינ־טעטיזירן מיט אומדיסציפּלינירטער פאַנטאַזיע־פרייהייט?

עס איז נאָך האַרבער. ווי די קונסט האָט זיך אויסגעאַרבעט ביי די אומות העולם, וועלכע האָט געדאַרפט פון אונדז נאָכגעטאָן ווערן, איז די ניט געבונדענ־קייט פון דער קונסט מיטן אמת, דערהויבן געוואָרן צו איר אויבער־פּרינציפּ: זי

טאָר גאָרניט געבונדן זיין מיטן אמת. זי איז לכתחילה געמיינט ווי אַ שפּיל אויף צו־פליסענס. זי איז ניט מחויב און ניט מחייב, זי פאַרפליכטעט ניט. זי איז הפקר. זי איז געוויסנלאָז. און דאָך וויל זי טועם טעם זיין פון געוויסן אויך. זי וויל געוויסנס־לאָזע מענטשן געבן צו פאַרזוכן פון אָט דער איידעלער הנאה אויך. וואָרים קונסט איז פאַר הנאה וועגן, קונסט איז פאַר גענוס.

דאָס איז די קונסט פון פעלקער, וואָס זיינען באַזאָרגט מיט אַלע וואויל־טיקן, און פריער פון אַלץ מיט דעם וואוילטיק פון אַ טעריטאָריע, וועלכע איז די באַזע פון אַ נאָרמאַלן פאָלקסלעבן, וואָס פּראָדוצירט קונסט ווי אַ ביי־פּראָדוקט; די קונסט פון וואוילטיק־פעלקער, וואָס פאַרמאָגן ספּעציעלע וואוילטיק־קלאַסן — קעניגע און פּרינצען און פּריצים און גבירים אַדירים, וועלכע אין געיעג נאָך מער וואוילטיק האָבן זיי געמאַכט די קונסט פאַר זייער איידעלער משרת׳טע — פאַר אַ וואוילטיק און גענוס־צושטעלערין. אַ רשע וויל אויך האָבן דעם גענוס פון פילן אַ האָרעלע ווי אַ צדיק, זייער קונסט איז עבודה זרה צו אַ קורטיזאַנקע, וואָס וועט זי גיט דעם רייצנדיקסטן גענוס, קאָמפּלימענטירט מען זי פאַר אַ געטין. און איזן איז זי א געציכע. נאָר ווייל די קונסט איז אַזוי שיין, האָט מען ניט געמערקט איר גע־מיינע כוונה: צו באַפרידיקן פריצישע תאווה. די שיינקייט האָט פאַרגלעט און פאַר־פוצט.

אויך דר. זשיטלאָווסקי האָט עס ניט באַמערקט. מען דאַרף לייענען איינע פון זיינע בעסטע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער פאָעטישער ווידערגעבורט פון רעליגיע— לייענט מען פון איר אַרויס, אַז הינטער זיין פאַרהערלעכונג פון קונסט און פּאָעזיע איז פאַרשטעקט די דערנידערונג פון רעליגיע — קונסט איז דעגראַדירטע רעלי־גיע: געטער ווערן געבאָרן, שטאַרבן, פאַרוואַנדלען זיך אין געצן און טייוואָלים, כדי אויפצושטיין תחית המתים אין קונסט, אַריינגעשטעלט צו ווערן אין מוזייען צו פאַרוואונדערן דעם מענטשנס אויג מיט שיינקייט. קונסט איז די מוזייאישע שיינקייט פון געשטאָרבענע אמת׳ן; קונסט איז די אָפּגעזייטע שיינקייט פון אמת; די קאָלירטע, פילבאַרביקע פלעווקע פון אמת; די איבערלעבונג פון אמת אויפן חשבון פון אמת, וואָס פאַרפליכטעט ניט צו צאָלן דעם נשמה־פּרייז — דעם קרבן— וואָס דער אמת־דינסט פאַרלאַנגט. די פעלשונג פון אמת פאַר דעם גענוס פון פּריצים, וואָס זייער איינציקע פונקציע אין לעבן איז געניסן. די עבודה זרה פון תאווה. און דר. זשיטלאָווסקי האָט נאָך געוואָלט, אַז מיט דער געניסערישער עבודה זרה זאָלן מיר צוריק אויפשטעלן די אַלטע יידישע ימים טובים, אָט די העכסטע דערגרייכונגען פון דער יידישער רעליגיעזער קונסט־שאַפונג — וואָס האָבן גרויסן לעבנס אמת צום גרויסן שפּיל געמאַכט, און גרויסן שפּיל צו גרויסן לעבנס־אמת — ספּקטאַקלען פון דער יידישער עלית נשמה, וואָס האָבן דורכגעטראָגן דעם יידישן

קיום אויף דער טעריטאָריע של־מעלה — וואָס, אויסצוזאָגן אַ סעקרעט, פון זיי האָט די יידישע ליטעראַטור אָפּגעשריבן אירע גרונט־טענדענצן.

און ווען דר. זשיטלאָווסקי איז מיט אָט דער אידעאָלאָגיע צוגעטראָטן צו דער פאַרוועלטלעכונג לויטן מוסטער פון ככל הגוים, איז עס זעלבסטפאַרשטענד־לעך געוואָרן אַן אימיטאַציע, וואָס לאָזט אויס די גרונט־אַנדערשקייט פון דער יידישער פסיכיק, די גרונט־תנאים פון יידנס גייסטיקער שעפערישקייט, וואָס האָבן זיך געריסן צו ווערן די עקזיסטענץ־געזעצן פון דער יידישער ליטעראַטור. און די אימיטאַטאָרישע אידעאָלאָגיע האָט גענומען געפאַנגען די יידישע ליטעראטור, אַריינ־נעמענדיק זי אין אַ קלעם, וואָס אָט געשטערט און געשעדיקט.

נאָר דר. זשיטלאָווסקין קאָן מען מוחל זיין. נאָך אַלעמען איז ער געווען אַ סאָציאָלאָג, אַ קולטור־אידעאָלאָג, וואָס זיין הויפּט־אינטערעס איז ניט געווען ליטע־ראַטור. אָבער די זעלביקע אידעאָלאָגיע איז ווי זי שטייט און גייט איבערגענו־מען געוואָרן פון אונדזער אידייאישער ליטעראַטור־פאַרוואַלטונג, וועלכע האָט דאָך געדאַרפט זיך אויסצייכענען מיט אַ שאַרפער ראיה און אַ הערעוודיקערן געהער צום פולס און די אימפולסן פון דער יידישער ליטעראַטור — איז די ככל הגוים׳דיקע אימיטאַציע געוואָרן אַ טאַלאַנט־פרעסערישע אימיטאַציע, וואָס האָט אָנגעטאָן נאָך ערגערן שאָדן דער ליטעראַטור.

(און אפשר זאָגן פאַרקערט: זשיטלאָווסקי האָט בלויז פאַראידייאיזירט די פסיכאָלאָגיע פון די ליטעראַטור־פאַרוואַלטער, און זיי זיינען נאָך שולדיקער פון אים?)

* * *

עס איז ניטאָ קיין גרעסערע סתירה, וואָס זאָל אַרבעטען אַזוי להיפוך די לע־בענס אינטערעסן פון דער יידישער ליטעראַטור, ווי די סתירה צווישן דער ליטע־ראַטור און דער ליטעראַטור־אידעאָלאָגיע, ווי זי איז געקומען צום אויסדרוק אין דער קריטיק. איך נעם געערן אָן, אַז זי איז אַ קריטיק מיט אַלע מעלות; אַז זי האָט אַלץ געלערנט, וואָס איז געווען צו לערנען פון דער אומות־העולם׳דיקער ליטעראַ־טור־קריטיק; אַז אין אירע שטודיר־יאָרן האָט זי אויסגעשטודירט אַלע טעאָריעס, וואָס האָבן פאַרטעאָריזירט די שיטות, וואָס האָבן אין יענע יאָרן געגאָלטן אין די ליטעראַטורן פון די אומות־העולם, און זי האָט שפּעטער עפּעס נאָך צוגעלערנט; אָבער איר הויפּט חסרון איז, וואָס זי פאַרזעט איר אייגענעם באַרוף — אַז זי דאַרף אַנדערש זיין פון דער גויאישער קריטיק, ווי אַנדערש עס איז די יידישע ליטעראַ־טור. טאָקע דערפאַר ווייל די אונטערבאַוואוסטזיניקע גרונט־טענדענץ פון דער יידישער ליטעראַטור — צו דינען דעם פאָלק ווי אַ כמו־טעריטאָריע־כמו־רעליגיע

— איז נאָך ניט געקומען צו איר פולען באַוואוסטזיין — איז די יידישע קריטיק ספּעציעל באַרופן צו זיין ניט נאָר די מיטשאַפערין, נאָר אויך די אידייאישע פי־רערין פון דער ליטעראַטור, די אָרגאַניזאַטאָרין פון איר באַוואוסטזיין, איר שפּיי־זערין מיט אידייען. איר כמו־טעריטאָריעלע דינסט וואָלט זיך אויסגעדריקט אין דעם, וואָס זי וואָלט שאַפן די גייסטיקע אַטמאָספערע, פאַר דער ליטעראַטור און אירע שריפט־שטעלער צו אָטעמען — ווייל גייסטיקע אַטמאָספערע דאָס איז וואָס פעלט זיי; זי שלאָגט זיך ניט אָפּ פון זיך אַליין פון דער מאַטעריעל־טעריטאָריעלער פאַרגאַנצקייט פון יידישן לעבן. און טוט די קריטיק דאָס ניט, איז ניט נאָר זי גיט גאָרנישט צו, נאָר זי נעמט נאָך אַוועק. מיט איר אימיטאַטאָרישן צוגאַנג מאַכט זי ווערטלאָז די געוואונענע, פון דער ליטעראַטור־געשאַפענע גרויסע לעבנס־ווערטן, אונטערמי־נעווענדיק זיי מיט איר גויאישקן קוק, אַז זיי זיינען געמיינט ניט פאַרן לעבן, נאָר פאַר דער ליטעראַטור, וועלכע איז אַן אָפּלעגער פון אומברויכבאַרע אמתן, אַ קאַסטן מיט הייליקע שמות, אָדער אַ שופלאָד מיט בלאַנקנדיקע צאַצקעס, דערמיט האָט זי בדלות געשטעלט די יידישע ליטעראַטור, פאַרהאַלטניק די אינספּיראַציע פון די שעפע־רישע שריפטשטעלער...

אַ שניידנדיקער וויטיקדיקער ביישפּיל איז דער פריצייטיק־אומגעקומענער משה לייב — אַ קינסטלערישער געשטאַלטגעבער פון געבורט, וואָס מיט איין שנעל פון זיינע שפּיץ־פינגער פלעגן געשטאַלטן זיך נעמען טראָגן אין דער לופטן, שטייגנ־דיק אין אַ ספּיראַל צו דער קרוינענדיקער יידישער גרויס־געשטאַלט. זיין גאַנצער גאַנג איז געווען אַן אַלץ פייערלעכערע, אימפּעדיקערע פּראָצעסיע צו דער קרוי־נונג. און אין רעכטן מיטן איז די פּראָצעסיע צעשאָטן געוואָרן. גראָד ער האָט זיך געניטיקט אין דער אָרגאַניזאַטאָרישער הילף פון דער קריטיק. און גראָד ער איז פון איר צום מערסטן באַשעדיקט געוואָרן. וואָס האָט זי אים געגעבן? גאָרנישט. וואָס האָט זי ביי אים געפונען? צוערשט בונטאַרישקייט, דערנאָך אַיינגעשטילטקייט, וואָס דאָס איז ביי איר אַ סימן געווען פון זיין „רייף ווערן״ — וואָס דאָס מיינט, אַז ער איז שוין ראוי געווען אַלט צו ווערן און צו שטאַרבן. און ער איז געשטאָרבן, פרי־צייטיק אומגעקומען, אַ פאַרהונגערטער גייסטיק און מאַטעריעל. נאָך אַ נס, וואָס ער האָט דערצויגן ביז האַלב געניאַליטעט — גענוג אויף אַנצודייטן ביז וואָס פאַר אַ געניאַלער היקף די יידישע פּאָעזיע וועט זיך אַמאָל דערהייבן.

אָט די זינד פון דער ליטעראַטור־פאַרוואַלטונג האָט זיך גענומען שווער באַ־שטראָפן, ווען די לייענער־אוידיענץ האָט גענומען אַוועקפאַלן, און יוגנט איז מער ניט צוגעקומען.

און פאַרוואָס האָט די אוידיענץ גענומען אַוועקפאַלן? דער ערשטער זעלבסט־פאַרשטענדלעכער ענטפער איז זי איז אַוועקגעשטויסן געוואָרן פון יידיש, פון דער

שפּראַך, קולטור און ליטעראַטור, דורך דער געוואַלדיקער צוציאונגס־קראַפט פון לאַנד, דורך איר פאַרלאַנג צו לעבן און איינצולעבן זיך מיט אַמעריקע — דאָס וואָס מען רופט אַסימילאַציע. און די יוגנט, די הי־געבוירענע, אַ דערצויגענע און גע־האָדעוועטע אויף אַמעריקע, אויף דורכצולעבן איר גאַנץ לעבן מיט איר, פאַר וועל־כער זי איז גרייט איצט דאָס לעבן אָוועקצוגעבן — אויב די טאַטעס זיינען ניט ביי־געשטאַנען דעם נסיון, פאַרוואָס זאָל זי, די יוגנט, זיין טריי מיט אַ געטרייהייט, אויף וועלכער זי האָט קיינמאָל ניט געשוואוירן ?

אָבער עס איז נאָך דאָ אַ צווייטע פראַגע און אויף איר אַ צווייטער ענטפער: פאַרוואָס האָט די יידישע ליטעראַטור ניט איינגעהאַלטן די לייענערשאַפט, וואָס זי האָט שוין געהאַט ? ווייל זי האָט אָנגעוואוירן איר איינהאַלטנדיקע קראַפט. דער ייד אין אַמעריקע וויל טאַקע לעבן אַ גוטן טאָג, אָבער טיף אין הארצן, אין דער קאַר־דינאַלער פראַגע — צי זאָל ער אַ ייד בלייבן ? — איז ער נאָך אַלץ איינגעשטעלט אויף לעבנס־ערנסט, ניט אויף צופלייסנס־שפּיל — פּונקט ווי דער ייד אין דער אַלטער היים, פּונקט ווי דער ייד אין מענדעלעס צייט, ווען מענדעלע האָט געפרעגט זיין גרויס תכלית־פראַגע, פּונקט ווי דער ייד פון אַלע צייטן. והראיה, ערנסטע ווערק, וויסנשאַפטלעכע ווערק, וואָס גיבן אים צו דענקען, וואָס גיבן אָנלען צו זיין קאָפּ. ביכער־ספרים, און ליטעראַטור־ווערק, וואָס ריידן צו זיין קיום־אינסטינקט — ציען נאָך אַלץ לייענערשאַפט. והראיה, רעליגיע, טראָץ אַלע אַנטי־רעליגיעזע פּראָ־פּאַגאַנדעס, האַלט צו און געווינט נאָך אָנהענגערשאַפט.

די ליטעראַטור, נאָך בעסער ווי די אַלטע רעליגיע, האָט עס געקאָנט באַ־ווייזן, און זי האָט עס באַוויזן. מיר האָבן געזען, אַזוי גיך ווי זי איז אומזיכער גע־וואָרן מיט איר אוידיענץ ; און שפּעטער, ווען די אומזיכערקייט איז איבערגעגאַנגען אין געוויסהייט, אַז די אוידיענץ וועט אָוועקפאַלן — האָט זי זיך גענומען מאָבילי־זירן און באַוואָרענען. כמו־טעריטאָריע האָט אַראָפּגענידערט אויף אַמעריקע. זי האָט זיך גענומען איינשטעלן צו דינען ווי אַ כמו־רעליגיע. און כמו־טעריטאָריע־כמו־רעליגיע איז דער הויפּט־תנאי סיי פאַר אינערלעכן און סיי פאַר אויסערלעכן דערפאָלג — פאַר מזל ברכה מיט שעפערישקייט און פאַר מזל ברכה מיט לייענער־שאַפט.

(כ׳וויל דאָ שוין אָוועקוואַרפן די צוויי טערמינען כמו־ - טעריטאָריע, כמו־רעליגיע. זיי האָבן זיך שוין אויסגעדינט. עס איז דאָך שוין קלאָר וואוהין זיי ביידע צילן : צו אַ קינסטלערישן עקוויוואַלענט פון רעליגיע).

ווען דאָס וואָלט געשען — ווען דער יידישער ליטעראַטור וואָלט געלונגען, מיט דער געמיינשאַפטלעכער אָנשטרענגונג פון גאַנצן יידישן שריפטשטעלערטום — אומגעשטערט פון דער באַגרענעצטער און באַגרעניצנדיקער קולטור און ליטע־

ראַטור־פּאַרוואַלטונג — זיך צו דעראַרבעטן צו אַ קינסטלערישן עקוויוואַלענט פון רעליגיע — איז ווען אַפילו זי זאָל אונטערן דרוק פון אַמעריקאַניזאַציע האָבן אָנ־געוואוירן איר גאַנצע לייענער־אוידיענץ, וואָלט זי פון אויבן אַראָפּ אָנגעצויגן נייע אוידיענץ, ווייל דאָס שטימט מיט דער יידישער גרונט־סיטואַציע, ווייל עס ענט־פּערט דער פּסיכישער יידישער גרונט־באַדערפעניש.

ס'איז נאָך ניט שפּעט. מען קאָן עס נאָך צוריקכאַפּן. די יידישע ליטעראַטור אין אַמעריקע האָט עס פאַראויסגעוואוסט; אויך די קאַטאַסטראָפע האָט זי פאָר־אויסגעזען. נאָך מיט 25 יאָר צוריק האָט זי דורך לידער און ראָמאַנען אָנגעזאָגט, אַז אַזאַ קאַטאַסטראָפאַלע צייט וועט קומען. און וויפיל זי איז ניט געשטערט געוואָרן פון דער אימיטאַטאָרישער ליטעראַטור פאַרוואַלטונג, האָט זי קלאָר געמאַכט איר כוונה — צוצוגרייטן אַ גרויסע ראָלע פאַר די יידן, פאַר דער יידישער יוגנט אין אַמעריקע. איר גרונט־טענדענץ אויסצוגלייכן זיך מיט דער רעליגיע אין געשטאַלט־געבערישן ווערט איז היינט נאָך בולטער און גילטיקער ווי אַמאָל. און איצט, גראָד איצט, בפרט איצט־איצט, איז דער שאַנס דאָ די יידישע יוגנט זאָל די צוגעגרייטע ראָלע אויפנעמען. איצט, איצט, ווען זי לייגט דאָס לעבן אויף די שלאַכטפעלדער, ווערט אַזוי בולט פאַר איר די וועלט־סכנה, אַז יידן זאָלן פאַרניכטעט ווערן, און אַז די יידישע יוגנט, זאָל פאַרנישטיקט ווערן — בענקט זי, און שרייט פון דער טיפע־ניש פון איר געעפנטן האַרצן נאָך דער ראָלע, וואָס זאָל אויפהייבן איר ווערט אין אי־רע אייגענע אויגן. און ווער קאָן איר אַזאַ ווערטפולע ראָלע געבן? בלויז די יידישע ליטעראַטור, קיין אַנדערע. דאָס איז אַ נייע באַשטעלונג. עס איז אַ ווענדונג צו דער יוגנט מיט אַן אָנבאָט פון אַ געשטאַלטגעבערישער וועלט־ראָלע פאַר יידן דורך אַמע־ריקע. וועט די יידישע ליטעראַטור האָבן דערפילט דעם באַרוף, וואָס זי האָט גע־ירשנט פון דער רעליגיע, און זי וועט געראַטעוועט ווערן פון אונטערגאַנג, און די יידישע יוגנט וועט געראַטעוועט ווערן פון פאַרפאַלן ווערן אין תהום פון תוהו ובוהו.





# גוטע מענטשן

פון

## אייזיק יפה

### א.

חיים אליהו יפה, אַ זון פון ר׳ משה יפה, וואָס איז געוועזן א דיין אין וויל־נע, האָט געהאַט אַ הויז אויף מאָנטראָז עוו. ברוקלין. איין לאקאטאר האט ניט געצאָלט קיין דירה־געלט שוין אַ קיימא־לן פיר חדשים, אַ צווייטער — פינף חדשים און דער דריטער האָט שוין ניט געצאָלט גאַנצע אַכט חדשים.

זאָג איך צום אייגנטימער פון הויז: מאַך זיי זאָלן זיך אַרויסציען.

זאָגט ער:

— וואָלט אונדזער טאַטע אַזוי געטאָן? איין ייד זאָל אַן אַנדער יידן אַרויס־וואַרפן, ווי שיקט זיך עס?! איך וועל בעסער פאַרלירן דאָס הויז.

און כך הווה, ער האָט פאַרלאָרן דאָס הויז.

דער מאָרגעדזשיר האָט עס ביי אים צוגענומען.

### ב

אין וואודביין נ. דזש. האָב איך געאַרבעט אויף איינער פון די קליידער־פאַב־ריקן. וואו צו עסן האָב איך ניט געהאַט. אין שטעטל זיינען דאָ בלויז צוויי ביליקע „לאָנטש־רומס״. אַ ייד, וואָס איז געוואוינט צו אַ יידישער קיך האָט אין זיי ניט געקענט עסן און האָבן הנאה פון זייערע מאכלים. בין איך אַוועק זוכן אַ יידן, ביי וועמען מ׳זאָל קענען אַיינשטיין און אויך קריגן מאָלצייטן. האָב איך געפונען אַ אָרימען גראָסערי־מאַן מיטן נאָמען קאָלער, ער קומט פון גראָדנער גובערני׳ע ער־

געץ פון אַ דערפּל. באַדינג איך זיך מיט דער מרס. קאַלער זעקס דאָלער אַ וואָך פאַר אַ צימער און איין דאָלער א טאָג פאַר מיטאָג־עסן. אוועק אַ וואָך, צוויי; האָב איך באַצאָלט וואָס עס קומט פון מיר. איז אָנגעקומען און אויך אַוועק די דריטע וואָך, האָב איך ווייטער באַצאָלט וואָס עס קומט פון מיר לויט אונדזער אָפּרייד. דאָס מאָל איז אָבער געווען דערביי מר. קאַלער.

רופט ער זיך אָפּ צו זיין ווייב:

— פאַרוואָס נעמסטו אַזויפיל געלט?

רוף איך זיך אָפּ:

— אַזוי זיינען מיר מושווה געוואָרן און סיי דער צימער און סיי דער מאָל־צייט איז ווערט דעם פּרייז.

בייזערט ער זיך אָן אויף זיין ווייב:

— סטייטש, ווי באַרייסטו עס אַ יידן?

און ער האָט מיר צוריקגעגעבן זעקס דאָלער פאַר די דריי וואָכן וואָס איך האָב, לויט זיין חשבון, איבערגעצאָלט פאַרן צימער און פון דעם אָפּצאָל פאַר די מאָלצייטן האָט ער אַראָפּגענומען צו צוואַנציק סענט.

זיין טענה איז געווען:

אַזוי ווי ער האָט אַליין אַ קרעמל קאָסטן אים די שפּייז־פּראָדוקטן וועלוועלער, לכן באַטרעפט דער מאָלצייט ניט מער ווי אַכציק סענט. לויט מיין השגה, נאָך איז אַ דאָלער פאַרן עסן געווען אַ ווילדע מציאה, אַזעלכע גוטע מאָלצייטן האָט די באַלעבאָסטע סערווירט.



# צוויי לויטערע געשטאַלטן

פון

## בצלאל פאַרגמאַן

— 1 —

### דער אָפּגעהיטער

מיין מאַמע איז געווען, אַזוי ווי אַ סך אַנדערע פרויען אירס גלייכן אינעם קליינעם שטעטל, די אשת חיל, די ברויט פאַרזאָרגערין פאַרן גאַנצן הויזגעזינד; אַז זי פלעגט שלעפּן דעם שווערן פּאַק אויף אירע שוואַכע פּלייצעס פלעגט דער טאַטע אויך צולייגן אַ האַנט.

דהיינו: ער פלעגט אויפּפּאַקן דעם פּאַק סחורה, ווען די מאַמע איז געקומען פון וואַרשאַ; ער האָט אויך איבערגעקוקט דעם צעטל, וואו עס זיינען פאַרצייכנט געווען די אַלע מינים סחורות וואָס די מאַמע האָט איינגעהאַנדלט; נאָכגערעכנט צי אַלץ שטימט.

אַז די מאַמע האָט בעדאַרפט פאָרן אויף אַ יאַריד איז דעם טאַטנס עובדא געווען: איינצופּאַקן די סחורה.

ס'פלעגט אויך אַמאָל טרעפן אַז דער טאַטע איז מיטגעפאָרן אויף אַ „פּראָווי־נעם־יאַריד", אָבער דאָס האָט זעלטן פּאַסירט.

אין שטעטל גופא אָבער, איז ער שוין געשטאַנען גלייך מיט דער מאַמען ביים טאָש (סטענד).

אויך דאַמאָלט איז די מאַמע געווען די הויפּט סוחרטע. ד. ה. זי האָט עס בעדאַרפט ריידן און איינ'טענה'ען מיט די קונים, די פויערים און פויערטעס פון די אַרומיקע דערפער, וואָס זיינען געקומען אין שטאָט איינצוקויפן די נויטיקע זאַכן פאַר זייער געברויך.

זי האָט עס באַדאַרפט מיט זיי זיך אויסדינגען און משווה ווערן מיטן מקח; איז דאָס געווען אַ שווערע, אַ ביטערע אַרבעט...

אָבער דער טאַטע, ווי געטריי און איבערגעגעבן ער איז ניט געווען צו דער פאַמיליע און ער האָט זיכער געוואָלט העלפן דער מאַמען, דאָך האָט ער קיינמאָל קיין פרייז דעם קונה נישט געגעבן, ווייל ער איז געווען בספקות וויפיל צו רעכע־נען דעם קונה; וועט ער רעכענען אַ קאָפּיקע רווח, אפשר רעכנט ער חלילה אי־בער; אפשר איז ער נאָר באַרעכטיקט צו אַ גראָשן פאַרדינסט אין אַן אייל סחורה.

איז דאַריבער זיין אַרבעט באַשטאַנען אין אַכטונג געבן אַז די קונים זאָלן נישט לאַטכענען ד. ה. פּראָסט־פּשוט: גנב׳ענען.

און אין הלכות גנבה זיינען זיי זייער באַהאַוונט געווען; זיי האָבן געקאָנט די מלאכה אויסגעצייכנט.

האָט ער געזוכט תחבולות ווי אַזוי זיך צו באַשיצן און באַשירמען קעגן דאָס בייזע אַנשיקעניש וואָס רופט זיך גנבה; ווי אַזוי מאַכט מען אַז די גוים זאָלן אים נישט קאָנען באַ׳גנב׳ענען?

און ער איז געפאַלן אויף אַן המצאה: דעם עק פון יעדן שטיק סחורה האָט ער צוגעניייט צו אַ לאַנגן שנור, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון טאַש כדי, ווען דער גנב וועט נעמען ציען דאָס שטיק סחורה, קונה צו זיין עס במשיכה, וועט ער, דער וועכטער, גלייך באַמערקן, ער וועט שוין דערזען וואָס דאָ קומט פאָר און וויסן ווי צו האַנדלען.

און כך הווה: מער ווי איינמאָל איז דער טאַטע אויסגעהיט געוואָרן פון אַ שאָדן אַ דאַנק אָט דעמדאָזיקן גוטן איינפאַל.

דאָך אין אַ גרויסן מאַרק־טאָג אָדער אויף אַ יאַריד, ווען די קונים האָבן זיך געדרענגט אַרום דעם „טאַש״ אין געדיכטע כאָפּטעס לכתחילה מיט דער כשר׳ער כוונה צו באַראַבעווען אַ יידן... דאַמאָלט איז שוין געווען ווי דער פסוק זאָגט: „אין עצה ואין תבונה״ — — — מיין אָרעמער טאַטע איז געווען הילפלאָז: ניט פאַרמאָגט אַזויפיל אויגן וויפיל עס זיינען געווען אויסגעשטרעקטע „ידים״...

אָפטמאָל נאָך אַ טאָג פון שווערער פּראַצע, וואָס דאָס האָט געמיינט: אַ גו־טער יאַריד, אַ סך לייזעכץ, איז די מאַמע אַריינגעקומען אין שטוב כאָטש אַ צע־פּרוירענע, אַ פאַרשנייטע אין די ווינטערדיקע קאַלטע טעג; אַ פאַרברענטע, אַ פאַרחלשטע פון דער חמימה שטייענדיק אַ גאַנצן טאָג אונטער דעם שרפהדיקן הימל אין די זומער־טעג, דאָך גליקלעך, וויסנדיק אַז היינט האָט זי געהאַט אַ גוטן טאָג; ס׳וועט זיין פּרנסה אויף עטלעכע וואָכן! ס׳וועט זיין ברויט פאַר אירע אָרעמע קינ־דער...

אָבער אַז דער טאַטע האָט, אויף זיין שטייגער, איבערגעקוקט דעם גאַנצן

ראַמש סחורה, וואָס איז איבערגעבליבן נאָך דעם גרויסן יאַריד האָט גאַנץ אָפּט גע־פּעלט אַ שטיקל אָדער צוויי — סחורה...

איז די מאַמעס פרייד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין טרויער... דעם טאַטנס צער איז געווען אין לשער; זיין בלייך, צאַרט פּנים איז געוואָרן נאָך בלייכער; ער האָט פאַרביסן די ליפּן און געקרעכצט אין זיך...

האָט דער צער אַרומגענומען דאָס גאַנצע הויז; און מיר, קינדער, ווי יונג און קליין מיר זיינען ניט געווען, האָבן מיר שוין באַנומען און באַגריפן דאָס גרויסע אומרעכט, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן אונדז מצד פון די שלעכטע גוים...

און אָט־די פאַרשוינען האָט עס דער טאַטע מורא געהאַט חלילה צו קריוו־דען, באַ׳עוולה׳נען מיט איבערנעמען ביי זיי, אַן איבעריקן גראָשן...

מיין טאַטע!... — — — — —

— 2 —

## א זינגענדיקע נשמה

דער פעטער מענדל איז אין משך פון פילע יאָרן געווען אַ בעל תפילה אין איינער פון פּראַגער שולן אין די ימים נוראים׳דיקע טעג.

אין די ערשטע יאָרן, באַלד נאָך זיין חתונה האָט ער זיך גערעכנט פאַר אַן עושר. ער איז געווען אַ קאָלעקטאָר, ד״ה ער האָט געהאַנדלט מיט לאָטערייע צעט־לען, איז ביי אים אַריינגעפאַלן דאָס גרויסע געווינס; אַ תושב פון זיין שטעטל מיטן נאָמען ר׳ יוחנן איז געווען דער זוכה בגורל און — געוואונען די גאַנצע 75 טויזנט רובל.

נאָך אַ ייד, אַ באַלעבאָס פון זעלבן שטעטל האָט צו דער זעלבער צייט אויך געוואונען אַ גרויסע סומע; האָט דער פּראָצענט וואָס איז אויסגעקומען אויף דעם פעטערס חשבון אויסגעמאַכט — אויב דער זכרון נאַרט מיך ניט אָפּ — איבער צען טויזנט רובל; ווירקלעך אַ גאַנץ היפּשע מטבע.

האָט זיך דעם פעטער פאַרגלוסט צו ווערן אַ סוחר, צו האַנדלען מיט וואָלענע טיכער; איז ער אַריינגעפאָרן קיין וואַרשאַ, איינגעהאַנדלט אַ גרויסן ראַמש פּאַ־טשיילעס; און ווי דער שטייגער איז געווען, גלייך מיט אַלע אַנדערע קליין־שטעטל־דיקע סוחרים, איז ער אַרומגעפאָרן אויף יאַרידים.

פלעגט ער, אַזוי ווי די אַנדערע סוחרים, אויפשטעלן אויפן מאַרק אַ טאַש, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי ווענט געמאַכט פון ראָגעזשעס און אַלטע קאָלדרעס וכדומה; און די פּאַטשיילעס זיינען אויסגעהאַנגען געוואָרן איבער די ווענט פון

טאַש, אײַנגעטײלט אין זײערע קאַלירן; אויסגעסאָרטירט לויט זײערע מוסטערן; אַלץ איז געװען פּיקס־און־פּאַרטיק גרײט פאַר די קױפערס.

אָבער װען די קונים האָבן זיך צונױפגעקליבן אין פראָנט פונעם טאַש, האָט זיך דעם פּעטער מענדל װאָס איז זיכער נישט באַשאַפן געװאָרן צו זײַן אַ סוחר פון טיכער; און געװיס איז אויף אים נישט נגזר געװאָרן מן השמים צו האָבן װעלכע ניט איז מגע־ומשא מיט גויים; ער האָט דאָך אַפילו זײער שפּראַך נישט פאַרשטאַנען; — האָט זיך אים גאָר פאַרגלוסט אויסצוזינגען דעם „הבן יקיר לי" אָדער דעם „סלח נא"; װאָס גײען אים אָן פויערטעס! פּאַטשײלעס! אַן עסק האָט ער מיט זײ! . . .

האָבן טאַקע די גוטע גויות אויסגענוצט דעם שעת הכושר: דעם פּעטער האָבן זײ געלאָזט זינגען: — „זאָל ער האָבן הנאה דער „גלופּיע זשידעק" (דער נאַרישער ייִד) אויב אים געפעלט דאָס", און אַלײן זײנען זײ זיך אײנציגװײז צעגאַנגען מיטנעמענדיק מיט זיך דאָס אָנגערױבט ייִדיש פאַרמעגן.

אַזױ, איז דער פּעטער מענדל אין גיכן געװאָרן אויס סוחר; ער איז געבליבן בעירום ובחוסר כל; אָן טיכער און אָן געלט; און זינט דאַמאָלט, איז ער כל ימיו געװען אַ מחוסר לחם.

* * *

דער פּעטער מענדל איז געװען אַ ברײטפּלײציקער מיט הויכע, מאַסאָװע אַקסלען; זײַן געזיכט — לויטער, פלאַמיק און שטראַלנדיק אַזױ װי די זון װאָלט זיך געװען שפּיגלען אין אים.

זײַן באָרד — אַן אויסגעשפּרײטע איבער דער ברוסט, װי אַ געװעב פון גאָלדן רויטע, זײדענע פּעדעם.

אַז ער איז געגאַנגען איבערן מאַרק פון שטעטל מיט שטילע, צניעות'דיק־געמאָסטענע טריט, און אויף זײַן זוניק צעפלאַמטן פּנים איז געװען אויסגעגאָסן אַ רואיקע צופרידנהײט; אַ באַהאַלטענע פרײד פון זײַן זעל האָט אַרויסגעװאָונקען דורך זײַנע טרויעריק, מעלאַנכאָלישע אויגן, האָט קײנעם נישט געקאָנט אײַנפאַלן צו טראַכטן װעגן זײַן שפל המצב, װעגן דעם, אַז ער גײט אַרום אַ הונגעריקער.

אַזױ יעדן יאָר, נאָך די „דרײַ װאָכן" און נאָך דעם גרויסן טרויער טאָג „תשעה־באב" װען ייִדן האָבן זיך שוין פאַרגונען אַ לאַך צו טאָן, צו װײַזן אַ פרײלעכע מינע, פלעגט דער פּעטער מענדל נעלם װערן; עס ציען זיך טעג און װאָכן והילד איננו, דער פּעטער מענדל איז נישטאָ; פּלוצלינג האָט זיך צעטראָגן אַ קלאַנג פון מויל צו מויל, װי אַ גוטע בשורה: — דער פּעטער מענדל איז געקומען! — דער פּעטער מענדל איז שוין דאָ!

האָט דאָס געזאָלט מײנען: מען דאַרף גײן צום פּעטער, זײנען מיר זיך

אַלע צוזאַמענגעקומען ביי אים אין הויז; אַלע חסידישע יונגע־לייטלעך די מנגנים, די אייגענע, די נאָענטע. וגם אני בתוכם; אָן מיר, וואָלט, דאַכט זיך, עפּעס אויסגע־פעלט . . .

האָבן מיר זיך אַלע, בנערינו ובזקנינו אויסגעזעצט אַרום דעם גרויסן פיר־עקיקן ווייס־געדעקטן טיש.

אַלע מיט בענקענדיקע הערצער וואַרטן אַז סע זאָל זיך אָנהייבן; און דער פעטער מענדל איז אַרויס מיט אַ ניגון. דערנאָך מיט אַ צווייטן — אַ דריטן — אאז״וו.

ער מאַכט דעם אָנשטעל גלייך ווי ער וואָלט אַרויסגענומען אָנגעשריבענע זאַכן, כאָטש ער, ווי מיר אַלע, האָבן נישט געקאָנט קיין נאָטן. האָט ער דאָ פון איין בוזים־קעשענע כלומרשט, אַרויסגענומען אַ „מסוד״; פון דער צווייטער — אַ „מכלכל חיים״; פון דער דריטער קעשענע — אַ „אין קצבה״; אַ „חמול על מעשיך״ וכדומה.

איצט ווענדט ער זיך צו אונדז בזה הלשון: „איר זעט! אָט האָב איך אייך געבראַכט נגונים, לעבעדיקע באַשעפענישן, אַלע גאַנצע, אָן אַ מום, בעט איך אייך צו זיין למה״ש אָפּגעהיט, נישט חלילה אָפּצורייסן אַן אויערל, אָדער אָפּצוברעכן אַ פינגערל, נישט צעמזיקן מיינע ליבע, אומשולדיקע קינדערלעך״ . . .

וואו האָט ער זיי גענומען אָט די נגונים, די „אומשולדיקע קינדערלעך״ זיינע ?

ער פלעגט שפּאַנען אָנגעלענט אויף זיין שטעקעלע ווייט ווייט צו דערגרייכן צו אַ יידן ערגעץ־וואו, וואָס זינגט. . . אויסגעלערנט זיך אַ זמר און ווייטער גע־שפּאַנט, צו אַ צווייטן יידן ערגעץ־וואו אין אַן אַנדערווינקל, און ווידער דאָס זעל־בע: אויסגעלערנט אַ נייעם ניגון; און — לך־לך — — —

אַזוי האָט ער געוואַנדערט איבער ווייטע שטרעקעס אויפצוזוכן נייע נגונים פאַר די קומענדיקע ימים נוראימדיקע טעג.

דאָס איז געווען זיין חיות, מיט דעם האָט ער זיך דערהאַלטן ביים לעבן.

אָט די זינגענדיקע נשמה — אַן איינגעהילטע אין אַ גוף וואָס האָט געליטן דחקות און נויט — האָט אַרומגעשוועבט איבער פעלדער, וועלדער אויפצוכאַפּן אַ קלאַנג, אַ טאָן, אַ ניי געזאַנג . . .

מיין פעטער מענדל ! . . .





# מיניאַטורן

פון

## חיים פּעט

### דער ווירטואָז און דאָס פידל

באַם שווועל האָט זיך פאַרספּאַטיקעט דער דינער גלייכער מאַן מיטן גרויען צע־שטורעמטן קאָפּ. אָבער גאָט האָט אים אונטערגעלייגט אַ פערענע . . . — זיך אויפ־געהויבן, אויך די פידל אין שייד; איז ער עלעגאַנט, אויסגעגלייכט אַריין אין קאָנ־צערט צימער.

ער האָט געהערט דאָס געזשום פון די מענטשן אין זאַל. פּאַמעלאַכן אַרויסגענומען דעם פידל, באַטראַכט — קיין קריץ. די שליסלען באַם דינעם האלז שטייף. די סטרו־נעס אָנגעצויגן, אויך אַריינגעקוקט דורך די האַרץ אויסשניטן. ער האָט לייכט גע־קלאַפּט מיט אויפגעלייגטע פינגער אויף דער פּלייצע פונם פידל. געוואַגט אַ קלאַנג אַרויסרופן. פאַר פרייד האָט ער צוגעלייגט זיין פּנים צום פידל. באַם דריטן שטילן קלונג, האָט זיך באַוויזן דער ווירטואָז!...

בראַוואָ! אוראַ! און ער מיטן פידל אַראָפּגעלאָזן באַ די קני, איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט פאַר ערפורכט. מיט אַ מאָל איז שוין זיין פּנים געווען איינגעוואַקסן אין דעם ברוינעם אַלטן פידל, וואָס אַן אַלטער מייסטער איטאַליענער, האָט אויסגע־שניצט, און אויסגעוואָרעמט. און דורך טענער און גרויס געזאַנג, האָט איצט דאָס פי־דעלע דערציילט: די לעבנס־געשיכטע פון „סטראַדאַוואַריוס" — און דער עולם אין זאַל איז געווען איין אָטעם; איין מעכטיק האַרץ...

## דער גוטער מענטש

לעבן ביבליאָטעק איז געשטאַנען אַ מאַן מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ. און פון אַ פּאַפּירן זעקעלע געשפּרייט קרושלעך חלה. — און די טויבן האָבן דערקאָנט זייער פריינט פאַרזאָרגער... זיי האָבן געניידערט פון די קאַרניזן און דעכער. די בראַווע און מוטיגע האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף זיינע אַקסל, קאָפּ און הענט. דער גוטער מענטש איז געוואָרן אינגאַנצן באַפליגלט. — דער גוטער מענטש האָט געקראָגן פליגלען...

* * *

## צוויי בעטלער

דורך אַ וואַלד פון מענטשן שפּרייזט דער הויכער, מאַסיווער בלינדער מאַן. זיין שטים איז מעכטיק, קלינגט ווי מעטאַל.

— און די שטרויענע דאַמעלע, וואָס פירט אים אונטערן האַנט, קוקט אויף די מענטשן מיט צוויי גרויסע אָפענע ליכטיקע אויגן...

און ווען דער בלינדער מאַן צעווירבלט אַ דזשעס מעלאָדיע אויף זיין סאַקסאָפאָן קלינגען געלט אין זיינע קענדלאַך........

אַ נעגער שטייט מיט אַ געבייגטן קאָפּ. לעבן אים צוויי נעגערלאַך. אָרימע אייניקלאַך לעבן אַן אָרימען זיידן. — דער אַלטער שפּילט אויף אַ האַרמאָניקע, די די פעלדלאַך ציען שפּרייטן זיך און זאַמלען זיך איין. די מעלאָדיע אַ שטילע, אַ בעטנדיקע, אַ וויינענדיקע. אין זיינע קענדלאַך פאַלט דער רעגן........



# בחינת עולם

פון

## ידעיה הפניני

אידיש פון ישראל לעווין

### פרק א׳

(דעם מענטשנס אויפנעמונגס פעאיקייט איז ברייט. ווען ניט די צייט־טרעפונגען וואָס שטערן אים, וואָלט ער דערגרייכט די מדרגה פון אַ מלאך.)

א

הימל אין הייך און ערד אין טיף,
און דאָס ברייט פון פאַרשטאַנדיקס האַרץ זיינען אומדערפאַרשליך.
ער ליבט צו דערגרונטעווען זיך ביז די וואָרצלען
פון זיין מענטשלעכן אויפבוי.
אומבאַגרעניצט איז זיין פאַרשטאַנדונגס־קראַפט,
די פאַרשונגען פון זיין האַרצן — פילצאָליק.

ב

געדאַנקענפול איז דאָס האַרץ פון רעכטדיינקענדיקן,
וואָס ליבט גערעכטיקייטן,
אינערליך פאַרהייליקט ער ישראלס הייליקן,
און מיט זיינע ליפּן באַערט ער דעם גאָט פון כבוד.

ג

ניטאָ קיין חכמה, קיין עצה, קיין פאַרשטאַנד,
וואָס זאָלן ניט האָבן זייערע אָנהייבער.

ווער פון די נידעריקע וועזנס, אויסער דעם פולקומענעם
וועלן זיין אומבאַגרייפלעך פאַר אים ?

ד

קען איינהאַלטן דאָס האַרץ פונם הימל,
קען איינשליסן דאָס האַרץ פון די ים׳ען די פאָרשונג,
וואָס די ווענט פון מענטשענס האַרץ האַלטן איין ?
קענען אַריבערדעקן ווענט־פליגלען דעם גייסט פון חכמה,
וואָס שוועבט איבער שטילע וואַסערן אין עדן־טייכן ?
קענען אַרומקרייזן ברייטקייטן פון לאַנד דעם געדאַנק,
וואָס זיצט אין אַ קליין וואַנט־צימערל ווי מענטשנס האַנט־פלאַך ?

ה

זע, דאָס איז מענשנס חלק פון גאָט,
און אַ געטליכער איינטייל פון זיין וועלט.
דער אַלמאַכט איז אין הימל,
נאָר דער דאָזיקער אַליין איז אויף דער ערד ;
גייט אין זיין גראַדן וועג,
פאָרשט די פאַרצייכענונגען פון דער אמת׳ער שריפט.
גרויס זיינע אויפטואַכצן אין רעליגיע און געזעץ.

ו

ווען נאָר זיינע צייט־פלאָגן באַפאַלן אים ניט,
און דער גייסט פון זיין ענד צעטומלט אים ניט,
וואָלט ער קיין שטער ניט געהאַט אוועקרייטן אין הימל,
אַרומצונעמען די אָרעמס פונם וועלטאַל,
ביז ער וואָלט ווי אַ מלאך געוואָרן, צו וויסן בלויז גוטעס.

## פרק ב

(מענש איז פעאיק צו זאַמלען נאַטור־וויסנשאַפט און אויך זיך
פאַרנעמען מיט מעטאַפיזישע פראָבלעמען.)

א

איבער דעם ווערט פאַרוואונדערט יעדער פרומער דענקער,
דערשרעקט זיך, און פילט זיך אָפּהענטיק ;

ב

דערזע איך גוואַלדטאט און קריגעריי אין שטאָט —
פאַראַכט איך מיין געשטאַלט.
ווען איך באַטראַכט די ענדערונגען אין לענדער —
פאַרהאַס איך מיין אייגענעם „איך״.

ג

איך זאָג: אָט דער דאָזיקער מענש אויף דער וועלט
געקאָנט האָט דאָך זיין ווי איינער פון די הימל־פּלאַנעטן אין וועלט־רוים,
זיין האַרץ — ברייטער פון ברייטברעגיקן ים.

ד

שפּרייט ער זיינע פליגלען צו דרום —
אַנטדעקט ער אין זיינע חדרים פאַרבאָרגעניש,
ווען ער טוט אַ שפּרייז צו מזרח —
פאַרשטייט ער מיסטעריעס פון חכמה,

ה

שטייגט ער אַרויף צו די הימל־ספערן —
אויך דאָרט זיינען די רייטוועגן פון זיין קליגן זיך.
לאָזט ער זיך אַראָפּ צו דער אונטער־ערד —
באַלקנט ער אין אָפּגרונטן אויבערשטע צימערן.

ו

ער שטייגט פון זיין נידעריקן צושטאַנד
צו דער הייך פון זיינע הימלען.
נידערט אַראָפּ פון זיינע הימלס־הייכן צו דער ערד,
ביז ער שטיינט אָפּ זיינע וועלט־שטעגן פאַר זיך,
לויפנדיק הין און צוריק,
ביז ער איבט איין זיין שכל אין לייכטקייט,
און דער גייסט פון זיין פאַרשטאַנד — אין די ענדן פון באַשאַף,
פירט פון זיך און צו זיך, אַרויף און אַראָפּ.

ז

ביז ער זאַמלט אָן אין זיינע הויפנס באַצירקן פון לאַנד,
אין זיין מאַכט, און דערהייבנקייט, שטאַלציקייט — הימלען.

ביז זיין וויסן פאַסט אַרום די נאַטורן פון באַשעפענישן
מיט זייערע אייגנשאַפטן.
זיין עקספּערימענט קלייבט צונויף די ריכטיקייט
פון די באַשעפענישן לויט זייערע מינים.

ח

און וועגן דער קראַפט פון די קרעפטן צערעדט ער זיך וואונדערלעך,
און האָט ווערטער צו ריידן אין באַצוג צו דעם אויבערשטן.

## פרק ג

(אָנקלאַגע קעגן די שלעכטע געשעענישן וואָס טרעפן דעם מענטשן
דעם פּאַר פון נאַטור. דאָס ערגסטע אין זיין באַשאַף איז דער טויט.)

א

איבער דעם מענטשן וואָס איז אַזוי טאַלאַנטירט,
בין איך אָנגעפּילט פאַרדרוסן און צאָרן.

ב

איז דאָס רעכט פאַר אַזאַ געשליפענעם דימענטשטיין
צו זיין אויסגעזעצט קעגן צופאַל און פּלאָג,
ווי אַ צילברעט צום פייל?

ג

ווי פאַסט עס אַז ער זאָל ווערן געגרייט
צו שמאַך און שאַנד, ווי איינער פון די נישטיקסטע?

ד

איז שיין פאַר אים טראָגן יאָך און שאַנד,
אין זיין יוגנט און עלטער?

ה

דער וואָס איז געזעסן אין געזעמל פון חכמים,
ווי זאָל פאַרבלייבן זיצן פאַראיינזאַמט?
און ווערן פאַרשטומט — דער וואָס איז גלייך צו אַ מלאך?

ו

אַ פריינט פון גלויבן זאָל זיין ווי איינער
וואָס יאָגט זיך נאָך ווינט,
חכמה־פריידיקער און מאָראַליסט —
פאַרוואָס זאָל ער פאַלן אונטער זיין משא ?

ז

דער אָנגעלענטער אויף זיין פאַרשטאַנד זיך צו רעטן —
ווי אַזוי איז זיין חכמה אים ניט בייגעשטאַנען ?
דער וואָס האַלט זיך פעסט ביי זיין אומשולד —
ווי ווערן די הענט זיינע אָפּגעשוואַכט ?

ח

און אויב ער קייקלט זיך אונטער די טרעפּונגען —
פאַרוואָס זשע זאָל אומקומען דער מענש — און גאָרנישט —
ווי אַ בהמה און וואַלד־חיה ?

ט

פאַרוואָס זאָלן הייליקע שטיינער זיך איינגלידערן צווישן די הרודעס,
אונטער שאָטנדיקע בוימער ווערן צעשאָטן ?
דעם אויסגעצירקלטן קערפּער מיט געטליכן צירקל —
ווי האָט געהייסן גאָט רוען אין נעפל ?

י

מיר געפעלט די פאַסירונג ניט, און ניטאָ ווער זאָל טרייסטן
פון גאָטס ווערק וואָס קערט אום זיך פאַרשעמט און צערונען,
פון צעדער געפלאַנצטע מיטן געטליכן פינגער —
און דער העקער זאָל קומען באַפאַלן זיי !

יא

כ׳האָב דעם מענשן באַטראַכט,
אונטערזוכט זיין באַשאַף,
און ניט געפונען אין אים קיין חסרון,
אויסער דעם דאָזיקן טויט !



# אָפּגעטער — אַלטע און נייע

פון

## דניאל פּערסקי

„זאָלסט ניט מאַכן פאַר זיך קיין סטאַטוע און קיין געשטאַלט, וואָס אין הימל אין דער הויך, און וואָס אויף דער ערד אין דער נידער״.

געזאָגט האָט שוין אחד העם, אַז דער דאָזיקער פאַרבאָט איז די גאַנצע תורה, און דאָס איבעריקע — אַ קאָמענטאַר׳. דאָ האָט איר דעם קווינטעסענץ פון יידישקייט און איר צענטראַלן פונקט.

וואָס מער מיר פאַרטיפן זיך אין יענעם פונדאַמענטאַלן אַרומפאַסנדיקן פאַרבאָט, אַלץ מער ווערן מיר אַנטציקט און אַלץ מער ווערן מיר איבעצייגט אויף וויפיל ער איז נויטיק פאַר אַלע מענטשן, באַזונדערס אין היינטיקן דור.

יידישקייט האָט באַקעמפט געצנדינעריי אין אַלע אירע גשמיות׳דיקע און אַבסטראַקטע פאָרמען. און זי האָט פאַר זיך אַ גרויסע היסטאָרישע אַרבעט: מלחמה האַלטן מיטן געצן־קולט, וואָס שפּרייט זיך אויס און ווערט פאַרשטאַרקט איבער־ראַל פאַר אונדזערע אויגן.

סטאַטועס און געצנבילדער, געצנבילדער און סטאַטועס, וואוהין נאָר איר ווענדט זיך. געוויס האָבן מענטשן עטוואָס פּראָגרעסירט: זיי גלויבן מער ניט אין געטער, ערד און הימל־באַשאַפער. זיי גלויבן אָבער נאָך אַלץ מערער און מערער אין אָפּגעטער אידייען־באַשאַפער, וועלכע באַהערשן האַרץ און נשמה.

ווען איך קען עס, וואָלט איך אויפגעהאַנגען ביי יעדן שייד־וועג, אויף די שטאָט־הייכן, און אויף יעדן אָפנטליכן פּלאַץ, דעם אייביקן אָנזאָג: „זאָלסט ניט מאַכן פאַר זיך קיין סטאַטוע און קיין געשטאַלט״.

איך וואָלט אָנגעשטעלט לעגיאָנען שמשים זיי זאָלן אָנקלאַפּן אין יעדער טיר פון האַרץ, זאָגנדיק: „זאָלסט ניט מאַכן פאַר זיך קיין סטאַטוע און קיין גע־שטאַלט״.

כ׳קום איינמאָל אַרויף צו אַ „כאַווער״, וואָס איז צוגעבונדן צום דריטן אינ־טערנאַציאָנאַל, ביי וועמען דער מאָסקווער קרעמל איז זיין לעבנס ־ הייליקטום — הענגען אויף דריי ווענט פון זיין ענגן חדרל דריי בילדער: מאַרקס, לענין און סטאַלין. לויט זייער באַפעל לעבט ער און שטאַרבט, לויט זייער באַפעל עסט ער און הונגערט, דענקט, קעמפט און האַנדלט.

אין אַן אַנדער צימערל זיצט זיך אַן אַנדער יונגערמאַן, אַן אַנאַרכיסטישער חסיד, בלאָס און פאַר׳מוח׳ט; יעדן אָוונט פאַר זיין לייגן זיך שלאָפן טוט ער זיך אַ בוק פאַר די געצן די אויסגעשטעלטע אויף זיין טישל: באַקונין, קראָפּאָטקין און שטירנער.

יעדער טרייער נאַצי האָט אַ פּאַרטיקן „לעצטן פּסוק״; ביי יעדער שווע־ריקייט און טעאָרעטישער פראַגע ווענדט ער זיך צו זיין „אָפּגאָט״: אַזוי האָט גע־זאָגט אַדאָלף היטלער.

אויך די פאַשיסטן האָבן ניט געקענט אויסקומען אָן אַ „געטשקע״: מוסאָ־ליני איז געווען דאָס „ליכט״ פאַר זייערע אויגן...

און די געצנדינער זיינען פיל, זייער פיל, ניט בלויז צווישן די פאָלקס־מאַסן, נאָר אויך צווישן די אויפגעקלערטע און קאָפּ־מענטשן. דורך דערציאונג און איינגעוווינטקייט אָדער דורך אַגיטאַציע און היפּנאָז האָבן זיי זיך אויסגעקליבן מיטן „פרייען״ ווילן אָדער דורך צוואַנג, וועלכע ס׳ניט איז „הויז־געטער״. קיין אונטערשייד ווער דאָס איז, צי ניטשע, צי מאַרקס, צי ענגעלס אָדער באַרוכאָוו, גאַנדי אָדער זשאַבאָטינסקי. דער עיקר: יענע דענקען פאַר אונדז, פאַרפאַרטיקן אידייען און פּלענער פאַר אונדז, געזעצן און פּירונגען. מיר דינען צו זיי און שטעלן זיי איבער אונדזערע קעפּ אַלס גייסטיקע פירער, וואָס לייטן אונדז אין דער לע־בענס־וויסטע און אינם לאַבירינט פון אונדזערע ספקות...

קום איך אַריין צו איינעם פון מיינע באַקאַנטע און דאָס הויז זיינס איז געטער־ריין — ווייס איך, אַז פאַר מיר איז אַ פרייער מענטש באַשאַפן אין גאָטס געשטאַלט, די קרוין פונם יצירה; ווען איך דערזע אָבער עפּעס אַ סטאַטוע צו־קאָפּנס פון זיין געלעגער אָדער אַן „איקאָנע״ הענגענדיק אין אַ ווינקעלע — ווייס איך, אַז אַ געצנדינער איז פאַר מיר, פאַרשקלאַפט פון עפּעס אַ געקינצעלטער „גאָטהייט״. „זאָלסט ניט מאַכן פאַר זיך קיין סטאַטוע און קיין געשטאַלט״.





# סאָציאַלאָגישע עקאָנאָמיע

## בוך צוויי: פּראָפיט *)

פון

## אבא גאָרדין

### ז׳

### „געלט אָן אַ גלגול" . . .

מאַרקס שרייבט:

„יעדע באַדינגונג פון דעם פּראָבלעם איז באַפּרידיקט, בשעת די געזעצן וואָס רעגולירן דעם אויסטויש פון סחורות, זיינען ניט פאַרגוואַלדיקט געוואָרן. עקוויוואַלענט איז אויסגעביטן געוואָרן אויף אַן עקוויוואַלענט. מחמת דער קאַפּיטאַליסט אַלס קויפער האָט געצאָלט פאַר יעדער סחורה, פאַר דעם באַוול, דעם שפּינדל און אַרבעט־קראַפט, איר פולן פּרייז. דערנאָך האָט ער געטאָן וואָס עס טוט יעדער סחורות־קויפער; ער האָט פאַרצערט זייער געברויך־ווערט. דער געברויך פון אַרבעט־קראַפט, וועלכער איז אויך געווען דער פּראָצעס פון פּראָדוצירן די סחורות, רעזולטאַטירט אין 20 פונט פון גאַרן, וועלכער האָט דעם ווערט פון 30 שילינגס. דער קאַפּיטאַליסט, פאַרדעם אַ קויפער, קומט איצט צוריק אין מאַרק אַלס אַ פאַרקויפער פון סחורות. ער פאַרקויפט גאַרן . . . פאַר זיין פּינקטלעכן מקח. דאָך פאַר אַלעם דעם האָט ער אַרויס־געקראָגן פון צירקולאַציע דריי שילינגס מער, ווי ער האָט לכתחילה אַהין אַריינגע־וואָרפן" [1]

דער קאַפּיטאַליסט, מאַרקס גיט צו, פאַרצערט באַוול, שפּינדלען און אַרבעט־קראַפט. ער פאַרצערט זיי דאָך זיכער ניט געברויכעריש, מיינענדיק אינטראַ־פּראָ־

---

* זע העפט 12 זז. 534—508

דוקטיוו, אויף אַ פיזיאָלאָגישן אופן ; ער שלינגט ניט קיין באַוול און פרעסט ניט קיין שפינדלען. טאָ ווי אַזוי פאַרצערט ער זיי ? אויף אַ ווירטשאַפטלעכן אופן, עקסטראַ־פּראָדוקטיוו, אויב אַזוי שטעלט זיך דאָך גלייך די פראַגע מכוח זיין פּראָדוקטיווער טעטיקייט. וואָס פּראָדוצירט ער? יעדער אַקט פון קאָנסומציע ווערט אומבאַדינגט באַגלייט פון אַן אַקט פון פּראָדוקציע. געברויכערישע קאָנסומציע ווערט באַגלייט פון אַן אינערלעכן פּראָדוקציע־פּראָצעס, פון אַרבעט־קראַפט־פּראָדוקציע, לייבגעוועב־פּראָדוקציע, לעבנס־עלעמענטן־פּראָדוקציע, פּראָדוקטיווע קאָנסומציע ברענגט מיט זיך, אַלס אַ נאָכפאָלג, אויסערלעכע פּראָדוקציע, פּראָדוקציע פון עקסטערנאַלע אָביעקטן, פון סחורות־קעגנשטאַנדן.

לכן, וואָס פּראָדוצירט דער קאַפּיטאַליסט ? האָט איר געהערט עפּעס אַזאַ מין זאַך, דער חברה־מאַן פאַרצערט באַוול, שפּינדלעך און ארבעט־קראַפט ! ער מוז דאָך עפּעס פּראָדוצירן, אָט־די אָביעקטן פון פּראָדוקטיווער קאָנסומציע קענען ניט פאַרלאָרן גיין, ניט איבערלאָזנדיק קיין שפּורן נאָך זיך. אָט־דער אוניוועֶרס, מיט וועלכן מיר זיינען פיל־וויניק באַקאַנט, פאַרמאָגט אַ שטרענגע עקאָנאָמישע סיסטעם. ער האַלט חשבון, פּירט ביכער, וואו יעדע איינצלהייט ווערט פאַרשריבן. קעגנשטאַנדן קענען ניט פאַרשווינדן אַזוי אַז זיי זאָלן צוריק זיך ניט ווייזן. זיי מוזן קומען אָפּגעבן אַ דין־וחשבון. אויף־צו־להכעיס דעם אַלעם, באַטראַכט ניט מאַרקס דעם קאַפּיטאַליסט אַלס אַ פּראָדוצירער, וועלכער פּראָדוצירט סחורות, וואָס געהערן צו אים און וועלכע ער שפּעטער־צו פאַרקויפט. דער קאַפּיטאַליסט, על־פי מאַרקסן, איז די אויסנאַם צו דער רעגל, וואָס איז פעסט עטאַבלירט און ווערט אָנגעווענדט אויף אַ אוניווערסאַלן פאַרנעם אָן קיין יוצא־מן־הכלל אין די תחומים פון דער קאָסמישער עקאָנאָמיע. דער כלל זאָגט אונז בפירוש, אַז עס איז ניט פאַראַן קיין קאָנסומציע, וועלכע זאָל ניט פירן דירעקט צו עפּעס אַ סאָרט פון פּראָדוקציע. עס איז ניט פאַראַן קיין גניבה אָדער סאַבאָטאַזש אין דער קאָסמישער באַלעבאַטישקייט. אַ געברויכער מוז פּראָדוצירן. ער מוז עפּעס טאָן. ער מוז ווי ניט ווי באַלאַנסירן זיינע ווירטשאַפטלעכע חשבונות. אָט דער געבאָט מוז אָפּגעהיט ווערן. דער קאַפּיטאַליסט עסט באַוול, שפּינדלעך און אַרבעט־קראַפט, ער קאָכט זיי איבער ווי געהעריק; וועגן אַן אומפאַרדייאונג־אַטאַקע איז ניט ר׳עפּאָרטירט געוואָרן. און נאָך דעם אַלעם פּראָדוצירט דער קאַפּיטאַליסט בפועל ממש גאָרניט. ער האָט גאָרניט צו ווייזן ; קיין שום פאַרענדיקטן אַרטיקל איז ער ניט אימשטאַנד אַוועקצושטעלן אויפן אייגענעם חשבון. דער אויפפיר פון קאַפּיטאַליסט איז, פּשוט, ניט צום פאַרשטיין. הגם ער עסט אויף די באַוול, די שפּינדלעך און די אַרבעט־קראַפט, דאָך גיט זיך אים אַיין זיי אויפצובאַוואָרענען, און מער, ער פאַרקויפט זיי דערנאָך אין זייער פּראָדוקטיוו־פאַרצערטער פאָרם, אין זייער נייעם גלגול, אין זייער אינדוסטריעלער רע־

אינקאַרנאַציע. און פונדעסטוועגן איז ער נאָך אַלץ ניט ראוי צו טראָגן דעם טיטול פון פּראָדוצירער, הגם אויסזיכטלעך האַנדלט ער פּונקט ווי יעדער אַנדערער פּראָ־דוצירער, וועלכער איז אַ פּראָדוקטיווער געברויכער.

מאַרקס זאָגט אונדז: „דערנאָך האָט ער געטאָן, וואָס עס טוט יעדער סחורות־קויפער; ער האָט פאַרצערט זייער געברויך־ווערט". אָט־די באַהויפּטונג איז אינגאַנצן עניגמאַטיש. טוט עס טאַקע יעדער סחורות־קויפער? פאַרצערט יע־דער קונה דעם געברויך־ווערט פון די סחורות, וואָס ער האַנדלט איין? און וואָס טוען די סוחרים אין אַזאַ פאַל? ווי פירן זיי זיך אויף? פאַרצערן זיי פּראָדוצירע־ריש אָדער אויף אַן אַנדער אופן די געברויך־ווערטן פון דער וואַרע, וואָס זיי קויפן איין, מאַניפּולירן מיט זיי קאָמערציעל? בתמיהא!

אויב דער קאַפּיטאַליסט פאַרנוצט געברויכעריש, מיינענדיק פיזיאָלאָגיש, די נוץ־ווערטן פון די סחורות, וואָס ער האָט געקויפט, טא ווי אַזוי קען ער זיי נאָכ־דעם פאַרקויפן, סיידן ער וואָלט פאַרקויפן זיך אַליין, זיין אַרבעט־קראַפט, און ער וואָלט, בזה־האופן, ווערן אַ בעל־מלאכה אָדער אַ לוין־אַרבעטער. קיין קויפער־גע־ברויכער איבערפאַרקויפט דאָך ניט די סחורה, וואָס ער האָט זיך איינגעשאַפט פאַר דעם פּערזענלעכן געברויך, פאַר דער אינערלעכער פּראָדוקציע, און האָט באַוויזן שוין צו פאַרצערן זי און פאַרוואַנדלען אין בלוט, געוועב, סיידן ער פאַרקויפט זי אין איר טראַנספאָרמירטער פאָרם פון אַרבעט־ענערגיע אָדער אַרבעטס־עפעקטן (אָדער אַרבעט־קראַפט, ווי מאַרקס רופט עס), וועלכע זיינען פאַרקערפּערט אין נייע פאַר־טיקע אַרטיקלען. דער קאַפּיטאַליסט איז פּונקט ווי איינער פון זיי: ער קען ניט פאַרקויפן אַן אַרטיקל פון קאָנסומציע, וועלכן ער האָט פאַרצערט, אויף אַן אַנדער שטייגער חוץ דעם איינעם און דאָס איז: פאַרקויפן די אַרבעט־עפעקטן וואָס ער האָט אינקאָרפּאָרירט אין די אַרטיקלען.

אָבער לויט מאַרקסן קומט גאָר אויס, אַז דער קאַפּיטאַליסט פאַרצערט דעם געברויך־ווערט פון די אַרטיקלען, ווי באַוול, שפּינדלען און אַרבעט־קראַפט, פּראָ־דוצירעריש, אויף אַן אויסערלעך פּראָדוקטיוון אופן. און ער טוט עס ניט פאַר זיין אייגענער אויסערלעכער פּראָדוקציע, נייערט האָבנדיק אין זינען איבערצופאַרקויפן די אַרטיקלען, וואָס ער פּראָדוצירט און, אויף אַזאַ שטייגער, ווערן אַ פאַרקויפער־פּראָדוצירער, ניט אַ געברויכער־פּראָדוציער. דאָס הייסט ער פּראָדוצירט ניט פאַר זיין אייגענעם געברויך, נייערט פאַר דעם געברויך פון אַ פּראָספּעקטיוון קונה, אַ דערוואַרטן קונה. ער פּערזענלעך, אויף וויפל עס איז נוגע זיין הויז־באַלעבאַטיש־קייט, דאַרף ניט האָבן ניט קיין באַוול, ניט קיין שפּינדלען און ניט די אַרבעט־קראַפט פון דעם שפּינער און וועבער, וועלכן ער האָט געדונגען. ער שאַפט זיך איין אָט־די אַרטיקלען פאַר זיינע קונדן, וואָס וועלן זיך מסתמא יאָווען אין דער געהעריקער

צייט, פונקט ווי יעדער בעל־מלאכה, וואָס קויפט רויען מאַטעריאַל פאַר די פּראָ־ספּעקטיווע קויפער פון זיינע פּאַרטיקע אַרטיקלען־סחורות. ער קויפט באַוול בכדי עס איבערצופאַרקויפן אין אַן איבערגעאַנדערשטער פאָרם. ער קויפט שפּינדלען בכדי איבערצופאַרקויפן זיי שטיקלעך־וויז, זייער טיילווייזן פאַמעלעכן אָפּנוץ און אָפּרייב. ער קויפט אַרבעט־עפעקטן, וועלכע ווערן פאַרקערפּערט אין באַוול אום דערנאָך עס איבערצופאַרקויפן. די איינציקע זאַך וואָס ער ווירקלעך פאַרקויפט, אַלס אַ פּראָדוצירער־פאַרקויפער, ד. ה. פאַרקויפט צום ערשטן מאָל, און ניט פאַר־קויפט ווי אַ סוחר טוט עס, איז זיינע אייגענע אָנשטרענגונגען: די באַדינונג־סחורה, וואָס ער גופא האָט פּראָדוצירט, דאָס זיינען די פּלייסונגען אין דינגען אַרבעט, איינ־שאַפן זיך אַרבעט־עפעקטן, קריגן באַוול און שפּינדלעך און אָנווענדן אויף זיי די געדונגענע אַרבעט, און לסוף, פאַרקויפן דעם גאַרן, דעם פאַרטיקן אַרטיקעל. אָט־דאָס איז די אַרבעט זיינע, די אַרבעט־עפעקטן וואָס זיינען מגושם אין גאַרן, וועל־כער ווערט גענומען אַלס סחורה; די דאָזיקע אַרבעט־עפעקטן זיינען מגושם גע־וואָרן אין גאַרן דורך דער פאַרמיטלונג פון געדונגענער אַרבעט פון דעם שפּינער, וועבער, דעם פּראָדוצירער פון דעם גאַרן אַלס אַ פּראָדוקט, ניט אַלס אַ סחורה, דעמדאָזיקן אַרטיקל, אין זיין בחינה פון אַ סחורה, וועלכן ער האָט געמאַכט, פאַר־קויפט ער און קריגט זיין פּרייז אין געלט.

מאַרקס שרייבט:

„דער אַרבעטער לייגט צו פרישן ווערט צו דעם אָביעקט פון זיין אַרבעט דורך דעם, וואָס ער פאַרשווענדט אויף אים אַ געוויסן סכום פון צוגעגעבענער אַר־בעט; עס איז קיין נפקא מינה ניט וועלכן ספּעציפישן כאַראַקטער און אוטיליטעט עס טראָגט די אַרבעט“ [2])

”דורך דעם איינפאַכן צולייג פון אַ געוויסער קוואַנטיטעט פון אַרבעט איז זייער ווערט צוגעלייגט און דורך דער קוואַנטיטעט פון אָט־דער צוגעגעבענער אַר־בעט ווערן די ראשית׳דיקע ווערטן פון די פּראָדוקציע־מיטלען פּרעזערווירט אין דעם פּראָדוקט“. [3])

דער קאַפּיטאַליסט וועלכער איז אַ געלט־אַרבעטער, אַ פאַרמעגלעכער בעל־מלאכה, אַ סאָציאָלאָגישער האַנטווערקער, פאַרקויפט זיין אייגענע סחורה, זיין אָנ־שטרענג סחורה. אָט־דער אָנשטרענג קען ווערן אויסגעאיבט דירעקט אָדער אינדי־רעקט, פונדערווייטנס, טראַנספּערירט צו דער פּראָדוקט־סחורה דורך אַ גאַנצער סעריע פון פאַרמיטלונג־רינגעלעך; דאָס איז קיין חילוק ניט. דער אָנשטרענג איז דאָרטן פאַראַן און ער קריסטאַליזירט זיך אין אַ סחורה.* אַלע איבעריקע אַרטיק־

* זע יידישע שריפטן, העפט זעקס, ז.ז. 69—166.

לען, וואָס גייען אַרייַן אין גאַנצן אַלס קאָנסטיטואירנדיקע עלעמענטן, ווי באַוול, שפּינדל־אָפּנוץ, די שפּין־און־וועב־עפעקטן איבערפאַרקויפט ער און נעמט פאַר זיי דעם פּרייז, וועלכן ער האָט פאַר זיי געצאָלט. ער גיט ניט צו קיין פּרוטה און נעמט גאָרניט אָפּ פון זייער ווערט און פאַרקויף־פּרייז, דעם פּרייז וואָס ער האָט געצאָלט. דער קאַפּיטאַליסט ווי יעדער בעל־מלאכה, ווי יעדער פּועל איז אַ פאַר־קויפער פון אַ פּראָדוקט, וועלכן ער אַליין פּראָדוצירט און וועלכער איז פאַרקער־פערט אין אַ סחורה. ער איז אַ פאַרקויפער פון אַ פּראָדוקט, וועלכן ער פּראָדוצירט און וועלכער באַגלייט די פונדאַמענטאַלע סחורה און אַן איבערפאַרקויפער פון סחורות, וועלכע ער אַליין האָט פאַר דעם געקויפט און באַצאָלט פאַר זיי, און וועל־כע דינען ענטוועדער אַלס אַ צענטער אַרום וועלכן עס באַוועגן זיך אַלע זיינע אָנ־שטרענגונגען אָדער אַלס אַ סובסטראַטום, אין וועלכן ער אינקאָרפּאָרירט זיינע פלייסונגען דירעקט אָדער אינדירעקט.

"דאָך פאַר אַלעם דעם נעמט ער אַרויס מיט דריי שילינגס מער פון דער צירקולאַציע, ווי ער האָט אַהין לכתחילה אַריינגעוואָרפן". באמת אַ חידוש גדול ?!! ער האָט אינוועסטירט צייט און טרחה, און ער איז אַזוי פאַר'חוש'ט אָדער פאַר'־מוח'ט, אַז ער זאָל זיין וויליק אָוועקצוגעבן זיין אָנשטרענג־סחורה אומזיסט, טעאָ־רעטיש, און קריגן זיין באַלוינונג אויף אַן איבערגעשפּיצטן אופן דורך דעם, וואָס ער וועט באַרייסן זיינע קונדן, קויפער־סוחרים אָדער קויפער־געברויכער, פאַר דער דורך אים געדונגענער אַרבעט, אויפבלאָזנדיק איר פּרייז אַזוי, אַז זי זאָל באַטרעפן צוויי מאָל אַזוי פיל וויפל זי קאָסט באמת.

מאַרקס שרייבט:

„דער אַריבערוואוקס פון דעם טאָטאַלן ווערט פון דעם פּראָדוקט אַריבער דער סומע פון די ווערטן, וואָס זיינען זיינע קאָנסטיטואירנדיקע פאַקטאָרן, איז דער אַריבערוואוקס פון דעם אויסגעשפּרייטן קאַפּיטאַל, וואָס איז ברייטער פון דעם קאַ־פּיטאַל וואָס איז געווען לכתחילה אַוואַנסירט". [4])

קאַפּיטאַל קען ניט עקספּאַנדירן פון זיין אייגענעם אימאַנענטן ווילן, פּשוט מחמת דעם וואָס ער באַזיצט ניט קיין שום ווילן. וואָס עס עקספּאַנדירט איז ניט דער קאַפּיטאַל, נייערט דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער איז ניט קיין אַנדערער ווי אַ געלט־אַרבעטער, און עקספּאַנדירט, אַ דאַנק זיין אייגענעם אָנשטרענג. און אָט־די „עקספּאַנסיע" פאַרקויפט ער, זי ווערט אַ סחורה, דער אַריבערוואוקס אָדער, ריכ־טיקער, די צוגעלייגטע סומע פון געלט, וועלכע איז פאַרבונדן מיט דעם צוריקקער פון דער פאַרדעם אַוואַנסירטער אינוועסטירונג קומט פון דעם אַקט פון אַוואַנסי־רונג, אַן אַקט וועלכער ווערט רעגיסטרירט אַלס צוגאָב־טרחה, און, ממילא, צו־גאָב־ווערט. קאַפּיטאַל גופא קען זיך ניט אַוואַנסירן. ער מוז אָנקומען צו די חסדים

פון אַן אַוואַנסירער, און דער אַוואַנסירער איז דער „מיט־געלט־אָנגעשטאָפּטער אַר־בעטער". ער געבּרויכט דאָס געלט, וואָס געפינט זיך אין זיין באַזיץ, אין זיין אייגענעם מי־פּראָצעס, אין זיין אָרגאַניזאַטאָרישן אַרבעט־פּראָצעס. קאַפּיטאַל ווייסט ניט פון קיינע מאַגישע קונצן. דער מאַגיקער איז דער קאַפּיטאַליסט.

„די מיטלען פון פּראָדוקציע, אויף איין זייט, אַרבעט־קראַפט, אויף דער צווייטער, זיינען בלויז די פאַרשיידענע מאָדוסן פון עקזיסטענץ, וועלכע דער ווערט פון דעם ראשית׳דיקן קאַפּיטאַל נעמט אָן, ווען פון געלט ווערט ער טראַנספאָר־מירט אין די פאַרשידנאַרטיקע פאַקטאָרן פון אַרבעט־פּראָצעס" [5])

„דער ווערט פון ראשית׳דיקן קאַפּיטאַל" איז ניט ביכולת אָנצונעמען קיין שום פאָרם אָן דער הילף פון אַ מענטשלעכן ווילן, אָן עקאָנאָמישן סוביעקט. בכדי געלט זאָל ווערן טראַנספאָרמירט אין די פאַרשידנאַרטיקע פאַקטאָרן פון אַרבעט־פּראָ־צעס מוז עס האָבן אַ לעבעדיקן קאָנסומירנדיקן טראַנספאָרמאַטאָר, וועלכער ווענדט אָן זיין ענערגיע, אינקאָרפּאָרירט אַ טייל פון זיין לעבן אין דעם עצם פּראָצעס פון טראַנספאָרמאַציע.

„יענער טייל פון קאַפּיטאַל, וועלכער איז פאַרטראָטן דורך די פּראָדוקציע־מיטלען, דורך דעם רויען מאַטעריאַל און די ווערקצייג, מאַכט ניט אַדורך, אין דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס, קיין קוואַנטיטאַטיווע ענדערונג פון ווערט. איך רוף אים דע־ריבער דער קאָנסטאַנטער טייל פון קאַפּיטאַל אָדער, קירצער, קאָנסטאַנטער קאַ־פּיטאַל". [6])

קאַפּיטאַל קען אַנדערש ניט זיין, ווי בלויז קאָנסטאַנט. אַ ברירה האָט ער! סיי די פּראָדוקציע־געצייג, סיי דער רויער מאַטעריאַל, סיי די געדונגענע אַרבעט, סיי די אַרבעט־עפעקטן, וועלכע דער קאַפּיטאַליסט קויפט און באַצאָלט פאַר זיי אין דער פאָרם פון לוין, וואָס ער גיט דעם אַרבעטער פאַר זיינע אָפּעראַציעס, מאַכן ניט אַדורך, אין פּראָדוקציע־פּראָצעס, קיין שום קוואַנטיטאַטיוון שינוי פון זייער ווערט. אָלא וואָס דען? צוגאָב־ווערטן טרעטן דאָ אַריין און הויבן אָן צו שפּילן אַ ראָלע. די צוגאָב־ווערטן ווערן געשאַפן פון צוגאָב־אַקטן, צוגאָב־טואונגען. און אָט־די צוגאָב־ווערטן שאַפן די אילוזיע, אַז די פאַרדעמדיקע ווערטן האָבן, כביכול, עקספּאַנדירט, זיינען יאָקבי גרעסער געוואָרן, האָבן, כלומרשט, זיך אַליין אַריבער־געוואַקסן. פון אָט־דער אילוזיע ווערט דער אויבערפלעכלעכער באָאָבאַכטער פאַר־פירט און פאַרנאַרט. בעת אין דערווירקלעכקייט טרעט אַריין דאָס אַוואַנסירטע געלט אין דעם פאַרטיקן אַרטיקל אומגעענדערט און קומט אַרויס פון אים אומגעענ־דערט קוואַנטיטאַטיוו אין זיין ווערט.

„מיר ווייסן אַז דער ווערט פון קאָנסטאַנטן קאַפּיטאַל ווערט טראַנספערירט און בלויז דערשיינט איבעראַנייס אין דעם פּראָדוקט." [7])

דאָס אייגענע פּאַסירט אויך מיט דעם ווערט פון די געדונגענע אַרבעט־עפעקטן. קיין דעמאַרקאַציע־ליניע קען ניט געצויגן ווערן צווישן די פּראָדוקציע־געצייג, אויף וויפל עס גייט אין ווערט־טראַנספערענץ, און געדונגענער אַרבעט, און דער פּעולה וואָס זי האָט אויף דעם רויען מאַטעריאַל. אָט־די אַרבעט־עפעקטן ווערן פאַרקויפט אויפאַמאָל מיטן רויען מאַטעריאַל.

„דאָס געלט וואָס דער אַרבעטער קריגט גיט ער אויס אויף דעם אויפהאַלט פון זיין אַרבעט־קראַפט אָדער — ווען מען קוקט אויף דעם קאַפּיטאַליסט־קלאַס ווי אויף אַן אַגרעגירטער מאַסע—ווערט פאַרשווענדט בכדי צו פרעזערווירן פאַר דעם קאַ־פּיטאַליסט אַ געצייג דורך דער פאַרמיטלונג פון וועלכן ער קען בלייבן אַ קאַפּי־טאַליסט.״ [8]

אַלע ווערט־מאַגניטודן זיינען אומפאַרענדלעכע סיידן אַ צוגאָב־אָנשטרענג ווערט געמאַכט און ער איז ווירקזאַם, אויפטועריש. דעמאָלט בלייבן די אַלטע ווערטן ווי זיי זיינען געווען, פיקסירט, פאַר דעם משך פון צייט וואָס זיי בלייבן גע־ברויך־ווערטן און טויש־ווערטן, אין זייער באַשטימטער גרויס. וואָס עס פּאַסירט איז לייכט צו דערקלערן: נייע ווערטן קומען צו, נייע סחורות ווערן געשאַפן און זיי ווערן, צוזאַמען מיט די אַלטע, פאַרקויפט.

„פון דער צווייטער זייט, יענער טייל פון קאַפּיטאַל וואָס ווערט רעפּרעזענ־טירט פון אַרבעט־קראַפט מאַכט אַדורך אין דעם פּראָדוקציע־ פּראָצעס אַן ענדע־רונג אין ווערט.״ [9]

ווען אָט־די באַהויפּטונג, וואָס מאַרקס מאַכט, וואָלט געווען אַ ריכטיקע און אַן ענדערונג אין ווערט וואָלט פאַרקומען אָן אַ צוגאָב פון אָנשטרענג וואָלטן מיר געהאַט אין דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט און האַנדלונג אַ פאַל פון אַ באַשאַף אַ ״יש מאין״. אַזאַ נס קען ניט פּאַסירן אין די תחומים פון דערווירטשאַפט. קיין טייל פון קאַפּיטאַל, עס איז קיין חילוק ניט דורך וועמען און דורך וואָס ער ווערט פאַר־טראַטן, קען ניט דורכמאַכן אַזאַ ענדערונג אין ווערט אַזוי לאַנג ווי ער פונקציאָנירט אין פּראָדוקציע־פּראָצעסן דורך וועלכע ער ווערט געשטאַלטיקט און וועלכע האָבן ניט דורכגעמאַכט קיינע וויכטיקע שינויים.

די אַרבעט־עפעקטן, וואָס ווערן פאַרקערפּערט אין דעם פּאַרטיקן אַרטיקל, ווערן פאַרקויפט. דעם אַרטיקל קויפט דער קויפער־געברויכער דירעקט אָדער אומדירעקט, דורך דער פאַרמיטלונג פון קויפער־איבערפאַרקויפער, פאַר אַ פיק־סירטן פּרייז. צוגאָב־קאָסטן ווערן צוגערעכנט, כלומרשט, צו אים, צום אַרטיקל, פונקט אַזוי ווי צו וועלכע עס איז אַנדערע סחורות אָדער רויען מאַטעריאַל. דער צוגאָב קומט אַלס אָפּצאָל פאַר דער טרחה פון דינגען אַרבעט, אָרגאַניזירן, קאָאָרדי־

נירן דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס, אָנווענדן די געדונגענע אַרבעט און איבערפּאַר־קויפן זי.

„אַרבעט־קראַפט פּראָדוצירט ביידע הן דעם עקוויוואַלענט פון איר אייגע־נעם ווערט און הן אַן איבערמאָס, אַ מער ווערט." [10]

אויב אַרבעט וואָלט פּראָדוצירן צוגאָב־ווערט־עפעקטן וואָלט מען פאַר זיי באַדאַרפט עקסטרע באַצאָלן און אויף אַזאַ אופן וואָלט דער מער־ווערט רעדוצירט געוואָרן צו פשוט'ן ווערט. פאַר אַרבעט צאָלט מען לאחר־המעשה נאָך דעם ווי אירע אויפטוערישקייטן זיינען שוין רעאַליזירט און אָפּגעשאַצט געוואָרן. לכן אויב זי וואָלט געווען ביכולת צו שאַפן אַ מער־ווערט, וואָלט אַט־די אייגנשאַפט אירע און איר אויפטוערישקייט, אַלס מער־ווערט שאַפערין, אַריינגעגאַנגען אין חשבון דורך דעם אַקט פון דער אָפּשאַצונג און אַן אָפּצאָל וואָלט ספּעציעל אויפגעמאָנט געוואָרן פאַר אַט־די עפעקטן, און אַט דעם צוגאָב־אָפּצאָל וואָלט מען טראַנספּערירט צו דער סחורה, ד. ה. איר פּרייז וואָלט געוואָרן גרעסער אויף אַ פשוט'ן אופן. מען באַצאָלט ניט פאַר אַרבעט אינפאָרויס, אין אַנטיציפּאַציע פון אירע רעזולטאַטן. מ'צאָלט פּאָסט פאַקטום. אַזוי אַז וואָס אַרבעט זאָל ניט אויפטאָן, זאָל ניט דורכפירן, ווערט פאַר איר באַצאָלט. עס ווערט באַצאָלט פאַר אירע אויפטואונגען, וועלכע ווערן אָפּ־געשאַצט לאחר־המעשה, נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך קלאָר־דייטלעך מאַניפעסטירט. די באַצאָלונג איז אין פּראָפּאָרציע צו דער פעולה'דיקייט.

„איך רוף עס דעריבער דער וואַריאַבל טייל פון קאַפּיטאַל אָדער בקיצור, וואַריאַבל קאַפּיטאַל." [11]

מאַרקס מעג עס רופן ווי ער וויל. קיינער קען אים ניט פאַרווערן צו געבן פאַרשיידענע טיילן פון קאַפּיטאַל באַזונדערע נעמען. אָנרופעניש ענדערן ניט דעם מהות פון זאַכן, ניט פיזיש און ניט סאָציאָלאָגיש. נעמען שאַפן ניט עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן און דערשיינונגען, יעדנפאַלס ניט די נעמען וואָס אַ טעאָרעטיקער, אַ קאַבינעט־מענטש טראַכט צו. דאָס איז ניט קיין שעפערישע נאָמען־געבונג. געלט קען אונטער קיינע אומשטענדן ניט ווערן קיין קאַפּיטאַל. קיין סחורה וועט ניט ענ־דערן די קוואַנטיטעט פון איר ווערט דורך דעם, וואָס אַ טעאָרעטיקער וועט איינ־פאַלן זי אָנצורופן מיט אַ ספּעציעלן נאָמען.

מיר האָבן פאַר אונדז דעם אָרימען געלטלאָזן אַרבעטער, דעם דירעקטן פּראָדוצירער פון דעם פּראָדוקט, און מיר האָבן דעם געלט־אָנגעשטאָפּטן אַרבע־טער, וועלכער הייסט קאַפּיטאַליסט. אָבער ער איז פאַרט אַן „אַרבעטער". ער איז אַן עקאָנאָמישער אינטעראינדיווידואַלאָגישער - קלאַסאָלאָגישער בעל־מלאכה. ער רעכענט אַ גאָר הויכן פּרייז פאַר זיינע פונקציעס, פאַר זיינע אָפּעראַציעס. ער שטעלט זיין אייגענע טרחה אַ סך העכער פון דער אַרבעט פון זיינע אָנגעשטעלטע

אָדער געדונגענע פּועלים, מחמת ער געפינט זיך עקאָנאָמיש אין א סך אַ בעסערער פּאָזיציע. ער געהערט צו אַ העכערן קלאַס מענטשן. און עס איז די פונקציע פון אַ העכער־שטייענדיקן קלאַס זיך צו באַטייליקן אין די אָפּשאַצונג־טעטיקייטן פון דער געגעבענער ווירטשאַפטלעכער געמיינשאַפט. עס איז איינע פון די עובדות פון אַ העכערן קלאַס אויפצושטעלן דעם שטופנלייטער פון ווערטן, אויסצואַרבעטן די סטאַנדאַרדס, באַשטימען די קריטעריא מיט וועלכע ווערטן ווערן געמאָסטן.

געלט קען ניט פאַרוואַנדלט ווערן דורך אַ נס אין דער טשיקאַווער עקאָנאָמי־שער באַשעפעניש, וועלכע מאַרקס רופט אַן קאַפּיטאַל. אַרבעט קען ניט ווערן עלאַסטיש און זיך אויסציען פון זיך אַליין, ד. ה. דורכמאַכן קוואַנטיטאַטיווע און קוואַליטאַטיווע ענדערונגען אין איר ווערט, בעת זי איז פאַרנומען מיט איר גע־העריקער פונקציאָנירונג. אַרבעט קען ניט ווערן צוויי מאָל רעגיסטרירט מיט צוויי פאַרשיידענע ווערט־אַנדייטונגען, איינמאָל גענומען לויט פּראָדוקציע הוצאות, דעם צווייטן מאָל לויט אירע רעזולטאַטן.

ווען אַ בעל־מלאכה פּראָדוצירט א סחורה און ברענגט זי אויפן מאַרק צום פאַרקויפן, לאָזט ער זיך באַצאָלן פון זיין קונד, דעם קויפער: פאַר דעם רויען מאַ־טעריאַל, פּלוס זיין אייגענע פּראָדוקטיווע אַרבעט, די אַרבעט־עפעקטן, וואָס ער האָט אינקאָרפּאָרירט אין רויען מאַטעריאַל, פּלוס אַ טייל פון דער טרחה פון אַיינ־האַנדלען די געצייג וועלכע ער געברויכט אין משך פון פּראָדוקציע־פּראָצעס, פּלוס דעם טיילווייזן אָפּנוץ און אָפּטראָג פון די געגעבענע געצייג, פּלוס די טרחה פון אָפּזעצן דעם פאַרטיקן אַרטיקל, וואָס מיינט איבערפאַרקויפן דעם רויען מאַטעריאַל און טיילווייז די געצייג און פאַרקויפן זיינע אייגענע טראַנספאָרמאַטאָרישע עפעקטן, וואָס זיינען מגושם געוואָרן אין רויען מאַטעריאַל. בשעת ער פאַרקויפט זיינע אי־בעראַנדערשנדיקע עפעקטן, זיין פּראָדוקטיווע אַרבעט וואָס ליגט אָנגעזאַמלט אין פּראָדוקט „איבערפאַרקויפט" ער באמת די לעבנס־מיטלען וועלכע ער האָט אַיינ־געהאַנדלט, דעם טרחה־אַקט וואָס האָט זיי באַגלייט, טראַנספּאָרטירט אַהיים, צוגע־גרייט ווי געהעריק, צוגעפּאַסט זיי און געמאַכט זיי ראוי פאַר קאָנסומציע, די טרחה וואָס געפינט זיך אין דער קאָנסומציע, דעם אָפּנוץ און אָפּטראָג פון די געצייג פון אינערלעכער און אויסערלעכער שטוביקער געברויך־פּראָדוקציע, וואָס ווערן גענוצט פאַר אַט־די אַלע צוועקן, ווי דהיינו גאָפּלען, מעסערס, לעפל, טעלערס, שיסלען, פענדלעך או"ו און די אָרגאַנען, הענט, ציין, דיגעסטיווע אָרגאַנען או"ו.

מאַרקס מערקט אָן:

„ריקאַרדאָ דערמאָנט ניט די דירה, אין וועלכער דער אַרבעטער וואוינט, זיינע געצייג פון געברויך, ווי מעסערס, גאָפּלען, שיסלען או"ו; אַט־די אַלע האָבן די זעלביקע קוואַליטעט פון דויערהאַפטיקייט אַלס ווערקצייג. די זעלביקע זאַכן,

די זעלביקע קלאַסן פון זאַכן דערשיינען אין איין פּלאַץ אַלס קאָנסומציע־מיטלען אין אַן אַנדערן פּלאַץ אַלס ווערקגעצייג". [12]

מאַרקס איז גערעכט. אָבער ניט בלויז געשיר, אין געוויסע פּלעצער פון אַ געוויסן שטאַנדפּונקט נייערט אויך מוסקולן, גלידער קענען פאַררעכנט ווערן פאַר אַרבעט־אינסטרומענטן.

דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריער פאַרקויפט די אייגענע אַרטיקלען, נעמלעך, זיינע אַרבעט־עפעקטן וואָס זיינען פאַרקערפּערט אין אַ סחורה, בלויז אויף צוויי חילוקים דאַרף מען דאָ אָנצייגן: 1) דער בעל־מלאכה לייגט אַריין זיינע אַרבעט־עפעקטן אין אַ רויען מאַטעריאַל, וועלכער באַלאַנגט צו אים; דער לוין־אַרבעטער לייגט אַריין די אייגענע אַרבעט־עפעקטן אין אַ שטיק רויען מאַטעריאַל וואָס באַלאַנגט ניט צו אים, נייערט צו יענעם, צו וועמען ער פאַרקויפט זיינע אַרבעט־עפעקטן. 2) דער בעל־מלאכה איבערפאַרקויפט אַ סך מער ווי דער פּראָלעטאַריער, וועלכער קויפט ווינציקער און דעריבער דאַרף ער פאַרקויפן ווייניקער. ער קויפט בלויז דעם רויען מאַטעריאַל וואָס ווערט געברויכט פאַר זיין אינערלעכער געברויכערישער פּראָדוקציע. ער קויפט ניט דעם רויען מאַטעריאַל, וואָס ווערט גענוצט פאַר דער אויסערלעכער פּראָדוקציע. דער בעל־מלאכה איז ספּעציאַליזירט אַ סך ווייניקער פון לוין־אַרבעטער, פון אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריער. דאָס מיינט צו זאָגן אַז דער בעל־מלאכה פאַרנעמט זיך מיט מער פונקציעס ווי דער שכירות־פּועל. דאָס זאָגט אונדז, אַז דער לוין־אַרבעטער, איז פיל פּראָדוקטיווער מחמת ער האָט אַ מעגלעכקייט צו זיין אַ גרעסערער מומחה אין זיין פאַך. דאָס וואָס ווערט „איינגעשפּאָרט" אַדאַנק צו אָט־דער מומחה'שאַפט גייט צו דעקן די פּראָפיטן פון די אינדוסטריאַליסטן, די אונטערנעמער, די וואָס מאַכן אָט־די „איינשפּאָרונגען" פאַר אַ ווירטשאַפטלעכער מעגלעכקייט.

מאַרקס שרייבט:

„דער אַרבעטער ,פון דער צווייטער זייט, קוקט אויף דער פראַגע אין אָט־דעם ליכט: די פּראָדוקטיווע אָנווענדונג פון זיין אַרבעט־קראַפט איז ניט מעגלעך, ביז וואַנעט ער האָט זי ניט פאַרקויפט און געבראַכט אין קאָנטאַקט מיט די פּראָדוקציע־מיטלען. פאַר איר פאַרקויפט ווערן עקזיסטירט זי אין אַ צושטאַנד פון סעפּאַראַציע פון די פּראָדוקציע־מיטלען, וועלכע זיינען נויטיק פאַר איר מאַטעריאַליזאַציע. כל־זמן זי בלייבט אין אָט־דעם צושטאַנד, קען זי ניט ווערן גענוצט ניט אין דער פּראָדוקציע פון געברויך־ווערטן פאַר איר אייגנטימער און ניט אין דער פּראָדוקציע פון סחורות, דורך דעם פאַרקויף פון וועלכע ער וואָלט געקאָנט האָבן אויף חיונה, אָבער אין דעם מאָמענט ווען זי ווערט געבראַכט אין באַרירונג מיט די

פּראָדוקציע־מיטלען, ווערט זי אַ טייל פון דעם פּראָדוקטיוון קאַפּיטאַל פון איר קויפער, דאָס זעלבע ווי די פּראָדוקציע־מיטלען." [13]

לכן קומט אויס לויט מאַרקסן, אַז אַרבעט ווערט אַ טייל פון די פּראָדוקציע־מיטלען, וועלכע עס באַזיצט און מאַניפּולירט דער קאַפּיטאַליסט, דער עקאָנאָמישער, אינטעראינדיווידועל־אינטערקלאַסלעכער אָרגאַניזירער. אויב אַזוי דאַרף, על פּי שכל, אַרבעט זיין אַזוי ווייניק מסוגל צו שאַפן אַ מער־ווערט ווי יעדער אַנדער אַרטיקל פון די פּראָדוקציע־מיטלען קען באַווייזן דעמדאָזיקן „מעטא־עקאָנאָמישן" אויפטו. ווייטער, מאַרקס זאָגט אונדז, אַז די אַרבעט־קראַפט איז ניט אימשטאַנד צו פּראָדוצירן קיין געברויך־ווערטן פאַרן אייגנטימער מחמת דער סעפּאַראַציע, וואָס עקזיסטירט אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישן רעזשים, צווישן איר און די פּראָדוקציע מיטלען. איז עס טאַקע אַזוי? איז די סעפּאַראַציע דער שטער וועלכער דערלאָזט ניט אַז דער לוין־אַרבעטער זאָל פּראָדוצירן פאַר זיך אַליין זיינע געברויך־ווערטן? עס הויבט זיך ניט אָן.

די „אַרבעט־קראַפט" פון לוין־אַרבעטער איז ניט אימשטאַנד צו שאַפן קיין געברויך־ווערטן פאַר איר פיזיאָלאָגישן אייגנטימער ניט דערפאַר ווייל זי איז אָפּגעזונדערט פון די פּראָדוקציע מיטלען, נייערט בפירוש מחמת דעם וואָס דער פיזיאָלאָגישער אייגנטימער פון דערדאָזיקער אַרבעט־קראַפט, דער פּועל, איז ספּעציאַליזירט, איז אַ מומחה פון איין מלאכה, אָדער נאָך מער, פון אַ קליינעם טייל פון אַ מלאכה. די בעסטע ראיה אַז דאָס איז אַזוי, גיט אונדז דער פאַקט וואָס אויך פאַר איר קויפער, דעם קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט, פּראָדוצירט זי ניט קיין געברויך־ווערטן, נייערט סחורות. ניט די סעפּאַראַציע דערלאָזט ניט אַז זי זאָל פּראָדוצירן געברויך־ווערטן פאַרן דירעקטן פּראָדוצירער אָדער אינדירעקטן, פאַרן פיזיאָלאָגישן אָדער יורידישן אייגנטימער, נייערט די ספּעציאַליזאַציע, די אַרבעט און פאַכן־צעטיילונג. נאָך קלערער ווערט די דערשיינונג, ווען מיר זעען אַז ניט דער פּראָלעטאַריער נייערט אויך דער בעל־מלאכה, וועלכער באַזיצט יאָ די פּראָדוקציע־מיטלען, און ליידט ניט פון דער סעפּאַראַציע, איז ניט קיין עקאָנאָמישער „פּרוש", קען אויך ניט פּראָדוצירן פאַר זיך קיינע געברויך־ווערטן, נייערט בלויז סחורות פאַר דעם מאַרק, זייענדיק אַ ספּעציאַליסט קען דער אַרבעטער פּראָדוצירן ווייניק וואָס, אָדער לחלוטין גאָרניט, פאַר דעם אייגענעם געברויך.

פאָלגלעך, אין דעם פּרט פון ניט פּראָדוצירן קיינע געברויך־ווערטן פאַר זיך פּערזענלעך אָדער פאַר דער אייגענער פאַמיליע זיינען דער אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריער און דער בעל־מלאכה גלייך. בלייבט איצט צו באַטראַכטן דעם צווייטן פּונקט: דער בעל־מלאכה פּראָדוצירט סחורות בעת דער לוין־אַרבעטער, דער עקאָ־

נאָמישער „פּרוש", דער אָפּגעשיידטער פון די פּראָדוקציע־מיטלען פּראָלעטאַריער קען עס ניט באַווייזן.

מאַרקס דריקט זיך אויס אַזוי: דער לוין אַרבעטער האָט ניט קיין צוטריט צו דער „פּראָדוקציע פון סחורות דורך דעם פאַרקויף פון וועלכע ער (דער אַרבע־טער) וואָלט געקענט האָבן אויף חיונה". דאָס איז אומפּינקטלעך אין גאָר אַ הויכן גראַד. קיין האַנט־ווערקער ציט ניט זיין ביסל חיונה פון דעם פאַרקויף פון זיינע סחורות. ער לעבט ניט אויפן חשבון פון זיינע פאַרדינסטן, אָדער, ריכטיקער, באַ־לוינונגען וואָס ער קריגט פאַר זיינע פאַרקויף־אַקטיוויטעטן, וועלכע געפינען זייער אויסדרוק אין דער טרחה פון דעם איבערפאַרקויף פון רויען מאַטעריאַל וועלכן ער האָט זיך איינגעהאַנדלט און אין דער פאַרקויף־טרחה (די מי פון דעם אָפּזעצן, ניט די ענערגיע־פאַרשווענדונג וואָס ווערט אַריינגעטאָן אין דעם פּראָצעס פון שאַפן די אַרבעט־עפעקטן) פון זיינע אַרבעט־עפעקטן. ער איז זיך מפרנס פון זיין אַרבעט גופא, פון דער קאָמפּענסאַציע וואָס ער קריגט פון די געברויכער־קויפערס, פאַר זיינע פּראָדוציר־טואונגען. האָבן חיונה פון בלויזן פאַרקויפן איז מעגלעך פאַר אַ סוחר, וואָס לאָזט אַדורך זיינע הענט אַ גרויסע קוואַנטיטעט פון סחורות אין הור־טאָוון אָדער לאחדים־פאַרקויף. אַ בעל־מלאכה איז זיך מתפרנס און איז מפרנס ווייב און קינד ניט פון דער רעמונעראַציע וואָס ער קריגט פאַר זיינע פאַרקויף־באַדינ־ונגען, נייערט פון דער באַלוינונג, וואָס ער באַקומט פאַר זיינע פּראָדוקטיווע־באַ־דינונגען, זיינע טראַנספאָרמאַטאָרישע אַקטן, וועלכע ער זעצט אַדורך און לייגט אַריין אין דעם רויען מאַטעריאַל, וואָס ווערט דורך דעם טראַנספאָרמירט אין אַ פאַרטיקן אַרטיקל. און אין אָט־דער הינזיכט זיינען דער בעל־מלאכה און פּראָלע־טאַריער גלייך. זיי ביידע ציען זייער חיונה פון זייערע אַרבעט־עפעקטן, פון זייערע פּראָדוקטיווע ביישטייערונגען, וועלכע זיי לייגן פאַר אויפן מאַרק פאַרן פאַרקויף. די איבעריקע אַרטיקלען ווערן פאַרגעלייגט פאַרן איבערפאַרקויף.

אָט־די באַשעפטיקונג, ווי דהיינו, קויפן רויען מאַטעריאַל, פּראָדוקציע־געצייג, איבערפאַרקויפן דעם רויען מאַטעריאַל און דעם טיילווייזן אָפּנוץ און אָפּטראָג פון די געצייג, זיינען זייער מאַרודנע, זיי נעמען אַוועק אַ סך צייט. זיי שטערן דעם פּראָדוצענט. זיי צעשטרויען אים. זיי צווינגען אים זיך פאַרנעמען מיט אַקציעס, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אַנדערע פאַכן און קענטענישן, וועלכע ליגן מחוץ פון זיין קאָמ־פּעטענץ ספער. דעריבער האָט ספּעציאַליזאַציע, וועלכע פאַרפאָלגט איין צוועק און דאָס איז די אויפהויבונג פון פּראָדוקטיוויטעט, עלימינירט אָט־די התעסקות'ן. ספּע־ציאַליזאַציע האָט באַפרייט דעם פּראָדוצירער־פּועל פון די אַלע צוואָרפּענע טו־עכצן, און אים געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו קאָנצענטרירן אויף איין פּונקט, אויף מלאכה אַליין, אויף דעם פּראָדוקציע־אַקט. ספּעציאַליזאַציע האָט אים צעשפּאָלטן,

זי האָט „סעפּאַרירט", אַרויסגעטיילט פון אים דעם „סוחר", אָוועקגענומען פון אים די איבערפאַרקויף־אַרבעט. זי האָט באַזייטיקט די קאָמערציעלע עלעמענטן פון זיין פאַך־קרייז אויף וויפל עס איז נאָר מעגלעך. בלויז פון שטאַנדפּונקט פון דער אײ־נערלעכער פּראָדוקציע איז ער, דער פּראָלעטאַריער, אַן איבערפאַרקויפער. אָבער פון שטאַנדפּונקט פון אויסערלעכער פּראָדוקציע, פּראָדוקציע ממש, איז ער אַ פּועל, ניט קיין „סוחר". ער פאַרקויפט זיינע אַרבעט־עפעקטן ניט דורך דער פאַרמיטלונג פון דעם איבערפאַרקויף פון דעם רויען מאַטעריאַל, נייערט דירעקט. אַט־דער שריט פאָרויס אויף דעם אַלגעמיינעם וועג פון ווירטשאַפט־אַנטוויקלונג און ספּעציאַליזאַציע גיט אַ מעגלעכקייט דעם אַרבעטער צו פאַרקויפן אַרבעט־עפעקטן אין גרעסערע קוואַנטיטעטן אויף איין מאָל, ווי דאָס קען באַוויזן דער בעל־מלאכה, ווען ער פאַרקויפט זיינע פּראָדוקטן־סחורות ניט בלויז צו געברויכערס נייערט אויך צו סוחרים אָדער צו אַ סוחר. און אַט־די עקאָנאָמישע פּרישות" פון פּועל פאַרשפּאַרט אים צייט, וועלכע דער בעל־מלאכה האָט גע'פּטר'ט אויף פאַרקויפעניש, אויסער די פילע אַנדערע פאַרשפּאָרענישן וועלכע ווערן דאָ רעאַליזירט אַ דאַנק דער העכער קוואַליפיצירטער ספּעציאַליזאַציע.

דער דאָזיקער חילוק אין דעם ספּעציאַליזאַציע־גראַד וואָס ליגט צווישן דעם בעל־מלאכה און דעם לוין־אַרבעטער האָט מאַרקס עפּעס ווי ניט געוואָלט באַגרייפן. אַנ־שטאָט אָנצוצייגן אויף דעם פּאָזיטיוון עלעמענט פון ספּעציאַליזאַציע וואָס געפינט זיך אין לוינאַרבעטעריי, פלייסט זיך מאַרקס אונטערצושטרייכן דעם נעגאַטיוון עלעמענט פון סעפּאַראַציע, וועלכע איז ניט באַצייכענענדיק פאַר אַט־דער דערשיינונג פון גע־דונגענשאַפט. מחמת דער לוין־אַרבעטער איז ניט אָפּגעזונדערט פון די פּרימיטיווע פּראָדוציר־מיטלען, נייערט פון די הויך קאָמפּליצירטע, ספּעציאַליזירטע פּראָדוקציע־געצייג, וועלכע לויט זייער עצם מהות, ניט בלויז פינאַנציעל, זיינען איבער זיינע כוחות, ד. ה. שטייגן אַריבער די אַרבעט־מעגלעכקייטן פון יעדן אינדיווידועלן אַרבע־טער, זיי פאַרקערפּערן אין זיך אַרבעט בציבור ניט ביחידות. מיט די יחידישע אַלט־„פרענקישע" פּראָדוציר־מיטלען וואָלט זיך דער יחיד אַרבעטער לייכט געקענט צו־ריק באַהעפטן. און אויב אַט־די באַהעפטונג קומט ניט פאָר איז עס מחמת דער ספּעציאַליזאַציע און הייכער קוואַליפיקאַציע פון דער אינדוסטריע און אירע „אינסטרו־מענטן".

אין יעדער ספּעציאַליזאַציע ליגט אַ געוויסער מאָמענט פון סעפּאַראַציע, פון אָפּגעזונדערטקייט. מחמת מען קען זיך ניט ספּעציאַליזירן סיידן מ'זונדערט זיך אָפּ פון פאַרשיידענע באַרופן און מלאכות, קעגנשטאַנדן און פּראָדוציר־מיטלען אויסער די עטלעכע אויסשליסלעכע, וואָס באַלאַנגען צו דעם פאַך. בלויז דער געברויכער־פּראָדו־צירער איז ניט געווען אָפּגעזונדערט פון קיין פּראָדוקציע־מיטל, וואָס ער האָט באַר

באַדאַרפט. ער האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים און מיט אַלע מיטלען און שטאָפן. גאָר אַנדערש איז דער קאָמפּעטענטער בעל־מלאכה. ער האָט אין זיין רשות בלויז אַ באַגרעניצטן קרייז פון פּראָדוקציע־מיטלען און פּראָדוקציע־געצייג. נאָך אַ שטאָפּל אַרויפצו אויפן לייטער פון ספּעציאַליזאַציע שטעלט פאַר מיט זיך דער לוין־אַרבעטער. ער איז יורידיש אָפּגעזונדערט אַפילו פון די פּראָדוקציע־מיטלען, וועלכע געהערן אין זיין פאַך־ספער. אָט־די יורידישע סעפּאַראַציע, איז אַ רעזולטאַט פון עוואָלוציע, אַן אומפאַרמיידלעכער שריט אויפן וועג פון ספּעציאַליזאַציע־אַנטוויקלונג. די דאָזיקע אַנטוויקלונג גייט ווייטער און ווייטער. דער פאַך אַליין ווערט פונאַנאנדערגעטיילט אין סעקציעס, אַזוי אַז דער „מומחה״ אַרבעטער קאָנצענטרירט זיך אויף איין אָפּעראַציע און קומט אין דירעקטער באַרירונג מיט נאָך אַן ענגערן קרייז פון פּראָדוציר־מיטלען. אָבער דאָס זיינען ווייטערע עוואָלוציע־שטופן. ספּעציאַליזאַציע האָט געזאָגט צומאָנפאַנג א׳ און זי זאָגט דערנאָך ב׳, ג׳, ד׳... ביז צום ת׳ איז נאָך אַ היפּשער מהלך.

זען אין לוין־אַרבעטעריי אַ סעפּאַראַציע מיינט ניט פאַרשטיין גרינטלעך אָט־דעם עקאָנאָמישן פענאָמען. און מחמת אָט דער מיספאַרשטענדעניש האָט מאַרקס „אַנטדעקט״ אין אינדוסטריעלן סאַלאַריאַט אַ שפּרודלדיקן קוואַל פון „מער־ווערט״.

אויב דאָס וואָלט געווען מעגלעך, ד. ה. אויב מ׳וואָלט געקענט פירן אין דער ווירטשאַפט אַ טאָפּלטע בוכהאַלטעריע, האָבן צוויי רעגיסטערס, איינעם אַ העכערן און איינעם אַ נידעריקערן, איינעם וואָס באַלאַנגט צו דער פאַרגאַנגענהייט און דעם צווייטן וואָס ליגט אויף דער ליניע פון דער צוקונפט, דעמאָלט וואָלט די אייגענע מאָדנע דערשיינונג זיך באַוויזן אין האַנט־ווערקעריי אַזוי גוט ווי אין לוין־אַרבעטעריי. מחמת שכירות־אַרבעטעריי שטעלט ניט פאַר מיט זיך קיין שום אומגעהערטע אינאָוואַציע, קיין שום אויסערלעכן חידוש. דער לוין אַרבעטער איז דער אייגענער בעל־מלאכה, מיט דעם אונטערשייד, וואָס פון אים איז אַראָפּגענומען דער יאָך פון עטלעכע מיזאַמע, צייט־פטר׳נדיקע פונקציעס. און אַזוי ווי עס איז ניט פאַראַן קיין „מער־ווערט״ (אין דעם מאַרקסיסטישן פשט פון אָט־דעם טערמין, וועלכן מאַרקס האָט צוגעטראַכט), ד. ה. קיין „אומבאַצאָלטע אַרבעט״ אין האַנטווערקעריי, אַזוי קען עס ניט זיין, אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־מאָדוס, ביי דעם האַנטווערקער, וועלכער איז געוואָרן אַ פּראָלעטאַריער. דער האַנטווערקער טוט אַלץ וואָס דער לוין־אַרבעטער טוט, פּלוס עטלעכע צוגאָב־טעטיקייטן. דער אינדוסטריעלער לוין־אַרבעטער אונטער קאַפּיטאַליזם קען אונדז ניט מאַכן קיינע סורפּריזן, וועלכע דער בעל־מלאכה האָט ניט באַוויזן פאַר אים. עס איז ניט פאַראַן קיין „מער־ווערט״, מיינענדיק אַ ווערט וואָס איז צוגעלייגט געוואָרן צו די אַרבעט־עפעקטן בשעת זיי געפינען זיך אין דעם קורצן

אינטערוואַל צווישן זייער אַריינטריט אין פּראָדוקציע־פּראָצעס און זייער פאַרענדיקן אָט־דעם פּראָצעס. אָט־די אַרבעט־עפעקטן ווערן ניט גע׳חשבונ׳ט צוויי מאָל אויף צוויי פאַרשיידענע אופנים: איינמאָל דעם אַרבעטער ווערן זיי גערעכנט לויט זייער ווערט בשעתן אַריינטריט ד. ה. לויט אַ נידעריקער אָפּשאַצונג; דאָס צווייטע מאָל, די גע־ברויכערס ווערן זיי גערעכנט לויט זייער ווערט בשעתן גמר, נאָך זייער רעאַליזאַציע לויט אַן אַנדער און העכערער אָפּשאַצונג. אַזעלכע טשיקאַווע חשבונות געפינען מיר ניט אין האַנטווערקעריי. און זיי קענען אויך ניט זיין אין לוין־אַרבעטעריי אונטער דעם קפּיטאַליסטישן סיסטעם.

מאַרקס שרייבט:

„אויב, לכן, אַזעלכע אויסדרוקן ווי... ,אַזוי פיל זעלבסט־עקספּאַנדירענדיקער ווערט׳ זעען אויס צו זיין ווידערשפּרעכלעך, איז עס בלויז מחמת דעם וואָס זיי ברענ־גען אַרויף צו דער אויבערפלאַך אַ ווידערשפּרוך, וואָס איז אימאַנענט אין דער קאַ־פּיטאַליסטישער פּראָדוקציע.״ [14])

דער ווידערשפּרוך איז ניט אימאַנענט אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירט־שאַפטלעכער פּראָדוקציע, נייערט אין דער מאַרקסיסטישער טעאָרעטישער פּראָדוק־ציע. מאַרקס „פּראָדוצירט״ טעאָריעס וועלכע זיינען צעעסן פון סתירות און ער וואַרפט די שולד אויף דער ווירטשאַפטלעכער סיסטעם, און ניט אויף זיין אייגענער אידעאָלאָגישער סיסטעם. מאַרקס האַלט זיך אין איין פּלפּולן מכוח געלט וואָס ווערט כלומרשט מגולגל אין קאַפּיטאַל, אַ גלגול וועלכער עקזיסטירט ניט מחוץ פון די טאָוו־לען פון מאַרקסעס „קאַפּיטאַל״ אין דריי דיקע בענד. די רייכע באַזיצן געלט, אַנדע־רע פון זיי גאָר אַ סך געלט. אָבער זיי באַזיצן ניט קיין „קאַפּיטאַל״ אין מאַרקסעס אויס־טייטש, דהיינו געלט וואָס פאַרמערט זיך, פּרוכפּערט זיך.

„לאָמיר באַטראַכטן, פון דער צווייטער זייט, דעם קאַפּיטאַליסט. ער וויל קריגן אַזויפיל אַרבעט ווי נאָר מעגלעך פאַר אַזוי ווייניק געלט ווי נאָר מעגלעך. פּראַקטיש, דעריבער, אינטערעסירט אים בלויז איין זאַך און דאָס איז די דיפערענץ צווישן דעם פּרייז פון אַרבעט־קראַפט און דעם ווערט וועלכן איר פונקציע באַשאַפט. אָבער ער פּרובירט אויך אַלע איבעריקע סחורות איינצוהאַנדלען אַזוי וואָלוול ווי נאָר עס לאָזט זיך, און ער דערקלערט שטענדיק זיינע פּראָפיטן דורך פּשוט׳ער אָפּנאַרעריי, דורך קויפן אונטער און פאַרקויפן איבער זייער ווערט. פון־דאַנעט נעמט זיך דאָס וואָס ער זעט ניט אַז אויב אַזאַ זאַך ווי דער ווערט פון אַרבעט וואָלט ווירקלעך עקזיסטירט און ער וואָלט ווירקלעך באַצאָלט דעם ווערט, וואָלט קיין קאַפּיטאַל ניט עקזיסטירט, זיין געלט וואָלט ניט ווערן פאַרוואַנדלט אין קאַפּיטאַל״. [15])

דער אמת איז אַז געלט ווערט קיינמאָל ניט אין אינדוסטריעלן און קאָמערצי־עלן פּראָצעס פאַרוואַנדלט אין קאַפּיטאַל. ווייטער, קויפן און פאַרקויפן ווי שוין

פיל מאָל דערקלערט און אויסגעטייטשט האַלט זיך ניט אויף אָפּנאַרעריי, און קיין הענדלער טראַכט ניט אַז זיינע רווחים נעמען זיך פון דעם, וואָס ער באַשווינדלט און באַזשוליקט זיינע קונדן. און ווי וואָלט זיך אַ גאַנצע קאָמערציעלע סיסטעם געקענט האַלטן אויף אַזאַ וואַקלענדיקן יסוד! דער קאַפּיטאַליסט מעג זיך פאַרגינען צו באַצאָלן דעם אַרבעטער דעם פולן פּרייז און ווערט פון דעם אַרבעטערס סחורה, ד. ה. פון זיינע אַרבעט־עפעקטן. ער וועט סיי ווי סיי גאַנץ געשמאַק „פאַרדינען" מחמת ער פאַרקויפט דאָך אַן אייגענע שטיקל „וואַרע". ער פאַרקויפט צו די געברויכערס זיין אָרגאַניזיר־טרחה, און ער טוט עס אָן קיין אָפּנאַרעריי. דעם אינדוסטריאַליסט־קאַפּי־טאַליסטס פאַרדינסט, ווי יעדער פאַרדינסט, האַלט זיך אויף פאַרדינונג, אויף לוין וואָס קומט פון „דינען", אויף אויפטועלרישקייט און אָפּשפאַרעריי.

עס איז פאַראַן פּשוט'ע פיזיאָלאָגישע פאַך־אַרבעט, און עס איז פאַראַן עקאָ־נאָמאַ־אינטעראינדיווידואַלאָגישע און אינטער־קלאַסאָלאָגישע, אינדוסטריעל אָרגאַני־זאַטאָרישע טרחה. די לעצטע ווערט אַרויסגעהאָלפן אין איר אויפטועלרישקייט דורך געלט אונטער דעם „קאַפּיטאַליזם", וועלכער באַזירט זיך אויף געדונגענשאַפט, מחמת געדונגענטום קען ניט עקזיסטירן און פונקציאָנירן אָן געלט־אָוואַנסן, אָן שכירות־צאָ־לונג. אָבער דאָס געלט וואָס ווערט פאַרנוצט אין דער אונטערנעמונג און גייט טייל־ווייז אויף דינגען אַרבעטער און צאָלן זיי שכירות ווערט ניט מחמת דעם, מחמת דער אינסטיטוציע פון געדונגענטום, מגולגל אין „קאַפּיטאַל" אין מאַרקסיסטישן פּשט פון וואָרט.

— ח —

## אַן אינטער־קלאַסן־פאַרהעלטעניש אין עקאָנאָמישע טערמינען

דער קאַפּיטאַליסט אינדוסטריאַליסט איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ פאַרמיטלער. ער איז אַן איבערפאַרקויפער פון אַרבעט עפעקטן, פון טראַנספאָרמאַטאָ־רישע אָפּעראַציעס אַזוי גוט ווי אַן איבערפאַרקויפער פון רויען מאַטעריאַל. ער איז אָבער אויך אַ פאַרקויפער פון זיין אייגענער „סחורה", ד. ה. פון זיינע אייגענע באַ־דינונגען. ער פאַרקויפט אַ פראָצעס־סחורה, אַ מיאונג־וואַרע. אויב ער קויפט אַרבעט וואָלוול, איבערפאַרקויפט ער זי וואָלוול. ער „צאָלט" דאָך ניט, אין תוך גענומען, דעם אַרבעטער. ער אַוואַנסירט בלויז דאָס געלט. ער לייגט עס אויס און קריגט עס דער־נאָך צוריק. ער רעכנט די געברויכערס, אָדער, ריכטיקער, די אייגענע אַרבעטער, אין אַן אַרום־און־אַרום־וועג, וועלכע זיינען דאָך אַלע אָן קיין אויסנאַם געברויכערס, דעם פּרייז וועלכן ער האָט אַליין געצאָלט. מיט אַנדערע ווערטער, ער קויפט אַרבעט פון די אַרבעטער. ער איבערפאַרקויפט אָט־די זעלביקע אַרבעט צוריק צו די אַרבעטער,

און בשעת מעשה, בעת ער איבערפאַרקויפט אי דעם רויען מאַטעריאַל און אי די אַרבעט־עפעקטן, פאַרקויפט ער צו די אַרבעטער זיינע אייגענע באַדינונגען. אויב דער קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט צאָלט מער, אוואַנסירט מער, קריגט ער צוריק מער. אויב ער צאָלט ווייניקער, באַקומט ער צוריק ווייניקער. דאָס זיינען דאָך זיינע אייגענע אַרבעטער, גענומען אַלס אַ טייל פון גאַנצן קאָנטינגענט פון אַרבעטערטום, וועלכע קערן אים אום דאָס געלט וואָס ער האָט זיי געגעבן אַלס אַוואַנס.

די אַרבעטערשאַפט שפּילט אַ טאָפּלטע ראָלע. די אַרבעטער, אין זייערע גרויסע צאָלן זיינען די פּראָדוצירער פון פּראָדוקטן. זיי זיינען אַוואַנס־באַקומער. דערנאָך, אַביסל שפּעטער, זיינען זיי די קויפערס פון די אייגענע פּראָדוקטן. זיי זיינען די קויפער־געברויכער וועלכע גיבן אַוועק צוריק דאָס ביסל געלט וואָס זיי האָבן פאַר דעם געקראָגן אין דער פאָרם פון אַן אַוואַנס. ווען אַרבעט קאָסט טייערער, שטייט העכער אין פּרייז, דעמאָלט שטייט העכער אין מקח דעם קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסטס טרחה. עס עקזיסטירט אַ געוויסער צוזאַמענהאַנג ,אַ געוויסע סאָלידאַריטעט צווישן אַלע פאָרמען פון מי־פאַרשווענדונג, סיי הייך, סיי נידעריק.

די פאַרהעלטענישן פון די קלאַסן ווערן עקאָנאָמיש אויסגעדריקט בזה האופן: ווייניקע מיטגלידער פון אַ העכערן קלאַס זיינען אימשטאַנד צו „קויפן" די באַדינונגען פון פילע מיטגלידער פון דעם נידעריקערן קלאַס. פילע מיטגלידער פון אַ נידעריקערן קלאַס זיינען עקאָנאָמיש ביכולת צו קויפן לעבנלאַנג באַדינונגען פון ווייניקע מיטגלידער פון אַ העכערן קלאַס. די גענויע פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרהעלטעניש איז עטאַבלירט פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג און פון די שייכותן פון די נומערישע מאַגניטודן פון די קלאַסן.

מאַרקס באַמערקט גאַנץ ריכטיק:

„אָבער די גאַנצע וויסנשאַפט וואָלט זיין איבעריק, ווען דאָס אויסזען, די פאָרם און די נאַטור פון זאַכן וואָלטן געווען אינגאַנצן אידענטיש." [16]

למראית־עין דינגט דער קאַפּיטאַליסט דעם אַרבעטער, אין דערווירקלעכקייט קומט פאָר עפּעס פאַרקערטעס: עס איז דער אַרבעטער, דער אַרבעטער־קלאַס וועלכער „דינגט" דעם קאַפּיטאַליסט און צאָלט אַ הויכן פּרייז פאַר דעם לעצטנס באַדינונגען. איין אַרבעטער איז ניט בכוח עקאָנאָמיש צו דינגען אַ גאַנצן קאַפּיטאַליסט פאַר אַ לעבנלאַנג פאַר זיך אַליין, מחמת דער לעצטער בעט פאַר זיין טרחה צו פיל און דער ערשטער פאַרמאָגט צו ווייניק אַז ער זאָל זיך קענען פאַרגינען אַזאַ לוקסוס. דער אַרבעטער איז ניט אין אַזאַ לאַגע פינאַנציעל אַז ער זאָל קענען אויסגעבן אַזאַ סומע. חוץ דעם איין אַרבעטער ווען ער פונקציאָנירט ביחידות, אַרבעט פאַר זיך, דאַרף ניט האָבן די באַדינונגען־פּלייסונגען פון דעם קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט. דאָס אייגענע ווי ער קען ניט געברויכן איינער אַליין די קאָמפּליצירטע מאַשינעריע פון אַ

פאַבריק וואָס איז אויסגערעכנט אויף אַ גרויסער צאָל אַרבעטער; דעם קאַפּיטאַליסטס לעבן איז אָפּגעשאַצט עקאָנאָמיש פּיל העכער ווי דאָס לעבן פון פּשוט׳ן אַרבעטער. לכן נעמען זיך פּילע אַרבעטער צוזאַמען, לייגן זיך צונויף און מיט אַלגעמיינע כוחות באַוויזן זיי צו „דינגען״, אויפצוהאַלטן אין פאַרהעלטנישמעסיקער הרחבה איין קאַפּיטאַליסט אָדער עטלעכע.

מאַרקס שרייבט:

„דער לוין־אַרבעטער, אַזוי ווי דער שקלאַף, מוז האָבן אַ האַר וועלכער זאָל אים שטעלן אַרבעטן און הערשן איבער אים. און אָננעמענדיק אַז אָט־די פאַרהעלטעניש פון האַר און דינער עקזיסטירט, שיקט זיך גאַנץ גוט צו צווינגען דעם לוין־אַרבעטער צו פּראָדוצירן זיין אייגענע שכירות און אויך די שכירות פון אויפזעערײַ, אַ קאָמפּענסאַציע פאַר דער אַרבעט פון הערשן און האַלטן אַן אויג אויף אים.״ [17])

דער לוין־אַרבעטער מוז ניט האָבן קיין האַר וועלכער זאָל אים שטעלן אַרבעטן. ער קען אַליין זיך שטעלן אַרבעטן און באַגיין זיך גאַנץ גוט אָן אַ „האַר״ און ניט זיין קיין לוין־אַרבעטער, נייערט אַן אַרבעטער, אַ בעל־מלאכה. די לוין־אַרבעטער בלשון רבים, אין זייערע מאַסן, מוזן האָבן באַלעבאַטים. אָט־די פאַרהעלטעניש פון לוין־אַרבעטערײַ און אָרגאַניזירערײַ איז ניט קיין דואַ־אינדיווידועלע, נייערט אַ מולטי־אינדיווידועלע רעלאַציע. דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט אַן אינטערקלאַסלעכער און אינטעראינדיווידועלער רעלאַציע. דער לוין־אַרבעטער, גענומען באַזונדער, אַרבעטענדיק אונטער דער אָנפירערשאַפט פון איין באַלעבאָס, וואָלט קוים געקענט אויסאַרבעטן גענוג פּראָדוקטן, אַז עס זאָל קלעקן צו דעקן די פולע סומע פון זיין אייגענער שכירות וואָס ער קריגט ווען ער איז באַשעפטיקט אין אַן אינדוסטריעלן איינס פון גרויסן פאַרנעם, שוין ניט ריידענדיק וועגן אויסאַרבעטן די שכירות פאַר אויפזעערײַ. מע דאַרף באַגרייפן אַז די דאָזיקע קאַפּיטאַליסטישע פאַרהעלטעניש איז ניט קיין שקלאַף און האַר באַציאונג, נייערט אַ שייכות פון אַן אָרגאַניזירטער, און אָרגאַניזירטע, ווייניקע אָרגאַניזירן פילע ווערן אָרגאַניזירט. *)

אַזוי ווי עס וואָלט זיין אַן אַבסורד צו ריידן וועגן אַן אַרמיי אין טערמינען פון איין גענעראַל און איין זעלנער, אַזוי איז אַן אַבסורד צו ריידן מכוח דער אינדוסטריעלער אַרמיי אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ צוויי־פּערזענלעכע אונטערנעמונג. איין זעלנער קען זיך ניט דערלויבן אויסצוהאַלטן אַ פולבאַשליפעסטן גענעראַל, מחמת איין זעלנער דאַרף קיין גענעראַל ניט און קיין גענעראַל קען ניט ווערן קיין גענעראַל, קיין אַרמייאָנפירער, ווען ער האָט אונטער זיך בלויז איין יונג. קיינער קען ניט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ מיליטערישן פירער ווען ער קאָמאַנדעוועט מיט איין סאָלדאַט און דערצו נאָך

*) Abba Gordin, Communism Unmasked, pp. 235-37.

אַ געדונגענעם. איין מיטגליד פון אַ נידעריקערן קלאַס איז באַין אופן ניט אימשטאַנד אויסצוהאַלטן אויף זיין אייגענעם חשבון אַ מיטגליד פון דעם העכערן הערשנדיקן קלאַס. ער איז עס בכוח צו באַווייזן ניט עקאָנאָמיש, ניט פּאָליטיש, ניט קולטורעל. עס איז אויך אוממעגלעך פאַר אַ מיטגליד פון אַ העכערער שיכט צו באַהויפּטן זיין פּי־רערשאַפט און צו קריגן פון דער אָנפיר־אַקטיוויטעט געוויסע בענעפיטן, ווען די אָנ־פירעכץ וואָלט זיין אַזוי באַגרענעצט אַז זי זאָל זיך באַגענוגענען מיט פאַרשאַפן זיך בסך־הכל מיט איין מיטגליד פון די נידעריקערע שיכטן.

די פאַרהעלטעניש פון די קלאַסן און די מאַסן איז פון אַן אָרגאַניזאַציאָנעלן כאַ־ראַקטער, און זי קען ניט באַצייכנט ווערן, אויב מ'וויל געבן צו פאַרשטיין איר מהות, ווי אַ באַגעגעניש פּנים־אל־פּנים פון איין אָרגאַניזירטן מיט זיין אָרגאַניזירער. איין אָרגאַניזירער קען אויסאיבן זיין אָרגאַניזיר־פּעולה אויף פילע אָרגאַניזירטע. און כל־זמן עס איז אַ פאַל פון איינס אויף איינס איז דער אָרגאַניזירער קיין אָרגאַניזירער ניט און דער אָרגאַניזירטער איז אויך ניט דאָס. שקלאַפעריי איז אינגאַנצן אַן אַנדער פאַל. שקלאַפעריי באַזירט זיך אויף רויבעריי. און אונטער כמעט אַלע אומשטענדן האָט זיך שקלאַפעריי „באַצאָלט", מחמת עס האָט אַלע מאָל געלוינט בעסער צו זיין אַ פאַנ־גער ווי אַ געפאַנגענער. געדונגענשאַפט איז ניט קיין שקלאַפעריי, עס האַלט זיך, בעיקר, אויף אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער רעלאַציע.

די אַרבעטער ווייסן ניט ווי אַזוי פּראַקטיש זיך צוזאַמענצולייגן און צוזאַמען צו אַרבעטן, ווי אַזוי צו קאָאָפּערירן. לכן טוט עס פאַר זיי דער קאַפּיטאַליסט. פאַר אָט־דער עובדא, פאַר דער־דאָזיקער דורכגעפירטער פונקציע קריגט ער זיין שכר. דער קאַפּי־טאַליסט מוז אָרגאַניזירן אינדוסטריעל די אַרבעטער. מחמת אָן זייער אָרגאַניזירט־זיין אין דער פאָרם פון עפּעס אַ מין איינס, וואָס איז קאַפּאַבל צו פונקציאָנירן ווי־געהער־ריק, זיינען די אַרבעטער לחלוטין אומפעאיק „אויסצונוצן" דעם קאַפּיטאַליסט, „דינ־גען" אים און גוט „באַצאָלן" פאַר זיין ביישטייערונג צום אינדוסטריעלן פּראָצעס. איינציקוויז גענומען זיינען די אַרבעטער צו אָרים אַז זיי זאָלן זיין ביכולת אים, דעם קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט, צו „באַלוינען" פאַר דער אומגעהויער וויכטיקער אַר־בעט ער טוט פאַר זיי.

מאַרקס שרייבט:

„אָבער, פון דער צווייטער זייט, לאָמיר אָננעמען אַז, אַנדערע אומשטענדן בלייבנדיק די זעלביקע, דער פּרייז פון דעם אייגענעם סכום פון אַרבעט־קראַפט הע־כערט זיך פון 100 פונט שטערלינג צו 150 פ. ש. אָדער ער פאַלט אַראָפּ פון 100 פ. ש. צו 50 פ. ש. אין דעם ערשטן פאַל וועט דער קאָסט פּרייז באמת זיך העכערן פון 500 פ. ש. צו... 550. אין דעם צווייטן פאַל וועט אַראָפּגיין פון 500 פ. ש. צו... 450 פ. ש. אָבער איןביידע פאַלן, וועט דער ווערט פון דער סחורה בלייבן אומגעענדערט

600 פ. ש. אין ערשטן פאַל האָבן מיר 400 ק׳ (קאָנסטאַנט) פּלוס 150 (וואַריאַבל) פּלוס 50 מ׳ (מער־ווערט); אין צווייטן פאַל, 400 ק׳ (קאָנסטאַנט) פּלוס 50 וו׳ (וואַריאַבל) פּלוס 150 מ׳ (מער־ווערט), אָבער אין בײדע פאַלן איז דער פּרײז 600 פ. ש. דער אוואַנסירטער וואַריאַבלער קאַפּיטאַל טראַנספערירט ניט זײן אײגענעם ווערט צו דעם פּראָדוקט. דער פּלאַץ פון זײן ווערט איז פאַרנומען אין דעם פּראָדוקט פון אַ נײעם ווערט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון דער אַרבעט. על־כן אַן ענדערונג אין דעם ווערט פון דער אַבסאָלוטער מאַגניטוד פון וואַריאַבלען קאַפּיטאַל אויף אַזויפיל ווײפל זי דריקט אויס בלויז אַן ענדערונג אין דעם פּרײז פון אַרבעט־קראַפט, ענדערט לחלוטין ניט די אַבסאָלוטע מאַגניטוד פון דעם ווערט פון דער סחורה, מחמת זי ענ־דערט גאָרניט אין דער אַבסאָלוטער מאַגניטוד פון דעם נײעם ווערט, וואָס איז גע־שאַפן געוואָרן פון דער לעבעדיקער אַרבעט. אַזאַ ענדערונג באַאײנפלוסט בלויז די רע־לאַטיווע פּראָפּאָרציע פון די מאַגניטודן פון די צוויי עלעמענטן פון דעם נײעם ווערט, אײנער פון וועלכע פאָרמירט דעם מער־ווערט און דער צווײטער וועלכער מאַכט גוט דעם וואַריאַבלען קאַפּיטאַל און גײט אַריבער צו דעם קאָסט־פּרײז פון דער סחורה.״ [18])

מאַרקס נעמט אָן אַז די לעבעדיקע אַרבעט איז ווערט 200 פונט שטערלינג, 400 פ. ש. איז דער קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל, לכן באַטרעפט דער פּרײז פון דער סחורה 600 פ. ש. אַצונד די צוויי הונדערט פ. ש. ווערן אײנגעטײלט צווישן די צוויי קאָנטער־אַגענטן פון פּראָדוקציע־פּראָצעס, נעמלעך דעם אַרבעטער און דעם קאַפּיטאַליסט אויף צוויי גלײכע חלקים, הונדערט נעמט דער אַרבעטער אין פאָרם פון געהאַלט און הונ־דערט קריגט דער קאַפּיטאַליסט אין פאָרם פון פּראָפיט, וועלכער איז אומבאַצאָלטע אַרבעט, ד. ה. מער־ווערט וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין פּראָצעס פון דער רעאַליזאַ־ציע פון דער אַרבעט. לכן ווען דעם אַרבעטערס חלק ווערט גרעסער, מוז דעם קאַפּי־טאַליסטס חלק ווערן, אין דער אײגענער פּראָפּאָרציע, קלענער; און אַזוי אויך פאַר־קערט, ווערט דעם קאַפּיטאַליסטס חלק גרעסער, מוז דעם אַרבעטערס חלק ווערן קלע־נער.

דאָס איז מאַרקסעס באַהויפּטונג. דאָס איז דער יסוד פון זײן שיטה אין עקאָ־נאָמיק. אָבער זײן יסוד איז אָן אַ יסוד. זײן קוק אויף אָט־די ווירטשאַפטלעכע ענינים איז אינגאַנצן אַ פאַלשער. די שכירות פון אַרבעטער ווערן יאָ טראַנספערירט צום ווערט פון פּראָדוקט און זײ גײען אַרײן אַלס אַ באַשטאַנדטײל אין פּרײז פון דער גע־געבענער סחורה. דער אַרבעטער קריגט זײן טײל ניט פון קאַפּיטאַליסט, נײערט פון דער געברויכערשאַפט דורך דער פאַרמיטלונג פון קאַפּיטאַליסט, וועלכער שטײט צווישן דירעקטן פּראָדוצענט און קאָנסומענט. ווײפל דער קאַפּיטאַליסט צאָלט דעם אַר־בעטער אַלס דירעקטן פּאַרטיציפּאַנט אין פּראָדוקציע־פּראָצעס אַזויפיל רעכנט ער דעם געברויכער, ד. ה. דעם אײגענעם אַרבעטער בשעת ער פיגורירט אַלס קאָנסו־

מענט. דאָס מיינט אַז דער קאַפּיטאַליסט נעמט אָפּ זיין הלוואה, דעם אַוואַנס וואָס ער האָט געגעבן דעם אַרבעטער, דעם אַרבעטער־קלאַס (די פּראָצענטן־צורעכענונגען איג־נאָרירן מיר, מחמת מאַרקס באַהאַנדלט עס דאָ ניט און מיר ווילן ניט מאַכן די זאַך קאָמפּליצירטער אָן קיין נוצן פאַר דער פאַנאַנדערדריבלונג פון דעם קנויל). חוץ דעם נעמט דער קאַפּיטאַליסט פון דער אַרבעטערשאַפט אַלס געברויכערשאַפט אָן עקסטראָ אָפּצאָל פאַר זיינע אייגענע באַמיאונגען, פאַר דער אוואַנסירונג־טרחה און איבעריקע פּלייסונגען זיינע וועלכע זיינען פאַרבונדן מיט דער אונטערנעמונג. היוצא מדברינו, ווען דער קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט צאָלט דעם אַרבעטער מער, ווען אַלע אי־בעריקע אומשטענדן בלייבן די זעלביקע, העכערט זיך גלייך דער פּרייז פון דעם פּראָ־דוצירטן פּראָדוקט. דאָס איז מעשים בכל יום. נאָך יעדן סטרייק און העכערונג פון שכירות ווערן סחורות טייערער. זיי ווערן טייערער אויף אַ גרעסערער סומע ווי די וועלכע די אַרבעטער האָבן צוגעקראָגן. מחמת ווי נאָר דעם אַרבעטערס באַלוינונג שטייגט אַרויף אַזוי גלייך שטייגט מיט אים און נאָך העכער פּראָפּאָרציאָנעל די באַ־לוינונג פון קאַפּיטאַליסט, וואָס ער קריגט פאַר זיינע באַמיאונגען.

מאַרקסעס באַהויפּטונגען מכוח אַרבעט־ווערט און פּרייזן פון די פּראָדוצירטע סחורות אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם זיינען שפּינוועבס־ספּעקולאַציעס וואָס האָבן ניט קיין שום אָנהאַלט אין דער קאַפּיטאַליסטישערווירקלעכקייט. די טאָג־טעגלעכע דערפאַרונג ציינט באַשיינפּערלעך אַז אַ העכערונג אין לוין פון די אַרבע־טער האָט, אויף צו־להכעיס מאַרקסעס פאַרזיכערונגען, איין הויפּט־עפעקט און דאָס איז אַ העכערונג אין פּרייזן פון די סחורות וואָס ווערן פּראָדוצירט פון די אַרבעטער און ווערן פאַרקויפט פון זייערע קאַפּיטאַליסטן־אייגנטימער. די פּרייזן פון סחורות זיי־נען ניט פיקסירט אויף תמיד, מחמת ניט דער קאָסט פון רויען מאַטעריאַל און ניט דער קאָסט פון די פיזיאָלאָגישע אַרבעט־עפעקטן, און ניט דער קאָסט פון די אָרגאַ־ניזאַטאָרישע אונטערנעמערישע טרחה־עפעקטן שטייען אויף איין אָרט פאַרגליווערט. זיי זיינען ניט פאַרפראָרן איינמאָל פאַר אַלע צייטן אין זייער מאַגניטוד. די פּרייזן פון די סחורות זיינען קאָמפּאָזיטן, צוזאַמענשטעלעכצן. זיי באַשטייען פון די פּרייזן פון דעם רויען מאַטעריאַל, דעם סובסטראַטום פון דער סחורה, די פּרייזן פון דעם רויען אַרבעט־פּראָצעס (אַרבעט־פּראָצעס גענומען קודם צו זיין אָרגאַניזירט און קאָאָרדי־נירט ווערן) און באַלוינונג פאַר דער אָרגאַניזאַטאָרישער טרחה. אָט־די אָרגאַניזאַטאָ־רישע טרחה לגבי דער פיזיאָלאָגישער אַרבעט פאַרנעמט דעם זעלביקן פּלאַץ ווי אַר־בעט לגבי דעם רויען מאַטעריאַל. מחמת איידער די רויע אַרבעט קען געברויכט ווערן אין דעם אינדוסטריעלן פּראָדוקציע־פּראָצעס מוז זי באַאַרבעט ווערן אָרגאַניזאַטאָריש. ערשט נאָך דער באַאַרבעטונג ווערט זי מסוגל צו דערפילן איר פונקציע, קען אָנגע־

װענדט װערן מיט דערפֿאָלג אין דעם פּראָדוציר־פּראָצעס װאָס װערט אָנגעפֿירט אױף אַ גרױסן מאַסשטאַב.

נאַטירלעך װערט אַט־די באַאַרבעטונג רעמונערירט, דער „באַאַרבעטער" װערט באַלױנט פֿאַר זײַן טרחה, און עס שאַפֿט זיך אַן אילוזיע אַז די רױע אַרבעט גופֿא קריגט כלומר׳שט צו װערט, מחמת זי איז אַ שאַפֿנדיקע, „לעבעדיקע" אַרבעט און ניט קײן טױטע אַרבעט־־קראַפֿט. אַזױ װי אַ פֿאַרטיקער אַרטיקל קאָסט מער, איז װערט מער װי דער רױער מאַטעריאַל פֿון װעלכן ער באַשטײט סובסטאַנציעל, פּונקט אַזױ איז „ראַפֿינירטע" „באַאַרבעטע" אַרבעט, אינטעראינדיװידואַלאַגיש און אינטערקלאַסאַ־לאָגיש קװאַליפֿיצירטע אַרבעט װערט מער װי „רױע אַרבעט". פֿאַר װאָס איז אַ פֿאַר־טיקער אַרטיקל װערט מער פֿון רױען מאַטעריאַל? ניט דערפֿאַר װאָס דער רױער מאַטעריאַל איז געװאָרן „שאַפֿנדיק", זײַן װערט איז „עקספּאַנדיריק", נײַערט דערפֿאַר װאָס צו דער אַרבעט װאָס ליגט אין אים אַרײַנגעלײגט פֿונפֿאַרדעם און װעלכע האָט אים געגעבן אַ געװיסן װערט איז צוגעלײגט געװאָרן נײַע אַרבעט, און דערדאָזיקער אַרבעט־צולײג גיט צו װערט ניט צום רױען מאַטעריאַל נײַערט צו דעם פֿאַרענ־דיקטן אַרטיקל. דאָס אײגענע פּאַסירט מיט „רױער אַרבעט". זי װערט ניט טײַערער אין פּראָצעס פֿון איר רעאַליזאַציע, זי אַלס אַזעלכע קריגט ניט צו קײן עקסטראַ־װערט, נײַערט אין איר, אין אַט־דער אַרבעט, װערט אַרײַנגעלײגט אַ נײַער קװאַנטום פֿון אַרבעט, פֿון טרחה פֿון אַ העכערער קװאַליטעט, און אַט־די פֿרישע טרחה ברענגט מיט זיך איר װערט, און בײדע װערטן צוזאַמענגערעכנט באַטרעפֿן מער װי דער אי־ניציאַלער װערט פֿון דער „רױער אַרבעט".

אַזױ װי דער פּרײַז פֿון אַ סחורה באַשטײט פֿון אַט־די אַלע פֿאַרשײדענע פּרײַזן פֿון די קאָנסטיטואירנדיקע טײלן פֿון דער סחורה, לכן איז זעלבסט־פֿאַרשטענדלעך אַז די העכערונג פֿון אײנעם פֿון אירע צוזאַמענשטעלנדיקע פּרײַזן מוז האָבן, כדרך־הטבע, אַ העכערונג־עפֿעקט אױף דעם אַלגעמײנעם קאָמפּאָזיטיװן פּרײַז פֿון דער סחורה. װען דער קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט העכערט די שכירות פֿון זײַנע אַרבעטער לאָזט ער ניט אַראָפּ בשעת מעשה דעם פּרײַז פֿון זײַנע אײגענע באַמיאונגען, ער מינערט ניט דעם סכום פֿון זײַנע „שכירות", װעלכע ער באַקומט, אין אַ פֿאַרשטעלטער פֿאָרם פֿון „פּראָפֿיט", פֿון די אַרבעטער אין זײער קאַפּאַציטעט פֿון קאָנסומענטן. פֿאַרקערט, אַזױ װי זײ קריגן מער, האָבן מער, מעגן זײ און קענען צאָלן אים מער פֿאַר בײשטײערונ־גען, פֿאַר זײַנע באַדינונגען.

אַ העכערער קלאַס פֿאַרלירט גאָרניט פֿון דעם װאָס דער נידעריקער קלאַס בעסערט אױס זײַן לאַגע. להיפּוך, די אױסבעסערונג פֿון דעם מצב פֿון די נידעריקערע שיכטן דערלױבט די העכערע שיכטען צו פֿאָדערן און קריגן מער פֿאַר זײערע באַדי־נונגען. ניט אין כינע װאו די סקאַלאַ פֿון אַרבעטער־שכירות איז נידעריק זײַנען אױס־

געוואַקסן די מולטי־מיליאָנערן, נייערט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. מחמת דאָ עקזיסטירן די העכסטע לוין־סטאַנדאַרדס, די נידעריקערע קלאַסן פאַרמאָגן מער, פאַלגלעך קענען זיי זיך דערלויבן אויסצוהאַלטן אַ גרעסערע צאַל פון גאַר רייכע אינדוסטריאַליסטן, פינאַנסיסטן.

די העכערונג אין שכירות ווערט געצאָלט פון די געברויכער, ד. ה. אין דער אונטערשטער שורה פון די אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטן אין זייער בחינה אַלס קאָנסומענטן. לכן אויב די קאָנסומענטן, וועלכע באַשטייען אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט פון די מיטגלידער פון די אונטערשטע שיכטן קענען צאָלן די פּראָדוצענטן מער איז עס אַ סימן, אַז זיי „פאַרדינען" מער, מהאי טעמא דאַרפן זיי באַצאָלן טייערער אויך דעם סופער־פּראָדוצענט, דעם אָרגאַניזירער פון די פּשוטע פּראָדוצענטן. מחמת די העכערונג איז דאָך מעגלעך געוואָרן אַדאַנק אויך צו זיינע באַמיאונגען אויף דעם געביט פון עקאָנאָמישער אָרגאַניזאַציע, העכערונג פון פּראָדוקטיוויטעט, פאַרגרעסערונג פון דעם סכום פּראָדוקטן, וועלכע מ'קען זיך דערלויבן צו פאַרצערן. און זעלבסט־פאַרשטענדלעך אַז אים, דעם קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט, פינאַנסיסט, קאָמערסאַנט, קומט אויך אַ חלק אין דער העכערונג. די „שכירות" פון די קאַפּיטאַליסטן פון פאַרשיידענע קאַטעגאָריעס וואַקסן, געוויינטלעך, מיט די שכירות פון אַלע פּראָדוצענטן. נאָר אַזוי ווי די קאַפּיטאַליסטן שטייען בראש פון דער קאָלאָנע פון די פאַרויס־מאַרשירער שפּאַרן זיי אָן ווייטער ווי ווער עס איז פון זייערע „נאָכפאָלגער"...

די העכערונג אין די שכירות פון די אַרבעטער קומט קיינמאָל ניט פון די קעשענעס פון די קאַפּיטאַליסטן. דאָס איז אַן אילוזיע, מיט וועלכער עס נערן זיך די גאָר טעמפּע „פויערשע" קעפּ פון צווישן די קאַפּיטאַליסטן. דאָס געלט קומט פון דער געברויכערשאַפט, מ'נעמט עס אַרויס פון זייערע קעשענעס. אָט־די באַהויפּטונג האַלט זיך אויך בלויז אויף אַן אילוזיע, הגם ניט אַזאַ פּרימיטיוו־נאַאיווער ווי די פאַרדעמדיקע, אַז יעדע העכערונג פון אַרבעט־לוין ווערט אַרויסגענומען פון די סייפן פון די קאַפּיטאַליסטן. די העכערונג קומט פון איין קוואַל און דאָס איז דער פאַרגרעסער פון פּראָדוקטיוויטעט. עס זיינען פאַראַן מער פּראָדוקטן צו פאַרטיילן און אויף דעם חלק פון דער אַרבעטערשאַפט קומט איצטער אויס אַ גרעסערע פּאַרציע אין אַבסאָלוטן פּשט, אָבער ניט קיין גרעסערע פּראָפּאָרציע אין דער דיסטריבוציע. די פּראָפּאָרציע בלייבט אָדער שטיין אויף איין פּונקט אָדער זי וואַקסט, ד. ה. רעלאַטיוו קריגט דער העכערער קלאַס נאָך מער ווי ער האָט פאַרהעלטנישמעסיק פּראָפּאָרציאָנעל געקראָגן קודם צו דער אַרבעטער־שכירות־העכערונג.

דער קאַפּיטאַליסט קריגט באַצאָלט פאַר זיין אָרגאַניזאַציאָנעלער טעטיקייט. ער אָרגאַניזירט, דירעקט אָדער אינדירעקט, דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס און די אַרבעטנ־

דיקע מאַסן וואָס זיינען באַשעפטיקט אין אַט־דעם פּראָצעס. עס איז גאַנץ נאַטירלעך אַז דער קאַפּיטאַליסט אַלס אַ „סופּערפּראָדוצירער״, אַ פאַרקויפער פון אַ סחורה, אַ טרחה־סחורה, זאָל וועלן קריגן פאַר איר וואָס מער און געבן פון איר וואָס ווינציקער, ווי עס ווילן עס טאָן אַלע פאַרקויפערס. אָבער דידאָזיקע ווערטן און פרייזן ווערן רעגולירט דורך דער פּראָפּאָרציאָנעלער פאַרהעלטעניש, וועלכע עקזיסטירט צווישן די קלאַסן און די מאַסן, אַ מאַגניטוד וואָס ווערט אויסגעדריקט אין אַ באַשטימטן איינס פאַר אַ באַשטימטער צייט.

דער קאַפּיטאַליסטן־קלאַס קען ניט העכערן דעם פּרייז פון דעם סך־הכל פון סחורות סתם ווילקירלעך. ער קען קיינמאָל ניט קריגן מער, ווי אים האָט זיך איינגעגעבן איינצושפּאָרן דער געזעלשאַפט פון די געברויכערס. מחמת פונוואַנעט קען ער עס קריגן, מע דאַרף דאָך עס ערגעץ נעמען? בלויז דאָס, וואָס ער שפּאָרט איין דער ווירטשאַפט דורך זיינע אָרגאַניזאַטאָרישע ביישטייערונגען, ווערט געטיילט און ער, פאַרשטייט זיך, נעמט דעם גרעסטן טייל, דעם לייבן־טייל פּראָפּאָרציאָנעל, פון די איינשפּאָרענישן. מיט אַנדערע ווערטער, דער קאַפּיטאַליסטישער קלאַס קריגט זיין געהאַלט פון ציוויליזאַציע־פאָנד, וועלכער ווערט אויפגעבויט פון גיוועץ־פאָנד. *

מאַרקס שרייבט:

„מיר האָבן געזען אַז קאַפּיטאַל... אין דעם סאָציאַלן פּראָדוקציע־פּראָצעס וואָס קאָרעספּאָנדירט מיט דעם, פּאָמפּעט אויס אַ געוויסע קוואַנטיטעט פון מער־אַרבעט פון דעם דירעקטן פּראָדוצירער אָדער אַרבעטער. ער פּרעסט אַרויס אַט־די איבערמאָס אָן צו געבן דערפאַר אַן עקוויוואַלענט. אַט־די מער־אַרבעט בלייבט תמיד צוואַנג־אַרבעט אין איר עצם־מהות, אומגעאַכט דאָס וואָס זי זעט אויס צו זיין אַ פּועל־יוצא פון אַ פרייען אָפּמאַך. דידאָזיקע מער־אַרבעט איז רעפּרעזענטירט פון מער־ווערט, און אַט־דער מער־ווערט איז מאַטעריאַליזירט אין אַ מער פּראָדוקט. עס מוז תמיד בלייבן מער־אַרבעט אין דעם זינען וואָס דאָס איז אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן איבער די נאָרמאַלע פאָדערונגען פון דעם פּראָדוצירער.״ [19]

די פראַגע שטעלט זיך גלייך וואָס פאַרשטייט מאַרקס אונטער דעם וואָרט „נאָרמאַלע״ פאָדערונגען. וואָס מיינט די „נאָרמאַלע״ צייט פון אַרבעט און וואָס איז דער „נאָרמאַלער״ סכום פון פּראָדוקטן? איז עס „נאָרמאַל״ ווען דער פּועל אַרבעט אַליין ביחידות אָן דער הילף און הנהלה, השגחה פון אַן אָרגאַניזאַטאָרישן כאַראַקטער? דאָס וואָס מאַרקס אין זיינע ספּעקולאַציעס און אַנטיציפּאַציעס רופט „נאָרמאַל״ איז דער העכסט אומנאָרמאַלער צושטאַנד וועלכן מ׳קען זיך נאָר פאָרשטעלן. מחמת ווי אַזוי קען אַרבעט וואָס איז אָרגאַניזירט און ווערט פּאַרוואַלטעט אינטעראינדיווידואַלאַ־

* ) זע יידישע שריפטן העפט 9 זז. 115—91.

גיש און אינטערקלאַסאָלאָגיש זיך באַגיין אַן אַן אָרגאַניזאַטאָרישער מינאָריטעט, וועל־כע מוז קריגן באַצאָלט פאַר אירע בייטראָגן צום ענין ווירטשאַפט־אָרגאַניזאַציע ? אָר־בעט קען ניט פּראָדוצירן אום צו באַפרידיקן בלויז די פאָדערונגען פון דעם דירעקטן פּראָדוצירער און ניט נעמען אין באַטראַכט בשעת מעשה די פאָדערונגען פון די דיר־רעקטאָרס פון דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס, וועלכע זיינען די־יעניקע וועלכע מאַכן מעג־לעך אַז די פּראָדוקטיווע אַרבעט זאָל אָנגיין אויף אַ גרויסן פאַרנעם.

מאַרקס שרייבט :

„דער אַקטיווער קאַפּיטאַליסט פּאָמפּעט אַרויס פון אַרבעטער מער־אַרבעט און מיט איר מער־ווערט און מער־פּראָדוקט אין דער פאָרם פון אַ פּראָפיט... די מער־אַרבעט, וועלכע איז פאַרטראָטן דורך דעם מער־ווערט און מער־פּראָדוקט, פּאָמפּעט קאַפּיטאַל אַרויס דירעקט פון די אַרבעטער, אויף אַזויפיל קען קאַפּיטאַל באַטראַכט ווערן אַלס דער פּראָדוצירער פון מער־ווערט.״ [20])

יע, אמת, קאַפּיטאַל פּאָמפּעט עס אַרויס, אָבער בכדי ער זאָל זיין ביכולת אַרויסצופּאָמפּען, מוז ער פאַרדעם, אַלס אַ פאַרבאַדינג, אַריינפּאָמפּען. דאָס איז אַ צוויי־פאַכיקער אַקט, אַ צוויי־אופנדיקע פּאָמפּעניש. דער ציוויליזאַציע־פאָנד האַלט זיך אויף אַן אַקומולאַציע. אָבער דער פאַרגרעסער איז אַ פּראָדוקט פון שעפערישקייט, אויפטוערישקייט און ניט פון אייגפאַכער אַרבעט, פּשוט׳ער פּראַצע, מאַטערניש און שוויצעניש. דער קאַפּיטאַליסטן־קלאַס אַלס אַ גאַנצער און יעדער קאַפּיטאַליסט אַלס אַ טייל פון אַ גאַנצן, פון אַט־דעם ווירטשאַפטלעכן מעכאַניזם אָדער אָרגאַניזם, דער־פילט בשלימות זיין פונקציע פון אַן „אומווערטער״, אַ ווערטן־פאַרווייניקערער, אַ פּראָדוקטן־פאַרביליקער און פּראָדוקטיוויטעט־אויפהויבער. דער קאַפּיטאַליסט ווען ער גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון אין וואָס עס טוט זיך אין דער ווירטשאַפט און ער האָט אַ קאָפּ אויף זיינע פּלייצעס וועט קיינמאָל ניט דערקלערן, אַז זיינע פּראָפיטן נעמען זיך פון אָפּנאַרעריי, פון מער־אַרבעט, פון מער צייט פון אַרבעט. עס ווערט געשאַפן אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישן מאָדוס פון פּראָדוקציע אַ „מער־פּראָדוקט״ אָבער ער באַקומט זיך פּאַראַלעל מיט ווייניקער־אַרבעט, ער איז ניט קיין פּועל־יוצא פון מער־אַרבעט. די פּראָפיטן זיינען ניט קיין פּועל־יוצא פון „מער־ווערט״, נייערט פון „ווייניקער־ווערט״. מאַרקס האָט אויסגעטראַכט אַ סיטואַציע וועלכע האָט ניט קיין פּלאַץ אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקלעכקייט, סיידן אין ווילדע מיסברויכונגען פון דער סיסטעם. ער האָט פּשוט אויסגעטראַכט אַ בלבול אויף אַ דערפּאָלגרייכער מינאָריטעט פון דער געזעלשאַפט מיט דער כוונה אויפצורייצן, אויפצוהעצן קעגן איר די מער־הייט. ווי יעדער בלבול קעגן אַ מינאָריטעט האָט זיך מאַרקסעס בלבול־טעאָריע פאַר־שפּרייט, דערהויפּט נאָך אַז ספּעציעלע פּראָפּאַגאַנדיסטן האָבן זיך פלייסיק פאַרנומען מיטן פאַרשפּרייטן אַט־דעם בלבול. ניט מסחר און ניט אינדוסטריע האַלטן זיך אויף

נאַקעטער ברוטאַלער קלאַסן־רויבעריי אָן קיין ווירטשאַפטלעכן יסוד. אַזאַ סיסטעם ווי מאַרקס שילדערט, ווען זיין שילדערונג וואָלט אַנטשפּרעכן דער ווירקלעכקייט, וואָלט ניט געקענט האָבן קיין עקזיסטענץ.

מאַרקס שרייבט:

„אַרבעט־קראַפט ווערט פאַרקויפט, היינט־צו־טאָג, ניט מיט דער אויסזיכט צו באַפרידיקן, דורך איר באַדינונג אָדער דורך איר פּראָדוקט, די פּערזענלעכע באַדערפעניש פון דעם קויפער. זיין צוועק איז די פאַרמערונג פון זיין קאַפּיטאַל, די פּראָדוקציע פון סחורות, וועלכע אַנטהאַלטן מער אַרבעט ווי ער האָט באַצאָלט, וועלכע אַנטהאַלטן, לכן, אַ פּאַרציע פון ווערט, וועלכער קאָסט אים גאָרניט און פונדעסט־וועגן ווערט ער רעאַליזירט בשעת די סחורות ווערן פאַרקויפט". [21]

„דער מער־ווערט, וועלכער גלייכוויז געהערט צו אים אָבער ער קאָסט אים גאָרניט." [22]

„די גאַנצע צולייג־אַרבעט, אויף־וויפל דער ווערט, וואָס איז געשאַפן געוואָרן פון איר, ווערט ניט פאַנאַנדערגענומען און צעגאַנגען אין שכירות, דערשיינט אַלס פּראָפיט, דאָס איז אַלס אַ ווערט, וועלכער קאָסט גאָרניט דעם קאַפּיטאַליסט און דע־ריבער קען עס ניט גוט מאַכן דעם קאַפּיטאַל וואָס ער האָט אַוואַנסירט." [23]

די סחורות וואָס דער קאַפּיטאַליסט פאַרקויפט אַנטהאַלטן, זיכער, אַ פּאַרציע פון ווערט, וועלכער „קאָסט אים גאָרניט", אויב קאָסט מוז זיין אויסגעדריקט אין טערמינען פון געלט, וואָס ווערט אַוואַנסירט אין איינקויף פון די דירעקטע אוי־סערלעכע פּראָדוקציע־מיטלען. דער קאַפּיטאַליסט צאָלט פאַר אָט־דעם טייל פון ווערט מיט זיין אַוואַנסירטן אָנשטרענג. און אָט־דער אָנשטרענג קאָסט אים שוין אַ היפּש ביסל. מחמת אויך ער ווי אַ פּשוט'ער בשר ודם, ווי אַ פּראָסטער פּועל, מוז קאָנסו־מירן בכדי צו זיין אימשטאַנד צו פּראָדוצירן זיין „אַרבעט־קראַפט", זיין ענערגיע, ברייטער גענומען, צו רעפּראָדוצירן זיין קלאַס גענומען אין זיין היסטאָרישער איינ־שטעלונג. אַזוי ווי דער קאַפּיטאַליסט צאָלט פאַר זיינע לעבנס־מיטלען, נויטווענדיקיי־טן און לוקסוס־זאַכן, וועלכע ער באַטראַכט פאַר נויטווענדיקייטן (מ'קען ניט דורכ־ציען, מיט וועלכער עס איז מאָס פון פּינקטלעכקייט, אַ דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן אָט־די צוויי מינים פון הצטרכות'ן), לכן, אַרום און אַרום, צאָלט ער פאַר די אָנ־שטרענגונגען וואָס ער מאַכט און דעם „ווערט" קריגט ער ניט אינגאַנצן אומזיסט.

אַ קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט, זייענדיק אַ געלט־אָנגעשטעלטער אַרבעטער איז אַ האַנטווערקער פון אַ הויכן ראַנג, פון אַן אינטעראינדיווידואַלאַגישן און אינטער־קלאַסאַלאַגישן קאַליבער. ער צאָלט פאַר דער סחורה וואָס געפינט זיך אין זיין באַ־זיץ. ער קויפט דעם רויען מאַטעריאַל און באַצאָלט פאַר אים. ער קויפט געצייג, מאַ־שינעריע, אַריינגערעכנט אויך עקאָנאָמאַ־אינטעראינדיווידואַלאַגישע אינטערקלאַסאַ־

לאָגישע אינסטרומענטן, דהיינו, אַרבעטער, פּיזיאָלאָגישע פּאַך־האַרעפּאַשניקעס און אויפזעערס, משגיחים און עפיציענט־אינזשענערן. מחוץ פון דעם אַלעם און פריער פון דעם אַלעם קויפט ער אַיין זיינע לעבנס־מיטלען און ער „פּראָדוצירט" דעם אָנ־שטרענג, זיין אָרגאַניזאַטאָרישע טרחה־סחורה. אָט־די קאָמבינאַציע פון באַדינונג־סחורות פאַרקויפט ער ענטוועדער דירעקט צו די געברויכערס אָדער צו סוחרים, פאַרשטייערס פון די געברויכערס.

מיט אַנדערע ווערטער און טיפער פאַרשטאַנען, דער קאַפּיטאַליסט אַוואַנסירט אַ געוויסע סומע געלט מיט וועלכער ער קויפט אַיין אַלץ וואָס פאָדערט זיך פאַר דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס, אַרבעט אַריינגערעכנט. דער אַרבעטער ווערט פון אים אָרגאַ־ניזירט אויף אַ באַשטימטן אופן. דערנאָך אַז די פּראָדוקטן זיינען שוין פאַרטיק גיט ער איבער אַ טייל פון די פּראָדוקטן צו די אַרבעטער אַלס קאָנסומענטן פאַר אַ באַ־שטימטן פּרייז, ד. ה. זיי קערן אים צוריק די אַוואַנסירטע סומע געלט און, אויסער דעם, הייסט ער זיך גוט באַצאָלן פאַר זיינע באַמיאונגען, דאָס מיינט, דער קאַפּיטאַליס־טן־קלאַס פאַרהאַלט אַ היפּשן חלק פון טאָטאַלן פּראָדוקט פאַר זיך. אָבער אָט־דעם חלק קריגט ער ניט דורך דעם, וואָס ער נעמט אַראָפּ פון די ארבעטערס חלקים, ביי־ערט פון דעם צוואוואוקס פון פּראָדוקטען, וואָס באַקומט זיך פון דעם בעסערן אָרגאַ־ניזאַציאָנעל־ווירטשאַפטלעכן אַיינשטעל, וואָס אָט־דער העכערער קלאַס האָט געהאָלפן אַיינצופירן און העלפט אָנצוהאַלטן. פון דעמדאָזיקן חלק וואָס ער נעמט פאַר זיך פאַר־צערט ער אַ טייל און דאָס איבעריקע וואַרפט ער אַריין צוריק אין קאָכעדיקן פּראָדוק־ציע־קעסל, ניט בלויז בכדי ער זאָל האָבן אויך אויף־ווייטער וואָס צו אַוואַנסירן, ביי־ערט אום צו זיין אימשטאַנד צו אַוואַנסירן וואָס ווייטער אַלץ מער און מער, אַלץ גרע־סערע סומען געלט.

דער געדאַנק איז אייגפאַך־עלעמענטאַר : דער אַרבעטער אָן קאַפּיטאַליסט, ד. ה. אָן אַן אָרגאַניזירער־קלאַס, אָן אַן אינדוסטריע וואָס איז אַוועקגעשטעלט אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב, וואָלט פּראָדוצירן אַ סך ווייניקער ווי ער פּראָדוצירט מיט אים, מיט זיין אָרגאַניזאַטאָרישער הילף. דער צוואוואוקס ווערט צעטיילט צווישן די פּאַרטי־ציפּאַנטן פון דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס, ריכטיקער צווישן אַלע עקאָנאָמישע סוב־יעקטן. דער קאַפּיטאַליסט וויבאַלד ער אָרגאַניזירט דעם פּראָצעס איז ער, ממילא, דער כל־ולך, ער שטייט ביים סאַמע קעסל און ער גיסט זיך אָן אַ פולע שיסל. אָבער ער טוט עס ניט אויפן חשבון פון אַרבעטער. ווען ער וואָלט עס טאָן, וואָלט די סיסטעם אַיינברעכן. ער טוט עס אויפן חשבון פון פּראָגרעס. און ווען אַ נייע פאָרם פון ווירט־שאַפט־פירונג וועט געשאַפן ווערן, וועלכע וועט געבן בעסערע רעזולטאַטן, וועט אויפהויבן העכער דעם פּראָדוקטיוויטעט־ניוואָ אַזוי אַז די עקאָנאָמישע סוביעקטן וועלן קענען געניסן מער, וועט יענע פאָרם אַרויסשטויסן די איצטיקע, פונקט ווי די איצ־

טיקע האָט אַרויסגעשטויסן די פאָרדעמדיקע מאָדוסן פון פּראָדוקציע־פּראָצעס און פּראָדוקציע־פּראָצעס אָרגאַניזירונג. אָבער די נאָכפאָלגנדיקע סיסטעמען וועלן פאָר־שטעלן מיט זיך אַ טריט פאָרויס, אויב די ציוויליזאַציע וועט פּרעזערווירט ווערן און פאָרגעזעצט ווערן.

אָבער אַט־די מאַרקסיסטישע בלבולים־טעאָריעס, אויסגעטראַכט אויף אַ מינאָ־ריטעט פון גרויסע היסטאָרישע פאָרדינסטן אויפן געביט פון קאָמערץ און אינדוס־טריע, זיינען ניט קאָנדיוציוו צו דעמדאָזיקן פּראָגרעסיוון איבערגאַנג. זיי דראָען מיט אַן אַראָפּפאָל אין שאול תחתיה, מחמת זיי צעדולן די קעפּ פון די מיטגלידער פון דער מערהייט, רייצן זיי אָן אויף דער לייטנדיקער מינדערהייט, און זיינען גורם צו אַ צע־ווילדעוואונג פון די מאַסן, צו אַ דעמאָראַליזאַציע פון די ברייטע שיכטן פון דער באַ־פעלקערונג.

---

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| 1. | Karl Marx, Capital I, | p. 217 | 13. | Ibid. | p. 38 |
| 2. | Ibid. | p. 221 | 14. | Ibid. I | p. 238 |
| 3. | Ibid. | p. 223 | 15. | Ibid. | p. 593 |
| 4. | Ibid. | p. 232 | 16. | Ibid. III | p. 951 |
| 5. | Ibid. | | 17. | Ibid. I | p. 454 |
| 6. | Ibid. | | 18. | Ibid. III | pp. 41-42 |
| 7. | Ibid. | p. 236 | 19. | Ibid. | p. 953 |
| 8. | Ibid. II | p. 440 | 20. | Ibid. | p. 955 |
| 9. | Ibid. I | p. 232 | 21. | Ibid. I | p. 678 |
| 10. | Ibid. | | 22. | Ibid. II | p. 441 |
| 11. | Ibid. | p. 233 | 23. | Ibid. III | p. 988 |
| 12. | Ibid. II | p. 254 | | | |



# א געבעט

פון

## א. מאָסקווין

פאַר שווערער האָרעפּאַשנער קאָפּ־אַרבעט און מוח־מי גיב מיר טאַלאַנט:
זאָל מעזשע פון מחשבה זיין געצויגן אי געראַד און אי גאַלאַנט,
בשעת דער זוימען טיפּט אין גרונט.
פאַרפוילט, פאַרדאַרבט און שפּעטער צו שטייט אויף
צו תחיית־המתים, ווען ער הערט דיין רוף,
מיט שטענגל און מיט בלימל רונד...

# נייע ביכער



קורצע איבערבליקן

פון

## אַ לייענער

**א.**

רבעון קטן למחשבה ושירה יוצא על ידי חברת השירה העברית באמריקה. אביב תש״ד. שנה א׳, מחברת א׳, ניו־יאָרק. האחראי: א. רגלסון.

אינהאַלט: דער יאָהרהונדערט פון פשוט׳ן מענטשן, א רעדע פון הענרי וואלאס. געזעל־שאַפטלעכער שגעון פון ניסן טוראוו. ליעוו טאָלסטאָי פון ש. הלל׳ס. געבוירנפּלאַץ פון וועיטמאַן פון בר־הנגר. דער זון פון קאָסטי־ליע, א ליד פון עלינאר ווילי, איבערגעזעצט פון גבריאל פּרייל. א. רעגעלסאָן וועגן בן־גבירול׳ס פּאָעזיע און וועגן שאול טשערני־כאָווסקי׳ן ז״ל. פלאַנץ און קינד (מיניאַטור) פון איליא ערנבורג.

ווי עס איז צו זען פון אָט־דער פארצייכעניש איז די העברעאישע פערטליאָריקע צייטשריפט פון קליין פאָרמאַט״, וואָס ווערט ארויסגעגעבן פון דער געזעלשאַפט פאַר העברעאישער פּאָע־זיע אין אמעריקע און ווערט רעדאקטירט פון דעם באַקאַנטן העברעאישן דיכטער אברהם רע־געלסאָן, כמעט אינגאַנצן פארנומען מיט א ניט־אידישן אינהאַלט.

עס איז שווערלעך צו באַגרייפן פאַרוואָס אַ רעדע פון דעם וויצע־פּרעזידענט פון די פאר־אייניקטע שטאַטן, א רעדע וואָס איז געווען געדרוקט און איבערגעדרוקט אין כמעט אלע טעגלעכע צייטונגען זאָל דארפן ווידעראמאָל דערשיינען (און נאָך ווי אזוי, אין סאמע אוי־בנאָן) אין א פערטליאָריקן זאמלבוך וואָס איז אָפּגעגעבן צו „געדאנק און געזאנג״ און ניט צו פּאָליטישע ענינים. על־פּי שכל האָט זיך אזא אויסגאַבע געדארפט פארנעמען מיט עפּעס וואָס האַלט זיך ווייטער פון טאָג־טעגלעכן טומל און שטויב. דער איבערזעצער פאר־ענטפערט זיך מיט דעם וואָס די „דרשה״ וועט האָבן א ווערט פאר די ווייטערדיקע דורות. אַזעלכע זאַכן קען קיינער ניט וויסן. די צו־קונפט פארטרויט ניט אזוי לייכט אירע סודות צו די איבערזעצערס. לדורות בלייבן זעלטן זאכן וואָס טעגלעכע צייטונגען „צעלייגן אויף טעלערלעך״ און צעטראָגן עס אין די ווייטסטע ווינקעלעך פון לאַנד.

ווי שוין באַמערקט איז די העפט, אין איר גרעסטן טייל, פארנומען עפּעס ווי דוקא מיט ניט אידישע ענינים. ווי עס ווייזט אויס מיי־נען נאָך אַלץ אַנדערע העברייער אז וויבאַלד א זאך ווערט געשריבן אין העברעאיש ווערט עס שוין ווי ממילא יידישלעך. די פאָרם פאַר־נעמט דעם פּלאַץ פון אינהאַלט . . .

מיר ווינטשן דעם ניי־געבוירן „פערטליער־לינג" אריכות ימים און דריקן אויס דעם וואונטש אז וואָס ווייטער זאָל ער ווערן אַלץ יידישער אין אינהאַלט.

און אפשר איז גערעכט דער רעדאקטאָר: יעדער ייד ווערט געבוירן א גוי און דערנאָך יידישט מען אים . . .

## ב.

א יאָר צענדליק אזא (1914—1924) פון דניאל טשארני. מעמוארן. ציק"א ביכערפאַר־לאג ניו־יאָרק. 1943. דאָס בוך איז אין 1942 פרעמירט געוואָרן פון דעם „לואיס־לאמעד־פאָנד פאר אונדזער ליטעראטור אין ביידע שפראכן".

אָט־וואָס דער מחבר לאָזט אונדז הערן אין זיין קורץ־געפאסטן „פאָרוואָרט":

„אין דעם דאָזיקן בוך שילדער איך מיינע איבערלעבונגען אין די יאָרן 1914—1924, די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, די יאָרן פון די פעברואר־און אָקטאָבער־רעוואָלוציעס אין רוסלאַנד . . . איך האָב פון דעם דאָזיקן משוגע־געוואָרענעם יאָרצענדליק ארויס־געכאַפּט די סאמע וויכטיקסטע און כאַראַקטע־ריסטישסטע עפּיזאָדן און פּאַסירונגען, דורך וועלכע עס שנירלט זיך דורך, ווי א רויטער פאָדעם אויף מיין פּערזענלעך לעבן".

דאָס בוך האַלט אָן דורך אלע זיינע קאַפּיט־לעך א צערטלעך וואַרים לירישע טעמפּעראטור. די איבערלעבונגען און באַאָבאַכטונגען האָט דער מחבר דיכטעריש־פלאַטערנדיק דורכגע־שפּירט און רעאַל־סימבאָליסטיש דורכגעבליקט. עס איז אבסאָלוט אוממעגליך צו זיין אַ גלייכגילטיקער פּאַרצייכענער־פּראָטאָקאָליסט פון אַזעלכע וועלט־אויפרודערנדיקע פּאַסירונגען מיט וועלכע די אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוס־לאַנד מעג זיך איבערנעמען, לכל הדעות. ווי טרוקן אָן־פּניות׳דיק א שרייבער זאָל זיך ניט באַמיען צו זיין, בלייבט ער זאַפּטיק־סוביעק־טיוו. איבערהויפּט מוז עס זיין דער פאַל מיט אַ באַאָבאַכטער, וואָס איז אויסגעשטאַט מיט פּאָעטישן שוואונג און באַשאָנקען מיט אַ ליר־רישן געמיט. ביי אזא צושויער טויכט די אויסערלעכע וועלט ארויף פון זיין אינערלע־כער טיף. דאָס האָט א גרויסן חסרון ווען עס גייט אום היסטאָרישער אויטענטישקייט. עס האָט אָבער א גאָר גרויסע מעלה, ווען געשאַצט פון שטאַנדפּונקט פון ליטעראַרישן גלאַנץ, גע־וויכט און ווערט.

דער ליריקער פּארמוזיצירט די געשעענישן, בלאָזט אין זיי אריין א זינגענדיקע, הגם אָפּט אַ זינדיקע, נשמה. דער לייענער זעט דעמאָלט פאר זיינע אויגן ניט קיין באַלייוונטע פּאַר־גליווערטע פּאנאָראַמעס, נייערט לעבעדיקע צאַפּלדיקע טואונגען און מער ווי די טואונגען די טוערס מיט זייערע פּולסירנדיקע ליידנ־שאַפטלעכע שטרעבונגען און דערגרייכונגען.

אויף דניאל טשאַרני׳ס בוך לאָזט זיך זאָגן מיט די ווערטער פון „ונתנה תוקף", ווען ער כאַראַקטעריזירט דעם הימלשן ספר הזכרונות, „מאליו יקרא", עס לייענט זיך כמעט ווי פון זיך אליין, אָן אָנשטרענגונג. עס ציט צו און ציט אריין דעם לייענער. און ווען ער קומט צום סוף פון ווערק פילט ער אַ פּאַרדרוס, הלמאי האָט זיך עס אזוי שנעל, אזוי פּריציי־טיק געענדיקט. ער וויל נאָך, ער בעט נאָך.

אַזוי האָב איך געפילט, איך א לייענער.



# לייב פייגין

דעם 21־טן יאַנואַר איז געשטאָרבן אין עלטער פון 72 יאָר דער מיטגליד פון יידיש־עטישער געזעלשאַפט ל. פייגין (פון דער היים לייב אַש). דער פאַרשטאָרבענער איז געקומען אַהער פון מינסק מיט אַ יאָר 40 צוריק, נאָך זיצן אַ פּאָר יאָר אין תפיסה און 5 יאָר פאַרשיקונג אין ווייטן סיביר. ער איז אַריינגעטראָטן אין די רייען פון די קעמפּער מיטן צאַריזם נאָך לאַנג פאַרן בונד (1897). פון פאַך איז פייגין געווען אַ שניידער, און כל ימיו געווען אַן אַרבעטער, הגם געהאַט אַן אייגענעם שאַפּ, וואו ער אַליין האָט געאַרבעט און קיינעם ניט עקספּלואַטירט, אויסער זיך אַליין.

פייגין האָט דורכגעמאַכט אַן אָרימע יוגנט, ניט באַקומען קיין סיסטעמאַטישע בילדונג, אָבער ער איז געווען אַ מענטש מיט זייער גוטע פייאיקייטן און דורך לייענען, צוהערן זיך צו אַנדערע וואָס האָבן געקענט מער פון אים — דערוואָרבן אַ גאַנץ פיינעם באַגאַזש פון וויסן אין געשיכטע, סאָציאָלאָגיע, א. א. אָבער ער אַליין האָט שטענדיק געטראַכט, געהאַט אַן אייגענעם צוגאַנג צו מענטשן און געשעענישן. געווען איז ער אַ מענטש מיט אַ ניכטערן, קלוגן קאָפּ.

דאָ אין אַמעריקע איז ער געווען אַ פלייסיקער טוער אויפן געביט פון קולטור און אָרגאַניזאַציע פון יידישע אַרבעטער. ער האָט שטענדיק געלייענט און געקויפט יידישע צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער. געווען גוט באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור און אירע פּראָבלעמען.

ער האָט געאַרבעט זיין גאַנצן לעבן שווער. אָבער קיינמאָל ניט פאַרנאַכלעסיקט זיינע קולטורעלע באַדערפענישן.

ניט האָבנדיק קיין סיסטעמאַטישע בילדונג — איז פייגין דאָך געווען אַ געבילדעטער מענטש. ער האָט זיך שטאַרק געערגערט, וואָס זיינע יוגנט־אידעאַלן, פאַר וועלכע ער האָט געקעמפט און געליטן, זיינען ניט נאָר ניט מקוים געוואָרן, נאָר זיינען געוואָרן אַ זאַך פון טיפע ספקות...

אים האָט עס שטאַרק וויי געטאָן און דערנעענטערט זיין סוף.

מיט אַ יאָר און אַ האַלב צוריק האָט פייגין אָנגעשריבן זיין אויטאָביאָגראַפיע פאַרן איוואָ־קאָנקורס. און ער האָט באַקומען אַ פּרעמיע.

פייגין האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן שילדערער און באַאָבאַכטער. ער האָט זיך באַטייליקט אין די „יידישע שריפטן" („מינסק—עטישע פּערזענלעכקייט" באַנד צוויי העפט פיר).

פייגין האָט געהערט צו דעם גרויסן דור, וואָס האָט געהאָפט צו ברענגען אַ בעסערע וועלט. דער אימפּעט פון דעם קעמפערישן דור האָט געשאַפן אין אַמעריקע גרויסע אַרבעטער און קולטור־אָרגאַניזאַציעס. אָבער דעם דור איז ניט באַשערט געווען צו זען אַ בעסערע וועלט.

מיט אַ בענקשאַפט נאָך אַזאַ וועלט איז אויך פייגין אַוועק אין צער און „דרויער"...

**ה. אַ—טש**

# באַגריסונגען

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט באַגריסט דעם שוישפּילער און דיכטער מאַרק שווייד, און דעם דיכטער, עסייאיסט און קריטיקער נ. ב. מינ־קאָוו צו זייער פופציק יאָריקן יובל, און דעם דיכטער מאני לייב און דעם תנ״ך פאָרשער און היסטאָריקער חיים שויס צו זייער זעכציק יאָ־ריקן יובילײ, און דעם פּובליציסט און וויסנ־שאַפטלער ב. צביון (ד״ר האָפמאַן) און דעם שריפטשטעלער און קולטור־טוער מענדל עלקין צו זייער זיבעציק יאָריקן יובילײ, און דעם רעדאַקטאָר פון „הדואר״ און עסייאיסט מנחם ריבאַלאָוו צו זיין דרייסיק יאָריקער ליטעראַרי־שער טעטיקייט. מיר ווינטשן זיי אַלע אריכת ימים. זאָלן זיי זיך יינגערן מיט יעדן יאָר פון זייער וויטערדיקער שעפערישער טעטיקייט.



## מזל־טוב!

די יידיש עטישע געזעלשאַפט שיקט איר האַרציקן מזל טוב צו אירע ליבע מיטגלידער

### מרים און נח ברעסלער

צו דער געבורט פון זייער טאָכטער

### נינאַ.

מיר ווינטשן זיי זי אויפצוהאָדעווען ווי א גוטע יידישע טאָכטער אין א בעסערער אַלגעמיינער און יידישער וועלט.

ז. ב. דין, סעק.

# טרויער־אויסדרוק

די יידיש־עטישע געזעלשאַפט דריקט אויס איר טיפן צער און טרויער אויפן טויט פון אונדזער מיטגליד

### לייב פייגין,

און שיקט אויסדרוק פון מיטלייד צו אונדזער פון אַלעמען באַליבטער פריינדין מיסעס ליבע פייגין. אין יידיש עטישער טעטיקייט זאָל זי געפינען איר טרייסט.

זאָל זיין נשמה זיין פאַרבונדן אין בונד פון לעבן. תנצב״ה.

# טרויער־אויסדרוק

מיר, מיטגלידער פון דער יידיש־עטישער גע־זעלשאַפט פאַרמאָגן ניט קיין פּאַסיקע ווערטער וועלכע וואָלטן געווען בכח אויסצודריקן אונד־זער טיפן צער, שארפן ווייטאָק און שווארצן טרויער אויפן פריצייטיקן טויט פון אונדזער באַליבטער פריינדין

### חוה גאָרדין,

די לעבענס־באַגלייטערין פון אונדזער רבי׳ן, אבא גאָרדין, סעקרעטאַרין פון געזעלשאַפט.

דער גרויזאַמער טויט האָט ביי אונדז צוגענו־מען איינע פון אונדזערע טיכטיקסטע טוערינס און אידעאַליסטיש־לויטערסטע געשטאַלטן. איר נאָמען וועט תמיד פאַרבלייבן אומאויפלייזבאַר פאַרקניפט מיט אַלע מאָראַליש־קולטורעלע אונ־טערנעמונגען פון דער יידיש־עטישער געזעל־שאַפט. דער אָנדענק פון איר איבערגעבענקייט ביז צו מסירת נפש צו די טעטיקייטן און היי־ליקע אויפגאַבן פון אונדזער געזעלשאַפט וועט אונדז תמיד באַגייסטערן און רופן צו מעשים טובים, צו גרעסערן עטישן אָנשטרענג, העכערן דערגרייך אויפן וועג צו שלימות. און אין דעם וועלן מיר, און, מיט אונדז, אונדזער ליבער לערער, אבא גאָרדין געפינען טרייסט.

פול־גנעדיקע אַלמאַכט וואָס וואוינט אין די הויכן וועט שאַפן עכטע רו אויף די פליגלען פון דער שכינה אין די אויבער־געביידעס פון די הייליקע און ריינע וואָס ווי די הימל־שיין שיינען זיי, — פאַר דער זעל פון חוה גאָרדין וואָס איז אַוועק אין איר וועלט. דער האַר פון רחמים וועט זי פאַרבאָרגן אין דער פאַרבאַהעל־טעניש פון זיינע פליגלען אויף אייביק, און וועט פאַרבינדן איר נשמה אין בונד פון לעבן. יהוה איז איר אַרב, און זי וועט רוען אין פרידן אויף איר געלעגער. אמן.

ז. ב. דין, סעק.

# זעלבסט־גלויבן

## בוך צוויי: זעלבסט־פּרינציפּ

פון

## אבא גאָרדין

5

## אינטעלעקטואַליזאַציע

א. דערקלערונגען. ב. באַשטאַנד און פאַרשטאַנד. ג. דאָס רעטזלהאַפטע.

### א.

### דערקלערונגען

אַלע וויסנשאַפטן זאָגן עדות וועגן דעם, אַז די מענטשהייט האָט זיך ניט געלאָזט פאַרפירן פון אָנטועכצן, פאַרשלייערונגען, נייערט האָט זיך באַמיט מיט כל־הכוחות אַריינצוקוקן אין סאַמע שרש דבר, אויסגעפינען דעם „רמז" און "סוד" פון קעגנשטאַנדן, דערשיינונגען און פּראָצעסן. דער געלערנטער האָט אַלע מאָל זיך געוואָלט דערגרונטעווען צו די פאַרהוילענע כוחות, פאַרבאָרגענע פאַקטאָרן, וועלכע מאַכן זיך אָפּעראַטיוו אין די געשעענישן. ער האָט געוואָלט אויפדעקן די פאַרבאַהאַלטענע טרייבפעדער, וועלכע אַרבעטן אין די מעכאַניזמען: פון דעם פּערצעפּט צו דעם קאָנצעפּט, פון דעם נגלה צו דעם נסתר, פון דעם אָפּענעם וואָרט צו דער פאַרשטעלטער כוונה, פאַרטאַיעטע בדעה־האָבונגען פון דער וועלט פון דער דערשיינונג. פאַרשיידענע מיטלען און מעטאָדן האָט מען געשאַפן פאַר דעם צוועק ווי אַזוי אויסצוגעפינען וואָס עס ליגט אונטער דער אויבערפלאַך, ערגעץ אויפן סאַמע דעק, פאַרשיידענע שליסלען און שליסעלעך האָט מען געמאַכט, בכדי מיט זיי צו עפענען די שווערע שלעסער, וועלכע הענגען אויף די מיילער פון די אָביעקטן. אַנדערע האָבן זיך געעפענט ברייטער, אַנדערע שמעלער, אַנדערע מיט מער דערפּאָלג, אַנדערע מיט ווייניקער. אָבער די אַרבעט איז געווען איינע און די זעל־

ביקע דורך אַלע צייטן און דאָס איז אויסצוגעפינען דאָס אינערלעך־טיף־פּאַררוקטע, דאָס „אונטערערדישע״, דעם במסתרים פון די ענערגיע־שטראָמען, וועלכע דרינגען אַדורך, פליסן דורך די אַרטעריעס פון די בחוש־אויפגענומענע אָביעקטן. איין תכלית באַלעבט אַלע באַמיאונגען, וועלכע די מענטשהייט האָט געמאַכט אויף אָט־דעם געביט פון פאָרשונג, און דאָס איז זען אַראָפּצונעמען דעם צודעק און כאַפּן אַ קוק אינעווייניק אויפן דעק פון די פּראָצעסן, פּאַרלויפענישן. די פאָרשער האָבן זיך ניט צופרידנגע־שטעלט מיטן קוקן אויף דעם ציפערבלאַט פון דעם קאָסמאָס, באַאָבאַכטן די ווייזערס פון באַשטאַנד ווי זיי שפּאַצירן זיך געמיטלעך, מעשה בעלי־בתים חשובים, און צייגן אָן די אויבאויפיקע שעהן. זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט דער אונטערזוכונג פון דעם גאַנצן אוניווערס־מעכאַניזם. זיי האָבן געוואָלט זען די פרוזשינעס און די ציציינדלטע רעדעלעך, וועלכע טרייבן די ווייזערס, לאָזן זיי זיך ניט אונטערפּוילן, כאַפּן א דרעמל, זיך אָפּרוען.

יעדע וויסנשאַפטלעכע טעאָריע האָט הינטער זיך אַ הנחה, אַ טיפע איבערצייגונג אַז עפּעס ליגט אונטער דער אויבערפלאַך פון די אָביעקטן, אונטער דעם אויבערשטן וועניר פון די דערשיינונגען, און אַז אָט־דער פאַרהוילענער, סמוי מן העין, עפּעס וואַרט געדולדיק אויף דעם אַנטדעקער, אויף דעם אינטערפּרעטירער. די וויסנשאַפט איז זיכער אַז דאָס פאַרבאָרגענע, די נסתרות פון דאָזיין, קען ווערן באַצייכנט, פּאַרטייטשט און דערקלערט ווי־געהעריק בלויז נאָך אַ וויט־און־טיף־גייענדיקער זוכעניש, נאָך אַ חקירה ודרישה, און אַז די דאָזיקע סודות, וועלכע וועלן אַזוי אויסגעפונען ווערן, וועלן זיין פון גרעסערער חשיבות פון דעם, וואָס דער קעגנשטאַנד אָדער די דערשיי־נונג, פּראָצעס דערציילט אַליין אָן זיך לאָזן בעטן, אָן דאַקוטשעניש, אָן צושטייעניש. אייגנשאַפטן וועלכע די דערשיינונגען ווייזן אַליין, אויסשטעלנדיק זיי בפני כל עם ועדה, זיינען ניט פיל ווערט. דער פירהויז אָדער דער הויף איז אָפן פאַר אַלעמען, אַריינבעטן דאַרף מען, אָבער, אין זיך־צימער, אין עס־צימער, אין זאַל, אָדער כאָטש־בי אין קיך. די מטבע וועלכע מ׳קען קריגן גלייך ביים ערשטן בעטן, ביים אויסשטרעקן די האַנט, מעשה בעטלער, איז ניט קיין גאָלדענער אימפּעריאַל, עס איז, מסתמא, אַן אָפּגעריבענער פייעם.

מיר זיינען אַלע מאָל זיכער, אַז עס זיינען פאַראַן פאַרויסגייער, אַנטעצעדענטן, און זיי איבן אויס אַ ווירקונג אויף דער הנהגה פון די געגעבענע אָביעקטן, מיט וועל־כע מיר זיינען נאָך ניט פאַמיליאַר אָבער וועלכע וועלן אונדז, סוף־כל־סוף, ווייזן די אַריינגאַנגען און אַרויסגאַנגען פון דער פעסטונג, וואָס הייסט „זאַך״ אָדער סך־הכל פון זאַכן. מיר זעען אַז דער לעבן און האַוועז, ווימלען און ווידמען זיך, אַרום אונדז און אין אונדז, האַלט אין איין פליסן־גיסן, אַז ער איז אין דער בחינה פון אַ שטראָם, און מיר באַמיען זיך, דעריבער, נאָכצושפּירן און אויסגעפינען דעם אַרויסגוס־קוואַל פון יע־

דער געשעעניש, בפרט, ווי אויך פון דער טאָטאַליטעט פון באַשאַף, בכלל, מיר זיינען זיכער, אַז מיר וועלען געפינען אַ פאַרדעם, אַ פאַרויס, און טאַקע אַן „ערשטע סיבה“, אַ פועל־ראשון, אַן „ערשט־באַוועגער“, אַ „באַדינגער“. מיר זיינען איינגעגלויבט אין דעם, אַז עס איז פאַראַן אַן עפּעס, וואָס געפינט זיך הינטער און אונטער דעם אַלעם און הינטער און אונטער יעדער זאַך. דער פאַרביילויפּנדיקער מאָמענט פאַרמאָגט אַ „וואו־הין“ און אַ „פון־וואַנענט“, אַ „דאַהין“ און אַ „פון־דאָרטן“, עס איז פאַראַן אַ „מאין באת“ און אַ „לאן אתה הולך“ ביי יעדער צייטווייליקער געשעעניש.

מיר דערקלערן די וועלט, אַזוי זעט עס אויס אויבערפלעכלעך. באמת פאַרפאָלגן מיר איין צוועק און דאָס איז פּטור צו ווערן פון דער וועלט און איבערלאָזן אין איר פּלאַץ „אונדזער“ דערקלערונג. לכתחילה ווייסן מיר ניט, אַז דאָס איז טאַקע אונדזער כוונה. מיר מאַכן זיך ניט וויסנדיק פון דעם. מיר פאַרטונקלען אונדזערע באַשטרעבונ־גען אין דער־דאָזיקער ריכטונג. אָבער דאָס איז דער ענדגילטיקער תכלית פון אונדזער גאַנצער פאָרשונג־דערקלערונג אַרבעט. מיר הייבן אָן צו דערקלערן די וועלט, דערנאָך דערקלערן מיר די דערקלערונג, און די וועלט פון די חושים רוקט זיך וואָס ווייטער און מער אַוועק פון אונדזער אויפמערקזאַמקייט און אויפפאַסונג. ווייל די וועלט וועל־כע מיר דערקלערן איז דאָך שוין מער ניט קיין פרימיטיווע וועלט, ווי זי שטייט און גייט, נייערט זי אַליין איז שוין באמת כמעט בלויז אַ בלויזע דערקלערונג, אַ סומע דערקלערונגען, וועלכע מיר רופען אָן „וועלט“. צי מיר טוען עס ביודעים, צי בלא יודעים, צי מיר זאָגן עס בפה מלא, צי מיר שווייגן וועגן דעם, — עס איז ניט קיין נפקא מינה. יעדעס מאָל ווען מיר דערקלערן אַ דערשיינונג, אַ פּראָצעס, אַ זאַך, אַ גע־שעעניש טוען מיר אָט־וואָס, מיר זיינען מרחיק דעם אָביעקט פון די חושים און זיינען אים מקרב צום שכל, מיר רוקן אים אָפּ פון דער סענסואַליטעט און ברענגען אים נענטער צו דער ראַציאָנאַליטעט, וועלכע געפינט זיך אין אים בלויז אַ דאַנק דעם וואָס מיר לייגן זי דאָרטן אַריין. יעדעס מאָל ווען מיר פרעגן אונדזער אומשולדיקע פראַגע, „פאַרוואָס ?“ „פאַרוועו ?“ שטופּן מיר אַוועק אין אַ זייט דעם אוניווערס מיט זיינע איין־פלוג דערשיינונגען און מיר מאַכן אַ פאַרזוך אַריינצופירן אין זייער פּלאַץ מענטאַלי־טעטן. מיר פירן אַריין השגות, און פירן אַרויס הרגשות. מיר באַמיען זיך מיט כל הכוחות צו ראַציאָנאַליזירן דעם אוניווערס. מיר סיסטעמאַטיזירן דעם גאַנצן באַשטאַנד. און אַלץ וואָס שטערט דעם שלום־בית, פאַרלעצט די האַרמאָנישקייט פון דער וועלט, רירט אָן איר גאַנצקייט, שעדיקט איר אחדות — באַזייטיקן מיר אָן רחמנות, אָן קווייק־לעניש. מיר האָבן געשאַפן אַ קאַטעגאָריע פון קויזאַליטעט. מיר האָבן זיך איינגע־שמועסט, אַז יעדע דערשיינונג מוז האָבן אַ סיבה, מוז האָבן הינטער זיך אַ „פאַרוואָס ?“. פאַרוואָס ? פאַרוואָס פרעגן מיר כסדר נאָכאַנאַנד פאַרוואָס ? און דאָס איז דאָך דער פּשט, די טיפערע כוונה, פון אונדזער פאַרוואָס־פרעגעניש, פון אונדזער פאַרוואָסענען און

פאַרוועגענען. פאַרוואָס פאַרוואָסט זיך ? ווייל מיר שטעלן זיך פאָר אַז דער באַשטאַנד איז געשאַפן בצלם מענטש, אַז ער דאַרף און מוז זיך אויפפירן ווי אַ בשר ודם, אַ בעל־שכל. מיט אַנדערע ווערטער, מיר אַנטראָפּאָמאָרפיזירן די וועלט. און וויבאַלד אַ מענטש, אַ בר־דעת, האַנדלט לויט באַשטימטע מאָטיוון, ער ווערט געטריבן פון גע־וויסע אורזאַכן, ווערט צוגעצויגן פון געוויסע תכליתים, דעריבער שטעלן מיר זיך פאָר, אַז אויך די וועלט, דער באַשאַף אַלס אַ גאַנצער פירט זיך אויף אַקוראַט אַזוי, און ניט אַנדערש ווי ער האָט אַ געוויסן כוח, וועלכער באַוועגט אים, וועלכער פאַראורזאַכט זיינע טאָטן. אָבער אָט־דער ענטפער איז אַן אויבערפלעכלעכער. ווייל טיפער אַריינגע־קוקט אין דער־זאַך, בלייבט דאָך די פראַגע, פאַרוואָס זיינען מיר אַזוי קינדיש־נאַאיוו ווי צו מיינען אַז די וועלט איז מחויב זיך אויפצופירן ווי מיר פירן זיך אויף, זי מעג דאָך האָבן אַנדערע הנהגות און הדרכות. די פראַגע איז דאָך טאַקע, באמת, פאַרוואָס זאָל זיך דער מענטש, די מענטשהייט, אויפפירן אַנדערש, זיין אַ פורש מן הציבור, און ניט האַנדלען ווי אַלע קעגנשטאַנדן און פּראָצעסן פון דער גאָרער וועלט. פאַרוואָס פרעגן מיר „פאַרוואָס ?" ? פאַרוואָס האַנדלען מיר לויט אַ „פאַרוואָס ?" ? פאַרוואָס פאַרפאָלגן מיר צוועקן ? פאַרוואָס זוכן מיר תכליתים אין אונדזערע האַנדלונגען ? פאַר־וואָס קענען מיר ניט לעבן ווי די איבעריקע אָביעקטן פון באַשטאַנד ? פאַרוואָס זינגען מיר ניט ווי די פויגל ? פאַרוואָס וואַקסן מיר ניט ווי די צווייגן ? פאַרוואָס גייען מיר ניט אַרום ווי די ווינטן וואָס שוועבן ? דער ענטפער איז, אַז אויך דער גאַנצער באַ־שטאַנד, מיט זיין סומע פון דערשיינונגען און פּראָצעסן, איז ניט קיין היפקר'דיקער כאַאָס, האָט סיסטעם און זינען אין זיך. מיר קענען ניט דורכציען אַ דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן אונדז, אַלס מענטשן, און דעם גאַנצן באַשאַף. מיר קענען ניט אויפשטעלן דעם אָפּ'חבר־צוים צווישן דעם מענטשן און די איבעריקע „טואונגען" און „ברואים" פון דעם קאָסמאָס. און וויבאַלד אונדזער הנהגה ווערט געלייטעט פון אַ פאַרוואָס, ווערט אויך די הנהגה פון דער וועלט, ווי מיר פאַסן זי אויף, געלייטעט לויט דער אייגענער מעטאָדאָלאָגיע, דאָס הייסט די וועלט פירט זיך „אַנטראָפּאָמאָרפיש". און ווען מיר זייי־נען גובר, מיר שטייגן אַריבער אונדזער פּרימיטיווע פאַרשטענדעניש פון דער פאַר־וואָס־געזינונג, בלייבן מיר אַלץ אין איר. מיר פאַרטיפן זי, דאָס איז אַלץ. ווי איינער וואָס באַזייטיקט די זיכטבאַרע דראָטן, ווייל ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז די כוואַליעס וועלן סיי ווי סיי אָנקומען וואו מ'באַדאַרף זיי און וואו מע דערוואַרט זיי. דאָס בייקומען פון פּראָסטער קויזאַליטעט בנוגע דעם באַשטאַנד איז אַן עטאַבלירונג פון דער אייגענער קויזאַליטעט, נייערט פון אַ געוויסער עמקות'דיקער טיפקייט. דאָס הייסט, די פאַר־בינדונג פון דעם באַשטאַנד מיט אונדזער אינערלעכן איינשטעל ווערט ניט צעריסן, נייי־ערט פאַרקניפּט אויף אַ נייעם שטייגער, דורך דעם איינפיר פון גראַדאַציעס אין הנהגה. דער מענטש שטעלט זיך אַוועק אויף אַן אַנדער שטאַפּל, אָבער אין דעם איי־

גענעם לייטער. דער מענטש שטעלט די אייגענע פראַגע בנוגע דער וועלט, וועלכע ער שטעלט בנוגע זיך אַליין, זיין אייגענעם אויפפיר, ווייל מענטש אָנערקענט בשום אופן ניט אַז צווישן אים און דעם באַשאַף קען מען אַוועקשטעלן אַן אומדורכדרינגלעכע מחיצה. דעם מענטשנס אַקציעס וואָלטן ניט זיין דירעקטירט פון סיבות און תכליתים, אויב די טואונגען פון דעם באַשאַף וואָלטן ניט געווען אונטערגעוואָרפן אונטער דעם אייגענעם מאָדוס.

די פראַגע „פאַרוואָס ?" איז אַ פראַגע וועגן סאַמע ענין פרעגן, וועגן דעם רעכט פון שטעלן די פראַגע „פאַרוואָס?" און דער ענטפער ליגט אַיינגעוויקלט אין דער פראַגע, אין דער ווידערהאַלונג פון דער פראַגע, וועלכע ווייזט אָן, אַז די פראַגע שטייט אויף אַ סאָלידן באָדן, איז ניט עפּעס צופעליקעס. די פראַגע „פאַרוואָס" קען לייכט אויסוואַקסן אין אַן אומענדלעכער סעריע פון פאַרזוכן אויפצודעקן מאָטיוון־טענדענצן. און דער פאַקט, אַז דער מענטש פרעגט, האָט געפרעגט און וועט פרעגן די פראַגן, איז אַ באַווייז אַז מאָטיוויזאַציע, קויזאַציע איז אַריינגעבויט אין סאַמע בנין פון באַשטאַנד, אַריינגעבויט דורך דעם איך, וואָס אין מענטשן און אין דער וועלט. דער מענטש קען זיך ניט באַפרייען פון דער סיבה־פאַרשטעלונג און ווען ער וויל זי איבערווינדן דורך אַ טיפערער פילאָזאָפישער דערקענטעניש, שוואַכט ער זי ניט אָפּ, נייערט פאַרקערט, ער פאַרשטאַרקט זי, ער פירט זי אַריין אין אַ העכערער דרגא. מיר האָבן אַ רעכט צו באַהויפּטן, אַז דער מענטש פרעגט די וועלט „פאַרוואָס ?", ווייל אין זיין באַוואוסטזיין ליגט די זיכערקייט, דאָס ער, אַלס מענטש, איז אונטערגעוואָרפן אונטער דער השפּעה פון סיבות און תכליתים בלויז דערפאַר וואָס דער גאַנצער באַשטאַנד פון וועלכן ער, מענטש, איז בלויז אַ טייל, איז אונטערגעוואָרפן אונטער דער אייגענער השפּעה.

פון סיבה, פון אורזאַך גייט דער דענקער אַריבער צו דער זעלבסט אורזאַך, וועלכע, אַ דאַנק דעם וואָס זי קריגט אַ „זעלבסט" אַלס צוגאָב, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן אורזיך.* און אין דעם אורזיך האָט דער מענטש שוין גאָר אַ גרויסן חלק. אָבער די איבעריקע אָביעקטן, פּראָצעסן נעמען דאָך אויך זייער אורשפּרונג פון דעם זעלביקן מקור, ד. ה. זיי קומען אַלע אַרויס פון דעם אייגענעם אורזיך. סיי מענטש און סיי דער גאַנצער באַשטאַנד זיינען שווער און טיף פאַראַנקערט אין אַן אַלצאַרומפאסנ־דיקן אורזיך, וועלכער איז איינער פאַר דעם אַלץ און גאָר. עס איז גאַנץ פאַרשטענדלעך פאַרוואָס דער דענקענדיקער מענטש פירט אַדורך אַ גלייכונגס־צייכן צווישן זיך און דעם איבעריקן חלק פון דעם קאָסמאָס, וועלכן ער באַטראַכט בלויז אַלס אַ מאַניפעס־טאַציע פון אַ זיך. מענטש און באַשאַף זיינען איין זיך, וועלכער זעט אויס ווי אַ זאַך. בכלל זיינען ניטאָ במציאות קיינע „זאַכן". זיי זיינען אַלע „זיכן" אין טיפערן פאַר־

---

* אבא גאָרדין, גרונטפּרינציפּן פון אידישקייט, ז. 142.

שטיין פון וואָרט. עס איז ניטאָ אין מענטשן קיין זאַך, וואָס איז ניטאָ אין באַשטאַנד. דער מענטש פילט־בחוש די וועלט, ריכטיקער, ער פילט דעם וועלט־געפיל. דעם גע־פיל נעמט ער דאָך אין דער וועלט, ניט אויסער דער וועלט. דער מענטש דענקט דעם וועלט־געדאַנק, דעם געדאַנק וועלכן ער האָט אַריינגעטאָן אין דער וועלט. די מחשבות און הרגשות געהערן צו דער גאַנצער וועלט צוליב דעם אַליין, וואָס זיי געהערן צום מענטשן, און ער איז אַ טייל פון דער וועלט, וועלכע שאַפט, ד. ה. פילט און דענקט אַדורך, דעם גאַנצן סדר־העולם. קוויזאַליטעט זעט אויס צו זיין אַ מענטשלעכע דענ־קונגס־קאַטעגאָריע, באמת איז זי אַ וועלט־קאַטעגאָריע און אויב זי איז מענטשלעך, איז זי עס אין אַ העכערן פשט, ד. ה. די וועלט־קאַטעגאָריע איז מענטשלעך, ווייל זי איז „איכיש" און דער איך שאַפט אָט־די קאַטעגאָריע פאַרן מענטשן. מיט אַנדערע ווערטער, דער זיכטום־זעלבסטום, פון וועלכן סיי מענטש, סיי וועלט זיינען מאַניפעס־טאַציעס, שאַפט די דאָזיקע קאַטעגאָריע. דער מענטש ווענדט אָן אָט־דעם מאָדוס־אָפּעראַנדי צו זיך, צו זיינע מעשים און אויף אַמאָל ווענדט ער אים אויך אָן בנוגע דער וועלט אינאַלגעמיין. וואָס עס איז ריכטיק בנוגע קויזאַליטעט איז ריכטיק בנוגע פילן, שפּירן, פערצעפּירן, טראַכטן, אורטיילן, קאָנצעפּירן. אָט־די טעטיקייטן זעען אויס צו זיין מענטשלעך, באמת געהערן זיי צום גאַנצן באשאַף, פון וועלכן דער מענטש נעמט זיי פאַר זיך און קערט זיי גלייך אום צוריק צום באַשטאַנד. אין דעם מענטשנס פאַר־זוכן צו דערקלערן דעם באַשטאַנד, אים צושפּילן צו די מענטשלעכע קאַטעגאָריעס, זע איך אַ „מוז" פון באַשטאַנד, ווייל באמת זיינען די פאַרשטאַנד־קאַטעגאָריעס באַשטאַנד־קאַטעגאָריעס, וועלכע דער דענקענדיקער מענטש פּרובירט אָנצואווענדן צום באַ־שטאַנד באַוואוסטזיניק און קלאָמפּערשט ווי אייגענע אויפטואונגען, אין פשוט'ן פשט פון וואָרט „אויפטואונגען", ווייל טיפער גענומען, זיינען אָט די באַשטאַנד־קאַטעגאָ־ריעס „פאַרשטאַנד־קאַטעגאָריעס", „מענטשלעך", ד. ה. זיכישע־זעלבסטישע אויפטו־אונגען, אין וועלכע דער מענטש, אַלס אַ טייל און גאַנץ פון זיך־זעלבסט־איכטום האָט אַן אַקטיוון חלק. לכן דרייט זיך דער גאַנצער אַרגומענט אַרום דער טאָפּלטער אויפ־פאַסונג פון מענטשן, אַלס מענטשן, אַלס אַ טייל פון באַשטאַנד, און אַלס אַן איך, אַלס טייל און גאַנצטום פון זיך־זעלבסטום. קויזאַליטעט, צייט, רוים קענען באַטראַכט ווערן אַלס „מענטשלעכע" אויסטראַכטונגען בלויז אונטער דעם באַדינג פון נעמען דעם מענטשן אַלס „שותף למעשה בראשית", אַלס אַ באַשטאַנדטייל פון זיכטום־זעלבסטום. און דעמאָלט וועט דער גאַנצער באַשטאַנד באַטראַכט ווערן אַלס אַ מאַניפעסטאַציע פון דעם מענטשלעכן איכטום, וועלכער אין אָט־דער פאַרשטענדעניש איז מער ניט אויפ־געפאַסט אַלס „מענטשלעך" אין פּראָסטן פשט פון וואָרט, נייערט אַלס „געטלעך".

די מענטשלעכע ספּעקולאַציעס זיינען גענומען פון באַשטאַנד, ווייל מענטש אַלס אַזעלכער איז בלויז אַ טייל פון באַשטאַנד, און ווערן, דעריבער, צוריקגעגעבן צום

באַשטאַנד, אין דעם פּאַרזוך, געמאַכט פון דעם דענקער, צו באַטראַכטן, פּאַרטראַכטן, אַוועקטראַכטן, איבערטראַכטן, איבערשפּירן, דורכשפּירן און אויסשפּירן דעם באַשטאַנד. דער דענקענדיקער מענטש געברויכט ניט קויזאַליטעט און די איבעריקע קאַטעגאָריעס ווי צייט, רוים, אידענטיטעט און קעגנשטענדיקייט א. א. דערפּאַר וואָס ער איז אויף־אַזויפיל סוביעקטיוו אַז ער דערלויבט זיך צו געברויכן זיינע אייגענע „טראַכטונגס־אופנים״ און מיינען, אַז וויבאַלד זיי זיינען גוט פּאַר אים זיינען זיי אויך גוט פּאַר דער גאָרער וועלט, ד. ה. דערפּאַר וואָס ער איז נאַאיוו. ניין, ניט אַזוי. ער געברויכט די דאָזיקע מעטאָדן און אורטייל־אויפפּאַסונגען, געדאַנקען־שטייגערס דערפּאַר, ווייל זיי זיינען גילטיק פּאַר׳ן גאַנצן באַשטאַנד און מהאי טעמא זיינען זיי איינגעפּלאַנצט אין אים, אין זיין באַנעמונגס־אַפּאַראַט. דער מענטש דענקט אַזוי, ווייל פּונקט אַזוי „דענקט״ דער גאַנצער באַשאַף, וועלכער איז ניט עפּעס אַנדערש, ווי אַ זעלבסט־באַשאַף, ד. ה. אַ באַשאַף, וועלכן אַ זעלבסט, אַ זיך־זעלבסטום־פּרינציפּ האָט געבראַכט צו רעאַליזירונג. מענטש איז קויזאַליטאַטיוו, מענטש איז גאַנציש, פּערזענלעכקייט־מעסיק, צוועק־מעסיק, ווייל אַזוי איז דער באַשטאַנד, וועלכער איז אַ זעלבסטבאַשטאַנד, און ער אַזוי גוט ווי דער מענטש, וועלכער געפינט זיך אין אים, ניט מחוץ פון אים, זיינען קינדער, זעלבסט־באַשעפענישן, פון זעלבסטום, וועלכער זעלבסט זיך, האָט געזעלבסט זיך, וועט זעלבסטן זיך, ד. ה. זיכט זיך און זעלבסט זיך און ווערט געזיכט און געזעלבסט אויף אַ רעפלעקטיוון שטייגער. דער מענטש טראַכט אזוי ווי ער מוז טראַכטן לויט די קאַטעגאָריעס פון טראַכטן, איבער וועלכע דער מענטש באַוואוסטזיניק, ד. ה. קלוגזיניק האָט גאָר אַ שוואַכע דעה. ער דענקט ווי ער מוז דענקען, ווייל אָט אַזוי דענקט דער באַשטאַנד וועלכער איז אַ זעלבסט־באַשטאַנד און זעלבסט־דענקעניש, ניט ווייניקער ווי דער מענטש איז אַ זעלבסט־מענטש און אַ זעלבסט־דענקער, ד. ה. אַזוינער, וועלכער דענקט זיך אויס, טראַכט זיך אויס און ווערט אַליין פון זיך אויסגעדענקט און אויסגעטראַכט. דער מענטש און דער גאַנצער באַשטאַנד, צו וועלכן דער מענטש קען ניט האָבן קיין ריכטיקע באַציאונג אַלס צו אַ „ניט־איך״ (ווי אין דער מאַטעמאַטיק וועט קיין ציפער, ווי קליין און ווי גרויס ער זאָל ניט זיין, ניט באַטראַכט ווערן אַלס אַ ניט־איינס, ווייל מאַטעמאַטיק פאַרמאָגט ניט קיין ניט־איינס, ווייל יעדע ברוך־צאָל איז ווידער בלויז אַן איינס, און די גרעסטע צאָל איז, ווייטער, ניט מער פון אַן „איינס״), זיינען זעלבסטונגען, מאַניפעסטאַציעס פון איין און דעמזעלביקן זעלבסט, פון דער איכהייט־זעלביקייט, פון דעם אידענטיטעטס־פּרינציפּ, וועלכער איז אַ זעלבסט־אידענטיטעטס־זעלבסט־פּרינציפּ. דעריבער גייט קויזאַציע צו אויטאָ־קויזאַציע, די אורזאַך צו דער זעלבסט־אורזאַך, דער אורזיך צו דעם זעלבסט־אורזיך, דער צוועק צום זעלבסט־צוועק, דער אַלץ צום זעלבסט־אַלץ, ווייל אין דער אונטערשטער שורה, אין סך־הכל, אין שורש־דבר איז ניטאָ קיין זאַך און קיין זיך ווי בלויז אַ

זעלבסטום, אַ זיכישער זיך, אַן אהיה אשר אהיה. דער מענטש האַנדלט אויף אַ גע־וויסן אופן און שטייגער, ווייל ער איז דער אויטאָסוגעסטירער, דער סוגעסטירער און סוגעסטירטער. דאָס אייגענע דאַרף געזאָגט ווערן וועגן גאַנצן קאָסמאָס, וועלכער איז אַ זעלבסט־אָרדענונג, ד. ה. אַן אָרדענונג וועלכע דערקלערט זיך, באַשטימט זיך אַלס אָרדענונג, ווייל דער זיך, דער זיך־זעלבסטום באַשטימט זי אַלס אַזעלכע.

דער מענטש איז אַ ראַציאָנאַלעס וועזן, ווייל ער געפינט זיך אין אַ ראַציאָנאַ־לער וועלט, וועלכע ער האָט זיך באַשאַפן, ד. ה. וועלכע דער זיך, דער זעלבסט האָט באַשאַפן. דער מענטש איז אַן עטישעס וועזן מחמת דעם וואָס ער וואוינט אין אַן עטי־שער וועלט, ד. ה. אין אַ וועלט וועלכע נעמט זיך אויף אַלס עפּעס גאַנצעס, ווייל דער זעלבסט, דער זיך האָט זי אייַנגעאָרדענט אַלס אַ גאַנצטום, ד. ה. עפּעס אייַנהייטלעכעס. דער מענטש איז אַ דענקענדיקעס וועזן, ווייל ער לעבט אין אַ וועלט, וואָס איז דורכאויס געדאַנק, אַן „עולם־האצילות". דער מענטש ד. ה. דער איך אויפגעפאַסט אַלס אַ סע־פּאַראַט, אַלס אַ באַזונדערקייט איז בכוח צו דענקען, מחמת אַלס אַ גאַנצקייט איז ער די מחשבה, אַלס אַ צוזאַמענקייט, אַלס א גרויס איך, איז ער די ריינע מחשבה אַליין. די „נאַטור" ד. ה. דער אייַנשטעל, דער סדר־העולם, וועלכער איז אַ זעלבסט־אייַנשטעל, אַנטפּלעקט זיך און פאַרהוילט זיך צוגלייך. ער בליצט אַרויס זייַנע רעיונות און ער טוט זיי אָן אין דעם לבוש פון חומר, פון פעלזנשטיינער, ים'ען, יבשות א. א. וו.

מ'קען זאָגן, אַז וואָס העכער, ראַפינירטער די מחשבה, פון אַ באַשטימטער קאַ־טעגאָריע, איז, אַלץ טיפער איז די פאַרקערפּערונג, אַלץ קאָנקרעטער, מגושם'דיקער איז די רעאַליזאַציע. דאָ עקזיסטירט אַ דירעקטע פּראָפּאָרציאָנעלקייט, מחמת דעם וואָס סובסטאַנציאָנאַליטעט איז איינע פון די מאַניפעסטאַציעס פון געדאַנק, און די סאָלידקייט פון דער מאַטעריע גייט צוזאַמען מיט דער שטייפקייט, קאָנדענסירטקייט פון דער מחשבה, פון אַ געוויסן סוג. אויף ביידע זייטן געפינען מיר אַן ענדלאָזן וועג פון פאַנאַנדערוויקלונג אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, פון אַנטדעקונג. מחמת אָט־די וועלט פון רעאַליטעט איז ניט די לעצטע און בשום אופן ניט די איינציקע וועלט וועל־כע עקזיסטירט־איינזיסטירט און איז אָפן פאַר אונדז, איז צוגענגלעך צו אונדזערע חושים און געדאַנקען, פּערצעפּציעס און קאָנצעפּציעס. דאָס דאָזיין וואָס איז, באמת, אַ דאָמיין איז אַ גרונטלאָזע טיף פון מעגלעכקייטן, פון פאַרשיידענע פאָרמען פון ווירק־לעכקייטן, דענקלעכקייטן, טולעכקייטן, עס איז דאָ אַן אומצייַלבאַרע צאָל פון וועלטן מחוץ און מן הצד פון אָט־דער וועלט, אין וועלכער מיר בילדן זיך איין אַז מיר לעבן. ווייל באמת לעבן מיר צוגלייך, צו דער אייגענער צייט, אויך אין אַנדערע וועלטן. הגם מיר באַגרייפן עס נאָך ניט. מיר פאַסן עס ניט אויף. דער טעם פון אונדזער ניט באַ־גרייפן עס נעמט זיך פון דעם, וואָס פון יענע וועלטן האָבן מיר נאָך ניט באַוויזן זיך אַרויסצושיילן, זיך אַרויסצואוויקלען און זיך אָפּצוזונדערן פון זיי, זיך האַלטן אויף אַ

געוויסן מרחק. מיר זיינען גייסטיק אין זיי אַריינגעוואַקסן. מיר זיינען אידענטיש מיט זיי, און מיר קענען זיי מהאי טעמא בשום אופן ניט אויפפּאַסן, ווערן געוואויר פון זיי, ווי מיר קענען ניט געוואויר ווערן פון אונדזער אמת׳ן גאַנצן איך, וועלכער איז מיר אַליין, אונדזער אַלץ און גאָר הן בפועל און הן במחשבה.

עס זיינען פאַראַן וועלטן פון מחשבה, וועלכע זיינען העכער פון אונדזערע ספּעקולאַציעס, פון אונדזערע אורטייל־פּראָדוקטן. אונדזער אורטייל איז אַ טייל, אַ שפּענדל, וואָס האָט זיך אָפּגעבראָכן פון בוים, וועלכער וואַקסט אין וואַלד פון מחשבה עליונה. אונדזערע געדאַנקען זיינען קבצנים וואָס גייען אַרום קרוע־בלואה, אַרויסגעטריבענע פון דער געזעלשאַפט, און בעטלען פון הויז צו הויז, זיי ריכטן אָפּ אַן אייגנאַרטיקן גלות. דאָס איז ניט דערפאַר וואָס מיר יאָגן זיך נאָך עפּעס אַ מין רעיון, אָדער חכמה וועלכע מיר קענען ניט כאַפּן, קענען ניט דערגרייכן, בייערט מחמת דעם, וואָס אונדזער גאַנצער דענקנס־מעטאָד איז ניט־צופרידנשטעלנדיק. מיר, ווען עס קומט צו מחשבה, זיינען אַ פּרימיטיוו. מיר זיינען ישוב׳ניקעס. מיר זיינען אַריינגעקראָכן אין אַ לאָך, וואָס איז גוט פאַר א מויז. מיר זיצן דאָרטן און זיינען משער אַז אָט־דאָס איז דער גאַנצער עולם־המחשבה, בשעת דאָס איז בלויז אַ מין קאָטוך, וועלכער געפינט זיך אונטער אַן אויוון, וואָס געפינט זיך ערגעץ אין אַ קיך. אָבער אויסער דער קיך זיינען דאָך פאַראַן נאָך צימערן אין הויז; און דאָס הויז איז דאָך ניט דער גאַנצער כרך, און דער כרך איז נאָך ניט די גאַנצע מדינה, און די מדינה איז ניט דער גאַנצער ערד־קיילעך... עס איז פאַראַן אַ העכער און אַ נידעריקער, אַ מער און ווייניקער. די וועלט איז ניט קיין בת־יחידה. זי איז בלויז איין ציפער אין גאָר אַ גרויסן חשבון. אונדזער דענקען און פילן, שפּירן און ספּעקולירן געפינט זיך אויף אַ באַשטימטער „היסטאָרישער" פלאַך. אונדזערע אויסטראַכטונגען און אויסשפּירונגען זיינען ניט גילטיק פאַר אַלע צייטן און אַלע מאָדוסן פון אינסיסטענץ. סיי דער רעאַל און סיי דער אידעאַל, ווי מיר קענען זיי אין דער געגעבענער באַשטימטער פאָרם, זיינען ניט די מוסטער־געבנדיקע פאָרמען פאַר אַלע אידעאַלן און רעאַלן. מיר זיינען באַקאַנט מיט איין מעגלעכקייט, ד.ה. מיט איין פאָרם פון רעאַליזאַציע און אידעאַליזאַציע פון אַן אויטאָסוגעסטיע, פון וועלכער עס נעמט זיך דער באַשטאַנד אויף וויפל מיר, קלאָמפּערשט, זיינען באַקאַנט מיט אים. אָבער אָט־די פאָרם שעפּט ניט אויס דעם תהום פון מעגלעכקייטן פון דער אויטאָסוגעסטיע (מאמר) אין איר ווירקלעך־קרעאַטיווער אויפטוערישקייט און ווירקלעכקייט־עטאַבלירונג. די צאָל פון די וועלט־סיסטעמען איז אַן אומבאַגרענעצטע און דעריבער זיינען אונדזערע מעגלעכקייטן און יכולת׳ן ניט איינגעצוימט. די נייע וועלטן, די עקזיסטענץ־אינסיסטענץ פון וועלכע מיר זיינען קוים משער, זיינען ניט ווייניקער ווירקלעך און ווירקזאַם, ווי אָט־די עולם־הזה׳דיקע וועלט. די נייע מאָדוסן פון אַנטפּלעקונג זיינען ניט ווייניקער בעל־פּעולהדיק, ניט ווייניקער רעאַליסטיש, ווי די־דאָזיקע,

מיט וועלכע אונדזערע חושים באַקענען אונדז, און מיר טרויען זיי, נעמען אָן זייער עדות־זאָגעכץ. מיר דאַרפֿן, אָבער, באַגרייפֿן אַז אָט־דער האַלבער מנין אידן, וואָס האַלטן דעם וועלט־הויף אין אַרענדע זיינען ניט כל־ישראל און דער הויף איז ניט דער גאַנצער באַשאַף געגומען אין אַלע זיינע פּאָטענציאַליטעטן און אַקטואַליטעטן. ווייל אונדזערע חושים מוזן זיך ניט האַלטן ביי זייער איצטיקער צאָל. זי איז בלויז דער אָנהייב. אַ קליין אינגעל, אַז ער הייבט אָן צו לערנען חומש מיינט אַז דאָס, די פינף ספרים, איז כל התורה כלה. אָבער דער לערנער ווייסט אַז מיטן חומש הייבט זיך אָן די אידישע תורה, אָבער זי ענדיקט זיך ניט מיט דעם. אַז נאָכדעם קומען די נביאים, כתובים, משנה, גמרא און די מפרשים ביזן לעצטן אחרון שבאחרונים. פון דער איצטי־קער דעפיניטיווער צאָל חושים איז אָפן אַ ברייטער שליאַך צו דעם אין־סוף־צאָל פון חושים. די קעגנשטאַנדן, וועלכע מיר נעמען אויף זיינען בלויז דער פלעק אויף דער זון פון דער רעאַליטעט. וועלטן אָן אָן ענד, אָן אַ צאָל, שטייען אין אַ ריי און וואַרטן מיר זאָלן קומען און זיי אַנטדעקן, זיי אַנטפּלעקן, זיי דערפינדן פון דעם גאַרניט אַרויס, אַ גאַרניט, וואָס איז אַ זעלבסט־גאַרניט, ד.ה. אַ זעלבסט און אַלס אַזעלכער איז ער אַ פולער גאָר, מחמת ווי נאָר ער איז אַ זעלבסט, אַ „זיך־אַליין„ איז ער דער אַלץ, וואָס איז דער אין־עוד און אין־סוף. דער חלל פון רוים איז פול מיט קעגנשטאַנדן, וואָס ווידמען זיך ווי פיש אין די וואַסערן. די צייט־טראַכט איז שוואַנגער מיט כל המיני געשעעענישן און פּאַסירונגען, בשעת מיר ריידן וועגן צייט ווי זי וואָלט געווען אַ „פוסטע כלי״, אָן אַנשויאונגס־פאָרם. זי איז מער ווי אַ סוביעקטיווע פאָרם, זי איז אַ שעפערישע קאַטע־גאָריע, ווייל זי איז אַן אָפּברוך פון דעם זיך, פון דעם זעלבסט. ווייל צייט איז אַ זעלבסט דויערשאַפט. בלויז בלינדקייט זעט פינאַליטעטן, אָפּגעענדיקטקייטן. בשעת דאָס זע־עוודיקע אויג זעט אָנגעהייבנקייטן, בראשית׳ן, וועלכע שאַפן, האַלטן אין שאַפן. דאָס שאַפן האָט ניט קיין אָנהויב און האָט ניט קיין סוף, מחמת יעדער אָנהייב מוז דאָך געשאַפן ווערן און יעדער סוף דאַרף, ווייטער, געשאַפן ווערן. יעדער סוף ווערט אין זיין ריי אַן אָנהייב.

אַן אָביעקט האָט אַן ענדלאָזע צאָל פון דרכים, ווי צו באַווייזן זיך, ווי צו דע־מאָנסטרירן זיין גדולה, זיין אינערלעכע אין־סוף׳ישקייט. אַפילו איצטער איז אונדזער וועלט־אויפנעם ניט באַגרענעצט מיט דער צייגעניש פון די חושים און די קאָרעקצי־עס פון שכל. די צאָל פון אייגנשאַפטן, וועלכע אַן אָביעקט באַזיצט, איז גאָר אומצייל־באַר, אַזוי ווי דער סכום פון די חושים, וועלכע דאַרפן אים אויפנעמען און באַריכטן מכוח זיינע אייגנשאַפטן איז באמת אויך אומאויסרעכנבאַר, הגם מיר האָבן געוואויר־זיין בלויז פון אַ באַגרענעצטער צאָל חושים.

טויזנטער וועלטן געפינען זיך אין אונדז, טויזנטער וועלטן געפינען זיך אוי־סער אונדז. אַביסל אַ בעסערע דערציאונג, מער זאָרגפעלטיג־באַאַרבעטע סיסטעמען

פון פילאָזאָפיע, א מער דורכדרינגענדיקער אַריינבליק, און אַלע אונדזערע היינטצייטי־קע אַקטועלע ווערטן וועלן האָבן אַ פּנים, ווי שערבלעך פון צעבראָכענע ליימענע טעפּ.

אונדזער פּסיכאָלאָגיע, אונדזער מענטאַליטעט און גייסטיקייט אין דער געגעבע־נער פאָרם איז ווייט פון צו זיין דאָס לעצטע וואָרט פון אונדזער וואַגזאַמקייט. מיר האָבן דערוויייל זיך אויסגעלערנט בלויז צו קריכן אויף אַלע פיר און יעדער בערגל זאַמד זעט אויס אין אונדזערע צעשראָקענע אויגן, ווי די אַלפּן.

מיר נעמען אויף בלויז אַן אומענדלעך קליינעם חלק פון די געדאַנקען, וועלכע שוועבן אַרום אונדז. זיי שלאָגן זיך אָן מיט זייערע פליגלען אָן די אייזערנע גראַטעס פון אונדזער פאַרשטענדעניש־שטייג. וואָס העכער מיר הויערן אין די הימלען פון גע־דאַנק און פאַרשטאַנד, אַלץ פּעולה׳דיקער, אויפטועריקער וועט זיך אַרויסצייגן אונד־זער האַנדלונג, אַלץ ברייטער וועלן ווערן די גבולים פון די יכולת׳ן אין אונדזערע דרייסטונגען. אונדזער איצטיקע נשמה, וועלכע האָט זיך אַרויסגעוויקלט פון נפש, וואָס האָט זיך אַרויסגעשיילט פון רוח, איז ניט אונדזער לעצטער אויפטו אין פּסיכיק, ווי אויך אונדזער קערפּער איז ניט די בעסטע וואוינונג פאַר אונדזער איך. און אַפילו אונדזער אייגענער זעלבסט איז ניט דאָס, וואָס מיר זיינען ווערט צו האָבן, וואָס מיר וועלן זוכה זיין צו האָבן אין דער נאָענטער צוקונפט.

מיר דערקענען די אָביעקטן, מיר זיינען באַקאַנט מיט די קעגנשטאַנדן. אָבער אין יעדן קעגנשטאַנד איז אונדזער וויסן און דערקענטעניש אַ טיילווייזע. עס איז אַ פאַל פון מצמצם־זיין דאָס אומענדלעכע און אַריינלייגן עס אין דאָס ענדלעכע. דער אמת איז אַז יעדער קעגנשטאַנד, וועלכער איז אַן אין־סוף אין זיך זעלבסט פאַר זיך זעלבסט, פאַרבאַהאַלט אָט־די אייגנשאַפט זיינע פון אונדזערע חושים, וועלכע זיינען, לויט אונדזער געוואוירוורנדיקער אויפפאַסונג, באַגרענעצט אין זייערע אויפנעם־פע־איקייטן. דער קעגנשטאַנד ווייזט אונדז בלויז זיין ענדלעכקייט, זיינע לימיטאַציעס. דאָס אייגענע טוען אונדזערע חושים. און דורך אָט־דעם סוד־הצמצום שאַפט דער קעגנ־שטאַנד זיך איבעראַנייס. ער פאַרבאַהאַלט זיינע יכולתן, זיינע קוואַליטעטן. ער פאַר־הוילט זיין אַבסאָלוטישקייט, — און אָט־אַזוי אין זיין פאַרשטעלטער איינגעשרומפּנ־קייט, אַנטפּלעקט ער זיך צו אונדז, צו אונדזער קאָמיטעט פון דער פינף־רעפערזענ־טאַנץ, וועלכער איז, ווידער, אַ פאַרשטעלטער און וועלכער ווייזט אַרויס זיין באַגרע־נעצטקייט און ניט זיין כל־יכולדיקייט. די קעגנשטאַנדן זיינען „פאַרמאַסקירט״, פאַר־שטעלט, די חושים, אַלס קעגנשטאַנדן, טוען דאָס אייגענע. ניט נאָר דער קעגנשטאַנד אַלס אַ גאַנצער טוט עס, יעדע אייגנשאַפט זיינע גייט אַדורך די זעלביקע פּראָצעדור. ווייל באמת גענומען איז זי אַן „אין־סוף״. אָבער אָט־דעם פאַקט וועט זי מיט עקשנות פאַרבאַהאַלטן פון אונדזערע „מרגלים״־חושים, ווען זיי פונקציאָנירן אין זייער באַ־וואוסטזיניקער בכיוון׳דיקער באַגרענעצטקייט. די וועלט פון אָביעקטן שפּילט גאַנץ

געשיקט די ראַליע פון דעם נעבאַך, פון קבצן אין זיבן פּאַלעס. זי סימולירט. בשעת באמת איז זי דער אין־סוף, רייך ווי אַ קרעז, דעמאַנסטרירט זי בלויז איר באַגרע־נעצטקייט און ווייזט אַרויס אויף יעדן טריט און שריט איר קלאַמפּערשטן דלות. דער דענקער דאַרף זיך גוט אַנהאַרעווען, אויפּעסן מיט איר אַ פּוד זאַלץ איידער ער וועט אַרויסקריגן פון איר איין וואונק, איין אַנצוהערעניש מכוח איר גרויסקייט און עשירות. און וואָס מיר זאָגן מכוח דער אָביעקטן־וועלט איז ניט ווייניקער אמת מכוח דער סוביעקטן־וועלט.

אין תוך איז דער זעלבסט, דער זיך־אַליין, דער אין־סוף אין יעדער הינזיכט, אין יעדן פּרט. אָבער ער מאַכט זיך כלא־ידע. ער ווייסט אַליין ניט פון דעם און ער וועט עס קיינעם ניט פאַרטרויען, און ווי באַלד ער איז ניט געוואויר פון דער אומענדלעכ־קייט, וועלכע ער באַזיצט, ער פאַרדעכטיקט ניט איר אנוועזנהייט, איז ער טאַקע עפּעס ווי פאַרוואַנדלט דורך אַ צויבערער, דורך דעם בייזן מכשף, וועלכער איז ער אַליין, אין אַ קאַרליק. און אַזוי אַרום, לעבנדיק אין אַ וועלט, וואָס איז מצמצם, לעבט בדוחק גדול, איז ער זיך מצמצם. ער פאַרלירט זיין כל־יכול׳דיקייט. ער פאַרקויפט פאַר גאַר־ניט, ער גיט אַוועק בחינם זיין בכורה.

דאָס איז די פּראָבלעם פון גאולה שלמה: די וועלט, דער באַשטאַנד, די זעלבסט־קייט, די פּערזענלעכקייט, יעדער קעגנשטאַנד און יעדע דערשיינונג דערוואַרטן זייער אויסלייזונג פון זייערע באַוואוסטזיניקע „פאַרשטעלענישן״, פון זייערע „מאַסקירונגען״ און סימולירונגען.

עס איז ניטאָ קיין גרענעץ צו דער הייך און אויך די טיף ווייסט ניט פון קיין גרונט. די צוקונפט־וועלט אַזוי גוט ווי דער לעתיד־לבוא מענטש וועלן זיין הן העכער און הן טיפער. סיי די „אצילות״ און סיי די „עשייה״ וועט געשטייגערט ווערן: אַ בע־סערע סיסטעמאַטישקייט, אַ בעסערע אַלגעמיינהייטיקייט און אויך אַ שטאַרקערע, מער פּעולה׳דיקע סינגולאַרישקייט, איינצלהייטיקייט. עס וועט מער ניט זיין די צעמישעניש צווישן דער סימילאַריטעט און דיווערסיטעט, צווישן דער זעלביקייט און אַנדערשדי־קייט, צווישן דער איינסיקייט און מעריקייט. עס וועט זיין מער אינטעלעקטואַליזם און אויך מער סענסואַליזם, מער אינסטינקטיוויזם און מער סופּער־ספּיריטואַליזם, מער אַבסאָלוטיזם. דער געדאַנק פון ספּענסערן * אַז דער אָבסאָלוט איז אַן איבעריקע זאַך, מחמת דעם, וואָס מיר, מענטשלעכע וועזנס, האָבן כסדר צו טאָן מיט פאַרהעלטעניש־מעסיקייטן, מיט רעלאַציאָנאַליטעטן, איז אַ שטיק נאַאיוויטעט. דער מענטש, אפילו אין זיין געגעבענעם מלך־אביונ׳דיקן צושטאַנד, טראַכט מער, גיט זיך אָפּ מער מיט

* אבא גאָרדין, זעלבסט־דערקענטניש. ייד. שריפטן, באַנד איינס, העפט 4, ז. 20—313, 1411

דאָס אַבסאָלוטע, ווי מיט דאָס רעלאַטיוויסטישע. דער מענטש שטרעבט צו דערגרייכן דאָס ממשות׳דיקע. ער דערווייטערט זיך, אַנטלויפט, פון דאָס צופליסנדיקע. ווען מיר וואָלטן געקענט אנטדעקן דעם אַבסאָלוט, די אַבסאָלוטע אָביעקטן, וואָלטן מיר זיך אויפגעפירט אין יעדער הינזיכט אינגאַנצן אנדערש ווי איצט, מיר וואָלטן דירעקטירט אַלע אונדזערע מעשים אין דער ריכטונג פון דער אַבסאָלוטער סובסטאַנציאַנאַליטעט פון די קעגנשטאַנדן.

עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע עטאַזשן. עס זיינען דאָ אונטער־וועלטן און אויבער־וועלטן, אויבער־מענטשן און אונטער־מענטשן. דאָס דענקלעכע איז אַ מאָדוס פון דאָס מעגלעכע, און זיי ביידע זיינען אַספּעקטן פון דעם „איז״ אָדער וועט זיין, וואָס איז אידענטיש מיט דעם געווען.

וואָס העכער די אידייע, אַלץ טיפער וועט זיין איר רעאַליזאַציע. וואָס דינער, דק־מכל־דק, די אַבסטראַקציע, אַלץ דיקער ממשות׳דיקער וועט זיין איר קאָנקרעטיזאַציע. יעדער אַטאָם פון מאַטעריע, פון אָביעקטיווער וועלטישקייט איז באמת אַ „גייסט״, אַ רוחניות, וועלכע האָט זיך אָנגעטאָן אין דעם לבוש פון אַ שטיק גשמיות. אין די סאָלידע שטיקער פון חומר איז אַריינגעטאָן מער גייסטיקייט, איז אינקאָרפּאָרירט א גרעסערע אידייע, ווי אין די אידעאַלאָגיעס פון דער אייגענער גאַטונג, אידעאישקייטן פון זעלביקן מין און סדר, וועלכע האָבן בלויז געשטרעבט, אָבער ניט דערגרייכט, און וועלן קיינמאָל ניט צוקומען צום ברעג פון דער מאַטעריאַליזאַציע. די מאַטעריאַליזאַציע פון די אידייען, וועלכע שטרעבן צו רעאַליזאַציע, איז זייער עקזאַמען, דער אויספּרוביר פון זייערע כוחות, צי זיי זיינען גענוג בעלי־יכולת זיך צו פאַרוואַנדלען אין דיקע שטיקער חומר און זיך אַנטפּלעקן אין אָט־דער געשטאַלט פאַר אונדזערע אויגן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש וואָס קאַנט באַהויפּט אַז די פּראַקטיק גייט אַוועק ווייטער אין אירע גרונטלאַגן און פאַראַלגעמיינערונגען, אין איר מעטאַפיזיקאַלישקייטן, פון דעם „ריינעם פאַרשטאַנד״. אמת, די ריינקייט פון דעם פאַרשטאַנד, וועלכן ער באַהאַנדלט שטייט אונטער אַ גאָר דיקן פראַגעצייכן, מחמת קאַנט באַהאַנדלט און גיט זיך אָפּ מיט דער אונטערזוכונג בלויז פון דעם כלומרשט פאָרמאַל לאָגישן שכל. ער באַטראַכט ניט דעם פאַרשטאַנד אין זיין גאַנצן פאַרנעם, אין זיינע שכל׳דיק־דרייסטע פּרעטענזיעס און חריפות׳דיק הייכע אַרויפשטייגונגען. די פאָרמאַלע לאָגיק איז דאָך אַ מין עלעמענטאַרע גראַמאַטיק פאַר דעם אורטייל־לשון, פאַר די הנחות־אַוועקלייגונג און מסקנות־ציאונג, און מער ניט. אַזאַ „דערקענטעניש־טעאָריע״ מוז על פּי איר טבע אַרומגיין ווי אַ געפּענטעטער קיזשאַקל, אדער זיך ראַנגלען, שלאָגן מיט די פּיסלעך און הענטלעך, ווי אַ קינד אין וויקעלעך. זי קען זיך פון אָרט ניט רירן. זי קען גאָרניט דערקענען, ווייל זי טאָר גאָרניט טאָן, זי טאָר ניט זען ווייטער פון איר אייגענער נאָז. זי

קען ניט אַוועקגיין פון דער מאַמע׳ס פאַרטוך. אָבער צו דעם־דאָזיקן גאָר וויכטיקן ענין וועלן מיר זיך אומקערן און מיר וועלן אים באַשמועסן אין די ווייטערע קאַפּיטלעך, אין דעם דריטן אָפּשניט פון אָט־דעם ווערק. דאָ ווילן מיר בלויז ציען די אויפמערקזאַמ־קייט צו דעם, לכאורה, מאָדנעם פאַקט, וואָס לויט קאַנט׳ן קומט אויס, אז דער „פּראַק־טישער שכל״ גייט אין מעטאַפיזיק, אין ספּעקולאַציע, אין זיינע פּאָסטולירונגען פיל ווייטער און טיפער איידער „דער ריינער שכל״, וועלכער קען קיין סך ניט אויפטאָן, קען זיך ניט אויפהייבן העכער פון דעם אָנגענומענעם ניוואָ פון דער גענעראַליזאַציע־פּלאַך און היפּאָטעזן־פּלאַטאָ. פאַרוואָס זאָל עס זיין אַזוי ?

דער ענטפער איז אַז דער „פּראַקטישער שכל״ איז קרעפּטיקער און האַפּטיקער פון „ריינעם שכל״ מחמת דעם, וואָס די „פּראַקטיק״, ווען זי ווערט באַהאַנדלט פון אַ פילאָזאָפישן פאַרשטאַנד און אורטייל־כישרון איז ווייט־דערגרייכערישער, הייך־אַרויפקלעטערישער איידער די „טעאָריע״, ווען זי ווערט גענומען אין איר הוילער גייסטישקייט. צו באַטראַכטן אַ געדאַנק, דורכטראַכטן אים איז דאָך, נאַטירלעך, פיל לייכטער ווי דורכצואידעאַזירן אַ קעגנשטאַנד, אַ שטיק געוויינלעכע טאָג־טעגלעכע טעטיקייט. ווען מיר נעמען אַרויף די אָביעקטן אויף אונדזערע פילאָזאָפישע כלים, וועלן זיי נאַטירלעכערוויז אַרויסווייזן אַ העכערן קאָעפיציענט פון ספּעקולאַטיוויטעט, פון אויסגע׳חקירה׳טקייט, ווי די ריינע אויבערפלעכלעכע פאָרמאַלע אורטיילזאַצן. איי־דער אַן אָביעקט ווערט אַן אָביעקט מוז ער דאָך דורכגיין אַ לאַנגן און שווערן פּראָצעס פון טראַנסמוטאַציע, אַזוי מוז עדות זאָגן וועגן אים טאַקע אָט־דער „ריינער פאַרשטאַנד״. און בשעת דער פאַרשטאַנד ווערט אַ „פּראַקטיש ריינער פאַרשטאַנד״, ד. ה. בשעת ער באַהאַנדלט, באַאָבאַכט און פאַסט אורטיילן וועגן דער פּראַקטיק, וועגן קעגנשטאַנדן, ווערט ער דאָך, ממילא, קאָמפּליצירט, ד. ה. ער קאָמבינירט צוויי אייגנשאַפטן, הן די פּראַקטיק און הן די אורטיילס־קראַפט. מיט אַנדערע ווערטער, ער נעמט אַ קעגנשטאַנד און קערט אים אום צו זיין אידייען־מקור, ד. ה. ער שפּירט אים נאָך אויף צוריק, צו זיין אידעאישן אָנהייב. דער שכל קאָן דאָך אַנדערש ניט אַרבעטן, ווי זיך באַוועגן אין דער וועלט פון שכל׳דיקייטן, פון מושכלות. און נאָך דעם, ווי ער האָט אים אָפּגעפירט אַהיים, צו זיין אורשפּרונג, ברענגט ער אים צוריק צו זיין איצטיקן צושטאַנד פון אַ פּשוט׳ן קעגנשטאַנד. פאַרשטייט זיך, אַז דאָ איז אַריינגעלייגט מער אורטיילס־קראַפט, מער אינטעלעקטועלע ענערגיע, ווי אין דעם אַקט פון באַהאַנדלען לייכט־שכל׳דיק אַ שטיק ראַציאָנאַליטעט, אַ הוילע פאַרשטאַנד־נשמה. צו אידעאיזירן אַ רעאַליטעט איז שווערער, פאָדערט מער שכל־אָנשטרענג ווי צו אידעאיזירן אַן אידייע מיט דער איי־גענער מדרגה פון איר אידעאישקייט, וועלכע זי באַזיצט שוין, ממילא. אויף אַ פּשוט׳ן אופן זיך אויסגעדריקט מיינט עס, אַז אין אַ קעגנשטאַנד ליגט אַ אידייע, וועלכע מע דאַרף ערשט אויפדעקן, בשעת אין דער אידייע ליגט די אידייע אָפן פאַר די אויגן.

לכן, אַט־דער אָנשטרענג, ווען ער ווערט רעגיסטרירט, צייגט אָן אַ אידעאיטעט פון אַ העכערער קוואַליטעט.

אין איינפאַכן אורטיילן שטעלט זיך די זאַך פאַר אַזוי: די אידייע, דער געדאַנק, ווערט רעאַליזירט, טוט אָן אויף זיך אַ זשופיצע פון אַקטיוויטעט, פון גשמיות, ווערט קאָנדענסירט, און ווערט בזה־האופן פאַרוואַנדלט אין אַ זאַך. * אַט־דער פראָצעס קומט פאָר אין דעם מאָמענט פון באַדענקונג, פון באַשכל׳ונג פון דעם קעגנשטאַנד. ווי נאָר דער פאַרשטאַנד רירט זיך צו צום קעגנשטאַנד באַשאַפט ער אים פון דאָס ניי דורך אַט־דער פראָצעדור פון נעמען אַ שטיק אינטעלעקטואַליזם, אורטייל־כוח און אים אַריינלייגן אין אַ קעגנשטאַנד, וועלכער אַפּעלירט צו די חושים. אַט־די שטיקל האַנדלונג פון דעם בר־דעת, פון דעם פילאָזאָפירנדיקן מענטשן (און יעדער מענטש איז אַ פילאָזאָף אין אַ מינימאַלער מאָס) שאַפט דעם קעגנשטאַנד פון־דאָס־ניי און זאָגט עדות מכוח דער אָנפאַנגלעכער באַשאַפונג פון אַט־דעם באַאורטיילטן קעגנשטאַנד. פאַרשטייט זיך אַז דער אַקט פון „באַשאַפונג״ דאַרף גענומען ווערן לויט די אויפפאַסונג־פעאיקייטן פון דעם שכל און בעל־השכל.

די מערכה פון שכל איז צו ווערן טראַנסמוטירט אין חושים, אין אינסטינקט, אַניט וואָלט ער ניט געווען גענוג בעל־דעה׳יש. גענוג גילטיק זיך צו באַהויפּטן, זיך אַליין צו באַשטימען. און ער וויזט דאָך אַרויס זיין גילטיקייט און בר־סמכא׳דיקייט מיט דעם אַליין, וואָס ער פילט זיך באַרופן צו אורטיילן מכוח די חושים, מכוח די אינסטינקטן, מכוח אַלץ און גאָר, טייל און גאַרניט. דורך זיין אורטיילן מכוח די חושים „שאַפט״ ער די חושים, ער שאַפט זיי פון זיך אַרויס, ד. ה. ער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ חוש און דערנאָך נעמט ער דעם חוש און קערט אים אום צוריק צום שכל... מיט אַנדערע ווערטער, דורך אַט־די און ענלעכע אָפּעראַציעס ווערט דער שכל שטייפער, שטאַרקער און סאָלידער.

פשוט, טראַכטן בכלל, גענומען אין געוויינטלעכן שטייגער, אַנטהאַלט וויניקער טראַכטעניש־שכל׳עניש, ווי די פאַרטאָפּלטע טראַכטונג מכוח דער טראַכטעניש, און אויך ווי די טראַכטעניש וואָס פאַרמעסט זיך מיט דעם קעגנשטאַנד, מיט דעם באַשטאַנד און וויל אים גובר־זיין. אין די לעצטע פאַלן האָבן מיר צו טאָן מיט אַ פילאָזאָפישער דענקעניש פון אַ הייכער דרגא. ווייל אייגנטלעך דענקט דאָך ניט די דענקעניש מכוח דעם קעגנשטאַנד, אין פשוט׳ן פשט, נייערט וועגן דער טראַכטעניש מכוח דעם קעגנשטאַנד, וועלכע איז, ווידער, בלויז אַ דענקעניש. אַזוי אַרום שאַפט זיך אַן אומענדלעכע ליניע פון דענקענישן. צו דעם קעגנשטאַנד קומט מען קיינמאָל ניט צו, ווייל פאַרשיידענע פאָרמען פון דענקעניש פון פאַרשיידענע קוואַליטעטן ליגן אויפן

* אבא גאָרדין, גרונטפרינציפן פון אידישקייט זז. 49—145.

וועג, אדער זיינען מפסיק דעם וועג, שטייען אַלס מחיצה צווישן דער „דענקעניש״ און „זאכעניש״. דער תהום קען מען ניט אויספילן, סיידן מען פילט אים אָן מיט אַן אומ־ענדלעכער צאָל פון דענקעניש־אַקטן. בזה־האופן דערגייט מען צו דער גאָר ריינער דערקענטעניש, אין וועלכער די „זאַכישקייט״ ווערט פאַרלאָרן. ווי נידעריג דער קאָ־עפיציענט פון דעם אָביעקטן־טראַכטונגס־ציפער זאָל ניט זיין, איז ער נאָך אַלץ מי־ליאָנען מיילן אַוועק אין דער הייך פון ריינער „זאַכישקייט״ גענומען אַלס אַזעלכע, ד. ה. אַלס עפּעס „אומבאַטראַכטעס״, און ווי הייך ער זאָל ניט זיין איז ער מיליאָנען מיילן אַוועק אין דער נידער פון „ריינער דענקעניש״, וועלכע האָט זיך שוין באַפרייט פון די אָביעקטן־טראַכטעניש און דענקעניש.

אַרויסגייענדיק פון אָט־דעם איבערגעקערטן, אין זיך־אַריינקוקנדיקן שטאַנד־פּונקט, קומט אויס, אַז די פּראָסטע וועלט פון זאַכן, פון דערשיינונגען און פּראָצעסן, איז די ערשטע עולם־האצילות׳דיקע וועלט, ווען זי ווערט באַטראַכט פון דעם אצילות׳דיקן שכל וועלכער מוז זי פאַר׳שכל׳ען, ד. ה. אויפנעמען שכל׳דיק. מחמת זי, אָט־די סומע פון רעאַליטעטן, האָט באַוויזן צו נעמען אצילות׳דיקע אבסטראַקציעס און זיי פאַרוואַנדלען אין שטיקער קאָנקרעטישקייטן, אין זאַכן. און קאַנט זאָגט טאַקע, מהאי טעמא, אז דער פּראַקטישער פאַרשטאַנד בויט אויף צוריק דאָס וואָס דער „ריי־נער שכל״ האָט חרוב געמאַכט, ער נעמט אָן דאָס וואָס דער ריינער פאַרשטאַנד וואַרפט אָפּ. „דער פּראַקטישער שכל״, ווען ער איז אַרויפגעבויט אויף „דעם ריינעם שכל״, ד. ה. ווען ער איז אַ ריינער בויט אויף די גאַנצע מעטאַפיזיק. הגם ער זעט אויס צו זיין פּראַקטיש, איז ער באמת מער שכל׳דיק. ער שטעלט מיט זיך פאָר אַן ארויפבוי אויף דעם אַזוי גערופענעם „ריינעם שכל״, ד. ה. עלעמענטאַר פילאָזאָפישן שכל. אָבער נאָך אָט־דעם „פּראַקטישן שכל״, וואָס איז, באמת, ביי קאַנטן, אַ „פּראַקטיש־ריינער שכל״, קומט דער באמת ריינער שכל, וועלכער רייניקט און שכל׳ט אזוי טיף און ברייט, אַז ער שכל׳ט אַוועק און רייניקט אָפּ דעם גאַנצן קעגנשטאַנד, ד. ה. דעם גאַנצן באַשטאַנד מיט אַלע זיינע זאַכן און ער לאָזט ניט איבער קיין זכר פון דער זאַכישקייט און באַשטאַנדישקייט, אַלץ וואָס עס בלייבט איז „ריינע דענקעניש״.



# אברהמס נסיון

פון

## מאיר אסתרס

י׳

### אַברהמל דער איקאָנאָקלאַסט

„אַ וואונדערבאַרער הונט,
לויפט בעסער פון אַ פּאָני,
אויף זיין קאָפּ אַ געזונט!״
זאגט סטאַסע אָן איראָניע.

זי נעמט דעם הונט אַרום
מיט ערנסטער כוונה,
אַזוי פאַרבוימלט פרום,
ווי באָרגט זשעסט פון איקאָנע . . .

זי לאַשטשעט אים און גלעט
מיט אירע הענטלעך צאַרטע;
בעת מעשה קינדיש רעדט
מיט לשונות ניט־געגאַרטע.

זי דאַנקט אים אָפּ וואָס ער
האָט איר געבראַכט דעם „ריטער״
בשלום אָט־אַהער.
הונט שפּירט איר דאַנק און ציטער.

מיט דעם פֿאַרלאַנג אים צו באַלוינען פֿאַר זיין פּערדיש טרחה,
לויפֿט סטאַסע ברענגען פֿרישן קוילעטש, אָנקאָרמען פּרובירט,
מיראָן אַנטזאָגט זיך קאַטעגאָריש: זי באַזוכט אַ קירכע
און ער — אַ אידיש הונט טראַדיציאָנעל, ניט רעפֿאָרמירט.

און שטייט זי, אָבער, דרינגלעך צו, דאָן ווערט ער שטאַרק מסופּק,
צי אָט־די גזירה אויף פּת־עכו״ם, וואָס אַרויפֿגעלייגט
„צוליב די טעכטער זייערע״, איז חל אויך אויף זיין פּופּיק.
ער שטאַמט פֿון הינט, און הינט — פֿון אים, זיין פּלונית הינטלעך זויגט...

„נאָך אלעמען, בין איך א שטוביקער בעל חי ביי אידן,
אַליין דאָך ניט קיין איד...
ווילסט לכל־הדעות יוצא־זיין, געוויסן לאָז צופֿרידן,
פֿון צווייפֿלען ווערסטו מיד...

סי גוט מיר, מחמיר.
ווען כדבעי אָפּגעהיט,
איך לעב מיר, לאָך מיר,
אויף ניט כ׳האָב קיין חרטה ניט״.

מיראָן זעט סטאַסע׳ס צורה׳קעלע נעמט בלייכן,
פֿון אָפּזאָג זיינעם האָט זי צער.
דעם קאָפּ פֿאַררייסט ער מיט אַ פֿראַגע־צייכן
און קוקט אַרויף צום יונגען האַר:

פֿרעגט שאלה פֿון דיעטע־היגיענע
דעם רב׳ל און דעם רבי׳ס בן,
דעם אייניקל פֿון פֿרומער באבע׳ן כיענע, —
אויב ער ניט ווייס עס, איז ווער דען?!

הונט לייענט אויף קינדס שטערן צווישן ד׳ שורות,
וויל זיכער זיין... „קיין שאלות פֿרעג!
דער האַרבער איסור פֿון מאכלות אסורות
איז ניט פֿאַר דיר... ס׳איז כשר, מ׳מעג...״

א בפירושן געקראָגן היתר,
פון איצטער־אָן אויף ווייטער שפּעטער,
ער נעמט פון סטאָסען אַלץ, וואָס איר פאַלט איין אים פאַרצולייגן,
סיי זאַכן עסבאַרע, וואָס צו אכילה הינטישע זיך טויגן,
סיי אומעסבאַרע . . . ער מאַכט קיין דיסקרימינאַציע.
אַ נייע צייט ! פולשטענדיקע עמאַנציפּאַציע :

צעבראָכן איז דער שווערער יאָך,
געבליבן בלויז דער לייכטער תוך :
וואָס דער פראַנצויז, דייטש, ליאַך, קאַצאַפּ
דיר גיט, דו, פרעג קיין פראַגעס, כאַפּ !
אַ גוי׳ס מתנה איז ניט שייך שלעכט,
חוץ יורקע׳ס מתנת־יד בשעת געפּעכט.

שנעל שלינג די פּראָפּקעס פון די בראַנפן־פלעשלעך,
די שפּונטן פון די זשעגעכץ פעסלעך,
די ווידלען פון די אָנגעשטאָפּטע העזלעך,
זיי זיינען מחיה׳דיק געשמאַק, — ניט העסלעך,
אויך פילקעס האַלב־דעגענערירטע,
פאַרלעגענע מיט קויט באַשמירטע.

ברייטהאַנטיק האַרציק איז דעם גוי׳ס געשאַנק.
אַ שפּיי אין פּנים — טוי׳ס קיל־פריש געטראַנק.
פּאָעטיש, און עסטעטיש־עטיש איז זיין יעדער גאָב,
כאָטש ס׳שפּריצט מיט שפּייעכץ „מי שברך״ גאַנץ און דראָב.
כ׳פאַרשפּאָר צו זאָגן, מע קען לייכט פאַרשטיין,
אַז הונט האָט אויפגעכאַפּט, ווי פּעטן ביין,

פון ליאַלקעס שוכני־עפר איברים מדולדלים.
אַ קלייניקייט, אַזעלכע טייערע מאכלים !
ער וואַרפט זיך אויף זיי מיט גרויס אימפּעט און הנאה
ווי אויף די זעלטנסטע, געשמאַקפולסטע געריכטן.
דערביי ער טוט אַ נחת־רוח׳דיקן וואָיע,
אויף אַ געברום, כמעט געבריל, מע קען זיך ריכטן . . .

ער בייסט און קייט מיט חשק און התמדה,
פיין מאסטיצירט לויט רעגל פון דער מאָדע.
ער קנאַקט און כראָמשקעט און פאַרצוקט,
בעת ליבע סטאַסע אויף אים קוקט.

אַז סטאַסינקע קוועלט אָן, דאָס זעט ער,
פון בלויזן זען זי, ווערט ער דיקער, פעטער.
עס פליסט געשווינט דער שטראָם פון צייט,
ער קערט זיך שנעל אָפּ אינאַזייט,

און אויסגע׳מקיא׳ט, אויסגעשפּיגן
דעם מאכל׳דיקן, טריפה׳ן ליגן.
וואָס סטאַסע אים דערלאַנגט דירעקט,
ווערט אויפגענומען מיט רעספּעקט.

אין „טרקלין", אָבער, פון דעם אָרגאַניזם ווערט עס ניט אַריינגעלאָזן,
אַ ווייליקנע געהאַלטן אין דעם „פּרוזדור" און דערנאָך אַרויסגעבלאָזן.
צו איבער־זאָט זיך אָנגעגעסן מיט דער קלאָמפּערשט־שפּייז און עכטן שפּאָס,
דער בויך אים אויפצופּלייסן פּוישט, ווי אָנגעגאָסן מיט אַן עמער קוואָס . . .

ער האָט זיך אָנגעפּרעסן, אַן „אכילה גסה",
זיך אָנגעפּאַקט; עס האָט דאָך אים געקאָרמעט סטאַסע!
זי איז קיין שיקסל סתם, — זי איז אַ רויז. —
אַצונד אויף וויכן גראָז ער ציט זיך אויס,

אין דיקן שאָטן פון דעם בוים מיט באַרעלעך באַלאָדן.
ליגט אויסגעצויגן אויפן פרישן אויסגעבעטן באָדן.
מיט זיך צופרידן, ס׳איז אים גוט און וואויל.
עס גלאַנצט זיין פעל, ווי אויסגעשמירט מיט אויל.

פון ווינקל פון פאַרזשמורעטע אויג קוקט אויף אברהמל׳ען
צוביסלעכווייז ווערט רעכט ביי אים צו נעמען דרעמלען.
און ווי אַראָפּגעקראָכן פון שפּיץ־בוים,
עס גנב׳עט זיך צו אים אַ שטילער טרוים. — — —

פאַרוואָס איז ער צום אָנבייסן מיט אייגענער פאַמיליע ניט פאַרבליבן.
די אייניקלעך געראָטענע, קיין עין־הרע, איינס צו איינס געקליבן.
ער וואָלט די סעודה היימישע באַ׳טעם׳ט, באַ׳יום־טוב׳ט און באַשיינט.
אויף אים זיך האָבן נאָכגעפרעגט און ניט געגעסן, גאַנצע צייט געוויינט;

דורך טרערן קוים זיי ריידן:
זאָל ברענגען זיי דעם זיידן.
עס איז זיי אומעטיק אָן אים.
טריפט ביטער בענקעניש איר שטים.

אַזוי האָט סטאַסעלע פאַנטאַסטיש־מיטאָלאָגיש פעדימל געשפּונען,
להלוטין ניט פאַרדעכטיקט, אַז דורך דעם איז זי פוןווירקלעכקייט אַנטרונען;
פאַרקערט זי איז געווען אײַנגעגלויבט,
אַז אויסדוכט צו ממשות זי דערהויבט.

איז טאַקע דאָ אַ היפּשע נפקא־מינה
צווישן ווירקלעך פנים און געמאַכטער מינע?
וואָס איז, מישטיינס געזאָגט, די „מורנו" מיט רעאַליטעט?!
זי איז ניט מער ווי איינבילדונגס אַ שמייכל, קניפּ און גלעט.

אברהמלען ווילט זיך גריילעך מיטן אמת אַרויסקומען.
דער אמת בעסער, גלייכער איז פון שקר לאָמען־קרומען.
„כ׳האָב ניט געקענט", ער ענטפערט נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת.
אַ ווייל געקוויינקלט, טאָמער ברענגט ער זי אַריין אין כעס.

דערנאָך אַרויס מיט שפּראַך גאַנץ ברייטלעך:
ער איז אַ יידיש פרומער אינגל.
אַלץ אָפּגעזאָגט, געוואָרן רויטלעך:
ער וויל זיך אָפּבייסן דאָס צינגל.

עס האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן,
זיין הערצעלע טוט קלעמען,
הלמאי איר בלוט פאַרגאָסן,
פאַר די רייד ער דאַרף זיך שעמען.

זי פרעגט: וואָס טויג אים גוייש, יידיש!
ניט בעסער בינען־האניק לעקן?
ס'איז איר אויף אים אַ גרויסער חידוש:
ער מיט „דערוואַקסעניש" טוט שמעקן.

ער רעדט דאָך ווי אַ גרויסער.
זי קען אים ניט באַגרייפן.
כאָטש ס'טרעפט, ניט אָפט, אַז בוסר
נעמט פוילן פאַרן רייפן . . .

ער איז זיך אָפנהאַרציק פאַר איר מודה:
ער האָט ניט בדעה שנאה־קערנער זייען;
אַזוי אים אָנגעזאָגט עס האָט זיין זיידע,
דער זיידע זאָגט אים אויך, ער איז א כהן.

און כאָטש ער ווייסט ניט וואָס ס'באַטייט און מיינט,
— זי'ט אירע רויטע ליפּלעך אָנגעשטעלט —
דאָך פאָלגן עלטערע ער איז געוואוינט.
אַ האָר פון ברוגז־ווערן האָט געפעלט.

„און וואָס ביסטו — זי פרעגט — דאָך אויך אַ זיידע?"
פאַרמאָגט פינף אייניקלעך, א גאַנצע עדה.
ער'ט עסן ניט אין „גוייש" הויז, נאָר אין דעם הויז פון זיינע ליבע קינדער.
אַרגומענטירט זי היציק, וויל ניט וויסן פון געהאָרכזאַמקייט שטאָק־בלינדער.

אַלס זיידע מחוייב איז צו זיין מיט זיי צוזאַמען.
אין צייט צו פרישטיק קומען, מיטאָק ניט פאַרזאַמען.
פאַר זיינע גוטע אייניקלעך ער איז אַ פאָלגנער זיידע.
איז דער נסיון גרעסער פון דעם פּרואוו פון דער עקידה.

וואָס ס'מאָלט בצימצום־מייסטערהאַפט די תורה:
זי וויל אים צורידן צו אַן עבירה.
פון אידיש שטאַם אַוועקנעמען, פאַרשטויסן . . .
ניט פאָלגן, ס'טייטש, וואָס זיידע־באָבע הייסן!

אַראָפּפירן פון דרך הישר,
זאָל עסן וואָס ניט כשר ? !
ער׳ט אירע פאַלשע רייד ניט הערן.
דעם ענין וועט ער איר דערקלערן :

ס׳איז פּוסטע פלאַפּלעריי ;
ער איז דאָך ניט קיין עכטער זיידע,
זיי ווייסן עס גאַנץ גוט דאָך ביידע,
ס׳איז בלויז אַ קינדער־שפּילעריי.

ער קוקט זי אָן
מיט גרויס רחמנות.
עס האָט, בנאמנות,
אים באַנג געטאָן,

וואָס ער איז קלוג
און חכמה־נאַריש ;
אַזוי באַרבאַריש
צעברעכט דעם קרוג,

גיסט אויס דעם יין־נסך וויין ;
צעשטערט פון שלום־בית אַ אידיליע ;
אַ צווישן־שבטים׳שע פאַמיליע,
וואָס לעבט זיך פרוכטבאַר, פריידלעך, פיין.

עס האָט זיך סטאַסע שטאַרק פאַרטראַכט.
זי איז אויף אים איצט אויפגעבראַכט :
בעת׳ן שפּילן — שפּיל איז אמת ויציב,
ניט ערגער פון אַן אַנדער עכטן מצב.

קיין חילוק צווישן ערנסט און אַ שפּיל.
אַזוי עס זאָגט איר אונטער איר געפיל.
וואָס וויל ער פון איר יונגן לעבן האָבן !
די אייניקלעך שטאַרק ליבן זיידן־באָבען . . .

אַלץ ווענדט זיך ווי מע קוקט, מע וועגט און מעסט.
שוין אויפן וועג אין אַלעמען פאַרגעסט.
ווי נאָר פון איר אַוועק, בלייבט אָן זיכרון.
אויף זיין אַוועקגיין גרימט איר קינדיש צאָרן.

און צוליב וואָס און ווען — גיב נאָר אַ קלער ! —
עס שמאַכטן אייניקלעך אויך זי און ער !
עס האָבן גליקלעך זיין געקענט די זיבן,
ווען ער מיט זיי אויף שטענדיק וואָלט פאַרבליבן.

ווי זיין אור־אור־זיידע ער וועט באַגיין אַ געטער־מאָרד.
(כאָטש סטאָסע דענקט און קלערט, און ברוגז׳ט זיך, דאָך פלעכט אַרום אים נעצן).
אַ זיידע, אַ דערוואַקסענער, מוז האָבן גרויע באָרד.
אברהמל הויבט די האַק פון שאַרפן וואָרט און אָן רחמנות ברעכט די געצן.

ער רעדט מיט האַרץ, מיט אימפּעט, איבערצייגונג און פּאַרדרוס,
ווערט, לסוף, אנטשוויגן, ווי פאַרמאַטערט. הערשט פאַרלעגנהייט אַ פּאָר מינוטן
צוליב אכזריות׳דיקן קנאַקן פון אילוזיע־נוס.
ער׳ז זיך מצער, וואָס פון זיידנשאַפט פאַרמאָגט ניט עכטע אַטריבוטן.

אַ זיידע ווערן איז דען לייכט ? פון זיידענטום ווער ווייסט דעם טיפן סוד !
ער טאָפּלליידט פון וויסן, אַז זיין ליבער סטאַסל ער פאַרשאַפט יסורים.
ער ווערט געפייניקט, זיינע ביינער כרושטשען אונטער דעם עינויים־ראָד . . .
וואָס קען ער טאָן ? דער לא תעשה לך פסל איז זיין ערשטע „חטאת נעורים" . . .

און מיט זיין קאָנצענטרירטער קראַפט
פון יונגן חריפות׳דיקן מוח
דערגרונטעווען וויל ער די האַפט
פון בראשית קרעאַטיוון כוח :

אַרויסקומען זאָל פלייש און בלוט,
אַ לעבן, פון אַ לערן קיטל ;
אַ קאָפּ אַרויסשפּראָצן פון הוט,
ווי פון דעם שטאַם עס שפּראָצט אַ ריטל ;

און פון אַ פּורמאַנס בייטש און קנוט.
אַרויסלויפן זאָל פערד און וואָגן,
ווי פון דער שעה שפּרינגט די מינוט
אַן ניין חדשים שווערן טראָגן.

אַ קינד זאָל זיך אַרויסוויקלען פון ווינדלעך, מענטש — פון אויפגעהאַנגען גרעט;
עס זאָל אי גייער־וואַנדערער, אי וועג אַרויסגיין פון דעם וואַנדער־שטעקן;
עס זאָל אַ וואָרים־אַנגעהויכטער אַפּדוכט ווערן אַ רעאַליטעט.
ראַיעלן מעטאָד פון באַשאַף — ניט געצנמאַכעריי — ער וויל אַנטדעקן.

עס אַרבעט זיין יונג קעפּעלע, מחשבות׳ט פּלייסיק־שווער.
אַריינגעקוקט אין תוך, ער איז אַ בויער, אַ באַיאָער, קיין פאַרניינער.
קיין נאַרעניש וויל דולדן. עס פאַרצערט אים דער באַגער,
אַז זיינע אייניקלעך אויף זיך אַרויפציען זיי זאָלן הויט און ביינער,

אַנשטאָט אָט־יענעם מאָדנעם שטאָף,
פון וועלכן מע האָט זיי געפורעמט.
דאָס קריטיש דענקען איז אַ שטראָף,
דאָך טראַכט ער; זיין געדאַנק צעשטורעמט:

וואָס זאַכן ווערן ניט, ווי ער פאַרלאַנגט,
ער קען בשום אופן ניט פאַרשטיין, דערקלערן.
זיין מוח׳ל עס פּלעמלט, ניט עס צאַנקט:
ניט שוין־זשע „שלעכטער עמיצער" טוט שטערן?!

וואָס שייךריידן פון אוממעגלעך,
ווען וואונדער־נס געשעט טאָג־טעגלעך!
אַז אַלץ איז מעגלעך אין באַשאַף, ער ווייסט
זיין גאַנצע שטיקל נחמה, האַלבע טרייסט.

איז דאָס: זיי זיינען אַנגעטאָן אין קליידלעך, פאַרטיכער, אין שיך און זאָקן.
די קעפּ באַקרוינען, שאַרבן ניט אַרויסצווזען, געדיכטע בלאָנדע לאָקן.
אַזוי אַז מע פאַרהוילט, היפּש־זאָרגפעלטיק, טשיקאַוון־פּריקרן, טויטן לייב,
וואָס קען ניט ווערן ווייכער, ראָזער, לעבעדיקער, אַלץ איינס, רייב, ניט רייב.

כדי אויף זייערע געזיכטער זאָל קיין חשד ניט פאַלן,
באַדעקט מען זיי מיט דיקע שלייערס, טאָפּלטע וואואַלן.
זיי וואָלטן כאטש באַזעסן אויף דעם אויך־מיר־גוף אַ לייטיש פעל !
פּאַסקודנער, האַרטער, קאַלטער גיפּס פון גאַנצן אָפּדוכט מאַכט אַ תל !

גאָר אַנדערע געדאַנקען הערט מען פון דער יונגער „באַבע סטאַסע״.
עס רעדט פון איר אַרויס אַ געצנדינערישע ראַסע.
זי איז צערודערט און צעקלעמט פון דעם צוזאַמענבראָך :
זי גיט זיי עסן, לייגט זיי שלאָפן, וואָס פאַרלאַנגט ער נאָך !

זי וויל פון „אידישער קריטיק״ ניט הערן, עס פאַרשלעפערן, פאַרפּאָפן,
פאַרבינדן חורבן־וואונד מיט דעם באַנדאַזש פון אַבערגלויבערישן האָפן.
דער „קריטיש אורטייל״ וועקט פון שלאָף . . . ביי אירע פיס זיך עפנט אויף אַ תהום.
געביידעס, אויפגעריכטע מיט אַזויפיל מי, ער ברעכט, מאַכט אַ „פּאָגראָם״ . . .

ער וועט ניט דולדן עכו״ם־קולט, בשום אופן ועניין.
אין געצנברעכעריי ער זעט דעם אידנס בנין.
אויף געצנדינסט גייט עם־קשה־עורפ׳דיקעס קינד ניט איין :
פון פרומער פינצטערניש איז ליבער אים פאַרשייטע שאַרפע שיין.

האָט איינמאָל אָפּגע׳גט עבודה זרה, אומקערן וועט ניט די גרושה.
איקאָנאָקלאַסטיק איז ביי אים אַ זאַך פון אַ פאַרהייליקטער ירושה.
דער איד, ווי אינסטינקטיוו, אַנטקעגן אָט־דעם גראָבן גלויבן רעוואָלטירט :
דאָס מענטשנקינד, ווי איבער גוואַלד, פון פאַגאַניסטיש זומפּ אַרויס ער פירט.

ווען סטאַסע זעט, אַז אויף דעם ערשטן־פּראַנט, דעם אָביעקטיוון
האָט זי פאַרלוירן, סוביעקטיוון רוקט אַרויס בכיוון.
אויף אָט־דעם באָדן פילט זיך זיכער־זאַפטיק, ווי אַ זאַנג.
דאָס איז בערך איר פאָלעמישער געדאַנקענגאַנג :

די ליאַלקעס, ווי די ליאַלקעס, מילא . . . אַלץ וואָס ער זאָגט קעגן זיי איז ריכטיק.
דאָס שפּילן פון די ראָלעס, דאַרף ער דאָך פאַרשטיין, אָט־וואָס איז, באמת, וויכטיק.
איז אָפּמאַך זייערער געוועזן, חלילה וחס, ניט עכט ?
עס איז אַ זינד ! ער קעגן הסכם אייגענעם פאַרברעכט.

באַשלאָסן האָבן איינשטימיק זיי ביידע
זיין פאַר די עופעלעך אַ באָבע־זיידע.
און מעג געוועב פון פאָרשטעל זיין ווי דין,
געשפינס פון איינבילד רייסן האָט קיין זין.

אברהמל איז אַ שטרייטער
און ער וויכוח׳ט ווייטער:
און דאָך . . . ס׳איז פאָרט ניט דאָס . . .
ס׳איז פאַלש אי וואָג, אי מאָס . . .

באַשפּרעכט זיין שטימע ברענענדיקע ליידן,
ער קען ניט זיין, בלויז שפּילן שפּילט אַ זיידן.
צי ביסטו בלינד ?״
פרעגט אידיש קינד.

איז קריטיש זייער לאַגע.
זי ענטפערט מיט אַ פראַגע,
אָט־ווי אַ אידיש קינד:
„וואָס מיינסטו, עפּעס, בלינד ?״

„איך האָב קיין באָרד״. אַ זיידע מוז אַ לאַנגע באָרד פאַרמאָגן.
ער קען זיין יונגן, אומבאַוואָקסן פּנים ניט פאַרטראָגן.
זיין יינגלס צורה, באַקן, ליפּן, קין
קיין סימן האָבן פון דעם באָרדיש מין.

זיי זיינען באַקעט, ווייסן פון קיין חרפּה און קיין שאַנדע . . .
און הויל און גלאַט, פאָלירט כמעט, איז אָט די האָרלאָז באַנדע . . .
מיט פינגער, אין פאַראַכט, ער רירט זיך צו זיי צו,
און פירט אַרויף, אַראָפּ . . . „דו פרעגסט נאָך פראַגעס, דו !״

באמת איז פאַרצווייפלט.
זיין כעס אויף יאוש כפל׳ט.
אַ זיידע זיין ער וויל,
נאָר ווייט פון אים זיין ציל . . .

דאָך סטאַסעלע ווייסט אויף געוויס, אַ זיידע מוז ניט האָבן
קיין באָרד, נו, אדרבה, זאָל ער פרעגן ביי איר באָבען.
וואָס פאַר אַן אומגליק איז געשען!
אברהמל קען אַליין עס זען:

פאָרטרעטן אים וועט צייגן,
כדי צו איבערצייגן,
אַז אירע כראַברעס זיידעס האָבן קיינע בערד געהאַט,
און זייער קין איז האַרלאָז פונקט ווי זיינער אַקוראַט.

אַ זיידן אָן אַ באָרד ער איז ניט גורס.
די עלטער־זיידעס זיינע דורך די דורות
געטראָגן האָבן לאַנגע גרויע בערד,
דערגרייכט אַריבער גאַרטל, שיר צו דר׳ערד.

דער זיידע איז אַ טפל, באָרד — דער עיקר.
און באָרד מוז זיין וואָס שיווער, לענגער, דיקער.
ער, ווי זיין זיידע, אויסזען דאַרף,
אברהמל ענטפערט קלאָר און שאַרף.

וואָס שטויסן זיך צוזאַמען צוויי פּרינציפּן,
אַ דואַליזם פון די זיידעס־טיפּן?
איר יונגן מוח׳ל זי שלייפט, ניט רוט,
דעם שאַרפשטיין לאָזט ניט אָפּ אויף איין מינוט...





# דער ווילן צו גלויבן

פון

## וויליאם דזשיימס

אידיש: ד״ר מ. פינקל*) און י. באַבינסקי

אין דעם ניט לאַנג צוריק דערשינענעם בוך פון לעסלי סטעפען, וועגן זיין ברו־דער פיטץ דזשיימס, דערציילט זיך וועגן אַ שולע אין וועלכער זיין ברודער איז געגאַנ־גען ווען ער איז נאָך געווען אַ אינגל. דער לערער, אַ געוויסער מיסטער געסט, פלעגט פירן מיט זיינע תלמידים אַזעלכע שמועסן: גורני, וואָס איז די נפקא מינה צווישן רעכטפערטיקונג און סאַנקטיפיקאַציע? — סטעפען, באַווייז, אַז גאָט איז אַלמעכטיק א. א. וו. אין דער סביבה פון אונדזער האַרוואַרדער פריידענקעריי און גלייכגילטיקייט, בין איך דאָך געצוואונגען זיך פאָרצושטעלן, אַז דאָ אין אייער גוטן אַלטן אָרטאָדאָקסישן

---

*) ד״ר משה פינקל איז געבוירן געוואָרן אין קיעלץ, פוילן, אין יאָר 1885. ער שטאַמט פון אַ נגידיש, חסידיש־משכיליש פאַמיליע. זיין פאָטער איז געווען אַ סוחר. זיין מוטער האָט אַרויסגע־האָלפן איר מאַן אין די געשעפטן. זי איז געווען באַקאַנט אַלס אַן אויפגעקלערטע און עמאַנציפירטע פרוי.

אויסער אַ טראַדיציאָנעלער הדרכה האָט משה פינקל געקראָגן אַ וועלטלעכע בילדונג: ער האָט באַזוכט אַ גימנאַזיע און דערנאָך אַן אַגראָנאָמישע שולע. צו 21 יאָר אימיגרירט ער קיין קאַנאַדע. אַ יאָר שפּעטער קומט ער אין שיקאַגאָ. אין 1916 גראַדואירט ער אַלס מעדיקער. זיין פּראַקטיקע האָט ער אָנגעפאַנגען אין „בלוי אינדזל" אַ צוואַנציק מייל פון שיקאַגאָ, די שטאָט אין וועלכער ער איז גע־ווען אַ תושב ביז די לעצטע טעג פון זיין לעבן.

אין 1913 האָט ער געהייראַט העניריעטאַ איזראַעלסאָן, א בת־הרב (איר פאָטער איז געווען באַ־קאַנטער רב אין שיקאַגאָ, אַ מחבר פון אייניקע ספרים וועגן הלכה. ער איז געווען אַ ראש ישיבה אין ר׳ יצחק אלחנג׳ס ישיבה אין ניו־יאָרק און דערנאָך אין בית מדרש לתורה אין שיקאַגאָ). זיי האָבן צוויי זין, אשר און גערמאַן, אשר איז אין דער אַרמיי, גערמאַן איז אַן אַגריקולטור אינזשענער און אַר־בעט פאַר דער רעגירונג.

משה פינקל׳ס ברודער איז דער באַקאַנטער שריפטשטעלער לעאָ פינקלשטיין. ער איז דער איינציגער פון דער פאַמיליע וואָס האָט זיך אַרויסגעראַטעוועט פון וואַרשע און ער געפינט זיך אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

משה פינקלס פאָטער איז געקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין יאָר 1921. ער האָט גע־וואוינט צוזאַמען מיט זיין זון און דער פאַמיליע און ער איז פאַרבליבן מיט זיי עד־היום.

קאַלעדזש האַלטן נאָך אַלץ אַן אַזעלכע שמועסן אין אַ געוויסער מאָס; און כדי אײַך צו ווײַזן, אַז מיר אין האַרוואַרד האָבן נאָך נישט אינגאַנצן פאַרלוירן דעם אינטערעס אין די דאָזיקע זייער וויכטיקע ענינים, האָב איך הײַנט אָוונט מיטגעבראַכט מיט זיך, פאַרצולייענען פאַר אײַך, עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך אויף אַ דרשה וועגן דער באַרעכטיקונג צו גלויבן — איך מיין אַן עסיי אין באַרעכטיקונג פון גלויבן, אַ פאַרטיידיקונג פון אונדזער רעכט אָנצונעמען אַ גלויביקע שטעלונג אין רעליגיעזע ענינים, טראָץ דעם פאַקט, וואָס אונדזער ריין לאָגישער אינטעלעקט איז צו דעם נישט געצוואונגען. אין הסכם מיט דעם, איז דער נאָמען פון מײַן עסיי דער ווילן צו גלויבן.

פאַר מײַנע אייגענע סטודענטן האָב איך שוין לאַנג פאַרטיידיקט די געזעצלעכקייט פון פרייוויליק אָנגענומענעם גלויבן: אָבער, אַזוי גיך ווי זיי זײַנען גוט דורכגעדרונגען געוואָרן מיט דעם לאָגישן אופן פון דענקען, האָבן זיי זיך געוויינלעך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען מײַן שטעלונג אַלס פילאָזאָפיש־געזעצלעך, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס פאַקטיש זײַנען זיי פּערזענלעך געווען אָנגעשטאָפּט מיט אַ גלויבן פון אַזאַ אָדער אַן אַנדערן מין. כ׳בין אָבער די גאַנצע צײַט אַזוי טיף איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון מײַן פּאָזיציע, אַז אײַער אײַנלאַדונג האָט מיר אויסגעוויזן צו זײַן אַ גוטע געלעגנהייט קלערער צו מאַכן מײַנע באַהויפּטונגען. אפשר וועלן אײַערע געדאַנקען זײַן מער צוגענגלעך איידער די מיט וועלכע עס איז מיר אויסגעקומען צו האַנדלען ביז איצט. איך וועל זיך ווי ווײַט מעגלעך באַמיען נישט צו זײַן טעכניש, הגם איך וועל לכתחילה מוזן אַוועקשטעלן עטלעכע טעכנישע פאַנאַנדערטיילונגען וואָס וועלן אונדז צום סוף צונוץ קומען.

.1

לאָמיר אָנרופן יעדע זאַך, וואָס ווערט אונדז פאַרגעשלאָגן צו גלויבן, מיטן נאָמען היפּאָטעזע; און פּונקט ווי דער עלעקטריקער קלאַסיפיצירט דראָטן אין לעבעדיקע און טויטע, אַזוי וועלן מיר קלאַסיפיצירן אַלע היפּאָטעזן אין לעבעדיקע און טויטע. אַ לעבעדיקע היפּאָטעזע איז אַזאַ, וואָס אַפּעלירט צו דעם, וועמען זי ווערט פאַרגעשלאָגן ווי אַווירקלעכע מעגלעכקייט. למשל, ווען איך זאָל אײַך בעטן, אַז איר זאָלט גלויבן אין דעם מאַהאַדו, וועט אַזאַ אידעע נישט אַרויסרופן קיין פונק פון גלויבנס־ווירדיקייט. אַלס אַ היפּאָטעזע איז זי אינגאַנצן טויט. פאַר אַן אַראַבער פון דעסטוועגן (אַפילו ווען ער איז נישט איינער פון מאַהאַדו׳ס נאָכפאָלגער) איז די דאָזיקע היפּאָטעזע אַ געדאַנקלעכע מעגלעכקייט. דערפון איז קלאָר, אַז טויטקייט און לעבעדיקייט פון אַ היפּאָטעזע זײַנען נישט קיין אייגנשאַפטן, וואָס ליגן אין עצם פון דער היפּאָטעזע, נאָר זיי זײַנען אייגנשאַפטן בלויז אין שייכות מיטן אינדיווידועלן דענקער. טויטקייט און לעבעדיקייט ווערן געמאָסטן לויט דעם דענקערס ווילִיקייט צו האַנדלען אין הסכם

מיט זיין היפּאָטעזע. דער מאַקסימום פון לעבעדיקייט אין אַ היפּאָטעזע מיינט אַ ווילּיקייט צו האַנדלען, אַפילו ווען די דאָזיקע האַנדלונג קאָן נישט צוריקגערופן ווערן. פּראַקטיש מיינט דאָס גלויבן; אָבער אַוואו נאָר עס איז פאַראַן אַ ווילּיקייט צו האַנדלען איז פאַראַן אַ טענדענץ צו גלויבן.

ווייטער, לאָמיר אָנרופן די אַנטשיידונג צווישן צוויי היפּאָטעזן אַ ברירה. ברירות קאָנען זיין פון עטלעכע מינים. זיי קאָנען זיין: 1. לעבעדיקע אָדער טויטע; 2. געצוואונגענע אָדער פאַרמיידלעכע; 3. פון גרויסער באַדייטונג אָדער אומבאַדייטענדע; און פאַר אונדזערע צוועקן מעגן מיר אָנרופן אַ ברירה אַן עכטע ברירה, ווען זי איז פון געצוואונגענעם, לעבעדיקן און באַדייטנדן מין.

1. אַ לעבעדיקע ברירה איז אַזאַ אין וועלכער ביידע היפּאָטעזן זיינען לעבעדיקע. אויב איך זאָג איינעם פון אייך: „ווער אַ טעאָסאָף אָדער ווער אַ מאַכמעדאַנער" וועט דאָס מסתמא זיין אַ טויטע ברירה, מחמת פאַר אים זיינען וואַרשיינלעך ביידע היפּאָטעזן נישט קיין לעבעדיקע. אָבער ווען איך זאָג: „ווער אַן אַגנאָסטיקער אָדער ווער אַ קריסט" איז עס אַנדערש, ווייל לויט זיין דערציאונג וועלן ביידע היפּאָטעזן — ס'מאַכט נישט אויס ווי ווייניק — אַפּעלירן צו זיין גלויבן.

2. ווייטער, אויב איך זאָג: „קלייב אויס צווישן אַרויסגיין מיט אָדער אָן אַ שירעם", שטעל איך אים נישט קיין עכטע ברירה, ווייל זי איז נישט צווינגענד. ער קאָן דאָס לייכט אויסמיידן דורך דעם, וואָס ער וועט אינגאַנצן נישט אַרויסגיין. פּונקט אַזוי ווען איך זאָג: „ליב מיך אָדער האָס מיך", „דערקלער, אַז מיין טעאָריע איז אמת אָדער פאַלש". זיין ברירה איז דאָן אַ פאַרמיידלעכע. ער קאָן בלייבן גלייכגילטיק צו מיר, נישט ליבן און ניט האַסן, און ער קאָן זיך אָפּזאָגן אַרויסצוגעבן אַן אורטייל וועגן מיין טעאָריע. אָבער ווען איך זאָג: „נעם אָן דעם דאָזיקן אמת אָדער באַגיי זיך אָן אים„ שטעל איך אים אַוועק פאַר אַ געצוואונגענער ברירה, ווייל עס בלייבט אים נישט קיין אַנדערער אויסוועג מחוץ דער אַלטערנאַטיווע. יעדע דילעמאַ, וואָס איז באַזירט אויף אַ פולשטענדיקער לאָגישער דיסיונקציע *— אַוואו עס איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט נישט אויסצוקלייבן, איז אַ ברירה פון דאָזיקן געצוואונגענעם מין.

---

*) אין דער לאָגיק ווערן באַהויפּטונגען איינגעטיילט אין דריי מינים: קאַטעגאָרישע, היפּאָטעטישע און דיסיונקטיווע אָדער פאַנאַנדערטיילענדע. למשל „חיים איז אַ קלוגער" דאָס איז אַ קאַטעגאָרישע באַהויפּטונג. „אויב עס וועט רעגענען וועל איך נעמען אַ שירעם", איז אַ היפּאָטעטישע באַהויפּטונג. „ער זאָגט אמת אָדער ליגן" איז אַ דיסיונקטיווע אָדער פאַנאַנדערטיילענדע באַהויפּטונג.

(באַמערקונג פון די איבערזעצער).

3. און צום סוף, אויב איך וואָלט געווען דר. גאַנסען און וואָלט אים פאָרגע־שלאָגן, ער זאָל זיך באַטייליקן אין מיין עקספּעדיציע צום נאָרד פּאָל, וואָלט זיין ברירה געווען פון גרויס חשיבות, מחמת דאָס וואָלט פיליכט געווען זיין איינציקע גע־לעגנהייט פון דעם מין, און זי וואָלט אים וויניקסטענס געגעבן די מעגלעכקייט צו דערגרייכן אַ נאָרד פּאָל אומשטערבלעכקייט אָדער פאַרלירן דעם שאַנס. דער, וואָס זאָגט זיך אָפּ אָנצונעמען אַן אייגנאַרטיקע געלעגנהייט, פאַרלירט די אויסצייכנונג, אַקו־ראַט ווי ער וואָלט פּרובירט און דורכגעפאַלן. פאַרקערט, אַ ברירה איז אומבאַדייטנד, ווען די געלעגנהייט איז ניט אייגנאַרטיק, ווען די ריזיקע איז אומבאַדייטנד, אָדער ווען די אַנטשיידונג קאָן געענדערט ווערן בעת זי ווייזט זיך אַרויס צו זיין כנגד דעם שכל הישר. אַזעלכע אומבאַדייטענדע ברירות זיינען פאַראַן אַ סך אין וויסנשאַפטלעכן לעבן. פאַר אַ כעמיקער קאָן אַ היפּאָטעזע זיין לעבעדיק גענוג, ער זאָל אויף איר אָפּ־געבן אַ יאָר צייט כדי זי צו באַשטעטיקן; אויף אַזוי ווייט גלויבט ער אין איר. אָבער ווען זיינע עקספּערימענטן ווייזן זיך אַרויס נישט איבערצייגענד פאַר אָדער קעגן, האָט ער פאַר זיין צייט־פאַרלוסט די צופרידנהייט מיט דעם וואָס ער האָט פּרובירט לייזן דאָס פּראָבלעם, קיין זייער גרויסער שאָדן איז דערביי נישט געווען.

עס וועט לייכטער מאַכן אונדזער דיסקוסיע אויב מיר וועלן האַלטן גוט אין זינען די אַלע טעכנישע פאַנאַנדערטיילונגען.

2.

איצט לאָמיר באַטראַכטן וואָס אַזוינס קומט ווירקלעך פאָר אין דער מענטשלע־כער פּסיכאָלאָגיע ביים פאָרמירן אורטיילן. ווען מיר קוקן זיך צו צו געוויסע פאַקטן דאַכט זיך, אַז ביים וואָרצל פון אַלע אונדזערע איבערצייגונגען ליגן אונדזערע ליידנ־שאַפטן און אונדזער ווילן. ווען מיר באַטראַכטן אַנדערע פאַקטן, דאַכט זיך, אַז אויב דער אינטעלעקט האָט שוין איין מאָל דאָס זייניקע געזאָגט, קאָנען שוין די ליידנ־שאַפטן און דער ווילן גאָר נישט מער טאָן דערביי. מיר וועלן די לעצטע פאַקטן באַ־טראַכטן צוערשט.

צי קוקט עס נישט אויס, אויפן ערשטן בליק, אַבסורד, צו רעדן וועגן דעם, אַז אורטיילן קענען מאָדיפיצירט ווערן דורך אונדזער ווילן? צי קאָן אונדזער ווילן העלפן אָדער צוריקהאַלטן אונדזער אינטעלעקט אין זיין אויפפאַסן דעם אמת? צי קאָ־נען מיר בלויז דורכן ווילן, גלויבן, אַז אברהם לינקאָלנ׳ס עקזיסטענץ איז אַן אויסגע־טראַכטע זאַך און, אַז די אַלע פּאָרטרעטן פון אים אין מאַקלור׳ס זשורנאַל זיינען פון אימיצן אַנדערש? צי זיינען מיר בכוח דורך דער אָנשטרענגונג פון אונדזער ווילן אָדער שטאַרקן פאַרלאַנג, אַז דאָס זאָל זיין אמת, גלויבן אַז מיר גייען אַרום געזונט בעת מיר קרעכצן אין בעט פון רומאַטיזם; אָדער צי קאָנען מיר זיין זיכער, אַז די

סומע פון צוויי פּאַפּירענע דאָלאַרן אין אונדזער קעשענע מוז באַטרעפן אַ הונדערט דאָלאַר? מיר קאָנען די אַלע זאַכן זאָגן, מיר זיינען אָבער לחלוטין מאַכטלאָז אין זיי צו גלויבן; און דער גאַנצער געוועב פון די אמתן אין וועלכע מיר גלויבן יאָ באַשטייט גראָד פון אַזעלכע זאַכן (וואָס קאָנען נישט באַווירקט ווערן פון אונדזער ווילן), פון טאַטזאַכן, סיי די, וואָס זיינען נאָענט און סיי די, וואָס זיינען ווייט, ווי יוהם זאָגט, און שייכותן צווישן אידעען וועלכע זיינען פאַר אונדז אָדער יע פאַראַן אָדער ניט פאַראַן, אַלץ ווענדט זיך ווי מיר זעען זיי, און אויב זיי זיינען דאָרט ניט פֿאַראַן, קאָנען זיי דאָרטן ניט אַריינגעשטעלט ווערן דורך אונדזער אייגענער טאַט.

אין פּאַסקאַלס „גערדאַנקען" איז פאַראַן אַ באַרימטע שטעלע, באַקאַנט אין דער ליטעראַטור אַלס פּאַסקאַל'ס וועט. אין דער דאָזיקער שטעלע פּרובירט ער אונדז צווינגען אָנצונעמען דעם קריסטנטום מיט אַ שכלדיקן איינפאַל. פּונקט אַזוי, ווי אונדזער אינטערעס צום אמת וואָלט געווען ענלעך אויף אונדזער אינטערעס צום איינשטעל אין אַ שפּיל, וואָס איז אָפּהענגיק פון שאַנס אָדער מזל. פריי איבערזעצט זיינען זיינע ווערטער פאָלגענדע: דו מוזט אָדער גלויבן אָדער נישט גלויבן, אַז גאָט עקזיסטירט — וועלכעס ווערסטו אָננעמען? דיין מענטשלעכער שכל קאָן דאָס נישט באַשטימען. אַ שפּיל גייט אָן צווישן דיר און דעם מהות פון דער וועלט. דער יום הדין וועט צייגן „קאָפּ אָדער אָדלער". וועג די פאַרלוסטן קעגן די געווינסן וואָס דו ווערסט קריגן אויב דו ווערסט אַלץ איינשטעלן אויף קאָפּ, אָדער גאָטס עקזיסטענץ: אין פאַל דו געווינסט, ווערסטו דורך דעם געווינען אייביקע גליקזעליקייט, אויב דו פאַרלירסט, פאַרלירסטו לחלוטין גאָרנישט. אויב עס וואָלטן געווען אַן אומענדלעכע צאָל שאַנסן און בלויז איין שאַנס פאַר גאָט'ס עקזיסטענץ, וואָלסטו פונדעסטוועגן געדאַרפט איינשטעלן אַלץ וואָס דו האָסט אויף גאָט; מחמת, הגם דורך אַזאַ פּראָצעדור ריזיקירסטו זיכער מיט אַן ענדלעכן פאַרלוסט, לוינט זיך צו ריזיקירן מיט יעדן ענדלעכן פאַרלוסט, אַפילו מיט אַ זיכערן פאַרלוסט, אויב עס איז נאָר פאַראַן אַ מעגלעכקייט פאַר אַן אומענדלעכן געווינס. גיי דעריבער און לאָז זיך באַשפּריצן מיט הייליקן וואַסער, לאָז זאָגן מעסע. פאַרוואָס זאָלסטו דאָס נישט טון? סוף כל סוף וואָס האָסטו צו פאַרלירן?

איר וועט מסתמא טראַכטן, אַז ווען רעליגיעזע אמונה דריקט זיך אויס אויף אַזאַ שטייגער, אין דער שפּראַך פון שפּיל־טיש, האַלט זי שוין ביים לעצטן טרומף. זיכער האָט פּאַסקאַל'ס פּערזענלעכער גלויבן אין מעסע און הייליק וואַסער געהאַט גאַנץ אַנדערע מקורות; די דאָזיקע באַרימטע שטעלע זיינע איז בלויז אַן אַרגומענט פאַר אַנדערע, דאָס איז דער לעצטער פאַרצווייפלטער אַרגומענט קעגן די פאַרשטייינערטקייט פון אַן אומגלויביק האַרץ. אונדז ווייזט אויס, אַז דעם גלויבן אין מעסע און

הייליק וואַסער, וואָס ווערט אַנגענומען מיט אַ כיוון נאָך אַזאַ מעכאַנישער קאַלקולאַ־ציע, פעלט די אינערלעכע נשמה פון אמתער אמונה; און אויב מיר וואָלטן געווען אויפן אָרט פון דער גאָטלעכקייט, וואָלטן מיר מסתמא מיט אַ באַזונדערער הנאה ניט געצאָלט אַזעלכע מין גלויביקע זייער אומענדלעכן שכר. עס איז קלאָר, אַז אויב עס איז ניט פאַראַן אַ וועלכע עס איז פון פריער עקזיסטירענדיקע טענדענץ צו גלויבן אין מעסע און הייליק וואַסער, איז די ברירה, וואָס פּאַסקאַל שלאָגט פאָר דעם ווילן, נישט קיין לעבעדיקע ברירה. זיכער האָט נאָך קיין איין טערק ניט גענומען מקיים זיין די מצוות פון מעסע און הייליק וואַסער צוליב דעם דאָזיקן טעם; אַזוינע מיטלען פון דערלייזונג, ווייזן זיך אַרויס אַפילו פאַר אונדז פּראָטעסטאַנטן פאַר אַן אוממעגלעכ־קייט, און פּאַסקאַל׳ס איינפאַל, וואָס ער האָט ספּעציעל פאַר דעם געשאַפן, לאָזט אונדז אינגאַנצן אומגערירט. פּונקט אַזוי קאָן אונדז דער מאַהדו זאָגן: „איך בין דער דער־וואַרטעטער, וועמען גאָט אין זיין גלאַנץ האָט באַשאַפן. דו וועסט האָבן אייביקן גליק אויב דו וועסט גלויבן אין מיר, אויב נישט וועט דאָס ליכט פון דער זון פאַרבאָרגן ווערן פון דיר. פאַרגלייך דעריבער דעם אומענדלעכן געווינס וואָס דו וועסט האָבן אויב איך בין דער אמת׳ער דערלייזער אַנטקעגן דעם באַגרענעצטן קרבן, וואָס די ברענגסט, אויב איך בין דאָס נישט״. זיין לאָגיק וואָלט זיין די זעלבע ווי פּאַסקאַל׳ס; אומזיסט אָבער וואָלט ער זי אַנגעווענדט צו אונדז, מחמת די היפּאָטעזע וואָס ער שלאָגט פאָר איז טויט. ביי אונדז איז ניט פאַראַן די מינדסטע נייגונג צו האַנדלען אויף דעם גרונט פון דער דאָזיקער היפּאָטעזע.

צו ריידן וועגן גלויבן דורך אונדזער ווילן: ווען מען באַטראַכט עס פון איין שטאַנדפּונקט זעט עס אויס צו זיין בלויז נאַריש; פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט, איז דאָס ערגער ווי נאַריש, עס איז נידערטרעכטיק. ווען איינער באַטראַכט די פּרעכטיקע געביידע פון די פיזישע וויסנשאַפטן, און זעט ווי אַזוי זי איז אויפגעבויט געוואָרן; וויפיל טויזנטער מאָראַלישע מענטשלעכע לעבנס, ריין פון וועלכן עס איז אייגעננוץ, ליגן באַגראָבן בלויז אין אירע פונדאַמענטן; וויפיל סבלנות, וויפיל אונטערדריקונג פון סוביעקטיווע נייגונגען, וויפיל אונטערטעניקייט צו די אייז־קאַלטע געזעצן פון אויסערלעכע פאַקטן זיינען אַריינגעטאָן אין אירע שטיינער און צעמענט; ווי אַבסאָלוט אָביעקטיוו זי שטייט אין איר הערלעכקייט — דאָן, ווי נאַריש און אומווערדיק זעט אויס יעדער קליינטשינקער סענטימענטאַליסט, וואָס וועבט פאַנטאַזיעס באַזירט אויף זיין ווילן און פּרעטענדירט צו אַנטשיידן זאַכן אויפן סמך פון זיינע פּריוואַטע חלומות. צי דאַרפן מיר זיך חידוש׳ן, אויב די וואָס האָבן זיך דערצויגן אין דער שטרענגער און קרעפטיקער שולע פון דער וויסנשאַפט, זאָלן פילן אַן עקל צו אַזאַ מין סוביעקטי־וויזם? דער גאַנצער סיסטעם פון כללים, וואָס די וויסנשאַפט האָט אַנטוויקלט, צו

וועלכע מען דאַרף זיין געטריי, איז לחלוטין דאַגעגען אַז מען זאָל אַזאַ מין סוביעקטי־ וויזם טאָלערירן. בכן, איז דאָס געגנוג, נאַטירלעך, אַז די יעניקע, וואָס זיינען פאַר־ כאַפּט געוואָרן פון דער וויסנשאַפט, זאָלן איבערגיין צום פאַרקערטן עקסטרעם און זאָלן אַמאָל שרייבן אַזוי, ווי דער אומפאַרדאַרבלעכער אמת׳ער אינטעלעקט וואָלט פאָזיטיוו געדאַרפט אַריינגיסן ביטערקייט און אומאָנגענעמלעכקייט אין זיין כוס איי־ דער די פאַרלאַנגען פון האַרץ.

It fortifies my soul to know
That, though I perish, that is so.

זינגט קלאַף. בעת האַקסלי רופט אויס :

„ווען איך טראַכט זיך אַריין אין דעם ענין, געפין איך מיין איינציקע טרייסט אין דעם, אַז ווי שלעכט אונדזערע צוקינפטיקע דורות זאָלן נישט ווערן, אַזוי לאַנג אָבער ווי זיי וועלן זיך האַלטן ביי דעם פשוטן כלל: נישט פּרעטענדירן צו געווינען מחמת עס קאָן זיי אַרויסקומען אַ טובה פון דעם (דאָס וואָרט פּרעטענדירן איז דאָ זיכער נישט קיין מוז), וועלן זיי אַ דאַנק דעם נישט זינקען צו די נידריקסטע טיפע־ נישן פון אוממאָראַלישקייט. דער באַליבטער enfant terrible קליפאָרד, שרייבט :

„גלויבן ווערט פאַרשוועכט ווען מען לאָזט צו ניט קיין באַוויזענע און ניט פיל פריער באַצווייפלטע באַהויפּטונגען צוליב דעם טרייסט און פריוואַטן פאַרגעניגן פון דעם גלויביקן. .. ווער עס וויל פאַרדינען די אַכטונג פון זיינע מיטמענטשן, וועט אָפּהיטן די ריינקייט פון זיין גלויבן מיט אַ פאַנאַטיזם פון אייפערזיכטיקער פאַרזיכטיקייט, כדי צו פאַרהיטן, אַז ער זאָל קיינמאָל נישט זיין באַזירט אויף אַן אומווירדיק אָביעקט און דורך דעם קריגן אַ פלעק, וואָס קאָן קיינמאָל נישט אָפּגעווישט ווערן... אויב אַ גלויבן איז אָנגענומען געוואָרן אויף נישט גענוגענדע באַווייזן (אַפילו ווען דער גלויבן איז אמת, ווי קליפאָרד דערקלערט עס אויף דער זעלבער זייט) איז עס אַ גע־ גנב׳עטער פאַרגעניגן... עס איז זינדיק, מחמת עס איז אַ גע׳גנב׳עטער פאַרגעניגן, וואָס איז קעגן אונדזער פליכט צו דער מענטשהייט. די דאָזיקע פליכט באַשטייט אין דעם, אַז מיר זאָלן זיך היטן פון אַזעלכע גלויבנס ווי פאַר אַ פעסט, וואָס קאָן גיך פאַר־ כאַפּן דעם אייגענעם קערפּער און דערנאָך זיך פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער שטאָט... עס איז אַ פעלער — אַלעמאָל, אומעטום און פאַר יעדן איינעם — צו גלויבן אין עפּעס אויף נישט קיין גענוגענדע באַווייזן״.

.3

אָט דאָס אַלץ, ווייזט אויס צו זיין אַ געזונטער צוגאַנג אַפילו ווען דאָס ווערט אויסגעדריקט, ווי ביי קליפאָרדן, מיט אַ ביסל צופיל רויען פּאַטאָס אין דער שפּראַך. עס ווייזט ווירקלעך אויס, אַז פרייער ווילן און נאַאיוועס ווינטשן זיינען ווי אַ פינפ־

טער ראַד צום וואָגן בנוגע דער פּאָרמולירונג פון אונזערע מיינונגען אין וועלכע מיר זיינען זיכער. דאָך, אויב אימיצער זאָל פון דעם דרינגען, אַז נאָכדעם ווי וואונטש, ווילן און סענטימענטאַלע נייגונג זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן, בלייבט איבער דער אינ־טעלעקטועלער אַריינבליק, אָדער, אַז עס איז דער ריינער פאַרנונפט, וואָס באַשטימט דאָן אונדזערע מיינונגען, וועט ער פונקט אַזוי גיין להפוך צו די פאַקטן.

אונדזער טבע צו וועלן איז נישט בכוח צוריק צו ברענגען צום לעבן בלויז די היפּאָטעזן, וואָס זיינען שוין פאַר אונדז טויט. אָבער ווי אַזוי ווערט אַ היפּאָטעזע טויט פאַר אונדז? אין מערסטע פאַלן איז עס אַ פּועל יוצא פון אַ פריערדיקער קעג־נערישער האַנדלונג פון אונדזער טבע צו וועלן. ווען איך זאָג „טבע צו וועלן" מיין איך נישט בלויז אַזעלכע אויסגערעכנטע באַשלוסן פון ווילן, וואָס אַ דאַנק זיי, האָבן זיך מעגלעך איינגעשטעלט געוואוינהייטן פון גלויבן פון וועלכע מיר קאָנען זיך איצט נישט באַפרייען — איך מיין אַלע אַזעלכע פאַקטאָרן פון גלויבן ווי מורא און האָפ־נונג, פּאַראורטייל און ליידנשאַפט, נאָכמאַכונג און פּאַרטייאישקייט, דער דרוק פון דער סביבה, פון קלאַס און גרופּע צו וועלכע מיר באַלאַנגען. פאַקטיש געפינען מיר, אַז מיר ווייסן קוים ווי אַזוי און פאַרוואָס מיר גלויבן אין זאַכן. אַלע די איינפלוסן, וואָס שטאַמען פון דער אינטעלעקטועלער אַטמאָספערע, וואָס מאַכן פאַר אונדז היפּאָטעזן מעגלעך אָדער אוממעגלעך, טויט אָדער לעבעדיק, האָט באַלפור אַ נאָמען געגעבן „אויטאָריטעט." דאָ אין דעם צימער גלויבן מיר אַלע אין מאָלעקולן, אין דער קאָנ־סערווירונג פון ענערגיע, אין דעמאָקראַטיע און אומפאַרמיידלעכן פּראָגרעס, אין פּראָ־טעסטאַנטישן קריסטענטום און אין דער פליכט צו קעמפן פאַר דער „שיטה פון אומ־שטערבלעכן מאָנראָ", אָן וועלכן עס איז טעם, וואָס איז ווערט אַזוי אָנגערופן צו ווערן. מיר האָבן נישט קיין קלערערן אינערלעכן אריינבליק אין די דאָזיקע ענינים — און אפשר נאָך ווייניקער — איידער די יעניקע וואָס גלויבן ניט אין זיי. עס איז מעגלעך, אַז אַ דאַנק זייער אומקאָנווענציאָנאַליטעט האָבן זיי אַ וועלכן עס איז גרונט פאַר זיי־ערע שלוסן, אָבער וואָס איז שייך אונדז, איז דאָס נישט דער טיפער איינבליק, נאָר דער פרעסטיזש פון אנגענומענע מיינונגען פון וואַנען עס נעמט זיך דער פונק, וואָס צינדט אָן אונדזער שלאָפנדיקן גלויבן. ביי ניין הונדערט און ניין און ניינציק פון יעדן טויזנט פון אונדז וועט דער שכל זיך צופרידנשטעלן אַבי ער וועט געפינען עטלעכע אַרגומענטן איבערצוחזרן אין פאַל אונדזער לייכטגלויביקייט וועט פון אימיצן קריטי־קירט ווערן. אונדזער גלויבן איז גלויבן אין יענעמס גלויבן, און אין די וויכטיקסטע ענינים איז דאָס מערסטענס דער פאַל. אונדזער גלויבן אין דעם אמת זעלבסט, למשל, אַז עס איז פאַראַן אַן אמת און, אַז ער און אונדזער געדאַנק זיינען געשאַפן געוואָרן איינער פאַר דעם אַנדערן — וואָס איז דאָס דען, סיידן אַן עמאָציאָנעלע באַשטעטי־

גונג פון פאַרלאַנג וואָס ווערט אונטערשטיצט פון אונדזער סאָציאַלן סיסטעם? מיר ווילן האָבן אַן אמת; מיר ווילן גלויבן, אַז אונדזערע עקספּערימענטן, פאָרשונגען און דיסקוסיעס מוזן אונדז כסדר דערנענטערן צום אמת; און אויף דער דאָזיקער ליניע זיי־נען מיר צופרידן אויסצוקעמפן אונדזער געדאַנקלעכע עקזיסטענץ. אָבער, אויב אַן עקסטרעמער סקעפּטיקער וועט אונדז פרעגן ווי אַזוי ווייסן מיר דאָס אַלץ, צי קאָן דע־מאָלט אונדזער לאָגיק געפינען אַן ענטפער אויף דעם? ניין! אוודאי נישט. עס איז בלויז איין ווילן קעגן דעם צווייטן, מיר זיינען וויליק זיך אַריינצוטאָן אין לעבן מיטן צוטרוי, אַז אַן אמת איז פאַראַן, אָדער, מיר נעמען אָן די סברה, אַז עס איז אַזוי, בעת דער סקעפּטיקער איז נישט וויליק דאָס צו טון.

בדרך כלל גלויבן מיר נישט אין די פאַקטן און טעאָריעס, וואָס נוצן אונדז נישט. קליפאָרד האָט נישט קיין שום נוצן פאַר קריסטלעכע געפילן אין זיין עמאָציאָ־נעלן באַנעם פון קאָסמאָס. האָקסלי באַקעמפט די בישאָפן מחמת לויט זיין שיטה און לעבן האָט ער קיין שום נוצן נישט פאַרן פריסטערטום. פאַרקערט ווידער, גייט ניו־מאַן איבער צום קאַטאָליציזם און געפינט אַלערליי טעמים פאַר וואָס עס איז גוט דאָרט צו פאַרבלייבן, מחמת פאַר אים איז דער פריסטער־סיסטעם אַן אָרגאַנישע נויטווענ־דיקייט און אַ שטאַרקע באַפרידיקונג. וואָס איז דער טעם, וואָס אַזוי ווייניק „וויסנ־שאַפטלער" באַמיען זיך כאָטשבי אָנצוקוקן די באַווייזן פאַר דער אַזוי גערופענער טעלעפּאַטיע? מחמת זיי מיינען, ווי אַ פּראָמינענטער ביאָלאָג, איצט שוין טויט, האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אַפילו ווען אַזאַ זאַך וואָלט געווען אמת, וואָלטן וויסנשאַפטלער געדאַרפט זיך צוזאַמענגעמען כדי דאָס צו אונטערדריקן און באַהאַלטן. עס וואָלט צע־שטערט די איינפאָרמיקייט פון דער נאַטור און נאָך אַלערליי אַנדערע זאַכן אָן וועלכע די וויסנשאַפטלער וואָלטן נישט געקאָנט אָנגיין מיט זייערע פאָרשונגען. אויב מען וואָלט אָבער דעם זעלבן מענטשן געוויזן עפּעס אַזוינס, וואָס ער וואָלט אַלס וויסנ־שאַפטלער געקאָנט עפּעס טון מיט דער טעלעפּאַטיע, איז מעגלעך, אַז ניט נאָר וואָלט ער אונטערזוכט די באַווייזן נאָר ער וואָלט אַפילו געפונען, אַז זיי זיינען סאָליד. אָט דער דאָזיקער כלל, וואָס די לאָגיקער וואָלטן אים וועלן אַרויפצווינגען אויף אונדז — אויב איך מעג אָנרופן מיטן נאָמען לאָגיקער די יעניקע, וואָס וואָלטן דאָ אויסגעשלאָסן אונדזער טבע צו וועלן — איז ניט באַזירט אויף עפּעס אַנדערש ווי נאָר אויף זייער נאַטירלעכן פאַרלאַנג אויסצושליסן אַלע עלעמענטן, פאַר וועלכע זיי, אַלס פּראָפעסיאָ־נעלע לאָגיקער, קאָנען נישט געפינען קיין נוצן.

עס איז דעריבער קלאָר, אַז אונדזערע ניט־אינטעלעקטועלע נאַטור באַאיינ־פלוסט יאָ אונדזערע איבערצייגונגען. עס זיינען פאַראַן עמאָציאָנעלע טענדענצן און פאַרלאַנגען, וואָס קומען פריער, און אַזעלכע וואָס קומען נאָכן גלויבן, און עס זיינען

בלויז די לעצטע, וואָס קומען שפּעט אויפן יריד; און אַפילו זיי זיינען נישט צו שפּעט אויב די פריערדיקע עמאָציאָנעלע אָנשטרענגונגען זיינען געגאַנגען אין זייער ריכ־טונג. אַזוי אַרום ווייזט אויס, אַז פּאַסקאַלס ארגומענט, אַנשטאָט צו זיין שוואַך, באַ־פעסטיקט זיין פּאָזיציע, עס איז דער לעצטער אַנטשיידענער אַרגומענט וואָס פאָ־דערט זיך כדי אונדזער גלויבן אין מעסע און הייליק וואַסער זאָל ווערן פולקום. עס ווייזט אויס, אַז דער ענין איז ווייט נישט אַזוי איינפאַך; די ריינע אינטואיציע און די לאָגיק, ווי אַזוי זיי זאָלן נישט אַרבעטן אין אַן אידעאַלן צושטאַנד, זיינען זיי אָבער נישט די איינציקע פאַקטאָרן, וואָס פּראָדוצירן אונדזערע אמונות.

.4

נאָך דעם ווי מיר דערקענען דעם וואַקלדיקן צושטאַנד פון דעם ענין, איז עס דאָן אונדזער פליכט צו פרעגן, צי דאַרפן מיר דאָס באַטראַכטן אַלס עפּעס, וואָס דאַרף געטאַדלט ווערן און אַלס אַ פּאַטאַלאָגישען מצב, אָדער פאַרקערט, מיר דאַרפן דאָס באַהאַנדלען אַלס אַ נאָרמאַלען עלעמענט אין פּראָצעס פון פאָרמולירן אונדזערע מיי־נונגען. דער טעזיס, וואָס איך פאַרטיידיק איז אין קורצן פאָרמולירט אַזוי — נישט בלויז איז אונדזער עמאָציאָנעלע נאַטור געזעצלעך באַרעכטיקט צו באַשליסן וועלכע ברירה אויסצוקלייבן צווישן פאָרשלאָגן, נאָר זי מוז עס טאָן, ווען נאָר די ברירה איז עכט און קאָן נישט לויט איר כראַקטער באַשלאָסן ווערן אויף אינטעלעקט־טועלע גרונטן; מחמת ווען מען זאָל, אונטער אַזעלכע אומשטענדן, זאָגן „באַשליס נישט נאָר לאָז די פראַגע אָפן" איז דאָס גופא אַן עמאָציאָנעלער באַשלוס — פּונקט ווי צו באַשליסן יאָ אָדער ניין — און איז אויסגעזעצט צו דער זעלביקער ריזיקע צו פאַר־לירן דעם אמת. איך האָף אַז דער טעזיס, אויסגעדריקט אויף אַן אַבסטראַקטן אופן, וועט באַלד גאַנץ קלאָר ווערן, אָבער צוערשט מוז איך זיך דערלויבן אַ ביסל מער פאָרברייטונגס אַרבעט.

.5

זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז פאַרן צוועק פון אונדזער דיסקוסיע שטייען מיר אויפן „דאָגמאַטישן" באָדן — מיט דעם מיין איך, אַ שטאַנדפּונקט וואָס רעכנט זיך אײנגאַנצן נישט מיט דעם סיסטעמאַטיש־פילאָזאָפישן סקעפּטיציזם. מיט ישוב הדעת באַשליסן מיר אָנצונעמען דעם פּאָסטולאַט, אַז עס איז פאַראַן אַן אמת און אַז עס איז דער שיקזאַל פון אונדזער געדאַנק אים צו דערגרייכן, בעת דער סקעפּטיקער וויל אַזאַ באַשלוס נישט מאַכן. אין דעם פּונקט גייען מיר זיך דעריבער פולשטענדיק פאַנאַנ־דער. אָבער די אמונה, אַז אמת עקזיסטירט און, אַז אונדזער געדאַנק איז בכוח אים צו דערקענען, קאָן פאַרשטאַנען ווערן אויף צווייערליי אופנים. מיר קאָנען רעדן פון עמ־

פּיריציסטישן און אַבסאָלוטיסטישן אופן פון גלויבן אין אמת. אין דאָזיקן ענין האַלטן די אַבסאָלוטיסטן, אַז נישט נאָר זיינען מיר בכוח צו דערגרייכן דעם וויסן פון אמת נאָר מיר קאָנען אויך וויסן ווען מיר האָבן דעם דאָזיקן וויסן דערגרייכט, בעת די עמ־פּיריציסטן האַלטן, אַז הגם עס איז מעגלעך מיר זאָלן קאָנען דעם אמת דערגרייכן קאָ־נען מיר אָבער נישט זיין פולשטענדיק זיכער ווען. צו וויסן איז איין זאַך און צו וויסן אויף זיכער אַז מיר ווייסן איז אַנאַנדער זאַך.. איינער קאָן אָננעמען, אַז עס איז מעגלעך זיך צו האַלטן ביי דער ערשטער מיינונג אָן אָנצונעמען די צווייטע. דעריבער קומט אויס, אַז סיי די עמפּיריציסטן און סיי די אַבסאָלוטיסטן, הגם קיינער פון זיי איז נישט קיין סקעפּטיקער אין אָנגענומענעם פילאָזאָפישן זין פון טערמין, ווייזן אַרויס גאַנץ פאַרשידענע גראַדן פון דאָגמאַטיזם אין זייערע האַנדלונגען. ווען מיר קוקן זיך צו צו דער געשיכטע פון מיינונגען געפינען מיר, אַז אין דער וויסנשאַפט האָט בדרך כלל געהערשט די עמפּיריציסטישע טענדענץ, בעת אין דער פילאָזאָפיע האָט די אַבסאָלו־טיסטישע טענדענץ געהערשט אומגעשטערט. דער אייגנאַרטיקער מין הנאה, וואָס יעדע פילאָזאָפישע שולע אָדער סיסטעם פאַרשאַפט מיט דעם וואָס זי איז איבערצייגט אַז זי האָט דערגרייכט דעם סאַמע גרונט פון אמת. „אַנדערע פילאָזאָפיעס זיינען זאַמ־לונגען פון מיינונגען, וואָס זיינען דאָס רוב פאַלש, מיין פילאָזאָפיע איז אַן אייביקער יסוד פאַר וויטערדיקן דענקען" — ווער דערקענט נישט אין די דאָזיקע ווערטער דעם גרונט פון יעדן סיסטעם, וואָס פאַרדינט דעם נאָמען?

די סכאָלאַסטישע אָרטאָדאָקסיע, צו וועלכער מען דאַרף זיך אַלע מאָל ווענדן ווען מען וויל געפינען פולקום קלאָרע באַהויפּטונגען, האָט פאַרזיכטיק אויסגעאַרבעט אויף אַ שיינעם אופן די דאָזיקע אַבסאָלוטיסטישע איבערצייגונג אין אַ לערע, וואָס זי רופט אָן „אָביעקטיווע באַווייזן". למשל, אויב איך קאָן נישט צווייפלען אין מיין איי־גענער עקזיסטענץ, איצט ווען איך שטיי פאַר אייך, אָדער אַז צוויי איז ווייניקער פון דריי, אָדער אַז אויב אַלע מענטשן זיינען שטערבלעך דאַן בין איך אויך שטערבלעך, איז עס דערפאַר ווייל די דאָזיקע זאַכן באַלייכטן מיין אינטעלעקט אויף אַן אומווי־דערשטעענדלעכן אופן. דער לעצטער יסוד פון דאָזיקן אָביעקטיוון באַוויז, וואָס גע־וויסע באַהויפּטונגען פאַרמאָגן, איז די צוגעפּאַסטקייט פון דער פערצעפּציע צום אָב־יעקט; די זיכערקייט, וואָס דער אָביעקטיווער באַוויז ברענגט מיט זיך, אַנטהאַלט די פעאיקייט צו צווינגען אומבאַדינגטע צושטימונג מצד דעם אמת, וואָס ווערט באַגריפן, און מצד דעם סוביעקט וואָס פאַרמאָגט אַ געזיכערטע וויסן; ווען דער אָביעקט ווערט איינמאָל אויפגענומען פון געדאַנק, בלייבט דאַן נישט מער קיין מעגלעכקייט פאַר צווייפל; און אין דעם גאַנצן ענין אַפּערירט בלויז די אַקטועלע עקזיסטענץ פון דעם אָביעקט און די אַקטועלע עקזיסטענץ פון געדאַנק. Entitas ipsa מיר אָפּ־

געלאָזענע מאָדערנע דענקער, האָבן נישט ליב צו רעדן לאַטיין — אין דער אמת האָבן מיר בכלל נישט ליב צו רעדן אין געזעצטע טערמינען; אָבער אין גרונט איז אונדזער געמיט צושטאַנד זייער ענלעך צום סכאָלאַסטיציזם, ווען מיר הערן אויף צו זיין קריטיש: איר גלויבט און איך גלויב אין אָביעקטיווע באַוויזן, וועגן טייל זאַכן פילן מיר, אַז מיר זיינען זיכער: מיר ווייסן, און מיר ווייסן, אַז מיר ווייסן טאַקע. אינווייניק אין אונדז איז פאַראַן עפּעס אַזוינס וואָס זאָגט אונדז ווען מיר דערגרייכן דעם זיכערן וויסן; ווען די ווייזערס פון אונדזער געדאַנקלעכן זייגער קרייזן דורך דעם ציפערבלאַט און טרעפן זיך אין דער מיטאָג שטונדע, קלינגט עס צוועלף. די גרעסטע עמפּיריקער צווישן אונדז זיינען עמפּיריקער בלויז נאָכן איבערטראַכטן: ווען זיי פאַרלאָזן זיך אויף זייערע אינסטינקטן דאָגמאַטיזירן זיי אַזוי ווי אומפעלערבאַרע פּויפּסטן. ווען די קליפאָרדס זאָגן אונדז וואָס פאַר אַ חטא עס איז צו זיין קריסטן אויפן גרונט פון אַזעלכע נישט גענוגענדע באַווייזן, איז די נישט־גענוגנקייט באמת די לעצטע זאַך וואָס זיי האָבן אין זינען. פאַר די קליפאָרדס זיינען די באַווייזן פולשטענדיק גענוגענד, נאָר זיי פירן אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. זייער גלויבן אין אַן אַנטיקריסטלעכער אָרדנונג אין אוניווערס איז אַזוי פולשטענדיק, אַז עס בלייבט נישט קיין לעבעדיקע ברירה: קריסטענטום איז לכתחילה אַ טויטע היפּאָטעזע.

## 6.

אָבער, אַזוי ווי לויטן אינסטינקט זיינען מיר אַלע אַזעלכע אַבסאָלוטיסטן, ווי אַזוי זאָלן מיר אַלס סטודענטן פון פילאָזאָפיע רעאַגירן אויף דעם פאַקט? זאָלן מיר דאָס גערן אָננעמען און אונטערשטיצן? אָדער זאָלן מיר דאָס באַהאַנדלען ווי אַ שוואַכקייט פון אונדזער נאַטור פון וועלכער מיר מוזן זיך באַפרייען אויב מיר קענען?

איך גלויב אויפריכטיק אַז דער לעצטער וועג איז דער איינציקער אין וועלכן מיר קאָנען גיין אַלס מענטשן וואָס טראַכטן נאָך איבער זאַכן. עס איז קיין ספק נישט, אַז אָביעקטיווע באַווייזן און זיכערקייט זיינען פיינע אידעאַלן פאַרן געדאַנקען שפּיל, אָבער וואו, אויף אונדזער לבנה־באַלויכטענעם און חלומות׳פולן פּלאַנעט, געפינט מען זיי? איך אַליין בין דעריבער אַ פולשטענדיקער עמפּיריציסט בנוגע מיין טעאָריע פון מענטשלעכער דערקענטעניש. עס איז קיין ספק נישט, אַז איך לעב מיטן פּראַקטישן גלויבן, אַז מיר מוזן אָנגיין מיט אונדזערע דערפאַרונגען און אַז מיר מוזן איבער די דאָזיקע דערפאַרונגען נאָכטראַכטן, מחמת בלויז אויף אַזאַ אופן קאָנען אונדזערע מיינונגען ווערן מער אמת׳דיק; אָבער, אָננעמען אַז וועלכע עס איז פון זיי — מיך אַרט להלוטין נישט וועלכע — קאָנען מער נישט רעאינטערפּרעטירט אָדער אויסגעבעסערט ווערן, גלויב איך איז אַן אומגעהייער טעות׳דיקער צוגאַנג און איך רעכן אַז די גאַנצע געשיכטע פון פילאָזאָפיע וועט מיך אין דעם אונטערשטיצן. עס

איז בלויז פֿאַראַן איין חסרון־לאָזער זיכערער אמת. און דאָס איז דער אמת, וועלכן אַפֿילו דער עקסטרעמער סקעפּטיציזם לאָזט אומבאַרירט: דעם אמת, אַז דער איצטי־קער פֿענאָמען פֿון באַוואוסטזיין עקזיסטירט. דאָס איז אָבער מער נישט ווי דער אויס־גאַנגס פּונקט פֿון וויסן, דערמיט אָנערקענען מיר בלויז, אַז עס איז פֿאַראַן אַ שטאָף איבער וועלכן צו פֿילאָזאָפֿירן. די פֿאַרשידענע פֿילאָזאָפֿיעס זיינען בלויז פֿאַרזוכן קלאָר צו מאַכן וואָס אַזוינס דער דאָזיקער שטאָף איז אין דער ווירקלעכקייט. און ווען מיר קוקן אַריין אין די פֿילאָזאָפֿישע ביכער, וואָס פֿאַר אַ חלוקי־דעות מיר געפֿינען דאָרט! אַוואו געפֿינט מען דעם זיכערן אמת׳דיקן ענטפֿער? חוץ אַזעלכע אַבסטראַקטע פּראָ־פּאָזיציעס, וואָס האָבן פֿאַרגלייכונגען (למשל, אַז צוויי און צוויי זיינען גלייך צו פֿיר), וואָס דורך זיך גופֿא זאָגן זיי אונדז גאָרנישט וועגן קאָנקרעטער ווירקלעכקייט, געפֿינען מיר נישט קיין איין פּראָפּאָזיציע, וואָס איז פֿון אימיצן ווען עס איז קלאָר באַטראַכט געוואָרן אַלס עפּעס אין וועלכן מען קאָן נישט צווייפֿלען, וואָס איז פֿון אימיצן אַנדערש נישט אָנגערופֿן געוואָרן פֿאַלש, אָדער אַמווייניקסטנס איז איר אמת־דיקייט געשטעלט געוואָרן אונטער אַ פֿראַגע צייכן. די אַרבעט פֿון געוויסע מאַטעמאַ־טיקער פֿון אונדזער צייט (ווי צעללנער און טשאַרלס ה. הינטאָ), וואָס האָט באַוויזן — נישט צוליב ווייזן חריפֿות נאָר אין ערנסט — אַז מען קאָן איבערשטייגן די אַקסיאָמען פֿון דער געאָמעטריע, און דאָס צוריקווייזן פֿון דער גאַנצער אַריסטאָטיליאַנישער לאָ־גיק ביי די העגעליאַנער, זיינען מערקווירדיקע ביישפּילן, וואָס אילוסטרירן דעם פּונקט.

מ׳האָט נאָך דערווייל ניט איינגעשטימט אויף קיין ממשותדיקער פּראָבע מיט וואָס צו באַשטימען וואָס איז ווירקליך אמת. טייל שאַפֿן זייער קריטעריום מחוץ דעם עמפּינדונגס מאָמענט און שטעלן אים אַוועק אָדער אין התגלות, די הערשנדע מיינונג Consensus gentium, די אינסטינקטן פֿון האַרצן, אָדער אין דער סיסטעמאַטישער דערפֿאַרונג פֿון דער ראַסע. אַנדערע ווידער מאַכן דעם עמפּינדונגס מאָמענט פֿאַר זיי־ער אייגענער פּראָבע פֿון אמת—למשל דעקאַרט מיט זיינע קלאָרע און דייטלעכע אי־דייען, וואָס זיינען גאַראַנטירט פֿון גאָט, ריד מיט זיין „שכל הישר״ און קאַנט מיט זיינע פֿאָרמען פֿון סינטעטישן אורטייל אַ פּריאָרי. דאָס נישט קענען באַגרייפֿן דעם היפּוך, די פֿעאיקייט צו באַווייזן דעם אמת דורך די עצות פֿון די חושים, זיינען מאָס־שטאַבן, וואָס יעדע פֿון זיי איז פֿון צייט צו צייט גענוצט געוואָרן. דער נצחון פֿון די שטאַרק גערימטע אָביעקטיווע באַווייזן איז דאָרט קיינמאָל נישט פֿאַראַן; דאָס איז בלויז אַ שטרעבן אָדער אַ גרענעץ־באַגריף, וואָס ווייזט אָן אויף דעם אומענדלעך ווייטן אידעאַל פֿון אונדזער דענקענדיק לעבן. צו באַהויפּטן, אַז אָביעקטיווע באַווייזן באַזיצן געוויסע אמתן שוין איצט, מיינט עס פּשוט צו זאָגן, אַז ווען דו דענקסט, אַז זיי זיינען

אמת, און זיי זיינען טאַקע אמת; דאָן זיינען זייערע באַווייזן אָביעקטיוו, און נישט אַנ־דערש. אין דער פּראַקטיק אָבער, איז איינעמס איבערצייגונג, אַז דער באַווייז אויף וועלכן ער שטיצט זיך איז פון דעם אמת׳ען אָביעקטיוון מין, בלויז נאָך איין סוביעק־טיווע מיינונג צוגעגעבן צו די איבעריקע. אַך, וואָס פאַר אַ רשימה פון קעגנגעזעצטע מיינונגען, לגבי אָביעקטיווע באַווייזן און אַבסאָלוטער זיכערקייט, פאַר וועלכער מען האָט זיך אײַנגעשטעלט. די וועלט איז דורך און דורך שכל׳דיק — איר עקזיסטענץ איז אַן אולטימאַטיווער נישט־שכל׳דיקער פאַקט; עס איז פאַראַן אַ קערפּערלעכע וועלט אויסער דעם געדאַנק, וועלכע מיר וויסן אוממיטלבאַר — דער געדאַנק קאָן בלויז וויסן זיינע אייגענע אידייען; אַ מאָראַלישער פּרינציפּ עקזיסטירט — פליכט איז בלויז אַ פועל יוצא פון די גלוסטונגען; אין יעדן איינעם איז פאַראַן אַ פּערמאַנענטער גייסטיקער פּרינציפּ. עס זיינען בלויז פאַראַן בייטנדיקע געדאַנק צו־שטאַנדן; די קייט פון סיבות איז אומענדלעך, — עס איז פאַראַן אַן אַבסאָ־לוטע ערשטע סיבה; אַן אייביקע נויטווענדיקייט, פרייהייט; אַ צוועק, — קיין צוועק; אַן אורשפּרינגלעכער איינס, — אַן אורשפּרינגלעכע פילהייט; אַן אוניווערסאַלע אומ־אונטערבראָכנקייט — אַ תמצית׳דיקע אונטערבראָכנקייט צווישן זאַכן; אַן אומענד־לעכקייט — קיין אומענדלעכקייט. עס איז פאַראַן דאָס, עס איז פאַראַן יענעס; עס איז ווירקלעך גאָרנישט נישטאָ וואָס איז פון אימיצן באַטראַכט געוואָרן אַלס אַבסאָלוט אמת, בעת זיין שכן זאָל עס נישט האָבן באַטראַכט אַלס אַ אַבסאָלוט פאַלש; און קיין איין אַבסאָלוטיסט צווישן זיי האָט, ווי עס ווייזט אויס, ווען עס איז געגומען אין באַ־טראַכט, אַז די שווערקייט איז אפשר די גאַנצע צייט פונדאַמענטאַל, און אַז דער אינ־טעלעקט, אַפילו ווען דער אמת ליגט ביי אים אין האַנט, האָט נישט קיין אומפעלער־באַרן סימן ווי אַזוי צו וויסן צי עס איז דער אמת אָדער נישט. און ווירקלעך, ווען מען דערמאָנט זיך, אַז די מערקווירדיקסטע פּראַקטישע אָנווענדונג פון דער לערע פון אָביעקטיווער זיכערקייט אין לעבן איז געווען די געוויסנהאַפטע אַרבעט פון דער הייליקער אינקוויזיציע, האָט מען ווייניקער חשק, ווי ווען עס איז, אויסצוהערן די דאָ־זיקע לערע מיט רעספּעקט.

איך בעט אויך איר זאָלט באַמערקן, אַז ווען, אַלס עמפּיריציסטן, זאָגן מיר זיך איצט אָפּ פון דער לערע פון אָביעקטיווער זיכערקייט, זאָגן מיר זיך אָבער דערביי נישט אָפּ פון זוכן אָדער האָפן צו דערגרייכן דעם אמת גופא. מיר האַלטן זיך נאָך אַלץ פעסט אין דעם גלויבן, אַז דער אמת עקזיסטירט, און מיר גלויבן נאָך אַלץ, אַז מיר דערנענטערן זיך צו אים דורכן כסדרדיקן סיסטעמאַטישן אָנזאַמלען פון דערפאַרונגען און געדאַנקען. די פונדאַמענטאַלע נפקא מינה צווישן אונדז און דעם סכאָלאַסטיקער איז אין דער ריכטונג אין וועלכער מיר קוקן. די שטאַרקייט פון זיין סיסטעם ליגט אין

די פּרינציפּן, דער אורשפּרונג, דער „טערמינוס אַ קוואָ" פון זיין געדאַנק; פאַר אונדז איז די שטאַרקייט אין פועל יוצא, דער סוף, דער „טערמינוס אַד קוועם". נישט פון וואַנען עס נעמט זיך נאָר צו וואָס עס פירט דאַרף זיין דער אַנטשיידנדיקער פאַקטאָר. דעם עמפּיריקער אַרט נישט פון וואַנען אַ היפּאָטעזע קומט צו אים ער האָט זי מעג־לעך געקאָנט דערווערבן דורך ערלעכע מיטלען, ס'איז מעגלעך, אַז די ליידנשאַפט האָט עס אים איינגערוימט אָדער דער צופאַל האָט עס אים סוגעסטירט; אָבי נאָר דער גאַנצער גאַנג פון דענקען האַלט עס כסדר אין באַשטעטיקן דאָס מיינט דער עמפּיריקער ווען ער זאָגט, אַז אַ זאַך איז אמת.

7.

נאָך איין פּונקט, אַ קליינער אָבער אַ וויכטיקער, און מיר זיינען פאַרטיק מיט אונדזער הקדמה. וואָס איז שייך אונדזער פליכט לגבי מיינונגען קאָן זי באַטראַכט ווערן אויף צוויי אופנים — אופנים, וואָס זיינען לגמרי פאַרשידן, און דאָך ווייזט אויס האָט ביז איצט די דערקענטניש טעאָריע זיך ווייניק אינטערעסירט מיט זייער פאַר־שידנקייט. עס איז אונדזער חוב צו וויסן דעם אמת; און עס איז אונדזער חוב אויסצו־מיידן אַ טעות. דאָס זיינען די ערשטע און וויכטיקסטע געבאָטן פאַר די וואָס ווילן וויסן דעם אמת; זיי זיינען אָבער נישט קיין צוויי אופנים ווי אַזוי אַרויסצוזאָגן דעם זעלבן געבאָט, זיי זיינען צוויי געזעצן, וואָס קאָנען אָפּגעטיילט ווערן איינער פון אַנ־דערן. הגם עס קאָן ווירקלעך פאַסירן, אַז ווען מיר גלויבן אין דעם אמת א וועלן מיר דורך דעם צופעליק אויסמיידן צו גלויבן אין דער פאַלשקייט פון ב; טרעפט עס אָבער כמעט קיינמאָל נישט, אַז בלויז דורך דעם וואָס מיר גלויבן נישט אין ב מוזן מיר דווקא גלויבן אין א. עס איז מעגלעך, אַז אין אויסמיידן ב זאָלן מיר אָנהייבן גלויבן אין אַנדערע פאַלשקייטן, ג אָדער ד, וועלכע זיינען אַקוראַט אַזוי פאַלש ווי ב; אָדער מיר קאָנען אויסמיידן ב דורך דעם וואָס מיר וועלן אין קיין זאַך נישט גלויבן, אַפילו נישט אין א.

מיר האָבן געזען, אַז די געבאָטן: גלויב דעם אמת, מייד אויס פאַלשקייט, זיי־נען אין תוך צוויי פאַרשידענע געזעצן, און עס איז מעגלעך, אַז דורך אויסקלייבן איי־נעם פון זיי וועלן מיר סוף כל סוף געבן אַן אַנדער קאָלאָריט צו אונדזער גאַנצן איג־טעלעקטועלן לעבן. מיר קאָנען באַטראַכטן דעם געיעג נאָכן אמת פאַר דאָס סאַמע וויכטיקסטע און דאָס אויסמיידן פאַלשקייט פון צווייטער באַדייטונג; אָדער פאַרקערט, מיר קאָנען אָננעמען אַז דער וויכטיקסטער געבאָט איז דאָס אויסמיידן פון פאַלש־קייט, און וואָס איז שייך דעם אמת, לאָזן מיר אים איבער צום צופאַל. קליפאָרד, אין זיין באַלערנדער ציטאַטע, וואָס איך האָב געבראַכט, ראָט אונדז אָנצונעמען דעם לעצטן קורס.

ער זאָגט אונדז: גלויב גאָרנישט, האַלט דיין געדאַנק אין אַ שטענדיקן צו־שטאַנד פון אומבאַשטימטקייט, איידער צו קומען צו אַ שלוס אויף נישט־גענוגענדע באַווייזן און דורך דעם זיין אויסגעזעצט צו דער שרעקלעכער ריזיקע צו גלויבן אין ליגנס. איר ווידער מעגט דענקען, אַז די ריזיקע פון מאַכן אַ טעות איז אַ קליייניקייט, ווען מען פאַרגלייכט עס מיט דער ברירה פון אמתן וויסן, און אין אייערע פאָרשונגען זייט איר גרייט אָפּגענאַרט צו ווערן אַ סך מאָל איידער אָפּצולייגן אויף אַן אומבאַשטימטער צייט די מעגלעכקייט צו טרעפן דעם אמת. איך זעלבסט געפין עס אומ־מעגלעך צו גיין מיט קליפאָרדן. מיר מוזן געדענקען, אַז אונדזערע געפילן פון פליכט בנוגע אמת און פאַלשקייט זיינען אין יעדן פאַל בלויז אויסדרוקן פון אונדזער עמאָצי־אָנעלן לעבן. ביאָלאָגיש באַטראַכט זיינען אונדזערע געדאַנקלעכע כוחות פעאיק צו פּראָדוצירן פאַלשקייטן אַזוי גוט ווי אמתן, און דער יעניקער, וואָס זאָגט „בעסער בלייב אָן אַ גלויבן אויף שטענדיק איידער גלויבן אין אַ ליגן“ ווייזט בלויז מיט דעם זיין אייגענע פּריוואַטע איבערוועגענדע שרעק אָפּגענאַרט צו ווערן. צו אַ סך פון זיי־נע פאָרשלאָגן און מוראות קאָן ער זיך באַציען קריטיש, אָבער דער דאָזיקער מורא וואַרפט ער זיך אונטער אָן שאלות. ער קאָן זיך נישט פאָרשטעלן, אַז אימיצער זאָל צווייפלען אין איר בינדענדן כוח. איך אַליין שרעק זיך אויך אָפּגענאַרט צו ווערן, איך גלויב אָבער, אַז אין דער וועלט קען טרעפן דעם מענטשן אַ סך ערגערעס ווי אָפּגע־נאַרט צו ווערן, אַזוי, אַז קליפאָרדס עצה צו זיין פאָרזיכטיק קלינגט צו מיר גאַנץ פאַנ־טאַסטיש. עס איז געגליכן צו אַ גענעראַל, וואָס זאָגט זיינע זעלנער, אַז עס איז בע־סער שטענדיק אויסצומיידן אַ שלאַכט איידער צו ריזיקירן איינמאָל פאַרוואונדעט צו ווערן. נישט אויף אַזאַ אופן ווערן נצחונות געוואונען, נישט איבער פיינט און נישט איבער דער נאַטור. אונדזערע טעותים זיינען זיכער נישט אַזעלכע שרעקלעכע זאַכן. אין אַ וועלט אַוואו מיר זיינען גאַנץ זיכער צו מאַכן טעותים, טראָץ אונדזער פאָרזיכ־טיקייט, איז אַ געוויסע לייכטהאַרציקייט אַ סך געזינטער ווי אַ איבערטריבענע נער־ווועזע מורא פאַר זיי. אַלענפאַלס, דאַכט זיך, אַז דאָס איז די פאַסיקסטע זאַך פאַרן עמ־פּיריציסטישן פילאָזאָף.

8.

און איצט, אַז מיר זיינען פאַרטיק מיט דער הקדמה, לאָמיר צוטרעטן דירעקט צו אונדזער ענין. איך האָב געזאָגט און חזר דאָס איצט איבער, אַז נישט נאָר איז דאָס אַ פאַקט, אַז אונדזער עמאָציאָנעלע נאַטור באַאיינפלוסט אונדזערע מיינונגען, נאָר אַז אין אַזעלכע פאַלן אַוואו מיר האָבן די ברירה אויסצוקלייבן צווישן מיינונגען, מוז דער איינפלוס פון אונדזער עמאָציאָנעלער נאַטור באַטראַכט ווערן אַלס דער אומפאַרמייד־לעכער און געזעצלעך באַשטימענדיקער פאַקטאָר אין אונדזער אויסוואַל.

איך האָב מורא, אַז דאָ וועלן אַ טייל פון מיינע צוהערער דערשמעקן געפאַר, און וועלן ווייטער מיר נישט שענקען זייער פריינטלעכע אויפמערקזאַמקייט. איר האָטווירקלעך געמוזט צוגעבן, אַז צו ערשט דאַרפן געמאַכט ווערן צווי עמאָציאָנעלע טריט: דער אופן פון אונדזער דענקען מוז זיין אַזעלכער, דורך וועלכן מיר זאָלן אויס־מיידן אָפּגעגנאַרט צו ווערן און מיר זאָלן דורך אים געפינען דעם אמת; אָבער איר וועט מסתמא אָננעמען, אַז דער זיכערסטער וועג צו דערגרייכן דעם דאָזיקן אידעאַל איז, אַז פון איצט אָן און ווייטער זאָלן מיר מער נישט מאַכן קיין עמאָציאָנעלן טריט.

מילא, אויף ווי ווייט די פאַקטן וועלן דאָס דערווייזן, שטים איך נאַטירלעך איין. וואו נאָר די ברירה צווישן געווינען און פאַרלירן דעם אמת איז נישט פון גרויס וויכ־טיקייט, מעגן מיר פאַרוואַרפן די געלעגנהייט פון געווינען דעם אמת און מיר וועלן זיך אין יעדן פאַל אויסהיטן פון יעדער געלעגנהייט צו גלויבן אין פאַלשקייט דורך דעם, וואָס מיר וועלן בכלל נישט קומען צו קיין באַשלוס ביז מיר וועלן באַקומען אָב־יעקטיווע באַווייזן. אין וויסנשאַפטלעכע פראַגן איז דאָס כמעט אַלעמאָל דער פאַל; און אַפילו אין אַלגעמיינע מענטשלעכע ענינים איז די נויט צו האַנדלען זעלטן ווען אַזוי דרינגענד, אַז האַנדלען אויפן סמך פון פאַלשן גלויבן זאָל זיין בעסער ווי אינגאַנצן ניט האָבן קיין גלויבן. אמת, אין געריכט הויז מוז טאַקע דער ריכטער פסק׳ענען לויט די בעסטע באַווייזן, וואָס זיינען אין דעם מאָמענט דערגרייכבאַר, מחמת די פליכט פון ריכטער איז צו שאַפן געזעץ אַזוי גוט ווי צו באַשטימען וואָס דער געזעץ איז, און (ווי אַ געלערנטער ריכטער האָט מיר אַמאָל געזאָגט) זייער ווייניק געריכטס פּראָצעסן זיינען ווערט אַז מען זאָל אויף זיי אָפּגעבן פיל צייט; וואָס איז וויכטיק דערביי איז, אַז מען זאָל זיי אַנטשיידן אויף וועלכן עס איז אָננעמבאַרן פּרינציפּ און פאַרטיק ווערן מיט זיי. אָבער עס איז קלאָר, אַז ווען מיר באַשעפטיקן זיך מיט דער אָביעקטיווער נאַ־טור, רעגיסטרירן מיר בלויז דעם אמת, מיר שאַפן אים אָבער נישט; און אַנטשיידונ־גען, וואָס ווערן געמאַכט אויף גיך כדי איבערצוגיין צום נעקסטן ענין זיינען אינגאַנצן אויסגעשלאָסן. אומעטום אין דער פיזישער נאַטור זיינען פאַקטן דאָס, וואָס זיי זיינען, גאַנץ אומאָפּהענגיק פון אונדז, און זעלטן ווען דאַרפן מיר זיך אַזוי איילן מיט אונדזע־רע באַשלוסן, אַז דורך דעם זאָלן מיר מוזן ריזיקירן אָפּגענאַרט צו ווערן דורך אַן אומרייפער טעאָריע. די פראַגן, וואָס מיר דאַרפן דאָ אַנטשיידן זיינען אַלעמאָל ברירות פון קליינעם באַדייט, די היפּאָטעזן זיינען קוים לעבעדיקע (יעדנפאַלס זיינען זיי נישט לעבעדיק פאַר אונדז צושויער), די ברירה צווישן גלויבן דעם אמת אָדער פאַלשקייט איז זעלטן הכרח׳דיק. דער שטאַנדפּונקט פון סקעפּטישן באַלאַנס איז דורכאויס דער קליגסטער. אויב מיר ווילן אויסמיידן טעות׳ן וואָס איז ווירקלעך די נפקא מינה פאַר די מערסטע פון אונדז, צי מיר גלויבן אָדער נישט אין דער עקזיסטענץ פון גע־

דאַנק־שטאָף, אָדער צי מיר האָבן אַ באַשטימטע מיינונג בנוגע דעם פּראָבלעם צי די צושטאַנדן פון באַוואוסטזיין זיינען אונטערוואָרפן דעם געזעץ פון קוויזאַליטעט? עס איז קיין נפקא מינה נישט. אַזעלכע ברירות ווערן אויף אונדז נישט אַרויפגעצוואונגען. צוליב יעדן גרונט איז בעסער נישט צו מאַכן קיין באַשלוסן, נאָר כסדר וועגן די טעמים פּאָר און קעגן מיט אַן אומפּאַרטייאישער האַנט.

נאַטירלעך איך רעד דאָ וועגן דער ריין אורטיילנדער פונקציע פון געדאַנק. פאַר דערפינדערישע צוועקן איז אַזאַ גלייכגילטיקייט פון ריינעם אורטייל גאָר אַ קליינע מעלה, און די וויסנשאַפט וואָלט ווייט נישט געמאַכט דעם פּאָרשריט וואָס זי האָט געמאַכט ביז איצט אויב די עמאָציאָנעלע פאַרלאַנגען פון יחיד צו באַשטעטיקן זיין אייגענעם גלויבן וואָלטן נישט צוגעלאָזט געוואָרן צום שפּיל. פאַר אַ ביישפּיל, באַטראַכט נאָר די חכמה וואָס ספּענסער און וויסמאַן ווייזן איצט אַרויס. ווידער, אויב דו ווילסט האָבן דעם אַבסאָלוטן לאַ־יוצלח אין אַ פאָרשונגס אַרבעט, וועסטו מוזן אויסקלייבן אַזעלכן, וואָס האָט נישט קיין שום אינטערעס אין די רעזולטאַטן פון דער פאָרשונג: ער איז דער אמתער טויגעניכטס, דער זיכערער חסיד שוטה. דער נוצלעכסטער פאָרשער, מחמת ער איז דער עמפּינדלעכסטער באַאָבאַכטער, איז אַלעמאָל דער יעניקער, וועמענס שטאַרקער אינטערעס אין איין זייט פון דער פראַגע איז באַלאַנסירט אין אַ גלייכער מאָס פון שאַרפער מורא, טאָמער וועט ער חלילה אָפּגענאַרט ווערן. די וויסנשאַפט האָט אָרגאַניזירט די דאָזיקע מורא אָפּגענאַרט צו ווערן אין אַ סיסטעמאַטישער טעכניק. די אַזוי גערופענע מעטאָדע פון באַשטעטיקן דעם אמת; און זי האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרליבט אין דער דאָזיקער מעטאָדע, אַז מען קאָן אַפילו זאָגן, אַז זי האָט בכלל אויפגעהערט צו זאָרגן פאַרן אמת גופא. עס איז בלויז דער אמת, ווי ער ווערט טעכניש באַשטעטיקט, וואָס אינטערעסירט זי. עס איז מעגלעך, אַז דער אמת׳ער אמת זאָל קומען צו אונדז בלויז אין אַ פּאָזיטיווער פאָרם און די וויסנשאַפט וועט זיך נישט וועלן צורירן צו דעם. זי וועט פּילייכט אַיינשטימען מיט קליפאָרדן, אַז דאָס איז אַן אַריינגע׳גנב׳עטער אמת, וואָס איז עובר אויף דעם חוב צו באַשיצן די מענטשהייט פון טעותים. מענטשלעכע לײדנשאַפטן זיינען אָבער שטאַרקער פון טעכנישע כללים. ווי קאָרעקט דער אומפּאַרטייאישער ריכטער, דער אַבסטראַקטער אינטעלעקט זאָל זיך נישט האַלטן ביי די כללים פון שפּיל, איז אָבער יעדער איינער פון די קאָנקרעטע שפּילער, וואָס שטעלט אים צו דעם מאַטעריאַל איבער וואָס ער דאַרף אורטיילן, געוויינלעך פאַראינטערעסירט אין עפּעס אַן אייגענעם ליבלינג, אַ „לעבעדיקע היפּאָטעזע". לאָמיר פונדעסטוועגן איינשטימען, אַז וואו נאָר די ברירה איז נישט קיין געצוואונגענע דאַרף אונדזער אידעאַלער שופט זיין דער נישט־לײדנשאַפטלעכער אומפּאַרטייאישער אינטעלעקט, וואָס האָט נישט קיין ליבלינג היפּאָטעזע און וואָס טוט

אונדז יעדנפֿאַלס פֿאַרהיטן פֿון טעותים. איצט שטעלט זיך די פֿראַגע: צי זיינען ער־געץ נישט פֿאַראַן, אין די פֿראַגן וועגן וועלכע מיר ספּעקולירן, געצוואונגענע ברירות, און צי קאָנען מיר (אַלס מענטשן וואָס מעגן זיין פֿאַראינטערעסירט צו דערגרייכן דעם אמת אויף אַ פּאָזיטיוון אופֿן אַמווייניקסטן אויף אַזוי פֿיל אויף וויפֿיל מיר זיינען פֿאַר־אינטערעסירט בלויז אויסצומיידן אָפּגענאַרט צו ווערן) אַלעמאָל וואַרטן אומבאַ־שטראָפֿט ביז עס וועלן קומען די צווינגענדע באַווייזן? אַ פּריאָרי ליגט עס זיך עפּעס נישט אויפֿן שכל, אַז דער אמת זאָל זיין אַזוי אַקוראַט פּיין צוגעפּאַסט צו אונדזערע נויטן און פֿעאיקייטן. ביי דעם גרויסן עס־טיש פֿון דער נאַטור פּאַסירט עס זעלטן וועגן, אַז די ברויט, פּוטער און האָניק זאָלן אויסקומען אַזוי גלייך און די טעלער זאָלן בלייבן אַזוי ריין. מיר וואָלטן ווירקלעך געקוקט אויף זיי מיט וויסנשאַפֿטלעכן פֿאַר־דאַכט אויב עס וואָלט אַזוי געוועזן.

.9

מאָראַל־פּראָבלעמען שטעלן זיך אונדז גלייך פֿאַר אַלס פּראָבלעמען וואָס זייער לייזונג קאָן נישט וואַרטן אויף חושים׳דיקע באַווייזן. אַ מאָראַל־פּראָבלעם איז נישט קיין פֿראַגע וועגן עפּעס וואָס האָט אַ חושים׳דיקע עקזיסטענץ נאָר וועגן עפּעס וואָס איז גוט אָדער וואָלט געווען גוט אויב עס וואָלט עקזיסטירט. די וויסנשאַפֿט קאָן אונדז זאָגן וואָס עקזיסטירט; אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן פֿאַרגלייכן ווערטן, סיי פֿון דעם וואָס עקזיסטירט און סיי פֿון דעם וואָס עקזיסטירט נישט, מוזן מיר זיך מיישב זיין נישט מיט דער וויסנשאַפֿט, נאָר מיט דעם וואָס פּאַסקאַל רופֿט אָן, אונדזער האַרץ. די וויסנשאַפֿט גופֿא איז זיך מישב מיט איר אייגן האַרץ, ווען זי שטעלט אַוועק דעם כלל, אַז די אייביקע באַמיאונגען פֿעסטצושטעלן פֿאַקטן און דאָס קאָריגירן פֿון פֿאַלשע מיינונגען איז דאָס העכסטע גוטס פֿאַרן מענטשן. פֿאָדערט אויף די וויסנשאַפֿט זי זאָל די דאָזיקע באַהויפּטונג באַווייזן און אַלץ וואָס זי קאָן טון, איז איבערחזרן דאָס דאָגמאַטיש, אָדער זי וועט דאָס באַווייזן דורך דעם וואָס זי וועט אָנווייזן, אַז אַזאַ פֿעסטשטעלונג פֿון פֿאַקטן און קאָרעקציע פֿון פֿאַלשע מיינונגען ברענגען דעם מענטשן אַלערליי אַנדערע גוטסקייטן, וועלכע ווערן ווידעראַמאָל באַשטימט פֿון מענטשנ׳ס האַרץ. די פֿראַגע צי מען זאָל בכלל האָבן עטישע איבערצייגונגען אָדער נישט ווערט באַשטימט פֿון אונדזער ווילן. צי זיינען די עטישע ווערטן פֿאַר וועלכע מיר שטעלן זיך איין, אמת אָדער פֿאַלש אין זיך גופֿא, אָדער צי איז דאָס בלויז פֿאַר אונדז, אָבער אין זיך גופֿא זיינען זיי נישט גוט און נישט שלעכט. ווי אַזוי קען דיין ריינער אינ־טעלעקט ענטפֿערן אויף דעם? אויב דיין האַרץ האָט נישט קיין פֿאַרלאַנג פֿאַר אַ וועלט פֿון מאָראַלישער ווירקלעכקייט וועט דיר דיין קאָפּ זיכער קיינמאָל נישט מאַכן גלויבן אין דעם. דער מעפֿיסטאָפֿלישער סקעפּטיציזם קאָן באמת אַ סך בעסער באַפֿרידיקן

דעם קאַפּ׳ס אינסטינקט זיך אַ שפּיל צו טון איידער וועלכער עס איז שטרענגער אי־דעאַליזם קאָן עס טון. אייניקע (אַפילו אין סטודענטן עלטער) זיינען בטבע אַזוי קאַלט־בלוטיק, אַז היפּאָטעזן בנוגע מאָראַל האָבן פאַר זיי קיינמאָל נישט אַ וועלכעס עס איז פולסירנדיקן לעבן, און אין זייער פרעכער אָנוועזנהייט פילט זיך אַלעמאָל דער היי־סער יונגער מאָראַליסט מאָדנע אומבאַקוועם. דער אויסערלעכער אויסזען פון קלוג־שאַפט איז אויף זייער זייט, פון נאַאיוויטעט און לייכטגלויביקייט אויף זיין זייט. דאָך, אין די געפילן פון זיין האַרצן, וואָס לאָזן זיך נישט אויסריידן, האַלט ער זיך פעסט, אַז ער איז נישט גענאַרט, און אַז עס איז פאַראַן אַ ממשלה אין וועלכער (ווי עמערסאָן זאָגט) זייער גאַנצע קלוגשאַפט און אינטעלעקטועלע סופּעריאָריטעט איז נישט בע־סער ווי די כיטרעקייט פון אַ פוקס. מען קאָן נישט לאָגיש באַווייזן די ריכטיקייט אָדער פאַלשקייט פון מאָראַלישן סקעפּטיציזם, פונקט ווי מען קאָן דאָס לאָגיש נישט טון מיטן אינטעלעקטועלן סקעפּטיציזם. ווען מיר האַלטן זיך ביי דעם, אַז עס איז פאַראַן אַן אמת (זאָל זיין פון וועלכן מין), טוען מיר דאָס מיט אונדזער גאַנצן מהות, און מיר זיינען אַנטשלאָסן צו לעבן אָדער אונטערגיין לויט דעם רעזולטאַט. דער סקעפּטיקער נעמט אָן דעם ספקות׳דיקן צוטריט מיט זיין גאַנצן מהות; אָבער ווער פון אונדז איז דער קליגערער ווייסט בלויז די אַלוויסנהייט. לאָמיר זיך איצט אָפּקערן פון די דאָזיקע אַלגעמיינע פראַגן וועגן גוטס און זיך ווענדן צו אַ געוויסן קלאַס פּאַק־טישע פראַגן, פראַגן וואָס זיינען נוגע פערזענלעכע שייכות׳ן, געדאַנקלעכע צושטאַנדן צווישן איין מענטשן און צווייטן. למשל, צי האָסטו מיך ליב אָדער נישט? צי דו האָסט מיך ליב אָדער נישט ווענדט זיך אין מערסטע פאַלן צי איך בין וויליק דיר אַנטקעגן צו קומען האַלב וועג, צי איך בין וויליק אָנצונעמען, אַז דו מוזט מיך ליב האָבן, און ווייז דיר אַרויס צוטרוי און האָפנונג, אַז עס איז אַזוי. דער פריערדיקער גלויבן פון מיין זייט, אַז דיין ליבע צו מיר עקזיסטירט זיינען אין אַזעלכע פאַלן די אורזאַך וואָס ברענגט אַרויס דיין ליבע. אָבער, ווען איך האַלט זיך פון דער ווייטנס און וויל זיך נישט רירן פון אָרט ביז איך קריג נישט קיין אָביעקטיווע באַווייזן, ביז דו זאָלסט נישט האָבן געטאָן עפּעס וואָס באַווייזט דיין ליבע, איז דאָס צען צו איינס, אַז דיין ליבע וועט קיינמאָל נישט קומען. וויפיל פרויען הערצער ווערן באַזיגט בלויז דורך דער עקשנות׳דיקער זיכערקייט פון אַ וועלכן עס איז מאַן, אַז זיי מוזן אים ליבן! ער וועט קיינמאָל נישט צושטימען צו דער היפּאָטעזע, אַז זיי קאָנען אים נישט ליבן. דער וואונש פאַר אַ געוויסן סאָרט אמת פאַראורזאַכט דאָ די עקזיסטענץ פון דעם דאָזיקן אמת און אַזוי איז דאָס אין אומצייליקע פאַלן ביי אַנדערע מינים פאַסירונגען. ווער גע־ווינט אויסצייכנונגען, באַלוינונגען און דערהייבונגען, בלויז דער מענטש, אין וועמענס לעבן עס איז קענטיק, אַז די דאָזיקע זאַכן שפּילן די ראָלע פון לעבעדיקע הי־

פֿאַטעזן, ווער עס דיסקאַנטירט זייערע וועקסלען פֿאַרן טערמין, איז מקריב פֿון זייערט־וועגן מיט אַנדערע זאַכן אײדער זיי האָבן נאָך פֿאַסירט און איז ווילן צו נעמען די ריזיקע זיך אײַנצושטעלן פֿאַר זיי אין פֿאָראויס. זײַן אמונה ווירקט אויף די כּוחות, וואָס זײַנען איבער אים, ווי אַ לעגיטימע פֿאָדערונג, און ער באַווײַזט דערמיט דעם אמת פֿון זײַן אײגענעם גלויבן.

אַ געזעלשאַפֿטלעכער אָרגאַניזם, פֿון וועלכן עס איז מין ער זאָל נישט זײַן, גרויס אָדער קליין, איז דאָס וואָס ער איז, אַ דאַנק דעם וואָס יעדער מיטגליד טוט זײַנע אײגענע פֿליכטן מיטן פֿולן צוטרוי, אַז אין דער זעלבער צייט וועלן אַלע אַנדערע מיטגלידער טאָן זייערע פֿליכטן. ווען נאָר אַ געוואונטשטער רעזולטאַט ווערט דערגרייכט דורך דער קאָאָפּעראַציע פֿון אַ סך אומאָפּהענגיקע יחידים איז זײַן פֿאַקטישע עקזיסטענץ אַ ריינער פּועל יוצא פֿון דעם לכתחילה׳דיקן גלויבן איינער אין אַנדערן פֿון די יעניקע, וואָס זײַנען דירעקט פֿאַראינטערעסירט אין דעם. אַ רעגירונג, אַן אַרמיי, אַ קאָמערציעלער סיסטעם, אַ שיף, אַ קאָלעדזש, אַן אַטלעטישע גרופּע, זיי אַלע עקזיסטירן אַ דאַנק דעם דאָזיקן באַדינג, אָן דעם נישט נאָר ווערט קיין זאַך נישט דערגרייכט, עס ווערט אַפֿילו נישט געמאַכט קיין פֿאַרזוך עפּעס צו טאָן. אַ גאַנצער צוג מיט פּאַסאַזשירן (אינדיווידועל מעגן זיי זײַן גענוג בראַוו) וועט באַרויבט ווערן פֿון עטלעכע רויבער, פּשוט צוליב דעם וואָס די לעצטע קאָנען זיך פֿאַרלאָזן איינער אויפֿן אַנדערן, בעת יעדער פּאַסאַזשיר באַזונדער האָט מורא אויב ער וועט מאַכן וועלכע עס איז ווידערשטאַנד באַוועגונג וועט ער דערשאָסן ווערן נאָך אײדער אַ צווייטער פּאַסאַזשיר וועט אים קומען צו הילף. אויב מיר וואָלטן געגלויבט, אַז דער גאַנצער וואַגאָן מענטשן וועט זיך גלייך אַנטקעגנשטעלן צוזאַמען מיט אונדז, דאַן וואָלט יעדער פֿון אונדז באַזונדער זיך אַנטקעגנגעשטעלט און באַן רויבערײַ וואָלט קיינמאָל נישט פּרובירט געוואָרן. עס זײַנען דעריבער פֿאַראַן פֿאַלן וואו אַ פֿאַקט קאָן בכלל נישט פֿאַסירן סײַדן עס איז לכתחילה פֿאַראַן אַ גלויבן, אַז ער וועט פֿאַסירן. און וואו דער גלויבן אין אַ פֿאַקט העלפֿט שאַפֿן דעם פֿאַקט, וואָלט דאָס געווען אַ משוגעגע לאָגיק, וואָס וואָלט זאָגן, אַז אמונה וואָס לויפֿט פֿאָראויס פֿון וויסנשאַפֿטלעכע באַווײַזן איז דער „נידעריקסטער סאָרט אוממאָראַלישקייט" צו וועלכן אַ דענקענדיקער וועזן קאָן זינקען, דאָך, אַזאַ איז די לאָגיק מיט וועלכע אונדזערע וויסנשאַפֿטלעכע אַבסאָלוטיסטן פּרעטענדירן צו רעגולירן אונדזערע לעבנס.

.10

אַזוי אַרום קומט אויס, אַז ביי אַזעלכע אמת׳ן, וואָס זײַנען אָפּהענגיק פֿון אונדזער פּערזענלעכער האַנדלונג, איז אמונה, באַזירט אויף פֿאַרלאַנג, אַ געזעצלעכע און פֿילייכט אַן אומבאַדינגט נויטיקע זאַך.

ווען מען אָבער זאָגן, אַז די פֿאַלן וואָס זיינען געבראַכט געוואָרן זיינען פון קינ־דיש מענטשלעכן אינטערעס, וואָס האָבן גאָר נישט צו טאָן מיט די וויכטיקע קאָסמי־שע ענינים ווי פֿראַגן פון רעליגיעזער אמונה. לאָמיר טאַקע איבערגיין צום דאָזיקן ענין. רעליגיעס אונטערשיידן זיך איינע פון דער אַנדערער אַזוי אין זייער צופעליקע אייגנשאַפטן, אַז ווען מיר דיסקוטירן די רעליגיעזע פֿראַגע מוזן מיר זיך אָפּשטעלן אויף די אַלגעמיינע עיקרים וואָס גייען אַריין אין יעדער רעליגיע. איצט לאָמיר זען, וואָס פֿאַרשטייען מיר אונטערן אויסדרוק רעליגיעזע היפּאָטעזע? די וויסנשאַפֿט זאָגט זאַכן זיינען פֿאַראַן; די מאָראַל זאָגט געוויסע זאַכן זיינען בעסער פון אַנדערע זאַכן; און רעליגיע זאָגט הויפּטזאַכלעך צוויי זאַכן.

ערשטנס, זאָגט זי אַז די זאַכן, וואָס זיינען פון אַ מער אייביקן כאַראַקטער, זייי־נען די בעסטע זאַכן, דאָס זיינען די זאַכן וואָס באַווייזן אַנדערע זאַכן, וואָס שפּילן אַ דעצידירענדע ראָלע אין אוניווערס און וואָס זאָגן דעם לעצטן וואָרט. „פֿולקומענהייט איז אייביק" — עס ווייזט אויס, אַז דער דאָזיקער אויסדרוק פון טשאַרלס סעקרעטאַן איז אַ גוטער אופֿן ווי אַזוי צו פֿאָרמולירן אָט די ערשטע באַיאָאונג פון רעליגיע, עס איז קלאָר, אַז דער אמת פון דערדאָזיקער באַיאָונג קאָן נאָך דערוויל לחלוטין נישט באַווייזן ווערן וויסנשאַפטלעך.

די צווייטע באַיאָונג פון רעליגיע איז, אַז עס איז אַפֿילו איצט בעסער פֿאַר אונדז אויב מיר גלויבן, אַז די ערשטע באַיאָונג איז אמת.

איצט לאָמיר באַטראַכטן וואָס אַזוינס זיינען די לאָגישע עלעמענטן פון דער דאָזיקער סיטואַציע אין פֿאַל די רעליגיעזע היפּאָטעזע אין אירע ביידע באַיאָונגען זאָל ווירקלעך זיין אמת. עס פֿאַרשטייט זיך, אַז מיר מוזן גלייך פון אָנפֿאַנג צוגעבן די דאָזיקע מעגלעכקייט. בכלל, קאָן די דאָזיקע פֿראַגע דיסקוטירט ווערן בלויז אויף דעם באַזיס פון אַ לעבעדיקער ברירה. אויב רעליגיע איז פֿאַר וועמען עס איז פון אייך אַזאַ היפּאָטעזע וואָס האָט נישט קיין לעבעדיקע מעגלעכקייט צו זיין ריכטיק, דאַן דאַרפֿט איר ווייטער נישט גיין. איך רייד בלויז צו די „איבערגעבליבענע" פֿאַר וועמען רעליגיע איז אַ לעבעדיקע ברירה.

אַזוי אַרום, זעען מיר ערשטנס, אַז רעליגיע דערשיינט פֿאַר אונדז אַלס אַ ברירה פון גרויס וויכטיקייט. די סברה איז, אַז אַפֿילו איצט געווינען מיר דורכן גלויבן עפּעס גוטעס, וואָס איז נויטיק פֿאַרן לעבן, און מיר פֿאַרלירן עס דורכן נישט גלויבן. צווייטנס, בנוגע אָט־דאָס גוטע איז רעליגיע אַ געצוואונגענע ברירה. מיר קאָנען נישט אויסמיידן דעם רעזולטאַט פון דער ברירה צו גלויבן אָדער נישט גלויבן, דורך דעם וואָס מיר וועלן פֿאַרבלייבן סקעפּטיש און וואַרטן ביז די זאַך וועט קלערער ווערן, מחמת, הגם מיר וועלן טאַקע אויף דעם דאָזיקן אופֿן אויסמיידן טעותים, אויב רעליגיע

איז נישט אמת, זיינען מיר אָבער זיכער צו פאַרלירן דאָס גוטע דורכן אָפּוואַרטן, אויב רעליגיע איז יאָ אמת, אַקוראַט ווי מיר זיינען זיכער זי צו פאַרלירן דורך אַ פּאָזיטיוון באַשלוס נישט צו גלויבן. עס איז פּונקט אַזוי ווי אַ מאַן וועט אָפּלייגן אויף אַן אומ־באַשטימטער צייט פאַרצושלאָגן אַ געוויסער פרוי זי זאָל מיט אים הייראַטן מחמת ער איז נישט אינגאַנצן זיכער אויב זי וועט זיך אַרויסווייזן צו זיין אַ מלאך, נאָך דעם ווי ער וועט זי ברענגען אַהיים. צי וועט ער דורך דעם באַשטימט נישט פאַרלירן די דאָ־זיקע געלעגנהייט חתונה צו האָבן מיט אַ מלאך אַקוראַט אַזוי ווי ער וואָלט גענומען און זיך פאַרבונדן מיט אַן אַנדער פרוי? אַזוי אַרום קומט אויס, אַז סקעפּטיציזם מיינט נישט אויסמיידן פון מאַכן אַן אויסוואַל, נייערט עס איז אַן אויסוואַל פון אַ געוויסן מין ריזיקע. בעסער צו ריזיקירן מיט פאַרלירן דעם אמת איידער צו ריזיקירן מיט מאַכן אַ טעות — דאָס איז גענוי די פּאָזיציע פון דעם, וואָס פאַרלייקנט אמונה. ער באַטיי־ליקט זיך אַקטיוו אין שפּיל אַקוראַט ווי דער גלויביקער; ער שטעלט זיך איין פאַר אַלע מעגלעכקייטן אַנטקעגן דער רעליגיעזער היפּאָטעזע פּונקט ווי דער גלויביקער שטעלט זיך איין פאַר דער רעליגיעזער היפּאָטעזע אַנטקעגן אַלע אַנדערע מעגלעכקייטן. דעריבער קומט אויס, אַז דאָס פּרעדיקן פון סקעפּטיציזם אַלס אַ פליכט ביז מע וועט געפינען „גענוגענדע באַווייזן" פאַר רעליגיע, איז דאָס זעלביקע ווי מען וואָלט אונדז זאָגן אַז, ווען מיר קומען פּנים אל פּנים מיט דער רעליגיעזער היפּאָטעזע איז קליגער און בעסער נאָכצוגעבן אונדזער מורא, טאָמער מאַכן מיר אַ טעות, איידער נאָכצוגעבן אונדזער האָפענונג, אַז אפשר איז דאָס טאַקע אמת. דעריבער, איז דאָס נישט אַ קאַמף פון אינטעלעקט קעגן אַלע עמאָציעס, נאָר עס איז בלויז דער אינטעלעקט מיט איין עמאָציע וואָס צווינגט אַרויף איר ממשלה. און מיט וואָס זיינען מיר באמת זיכער, אַז די העכסטע חכמה ליגט אין דער דאָזיקער עמאָציע?... אין ביידע פאַלן איז דאָ די מעגלעכקייט אָפּגענאַרט צו ווערן, און וואָס פאַר אַ באַווייז האָבן מיר, אַז אָפּגענאַרט צו ווערן דורך האָפענונג איז אַ סך ערגער ווי אָפּגענאַרט ווערן דורך מורא. איך אַליין זע נישט קיין באַווייז דערפאַר; און איך זאָג זיך פשוט אָפּ אויסצופאָלגן דעם וויסנ־שאַפטלערס באַפעל צו אימיטירן די ברירה פון סקעפּטיקער, אין אַזאַ פאַל וואו איך שטעל איין אין קאָן עטוואָס, וואָס איז פאַר מיר זייער וויכטיק, דאַרף מיר געגעבן ווערן דאָס רעכט אויסצוקלייבן מיין אייגענע פאָרמע פון ריזיקע. אויב רעליגיע זאָל זיין אמת און די באַווייזן פאַר דעם זאָלן נאָך אַלץ נישט זיין גענוגענד, וויל איך נישט פאַרלירן מיין איינציקן שאַנס אין לעבן זיך צו געפינען אויף דער געווינענדיקער זייט דורך דעם וואָס איך וועל אויסלעשן מיינע נאַטירלעכע נייגונגען (וועלכע, איך פיל האָבן נאָך אַלעמען דאָך עפּעס אַן אינטערעס אין דעם ענין) דורך סקעפּטיציזם — דער דאָזיקער שאַנס איז אָפּהענגיק פון מיין וויליקייט צו נעמען אויף זיך די ריזיקע פון

האַנדלען אויף אַזאַ אופן, אַזוי ווי מיינע עמאַציאַנעלע פּאָדערונגען אויפצופּאַסן די וועלט רעליגיעז וואָלטן געהאַט די מעגלעכקייט צו זיין אמת און פון אַ פּראַפּעטישן כאַראַקטער.

אַלץ וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געזאָגט איז באַזירט אויף דער סברא, אַז רעליגע איז, מעגלעך, אמת און פון פּראָפעטישן כאַראַקטער, און אַפילו פאַר אונדז, וואָס דיסקוטירן דעם ענין אויפן באַזיס פון דער דאָזיקער סברה, איז רעליגיע אַ לעבעדיקע היפּאָטעזע, וואָס קאָן זיין אמת. איצט, דאַרפן מיר נעמען אין באַטראַכט, אַז צו די מערסטע פון אונדז קומט רעליגיע אויף נאָך אַן אופן וואָס מאַכט דאָס צוריקווייזן פון אונדזער אַקטיוון גלויבן נאָך מער אומלאָגיש. דער מער פולקומענער און דויערענדער אַספּעקט פון אוניווערס ווערט פאַרגעשטעלט אין אונדזערע רעליגיעס אַלס אַזעלכעס וואָס האָט אַ פּערזענלעכע פאָרם. אויב מיר זיינען רעליגיעז איז פאַר אונדז דער אוניווערס ניט מער בלויז סתם אַן עפּעס, נאָר אַ דו; און יעדער שייכות וואָס איז מעגלעך צווישן איין מענטשן און צווייטן קאָן אויך מעגלעך זיין צווישן מענטשן און אוניווערס. למשל, הגם אין איין זין זיינען מיר פּאַסיווע טיילן פון אוניווערס, ווייזן מיר אָבער אין אַן אַנדער זין אַרויס אַן אויסערגעוויינלעכע זעלבסטשטענדיקייט, אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען קליינע אַקטיווע צענטערן אויף אונדזער אייגענעם חשבון. מיר האָבן אויך דעם געפיל אַזוי ווי רעליגיע וואָלט אַפּעלירט צו אונדזער אייגענעם אַקטיוון גוטן ווילן, פּונקט אַזוי ווי די באַווייזן פאַר דער רעליגיעזער היפּאָטעזע וואָלטן אויף אייביק צוריקגעהאַלטן געוואָרן פון אונדז, סיידן מיר גייען איר אַנטקעגן האַלב וועגס. לאָמיר נעמען אַן איינפאַכע אילוסטראַציע: ווען איינער וואָס געפינט זיך אין אַ געזעלשאַפט פון איידל־לייט וועט קיינעם נישט זאָגן קיין פריינטליך וואָרט, וועט פאַרלאַנגען אַ גאַראַנטיע פאַר יעדער קאָנצעסיע וואָס ער מאַכט, און ער וועט קיינעם נישט גלויבן אויפן וואָרט אָן באַווייזן, וועט ער דורך אַזאַ גראָבקייט פאַרלירן די געווינסן וואָס איינער מיט אַ מער צוטרויענדיקן כאַראַקטער וועט באַקומען דורך אָט־דעם געזעלשאַפטלעכן קאָנטאַקט — פּונקט אַזוי וועט זיין, ווען איינער וועט זיך איינשליסן אין די ענגע ראַמען פון בייזער און שטרענגער לאָגיק און וועט פּרובירן צווינגען די געטער, אַז זיי זאָלן מיט כח אַרויסקריגן זיין אָנערקענונג, אָניט וועלן זיי עס איבגאַנצן נישט קריגן, וועט ער מעגלעך דורך אַזאַ האַנדלונג אויף אייביק פאַרלירן די איינציקע געלעגנהייט זיך צו באַקאָנען מיט די „געטער". עס ווייזט אויס, אַז דער געפיל — מיר ווייסן נישט פון וואַנען ער ווערט אויף אונדז אַרויפגעצוואונגען — אַז דורכן עקשנות'דיקן גלויבן, אַז עס זיינען פאַראַן געטער (הגם עס איז לייכטער סיי פאַרן לעבן און סיי פאַר דער לאָגיק אַזוי נישט צו גלויבן) טוען מיר דעם אוניווערס די גרעסטע טובה וואָס מיר קענען, איז אַ טייל פון לעבעדיקן תמצית פון דער רעליגיע־

זער היפּאָטעזע. אויב די היפּאָטעזע איז אמת אין אַלע אירע טיילן, איינשליסנדיק אויך דעם דאָזיקן פּרט, דאַן וועט דער ריינער אינטעלעקטואַליזם וואָס פאַרבאָט אונדז ווי־ליק פריינטלעך אַנטקעגנצוקומען, זיין אַן אַבסורד; און לאָגישערווייז פאָדערט עס אין אַ געוויסער מאָס די באַטייליקונג פון אונדזער סימפּאַטישער נאַטור. איך, אַמווייניק־סטען, פאַרשטיי נישט ווי אַזוי מען קאָן אָננעמען די אַגנאָסטישע כּללים פאַר זוכן דעם אמת, אָדער עקשנותדיק באַשליסן צו באַזייטיקן מיינע נאַטירלעכע נייגונגען פון שפּיל. איך קאָן די דאָזיקע כּללים פון דענקען נישט אָננעמען צוליב דעם פּשוטן טעם: אַ כּלל וואָס וועט מיך אַבסאָלוט נישט דערלאָזן צו אָנערקענען געוויסע סאָרטן אמתן, אויב די דאָזיקע סאָרטן אמת׳ן זאָלן ווירקלעך עקזיסטירן, איז אַ איראַציאָנאַלער כּלל. פאַר מיר איז דאָס אַלץ, וואָס קאָן געזאָגט ווערן בנוגע דער פאָרמאַלער לאָגיק פון דער זאַך, עס מאַכט נישט אויס וועגן וואָס פאַר אַ אמת׳ן עס זאָל זיך קאָנקרעט נישט האַנדלען.

איך בין מודה, אַז איך זע נישט איין ווי אַזוי מען קאָן אויסמיידן די דאָזיקע לאָגיק. פון טרויעריקער דערפאַרונג, אָבער, האָב איך מורא, אַז אַ טייל פון אייך וועלן מעגלעך נאָך אַלץ זיך צוריקהאַלטן ראַדיקאַל אַרויסצוזאָגן צוזאַמען מיט מיר, אַז, בדרך כּלל, האָבן מיר דאָס רעכט אויף אונדזער אייגענער ריזיקע צו גלויבן אין וועל־כער עס איז היפּאָטעזע, וואָס איז לעבעדיק גענוג צו רייצן אונדזער ווילן. אויב דאָס איז אַזוי, האָב איך אַ פאַרדאַכט, אַז דאָס איז דערפאַר ווייל איר האָט זיך אינגאַנצן דערווייטערט פון דעם אַבסטראַקטן לאָגישן שטאַנדפּונקט, און דענקט (אפשר אומבאַ־וואוסט פאַר אייך גופא) פון אַ וועלכער עס איז פּאַרטיקולאַרער רעליגיעזער היפּאָטע־זע, וואָס איז פאַר אייך טויט. די פרייהייט צו „גלויבן וואָס מיר ווילן" ווענדט איר אָן אויף וועלכן עס איז קלאָרן פאַל פון אָבערגלויבן, און די אמונה פון וועלכער איר טראַכט, איז די אמונה, וואָס איז דעפינירט געוואָרן פון דעם שול אינגל אויף אַזאַ אופן: „ווען דו גלויבסט אין עפּעס וואָס דו ווייסט, אַז עס איז נישט אמת, דאָס איז אמונה". איך קאָן בלויז איבערחזרן, אַז דאָס איז אַ טעות. די פרייהייט צו גלויבן קאָן קאָנקרעט אָנגעווענדט ווערן בלויז אויף לעבעדיקע ברירות, אַזעלכע, וואו דער אינ־טעלעקט פון יחיד קאָן פאַר זיך אַליין נישט קומען צו אַ באַשלוס, און לעבעדיקע ברירות ווייזן זיך קיינמאָל נישט אַרויס אַלס אַן אַבסורד פאַר דעם יעניקן, וואָס דאַרף זיי באַטראַכטן כּדי צו קומען צו אַ שלוס. ווען איך באַטראַכט די רעליגיעזע פראַגע אַזוי ווי דער קאָנקרעטער מענטש פאַסט זי ווירקלעך אויף, און ווען איך טראַכט וועגן אַלע טעאָרעטישע און פּראַקטישע מעגלעכקייטן וואָס זי אַנטהאַלט, דאַן, איז דערדאָ־זיקער באַפעל, אַז מיר זאָלן אונטערדריקן אונדזערע אינסטינקטן, האַרץ, מוט און וואַרטן ביזן אין סוף אַריין, אָדער ביז צו אַזאַ צייט, ווען אונדזער אינטעלעקט, אַר־

בייטנדיק צוזאַמען מיט אונדזערע חושים, וועט מעגלעך צוזאַמענקלייבן געגוג באַ־וויזן — עס פאַרשטייט זיך, אַז דערוויל וועלן די האַנדלונגען זיין מער אָדער ווי־ניקער אַזוי ווי רעליגיע וואָלט זיין נישט אמת — זאָג איך, אַזאַ באַפעל וויזט מיר אויס צו זיין דער משונה׳דיקסטער פילאָזאָפישער געץ וואָס איז ווען עס איז געשאַפן געוואָרן. וואָלטן מיר געווען סכאָלאַסטישע אַבסאָלוטיסטן, דאַן וואָלט נאָך געווען וועל־כע עס איז אַנטשולדיקונג דערפאַר. וואָלטן מיר געהאַט אַזאַ אינטעלעקט, וואָס מאַכט קיין טעות נישט, און אַ דאַנק דעם באַזיצן די אָביעקטיווע זיכערקייט, וואָלטן מיר זיך דאַן געקאָנט פילן אומלאָיאַל צו אַזאַ פּערפעקטן אָרגאַן פון וויסן דורך נישט געטרויען אים אויסשליסלעך, און דורך נישט וואַרטן אויף זיין היתר צו האַנדלען. אָבער, אויב מיר זיינען עמפּיריציסטן, אויב מיר גלויבן נישט, אַז מיר פאַרמאָגן אין זיך אַזאַ גלאָק, וואָס קלינגט אָן, ווען מיר באַקומען דעם אמת, דאַן קומט עס ביי מיר אויס אַ שטיק פּוסטע פאַנטאַסטישקייט צו פּרעדיקן אַזוי ערנסט, אַז עס איז אונדזער פליכט צו וואַרטן ביז דער גלאָק וועט קלינגען. אינדערעמת׳ן מעגן מיר וואַרטן אויב מיר ווילן — איך האָף, אַז איך האָב נישט איבערגעלאָזט דעם איינדרוק, אַז איך לייקן אייער רעכט אויף דעם — האַנדלען מיר אָבער אַזוי, ריזיקירן מיר דערביי אויף אַזוי פיל אַקוראַט ווי ווען מיר וואָלטן גלויבן, אַז מיר פאַרמאָגן אין זיך דעם כוח צו וויסן דעם אמת. אין יעדן פאַל האַנדלען מיר, איינשטעלענדיק אונדזער לעבן דערביי. קיינער פון אונדז וואָלט נישט געדאַרפט אַרויסגעבן קיין פאַרבאָטן פאַר אַנדערע און מיר דאַרפן זיך אויך נישט וואַרפן מיט זידל־ווערטער. אדרבה, מיר וואָלטן געדאַרפט איידל און גרינטלעך רעספּעקטירן איינער דעם אַנדערנס געדאַנקלעכע פרייהייט, בלויז דאַן וועלן מיר פאַרווירקלעכן אַ רעפּובליק פון אינטעלעקט; בלויז דאַן וועלן מיר האָבן אָט דעם גייסט פון אינערלעכער טאָלעראַנץ, וואָס אָן דעם איז יעדע אויסערלעכע טאָ־לעראַנץ נשמה׳לאָז און דאָס איז דאָך די פּראַכט פון עמפּיריציזם; בלויז דאַן וועלן מיר לעבן און לאָזן לעבן, אין ספּעקולאַטיווע אַזוי גוט ווי אין פּראַקטישע זאַכן.

איך האָב אָנגעפאַנגען מיט אַן אַנדייט אויף פיץ־דזשיימס סטעפענס ביאָגראַ־פיע, דערלויבט מיר צו ענדיקן מיט זיינער אַ ציטאַטע: „וואָס דענקסטו וועגן זיך זעלבסט? וואָס דענקסטו וועגן דער וועלט?... דאָס זיינען פראַגן וועלכע יעדער איי־נער מוז זיי באַהאַנדלען, ווי אַזוי עס געפעלט אים אַמבעסטן. זיי זיינען רעטענישן פון ספינקס, און אויף אַזאַ אָדער אַנדערן אופן מוזן מיר זיך מיט זיי באַשעפטיקן... ביי אַלע וויכטיקע האַנדלונגען אין לעבן מוזן מיר אַ שפּרונג טון אין דער פינצטער... מיר האָבן די ברירה צו באַשליסן נישט צו פאַרענטפערן די רעטענישן; מיר האָבן אויך די ברירה נישט צו געבן קיין זיכערן ענטפער: אָבער וואָס פאַר אַ ברירה מיר זאָלן נישט אויסקלייבן, טוען מיר דאָס אויף אונדזער אייגענער אחריות. אויב אַ

מענטש באַשליסט צו נעמען אינגאַנצן אַ נעגאַטיווע שטעלונג בנוגע גאָט און עולם־הבא, קאָן עס אים קיינער נישט פאַרווערן; קיינער קאָן נישט באַווייזן, אַז ווערלכן עס איז צולאָזבאַרן ספק, אַז ער מאַכט אַ טעות; און אויב איינער נעמט אָן אַ פאַרקערטע שטעלונג, און האַנדלט אין הסכם מיט דעם, זע איך נישט אײן, אַז אימיצער זאָל קאָנען באַווייזן, אַז ער מאַכט אַ טעות. יעדער איינער דאַרף האַנדלען לויט ווי ער דענקט עס איז אַמבעסטן, און אויב ער מאַכט אַ טעות איז דער שאָדן זיינער. מיר שטייען אויף אַ שטעג וואָס געפינט זיך אויף אַ הויכן באַרג, אין מיטן פון אַ ווירבלדיקן שניי־שטורם אין אַ נעפּל, וואָס מאַכט טונקל די ראיה, דורך וועלכן מיר זעען פון צייט צו צייט עפּעס ווי שטעגן וואָס זיינען מעגלעך בלויז אילוזיעס. אויב מיר וועלן בלייבן שטיין אויף אַן אָרט, וועלן מיר פאַרפראָרן ווערן אויף טויט. מיר ווייסן נישט אויף זי־כער צי עס איז בכלל פאַראַן א ריכטיקער וועג. וואָס דאַרפן מיר טאָן? „זיי שטאַרק און פול מיט מוט! דיינע מעשים זאָלן באַצווועקן דאָס בעסטע, האָף אַז דאָס בעסטע וועט געשען, און זיי גרייט אויפצונעמען אַלץ וואָס וועט פאַסירן... אויב דער טויט איז דער סוף פון אַלץ, קאָנען מיר אים נישט באַגעגענען אויף אַ בעסערן אופן".

---

# אנא השם!

פון

## ל. נ. סווירער

אנא השם! באַשענק מיך מיט אריכת־ימים, גיב מיר לאַנגע גוטע יאָרן,
אַז איך, אני הקטן, אויספירן זאָל מיין שליחות
און אויסוואָרצלען פון דעם באַוואוסטזיין דעם זכות־אבות און חוב־אבות דאָרן;
און אויף זיין אָרט
פאַרפלאַנצן דאָרט
די רויטע רויז פון אייגענעם זכות, הן חוב, הן יחוס...

שוין וויפל שמיטות שעה׳ן, יובל׳ען רגע׳ס ווי איך שטיי מיט האַמער
און קלאַפּ פּולס־האַרציק אין פאַרזיגלטן קדושה טויער.
טאָ עפן אויף פאַר מיר מיין חדר מיוחד, מיין התבודדות־קאַמער,
די נשמה לאָז מיר זען, מיין שכינה׳ס פּנים אָן א שלייער...

# מעטאַפּאָריק *)

פון

## לייבוש לעהרער

4.

### די ראָלע פון ענלעכקייט און פאַרגלייך

אַ חוץ דעם וואָס שפּראַך איז ניט רייך גענוג אויסצודריקן אַלץ וואָס מיר לעבן איבער איז פאַראַן נאָך אַ בעגרענעצונג וואָס ליגט אין דער טבע פון שפּראַך. שפּראַך באַשטייט פון אָפּגעזונדערטע, פיקסירטע ווערטער; פון ווערטער שטעלן מיר צונויף זאַצן, פּאַראַגראַפן. מיר דריקן אויס אונדזערע געדאַנקען און געפילן אין באַשטימטע קאָנטעקסטן. מיר צעטיילן דאָס לעבן אויף טעמעס, ענינים, ווייל אַזוי פאָדערט דאָס מיטל דורך וועלכן מיר טיילן מיט דאָס וואָס מיר לעבן איבער — שפּראַך. אָבער די שאַרפסטע כאַראַקטעריסטיק פון אונדזער לעבנס־געפיל איז המשך, כסדר׳דיקייט, אַן אָנהאַלטנדיקער שטראָם וואָס רייסט זיך ניט איבער.

אונדזער שכל ווערט אין גאַנצן באַהערשט פון דער טבע פון שפּראַך. מיר טראַכטן אין טערמינען פון צעטיילטע פּונקטן, פון עפּעס און נאָך עפּעס. מיר שאַפן פון ווערטער לאָגישע אָרגאַניזאַציעס, און בויען אויס קאָנטעקסטועלע מעכאַניזמען וואָס פונקציאָנירן אין אַן אַטמאָספערע פון אָפּגעזונדערטע איינסן. דאָס איז בשום אופן ניט קיין געטרייע אָפּשפּיגלונג פונם געפיל פון פּסיכישער קאָנטינואיטעט.

זוכן מיר אַן אויסוועג פון אַ שווערער דילעמע, די אינווייניקסטע פּסיכישע רעאַליטעט רייסט זיך אויסצודריקן איר כסדר׳דיקן גאַנג. אָבער כדי מיר זאָלן בכלל זיך און אַנדערע קענען פאַרשטיין מוזן מיר אָנקומען צו דער לאָגישער אָרגאַניזאַציע פון באַזונדערע קאָנטעקסטן. מיר זוכן און בלאָנדזען, מאַכן טעותן און פאַרריכטן, און אָפט איז פּשוט אוממעגלעך צו געפינען אַן אויסוועג. וואָסערן צד מיר זאָלן ניט פּאָלגן מוז אַלץ דער אַנדערער בלייבן אומבאַפרידיקט.

*) זע אידישע שריפטן העפט 14—13 זז. 78—66.

אַזעלכע ווערטער ווי „גוט" און „שלעכט" דאַרפֿן אייגנטלעך איבערגעבן דעם כאַראַקטער פֿון געשעענישן אַזוי ווי מיר נעמען זיי אויף אין דער וועלט. אָבער אין דער שפּראַך זיינען זיי צוויי באַזונדערע ווערטער, יעדעס איז אומאָפּהענגיק און פֿול־שטענדיק אין זיך אַליין, אַזוי ווי עס וואָלטן באמת געווען אַזעלכע אַבסאָלוטן וואָס די צוויי ווערטער דאַרפֿן באַצייכענען. אין דער אמתן ווייסן מיר אַז „גוט" און „שלעכט" געהערן גיכער צו אַ לאַנגער באַוועגלעכער ליניע וואו עס איז גאָר קיין פּונקט ניטאָ וואָס זאָל וויזן וואו איינס ענדיקט זיך און דאָס צווייטע הייבט זיך אָן. ביידע זיינען פֿונם טיפּ „מער־ווייניקער", ד. ה. זיי כאַראַקטעריזירן מאָמענטן וואָס זיינען ניט אין גאַנצן גוט און ניט אין גאַנצן שלעכט, און פֿאַרוואַנדלען זיך שנעל איינס אין אַנדערן לויט באַדינגונגען פֿון לעבן, אָדער לויטן קאָנטעקסט וואו זיי געפֿינען זייער אויסדרוק.

אַזוי זעען מיר אַז עס איז פּשוט פֿאַראַן אַ טיפֿער תהום צווישן דעם כאַראַקטער פֿון שפּראַך און דעם כאַראַקטער פֿון פּסיכישן לעבן. פֿילאָזאָפֿן האָבן תמיד געשאַרפֿט זייערע מוחות אַרום די פֿראַגן פֿונם אַבסאָלוט, פֿון אוניווערסאַלן און פּאַרטיקולאַרן, פֿון אידעאַלע עקזיסטענצן, פֿון טראַנסצענדענטאַלע רעאַליטעטן, אַלץ אַזעלכע פּראָבלעמען וואָס די טבע פֿון שפּראַך רוקט אַרויס. מעגלעך אַז גערעכט זיינען טאַקע די וואָס האַלטן אַז דער כאַראַקטער פֿון שפּראַך איז טאַקע שולדיק אין דעם וואָס אַזעלכע פּראָבלעמען זיינען בכלל אויפֿגעהויבן געוואָרן.

די דילעמע איז בלי ספֿק אַ שווערע, אַ האַרבע. מיר דערפֿילן דאָס גאַנץ גענוג אין טאָג־טעגלעכן לעבן. ניט איין מאָל קומט אונדז אויס צו רעדן, פֿאָרמולירן, קלאַסי־פֿיצירן, אונטערשטרייכן, איבער׳חזר׳ן, צום סוף עגבערט אונדז אַ געפֿיל אַז מיר האָבן נאָך אַלץ ניט אָנגערירט דאָס עצם פּינטעלע פֿון דעם וואָס גייט אונדז אָן אַזוי שטאַרק. ווי אָפֿט האַלטן מיר אין איין טענה׳ן מיט עמיצן און צום סוף פֿילן מיר אַז מיר דאַרפֿן פֿאַרענדיקן מיט: „אָבער צו וואָס טויג דאָס גאַנצע רעדן אַז איר פֿאַרשטייט מיך ניט". פֿאַרוואָס זאָל טאַקע זיין אַזוי שווער צו זאָגן וואָס מען וויל? פֿאַרוואָס זאָלן מיר פֿילן אַז אַ שכלדיקער מענטש קען בשום אופֿן ניט באַנעמען וואָס מען זאָגט צו אים? קענ־טיק אַז עפּעס איז פֿאַראַן אין אונדזער לשון וואָס לאָזט ניט אַזוי לייכט איבערגעבן וואָס אויפֿן האַרצן קלייבט זיך אָן, וואָס לאָזט דאָס אפֿשר אין גאַנצן ניט איבערגעבן. שוין דאָס וואָס דער שכל מוז זיך כסדר באַוועגן אין די ראַמען פֿון אַ באַשטימטן קאָנ־טעקסט — און אַנדערש וואָלט דאָך אויסגעקומען ווי מען וואָלט גערעדט „פֿון דער היץ" — איז דאָך אַ סתירה צום לעבנס־געפֿיל וואָס פֿאַרמאָגט ניט אַזאַ געפּאַנצערטע ראַם אַרום זיך. אַפֿילו אין אַ פּשוטן שמועס איז אָפֿט זיך שווער צו האַלטן אין די גרע־נעצן פֿון אַ קאָנטעקסטועלער סיסטעם, („רעדן צו דער זאַך"), מסתמא דערפֿאַר ווייל דאָס אינווייניקסטע לעבן קען ניט פֿאַרטראָגן אַזעלכע גרענעצן פֿון אַרומגעצאַמטע סיסטעמען.

דער איינציקער אויסוועג וואָלט נאַטירלעך געקענט זיין עפּעס אַ פּשרה, מען זאָל עפּעס אויף אַ געוויסן אופן קענען אַריבערשפּאַנען די גרענעצן פון דער סיסטעם און דאָך בלייבן אין אירע ראַמען אין דער זעלביקער צייט. דאָס וואָלט, כאָטש טייל־וויז געקענט באַפרידיקן ביידע צדדים. עס וואָלט געקענט נאָכגעבן די פונדאַמענטאַלע פאָדערונגען פון שפּראַך און שכל און דאָך ניט צופיל אָפּפרעמדן זיך פונם לעבנס־געפיל. עס לוינט זיך קלאָרער איינצוזען די געווינסן אויב עס וואָלט מעגלעך געווען אַריבערצושפּאַנען די גרענעצן פון קאָנטעקסטועלע סיסטעמען און אויף אַזאַ אופן שאַפן אַן אינטימערע דערנענטערונג צווישן שפּראַך און פּסיכישן לעבן. אויב דאָס וואָלט נאָר מעגלעך געווען וואָלט געקענט זיין אַ נעענטערע קאָאָפּעראַציע צווישן צוויי קאָנטעקסטן, און ממילא העלער באַלייכטן געוויסע בשותפותדיקע אַספּעקטן וואָס קומען אַרויס בולט׳ער אין איין סיסטעם ווי אין דער צווייטער. עס וואָלט אויך באַפרידיקט יענעם דאָרשט פון אונדזער לעבנס־געפיל וואָס רייסט זיך צו זען איינקייט אין פילקייט, צו פילן אן איינציקן אַלץ־ארומנעמענדיקן פּרינציפּ וואָס בינדט צונויף ווייטע שטראָמען — ווי, למשל, די געגעבענע פאַרשיידענע קאָנטעקסטן — אין ים פון אונדזערע איבערלעבענישן. עס קען אויך זיין נאָך אַ געווינס. ווען מיר פאַרבינדן צוויי פאַרשיידענע קאָנטעקסטועלע סיסטעמען און האַלטן אויף, אין דער זעלביקער צייט, די באַזונדערע לאָגישע איינהייטלעכקייט פון אַ הויפּט טעמע, איז מעגלעך אַז די ניי־געבוירענע שייכותן זאָלן בולט׳ער אַרויסשטעלן גראָד יענע אספּעקטן פון דער הויפּט סיסטעם אין וועלכע מיר נייטיקן זיך. אָבער איז אַזאַ מאַניפּולאַציע מיט שפּראַך־סימבאָלן בכלל מעגלעך? יאָ, זיכער, און אין דעם באַשטייט טאַקע די עיקר פונקציע פון רעטאָרישן פאַרגלייך.

דאָס איז אייגנטלעך די מעטאָדע וואָס מיט איר האָט זיך באַנוצט ש. ניגער אין זיין פריער־געבראַכטער באַמערקונג, לאָמיר זיך דערמאָנען: ער האָט אויפגעהאַלטן דעם אַלטן טייטש פון וואָרט „שכן“, און אַריינגעגעבן אַ נייעם אינהאַלט אין וואָרט „לענדלאָרד“. אויף אַזאַ אופן זיינען מיר פּאַקטיש ארויסגעקומען מיט צוויי באַזונדערע קאָנטעקסטן וואָס האָבן פיגורירט אין איין טעמע. די איינקייט פון דער טעמע איז געבוירן געוואָרן אויף אַ געוויינטלעכן מעטאַפאָרישן אופן. אַזוי שנעל ווי „לענדלאָרד“ האָט זיך אַריינגעפּאַסט אין אַן אַנדער קאָנטעקסט האָט ער דאָרט אויסגעדריקט די חשיבות פון אַ מענטשן וואָס האָט דאָס רעכט צו זיין דער באַלעבאָס איבער עפּעס, אַ מענטש וואָס פאַרדינט אַ פּריווילעגירטע פּאָזיציע. דער דאָזיקער נייער קאָנטעקסט רעפלעקטירט צוריק אויפן אַלטן קאָנטעקסט פון „שכן“ און הייבט פון אים אַרויס די אייגנשאַפט וואָס באַצייכנט אַ וויניקער פּריווילעגירטע פּאָזיציע אין פאַרגלייך מיט „לענדלאָרד“. אַזוי אַז אַ לעגאַלער אונטערשייד אין שייכות צו אַ מאַטעריעל פאַרמעגן, אַ הויז, איז געוואָרן אַ גייסטיקער אונטערשייד צווישן פּאָזיציעס אין לעבן. דאָס וואָס

דער אַלטער קאָנטעקסט פֿון „שכן" ווערט אויפֿגעהאַלטן (דורך באַנוצן דאָס וואָרט „הויז"), דער באַגריף „לענדלאָרד" ווערט געביטן און עס ווערט געשאַפֿן א נייע פֿאַר־בינדונג צווישן זיי, אָט דאָס הייסט אַריבערשפּאַנען די גרענעצן פֿון קאָנטעקסטועלע סיסטעמען. דער איינדרוק אַז עפּעס איז אַזוי, כאָטש מען ווייס אַז עס איז אויך אַנדערש, דאָ ליגט, דאַכט זיך מיר, די ספּעציפֿישע הנאה פֿון רעטאָרישן פֿאַרגלייך, פֿון דער גאַנצער מעטאַפֿאָרישער מעטאָדע אין טעגלעכן אומגאַנג און אין קינסטלערישן שאַפֿן.[5]

איך האָב נאָך אַלץ ניט באַרירט אַ פּונקט וואָס דאַרף אייגנטלעך זיין דער ער־שטער זיך צו וואַרפֿן אין די אויגן. איך האָב אין זינען דעם מאָמענט פֿון ענלעכקייט. מען וואָלט געקענט זאָגן אַז ניט בלויז איז דאָס אַ וויכטיקער פּונקט, נאָר עפּעס וואָס ליגט שוין אין סאַמע באַגריף „פֿאַרגלייך". ווארים וואו עס לאָזט זיך פֿאַרגלייכן מוז זיין עפּעס וואָס מיר האַלטן אַז עס איז גלייך. דאָך רעכן איך אַז עס איז גוט וואָס מיר האָבן אָפּגעלייגט דעם דאָזיקן מאָמענט ביז איצט. ווארים כאָטש ענלעכקייט, אין אַ געוויסן זינען, מוז זיין דער באָדן פֿון מעטאַפֿאָריק בכלל, קען מען אָבער לייכט מאַכן אַ טעות. דאָס איז באַזונדערס ריכטיק ווען מיר האָבן אין זינען די פֿאַרשפּרייטע טענ־דענץ צו וועלן זען אין אַ פֿאַרגלייך אַ פֿאָרמעלע פֿיזישע ענלעכקייט צווישן צוויי אָב־יעקטן.

מיר האָבן שוין געזען גענוג פֿאַרגלייכן וואָס נעמען ניט אַריין קיין שום פֿיזישע ענלעכקייט. מיר האָבן אויך געזען אַזעלכע וואָס טאָרן ניט האָבן קיין ענלעכקייט אין דעם זינען ווייל זיי דריקן אויס אַקוראַט דעם היפּוך דערפֿון. איך מיין דאָ די פֿיגורן וואָס ברענגען אַרויס ניט־שייכות׳דיקייט. אַ חוץ דעם, וואָסערע פֿאַרדינסטן קענען ליגן אין סתם צונויפֿברענגען קיילעכיק מיט קיילעכיק, רויט מיט רויט, פּליסיק מיט פּליסיק, אאז״וו? ווען מיר שטעלן אָבער דעם טראָפּ אויף דערנענטערן צוויי קאָנטעקסטן ווערט אונדז דער ענין ענלעכקייט אַביסל קלאָרער.

דערנענטערן קאָנטעקסטן הייסט אונטערשטרייכן זייערע שייכות׳דיקע טיילן, גרופּירן זיי, אַוועקשטעלן זיי אַזוי אַז מען זאָל זיי זען אָדער דערפֿילן ווי אַן איינס. דאָס איז אין דער ערשטער שורה אָפּהענגיק פֿון די פֿאַרשיידענע ענלעכקייטן וואָס מען קען געפֿינען צווישן זיי. מיר גרופּירן אָביעקטן לויט זייער פֿאָרם, קלאַנג, קאָליר, רוימלעכן שטח וואָס צווישן זיי, לויטן צייט־אָפּשניט וואָס צווישן פֿאַרשיידענע פֿונק־ציעס, אאז״וו. ממילא איז ענלעכקייט אין זיך גופא קיין שום מעלה ניט אין רעטאָרישן פֿאַרגלייך. די מעלה ליגט בלויז אין דער מעגלעכקייט וואָס דאָס גיט אונדז אויסצו־בויען אַ געהעריקע גרופּירונג, ווייל דאָס קען דינען ווי אַ פֿונדאַמענט פֿונם ווייטער־דיקן פֿאַרגלייך.

פֿון דעם קען מען שוין אויך אַרויסזען די פֿאַלשקייט פֿונם איינדרוק אַז די

ענלעכקייט דאַרף זיין פונם פיזישן מין. מיר האָבן שוין געזען אויסגעצייכנטע פאַר־גלייכן וואָס האָבן לחלוטין ניט קיין פיזישע ענלעכקייט צווישן זיך, כאָטש אַנדערע יאָ. אָבער וויכטיקער איז צו געדענקען אַז אין דער מעטאַפאָרישער מעטאָדע האָבן מיר צו טאָן ניט מיט פאַרגלייכן זאַכן נאָר קאָנטעקסטן. דאָרט וואו פיזישע ענלעכקייטן קענען אַרויסגעבראַכט ווערן איז דאָס אַ גוטער אָנהייב צו גרופירן די פאַרשיידענע קאָנ־טעקסטן. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן צו טאָן מיט פאַרצווייגטע קאָנטעקסטן איז יעדע זאַך אַן אויסדרוק ניט בלויז פון איר מאַטעריאַליטעט נאָר אויך פון אַ סך דעליקאַטערע שטריכן וואָס זי טראָגט אַריין אינם קאָנטעקסט און נעמט פון אים אַרויס. איך האָב געלייענט הונדערטער פאַרגלייכן וואו מען קען כמעט מיט זיכערקייט מיינען אַז די פאָרמעלע פיזישע ענלעכקייט איז אין זיי דער עיקר. אָבער איך האָב ניט געפונען קיין איינציקן פאַל וואו דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין ריכטיק נאָך אַ טיפערן אַנאַליז. איך האָב אומעטום געפונען גאָר אַן אַנדער שטאָף וואָס וועגט וויט אַריבער די פיזישע ענלעכקייט, ווייל עס שאַפט דעם כאַראַקטער פון די פאַרגליכענע קאָנטעקסטן.

א ביישפּיל וועט דעם ענין קלאָרער ארויסברענגען. איך וועל זיך באַנוצן מיט צוויי שורות פון א. לוצקיס אַ ליד:

„וואָסערן לויפן אויפן שטיין
און ציען צעפּ איבער אים.״

דאָס ערשטע וואָס וואַרפט זיך אפשר אין די אויגן איז די פיזישע ענלעכקייט צווישן דינע געדרייטע שטראָמען וואָסער און צעפּ. אָבער אַ ווייטערדיקער אַנאַליז דערזעט אין די צוויי שורות גאָר עפּעס אַנדערש. קודם כל ווערן דאָ וואַסערן פאַרגליכן צו לעבעדיקע באַשעפענישן (לויפן, ציען). דער פאַרגלייך צווישן וואָסער און צעפּ קען בשום אופן ניט זיין קיין וויזועלער. די ענלעכקייט איז ניט אין פאָרם, ניט אין קאָליר, עס איז א קינעסטעטישע ענלעכקייט, די ענלעכקייט פון א ריין דינאַמישן „געדרייט און געפלאָכטן״. דער „שטיין״ איז אויך כולל אַ פאַרגלייך צו א מענטשלעכן קאָפּ דאָס בילד וואָלט ממש אָפּגעשטאָרבן ווען מען זאָל האָבן דאָס געפיל פון צעפּ וואָס א פאַ־ריקמאַכער פלעכט פון טויטע האָר.

די צוויי שורות זיינען אַ טייל פון אַ ליד וואו די ווערטער באַקומען זייער לע־בעדיקן מיין אין געגעבענעם קאָנטעקסט. די שטראָמיקע וואַסערן דריקן אויס אַ פרילינגדיקן אויפּפראַל פון ניי לעבן. פאַראַן אין זיי שטילע שיינקייט, טיפע אימפּול־סיווקייט, שטיפערישע יונגקייט און אַן אינווייניקסטע וואַרעמקייט וואָס נעמט אַלץ אַרום. די דאָזיקע פסיכישע קוואַליטעטן פאַרמירן דעם כאַראַקטער פון די וואַסערן וואָס לויפן אויפן שטיין. וואָס טיפער מיר טראַכטן זיך אַריין אין די צונויפגעפּאָרטע „צעפּ״ און „וואָסערן״ אַלץ מער באַמערקט מען אַז די פיזישע ענלעכקייט איז אין גע־פיל פון באַוועגונג, צווישן דעם לויפן פון וואַסערן און דעם פלעכטן זיך פון צעפּ.

אָבער דאָס איז בכלל ניט דער עיקר. וואָרים שיינקייט, אימפּולסיוויקייט, יונג לעבן, וואַרעמקייט, זיינען ענלעך צו די געפילן וואָס מיר לעבן איבער אין די געוויינטלעכע קאָנטעקסטן וואו „צעפּ״ שפּילט אַ ראָלע. עס קומט נאָך צו אַ דינער עראָטישער וואונק וואָס די קאָנטעקסטועלע סיסטעם „וואַסערן״ האָט פון זיך אַליין ניט געגעבן.

מען מוז מודה זיין אַז ביים גרופּירן אָביעקטן רייסן מיר זיך קודם כל צו פּי־זישע ענלעכקייטן. דאָס נעמט זיך דערפון וואָס אין פיזישע סימנים פילן מיר מער באַ־שטימטקייט און זיכערקייט. ממילא וואַרפן זיי זיך מער אין די אויגן. מהאי טעמא וועלן מיר זיי געפינען אפשר אין דער גרעסטער צאָל פאַרגלייכן. אָבער אַ שרייבער, אָדער אַ רעדנער, מיט אַ טיפערן בליק אויף דער וועלט וועט אַרויסברענגען זייער געלונגענע פאַרגלייכן דורך גרופּירונגען וואו קיין פיזישע ענלעכקייטן זיינען אין גאַנצן ניטאָ.

רעטאָריקער האָבן שוין לאַנג באַמערקט אַז די מעטאַפאָרישע עפעקטן ווערן דערהויבן, באַקומען אַ דינע שאַרפקייט ווען די צווייַ טיילן פון פאַרגלייך זיינען שטאַרק דערווייטערט אין אינהאַלט. דערפון שעפּט אירע כוחות די פּערזאָניפיקאַציע. דערפון שטאַמען אויך די עפעקטן ווען גייסטיקע אָדער כמו־גייסטיקע אָביעקטן ווערן אָנגעפילט מיט מאַטעריאַליטעט (למשל: שטיקער פינסטערניש.).

אָבער אין אַזעלכע פאַלן, דערקלערן רעטאָריקער, נעמט זיך אונדזער הנאה ניט פון סתם ווייטקייט צווישן די פאַרגליכענע זאַכן נאָר דערפון וואָס מיר פילן אָן די זאַכן מיט אייגנשאַפטן וואָס זיינען אונדז באַזונדערס ליב. דאָס ווערט דערגרייכט דע־מאָלט ווען מיר מאָלן ניט־לעבעדיקע זאַכן דורך לעבעדיקע שטריכן, אָדער גייסטיקע אינהאַלטן דורך פיזישע סימנים. אין לעבן און מאַטעריע פילן מיר ווירקלעכקייט, ממשות, ממילא אַפּעלירט עס צו אונדז מער. אָבער ווי שוין באַמערקט איז דאָס בשום אופן ניט קיין מוז אין דער מעטאַפאָרישער מעטאָדע. וואָרים עס איז אַ טעות צו מיי־נען אַז די לכתחילה׳דיקע ענלעכקייטן זיינען דער עיקר פונם פאַרגלייך. זיי זיינען בלויז אַ מיטל צו דערנענטערן, צו גרופּירן, כדי מיר זאָלן שפּעטער קענען אויפבויען דעם פאַרגלייך.

ביאַלאָסטאָצקי, למשל, בויט אויף אַ פאַרגלייך דורך אַריינברענגען מאַטעריא־ליטעט אין דער פיגוראַטיווער זייט:

„פאַלט פלוצלונג דער געדאַנק אַן אָפּגעריסענער פון קאָפּ
אַראָפּ
ווי ס׳פאַלט פון מויל אַ ביסן ברויט״.

מ. ל. האַלפּערן כאַראַקטעריזירט זיך:

„אַצינד בין איך די שרעק אין דרויסן פאַר מיין טיר״.

דאָ האָבן מיר פונקט אַ פאַרקערטע מעטאָדע. דער מענטש ווערט פאַרגליכן מיט שרעק, וואָס איז אַ גייסטיקער באַגריף. בכלל ווייסן מיר אַז אַ געדאַנק קען זיין „שאַרף ווי אַ

בריטוועי". מיר ווייסן אָבער אויך אַז א זאַך קען זיין "דין ווי א געדאַנק".

אָבער דאָס וואָס רעטאָריקער האָבן באַמערקט וועגן אינהאַלטלעכער ווייטקייט בכלל איז אַן ענין וואָס פאָדערט מען זאָל אים ניט פאַרבייגיין אגב אורחא׳דיק, ווייל דאָס איז אַן עיקר טעזיס פון דער דאָזיקער אַרבעט. דאָס האָט זייער אַ נאָענטע שייכות צו מיין פריערדיקן געדאַנק אַז אַ הויפּט פונקציע פונם רעטאָרישן פאַרגלייך באַשטייט אין אַריבערשפּאַנען די גרענעצן פון קאָנטעקסטועלע סיסטעמען.

עס קען קיין ספק ניט זיין אַז אינהאַלטלעכע ווייטקייט פון פאַרגליכענע מאָמענטן, אָדער ווען זיי זיינען קאָנטראַסטן — וואָס דאָס איז דער שאַרפסטער אויסדרוק פאַר אינהאַלטלעכער ווייטקייט — איז אין זיך אַליין בכוח אויפצובליצן אין אונדזער דמיון מיט רייכקייט, פרישקייט און סטימולירנדיקער הנאה. דאָס שטילט אונדזער מאָניסטישע תאווה. מיר פילן אַזאַ טיפע באַפרידיקונג ווען מיר באַמערקן אַז זאַכן וואָס האָבן, אין פלוג, כמעט קיין שייכות ניט צווישן זיך ווערן פונדעסטוועגן באַהערשט פון עפּעס אַ טיפערער איינהייטלעכער כאַראַקטעריסטיק. און וואָס מער דערווייטערט עס זיינען די מאָמענטן וואָס דער מעטאַפאָרישער פּראָצעס קלייבט אויס אַלץ שאַרפער איז באַטירלעך אונדזער הנאה. ווי ווייט און פרעמד עס זיינען אַזעלכע זאַכן ווי "וואַסער" און "צעפּ", "באַק" און "ברויט", "געלעכטער" און "פאַלנדיקע ניס", און דאַך, דאָס פיינע מענטשלעכע אויג גיט אַ טיפערן קוק, און פון הינטער דער ווייטקייט און פרעמדקייט שווימט אַרויס אַן אויפגעלויכטענער אינהאַלט וואָס פאַרברידערט און באַהעפט, און הייבט אַרויס אַן איינקייט איבער אַלע פילקייטן.

דאָס פאַרשטאַרקט אין אונדז א געפיל פון פאַרגעניגן וואָס מיר האָבן תמיד ווען עפּעס אין דער אָביעקטיווער וועלט באַשטעטיקט עס. מיר פילן אַז די מאָמענטאַלע, דירעקטע איינדרוקן פון זאַכן אין דער וועלט זיינען בלויז אַ קליינע הקדמה צו דער מעשה, אַזוי צו זאָגן. אונדזער גייסטיק לעבן וויל עפּעס מער, און נאָך מער. און אָט קומט דער פאַרגלייך און ווייזט אונדז נייע אַספּעקטן וואָס זיינען ביז איצט געלעגן פאַרבאָרגן.

5) אויף אַן ענלעכן אופן לאָזט זיך דערקלערן די הנאה פון לייענען און דערציילן מעשות, זע וועגן דעם מיין "פּסיכאָלאָגיע פון ליטעראַטור", 1926, קאַפּיטל 3.



# ארויס פון גן־עדן

## אַ מיסטעריע אין בילדער און דיאַלאָגן

פון

## פ. מעלער

### בילד פינף

#### די דיסקוסיע מיט דער אורמוטער תהו־ובהו

דער קב״ה איז ריזיק אויסגעוואַקסן. ער האָט אַ באַשטימטע סטאַטור, אַן אויסגעשניצטע פיגור מיט גלידער פּראָפּאָרציאָנעל אײַנגעטיילטע. זײַנע פוספלאַכן פילן אָן דעם חלל פון דער גאַנצער וועלט. די הויך פון יעדער פלאַך איז דריי מאָל צענטויזנט מאָל טויזנטער פּרסאות. די פלאַך פון זיין רעכטער פוס הייסט פּרסימי״א אטרקט״ט, און פון דער לינקער הייסט אנתמ״ן.

פון זיין רעכטער פוספלאַך ביז זיינע קנעכלעך איז טויזנט מאָל צענטויזנט און פינף הונדערט פּרסאות די הויך, דאָס אייגענע פון דער לינקער פוס. די קנעכלעך פון זיין רעכטער פוס הייסן תצב״מתניה, טששק״ס, און פון זיין לינקער פוס — אסתמ״ן.

פון זיינע קנעכלעך ביז צו דער קני פון זיין רעכטער פוס איז נײַנצן טויזנט און פיר פּרסאות די הויך, און אַזוי אויך פון זיין לינקער פוס. דער שענקל פון זיין לינקער פוס הייסט קנגנ״י מהרי״ח מטסקו״ס און פון זיין רעכטער פוס הייסט ממג״א וזי״א.

פון זיין רעכטער קני ביז צו זיין רעכטן דיך, איז צוועלף צענטויזנטער און טויזנט און פיר פּרסאות די הויך און אַזוי אויך פון זיין לינקער קני ביז זיין לינקן דיך מגהב״ו הרי״ח איז איר נאָמען. זיין רעכטער דיך הייסט ששפוס״ת פרס״ב און זיין לינקער דיך הייסט תפג״ט חזיזא.

פון זיין דיך ביז זיין האלדז איז פיר און צוואַנציק טויזנט מאָל צענטויזנט פּרסאות. און די טאַליע פון זיינע לענדן הייסט מותניה״ו אתסגס״ה ידידי״ה. און אויף זיין האַרצן זיינען אָנגעשריבן זיבעציק נעמען: צץ, צדק, צחיאל, צור, צבי, צדיק, סעף,

סרעף, בוחן, צבאות, שדי, אלהים, יה, והי, צח, דגול ואדום, ססס, עאא, אאא, איא, אהו, רביה, הה, הו, וה, צצץ, פפף, כן, חה, חי, חי, חי, רוכב ערבות יה, הה, וה, ממם, ננן, הוו, יה, חפץ, הצץ, אי, זא, תעא, אעא, קקק, קשר, רז, זך, גבור, יא, יא, יוד, האן, אלף, דימן, פאף, כוף, ראו, ייי, ייא, כבב, טטט, בכך, פלל, סיים, אותיות. געבענטשט איז דער ערע־נאמען פון זיין קעניגרייך אויף אייביק אייביק.

זיין האלדז האלט דרייצען טויזנט מאָל צענטויזנט און אַכט הונדערט פרסאות. די הויך פון זיין האלדז הייסט סנגיה״ו ובהתיק״ן. דער רונדארום פון זיין קאָפּ איז דריי הונדערט טויזנט מאָל צענטויזנט און דריי און דרייסיק פרסאות און א דריטל פרסה, אַ צאָל וואָס די מויל קען ניט אַרויסריידן און דער אויער קען עס ניט הערן. ער הייסט את״ר־הודרי״ה־עטסי״ה־עטטי״ה. די ברייט פון שטערן איז ווי די הויך פון האלדז, און די לענג פון די וואנסעס איז ווי די לענג פון נאָז. די לענג פון נאָז איז ווי די לענג פון קליינעם פינגער. די הויך פון די באַקן איז א העלפט פון דעם רונדארום פון דעם קאָפּ. זיינע ליפּן האַלטן זיבן און זיבעציק פרסאות. זיין אויבערשטע ליפּ הייסט גבורה טי״א און זיין אונטערשטע ליפּ הייסט הזרגי״א. זיין מויל איז אַ פייער וואָס פאַרצערט פייער און בשעת זי רעדט הייסט זי אסדר״א. זיין באָרד איז עלף טויזנט און פינף הונדערט פרסאות, ער הייסט הדר״ק סמי״א. דער אויסזען פון זיין פּנים איז ווי דער אויסזען פון זיינע באַקן אין דער געשטאַלט פון אַ גייסט און אין דעם אַנבליק פון אַ נשמה וואָס קיין באַשעפעניש קען ניט דערמאָנען. זיין קערפּער איז ווי גאָלדשטיין, זיין שיין לייכט מורא׳דיק פון דער פינצטערניש אַרויס, און אַ וואלקן און א נעפל רינגלען אים אַרום, און אַלע פונאינעווייניקדיקע האַרן און שרפים שטייען פאַר איר ווי אַיינגעאָרדענט... דער נאָז הייסט לגבתיי״א, ער הייסט אברג״ג טטפי״ה. זיין צונג איז פון עק וועלט ביז עק וועלט. ער הייסט אססגייה״ו ואיי״א, די ברייט פון שטערן הייסט מסס״גייהו־ינאיי״א־נג״ס. און אויף זיין שטערן שטייט אָנגעשריבן: ייהו, חה, יוה, ויה, הא, הי, הי, הי, הא, הה, ווה, ייי, הו, ויהו, הה, יה, אי, הה, יה, יה, יא, הו, הו. ויהיי, היה, יהו, הס, הא, חיה, ויה.

דער שוואַרצאפּל פון זיין רעכטן אויג האלט עלף טויזנט און פינף הונדערט פרסאות, אזוי אויך פון זיין לינקען אויג. דער שארצאפּל פון זיין רעכטן אויג הייסט אזרי״ה אטטיטו״ס און זיין שר׳ס נאָמען איז שמו־רהביא״ל־ועל־שהוא״ל־מט״ט־גרופמ״ציא. און די פונקען וואָס קומען אַרויס פון אים לייכטן פאַר אַלע באַשעפענישן. דער ווייסל פון זיין רעכטן אויג האלט צוויי און צוואנציק מאָל צענטויזנט און צוויי פרסאות, און אזוי אויך פון לינקן אויג. און זיין נאָמען איז בזקוח״א. די ברעמען האָבן די זעלבע מאָס וואָס די אויגן. דער רעכטער ברעם הייסט הד״ר וול״ד, דער לינקער

הייסט אפד״ה צציה״ו. די הויך פון די עווערן איז ווי די הויך פון שטערן. דער רעכ־טער אויער הייסט אצטהיי״א, דער לינקער — צצי״א.

פון זיין רעכטן שולטער ביזן לינקן שולטער איז זעכצן טויזנט מאָל צענטויזנט פּרסאות. דער רעכטער שולטער הייסט מטטגריי״א ענג״ן. דער לינקער רופט זיך תתמהינט״ה און ער האָט אויך אַן אַנדער נאָמען — שלמ״ה יבניא״ל. פון זיין רעכטן אָרעם ביזן לינקן איז צוועלף טויזנט מאָל צענטויזנט פּרסאות. זיינע אָרעמס זיינען טאָפּלטע. דער רעכטער ארעם הייסט גברהזזי״ה־עכבו״י, און דער לינקער — מטטגה״צציהו.

די פינגער פון זיינע הענט: פופצען טויזנט מאָל צענטויזנט פּרסאות האַלט איט־לעכער פינגער פון דער רעכטער האַנט, דאָס אייגענע פון דער לינקער האַנט. פון דער רעכטער האַנט — תתמ״צמק, גגמ״ות, גגש״מש; און פון דער לינקער האַנט — ת״ק, מ״ף, תתמ״ת, אגגמ״ק, אגמ״ת־ושושנים. און מע רעכנט פון גראָבן פינגער און אזוי ווייטער. די דלאָניע פון זיין רעכטער האנט — פיר טויזנט מאָל צענטויזנט פּרסאות, דאָס אייגענע פון דער לינקער האַנט. די דלאניע פון דער רעכטער האנט הייסט הזזי״א־אטגריי״ה, און פון דער לינקער — אשהוזי״ת. די פינגער פון זיין רעכטער פוס — צען טויזנט מאָל צענטויזנט פּרסאות האלט איטלעכער פינגער, דאָס אייגענע פון דער לינ־קער פוס. די פינגער פון דער רעכטער פוס הייסן: אתרמ״ק, אדרמ״ת, ברמנ״ם, ברתהמי״ם, ואהו״ז, און פון דער לינקער פוס — זכיי״ן, כזכיי״ן, התמ״ת, אהו״ז.

די קרוין אויף זיין קאָפּ האלט פינף הונדערט טויזנט ביי פינף הונדערט טויזנט פּרסאות און זי הייסט י״ש. און דער קאָסטבאַרער שטיין וואָס צווישן די ווינקלען פון י״ש הייסט עמו־אל״י־יש־עמי־אלי. און עס איז אויסגעקריצט אויף איר: „מיין גע־ליבטער איז קלאָר און גערויטלט, די פּאָן פון צען טויזנט. זיין קאָפּ איז פיין גינגאָלד, זיינע לאָקן געקרייזלט, שוואַרץ ווי דער ראָב. זיינע אויגן ווי טויבן ביי בעכן פון וואַ־סער, געבאָדן אין מילך, אַריינגעזעצט אין פולן. זיינע באַקן ווי אַ בייט בשמים, די לענג צוויי טויזנט מאָל צענטויזנט פּרסאות, ווי טורעמלעך געווירצן; זיינע ליפּן ליליען וואָס טריפן פליסיקע מירע. די הענט זיינע גילדערנע וואַלצן מיט גאָלדשטיין באַזעצט. זיין לייב אַ שטיק עלפנביין מיט סאַפּירן באַדעקט. זיינע שענקלען מירמלזיילן געגרונט־פעסט אויף שוועלן פון גינגאָלד; זיין אנבליק ווי דער לבנון, אויסדערוויילט ווי די צע־דערן. זיין גומען איז זיסקייט, און ער איז אינגאַנצן אַ גלוסטיקייט. דאָס איז מיין גע־ליבטער, און דאָס איז מיין פריינט, טעכטער פון ירושלים". אגטיה, טחון, יחון, טוב, טהור, יוד, יוד, יהיה, חסין, חסין.

הייליק, הייליק, הייליק איז יהוה צבאות, עס איז פול די גאַנצע וועלט מיט זיין כבוד.

ווי גרויס איז אַ פּרסה? יעדע פּרסה האלט דריי מייל, און איטלעכער מייל

האלט צען טויזנט איילן, און יעטוועדער אייל איז צוויי שפאן געמאסטן לויט זיין, דעם קב״הס, שפאַן, און זיין שפּאַן איז די גרויס ווי די גאַנצע וועלט. אַזוי אַז די הויך פון קב״ה איז צענטויזנט מאָל צענטויזנט מאָל צענטויזנט מאָל טויזנטער פּרסאות און טויזנט מאָל טויזנטער מאָל צענטויזנטער פרסאות די ברייט.

עס באַווייזט זיך די געשטאַלט פון אַ פרוי, דאָס איז די אורמוטער תהו־ובהו. זי קומט צו נענטער, דערזעט דעם קב״ה. זי וויינט זיך פאַנאַנדער.

תהו־ובהו. זונעלע מיינער, וואָס איז פון דיר געוואָרן ?! ביסט פאַרפרעמדט פון אייגענעם אָפּשטאַם. גוואַלד געשריען! סי דאָך, ממש, אַ שרעק אַ קוק צו טאָן אויף דיר, ביסט איינער אַליין, אָפּגעריסן פון גאַנצן אומבאַשטימטן אַרום. דו האָסט זיך אָפּגעגרעניצט פון אונדז אַלעמען. קיין גוטס וועט פון אַזאַ דרך ניט ארויסקומען. דו האָסט זיך אַיינגעריסן מיט דער גאַנצער אומוועלט, און זיך אַליין האָסטו צעריסן אויף שטיקלעך, ווי און ווינד איז מיר!

קב״ה. מאַמע, וואָס רעדסטו? וואו האָב איך זיך צעריסן ?!

תהו־ובהו. דו זעסט ניט דיין בראָך, דיין פאנאנדערפאַל! יעדער גליד דיינער האָט אַ באַזונדערן, אַן אייגענעם נאָמען. וואָס מיינט עס ?!

קב״ה. טאַקע, מאַמע, וואָס מיינט עס ?

תהו־ובהו. אַז זיי נעמען זיך אָפּרייסן פון דיר, זיי נעמען זיך אַרויסטיילן, זיי באַשטימען זיך, זיי באַקומען אַן אייגענעם מהות, אַניט וואָלטן זיי דאָך ניט געטראָגן יעדער איינער זיין פּריוואַטע אַנרופעניש, דיין רעכטער אָרעם, דיין לינקער אָרעם, דיין רעכטעס אויג, דיין לינקעס אויג, דיין מויל, דיין צונג זיינען סעפּאַראַטיסטן, גאַנצע פערזענלעכקייטן — און אויף דיין האַרצן זיינען אָנגעשריבן זיבעציק נעמען, דאָס מיינט דאָך אַז יעדער געפיל, געשפיר, עמאָציע פירט פאַר זיך אַן עקזיסטענץ. און אויף דיין שטערן זיינען אָנגעשריבן דרייסיק נעמען. דאָס מיינט דאָך אַז יעדער געדאַנק, יעדער רעיון דיינער וויל אַנטלויפן פון דיר און ווערן זעלבסטשטענדיק, וויבאַלד עס האָט שוין אַן אייגענעם נאָמען...

קב״ה. ליבע מאַמע, דו ביסט איבערגעשראָקן, און דער פּחד האָט גרויסע אויגן, ער זעט שאָטנס פון בערגלעך ווי גיגאַנטישע בערג. כמעט אין יעדן נאָמען איז פאַראַן אַ טייל, אָדער אַן אנוואונק, אַ זכר פון מיין הייליקן שם, אַזוי אַז זיי קענען זיך ניט אָפּרייסן פון מיר אויף קיין פאַל ניט.

תוהו־ובהו. דו זעסט ניט וואוהין דיינע גלידער ציען, וואוהין זיי צילעווען. זיי וועלן זיך אינגיכן באַפרייען פון דיר און דו וועסט צעשפּרונגען ווערן אויף טיילכעלעך, יעדער האָר פון דיין קאָפּ וועט ווערן אַ גאַנצער יש, א וועזן מיט אַן אייגענעם נאָמען, מיט אַן אייגענעם רעכט אויף עקזיסטענץ. בכלל, זע נאָר ווי דו ביסט געבויט! דער קאָפּ איז דאָך ביי דיר אַזוי דיספּראָפּאָרציאָנעל גרויס אַז מ׳זעט אַז דיין קערפּער וועט

אים ניט קענען טראָגן. דאָס מיינט דאָך דייטלעך אַז דער קאָפּ האָט בדעה זיך אָפּ־צושפּאַלטן, זיך אַרויסטיילן פון דיין אָרגאַניזם, און דו וועסט צעפאַלן ווערן. (וויינט מיט ביטערע טרערן אויפן קול) וואָס איז פון דיר געוואָרן!

קב״ה. ליבע מאַמע, הער אויף צו וויינען. איך וועל אָננעמען מיטלען קעגן יעדן פאַרזוך פון צעגלידערונג. איך וועל בלייבן גאַנץ.

תהו־ובהו. דו ביסט אַוועק אויף אַ פאַלשן וועג, און צוריק ווילסטו ניט גיין. ווילסט ניט אַנערקענען דעם טעות, וואָס דו האָסט געמאַכט.

דיינע ברידער האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז דו האָסט זיך מיט זיי געקריגט דערפאַר, וואָס זיי האָבן דיך געוואָלט ראַטעווען, מחזיר־למוטב־זיין, ברענגען צוריק אַהיים, צו דיין מוטער׳ס שויס. אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפּסעלע! דו פאַרשעמסט אונדזער גאַנץ געזינדל. ביסט מבייש אַזאַ יחוס׳דיקע משפּחה. איך פאַרשילט מיין ברוסט, וואָס האָט דיך געזויגן. איך פלוך די קני, וואָס האָבן דיך געהאָידעט . . .

קב״ה. ליבע מאַמע, וואָס קלאָגסטו?! דו ביסט אַן אורמוטער און אָט ביסטו געוואָרן אַ קלאָגמוטער. וואָס יאָמערסטו? וואָס שילסטו זיך! די ברידער האָבן געזאָגט, אַז מע דאַרף מיינע קנאָכנס צעמאַלן און מאַכן פון זיי געלאַטין, האָב איך זיי אַביסל אויסגעשייגעצט . . . זאָלן זיי צעמאַלן זייערע אייגענע ביינער.

תהו־ובהו. קינד מיינס, וואָס רעדסטו? וואָס טוט זיך מיט דיר? זיי פאַרמאָגן דען ביינער? ווער האָט עס ביינער, ווער דאַרף עס האָבן ביינער! זיי האָבן ניט קיין הויט, ניט קיין פלייש און ניט קיין ביינער. אויף וואָס טויגן אָט־די פיינטלעכע מחיצות? איבעריקע און שעדלעכע זאַכן! מיין זון, נייקייטן זיינען תמיד געפערלעך. איך ווייס, אין דיין ווערק, וואָס דו פאַרפאַסט שרייבסטו בפירוש „ישן מפני חדש תוציאו“, אַז דאָס אַלטע דאַרף מאַכן פּלאַץ פאַר דאָס נייע. דאָס איז אַ דרייסטער, אַן אַפּיקורסישער סענטענץ. דו האָסט זיך איינגעשאַפט אַ באַשטימטן פּרצוף־פּנים, אויגן, עווערן, מויל, ליפּן, אַפילו וואָנסעס — אויף וואָס דאַרפסטו עס? דו האָסט זיך דערוואָרבן אַ דעפיניטיוון מצומצם׳דיקן גוף אויף וואָס דאַרפסטו אים האָבן? ווער דאַרף די צעטיילונג אויף קערפּערס און די קערפּערס אויף גלידער און די גלידער אויף גלידס־גלידער ביז צו דער אומענדלעכקייט פון צעפּיצלטקייט?! און די נשמה וועט צעפּאַסעוועט ווערן אויף באַוואוסטזיינצושטאַנדן, און דער פאַרשטאַנד וועט צעבראָקט ווערן אויף באַזונדערע מחשבות — דאָס מוז אַזוי גיין, עס קען אַנדערש ניט זיין. און ביי דיר האָט זיך אָט־דער פּראָצעס פון דיסאינטעגראַציע, דיסאָלוציע שוין אָנגעהויבן גלייך ביי דיין סאַמע אָנהויב, יעדער פינגער באַזונדער טראָגט זיך שוין אַרום מיט זיין אייגענעם נאָמען און ער וויל ניט אַנערקענען די גאַנצקייט פון דער האַנט, זיין אָנגעהעריגקייט צו אַ ברודערשאַפט. פון דעם אַלעם וועט אַרויסקומען בלויז אומגליק און פּלאָג. דאָס וועט פאַראורזאַכן אַ צעפּליקעניש, אַ צעדרוזגעניש, דאָס וועט ברענגען אַ חורבן אויף

אונדזער פאַר־וועלט. און נאָך ערגער, צו קיין רעאַליזירטער צעטיילעניש וועט ניט קומען, עס קען ניט קומען, נאָר עס וועט עקזיסטירן אַ שטענדיקער אומבאַפרידיקטער דראַנג זיך אָפּצוטיילן, אַ תאווה צו סעפּאַראַציע וואָס קען ניט געזעטיקט ווערן. ווייל באמת קענסטו זיך פון אונדז ניט אָפּטיילן, און דיינע גלידער און גלידס־גלידער קע־נען זיך פון דיר ניט אָפּטאָן, זיי וועלן עס בלויז תמיד פּאַרזוכן צו טאָן און תמיד דורכ־פאַלן אין זייערע אַבאָרטיווע פאַרזוכן. און וואָס מער מאָל זיי וועלן דורכפאַלן אַלץ מיט מער אַנטשלאָסנקייט און פאַרביטערטקייט וועלען זיי עס פּרובירן אַדורכצוזעצן.

ווי געזאָגט, ניט דו קענסט זיך אָפּטיילן פון אונדז, ניט די באַשעפענישן, וואָס דו פאַרטראַכסט צו באַשאַפן, קענען זיך אָפּזונדערן פון דיר, פון אונדז אַלעמען, און איינער פון אַנדערן, הגם זיי וועלן זיך פליסן מיט כל־הכוחות צו פאַרווירקלעכן אָט־דעם אַפּרייס, זיי וועלן פּרובירן און ניט קענען. און פון צייט צו צייט וועלן זיי גע־צוואונגען־זיין צו קומען צוריק, זיך באַהעפטן מיט אונדז. זיי וועלן דאַרפן האָבן נערונג, און זיי וועלן איינער דעם אַנדערן פאַרצערן און אַסימילירן, און בלית־ברירה, אויף אַזאַ ווילד־באַרבאַרישן אופן זיך אידענטיפיצירן. און וואָס וועסטו, זונעלע, טאָן ? דאָס אייגענע. וועסט מוזן קומען צו אונדז צוריק און, ווי אַ קאַניבאַל, פּרובירן אונדז פאַר־צערן... אַלע דיינע אָפּגעזונדערטע באַשעפענישן וועלן אַרומגיין פאַר׳חלש׳טע פון הונגער. וואָס מיינט הונגער ? (מאַכט אַ פויזע.)

קב״ה. איך ווייס ניט וואָס דאָס איז, איך וואָלט באמת וועלן וויסן וואָס דאָס איז, אויב דו, מאַמע ליבע, ווייסט, זאָג מיר, אדרבא... איך וואָלט וועלן וויסן אַלץ וואָס מע קען נאָר וויסן (צו זיך אינדערשטיל) די שכינה האָט געזאָגט, דוכט מיר, אַז זי ווייסט גאָרניט, און מ׳דאַרף ניט וויסן, מען דאַרף גלויבן אַז מע גלויבט, אָבער מיר ווילט זיך, פאָרט, וויסן, איך גלויב אַז מע קען יאָ וויסן...

תהו־ובהו. אויב דו ווילסט וויסן און לערנען, טאָ הער זיך צו צו מיינע רייד, הער מיט קאָפּ. דו מיינסט דאָך, אַז מיר, אַלטוואַרג, איך, קדמוניכע, און מיין אַלטער, דער סבא קדישא, דער גרויסער קדמון־אקעאנוס, ווייסן גאָרנישט, פאַרשטייען גאָר־ניט, האָבן ניט קיין שיטה, האָבן ניט קיין אייגענעם אומדורכגעטראָטענעם־געטראָטע־נעם דרך. ניין, מיין מוזשינעק, אין דיין יונגשאַפט און פאַררעסנקייט מאַכסטו אַ גרויסן טעות. אין אונדזער סיסטעמלאָזיקייט, געדאַנקענלאָזיקייט, געפילנלאָזיקייט, פאָרמ־לאָזיקייט און אינהאַלטלאָזיקייט, אין אָט־די אַלע „לאָזיקייטן״ ליגט פאַרבאַהאַלטן, צום ניט אַרויסזען, אַ טיפער געדאַנק אַ גוט־דורכגעטראַכטע און אויסגעהאַלטענע סיס־טעם, כאָטש אויבערפלעכלעך זעט ביי אונדז אַלץ אויס צו זיין מטושטש און פאַרווירט. דאָס איז אַלץ לכאורה, אָבער לאחר־העיון, טיפער אַריינגעקוקט, דערזעט מען ערשט וואָס פאַר אַ קאָלאָסאַלער אויפטו עס איז אָט־דער אַזוי גערופענער כאָאָס, וואָס פאַר אַ

אָפּגרונט־טיפע באַשטימטקייט עס איז אַריינגעפּלאָכטן אין אָט־דער כלומרשטער צע־שוואומענקייט און לייזקייט.

דו, מיין זון, ווילסט שאַפן אַ באַשטימטקייט, אַן אָפּגעזונדערטקייט. זיי וויסן, דיין באַשטימטקייט, דיין איינגעאָרדנטקייט וועט זיין אַן הייטלדיקע, אַ שאלעכצדיקע. אונטן, אין דער טיף, אונטער דער הויט און פעל פון גאַנצן באַשטאַנד, וואָס דו גייסט שאַפן, וואָס דו ווילסט אויסטראַכטן, עמאַנירן, דערפינדן, אדער 'אויסאיכן' — איך וויס אַלע דיינע פּלענער — וועט הערשן דער 'כאַאָס', אַן איבערגעמישטע צעמישע־ניש. דו האָסט בדעה צו שאַפן 'זיכן און זאַכן', פּערזענלעכקייטן און קעגנשטאַנדן. זיי וועלן, אָבער, האָבן אַ באַזונדערע, זעלבסטשטענדיקע עקזיסטענץ בלויז לפנים, בכדי זיך אַליין און איינער דעם אַנדערן אָפּצונאַרן. אין דער ווירקלעכקייט וועלן זיי מוזן לויפן צוריק און זיך אָפּטונקען אין דעם אַלגעמיינעם־שטראָם אין דעם מישמאַש פון פּראָצעסן, אַניט וועלן זיי זיך פילן אומגליקליך, אָפּגעריסן, 'פאַרזינדיקט', פאַרוואָר־לאָזט. אַ דרייפאַכיקער הונגער וועט זיי פּייניקן. ער וועט זיך אַריינעסן אין זייער איב־געווייד, אין זייער טיפסטן לפני־ולפנים, און ווי אַ וואַמפּיר וועט ער זויגן זייער בלוט, זיי נאָגן און צופּן. ווי מיט פאַרשפּיצטע און פאַר'סמ'טע ניגל וועט ער דראַפּן זייער נשמה. זיי וועלן זיך קיין אָרט ניט קענען געפינען.

קב״ה. דו האָסט דאָך מיר געוואָלט געבן צו פאַרשטיין וואָס איז הונגער, ביסטו, מאַמע, ניט אַראָפּ אַביסל אָן־אַזייט ?

תהו־ובהו. דו, ווי אַלע יונגע לייט, האָסט ניט קיין געדולד. ווילסט אַלץ טאָן און וויסן אין איילעניש, על רגל אחת. לאָז מיר דערפירן דעם געדאַנק צום פּונקט. וואָס איז הונגער ? דאָס איז די בענקעניש נאָך דער אַלגעמיינער היים, די נאָסטאַלגיאַ נאָך דער קדמוניקער סביבה, דאָס לעכצן נאָך דער מטושטש'דיקער אַלצוזאַמענקייט, דער פאַרלאַנג זיך צו פאַרקניפּן צוריק מיט דעם אומגעטיילטן־אומגעזונדערטן־אומאָפּגערי־סענעם אַלץ־מיט־אַנאַנדער.

קב״ה. האָסט דאָך, מאַמע, געזאָגט, אַז דער הונגער איז דרייפאַכיק, וואָס באַ־דייט עס ? אין וואָס באַשטייט זיין דריי־פאַכקייט ?

תהו־ובהו. איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט זיך אַליין כאַפּן. דער הונגער איז דרייפאַכיק, ווייל ער באַשטייט אין אַ באַדערפעניש פון שפּייז. נערונג איז אַ פאָרם פון אַ צוריק־באַהעפטונג. נערונג איז אַן אָפּלייקענונג פון פאַלשן פּרינציפּ פון זעלבסט־שטענדיקן קיום פון דעם איינצעלנעם אָרגאַניזם. נערונג ווייזט באַשיינפּערלעך אַז די באַשעפעניש קען ניט עקזיסטירן אָפּגעזונדערט פון דעם אַרום. דערצו קומט די ליי־בידאָ, דער ליבע־הונגער, די תאווה זיך צו באַהעפטן מיט דער צווייטער העלפט. קיין לעבעדיקע באַשעפעניש, וואָס איז ניט הערמאַפראָדיטיש, וועט ניט קענען פאַרטראָגן די געשלעכטס־האַלבירונג. דיינע ברואים וועלן אויסגיין פון צער און ליידנשאַפט, זיי

וועט זיך וועלן ווערן צוריק איינס, זכר און נקבה צוזאַמען, און וועלן עס ניט קענען באַווייזן. אָבער דער שטאַרקסטער הונגער, די גרעסטע תאווה פון אַלע דיינע באַשע־פעניש וועט זיין די געלוסטונג צום טויט, די גאַרונג נאָכן שטן, נאָכן מלאך־המות, נאָכן יצר הרע. דאָס זיינען אַלץ סינאָנימען, כינויים פון דעם באמת הייליקן נאָמענלאָזן שם המפורש, קדמון־אָקעאַנוס. אַלע לעבעדיקע ברואים וועלן זיך רייסן פון די קייטן פון לעבן, אין וועלכע דו וועסט זיי האַלטן געשמידט, צוגעשמידט צו דיין מעשה־בראשית און מעשה־מרכבה. זיי וועלן זיך, סוף־כל־סוף, ווער פריער, ווער שפּעטער אַרויסרייסן און אַנטלויפן און זיך אַריינוואַרפן מיט לעכצנדיקער ליבשאַפט אין די אָרעמס פון זייער אורפאָטער און אורמוטער, דעם קדמון־אקעאנוס און דער קדמוניכע־אקעאנוסטע. דיינער אַ דיכטער, אַ תהלים־זינגער וועט זאָגן: „לא המתים יהללו יה ולא כל יורדי דומה״. די טויטע וועלן ניט לויבן דעם יה, זיכער וועלן די בר־מינן׳ס דיך ניט רימען, זיי וועלן דיך טאַדלען, זיי וועלן דיך שילטן. מיט זייער טויט זאָגן זיי עדות, אַז זיי ווילן ביי דיר ניט זיין. זיי ווילן ניט לעבן. זיי ווילן זיין טויט, זיין מיט אונדז, צוריק אין דעם שויס פון אורמוטער, קדמוניכע. מישטיינס געזאָגט, ווי לאַנג וועט דויערן דאָס לעבן פון אַן איינצלנער באַשעפעניש אין פאַרגלייך מיט דער אומ־ענדלעכער אייביקייט פון טויט־זיין.

איך ווייס, אַז דו, מיין פרעכער זון, האָסט אים, דעם גרויסן, הייליקן און זווי־בערן קדמון־אָקעאַנוס, געגעבן אַ צונעמעניש, ׳כאַאָס׳, און מיר, דער אורמוטער קדמוניכע־אָקעאַנוסטע האָסטו געגעבן אַן איבעררופעניש — „תהו־ובהו״. מיר שעמען זיך ניט מיט די דאָזיקע צונעמענישן. רוף אונדז ווי דו ווילסט. דו וועסט קיינעם מיט פּוסטע ווערטער, מיט בלויזע דיבורים, ניט אָפּנאַרן. אַלע גאַרן אונדזער נאָענטקייט. די גרעסטע הנאה וועלן דיינע באַשעפענישן האָבן פון ׳זינד׳, ווייל דער לוין פון זינד איז טויט. און דאָס טאָקע ווילען זיי. זיי ווילן קומען צוריק אַהיים, וואָס גיכער, וואָס פריער. איבערגעוואָלד וועסטו מוזן אַיינהאַלטן דיינע לעבלינגס אין לעבנס־לאַנד. גע־וואַלדטאָט וועסטו מוזן כסדר געברויכן. „בעל כרחך אתה חי״. דער בעל־חי ווערט געצוואונגען צו לעבן. דאָס לעבן איז קעגן זיין ווילן. קיין פרייער לעבן וועט קיינמאָל ניט זיין, ווייל דער עצם מהות פון לעבן איז אַ נויט־זאַך. דו וועסט שרייבן אין דיין היבור׳ל (צו אַלע דיינע מעלות ביסטו נאָך געוואָרן אַ גראַפאָמאַן, אַ שרייבערל אויף אַלדי צרות), „ובחרת בחיים״ (און דו זאָלסט אויסקלייבן דאָס לעבן.) מעגסט עס, כתבא רבא, אָנשרייבן מיט רויטן פייער אויף שוואַרצן פייער, מעגסט אויסדרעקסלען און אויסצאַצקען די אותיות, באַפּוצן זיי מיט קרוינדעלעך, באַצירן זיי מיט תגין, באַ־חנ׳ען זיי מיט טראָפּ, קיינער וועט זיך אויף דיין געבאָט ניט אומקוקן. דו מעגסט עס ווידערהאָלן אינדערהויך, אויסשרייען דיין באַפעל, דיין „מצוות־עשה״, אויף די העכ־סטע טענער, עס וועט גאָר ניט העלפן, קענסט אַרויסשיקן גאַנצע רעגימענטן פון

וואָלוועלע אַגיטאַטאָרלעך, דריי־גראָשענע פּראָפּאַגאַנדיסטלעך, מוסר־זאָגערס, עולם־וועקערס, האַלבע אָדער גאַנצע משוגעים, ׳נביאים׳, זיי וועלן זיך באַמיען צו פאַרקויפן דיין סחורה ׳לעבן׳, דאָס לאַנגע לעבן, דיין „למען יאריכון ימיך״, קיינער וועט זיך צו דיר און צו דיינע שרייערס ניט צוהערן. קיינער וועט ניט וועלן לעבן, ניט לאַנג און ניט קורץ. אַלע ווילן שטאַרבן, אַלע ווילן זיין טויט. אַלץ, וואָס לעבט, וועט זיך גערן אָפּ׳סמ׳ען, בדאי אויפעסן דעם זויערן עפּל פון עץ־הדעת, אַבי זיך איינקויפן דעם טויט, אַבי צו קריגן די מעגלעכקייט זיך אַריינצוכאַפּן אין טויט־לאַנד. איך ווייס דו וועסט זיך אַרומרינגלען מיט אַ גאַנצן שטאַב פון אָנגעשטעלטע אַגענטן, טעאָלאָגן־חוקרים, פּראָפּעטן־פּאָעטן, בלינדע זעערס, קלעריקאַלן פון כל המינים. זיי וועלן אַלעמען, וואָס וועלן דיך געהאָרכן, „גיין אין דיינע קרומע וועגן״, צוזאָגן אַ חלק־לעולם־הבא. אָבער קיינער, אויסער אַ פּאָר חסידים שוטים, אָפּגעריסענע נאַראָנים, עשרה בטלנים, וועט זיך צו זייערע פּוסטע פּלאַפּלערייען ניט צוהערן. פאַרוואָס ? ווייל אריכת ימים איז קעגן דעם פאַרלאַנג ניט נאָר פון יחידים, בעלי־חיים, עס איז אַפילו דערווידער די מאַסן, די ראַסן. זיי ווילן ניט לעבן. זיי דאַרפן ניט האָבן דיין „גרויס געשאַנק״. דיין ווערק, די תורה, רופסטו אַ לעבנס־ווערק, אַ תורת־חיים. דערפאַר, טאַקע, וועט עס קיינער אין מויל ניט וועלן נעמען. ווייל די מענטשנקינדער און די בעלי־חיים ווילן דווקא א תורת־מות, אַ טויט־ווערק.

דו דאַרפסט דאָך אַליין פאַרשטיין, אַז דיין שטיקל ׳וואָרע׳ טויג אויף כפרות, ווי־באַלד דו מוזסט האַלטן אַ גאַנצע חברותא פון דאַרמאַיעדניקעס, אומזיסטע ברויט־פרעסערס, ווי נביאים, דרשנים, מגידים, חקרנים, רבנים, זאָגערס, שטראָפערס, זינ־גערס זיי זאָלן אַרומפאָרן פאַרשפּרייטן דיין ׳סחורה׳. גוטע וואָרע כאַפּן די קונים אַליין. מע דאַרף עס בלויז אַנאָנסירן. מע דאַרף עס ניט „פאַרקינדיקן״ מיט אַזאַ טאַראַראַם, מיט אַזאַ פויקנקלאַפּעריי און טרומייטאַרנבלאָזעריי, מיט גאַנצע צעץ דיבורים, מיט תוכחות, מיט היסטעריקעס, מיט דונערן און בליצן, מיט אַזויפיל שריפטן, מיט אַ גאַנצער תורה שבכתב און בעל־פּה. יעדער בר־דעת קען דאָך גלייך אײנזען פון דיינע פאַרקויף־מעטאָדן פון הייכן דרוק, אַז וואַרשיינלעך האַנדלסטו מיט פאַרשטונקענע פיש, אַניט וואָלסטו דאָך ניט געדאַרפט אַזויפיל אײנטענה׳ן מיט דיינע קונדן, דעם עולם־גולם.

פאַרוואָס שרייבט דער אורפאָטער קדמון ניט קיין תורה ? פאַרוואָס שרייב איך ניט ? פאַרוואָס שיקן מיר ניט אַרויס קיין „קאָמי־וואָיאַזשאָרן״, קיין פאַיאַצן־גאַסטראָ־ליאָרן, די אַזוי גערופענע פּראָפּעטן ? פאַרוואָס ? דערפאַר וואָס מיר דאַרפן זיי ניט. אַלץ און אַלע זיינען מיט אונדז. מיר דאַרפן קיינעם גאָרניט אײנריידן ; קיינעם ניט אונטערדרוקן עפּעס אַזעלכעס וואָס ער וויל ניט האָבן, וואָס ער דאַרף ווי אַ קאָפּ און ווי אַ לאָך אין קאָפּ, ווי אַ בויך און אַ בויכווייטאָק. דו מיינסט טאַקע אַז דו קענסט אַלעמען

דינגען אָדער אונטערקויפן מיט אַביסל פרעס, אַ שטיק לויתן און אַ חתיכה שור־הבר, מיט אַביסל זויף, אַ טרונק פון דעם יין־המשומר וויין. עס וועלן זיך געפינען געגוג שטאַרקע כאַראַקטערן אַפילו צווישן דיינע נעבאַכדיקע ברואים וואָס וועלן זיך פאַר־שטאָפּן די אויערן און ניט אריינלאָזן אַהין קיין איין איינציק וואָרט פון דיינע „שטראָ־פערס״ די אינספּירירטע פּלוידערזעק, פּלאַפּלערס, זידלערס און שילטערס. קיינער וועט דיין ווערק ניט לייענען, אין האַנט ניט וועלן נעמען, הגם דו ביסט גרייט צוצוצאָלן דיינע לייענער און דיינע פאַרקויף־לייטע וועלן זאָגן אַז תלמוד־תורה איז וויכטיקער פון אַלץ אויף דער וועלט.

קב״ה. ליבע מאַמע, זאָל זיין אַז דו ביסט פולקום גערעכט. דו ביסט פיל עלטער פון מיר, דאַרפסטו דאָך זיין קליגער פון מיר, אויב קלוגשאַפט איז אַ פּראָדוקט פון אי־בערלעבונג און דערפאַרונג. אָבער לאָז מיר אויספּרובירן מיינע פּלענער. איך האָב פאַרפאַסט מיין ווערק, אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון אַ וועלטן־באַשאַף, איצטער וויל איך זען, זיך דערקונדיקן, אויף דער פּראַקטיק, ווי עס וועט אַרבעטן. איך וויל פּרובירן ווערן און פּראָקלאַמירן זיך אַלס די ערשטע פּערזאָן, דער אנוכי; און זען צי איך בין אימשטאַנד אויפצובויען אַ וועלט פון זיכן, זאַכן, וועלכע זיינען באמת אויך בלויז ׳זיכן׳, הגם פון אַ נידעריקער דרגא. דו פאַרזיכערסט מיך אַז מיין באַשאַף וועט ניט טויגן, גאַנץ גוט, לאָז מיר איבערלעבן אַן אַנטוישונג. אַן אַנטוישונג, אַ דורכפאַל איז אַן אינטערעסאַנטע איבערלעבונג, איז רייצנדיק־אינטריגירנדיק נאָך אפשר מער פון דער דערוואַרטונג, פון דער אילוזיע, הגם עס איז פאַרדריסלעך און ווייטאָקדיק. איך ווייס אויך, אַז מיין באַשאַף וועט ניט עולה־יפה־זיין, ער וועט זיך מיר ניט איינגעבן גלייך פון ערשטן מאָל. אָבער דאָס שרעקט מיך ניט אָפּ. איך וועל זוכן, און האָף צו גע־פינען, פאַר דעם באַשטאַנד אַ תיקון. און אויב איך וועל אַפילו דורכפאַלן אין אָט־דער באַשיידענער אונטערנעמונג איז אויך קיין אומגליק ניט, עפּעס וועל איך דאָך דער־גרייכן, וויפל־ניט־איז וועל איך דאָך באַוויזן אויפצוטאָן, און זאָל זיין אַז מיר וועט זיך בלויז איינגעבן צו צעשטערן די קדמון אידיליע, אַרויסטרייסלען די אומוועלט פון דעם קדמונ׳יקן גלייכגעוויכט; דאָס אַליין איז שוין אַ געווינס, אַן אויפטו. וואָס ווילסטו, מאַמע, איך זאָל טאָן? אַרומגיין אין אייביקער אייביקייט פוסט־און־פּאַס. אַזאַ אומפּרוכטבאַר ליידיק לעבן איז מיר דערעסן געוואָרן. אַז איך וועל נעמען טאָן ג׳ייסטרעווען, גוט צי שלעכט, וועט זיך עפּעס מיט דער צייט אויפטאָן. איך וועל עקס־פּערימענטירן, נעמען אויסטרעטן אַ נייעם וועג און אין אַ גאַר־נייער ריכטונג. איך וועל טיילן, איינטיילן, אויסטיילן, פאַנאַנדערטיילן, צוטיילן, אָפּטיילן, פאַרטיילן — און עס איז טשיקאַווע צו באַאָבאַכטן וואָס עס וועט זיך פון דעם באַקומען. אינגאַנצן קיין דורכפאַל וועט דער מעשה־בראשית, זיכער, ניט זיין. נאָך אַלעמען, מאַמע, רעדסטו זייער קלוג און לאָגיש. אָבער דיינע קלוגע רייד זיינען דאָך ניט באַזירט אויף קיינע עמ־

פירישע דאַטן. דו האָסט דאָך קיינמאָל ניט פּרובירט באַשאַפן אַ וועלט אַזוי אַז דו זאָלסט קענען זאָגן מיט פולער זיכערקייט, אַז דער באַשאַף וועט ניט טויגן. דו טעאָרע־טיזירסט, ספּעקולירסט, דו אורטיילסט אָדער, ריכטיקער, אורגאַנצסט דעדוקטיוו אָדער גלאַט אַ פּריאָרי. אָבער אויפן שכל אַליין קען מען צופיל ניט בויען. אויף טעאָריעס קען מען זיך צופיל ניט פאַרלאָזן. מע קען זיך לייכט טועה־זיין. דו זאָגסט אַז מיינע וועלטן וועלן ניט טויגן, אויף וועלכן יסוד באַהויפּסטו עס? דו האָסט עס קיינמאָל לאַ־באָראַטאָריע־מעסיק ניט אויסגעפּרובירט. איך האַלט פון דעם עקספּערימענטאַלן מעטאָד.

און ווען איך זאָל זיך אַרויסווייזן צו זיין אַ דורכאויסיקער, פולשטענדיקער דורכפאַל, קאָוויר איך דיר, מאַמע, אַז צוריק אַהיים צום טאַטן, קדמון, וועל איך ניט קומען. ווייסט וואָס איך טראַכט? זאָל זיין בדאי ערגער, אַבי אַנדערש, ניט ווי דאָס איז. עס איבלט מיך פון סטאַטוס־קוואָ. איך קען ניט פאַרטראָגן דעם טאַטנס קאָנסער־וואַטיזם. איך באַשטיי אויף מיין טעזיס, וועלכן דו האָסט ציטירט פון מיין ספר, ישן מפני חדש תוציאו. דאָס אַלטע דאַרף מען אַרויספירן בכדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר דאָס נייע.

תהו־ובהו. וויבאַלד דו האָסט זיך איינגעיעקשנט איז דאָך ניט שייך צו אַרגו־מענטירן. דו ווילסט אַזוי, און אַזוי מוז עס זיין! ביי דיר, ווי איך זע, איז עס אַ מין שעפערישער פיבער, רחמנא ליצלן, א חולאת אַזאַ! ווילסט ווערן אַ בויער, און דערצו האָסטו נאָך אַן אַמביציע, ווילסט דווקא ווערן אַ בעל־מחבר, אַ שרייבער. ווי איז צו מיר, צו וואָס איך האָב דערלעבט! אין אונדזער גרויס־יחוס׳דיקער משפּחה זאָל זיין אַ בעל־מלאכה און אַ אויטאָר, אַ סופר (וויינט מיט ביטערע טרערן, ברעכט די הענט. זיך אויסגעוויינט ווערט איר לייכטער. ווישט אָפּ די טרערן מיט דעם שפּיץ פון דער פאַטשיילקע וואָס זי טראָגט אויפן גראָען קאָפּ. זי שטאַרקט זיך). מילא, טו וואָס דו ווילסט. געדענק אָבער אַז דיין אורמוטער, די בכבודיקע קדמוניכע אָקעאַנוסטע האָט דיך געוואָרנט. (זי בייט דעם טאָן, ווערט שטייפער), ווי־באַלד דו ביסט אַ „סאַמעוואָ־ליעץ״, טוסט וואָס דו ווילסט, און רעכנסט זיך ניט מיט טאַטע, מאַמע, ברידער, וועלן מיר טאָן וואָס מיר קענען, און מיר׳ן זען וועמענס ווילן וועט זיין שטאַרקער. איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט אַ בעל־־שכל, אַ ראַציאָנאַליסט, האָב איך גערעדט צו דיר דברים־של־טעם, אַפּעלירט צו דיין פאַרשטאַנד. איצט זע איך אַז דו ביסט גאָר אַ וואָ־לונטאַריסט, שטייסט אויפן שטאַנדפּונקט פון ווילן, פון עקשנות, אויב אַזוי וויל איך מיט דיר מער ניט איינ׳טענה׳ן. מיר וועלן קעגן דיין ווילן שטעלן אונדזער קדמוניקן ווילן, און מיר וועלן זען עקספּערימענטאַל, פאַרטיקערהייט, וועמענס ווילן עס וועט גובר־זיין, ווער עס וועט אויספירן.

קב״ה. טייערע מאַמע, עס גייט ניט ביי מיר אין פּראָסטער, טעמפּער איינגע־

שפּאַרטקייט. עס גייט ניט אום דעם, דיר און דעם טאָטן צו־להכעיס־צו־טאָן, חס־ושלום! עס גייט בלויז אין דעם, וואָס איך וויל זען, וואָס איך, אנוכי, קען אויפטאָן מיט מיין שעפערישן ווילן. איך וויל אויסגעפינען וואָס מיין קרעאַציע־ווילן קען באַווייזן צו דערפינדן, אַנטדעקן אָדער בלויז מחדש־זיין, איינפירן נייסן. איך בין נייגעריק צו זען וואָס ליגט אין באַשאַף, אין שעפערישקייט, אין זעלבסט־אויסדרוק, אין אויסערונג. און אָט־די שעפערישע גלוסט ברענט אין מיר, פלאַקערט ווי אַ פאַרצערנדיקער פלאַמפייער. ליבע מאַמע, דו ווייסט גאָרניט ווי זיס און ליב עס זיינען די יסורים פון שאַפן, איבערהויפּט נאָך פון שאַפן אַן עפּעס פון גאָרניט, א „יש מאין". קיין תענוג אין אַייער אומוועלט־אורוועלט קען זיך מיט די ליידן ניט פאַרגלייכן.

תהו ובהו (אומגעדולדיק שלאָגט אים איבער). אָ, דו רעדסט וועגן תאווה! אָט־אַזוי קומסטו צו נאָענט צום אמת... קינדערשע ריידעריי! „שעפערישע גלוסט!" ווען וועמען ווילסטו אָפּנאַרן, מיך ?, וועמען ווילסטו שיטן זאַמד אין די אויגן, מיר, דיין אורמוטער ?! דו ווילסט זיך אָפּנאַרן מיט דעם געדאַנק, אַז דו קענסט מיך אָפּנאַרן. איך בין ניט אַזוי נאַאיוו, ווי דו שטעלסט זיך פאָר. איך ווייס בעסער פון דיר אַליין, וואָס עס קומט פאָר מיט דיר, אין דיר. ווי וועט זאָגן דער וויט־צוקונפטיקער שפּרוך ? „שערשע לא פאם"! דאָס ווייבל אָדער דאָס מיידל איז אין אַלץ שולדיק. עס איז דיין טייערע שוועסטער, די שכינה, וועלכע רעדט דיך אָן צו אָט־די אַלע עבירות. אָ, פאַר־וואָס האָב איך זי ניט דערשטיקט אין בויך! איך האָב קיין האַרץ ניט געהאַט עס צו טאָן, פאַרט אַן אייגענע בת־יחידה'לע! רחמנות איז גאַנץ אָפט די גרויזאַמסטע אכזריות. איך האָב געוואוסט, אַז זי וועט אונדז אָנטאָן חרפּות און בייושים, ברענגען צרות און פורעניות אויף אונדזער אומוועלט. אַלע קינדער האָב איך געהאַט אַזוי לייכט, ווי אַ ווינט גיט אַ בלאָז. זי, אָבער, איז אַרויס פון בויך מיט ווייטאָקן, מיט אַ געשריי, מיט חוצפּה. און מיין טראָגן מיט איר איז געווען אַזוי שווער. דער בויך האָט מיר אונטערגעשפּאַרט דעם סאַמע נאָז אַזוי ווי איך וואָלט געהאַט געשוואַנגערט מיט אַ באַרג. פון אָט־דער משומדת'טע קומען אַלע אינטריגעס. זי ווירקט עס אויף דיר אַז דו זאָלסט שאַפן אַ וועלט, אַ סך וועלטן, אָן אַ שיעור וועלטן, וואָס מער אַלץ בע־סער, און די וועלטן זאָלסטו אָנפילן מיט אַלערליי באַשעפענישן און, דערצו נאָך, מיט מענטשנקינדער. דו דאַרפסט נויטיק האָבן די צווייפיסיקע, די פירפיסיקע, די הונ־דערטפיסיקע, זיי זאָלן דיך כלומר'שט דינען, זיך בוקן צו דיר און זינגען שירה, בע־טען צו דיר... דו וועסט זיך אַרומרינגלען מיט שלעפערס, בעטלערס, חונפים, צבוע'־יאקעס, טויגעניכטסן, וועלכע וועלן כלומר'שט צו דיר מתפלל־זיין... די היפּאָקריטן, מיטן מויל וועלן זיי דיך בענטשן. אין האַרצן וועלן זיי דיך שילטן מיט תוכחה־קללות. זי האָט דיך אָנגערעדט דו זאָלסט זיך אָפּזונדערן פון אונדז און אַוועק מיט איר אויף יחידות, „לשם יחוד קודשא בריך הוא ושכינתיה"... וויי איז מיר און ווינד! פאַר־

וואָס האָט זי ניט אויסגערונען ביי מיר אין טראַכט?! זי, אָט־די מרשעת, האָט דיך אײַנגערעדט, אַז דו מוזט זיך אײַנשאַפן אַ „נאָמען", קריגן פּירסום, ווערן אַ 'מחבר' וואָס איז אַזוי נאָענט, אין קלאַנג־צונויפגאָס, צו א 'מחבל'. דאָס אַלץ איז בלויז איטל־קייט! זי דאַרף נעמען אַ מאַן, וואָס האָט אַ שם. זי שטופּט עס דיך אויף דעם־דאָזיקן געפערלעכן וועג. עס איז זי, איר טריפה'נער קאָפּ, ניט דו, דו ביסט ניט שולדיק. זי זינדיקט אַליין און זי מאַכט דיך צו זינדיקן. און דו, זון מיין, זאָג מיר ניט, אַז דו טוסט דיין ווילן, דו ביסט נייגעריק. דו טוסט איר ווילן. דו ליגסט אונטערן קנאַפּל ביי אָט דער ארורה! זי איז אַ מסית־ומדיח'טע! זי בורעט דיך אָן, און דו, גוטער נאַרעלע וואָס דו ביסט, פאָלגסט.

ביז דיר האָט זיך קיינער אין אונדזער משפחה ניט געטיילט. מע האָט קיינמאָל ניט געקענט זאָגן, אָדער אָנצייגן מיט דער לייכסטער פּרעציזקייט די צעשייד־ליניע, וואו עס ענדיקט זיך דער אורפאָטער און עס הויבט זיך אָן דער זון, וואו עס לאָזט זיך אויס די מוטער און עס פאַנגט זיך אָן איר לייבלעך קינד. מיר האָבן ניט אָנדערקענט די צעטיילונג פון די דורות. מיר האָבן ניט גורם געווען דעם נאָכפאָלג פון גענעראַ־ציעס. צו וואָס טיילן זיך און שיידן זיך, בכדי די קינדער זאָלן נעמען און באַגראָבן זייערע עלטערן אום אַליין, מיט איין צוויי דורות שפּעטער, באַגראָבן צו ווערן אין זיי־ער ריי פון זייערע קינדער?! איז דען צוזאַמען, אין כלל, ניט בעסער, ניט געזיכער־טער, ניט היימישער און טאָקע געזינטער. זי האָט דיך אײַנגערעדט אַז דו דאַרפסט ווערן אַן אויפבּרעכער פון צוים, א „פּורץ גדר" אום געביסן צו ווערן פון איר, דער שלאַנג. דו דאַרפסט זיין אַן 'איך' און איינער אַליין, אַ יחיד ומיוחד. אַליין מיינט ביי דער מרשעת מיט איר צוזאַמען און מער מיט קיינעם ניט. זי האָט דאָס דיר דיקטירט דעם אומלאָגישן און אומטאַקטישן פּסוק, „דעריבער פאַרלאָזט אַ מאַן זיין טאַטע און מאַמע און באַהעפט זיך אין זיין ווייב". דיין מאַמע, דיין לייבלעכע מאַמע, טויג דיר ניט, נאָר די שוועסטער איז גוט, איר שויס איז בעסער, תאווה'דיקער... און וואָס וועט פון דעם אַרויסקומען?

קב"ה. אדרבא, זאָג, וואָס?

תהו־ובהו. אַז דו וועסט האָבן אַ זון, וועט ער זיך פון דיר אָפּטיילן, אַוועקגיין; און אונדזער גאָלדענע יחוסדיקייט וועט צעריסן ווערן, און אירע רינגלעך וועלן צעשאָטן ווערן, און יעדעס רינגעלע וועט זיך זיין פאַר־זיך, פּראַווען יחידות. און אונדזער גאַנצע גבורה ליגט דאָך אין אונדזער גאַנצקייט, אין דער צוזאַמענגעקנאָטנ־קייט פון אונדזער משפחה. דיין זון וועט דיר פאַרשאַפן אַזויפיל עגמת־נפש, וויפל דו פאַרשאַפסט דיין טאַטן. ער וועט זיך מיט דיר אָפּרעכענען פאַר אונדז. ער וועט זיך אָננעמען אונדזער קריוודע...

קב"ה. (פאַלט אַריין אין מיטן אירע רייד) איך וועל ניט האָבן קיין זון.

יאָ, טאַקע ?! נו, אויב ניט קיין זון, איז וואָס ? וועט שוין קיין חשבון פון דיי־נע מעשים ניט געפירט ווערן ? אויב ניט קיין קינדער, וועסטו האָבן נאָכטוער, נאָכ־פאָלגער, נאָכמאַכער . . . און דאָס זיינען אויך קינדער הגם פון אַ העכערער דרגא. (בייט דעם טאָן) זון מיינער, זאָלסט וויסן זיין, אַז די פּועל־יוצא׳ס זיינען תמיד גרעסער פון די סיבות, וואָס רופן זיי אַרויס. מע קען קיינמאָל ניט פאָרויסזען גענוי, אין אַלע איינ־צלהייטן, וואָס ס׳וועט אַרויסקומען פון אונדזערע טואונגען. מע מאַכט, דוכט זיך, בלויז איין טריט, אָבער דער טריט נעמט זיך, עפּעס ווי פון זיך אַליין, ׳טריטלען׳. ער נעמט אַליין, אויף אייגענער אחריות, שטעלן טריט און יאָגט איבער אי דעם לעצטן טריט און אי דעם טריט־שטעלער. יעדער טריט דיינער גייט אַוועק פיל ווייטער פון דעם פּלאַץ אויף וועלכן דו שטעלסט אים. ווי נאָר דו טוסט עפּעס, מאַכסט עפּעס, נעמט דאָס געטאָנענע, דאָס געמאַכטע און ווערט אַ טוער, אַ גאַנצער מאַכער און עס מאַכט דיך, זיין מאַכער, איבער. דיין טאַט טוט דיר תמיד אָפּ. זי ווערט דיין האַר אַנשטאט צו זיין דיין משועבד. דאָס געשאַפענע בייט זיך מיט די ראָלעס מיט דעם שאַפער. „מדמין צורה ליוצרה“. דאָס געשאַפענע ווערט דער שאַפער, עס שאַפט אָפּ און שאַפט איבער דעם באַשאַפער, און דער שאַפער, דער יוצר, ווערט אַ שטיק געשאַפעכץ, אַ צורה. די טואונגען פון די הענט געוועלטיקן איבערן טוער, און ניט ווי דער וואולגארער פאַר־שטאַנד וועט מיינען, אז די טואונגען זיינען נעבאַכס, נכנע׳ס, און דער טוער איז דער גאַנצער דעה־זאָגער. אַזוי וועט עס תמיד זיין.

קב״ה. (אַפּאָלאָגעטיש) טאָ פון וואַנעט ווייסטו עס אַלץ אַזוי בפרטיות ? אַזאַ אויך אונטערגעזינדיקט מיט שאַפן און דו האָסט זיך אָפּגעברענט די פינגער, אָדער אָפּ־געסמאַליעט די פליגלען, אויסגעפונען אַז דער גאַנצער ענין לוינט ניט ? זאָג מיר אויס דעם אמת, האָסטו געקערט וועלטן ?

תהו־ובהו. וואָס דיר קען אײַנפאַלן ! חושד זיין דיין צנועה אורמוטער, אַז זי האָט געהאט צו טאָן מיטן באַשאַף ! מעגסט זיך שעמען . . . אין ווייטן האַלדז אַריין . . .

קב״ה. (פּאָלאָגעטיש) טאָ פון וואַנענט ווייסטו עס אַלץ אַזוי בפרטיות ? אַזאַ פּינקטלעך וויסן קען קומען בלויז פון אייגענער דערפאַרונג.

תהו־ובהו. פון וואַנענט ווייס איך ? איך זע דאָך. איידער דו האָסט נאָך גע־נומען שאַפן, ביסטו שוין אַן אַנדערער געוואָרן, ביסט ניט דער, וואָס דו ביסט געווען ביז איצט.

קב״ה. פאַרדעם בין איך דאָך כמעט ווי אינגאַנצן ניט געווען בנמצא. איך האָב זיך קודם־כל באַשאַפן.

תהו־ובהו. דאָס זאָג איך דאָך, דו באַשטעטיקסט בלויז מיינע רייד. דו האָסט זיך באַשאַפן, איצטער ביסטו שוין אַ באַשאַפענער, אַ געשאַפענער. דו האָסט זיך צע־שפּאָלטן אויף צווייען, איין זיך דיינער האָט געשאַפן און דער צווייטער זיך איז באַ־

שאַפן געוואָרן. פאַר דעם, זאָגסטו, ביסטו ניט געווען בנמצא. וואָס מיינט זיין בנמצא? וואָס איז דער גרויסער גליק פון זיין בנמצא?

קב״ה. אָבער איך בין דאָך כמעט ווי ניט געווען איידער איך האָב זיך גופא אַליין באַשאַפן...

תהו־ובהו. דו ביסט איצטער אויך ניט פאַראַן אין פּראָסטן טייטש פון וואָרט זיין, און אין העכערן און גאָר העכסטן מיין פון וואָרט ביסטו יע געווען. נאָר דו ביסט געווען אינגאַנצן גאַנץ און אינגאַנצן אַריינגעשלאָסן אין זיך, אַזוי אַז אַפילו דער זיך האָט זיך ניט געדאַרפט זיכן. דו רופסט עס „ניט זיין", דאָס איז די העכסטע שטופע פון „מיין", דאָס איז אויף יענער זייט פון „זיין־און־ניט־זיין", דאָרטן געפין איך זיך, דיין אורמוטער, דיין אורפאָטער, דיינע אורברידער. מיר זיינען אין ניט־זיין, אין דער ניט־זייעניש פון דער העכסטער פאָטענץ אויף־צוריק.

קב״ה. מיר איז שווער דיר נאָכצופאָלגן, מיר דוכט אַז דו, ליבע מאַמע, שפּילסט זיך מיט ליידיקע ווערטער, ווי אַ מיידעלע מיט פּוסטע פּאַטשערקעס.

תהו־ובהו. דו נעמסט שוין טעמפּ ווערן, פון טראַכטן וועגן באַשאַף, פון בדעה האָבן עס צו טאָן, נעמסטו שוין זינקען, פאַלן אַראָפּ, ווערסט צו גראָב דו זאָלסט קענען משיג זיין אַזעלכע דינגע השגות. אָבער לאָמיר זיך אומקערן צום פאַרדעמדיקן געדאַנק, וועלכן איך האָב ניט דערפירט צום שלוס. דיין באַשאַף וועט ניט נאָר דיך איבערשאַפן, נאָר אויך מיך און דיין טאַטן איבערשאַפן, ד. ה. פּראָסט גערעדט, פאַרדאַרבן.

קב״ה. פון וואַנענט ווייסטו עס אַזוי אויף זיכער? איך האָב דיך געפרעגט און דיין ענטפער איז געווען פאַר מיר צו פּשט׳לדיק.

תהו־ובהו. פון וואַנענט? איך זע דאָך. צו וואָס זאָלן מיר גיין ווייט? אט האָסטו דאָך אַ לעבעדיקן ביישפּיל — דו אַליין... דו ביסט דאָך מיין זון, מיין געבויר וואָס איז מער ווי אַ באַשאַף, און כ׳האָב איבער דיר קיין דעה ניט. דו טוסט וואָס דו ווילסט... און פרעגסט ביי מיר ניט און נעמסט ניט אָן מיין ראָט, ווען איך גיב דיר אים ניט געבעטענערהייט...

קב״ה. דאָס באַווייזט בלויז אַז דאָס באַשאַפענע גייט אַרויס צו אַ געוויסער מאָס, פון רשות פון באַשאַפער, אָבער ניט אַז דאָס באַשאַפענע שאַפט איבער דעם באַשאַפער.

תהו־ובהו. דו האָסט מיר ניט געלאָזן אַנטוויקלען מיין געדאַנק.

קב״ה. אדרבא, אנטוויקל אים... איך וויל עס טאַקע הערן, באַווייז דיין טענות.

תהו־ובהו. צוליב דיר, מיין זון, „מיין באַשאַף", וועל איך זיך מוזן איבעראַנדערשן, זיך איבערגעשטאַלטיקן. דאָס אייגענע וועט פּאַסירן מיט דיין טאַטן, דעם גרויסן קדמון. א ברירה וועלן מיר דען האָבן! דו, מיט דיינע מעשים תעתועים וועסט אונדז צווינגען אַז מיר זאָלן זיך איבערפורעמען. מיר ווערן געצווינגט אָנצונעמען מיט־

לען קעגן דיר, קעגן דיינע טועכצן. ניט־ווילנדיק ווען מיר מוזן עפּעס טאָן, זאָל זיין אָפּטאָן, בכדי אומצוטאָן דיין טואונג. אַזוי ארום וועל איך מוזן ווערן אַ טוערין, אַן אומ־טוערין, אָבער אַלץ אַ טוערין, אַ באַשעפטיקונג, וואָס איך האָב אַזוי פיינט, וואָס איך פאַראַכט. פון דער הויך־געשעצטער בכבוד־געהאַלטענער, איידל־געבוירענער, גרויסער מיוחסת, דער קדמוניתא, וועט גאָר מוזן ווערן אַ לילית, אַ קעניגין פון שדיכעס, אַן אָנפירערין פון שאַדנאַנטוערינס, פון שעדיקערינס; און דיין טאַטע, דער חשוב׳ער בעל־הבית, וועט מוזן ווערן — אַ שטן, אַ שטערער, אַ פאַרדאַרבער, אַ מחבל, אַ שאַדנטוער, אַ קיניג פון די שדים.

קב״ה. (מיט אַרויספאָדערונג) ליבע מוטער, פון אַן אַרגומענט כלומר׳שט אַן „אַקאַדעמישן" ביסטו אַרויף אויף שטראָשונקעס... מוז איך דיר זאָגן, ליבע מאַמע, איך בין ניט קיין שרעקעדיקער.

תהו־ובהו. (אין כעס) דו ביסט ניט קיין שרעקעדיקער, מיינסט טאַקע, אַז דו ביסט אַ גרויסער גיבור און אַ גרויסער חכם. גלויב מיר, אויף מיין נאמנות, אַז עס שטופּט דיך צום באַשאַף ניט דער חכם אין דיר, נאָר דער שוטה. איך ווייס אַז אַן היפּאָקריט וועט שפּעטער־צו זאָגן, „יהוה בחכמה יסד ארץ", דער איכער האָט מיט חכמה געגרינדעט די ערד. איך פאַרשטיי די ענינים אַביסל טיפער פון יענעם חונף־זאָגער, און איך פאַרזיכער דיך, אויף מיין ערנוואָרט, אַז בלויז מחמת דיין נאַרישקייט גייסטו שאַפן אַ וועלט. יעדער נאַרישער זון קען שאַפן וועלטן און זיך פאַרשאַפן מיט זיינע באַשעפענישן, ווען ער האָט מיך, די קדמוניתא, פאַר אַ מאַמען. עס פאָדערט זיך, אָבער, אַן אַ שיעור קלוגשאַפט זיך איינצוהאַלטן פון שאַפן, צו זען דעם פּועל־יוצא, דעם סוף פאַרן אָנהויב, איינצוזען וואָס וועט אַרויסקומען פון דער באַשאַפעכץ. און זען עס לכתחילה, קודם המעשה, ניט לאחר־המעשה.

דו זאָגסט, דו ווילסט אויפטאָן, ביסט נייגעריק צו זען וואָס דיין שעפערישער ווילן קען דורכפירן. תמים איינער! וואָס קען מען בכלל אויפטאָן? דער בעסטער אויפטו איז גאָרניט אויפצוטאָן!

דו רעדסט וועגן ווילן, וועגן דיין קרעאַטיוון ווילן. אויך מיר אַ ווילן! זיכער קען מען וועלן, עס איז לייכט צו וועלן. און אַז דו וועסט האָבן געוועלט וועט זיך פון דעם באַקומען אַ וועלט. אָבער דער אמת שטאַרקער ווילן צייגט זיך אַרויס אין גובר־זיין אַט־דעם ווילן, אין וועלן ניט צו וועלן, אין בייקומען די וועלעניש. „איזהו גיבור הכובש את יצרו", אין דעם דאָזיקן שפּרוך פון פּרקי־אבות ליגט אַן אַ שיעור חכמה. מיין ווילן, און ער איז טאַקע אַן אַלמעכטיקער ווילן, באַשטייט אין מיין ניט־וועלן. פּרוביר צו צייגן מיר אָט אַזאַ ווילן. באַצווינג דיין ווילן, באַהערש דעם יצר־הרע פון וועלעניש!

און אויב דו קענסט עס ניט באַווייזן, ביסט ניט בכוח איינצוצוימען דעם יצר־

הרע פון כלומרש׳טער שפּעררישקייט, ביסט ניט אימשטאַנד אײַנצואַטעמעווען דײַן דראַנג צו קריגן אַ שם, ווערן באַרימט, וועלן עס אויך דײַנע באַשעפעניש ניט קענען באַווײַזן. זיי וועלן אַלע זײַן שוואַכלינגס, ווי דו ביסט. זיי וועלן פאַרצערט ווערן פון לײַדנשאַפט. זיי וועלן פאַלן קרבנות פון ווּלעניִשן, געלוסטעניִשן, וועלכע וועלן זיי תמיד פּײַניקן. קיין באַפרידיקונג וועט זיי קיינמאָל ניט קענען מציל־זײַן פון פייער פון אַט־דעם גיהנם, וואָס וועט ברענען אין זייערע זעלן, אין זייערע מהות׳ן, אַ פייער וועלכן דו וועסט אָנצינדן מיט דעם אַקט פון באַשאַף. דו וועסט זיי אָנשטעקן מיט דײַן קראַנקהייט, מיט דײַן קראַנקהאַפטן שוואַכן ווילן. אויף אַ פאַרשטעלטן אופן וועסטו עס אַליין צוגעבן, וועסט זאָגן אַז דו מאַכסט זיי פאַר „שותפים אין מעשה־בראשית״, דאָס מיינט דו וועסט זיי פאַר׳סם׳ען מיט דעם פאַלש־שעפערישן גיפט.

דו וועסט זיך שפּעטער, (אין גמרא סוכות נ״ב ע״ב, אין ברכות ל״א ע״א) אַליין מודה זײַן, דו וועסט זאָגן אָפן אַז דו האָסט חרטה אויף דעם, וואָס דו האָסט באַשאַפן דעם יצר־הרע. דו ווילסט אָבער ניט באַגרײַפן אַז דער גאַנצער באַשאַף אַלס אַזעלכער איז אַ טאַט פון דײַן יצר־הרע, אַז די „יצירה״ איז „יצר־הרע״.

ניין, מיין זון, קיין חרטה, קיין ווידוי, קיין שלאָגן זיך אין האַרצן על חטא וועט דיר ניט העלפן. יעדע זינד ברענגט מיט זיך אַ שטראָף. און דײַן זינד פון באַשאַף, פון נאָכגעבן דעם יצר־הרע פון גאווה, פון סעפּעראַטיזם, פון עגאָאיזם,—און דאָס איז דאָך דײַן גאַנצער מעשה־בראשית, מיט וועלכן דו מיינסט אויפצורודערן די אומוועלט, — וועט דיך אייביק פאַרפאָלגן, וועט דיר נאָכגיין ווי אַ שאָטן.

קב״ה. וואָס וועט זײַן מײַן שטראָף? (מיט איראָניע אין טאָן), זאָג, ליבע מאַמע, איך וויל גרייליך וויסן.

תהו־ובהו. דײַן באַשאַף וועט דיך האַלטן אין איין באַשטראָפן.

קב״ה. דהיינו, ווי אַזוי? קענסטו עס ניט מאַכן קלערער?

תהו־ובהו. מיט דעם וואָס דײַנע באַשעפעניש וועלן דיר קיינמאָל ניט פאָלגן. דײַנע ברואים וועלן טאָן וואָס זייער אייגענער, הגם ניט פרייער, ווילן וועט זיי דיקטירן, אָבער ניט וואָס דײַן ווילן וועט פון זיי פאָדערן. קיינער וועט דיך ניט געהאָרכן.

קב״ה. גלאָט אַזוי זיך באַהויפּטן איז קיין קונץ ניט; גיב מיר צו פאַרשטיין, פאַרוואָס וועט אַזוי זײַן, פאַרוואָס מוז אַזוי זײַן.

תהו־ובהו. ווײַל אין סאַמע באַשאַף דײַנעם ליגט אײַנגעבויט אַ שטיק ניט־פאָלגעניש, אַ פאַרברעכן קעגן דײַן טאַטן און מאַמען. און דײַנע באַשעפעניש, דײַנע אויפטואונגען וועלן, פּונקט ווי דו, פאָלגן ניט דיר, נאָר זייער יצר־הרע פון צו־להכעיס׳ן, פון קאַפּויר. די גרעסטע הנאה וועלן זיי האָבן פון ווידערשפּעניקן. זינד וועט רייצן זייער גומען, וואַרימען צום פּונקט פון זידן, זייערע בלוטן. דײַנע מצוות, אָנזאָגעניִשן, וועלן זײַן געשמאַקלאָז, אָן טעם און אָן ריח. זיי וועלן זיך מחייה־זײַן מיט די עבירות,

זיי וועלן זיך קוויקן מיט דעם איבערטרעטן דיינע באַפעלן. זיי וועלן זיך לערנען פון דיר, פון דיינע מעשים. דו האָסט ניט געפאָלגט, וועלן זיי דיר ניט פאָלגן, סי מידה כנגד מידה.

..קב״ה. אפשר וועלן זיי זיין גערעכט. זיי וועלן טאַקע ניט געהאָרכן מיינע באַפעלן, אָבער נאָכטאָן מיינע טאַוונגען, ד. ה. נאָך מער געהאָרכן.

תהו ובהו. זיכער וועלן זיי זיין גערעכט, ד. ה. זיי ווילן זיין אומגערעכט, אָבער אַזוי ווי זייער אומרעכט איז געווענדט קעגן אן אומגערעכטן, וועלן זיי זיין גערעכט. זע וואוהין דיין פאַלשער וועג פירט דיך! באַאַבאַכט גוט, וואוהין ער לויפט: לויפט ער בערג אַרויף אָדער באַרג אַראָפּ? דו זאָגסט, דו ווילסט ווערן אַ איך, אַן אנוכי. גאַנץ גוט. זאָג מיר, אָבער, ווי אַזוי ווילסטו זיך באַהויפּטן אַלס אַן איך? וועלכע מיטלען וועסטו אָננעמען בכדי זיך זעלבסט צו באַשטימען? דו מיינסט, אַז דו קענסט באַהויפּטן דיין „איך" דורך דעם וואָס דו גייסט שאַפן א „ניט־איך", פון וואָס וועסטו שאפן אָט־דעם „ניט־איך"? פון זיך גופא, פון אינעווייניק, פון דיין אייגענעם אינאיכישן איך. ווי אַזוי זעסטו ניט, אַז אויף אַזאַ שטייגער באַגייסטו, פּראָסט און פשוט, אַן אַקט פון זעלבסט־מאָרד. דו פאַרניינסט דאָס וואָס דו ווילסט באַיאָען. דו באַמערקסט ניט אַז דו גייסט אַריבער אין אַ ווידערשפּרוך. דו טענהסט אַז דו ווילסט ווערן אַן איך און דורך דיין באַשאַף ווערסטו דאָך גאָר אַ שטיק „ניט־איך".

לאָמיר פאַרשטיין: וואָס גייסטו שאַפן? פיזישע קעגנשטאַנדן, הימל, ערד, און באָטאַנישע, ביאָלאָגישע וועזנס, פלאַנצן, בהמות, חיות, פיש עופות מענטשן. ווער זיינען זיי? אָביעקטן, זאַכן, שטאָפן, קערפּערס, מאַטעריעס, ענערגיעס. איז וואָס טוסטו בשעת דו באַשאַפסט זיי? נעמסט שטיקער פון דיין זעל, פון דיין גייסט, פון דיין יצירה־דראַנג, דיין קרעאַטיוון חשק און דו פאַרוואַנדלסט זיי, — אין וואָס? אין שטיקער חומר, און גליבעס שטאָף. דאָס מיינט, אַז אנשטאָט זיך צו דערהויבן, זיך צו פאַראיידלען אנשטאט צו שטייגן אַרויף, פאַרגראָבסטו זיך און זינקסט אַראָפּ, דער־נידערסט זיך, דו פאַלסט אין שאול תחתיה און דו טרייסט זיך בשעת מעשה מיט דעם אילוזאָרישן פאַרשטעל, אַז דער בשר־ודם, אין וועמען דו וועסט אַריינבלאָזן דיין אָטעם, דיין גייסט, וועט דיר דאַנקבאַר זיין, און ער וועט נאָכדעם דיר טאָן א געפעליקייט און זאָגן „יתגדל ויתקדש שמיה רבא" (עס זאָל געגרויסט און געהייליקט ווערן זיין גרויסער נאָמען). דאָס מיינט דאָך אַזוי: דו וועסט נעמען אָט־דעם צווייפיסיקן גולם און אים אין מויל אַריינלייגן אַ פּאָר צעקייטע קאָמפּלימענטן אויף דיין חשבון... און מיט דעם מיינסטו עס צו פאַרשטילן דיין נאָגענדיקן געוואויר־ווערן, אַז דו ווערסט ניט גרעסער אַ דאַנק דעם באַשאַף, נייערט, פאַרקערט, פיל קלענער, מצומצם־דיקער, איינ־געשרומפּענער, דו קריכסט אין טומאה, אין שרצים, רמשים, אין ברוד און שמוץ און דו מיינסט זיך אָפּצוואַשן ריין מיט אַ פּוסטן זייף־בלעזל פון אַ וואָרט ווי „יתקדש".

אדרבא גיב מיר צו פאַרשטיין, ווי אַזוי ווערסטו הייליק און פון וואָס ווערסטו היי־ליק ? פון באַשאַפן טמא זאַכן ? דו ביסט מטמא דיין זעל דורך מגע־ומשא מיט אַט־די אַלע טמא זאַכן, און דו ווילסט זיך איינשמועסן, אַז דו ווערסט הייליק. דורך דיין גע־פלאַנטן מעשה־בראשית פאַלסטו פון אַ הייכן טורעם אין אַ טיפער גרוב אריין, און דו טרייסט זיך דערמיט וואָס דיין גולם וועט זאָגן „יתרומם״. ווי אַזוי ווערסטו דער־הויבן ווען דיין באַשאַף איז דיין ירידה.

דו ווייסט, אַז די תפילות ותשבחות וואָס דו פאַרפאַסט (דירעקט אָדער אומדי־רעקט דורך אינספּירירן דיינע הויף־פּאָעטן זיי זאָלן 'צוזאַמענשטעלן' אדעס פאַר דיר) און דו וועסט באַפעלן דיינע משרתים, די פליגלדיקע אָדער די הענטאונפיסיקע גולמס, די מלאכים אָדער מענטשן, די נעשה־ונשמע׳דיקע שקלאַפן דיינע, צו זאָגן און זינגען פאַר דיר עטלעכע מאָל אַ טאָג — רופן אַרויס אַ באַרעכטיקטן פאַרדאַכט, אַז דו ווילסט זיך אַליין פאַרטויבן, באַרוישן, צעטומלען. מע זעט אין זיי, ווען מ׳לייענט צווישען די שורות אַז דיך פּייניקט דער געדאַנק מכוח דיין אַראָפּפאַל, מכוח דיין טומאה. יעדער פסיכאָאַנאַליטיקער וועט עס דיר זאָגן. אַפילו דיין מיטאָס וועגן דעם פאַל פון ערשטן מענטשן זאָגט עדות וועגן דיר גופא, דו רעדסט פאַרשטעלט, אין דער דריטער פּער־זאָן, וועגן זיך אַליין. דו פאַלסט אין אדם׳ען, אין באשאף, עס׳י דיין חטא, ניט אדמ׳ס חטא. און מתקן־זיין דעם חטא פון אדם הראשונ׳ען, וועגן וואָס דו וועסט אַזוי פיל ריידן דורך דיינע אינספּירירטע מקובלים, מיינט בלויז אַז דו פילסט און באַגרייפסט אַז דו דאַרפסט מתקן זיין דעם חטא פון רבונו־של־עולם, דיין אייגענעם חטא, דעם חטא פון דעם וואָס דו ביסט געוואָרן אַ באַשעפער, און דו האָסט עס ניט געטאָרט ווערן, ווייל דו האָסט עס ניט געדאַרפט ווערן, און ממילא ניט געקענט עס ווערן. און ווען דו האָסט אדם׳ען און חוה׳ן געשאלטן, האָסטו באמת זיך אַליין און די שכינה מיט זיך גע־שאלטן. „קללות קערן זיך אום צו די שילטערס״. דו האָסט דען געשאָלטן די ערד, די ערד האָט דיך געשאָלטן, דו האָסט זיך פאַרשאָלטן, דעם באַשאַפער פון אדמ׳ען און דעם באַשאַפער פון דער ערד. און דער אַרויסטרייב פון גן־עדן, וואָס איז עס, וואָס לערנט עס אונדז ? עס זאָגט קלאָר, אַז דו האָסט זיך אַליין און די שכינה אַרויסגעטריבן פון דעם גן־עדן הקדמון, פון דעם גליקלעכן צושטאַנד־אומצושטאַנד אין וועלכן דו האָסט זיך געפונען פאַרן באַשאַף.

קב״ה. (פאַר׳חידוש׳ט) אַזוי גאַר לייענסטו און פאַרשטייסט מיין ווערק ? איך האָב עס קיינמאָל ניט געמיינט, בשעת איך האָב עס פאַרפאַסט.

תהו־ובהו. אַ ווערק וואָס איז שוין פאַרפאַסט, גייט אַרויס פון רשות פון מחבר. ער איז איבער אים מער קיין בעל־הבית ניט. און מיר, די לייענער, די פאַרשטענדלע־כע לייענער, וואָס הערן דאָס ניט־דערזאָגטע פון דאָס געזאָגטע, רעכענען זיך ניט מיט דער מיינונג און דער כוונה וואָס דער אויטאָר האָט וועגן זיין חיבור און מיט דער כוונה

וואָס ער לייגט אַריין אין אים. דאָס ווערק ווערט אונדזערס, און וואָס מיר טייטשן אַריין אין דעם, דאָס שטייט דאָרטן. דער מחבר איז דער לעצטער צו פאַרשטיין זיין בוך, זיין ספר. דער מיטאָס רעדט וועגן דיר און ניט וועגן קיינעם... ווייטער, דו וועסט הייסן דיינע גולם׳ס זינגען הללויה׳ס. צו וואָס? צו ווען? צו וואָס דאַרף מען שרייען כסדר „קדוש, קדוש, קדוש", דריי מאָל איבערזאָגן דעם אייגענעם וואָרט, ווייל דו אַליין גלויבסט ניט אין דעם, און דו ווילסט מע זאָל דיך איינריידן אַז דו ביסט הייליק.

כל הנשמה תהלל יה, מיט־אָט־דעם זאָץ ענדיקט זיך דער תהלים, דאָס גרעס־טע לירישע ווערק וואָס ווערט פאַרפאַסט ווערן פאַר דיין כבוד־וועגן. יעדער אָטעם וועט דיך לויבן. איז עס אמת? יעדער אטעם, ווי איך זע עס, וועט דיך טאַדלען. ווייל דו מוזט דאָך אָטעמען אין יעדן אטעם. דו וועסט ליגן אַריינגעקוועטשט, צום צעדרוזגעט ווערן, אין יעדן שווערן, פאַרשטיקנדיקן, אַנטשולדיק, שטינקנדיקן אטעם פון יעדען וואָס וועט זיך אָנעסן מיט קנאָבל און ציבעלע, פון איטלעכן זולל־וסובא׳ניק, וואָס וועט זיך אָנפרעסן אַן אכילה גסה און וועט נאָכאַנאַנד גרעפּצן, אָדער טאָן עפּעס נאָך ערגערס... און דאָס וועט זיין ניט דער ערגסטער אָטעם און בלאָז. דו וועסט זיך געפּי־נען אין אטעם פון דורס, פון דער חיה וואָס צעיושעט זיך בשעת זי פאַרצוקט, אין דעם אטעם פון דבר־אחר בשעת ער כריוקעט... און בכדי צו פאַרשטעלן דיין בושה־גע־פיל וועסטו באַפעלן מע זאָל פאַר דיר זינגען די הללויה׳ס... אַז אָך און וויי וואָס פאַר אַ לויב־געזאַנג עס וועט זיך באַקומען פון זייערע אטעמס... כל הנשמה תהלל יה...

דו באַגרייפסט גאָר ניט וואָס פאַר אַ טראַגעדיע דו גייסט דאָ אָפּשפּילן... ווען איך זע אינפּאָרויס וואָס דו האָסט בדעה צו מאַכן פון זיך, פּלאַצט מיר דאָס האַרץ פון ווייטאָק. מיין מוטער׳ס האַרץ קען עס ניט אויסהאַלטן. ווי אַזוי האָסטו עס אויף זיך קיין רחמנות ניט, ווי אַזוי ביסטו עס אויף זיך אַליין אַזאַ רוצח; איך רייד שוין ניט וועגן דעם וויפל צער און יסורים דו פאַרשאַפסט דיין גרויסן טאַטן, דעם קדוש וטהור, דעם קדמון.

מיין זון, עס ברענט אין דיר אַ באַגער, א תאווה צום שאַפן, — גאַנץ גוט! לאָז עס ברענען און איבערברענען אין דיר. לאָז עס טליען. זאָל אָט־דער ברען דיך לייטערן. שאַף אינערלעך, אין זיך. שאַף סוביעקטיווע ווערטן. זאַמל אָן אוצרות אין דיין אייגענער זעל, קלייב אָן אינערלעכע קאָסטבאַרקייטן. דו קענסט ניט שטיין אויף איין אָרט, ווילסט גיין, זיך באַוועגן — זייער גוט! אָבער אום קדמונ׳ס ווילן, שטייג, גיי אַרויף, ניט אַראָפּ. ברען און פלאַקער מיט אינערלעכער קאמבוסטיע, ווער פאַר זיך אַליין אַ פאַקל און באַלייכט דיין אייגענעם וועג צו זיך אין זיך. שטייג זיך אַריבער, יאָג זיך אַריבער. ווער אַן איך ניט דורך שאַפן אַ ׳ניט־איך׳, ביירט דורך דעם זעלבסט־באַשאַף פון אַן איבער־איך, אַן איבער־זיך, אַ מעטא־עגא. דערהויב זיך,

שטעל זיך אויף דיינע אייגענע פּלייצעס, פּאַרטיף זיך, לאָז זיך אַראָפּ אין אייגענעם תהום. דו ווילסט דאָך, אָבער, טאָן דאָס פּאַרקערטע. דו ווילסט זיך פּאַרשמעלערן, פּאַרפּלאַטשיקן, פּאַרבּיליקן, פּאַרוואולגאַריזירן. דו גייסט זיך אַראָפּלאָזן צו די נידעריקסטע ברואים, ווילסט מגולגל ווערן אין די צווייפיסיקע און פירפיסיקע דברים אחרים, ווילסט זיך פּאַרקערפּערן אַריינמויערן אין יעדן שטיין און ביין, און שטיק האָלץ.

איך ווייס, אַז שאַפן אינערלעך איז שווער, נעמט פיל צייט, דווקא דערפאַר וואָס דאָס איז שווער דורכצופירן, ווערט עס הייך געשאַצט. פאַרוואָס זאָלסטו ניט זען פאַרברויכן דיין שעפערישן פיבער אויף זעלבסט־פּערפעקציע, אויף איבערפּערפעקציע, אויף שלימות־שבשלימות־שבשלימות. די זאַכן האָבן ניט קיין גרונט. וואָס מיר פאַרדריסט און באַליידיקט איז דאָס, וואָס מיינער אַ זון זאָל דווקא וועלן גיין אויף דער ליניע פון קלענערן ווידערשטאַנד: אַנשטאָט צו שאַפן אין זיך, איבערגעשטאַלטיקן זיך, גייסטו שאַפן פון זיך. דו פאַרלאָזסט דעם שווערן באַרגאַרויפיקן וועג פון מעטאַפיזיק, און לאָזט זיך קייקלען באַרג אַראָפּ צו קאָסמאָלאָגיע, געאָלאָגיע, אַסטראָנאָמיע, זאָאָלאָגיע, ביאָלאָגיע. אַנשטאָט דער זיכונג נעמסטו די זאַכונג. מיט פּראָסטע ווערטער, דו אויסערסט זיך, דו עקסטערנאַליזירסט זיך, דו דריקסט זיך אויס, דו פּרעסט אַרויס דיין אייגענע זעל, אַנשטאָט זיך צו אינערן, צו אינטערנאַליזירן, זיך אַריינצודריקן, אימפּרעסירן זיך... און וואָס ווערט פון דיר? אַ תל, רחמנא ליצלן! אָבער דערפאַר איז „הכל ישבחוך״... אַלע וועלן דיך רימען, אָבער דו אַליין וועסט זיך ניט קענען רימען, סיידען דו זאָלסט נאָך, צו אַלע צרות, ווערן אַ ליגנער אויך, און אַזוי נידעריק, קען איך זיך ניט פאָרשטעלן אַז מיינער אַ זון, אַ כשר קינד פון קדמון, וועט, קען פאַלן...

אַנשטאָט צו מאַכן זיך אַן איבערגאָט, מאַכסטו זיך אַן אונטערגאָט, ד. ה. דו מאַכסט זיך געצן, קעגנשטאַנדן, פיזישע זאַכן און פיזיאָלאָגישע וועזנס. יע, זיי וועלן דינען צו דיר; אָבער ווען? נאָכדעם, שפּעטער. און איצטער, בשעת דו באַשאַפסט זיי? דינסט דו דאָך צו זיי, דו ווערסט אַ געצנדינער בעת דו ביסט אַ געצנמאַכער. און ווי אַזוי קענסטו גאָר האָבן דעם דרייסט, איך וואָלט זאָגן, די חוצפּה, אַרויסצוקומען צו דעם מענטשן וועלכן דו באַשאַפסט און אים שטרענג אָנזאָגן אַז ער זאָל זיך ניט מאַכן קיין געץ, בשעת דו אַליין דערלויבסט זיך צו מאַכן געצן. וואָס איז עס? דער רבי מעג! דער רבונו־של־עולם מעג זיך מאַכן אַ געץ און דער מענטש טאָר ניט! דער קאָסמאָס איז דאָך דיין געץ, דער מענטש איז דיין געץ.

דיינע נביאים, אין זייער אומענדלעכער תמימות, וועלן אָפּלאַכן פון נעבאַכדיקן מענטשן וואָס ער וועט זיך בוקן צו די טאָוונגעץ פון זיינע הענט. ווי אַזוי קען ער זיך אַנדערש אויפפירן, ווען דו אַליין פירסט זיך אַזוי אויף, און ער טוט דיר בלויז

נאָך! און מיט דעם מויל פון דיינע אינספּירירטע פּראָפעטן לאָכסטו אָפּ פון נאַרישן מענטשן און דו באַגרייפסט ניט, אַז דו לאַכסט אָפּ פון זיך גופא, פון דיין געצנמאַכעריי, פון דיין מעשה־בראשית. דו נעמסט דיינע אַ מעטאַ־אידייע און רעאַליזירסט זי, פאַר־וואַנדלסט זי אין אַ שטיק חומר׳דיקער ווירקלעכקייט.

דער מענטש וועט דיך אימיטירן. ער וועט זיך מעכאַניזירן אַנשטאַט זיך צו פּסיכאָלאָגיזירן. ער וועט זאַמלען רייכטימער אונטן, אין דער פיזישער וועלט, וואו מאל קען עס צעטאַטשען און מייז צעגריזשען, אַנשטאַט צו זאַמלען זיי אויבן, אין דער פּסיכאָלאָגישער וועלט. אנשטאַט זיך צו שאַפן אַן אינערליכע גוטסקייט, וועט ער זיך איינשאַפן אויסערלעכע גיטער. ער וועט נעמען שטיקער פון זיין נשמה, דעם חלק אלוה ממעל, און זיי אַריינטאָן אין קאָנקרעטע קעגנשטאַנדן, און דער מענטש מיט זיין זעל וועט אין אָט־די קעגנשטאַנדן פאַרלאָרן ווערן, ווי דו האָסט זיך פאַרלאָרן אין דער וועלט, אין דער נאַטור. דער מענטש וועט זיין אַ פולשטענדיקער געצנדינער, פונקט ווי דו ביסט. ער וועט זינקען און מיינען אַז ער דערהויבט זיך. ער וועט זיין אַ דורכפאַל ניט קיין קלענערער פון דיר, רבונו־של־עולם!

יע, דער מענטש וועט זינקען זייער טיף: פון פּסיכאָלאָגיע וועט ער פאַלן, אַריינפאַלן אַזש אין מעכאַניק. ווען ער וועט וועלן שווימען, וועט ער זיין פאַרלאַנג ניט איבערקאָכן אין זיך און ווערן טיילווייז אַ פיש, ניין! דאָס נעמט צו לאַנג און דאָס דורכצופירן איז צו שווער, ווייל דאָס מיינט דאָך נעמען דעם אייגענעם אינערלעכן דראַנג און אים רעאַליזירן אינערלעך, אַריינבויען אים אין אייגענעם קערפּער דורך דער פאַרמירונג פון אַ נייער סעריע אָרגאַנען. וואָס וועט ער טאָן, ווען עס וועט זיך אים פאַרגלוסטן צו שווימען ווייטע שטרעקעס, אַריבערשווימען טייכן, ים׳ען? ער וועט בויען לאַדקעס, שיפעלעך, שיפן, אקרענטן. וואָס וועט טאָן נוח, דיין „צדיק בדורותיו״, ווען דיר וועט איינפאַלן צו ברענגען אַ מבול אויף דיר וועלט?

קב״ה. ער וועט טאָן וואָס איך וועל אים באַפעלן.

תהו־ובהו. וואָס ווילסטו אים באַפעלן צו טאָן?

קב״ה. איך וועל אים זאָגן: ׳עשה לך תבה...׳ מאַך זיך אַ קאַסטן און ער וועט זיך אויסבויען אַ קאַסטן און ניט דערטרונקען ווערן אין די וואַסערן פון דער פאַרפלייצונג.

תהו־ובהו. דו וועסט אים ניט ראַטן זיך אויסצולערנען צו לעבן בשעת־הדחק אין וואַסער, ווי אַ פיש, זיך צוצופאַסן צו דער וואַסערדיקער סביבה? ניין. דו וועסט אים לערנען און געבן אָנווייזונגען ווי צו בויען אַ קאַסטן און דער קאַסטן וועט שווי־מען, ניט דער מענטש. די שיפן וועלן דורכשניידן ים׳ען, אָקעאַנען; ניט דער מענטש דירעקט. און אַז דעם בן־אדם וועט זיך פאַרוועלן פליען, אַז ער וועט זיך מתקנא־זיין אין די פויגל אין הימל, וואָס וועט ער טאָן? וועט ער דען נעמען זיין וואונטש, זיין

באַגער און אים איבעראַרבעטן אין פליגלען, אַריינבויען אין זיך אָרגאַניש אַ פליאונגס אַפּאַראַט, אַ פיזיאָלאָגישן פלי־מעכאַניזם? ניין, דאָס פאָדערט צופיל אָנשטרענג און צופיל צייט. דער מענטש וויל דערגרייכן אַלץ אויף אַ לייכטן און שנעלן אופן. וואָס וועט ער טאָן? ער וועט זיך לאָזן גיין, פּונקט ווי דו, מיין זון, אויף דער ליניע פון קלע־נערן ווידערשטאַנד: ער וועט בויען לופט־שיפן, אַעראָפּלאַנען, מאָנאָפּלאַנען אא״וו. ער וועט כסדר איבערשמעלצן זיינע פסיכישע פּראָצעסן אין מעכאַנישע דערפינדונגען. אַזוי וועט ער זיך אויפפירן אין גאַנצן תחום פון מענטשלעכן טאָן. ער וועט נעמען מענטשלעכע פאַרהעלטענישן און זיי אָפּגיסן אין פעטישן פון סחורות, פון מינצן, פון אינסטיטוציעס פון כל המינים, פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, קולטורעל־רעליגיעזע. מיט אַנדערע ווערטער, אַנשטאָט זיך צו באַרייכערן, פאַרפילפאַלטיקן, זיך פּערפעקטירן, וועט ער מאַכן מעכאַניזמען, שאַפן גולם׳ס, צוטראַכטן אַפּאַראַטן, פּרעפּאַראַטן, ד. ה. אָנזאַמלען דרויסנדיקן רייכטום און אינעווייניקסטן דלות. אַזוי ווי דו גייסט טאָן.

זיי וויסן, מיין זון, אַז דו גייסט ווערן אַ יורד. גייסט פטרן דיין גאַנצע שעפע־ריש־פאַרשטעלערישע ענערגיע אויף חיצוניות, אויף קאָסמישע דערשיינונגען און פּראָצעסן. דו ווילסט זיך טראַנס־סובסטאַנציאַנירן אין יעדן זעמדל, שטיינדל, אין יעדן ווארים וואָס קריכט אויף דער ערד אָדער אין דער ערד, אין אירע אינגעווייד, אין אומפּלייט, אומצוכט, אין אַלע פאַרזעענישן, שטראַשידלעס און אומגעהויערס. דו ווילסט זיך פאַרקערפּערן אין אַ וועלט, ווערן אַ רבונו־של־עולם... איז דאָס אַ פּאַ־סיקער טיטול פאַר אַ זון פון קדמון און קדמוניתא! עס איז אַ גרויסער וויטאָק און אַ גרויסע שאַנדע, און וואָס איז גרעסער? ביידע גרעסער. אַנשטאָט זיך אריבערצוהויבן איבער אונדז, איבערשטייגן דעם טאַטן און די מאַמען ווילסטו אַרונטער־שטייגן צענטויזנט מאָל צענטויזנט שטאַפּלעך אין לייטער פון אַנטוויקלונג. ווילסט ווערן א ממלא כל עלמין וסובב כל עלמין, אַן אָנפילער פון די וועלטן און אַן ארומרינגלער פון די וועלטן — האָסט מער ניט וואָס צו טאָן? איז דאָס אַן עסק פאַר דיר, מיין בן־יקיר, מיין וואונדער־קינד?!

ווען דו ביסט ניט מיין אייגענער זון, ווען עס איז, ווי דער שפּרוך גייט, יעד־נעמס נאַר, וואָלט איך אָפּ׳פּטר׳ן דעם גאַנצן ענין מיט אַ שפּאַס: איך וואָלט זיך גוט פאַנאַנדערלאַכן, ווייל מער פון אַ טיפּן האַרציקן פריוואָלן געלעכטער פאַרדינט ניט דיין מעשה־בראשית. אָבער דו ביסט דאָך מיין זון, און איך קען ניט צוזען גלייכגיל־טיק ווי דו נעמסט די דימענטן פון דיין נשמה, די שענסטע פּערל פון דיין פּסיכיק און וואַרפסט זיי ניט נאָר פאַר די חזירים פון קעגנשטאַנדן און פּראָצעסן (דאָס וואָלט געווען נאָך אַ האַלבע צרה, מע וואָלט זיי געקענט ארויסראַטעווען, אָפּטרייבן די חזירים און

צונעמען די קאָסטבאַרקייטן) נאָר אין די חזירים, און דאָרטן ווערן זיי פאַרפאַלן לחלוטין. אין יעדן חזיר׳שן סנוק פּאַסטו אריין א גאָלדענעם רינג... א רינג אויסגע־שמידט פון טייערן גאָלד פון דיין אייגענער זעל.

קב״ה. (פאַרטראַכט זיך) אפשר ביסטו טאַקע, טייערע קלוגע מאַמע, גערעכט. עס לוינט זיך ניט דער גאַנצער עסק, צו ריזיקאַל אַן אונטערנעמונג: אָבער איך האָב דאָך שוין אָנגעהויבן. אמת, איך האָב נאָך דערוויַיל גאָרניט געטאָן בפועל, איך האָב בלויז זיך גופא באַשאַפן און גלייך נאָכדעם האָב איך אויך באַשאַפן דעם פאַרשטעלע־רישן געדאַנק מכוח אַ וועלט־באַשאַף. אָבער דאָס אַליין, די בלויזע מחשבה וועגן אַ קאָסמאָלאָגיע אָדער אַפילו אַן עגאָלאָגיע איז דאָך שוין אַן אויפבראַך, און די קדמון־קדמוניתא אידיליע פון שלווה איז שוין צעשטערט. איך האָב זיך דאָך שוין אַרויס־געטיילט, אָפּגעריסן פון דער אומבאַשטימטקייט, פאַרשוועכט די הייליקע טראַדיציע פון דעם מטושטשדיקן אַרום, געבראָכן די לאָיאַליטעט צו אונדזער הייליקער משפחה, ווי דו רופסט עס. און עס איז ניטאָ קיין צוריקקער. תשובה איז נאָך ניט באַשאַפן. דער וועג צוריק איז אָפּגעשלאָסן. איך האָב געמאַכט אַ ריס, און עס איז פאַרפאַלן, קיינער וועט עס קיינמאָל ניט קענען פאַרנייען, און אַליין וועט זיך עס, זיכער, ניט צוזאַמענ־וואַקסן.

תהו־ובהו. מ׳קען נאָך ראַטעווען די סיטואַציע. איך זעץ ניט אויס אַזוי שטאַרק קעגן דיין זעלבסט־באַשאַף, ווי אַנטקעגן דיין באַשאַף. מיט דיין זעלבסט־באַשאַף וואָלטן מיר, איך און דיין טאַטע, שלום־געמאַכט ווי ניט ווי בדיעבד. עס איז אַן אינערלעכער ענין און צווישן זיך וועלן מיר דורכקומען. די צרה איז מיט דעם באַשאַף, און אַזוי ווי דו האָסט עס נאָך ניט געטאָן, נייערט בלויז געטראַכט צו טאָן, וועלן מיר דיינע שלעכטע געדאַנקען ניט פאַררעכענען פאַר קיין מעשים. עס איז נאָך ניט צו שפּעט זיך אומצוקערן, וויַיל באמת ביסטו נאָך ניט אינגאַנצן אַוועקגעגאַנגען.

מיין זון, איך פאַרשטיי וועןְ דו זינדיקסט און דו, לכל־הפחות, פּראָפּיטירסט דערביי, האָסט עפּעס פון דעם. וואָס וועסטו האָבן פון באשאף? וואָס קען דיר דער באַ־שאף געבן אויסער עגמת־נפש, גריזאַטע און חרטה?! דו וועסט אָנמאַכן זאַכעלעך זי־כעלעך, און זיי וועלן דיר אַפילו דאַנקבאַר ניט זיין. פאַרקערט, זיי וועלן נאָך זיין אין כעס אויף דיר, האָבן תרעומות, הלמאי דו האָסט זיי אַרויסגעריסן פון שויס פון „ניט־יעניטיעניט״, וואו זיי האָבן זיך געפילט אַזוי היימיש און באַקוועם.

איך קוק אין מיין גייסטיקן כראָנאָ־שפּאַקטיוו און זע: אָן גייט אַרום, שפּרייזט אַהין און צוריק, מיט גרויסע טריט, איבערן צימער איינער פון די גאָר אָנגעזעענסטע פאַרשטייער פון די חכמי־התלמוד. ער איז אַ בויזער, אַן אויפגערייצטער. ער איז אַ

קפדן אָבער אַ גאָר גרויסער קענער פון דיינע שריפטן. און ער, אָט־דער שטענדיקער לייענער דיינער, ער ווייסט אויפּאויסווייניק אַלץ וואָס דו האָסט פאַרפאַסט, שרייט אויס מיט ביטערקייט און צאָרן קעגן דיר. און ער טוט עס ניט בצנעא, פאַרבאהאַלטענער־הייט, נייערט בפרהסיא אין דער דערבייזיינקייט פון אַ פולער שטוב תלמידים, מיט וועלכע ער שטודירט טאַקע דיינע ווערק. איך הער דייטלעך יעדעס וואָרט זיינס וואָס ער זאָגט: „מוטב שלא נברא משנברא״, עס איז בעסער ניט באַשאַפן צו ווערן איידער באַשאַפן צו ווערן. דאָס הייסט ער זאָגט דאָס אייגענע, וואָס איך טענה. ער איז פול־קום גערעכט. ער איז ניט איינער. איך זע און הער אַן אַנדערן, פון אַביסל אַן אַנדער לאַגער און ער זאָגט דאָס אייגענע הגם מיט אַנדערע ווערטער. דער גאַנצער באַשאַף וועט קרעכצן און זיפצן און פאַרוויינען דיר דעם קאָפּ, ניט לאָזן דיר אַ נאַכט איבער־שלאָפן רואיק. דיינע באַשאַפענישן וועלן אַרויסקומען צע׳הרג׳עטע, צעמזיקטע און דו אַליין וועסט פון זיי צעקריפּלט ווערן. עס וועט זיך באַקומען וואָס די מקובלים וועלן רופן אויף זייער שטאַמלער־לשון „שבירת הכלים״, אַ צעברעכעניש פון געפעסן און אַ „שכינתא בגלותא״, דו וועסט זיין אין גלות ביי דער שכינה און די שכינה וועט זיין אין גלות ביי דיר.׳ איר וועט זיך אַרומרייסן און אַרומקריגן, איר וועט איינער דעם אַנדערן באַשולדיקן אין דעם חטא פון מעשה־בראשית. דו וועסט וועלן פּטור ווערן פון דער גאַנצער היזק׳פולער אונטערנעמונג און וועסט ניט קענען. ווי יענער וואָס האָט געכאַפּט אַ בער, דער בער האַלט אים. דער מעשה־בראשית וועט דיך האַלטן אין קלעם פון צימצום. און ווען מיר זאָלן אַפילו וועלן נאָכדעם דיר העלפן, — פון מיט־לייד צו דיר, צו דיין צעבראָכן געמיט — וועלן מיר ניט זיין אימשטאַנד. מחמת עס וועט זיין אוממעגלעך אָפּצושאַפן וואָס דו האָסט באַשאַפן. מער ווי שעדיקן עס, שטערן וועלן מיר ניט קענען. שטערן אָבער ניט צעשטערן.

זון מיינער, האַלט זיך אָן דעם כלל פון אויפפיר: מע זאָל ניט טאָן דאָס אויף וואָס מ׳קען חרטה ניט האָבן. דער אמת איז אַז אויף קיין האַנדלונג קען מען לאחר־המעשה, נאָכדעם ווי די האַנדלונג איז דורכגעפירט געוואָרן, קיין חרטה ניט האָבן. מע קען ניט אומטאָן דאָס געטאָנענע. חרטה ווירקט ניט אויף־צוריק, נייערט בלויז פאָרויס. מ׳קען ניט אָפּמעקן דאָס אָנגעשריבענע אַזוי אַז עס זאָל ווערן עפּעס וואָס איז גאָר קיינמאָל ניט אָנגעשריבן געוואָרן. דעריבער זאָגט טאַקע די אמת־קלוגשאַפט אַז מ׳זאָל גאָר ניט טאָן, וועט מען זיך דערנאָך ניט דאַרפן יאַדן, זיך אויפעסן אַ לעבעדי־קער פון חרטה.

מישטיינס געזאָגט, ווי לאַנג וועט אנהאַלטן דיין התלהבות פון באשאף, דער עקסטאַז פון יצירה־פּראָצעס, צום לענגסטן וועט דיין ענטוזיאַזם דויערן אַ זעקס מעת־

לעת. און ווי לאַנג וועט זיך ציען דיין חרטה, ווי לאַנג וועט אָנהאַלטן דיין דיסאילוזי־אָנירונג? גאָר אָן אַ סוף אין דער אייביקייט אַריין. לוינט זיך עס, פּראַקטיש גערעדט, צו צאָלן פאַר איין אויגנבליק פון שעפערישן ברען מיט אַן אייביקייט פון אויסלעש ?!

און די פראַגע איז פיל אַן האַרבערע. עס איז ניט קיין ענין פון לוינען און ניט לוינען, די פראַגע איז צי דיין באַשאַף וועט האָבן אַ זינען. וואָס איז דער תכלית פון באַשאַף? אַט אַזוי שטייט די פראַגע.

קב״ה. אַ זינען, אַ תכלית... וועגן דעם איז מיר גאָרניט איינגעפאַלן זיך צו פאַרטראַכטן. איך זוך ניט קיין תכליתים פאַר זיך, צו וואָס זאָל איך עס זוכן פאַר יע־נעם. פאַר מיר איז גענוג אַז איך פיל אַז איך וויל עס...



# איך בין...

פון

## א. קעמל

דאָ אויפן אָרט בין איך, כ׳בין באמת דאָ פאַראַן,
זאָל צווייפל־שאָטן שפּילן זיך אויף דעם עקראַן.
איך הער, עס שאַלט דער האָרן אין מיין וואַלד פון חלום,
זאָגט אָן די בשורה פון מיין קיום מיט זיין קלאַנג.
דער טוי אים באַמקעט אונטער. מפני דרכי שלום
צעטראָגט עס עכאָ אין לופט־כוסות, ווי געטראַנק.

ווי בלינדע, טאַפּן, זוכן מיך אויף אַלע שטעגן
באַדינערס גראָבע; איידעלע באַזינערס פרעגן:
וואו איז די צייט, וואו איז דער פלאַץ פון האַר, דעם איך?
— איך האָב קיין פּלאַץ, איך האָב קיין צייט; ובכן אויף גיך
איך גיי ארויס פון זיך, ווי קינד פון פאָטער׳ס דיך.
און מיט איין אָטעם לויף צוריק אריין אין זיך...



# סאָציאלאָגישע עקאָנאמיע

## בוך צוויי: פּראָפיט *)

פון

## אבא גאָרדין

### ט

### נויטווענדיקע אַרבעט **)

מאַרקס שרייבט:

„אויב דער ווערט פון יענע נויטווענדיקע הצטרכותן שטעלט פאַר אין דורכשניט די פאַרשווענדונג פון זעקס שעה אַרבעט, מוז דער אַרבעטסמאַן דורכשניטלעך האָרעווען זעקס שעה אום צו פּראָדוצירן יענעם ווערט. אויב אַנשטאָט צו אַרבעטן פאַרן קאַפּיטאַליסט אַרבעט ער אומאָפּהענגיק אויף זיין אייגענעם חשבון, וואָלט ער, אַנדערע זאַכן זייענדיק גלייך, נאָך אַלץ זיין מחוייב צו אַרבעטן די זעלביקע צאָל שעהן בכדי צו פּראָדוצירן דעם ווערט פון זיין אַרבעט־קראַפט און דורך דעם צו באַקומען די לעבנס־מיטלען וועלכע זיינען נויטווענדיק פאַר זיין דערהאַלטונג און פאַרגעזעצטער פּראָדוקציע.״ [1]

אויב „ער אַרבעט אומאָפּהענגיק אויף זיין אייגענעם חשבון״... אָן דעם קאַפּיטאַליסט, אָן דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, נייערט אין זיין בחינה פון אַ בעל־מלאכה, אָדער אַ מיטגליד פון אַן אינדוסטריעלן קאָאָפּעראַטיוו, „וואָלט ער, אַנדערע זאַכן זייענדיק גלייך״... ווי אַזוי קענען זיי זיין גלייך, ווען די פונדאַמענטאַלע זאַכן האָבן דורכגעמאַכט אַזאַ קאָלאָסאַלן שינוי, דער גאַנצער מאָדוס פון פּראָדוקציע האָט זיך געענדערט יסודיק. ווייטער, אַן אַרבעטער וואָס אַרבעט „אומאָפּהענגיק אויף זיין

*) זע יידישע שריפטן באַנד 4, העפט 2—1 זז. 212—185.

*) זע יידישע שריפטן באַנד 3 העפט 3 זז. 86—385.

אייגענעם חשבון" אַלס אַ האַנטווערקער, וואָלט דאָך דאַרפן גיין אין מאַרק און אײַנ־קויפן דעם רויען מאַטעריאַל, זיך אײַנשאַפן פּראָדוקציע־געציַיג, פּראָדוצירן דעם פּאַר־טיקן אַרטיקל, לויפן צוריק אין מאַרק אַריין אָדער זיצן און וואַרטן פאַר דעם קונד אַז ער זאָל זיך באַווייזן ווען אים געפעלט און אָפּקויפן דעם פאַרטיקן אַרטיקל פון אים. אָט־דער אומשטאַנד פון „אומאָפּהענגיקייט" שיקט פאַרויס אַ טיפן אַראָפּפאַל אין אַר־בעט און פאַכנצעטיילונג, און דער פועל־יוצא פון אָט־דער „אומאָפּהענגיקייט", פון דעמדאָזיקן פאַר זיך אַרבעטן, וואָלט זיין דאָס אַראָפּזינקען פון דער פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט.

אונטער פּרימיטיווע באַדינגונגען, וועלכע אנטעדאַטירן די פונקציעס און באַ־רופן־צעטיילונג, וואָלט דער אַרבעטער, בכדי צו קריגן דעם זעלביקן סכום פון זאַכן אום צו באַפרידיקן זיינע סאַמע נויטווענדיקסטע באַדערפעניש וועלכע ער קריגט איצט אונטער דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־מאָדוס, געדאַרפט שוויצן מיט בלוט, פּראַצעוועןָ צוויי מאָל אַזויפיל, ווי ער פּראַצעוועט אַצונדער, און אויך דעמאָלט, ווען ער אַרבעט צוויי מאָל אַזוי שווער און צוויי מאָל אַזוינע לאַנגע שעהן, וואָלט ער קוים געקענט באַווייזן אָנצוהאַלטן דעם איצטיקן לעבנס־סטאַנדאַרד, הגם מיר אַלע ווייסן, אַז ער איז זייער וויַיט פון צו זיין שטאַרק געהויבן. ווי דער פּרימיטיווער פּראָדוצירער־געברויכער קען ניט נאָכהאַלטן דעם פּראָדוצירער־אויסטוישער בנוגע אַרבעט־פּראָ־דוקטיוויטעט, וועלכע האָט זיך אין־לשער הויך אויפגעהויבן אַדאַנק צו ספּעציאַליזאַ־ציע, פּונקט אַזוי קען ניט דער אומאָפּהענגיקער האַנטווערקער נאָכקומען אין אויפ־טוערישקייט דעם מאָדערנעם לוין־אַרבעטער.

מאַרקס באַהאַנדלט דעם ענין גאָר טשיקאַווע. ער שטעלט זיך פאָר, אַז אַן אומ־אָפּהענגיקער אַרבעטער וואָלט געקענט קירצן זיין אַרבעט־טאָג און רעדוצירן אים צו אַ העלפט פון זיין קעגנווערטיקער לענג, און ניט קוקנדיק אויף דער קירצונג פון די אַרבעט־שעהן, קריגן אַזויפיל וויפל דער לוין־אַרבעטער קריגט אונטער די איצטיקע באַדינגונגען, מחמת איצטער אַרבעט ער דאָך פאַרן באַלעבאָס און דער לעצטער פרעסט אַרויס פון בידנעם אַרבעטער „מער־ווערט", לכן איז דאָך קלאָר אַז אַרבעטנ־דיק פאַר זיך אָן קאַפּיטאַליסטישן באַלעבאָס וואָלט ער געקענט אַרבעטן פיל וויני־קער און דאָך „פאַרדינען" דאָס אייגענע. מאַרקסן פאַלט גאָרניט אַיין, אַז דאָס סאַמע פאַרקערטע וועט פּאַסירן: דעם אַרבעטערס נויטווענדיקסטע באַדערפעניש וואָלטן דעמאָלט געמוזט רעדוצירט ווערן צו אַ העלפט פון זייער פאַרנעם און דער אַרבעט־טאָג וואָלט דאַרפן אויסגעצויגן ווערן נאָך פיל לענגער. און דאָס איז טאַקע דער מע־טאָד וועלכן דער האַנטווערקער ווענדט אָן אין זיין קאָנקורענץ מיט דער איצטיקער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם פון פּראָדוקציע, ער אַרבעט מער, לענגערע שעהן, און פאַרדינט וויניקער.

מאַרקס שרייבט:

„יענער טייל פון אַרבעט־טאָג, לכן, אין משך פון וועלכן אָט־די רעפּראָדוקציע קומט פאָר, רוף איך אָן „נויטוועענדיקע אַרבעט־צייט" און די אַרבעט וואָס ווערט פאַרשוועדט אין משך פון אָט־דער צייט רוף איך אָן „נויטוועענדיקע" אַרבעט, נויטוועענדיק וואָס איז שייך דעם אַרבעטער, מחמת עס איז אומאָפּהענגיק פון דער באַזונדערער סאָציאַלער פאָרם פון זיין אַרבעט". [2])

„דער טאָטאַלער אַרבעט־טאָג פון דעם אַרבעטער איז אַיינגעטיילט אין צוויי טיילן. איין טייל איז דער אין משך פון וועלכן ער מאַכט דעם סכום אַרבעט וואָס איז נויטוועענדיק צו רעפּראָדוצירן דעם ווערט פון זיינע אייגענע לעבנס־מיטלען. דאָס איז דער באַצאָלטער טייל פון זיין טאָטאַלער אַרבעט, יענער טייל וועלכער איז נויטוועענדיק פאַר זיין אייגענעם אויפהאַלט און רעפּראָדוקציע". [3])

ווי אַזוי האָט גאָר מאַרקס געקענט משער־זיין, אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט אויסצורעכענען די לענג פון אַרבעט־טאָג און די רעזולטאַטן וואָס דער אַרבעטער קריגט פון זיין אַרבעט איגנאָרירנדיק בשעת־מעשה די באַזונדערע סאָציאַלע פאָרם פון זיין אַרבעט"?! קענען מיר אויס׳חשבונ׳ען פּראָדוקטיוויטעט אין אַ סאָציאַלן חלל? „יענער טייל פון אַרבעט־טאָג, לכן, אין משך פון וועלכן אָט־די רעפּראָדוקציע קומט פאָר"... וואָס איז דער סכום פון די פּראָדוקטן וואָס ווערן רעפּראָדוצירט? אונטער וועלכע באַדינגונגען ווערן זיי רעפּראָדוצירט? אָן מאַשינען אָדער, אפשר, גאָר אינגאַנצן אָן געווערקצייג, מיט די הוילע הענט, מיט די נאַקעטע צען פינגער? וואו קומט עס פאָר, אין שטאָט, אין דאָרף, אין מדבר? ווענדט דער אַרבעטער אָן דעם פּרינציפּ פון אַרבעט־צעטיילונג אָדער ניט?

מאַרקס שרייבט:

„דער אַקטועלער רייכטום פון דער געזעלשאַפט און די מעגלעכקייט פון אַן המשכ׳דיקער עקספּאַנסיע פון איר רעפּראָדוקציע־פּראָצעס, הענגען ניט אָפּ פון דער דוראַציע פון איבערמאָס־אַרבעט, נייערט פון איר פּראָדוקטיוויטעט און פון אירע מער אָדער ווייניקער פרוכטבאַרע פּראָדוקציע־באַדינגונגען אונטער וועלכע זי ווערט אויפגעפירט". [4])

לכן ווענדט זיך אַלץ ניט אָן דער פּשוט׳ער דויערהאַפטיקייט פון אַרבעט־טאָג, נייערט אָן דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט. אויב אַזוי ווערט די קשיא נאָך האַרבער: ווי איז עס מעגלעך אויסצורעכענען די לענג פון אַרבעט־טאָג און די רעזולטאַטן וואָס ער וואָלט געקענט געבן אויב מע נעמט ניט אין אַנבאַטראַכט אַ באַשטימטע סביבה, באַשטימטע אַרבעט־באַדינגונגען, אַ באַשטימטן ניווא פון אַרבעט־פּראָדוקטיוויטעט? דאָס האָט אַ פּנים ווי צו זוכן די גרויס פון איקס אָדער איגרעק אין אַן אַלגעבראַאישער עקוואַציע, ווען קיינע דאַטן וועגן זייער דעטערמינאַציע זיינען ניט גע־

געבן און מ׳ווייסט ניט וואו זיי צו זוכן און וואו זיי צו געפינען. יעדע סאָציאַלע פאָרם ווען זי איז פיל וויניק באַשטימט האָט אַ דורכשניטלעכן קאָעפיציענט פון פונקציעס־צעטיילונג און פּראָדוקטיוויטעט, זי האָט צו טאָן מיט אַ באַשטימטער מדרגה פון ספּע־ציאַליזאַציע. אָבער ווי קען ספּעציאַליזאַציע און ניט־ספּעציאַליזאַציע זיין גלייך אין זייער פּראָדוקטיווע פּאָטענציאַליטעטן סיי קוואַנטיטאַטיוו סיי קוואַליטאַטיוו ?

מאַרקס טיילט איין דעם אַרבעט־טאָג אין צוויי חלקים, „נויטווענדיק״ און „אומ־נויטווענדיק״. דעם אומנויטווענדיקן טייל רופט ער „מער־אַרבעט״. ער וויל אָבער, ווי עס שיינט, ניט באַגרייפן, אַז אויב מיר זאָלן זיך אומקערן צו אָפּגעשטאַנענע קאָנ־דיציעס און נידעריקע סטאַנדאַרדס פון פּראָדוקטיוויטעט, וועלן מיר דעמאָלט ניט קענען צעשניידן דעם אַרבעט־טאָג און אָנרופן איין טייל זיינעם „אומנויטווענדיק״, מיר וועלן נאָך דאַרפן צושטוקעווען צום טאָג אַ טייל פון אַ צווייטן און אַ דריטן אַרבעט־טאָג און דאָס וועט ניט קלעקן פאַר דער נויטווענדיקער פּאָרציע פון אַרבעט־טאָג.

אָט וואָס מאַרקס שרייבט :

„אויב מיר רעדוצירן די שכירות צו זייער אַלגעמיינער באַזע, נעמלעך צו יע־נעם טייל פון דעם פּראָדוקט פון פּראָדוצירער׳ס אייגענער אַרבעט... און אויב מיר באַפרייען אָט־דעם טייל פון זיינע קאַפּיטאַליסטישע לימיטאַציעס און שפּרייטן אים אויס צום גאַנצן אַרומנעם פון געברויך וועלכער איז דערלויבט אונטער דער עק־זיסטירנדיקער פּראָדוקטיוויטעט פון דער געזעלשאַפט... אויב מיר רעדוצירן דעם מער־פּראָדוקט צו יענער מאָס, וועלכע פאָדערט זיך אונטער די עקזיסטירנדיקע באַ־דינגונגען פון סאָציאַלער פּראָדוקציע״. [5]

מאַרקס נעמט אָן די געגעבענע באַדינגונגען פון פּראָדוקטיוויטעט און בשעת מעשה וואַרפט ער אָפּ די זעלביקע באַדינגונגען, אַ זאַך וואָס קען ניט געטאָן ווערן מיט לאָגישער שטראָפּלאָזיקייט. אויב מיר נעמען אַרויס דעם אַרבעט־טאָג פון זיין איצטי־קער אינטעראינדיווידועל און אינטערקלאַסלעך היסטאָרישער ראַם, מוזן מיר זאָגן באַשטימט אין וועלכער ראַם מיר גייען אים אַריינפּאַסן. מיר קענען אים ניט איבער־לאָזן אינגאַנצן אָן אַן אינטעראינדיווידועלער ראַם. אויב די סביבה, די אינטעראינדי־ווידועלע פאָרם וועט זיין פון אַ העכערער עפיציענץ, גרעסערער אויפטוערישקייט, בע־סערער מאַשינעריע, בעסערער אָרגאַניזאַציע פון אַרבעט, וויניקער ניוועץ און צייט־פאַרלוסט, פאַרשטייט זיך אַז דעמאָלט וועט דער נויטווענדיקער חלק פון אַרבעט־טאָג, ווען דער לעבנס־סטאַנדאַרד ווערט גענומען אַלס קאָנסטאַנט, זיין קירצער פון דעם קעגנווערטיקן אַרבעט־טאָג. אויב, פאַרקערט, די אינטעראינדיווידועלע פאָרם וועט זיין אַ נחות־דרגא, פון אַ נידעריקערער שטופע, און איר פּראָדוקטיווקייט פון ווייַ־ניקער אינטענסיטעט, וועלן מיר דערגרייכן פאַרקערטע רעזולטאַטן, דער „נויטווענ־דיקער״ חלק פון אַרבעט־טאָג, ווען דער לעבנס־סטאַנדאַרד בלייבט דער פיקסירטער,

וועט ווערן אויסגעצויגן אויף צוויי טעג און, עס איז רעכט, אַפילו אויף דריי טעג אָדער אויף אַ וואָך און מער. עס איז גאָר קיין שיעור ניטאָ דערצו. דאָס הייסט די אַרבעטער וועט אויסקומען צו אַרבעטן אַ גאַנצע וואָך און אַרויסקריגן פון דער וואָך אַרבעט אין פּראָדוקטן אַזעלכע רעזולטאַטן, וועלכע זיי האָבן פאַרדעם באַקומען אין משך פון אַ טאָג. וואָס איז שייך זייער לעבנס־סטאַנדאַרד וועט ער אַריבער פון זיין טאָג־ראַטע צו דער וואָך־ראטע, זיי וועלן זיין אימשטאַנד צו געברויכן אין אַ וואָך צייט אַזויפיל וויפל זיי האָבן פאַרדעם פאַרנוצט אין אַ טאָג צייט, אַזוי וויניק וועלן זיי געניסן פון זייער פּראַצע.

מע קען ניט איבערלאָזן דעם אַרבעט־טאָג אָן אַ ראַם. מחמת אונדזערע פאָרמען פון אַרבעט זיינען אַרבעט־און־פונקציע־צעטיילט. מאַרקס, ווי עס זעט אויס, נעמט אָן די געגעבענע באַדינגונגען, דעם סטאַטוס־קוואָ פון געגעבענעם ניווא פון פּראָדוקטיוויטעט. אונטער אַזעלכע באַדינגונגען ווער קען אונדז אָנצייגן ווי אַזוי צו שניידן דעם אַרבעט־טאָג? דאָס איז אַן אַרבעט פאַר דער געגעבענער געזעלשאַפט. דער אַרבעט־טאָג איז אַ קלאַסן־פאַרהעלטעניש, אַ קלאַסאָלאָגישע דין־תורה, אַ קלאַסן־מחלוקת. מיר קענען ניט אַנערקענען אַ קלאַס, אָננעמען זיינע ביישטייערונגען, זיינע פאַרדינסטן און מיט דעם זעלביקן אָטעם אים פאַרדאַמען און אַרויסוואַרפן אויף צוויי שפּענדלעך, באַטראַכטן אים אַלס אַן איבעריקן. דאָס קען מען ניט טאָן, מחמת דאָס מיינט זיך סותר־זיין. דער קלאַס און די סיסטעם וואָס ווערט פון אים קאָנטראָלירט זיינען איין זאַך, זיינען אידענטיפיצירט. ווי קען מען גאָר אויסרעכענען די „בויטווענדיקע" אַרבעט אונטער אַ באַשטימטער סיסטעם און ניט אַריינרעכענען די אַרבעט וואָס איז נויטווענדיק צו פאַרשווענדן בכדי אויפצוהאַלטן אָט־די סיסטעם! אַן עקאָנאָמישע סיסטעם איז אַריינגעשטעלט אין אַן אינטעראינדיווידואַלאָגישער און אינטערקלאַסאָלאָגישער סביבה, און אָט־די סביבה פאַרברויכט געוויסע אָנשטרענג־איבונגען פון אירע מיטגלידער. מיר קענען ניט אויסרעכענען די נויטווענדיקע אַרבעט און ניט אַריינרעכענען די ביישטייערונג וואָס אַרבעט מוז צוטראָגן אום אויפצוהאלטן די סיסטעם און די פאַציליטעטן וואָס אָט־די סיסטעם לייגט פאָר, פונקט ווי מע קען ניט אויסחשבונ׳ען אַ פאַמיליע־בודזשעט און פאַרגעסן בשעת מעשה אַריינצורעכענען אין די הוצאות דירה־געלט, קליידונג, שוכונג, אא"וו, זיך באַגנוגענען מיט שפּייז אַליין. „נויטווענדיקע אַרבעט פאַר דער רעפּראָדוקציע" פון וואָס? קודם כל מוז דאָך רעפּראָדוצירט ווערן די אינטעראינדיווידועלע און אינטערקלאַסלעכע אומגעבונג, אָדער עפּעס אַן אַנדערע, אַן אינטעראינדיווידועלע אָדער סאָציאַלע סיסטעם אַלס אַ „במקום". און דאָס קען ניט געטאָן ווערן פון זיך אַליין אָן דער פאַרשווענדונג פון אַ געוויסער קוואַנטיטעט פון אַרבעט. מחמת אָט־די איינשטעלונגען עקזיסטירן ניט אָן מענטשלעכן אָנשטרענג. זיי זיינען כמעט ווי לעבעדיקע אָרגאַניזמען וואָס אָטעמען, פאַרצערן ענער־

גיע. קיין סיסטעם האלט זיך ניט, זי מוז ווערן אויפגעהאלטן, זי מוז ווערן „באַלעבט״, באַוועגט. איידער וועלכע עס איז פּראָדוקטן קענען ווערן פּראָדוצירט, מוז צום־אַלעם־ערשטן ווערן געשאַפן, עטאַבלירט און רעעטאַבלירט אַ באַשטימטער ווירטשאַפטלע־כער קאָסמאָס. מחמת קיין פּראָדוקטיווע טעטיקייט איז ניט מעגלעך אין אַ כאַאָס, אין אַ פּאַנדעמאָניום, אין אַן עולם־התהו. און ווי אַזוי קען גאָר מאַרקס צולאָזן דעם גע־דאַנק אַז עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צו מאַכן רעכענונגען מחוץ פון יעדער סאָציאַ־לער פאָרם. מען קען עס אַזוי באַווייזן ווי מאַכן דעם חשבון פון פּראָדוקציע אָן פּראָדוק־ציע און אָן פּראָדוצירער און אָן חשבון.

מאַרקס שרייבט:

„אין משך פון דעם צווייטן פּעריאָד פון דעם אַרבעט־פּראָצעס, דער אין וועלכן זיין אַרבעט איז שוין מער ניט קיין נויטווענדיקע אַרבעט, פּראַצעוועט דער אַרבעטס־מאַן, דאָס איז אמת, ער פאַרשווענדט אַרבעטס־קראַפט; אָבער אַזוי ווי זיין אַרבעט איז מער ניט קיין נויטווענדיקע אַרבעט, שאַפט ער ניט פאַר זיך קיין ווערט. ער שאַפט מער־ווערט, וועלכער האָט פאַר דעם קאַפּיטאַליסט דעם גאַנצן רייץ און צויבער פון אַ באַשאַף „יש־מאין״. אָט־דעם חלק פון אַרבעט־טאָג רוף איך איבערמאָס־אַרבעט־צייט און דער אַרבעט וואָס ווערט געטאָן אין משך פון אָט־דער צייט גיב איך אַ נאָמען איבערמאָס־אַרבעט.״ [6]

„דער גאַנצער איבערגעבליבענער חלק פון אַרבעט־טאָג, די גאַנצע איבער־מאָס־קוואַנטיטעט פון אַרבעט, וואָס ווערט געטאָן איבער דעם ווערט פון דער אַרבעט, וואָס איז רעאַליזירט אין זיינע שכירות, איז איבערמאָסיקע אַרבעט, אומבאַצאָלטע אַר־בעט, וועלכע ווערט רעפּרעזענטירט דורך דעם מער־ווערט פון זיין גאַנצן פּראָדוקט אין די סחורות״. [7]

אויב דאָס וואָלט זיין אַן אַדעקוואַטע באַשרייבונג פון דער ווירטשאַפטלעכערווירקלעכקייט, אויב אַזוי וואָלט עס האַלטן מיט דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, וואָלט דער קאַפּיטאַליזם פאַר זיין אויפהאַלט, פאַר זיין עקזיסטענץ און פונקציאָנירונג, וואָס מיינט פאַר דעם אויפהאַלט און חיונה פון די וועלכע פערסאָניפיצירן אָט־דעם איינ־שטעל, די עקאָנאָמיש העכער סיטואירטע שיכטן, — געדאַרפט אַרויפצווינגען עקס־טראַ אַרבעט־שעהן אויף די האָרעפּאַשנע מאַסן, אַרויפלייגן אויף זיי אַ יאָך, וועלכן זיי וואָלטן ניט געדאַרפט טראָגן, ווען מען וואָלט זיי איבערגעלאָזט אַליין, אָן השגחה און הנהלה, אָן אָרגאַניזאַציע, קאָאָרדינאַציע, פונקציעס וואָס דער ווירטשאַפטלעך־קאָמאַנ־דירנדיקער קלאָס דערפילט. ווען דאָס וואָס מאַרקס זאָגט וואָלט געווען אמת, וואָלט קאַפּיטאַליזם פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ רעטראָגראַדישע דערשיינונג אין דער געשיכ־טע פון דער עקאָנאָמישער ציוויליזאַציע. אָבער דאָס איז ניט דאָס בילד וואָס פּאַסט זיך פאַר דער הערשנדיקער סיסטעם. מחמת אפילו מאַרקס בראַנדמאַרקירט ניט די

עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם אַלס אַ ווירטשאַפטלעכן רעגרעס, אַ רעאַקציע־פּעריאָד אין אינדוסטריע און האַנדל.

„מיר האָבן געזען פריער אַז מיט דער אַנטוויקלונג פון אַרבעט־פּראָדוקטיווי־טעט און דעריבער מיט דער אַנטוויקלונג פון דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָדוקציע־מאָ־דוס, וועלכער אַנטוויקלט די סאָציאַל פּראָדוקטיווע כוחות פון אַרבעט מער ווי אַלע פאַרדעמדיקע מאָדוסן פון פּראָדוקציע". [8]

קאַפּיטאַליזם גענומען אין זיין גאַנצער ביז־אַהעריקער לענג, ניט בלויז אין זיין אכזריות׳דיקן פּחד־אַנוואָרפּענדיק אָנפאַנג, האָט זיכער ניט אַראָפּגעדריקט דעם לעבנס־סטאַנדאַרד פון די אַרבעטענדיקע מאַסן, ער האָט ניט פאַרלענגערט זייערע אַרבעט־שעהן, נייערט פאַרקערט, ער האָט דערגרייכט אַ פאַרהעלטענישמעסיקע קיר־צערונג פון שעהן און אַן אויפהויב פון די לעבנס־סטאַנדאַרדס פאַר דער האָרעפּאַשנער באַפעלקערונג. קאַפּיטאַליזם אַלס אַ סיסטעם, — אויסשליסנדיק די מיסברויכונגען וואָס דאַרפן אַוועקגעשטעלט ווערן אויפן חשבון פון אינדיווידועלע קאַפּיטאַליסטן, און זיי דאַרפן טראָגן די שולד און שאַנד פאַר דעם, דאָס איז זייער פּערזענלעכע אומ־מענטשלעכע בעסטיאַליטעט וועלכע איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער ברוטאַלקייט מיט וועלכער די ארבעטער זיינען באַהאַנדלט געוואָרן און ווערן עד־היום באַהאַנדלט אין פילע פלעצער און פילע פאַלן — האָט פאַר זיין אויפגאַבע צו קירצן די אַרבעט־שעהן, מינערן די אַרבעט־טעג און העכערן דעם געהאַלט, אויפהויבן די הכנסה פון די לוין־ארבעטער איבער דעם דורכשניט־ניווא פון די באַלוינונגען, וואָס עס האָבן געקראָגן פאַר זייער פּראָדוקטיווע אָפּעראַציעס די אַזוי גערופענע אומאָפּהענגיקע האַנטווערקער און אומאָפּהענגיקע ערד־אַרבעטער, די קליינע בעלי־גופס.

מאַרקס שרייבט:

. . . "דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע־מאָדוס . . . וואָלט ניט געקענט עקזיסטירן ווען ער (דער אַרבעטער) וואָלט קריגן דעם גאַנצן ווערט, וועלכן ער ווירק־לעך פּראָדוצירט". [9]

די עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, אַזוי גוט ווי פון יעדער עקאָנאָמישער סיסטעם וואָס איז געווען פאַרדעם און וועט זיין נאָכדעם, געפינט זיך אין דעם פאַקט וואָס זי שאַפט אַ מינוס־אַרבעט און אַ מינוס־ווערט. דאָס הייסט זי מאַכט די סחורות פאַרהעלטענישמעסיק ביליקער און צוגענגלעכער פאַר די ברייטע מאַסן. זי באַווייזט עס אויפצוטאָן דורך דעם, וואָס זי הויבט אויף די קויף־קראַפט פון די מאַסן און פאַרקלענערט דעם פאַרקויף־ווידערשטאַנד, ד. ה. זי שניידט די שעהן פון אַרבעט פּער איינס פון אויפטו, צוערשט רעלאַטיוו און דערנאָך אויך אַבסאָלוט. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז צום־אָנפאַנג אַרבעט מען די זעלביקע צייט אָבער מע פּראָדוצירט אין משך פון די אייגענע אַרבעט־שעהן מער סחורות, מער אַרטיקלען,

און דערנאָך קירצט מען די שעהן און מע פּראָדוצירט נאָך אַלץ מער ווי פּאַרדעם ביי די לענגערע שעהן.

ווען קאַפּיטאַליזם, אַלס אַ ווירטשאַפט־סיסטעם, וואָלט ארויפצווינגען אַן איבער־מאָס־אַרבעט, וואָלט ער קיינמאָל ניט געקראָגן קיין שאַנס איינגעפירט צו ווערן, סיידן אַלס אַ דעקאַדענץ־אָרדענונג, אַן איינשטעל וואָס פּאַסט זיך פאַר אַ גע־זעלשאַפט וואָס דערנענטערט זיך צום מאָמענט פון איר קאַטאַסטראָפאַלן צוזאַמענ־ברוך. און דאָס איז ניט דער פאַל, בשום אופן ניט.

מאַרקס שרייבט:

„דער אַרבעטער ווענדט אָן מער ווי אַ העלפט פון זיין אַרבעט־טאָג אין פּראָ־דוצירן דעם מער־ווערט, מיט וועלכן פאַרשיידענע פּערזאָנען אונטער פאַרשיידענע תירוצים, טיילן זיך." [10]

„זאָל דער געוויינטלעכער אַרבעט־טאָג אַנטהאַלטן צוועלף שעה פון וועלכע זעקס זיינען באַצאָלטע, זעקס אומבאַצאָלטע... עס איז קיין חילוק ניט צי מיר וועלן אָננע־מען אַז דער אַרבעטער פּראָצעוועט זעקס פאַר זיך אַליין און זעקס שעה פאַר דעם קאַ־פּיטאַליסט, אָדער אַ העלפט פון יעדער שעה פאַר זיך אַליין און די צווייטע העלפט פאַר דעם קאַפּיטאַליסט." [11]

ווען דער אַרבעטער וואָלט האָבן די מעגלעכקייט צו קריגן אַן אַנדער אַרבעט־פּלאַץ, אויף וועלכן ער וואָלט קריגן פאַר זעקס שעה אַרבעט אַזאַ באַלוינונג ווי ער קריגט איצט פאַר צוועלף שטונדן, וואָלט ער, זיכער, אויפגעגעבן אָן אַ סך צו טראַכטן און איבערטראַכטן זיין אַלטן פּלאַץ און אַוועקגיין און זיך שטעלן אַרבעטן אויפן ניי־עם. ער וואָלט אפילו ניט געוואַרט ביז די ארבעטער־אַגיטאַטאָרן וועלן צו אים קומען און אים אויפקלערן מכוח דעם, אַז עס איז בעסער צו אַרבעטן ווייניקער און קריגן די זעלביקע באַצאָלעכץ. אָדער ווען דער אַרבעטער וואָלט געוועזן אימשטאַנד צו פאַרלאָזן זיין אַרבעט־פּלאַץ און נעמען פּראַצעווען אויף זיין אייגענעם חשבון און אייגענער רי־זיקע און אויף אַזאַ אופן, אַרבעטנדיק פאַר זיך אָן דירעקטיוון מצד פון קאַפּיטאַליסט, אָן אָנווייזונגען, וואָלט ער געקענט אויסשלאָגן אין פאַרלויף פון זעקס שעה אַרבעט דאָס וואָס ער מאַכט איצט אין לוין פאַר גאַנצע צוועלף, ווען ער וואָלט געהאַט אַזאַ מעגלעכקייט וואָלט ער אָן קווינקלעניש, ניט וואַרטענדיק אַז מאַרקס אַליין אָדער מאַרקסעס אַ תלמיד זאָל אים די גוטע עצה געבן, גלייך אויפהערן צו אַר־בעטן פאַר זיין בלוטזויגער, וועלכער גנב'עט ביי אים צו טאָג־טעגלעך גאַנצע זעקס שעה פון זיין אַרבעט־צייט. ווער עס קען פאַרדינען מער, אַרבעט ניט פאַר ווייניקער, סיידן ער איז אַ חסר־דעה און קיין עקאָנאָמישע סיסטעם האלט זיך ניט אויף דער הנחה אַז אַ געוויסער צאָלרייכער קלאַס פון עקאָנאָמישע סוביעקטן באַשטייט אויס־שליסלעך פון גאַנצע אָדער האַלבע אידיאָטן. די מאַרקסיסטישע אויפפאַסונג נעמט

טאָקע עפּעס אַן אַז דער ארבעטער־קלאַס איז אַן אַגרעגאַציע פון שוטים, וואס ארבעטן טאָפּלטע צייט, בעת זיי וואָלטן געקענט אויסאַרבעטן זייערע שכירות אין אַ העלפט פון אָט־דער צייט.

אויב, אָבער, מאַרקס מיינט צו זאָגן אונדז, אין די נאַר־וואָס געבראַכטע ציטאַטן, אַז דער אַרבעטער, וועלכער קריגט די אַסיסטענץ פון דער ווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזאַטאָרישער מאַשינעריע און פון די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַטאָרן, די בויער און אָפּעראַטאָרס פון אָט־דער מאַשינעריע מיט אַלע זייערע געהילפן, אַלע די וואָס זיינען אינדירעקט פאַרבונדן מיט דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס און קאָנטריבוטירן צו זיין וויגעהעריקן גאַנג אויף אַן אינדירעקטן שטייגער, קען אונטער די געגעבענע באַדינגונגען פּראָדוצירן דעם עקוויוואַלענט פון זיינע שכירות אין פאַרלויף פון אַ קירצערן צייט־פּעריאָד, ווי דער פון וועלכן זיין קעגנווערטיקער אַרבעט־טאָג באַשטייט, אויב דאָס איז אַלץ וואָס מאַרקס וויל אונדז לאָזן הערן, איז עס אַ דבר ידוע, אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט. מחמת אָט־די „אַנטדעקונג" פון מאַרקסן, די אַיינטיילונג פון אַרבעט־טאָג אין צוויי גלייכע טיילן און געבן יעדן חלק זיין נאָמען, שיקט פאָרויס די קאָאָפּעראַציע פון צוויי קלאַסן און די אַפּראָפּריאַציע פון די רעזולטאַטן פון דער אַרבעט זאָל דורכגעפירט ווערן, אויף אַן עקסטרעמען אופן, פון איין קלאַס, אין דעם געגעבענעם פאַל — פון אַרבעטער־קלאַס. צוויי קלאַסן זאָלן אַרבעטן און איין קלאַס זאָל קריגן באַצאָלט פאַר דער אַרבעט. אונטער אַזעלכע איינזייטיק גינציקע אומשטענדן איז אפשר גרייליך מעגלעך אַז איין קלאַס אין אַ האַלבן טאָג זאָל קענען באַקומען אַזויפיל וויפל צוויי קלאַסן אין אַ גאַנצן טאָג.

די מאַרקסיסטישע „אַנטדעקונג" האָט אַלס איר הנחה אַן אָרגאַניזירנדיקן קלאַס, אין דעם באַטרעפנדיקן פאַל, דעם קאַפּיטאַליסטן קלאַס, וואָס טוט זיין אַרבעט, דערפילט זיין פונקציע בשלימות, גיט אַוועק זיינע באַמיאונגען און באַדינונגען אומזיסט און לעבט פון הייליקן גייסט, אויף הוילער רוחניות. מאַרקסעס אַרגומענטאַציע פּאָסטולאַטירט אַן אָנפירנדיקן קלאַס, וואָס דערפילט זיין עובדא פון אָרגאַניזירערס פון פּראָדוקציע־פּראָצעס און דאָך נעמט ער פאַר זיך גאָרניט, אַפילו ניט אויף ברויט און וואַסער, ער קריגט ניט קיין שום קאָמפּענסאַציע, ער פיגורירט לחלוטין ניט אין די חשבונות, ער קריגט ניט קיין שום טייל אין די פּראָדוצירטע אַרטיקלען. זיכער קען דער ארבעטער אויסאַרבעטן דעם עקוויוואַלענט פון זיינע שכירות איידער עס ענדיקט זיך זיין אַרבעט־טאָג, אויב ער האָט די פּריווילעגיע אָנצושטעלן אַ צווייטן קלאַס אַז יענער זאָל זיך מיען פאַר אים, אויב ער איז אין אַזאַ פּאָזיציע, אַז ער קען געברויכן אומזיסט יענעמס ביישטייערונגען צום פּראָדוקציע־פּראָצעס, אויב ער קען צווינגען דעם העכערן קלאַס, אַז ער זאָל טאָן אָן קיין באַלוין די גאַנצע אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט, וואָס איז נויטווענדיק פאַר דער דערפאָלגרייכער פונקציאָנירונג פון דעם קאָמערציעלן

און אינדוסטריעלן פּראָצעס, און נאָך מער פאַר דער פונקציאָנירונג פון דער גאַנצער געזעלשאַפט, אין דער מיט פון וועלכער אָט־די פּראָדוקטיווע דיסטריבוטיווע פּראָצעסן קומען פאָר אומגעשטערט. ווען אָט־די גאַנצע אָנפירנדיקע אַרבעט וואָלטן דער־לײדיקט מלאכים פון הימל, מלאכי־השרת וואָס קומען ווי די מלאכי־השלום פריטיק־צונאַכטס, שאַפן אָרדענונג און אָרגאַניזאַציע, בענטשן מיט אלדאָס גוטס און בלייבן אפילו ניט צום עסן, צו דער שבת׳דיקער וועטשערע מיט דעם קידוש און די געפילטע פיש, דעמאָלט וואָלט געווען „אַ לעבעדיקע וועלט״, דעמאָלט וואָלט דער אַרבעטער זיכער געקענט אַרבעטן אַ סך ווייניקער און קריגן גאַרניט ווייניקער פון דעם וואָס ער פלעגט קריגן פאַר דער אַרבעט פון דער פולער צייט. דאָס איז אַ טרואיזם.

אויב אָבער מאַרקס מיינט צו זאָגן אַז די אַרבעטער ווען זיי זאָלן אַליין אַכטונג־געבן אויף זיך און אויף דער אינדוסטריע, זי קאָנטראָלירן און אָרגאַניזירן, אויספירן אַלע פּראָדוקטיווע אָפּעראַציעס, אריינרעכענדיק אויך די באַמיאונגען און באַדינונגען, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט צושטעלן רויען מאַטעריאַל און פאַרטיילן די פאַרטיקע אַרטיקלען אאַ״וו; מיט איין וואָרט, אָרגאַניזירן און אָנפירן מיט דעם גאַנצן סך־הכל פון אונטערנעמונגען אויף די געביטן פון קאָמערץ און אינדוסטריע, — וואָלטן קענען אויסאַרבעטן זייער ווירקלעכע הכנסה אין ווייניקער צייט, ווי עס נעמט זיי איצטער אונ־טער דעם שכירות־סיסטעם — אויב דאָס איז מאַרקסעס באַהויפּטונג, מאַכט ער אַ גרויסן־גראָבן טעות.

ערשטנס, חוץ פון די אַרבעט־שעהן, וואָס זיי פאַרשווענדן דירעקט אויף דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס וואָלטן זיי דאַרפן אַריינלייגן צוגאָב־שעהן אויף פאַרוואַלטן און אָרגאַניזירן די פּראָדוקציע, דיסטריבוציע און דאָס צוזאַמענלעבן פון די מיטגלידער פון דער געגעבענער געזעלשאַפט. קאָמערץ און אינדוסטריע קענען ניט עקזיסטירן אָן אַ גוט־אָרגאַניזירטן סאָציאַלן לעבן. דאָס אַלץ מוז קאָסטן זייער־פיל צייט. צווייטנס, דאָס וואָס מאַרקס האָט אין זינען, — אויב ער האָט עס טאַקע געמיינט און ניט סתם געמאַכט אַ פּראָסטן טעות, — איז אַן אַבסאָלוטע אוממעגלעכקייט אונטער די מאָדער־נע באַדינגונגען פון פּראָדוקציע, דיסטריבוציע און מלוכה־פירערײ. איין קלאַס קען עס ניט באַווייזן. אַן אַרבעטער, אַ פּשוט׳ער אַרבעטער, קען עס ניט דורכפירן. פאַרוואָס? דערפאַר וואָס אַפילו אַ מלאך קען ניט אויספירן צוויי שליחותן אויף איינמאָל, און אפשיטא שוין אַז עס איז אוממעגלעך צו דערפילן צוויי פונקציעס, וועלכע זיינען סיטו־אירט איינע איבער דער צווייטער.

מע קען ניט אויף־איינמאָל אי אַרבעטן אי בשעת מעשה אַליין אָרגאַניזירן דעם פּראָצעס פון דער אַרבעט, נאָך מער אַליין אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט, די סביבה, אין תחום פון וועלכער די אינדוסטריעלע אַרבעט קומט פאָר. מאַרקס געברויכט אַ פראַזע „די סאָציאַלע אַרבעט־כוחות פון פּראָדוקציע״ און ער גיט זיך ניט אָפּ קיין דין וחשבון

וועגן דעם אינהאַלט פון אָט־די פּאָר אָנגעשנירלטע ווערטער. אַרבעט אַלס אַזעלכע איז אַן אינדיווידועלער, פיזיאָלאָגישער אַקט. אַרבעט ווען זי ווערט געגומען פאַר זיך אַליין אַנטהאַלט אין זיך אַזויפיל סאָציאַלע קרעפטן ווי יעדער נאַטירלעכער פיזישער פּראָצעס, לאָמיר זאָגן, דהיינו, דאָס פליסן פון וואַסער אין דעם שטראָם, דער צופלוס און אָפּפלוס פון די וואַסערן אין די ים׳ען און טייכן, דער בלאָז און אימפּעט־צוג פון שטורם. בכדי אַרבעט זאָל באַזיצן אַ סאָציאַלן כוח מוז זי קודם אָנגעסאָציאַליזירט ווערן, אַניט פאַרמאָגט זי ניט אָט־די „סאָציאַלקייט״. און אָט־די פונקציע פון אַרבעט־סאָציאַליזירונג ווערט, נאַטירלעכערוייז, אויסגעפירט פון אַ העכערן קלאַס, וועלכער, אין זיין ריי, וועט ווערן אַליין סאָציאַליזירט, ווען זיין צייט וועט קומען. דעמאָלט וועט עס האַלטן ביי דער סדרה פון סאָציאַליזירן די סאָציאַליזאַטאָרן, אָרגאַניזירן די אָרגאַ־ניזאַטאָרן, וואָס וואָלט באַדייטן שאַפן אַ זעלבסט־אָרגאַניזאַציע.

דער ערשטער סאָציאַליזאַטאָרישער אַקט ווערט דורכגעפירט פון דעם אינדי־ווידועלן קאַפּיטאַליסט. דער צווייטער אַקט ווערט אויסגעפירט פון דעם אינטעראינ־דיווידועלן קאַפּיטאַליסט, פון דער טראַסט־קאָמפּאַניע און ענלעכע קערפּערשאַפטן. דאָס איז אַן עוואָלוציע־פּראָצעס און אַ קאָמפּליצירונג פון אָרגאַניזאַציע. אַרבעט קען זיך אַליין ניט סאָציאַליזירן אָדער אַסאָציאירן. מחמת די אַרבעטער, ווי אַלע איבעריקע מענטשלעכע וועזנס, קענען זיך אַליין געזעלשאַפטלעך ניט באַאַרבעטן, ראַפינירן, אויפהויבן. זיי ווערן סאָציאַליזירט, פּינקטלעכער, אינטעראינדיווידואַליזירט און בשעת מעשה אויך, ממילא, אינטערקלאַסירט. די זאַך איז פּשוט, וויבאַלד דער אַקט פון אינטעראינדיווידואַליזאַציע ווערט דורכגעפירט פון אַנדערע, וועלכע טיילן זיך אַרויס פון דער גרויסער גרויער אַרבעטער־מאַסע, מוזן זיי ווערן, דורך זייערע מעשים, אַ באַזונדער קלאַס פון אינטעראינדיווידואַליזאַטאָרן. זייער אַקציע ווערט ווי פון זיך אַליין קאָמפּליצירט. בשעת זיי זיינען פאַרנומען מיט אינטעראינדיווידואַליזירן די אַר־בעטער, אינטערקלאַסירן זיי די אינטעראינדיווידואַליזירטע אַרבעטער פאַר־איינמאָל. מחמת זיי אַליין טרעטן דאָך אויך אַריין אין אַ געוויסער באַציאונג צו די אייגענע אַר־בעטער איבער וועלכע זיי אַרבעטן. אַרבעט ווערט אויף אַזאַ אופן סטראַטיפיצירט, יעראַרכיזירט פון אַ העכערן, הערשנדיקן אָרגאַניזאַטאָרן־קלאַס. און דידאָזיקע אָנפאַנ־גער־אָרגאַניזאַטאָרן ווערן אָרגאַניזירט פון אַ העכער־שטייענדיקער גרופּע, פון סטראַ־טיפיצירערס און פינאַנסירערס.

וואָס די אַרבעטער זאָלן ניט פּרובירן טאָן, וועלן זיי מוזן אָנקומען צו די אָרגאַ־ניזאַטאָרן פון דעם אַרבעט־פּראָצעס. דאָס הייסט זיי וועלן זיין געצוואונגען צו סעגרע־גירן פון זיך אַרויס אַ מינאָריטעט. אָט־דער אָרגאַניזאַטאָרישער מינאָריטעט, ווי אַלע הערשנדיקע קלאַסן, וועט מען מוזן געבן בערונג, קליידונג, וואוינונגען, מיט איין וואָרט באַזאָרגן אַלע זייערע באַדערפענישן אַפילו אויך מותרות־זאַכן. אַזוי צי אַזוי וועט מען

מוזן אָפּשנײַדן פאַר זיי אַ גרויסע „המוציא״ פון דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער „חלה״, פון געזעלשאַפטלעכן פּראָדוקט. דאָס וועט מיינען ניט עפּעס אַנדערש ווי דאָס: דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער וועט דאַרפן אוועקגעבן אַ געוויסע קוואַנטיטעט פון זיין פּשוט׳ער אַרבעט און מיט אָט־דער אַוועקגעבעכץ באַצאָלן פאַר די באַדינונגען פון די אָרגאַניזאַטאָרן... און אַלץ וועט בלייבן אין תוך ווי געווען, ד. ה. „איבערמאָס־אַר־בעט״ וועט מוזן געטאָן ווערן, „מער־ווערט״ געשאַפן ווערן. און אויב דאָס איז לויט מאַרקסן דער סימן מובהק פון קאַפּיטאַליזם, הייסט עס אַז עס איז ניט פאַראַן קיין אַנט־רינונג פון די „פּורעניות״ פון קאַפּיטאַליזם... מחמת די קווינטעסענץ פון קאַפּיטאַליזם וועט בלייבן אומבאַרירט, וועט איבערלעבן אַלע ענדערונגען. וועלכן נאָמען דער עקאָ־נאָמישער אײַנשטעל זאָל ניט טראָגן וועט ער בלייבן אין מהות דער אייגענער.

מאַרקס שרייבט:

„אויב מיר נעמען אַוועק פון ביידן, שכירות און מער־ווערט, בויטוועגדיקע און איבערמאָסיקע אַרבעט, זייער ספּעציפיש קאַפּיטאַליסטישן כאַראַקטער, דעמאָלט וועלן מיר ניט האָבן אָט־די פאָרמען, בלויז זייערע יסודות, וועלכע זיינען אַלגעמיין און גע־פינען זיך אין אַלע געזעלשאַפטלעכע פּראָדוקציע־מאָדוסן.״ [12]

דער אַרבעט־טאָג וואָלט זיך, וויטער, שפּאַלטן אויף צוויי העלפטן, איין העלפט אַ „נויטוועגדיקע״, די צווייטע העלפט אַן „איבערמאָסיקע״. מחמת אירע רעזולטאַטן וואָלטן אַפּראָפּריאירט געוואָרן פון די־יעניקע „אדונים״, וואָס אָרגאַניזירן דעם פּראָ־דוקציע־פּראָצעס און דעם פּראָצעס פון סאָציאַלאָגישן, ד. ה. אינטעראינדיווידואַלאָגישן־אינטערקלאַסאָלאָגישן, פאַרקער אָן וועלכן קיין געזעלשאַפט קען ניט עקזיסטירן און קיין ווירטשאַפט קען ניט אָנגעפירט ווערן ווי געהעריק, ווייל זי בויטיקט זיך אין אַן אָרגאַניזירטער געזעלשאַפטלעכער פאָרם פאַר איר באַשוץ. אָט־די העלפט פון אַרבעט־טאָג וועט לויט מאַרקסן הייסן אַן „איבערמאָסיקע״, מחמת זי איז „איבעריק״, אין פאַל די קאָמאַנדירנדיקע, לייטנדיקע מינדערהייט איז צופרידן, מוכן ומזומן און פעאיק זיך צו באַגיין אָן שפּייז, אָן אַ וואוינונג און אָן קליידונג... אָבער וואו קען מען געפינען אַזעלכע מאָדנע ברואים, אַזעלכע אויסטערלישע געזעלשאַפטלעכע טוערס־אָרגאַניזאַ־טאָרן. בלויז אַ טעאָקראַטיע, אונטער דעם באַדינג אַז אַ גאָט אין פליש און ביין זאָל זיך געפינען דאָ אויף דער ערד און ער זאָל פאַרוואַלטן מיט אַלע אונדזערע אָנגעלעגנהייטן, וואָלט עס געקאָנט באַוויזן. קיין סאָציאַליזם, קיין קאָמוניזם, קיין שום „איזם״ וועט עס ניט קענען דורכפירן.

מאַרקס שרייבט:

„לאָמיר משער זיין אַז דער אַרבעט־טאָג באַשטייט פון זעקס שעה פון בויטעווג־דיקער אַרבעט און זעקס שעה פון איבערמאָס־אַרבעט. דעמאָלט גיט אַוועק דער פריי־ער אַרבעטער דעם קאַפּיטאַליסט יעדע וואָך זעקס מאָל זעקס אָדער זעקס־און־דרייסיק

שעה איבער־אַרבעט. עס איז דאָס אייגענע, ווי ער וואָלט אַרבעטן דריי טעג אין דער וואָך פאַר זיך און דריי טעג אין דער וואָך אומזיסט פאַר דעם קאַפּיטאַליסט. אָבער דאָס איז ניט קענטיק אויף דער אויבערפלאַך. איבערמאָס־אַרבעט און נויטווענדיקע אַרבעט גליטשן זיך אַריין איינע אין דער אַנדערער. איך קען, דעריבער, אויסדריקן די זעל־ביקע פאַרהעלטעניש ווען איך וועל זאָגן, למשל, אַז דער אַרבעטער אין יעדער מינוט האָרעוועט דרייסיק סעקונדעס פאַר זיך און דרייסיק סעקונדעס פאַרן קאַפּיטאַ־ליסט." [13])

אויב דער אַרבעטער אַרבעט טעאָרעטיש מאַרקסיסטיש אומזיסט פאַר דעם קאַ־פּיטאַליסט איז עס דערפאַר, וואָס דער קאַפּיטאַליסט איז זיך מטריח טעאָרעטיש אומ־זיסט פאַר דעם אַרבעטער. דאָ האָבן מיר אַ פאַל פון אַ דירעקטער פּאַרטיציפּאַציע און אַן אינדירעקטער אין דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס און אין דעם סאָציאָלאָגישן, ד. ה. אינטעראינדיווידואַלאָגישן און אינטערקלאַסאָלאָגישן פאַרקער. אָט־די צוויי קאָנטער־אַגענטן שאַפן עפּעס אַ מין שותפות. ווען ביידע אַרבעטן און בלויז איינער קריגט באַ־צאָלט, דעמאָלט איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער סכום־אַרבעט וואָס איז נויטיק פאַר דעם דערהאַלט פון דעם איין פּאַרטיציפּאַנט, בשעת דער צווייטער באַמיט זיך זייט ביי זייט מיט אים, וואָלט זיך צופרידנשטעלן מיט אַ קירצערן אַרבעט טאָג פאַר ביידע קאָאָפּע־רירערס.

דריי טעג אַ וואָך פּראַצעוועט דער אַרבעטער פאַר זיך. אין משך פון אָט־די דריי טעג ווענדט דער אַרבעטער אָן די מאָדערנע מאַשינעריע, מאָדערנע אַרבעט־מע־טאָדן, געפינט זיך אין אַ מאָדערנער געזעלשאַפט, נוצט אויס די פּראָטעקציע וואָס זי גיט אים, די זיכערקייט קעגן אָנפאַלן פון „אינערלעכע שונאים", ראַבירער, און פון אויסערלעכע פיינט, און אויב דאָס אַלץ וואָלט ער קריגן אומזיסט ווי אַ מתנה אַראָפּגע־שיקט צו אים פון הימל, וואָלט ער, זיכער, געקענט אויסאַרבעטן אין משך פון אָט־די דריי טעג אַ וואָך אַזויפיל אַז עס וואָלט אים קלעקן צו לעבן אַ גאַנצע וואָך ניט ערגער ווי ער לעבט איצט האָרעוועדיק אַ פולע וואָך, גאַנצע זעקס טעג.

דעם מאָמענט פון דער אַרבעט־סביבה גענומען אין ברייטן פּשט פון וואָרט, מיינענדיק אַן אָרגאַניזירטע געזעלשאַפט, טאָר מען ניט אַרויסלאָזן פון אויג בשעת מע באַטראַכט דעם ענין נויטווענדיקע און איבערמאָסיקע אַרבעט. דער אַספּעקט פון דער רעפּראָדוקציע פון דער פּראָדוקציע־אומגעבונג, ד. ה. פון דער איינגעאָרדנעטער, גוט־עטאַבלירטער געזעלשאַפט אין וועלכער דער פּראָדוקציע־פּראָצעס קומט פאָר, טאָר ניט איגנאָרירט ווערן, אויב מע וויל פאַרשטיין דעם פּראָבלעם פון דיסטריבוציע פון אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן פּראָדוקט. אַ וויכטיקער טייל פון אַרבעט־רעזולטאַטן גייט אַוועק אויף דער באַפרידיקונג פון די באַדערפעענישן פון די פּאָליטישע טוערס, אוי־סער די עקאָנאָמישע מתעסקים. פון וואַנענט נעמט מען זיי צו צאָלן? זיי קריגן זייער

חלק פון דעם אַלגעמיינעם פּראָדוקט. אויף וועמענס חשבון לעבן זיי ? זיי לעבן אויף זייער אייגענעם חשבון. זיי שאַפן די מעגלעכקייטן פון פאַרהעלטענישמעסיק קאָנטי־נואירנדיקער פּראָדוקציע, אָן איבערפאַלן, אָן פּערטורבאַציעס פון אַ פּאָליטישן אָדער מיליטערישן־באַנדיטישן כאַראַקטער. זייערע אויפטואונגען, זייערע ביישטייערונגען האָבן זייערע רעגיסטרירונגען אין דער פּראָדוקטיוויטעט פון אַרבעט־פּראָצעס. פון אָט־די רעגיסטרירונגען נעמען זיי זייערע באַלוינונגען. זיי העלפן אויפהאַלטן דעם אָרגאַניזאַציע־איינשטעל פון צוזאַמענלעבן אָן וועלכן קיין אָרגאַניזירטע אינדוסטריע־לע טעטיקייט וואָלט ניט געווען מעגלעך.

לכן ווען מע רעדט וועגן דעם אַז דער אַרבעטער פּראָצעוועט כלומר׳שט איבע־ריקע צייט אויף יענעם, ניט פאַר זיך, ווי די נאַאיווע כאָטש גאַנץ ליסטיקע, באַהויפּ־טונגען פון מאַרקסיזם זאָגן אונדז, דאַרף מען געדענקען אַז אַ טייל פון זיין אַרבעט גייט אויף דער קאָמפּענסאַציע ניט בלויז פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון דער אינדוסטריע און קאָמערץ נאָר אויך, אין ערשטער ריי, פאַר דער אָרגאַניזאַציע פון געזעלשאַפטלעכן צו־זאַמענלעבן. דער אַרבעטער געניסט פון דער „פּאָליטישער פּראָדוקציע״, „פּאָליטי־שער קאָמערץ״, און די „פּאָליטישע פּראָדוקטן״ קריגט ער ניט אומזיסט. ער צאָלט פאַר זיי. די גאַנצע סאָציאָלאָגישע עקאָנאָמיע איז אַן ענין פון פּראָדוצירן אַקציעס און אויסטוישן זיי. די פּאָזיטיווע אַקציעס ווערן באַהאַנדלט אין אייגנטלעכער „עקאָנאָ־מיק״. אָבער די פּאָזיטיווע זייט האָט דאָך אויך אַ נעגאַטיווע זייט, אַן אייגנאַרטיקע „סטרא אחרא״. דער מענטש אַלס אַקטיוויסט איז ניט אַלע מאָל אַ פּאָזיטיוויסט. גאַנץ אָפט איז ער אַ נעגאַטיוויסט, אַ צעשטערער, ער שאַפט האַנדלונגען וואָס זיינען ברע־כעריש, פאַרברעכעריש. אָט־די נעגאַטיווע אַקציעס ווערן באַהאַנדלט אין קרימינאָלאָ־גיע, פּענאָלאָגיע, וועלכע איז אויך עקאָנאָמיע, נאָר זי האָט צו טאָן מיט נעגאַטיווע אַקציעס און פּראָצעסן; סיי אין דער פּאָזיטיווער סיי אין דער נעגאַטיווער עקאָנאָמיע באַהויפּטן זיך די אייגענע געזעצן. פּאָליטאָלאָגיע מיט איר קרימינאָלאָגיע זיינען אַ טייל פון סאָציאָלאָגישער עקאָנאָמיע. זיי שטעלן צוזאַמען די אַבסטראַקטע עקאָנאָמיע, מחמת זיי האָבן צו טאָן מיט ריינע פּראָצעסן און אַקציעס וואָס ווערן ניט פאַרקערפּערט אין פּראָדוקטן, אין מאַטעריעלע גיטער.*

מיר געפעלט זייער דער אויסדרוק פון מאַרקסן, „דאָס איז ניט קענטיק אויף דער אויבערפלאַך״. די איינציקע זאַך וואָס איז קענטיק אויף דער אויבערפלאַך איז די אויבערפלעכלעכקייט פון אָט־דער מאַרקסיסטישער אויפפאַסונג.

ווייל דער אַרבעטער זיך צוריקציען פון דער אָרגאַניזירטער מאָדערנער געזעל־

---

*) זע אבא גארדין, אינטעראינדיווידואליזם, באַנד צוויי, „פעטישיזם פון רעכט״ ח. 14—103 (רוסיש) מאָסקווע 1922.

שאַפט, אַוועקגיין אין אַ מדבר און פּרובירן דאָרט אויסאַרבעטן דעם עקוויוואַלענט פון די שכירות וואָס ער קריגט אין דער היינטצייטיקער געזעלשאַפט? ניין, ער בלייבט דאָ. ער אַרבעט אונטער דער קאַפּיטאַליסטישער און סאָציאַלער סיסטעם, נוצט אויס אַלע פאַציליטעטן. דערלייכטערונגען, וואָס די מאָדערנע ציוויליזאַציע לייגט אים פאָר. ווערט ער זיך, צו דער אייגענער צייט, אַנטזאָגן, לויט מאַרקסעס ספּעקולאַטיווער אַרגו־מענטאַציע, צו צאָלן פאַר די ביישטייערונגען פון זיינע שותפים אין פּראָדוקציע־פּראָצעס, וועלכע האָבן בייגעטראָגן צו דעם איינפיר און איינשטעל פון דער סיסטעם, סו־מע אַפּאַראַטן פון אַ טעכנאָלאָגישן און סאָציאָלאָגישן כאַראַקטער, וועלכע ער נוצט? וועט ער ניט וועלן באַצאָלן זיינע מיטהעלפער וועלכע געפינען זיך ביי זיין זייט און העלפן אים אַרויס מיט ראַט און טאַט אין דעם דאָזיקן פּראָדוקציע־פּראָצעס? דער אַרבעטער וועט אַזוי ניט האַנדלען, ער קען אַזוי ניט האַנדלען און די געזעלשאַפט אַלס אַ גאַנצע וועט אים בשום אופן ניט לאָזן אַזוי אומפּאַסיק אַזוי אומווירטשאַפטלעך זיך אויפפירן. דריי טעג אין דער וואָך פּראַצעוועט דער פּועל פאַר זיך אַליין, דער קאַפּי־טאַליסט־אינדוסטריאַליסט און דער פּאָליטיסט העלפן אים אַרויס אין זיין אַרבעט, זיי גיבן אים זייער טרחה אומזיסט, דערפאַר, אין קאָמפּענסאַציע, אין די איבעריקע דריי טעג, אַרבעט ער פאַרן קאַפּיטאַליסט און פּאָליטיסט אויך אומזיסט . . .

דער פאַקט וואָס איןביידע פאַלן זעען מיר ווי דער אַרבעטער האָרעוועט, וואָס באַדייט פּאַרטיציפּירט אין פּראָדוקציע־פּראָצעס אויף אַ דירעקטן אופן, און די אי־בעריקע „שותפים" נעמען די זאַך כלומר'שט לייכט, מיינט גאָרניט. אַזוי קוקט עס אויס אויף דער „אויבערפלאַך". דאָס איז אָפּדוכט און אָפּדוכט איז פאַרפירעריש. דאָס איז אַ פּועל־יוצא פון כאַראַקטער פון דער אַרבעט, וואָס דער האָרעפּאַשניק טוט. די פאַרשיידענע קלאַסן דערפילן פאַרשיידענע פונקציעס אויף פאַרשיידענע אופנים. דער אַרבעטער פּראַצעוועט דירעקט, דער קאַפּיטאַליסט און פּאָליטיסט זיינען זיך מטריח דירעקט און אַרבעטן אינדירעקט. דאָס בילד איז שוואַרץ. אָבער דער טייוול פון קאַ־פּיטאַליזם איז דאָך ניט אַזוי שוואַרץ ווי מאַרקס „מאָליעוועט" אים. מחמת דער אַר־בעטער, טראָץ דעם אַלעם, אַרבעט ניט קיין איבעריקע צייט אויף יענעם. די פּראָ־דוקטיוויטעט פון דער אַרבעט, וועלכע ווערט אויפגעהויבן אַ דאַנק דער אָרגאַניזאַטאָ־רישער טעטיקייט פון דער לייטנדיקער מינאָריטעט, וועט געבן גענוג פּראָדוקטן, אַז עס זאָל סטאַיען צו באַצאָלן די אָרגאַניזאַטאָרן, סיי עקאָנאָמישע און סיי פּאָליטישע, און זיי וועלן ניט מוזן אַוועקנעמען עפּעס פון דעם אָרימען האָרעפּאַשניק. פאַרקערט, די ריכטיקע סיטואַציע איז גאָר אַזאַ: אַנשטאָט „איבער־אַרבעט" געפינען מיר גאָר „אונ־טער־אַרבעט". דאָס מיינט אַז די אָרגאַניזירטקייט פון דער אַרבעט גיט אַ מעגלעכקייט דעם אַרבעטער צו קריגן מער, וויפל ער וואָלט געקענט פאַרדינען אין משך פון די זעלביקע אַרבעט־שעהן און אַפילו פאַרטאָפּלטע אַרבעט־שעהן, ווען ער טוט זיין אַרבעט

אויף אַן אומאָרגאַניזירטן שטייגער, נעמלעך מחוץ פון דער אינטעראינדיווידואליזירטן און אינטערקלאַסירטן פּראָדוקציע־פּראָצעס און געזעלשאַפטלעכן פאַרקער. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די העכערע קלאַסן לאָזן זיך צופּיל וואוילגיין, לעבן אין צו גרויסן לוקסוס, שניידן זיך אָפּ אַ צו גרויסע חתיכה פון געזעלשאַפטלעכן לאַבן, איז דאָס וואָס בלייבט פאַרן אַרבעטער נאָך אַלץ גרעסער פון דער „המוציא״, וואָס וואָלט אויסקומען אויף זיין חלק, ווען ער וואָלט אַליין דאַרפן באַקן זיין טויג און עסן דאָס ברויט.

דער קאַפּיטאַליסט שאַצט איבער די חשיבות פון זיינע אייגענע פונקציעס, ער רעכנט צו טייער פאַר זיינע באַמיאונגען, ער נעמט פאַר זיך אַ צו גרויסן חלק פון דעם טאָטאַלן פּראָדוקט, אָדער פון ציוויליזאַציע־פאָנד. ער אונטערשאַצט די פונקציעס פון פּשוט׳ן אַרבעטער און רעכנט צו וואָלוול די איינפאַך־אַרבעטאַרישע באַדינונגען. אָבער הגם ער אונטערשאַצט פּשוט׳ע אַרבעט, פון איין זייט, און איבערשאַצט אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט, פון דער צווייטער זייט, פונדעסטוועגן פאַרדינט נאָך אַלץ דער אַרבעטער ביי אים מער ווי ווען ער וואָלט ציען זיין חיונה פון דער אַזוי גערופענער אומאָפּהענגיקער מלאכה. נאָך מער וואָס די פראַגע שטייט אַזוי: די מאַסן קענען ניט אָפּשאַפן די קלאַסן. * אַט־דער פּלאַן מיט וועלכן עס טראָגן זיך אַרום אַ היפּשע ביסל ראַדיקאַלן נאַאיוויסטן, רעאַקציאָנערע טרוימער איז אַ מין פאַרזוך צו פאַרפירעקיקן אַ קרייז. ** אַלץ וואָס די מאַסן ווילן און קענען דערגרייכן איז קריגן גוטע אָרגאַניזאַטאָרן. אַזוי ווי די העכערע קלאַסן ווערן באמת, טיפער פאַרשטאַנען, „געדונגען״ פון די מאַסן, זיי שטעלן אַן זייערע משגיחים און מדריכים און צאָלן זיי אַ געוויסן געהאַלט פאַר זייער פונקציע. לכן ווען זיי דערפילן ניט, היסטאָריש געקוקט, זייער עובדא, ווען זיי באַרייסן די מאַסן, דעם המון־עם, נעמען צו טייער פאַר זייערע באַדינונגען, — איז מען זיי משלח, מע זאָגט זיי אָפּ פון זייערע שטעלעס. בעסער באַאָבאַכט און פאַרשטאַנען אַט־די דערשיינונגען: אַפילו דאָס אָנדינגען זיך און דאָס אָפּזאָגן פון די שטעלעס ווערט אויך געטאָן פון דער אייגענער הערשנדיקער מינדערהייט, וועלכע טיילט אַרויס פון זיך אַ נייעם קלאַס, אַ מער פעאיקן, אַ מער צוגעפּאַסטן צו זיין ראָלע פון אַ געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזאַטאָרן־קלאַס. ***

דער למראית־עין אין סאָציאַל־עקאָנאָמישע דערשיינונגען, ווי בכלל אומעטום, איז אָפּנאַרעריש. עס זעט אויס אַז די מאַטעריעלע גיטער, די רייכטימער, זיינען די הויפּט־פאַקטאָרן און אגענצן פון דער ווירטשאַפט בשעת די ריכטיקע אויפטוערס זיינען גאָר די אָרגאַניזאַטאָרישע כוחות, טאַלאַנטן, באַגאַבטקייטן. אינאַלגעמיין האָבן מיר

---

„ „ יסודות פון דער געזעלשאַפט זז. 160—133

*) זע אבא גאָרדין, אידישער וועלט באַנעם זז. 84—77.

**) „ „ סאָציאַלע אבערגלויבערייי און קריטיק זז.70—60 ; 210—195

***) „ „ דאָרטן, זז. 220—203

צו טאָן אין דעם תחום פון דער געזעלשאַפט אויף אַלע אירע געביטן מיט ענערגיעס, מיט פאַרהעלטענישן. די מאַטעריעלע אָביעקטן זיינען בלויז פעטישן, געצן, אידיאַלן וועלכע פאַרבלענדן די אויגן, פאַרשטעלן די פּראָצעסן אַזוי אַז מ׳זעט זיי ניט אַרויס. מאַרקס ווייסט עס גאַנץ גוט און זאָגט עס אין פילע פלעצער פון זיין ווערק „קאַפּי־טאַל". די צרה מיט מאַרקסן איז, ווי מיר האָבן שוין פריער באַמערקט, וואָס ער נעמט ניט געהויג ערנסט זיינע טיפער־אַריינדרינגענדיקע באַהויפּטונגען און אויפפאַסונגען. ער דערלויבט זיך, צוליב צוועקן פון ביליקער פּראָפּאַגאַנדאַ, נאָכצופאָלגן די ליניע פון זיינע שוואַכערע אורטיילן.

אָט־וואָס מאַרקס שרייבט:

„אין דעם פאַל פון סחורות און געלט, האָבן מיר שוין אָנגעוויזן דעם מיסטיפי־צירנדיקן כאַראַקטער, וועלכער טראַנספאָרמירט די סאָציאַלע באַדינגונגען, וואָס גע־ברויכן די מאַטעריעלע עלעמענטן פון רייכטום אַלס טרעגער פון פּראָדוקציע, אין קוואַליטעטן פון די־דאָזיקע זאַכן גופא (סחורות) און נאָך מער אויסגעשפּראָכן טראַנספאָרמירט ער די פּראָדוקציע־צווישנפאַרהעלטענישן גופא אין אַ זאַך (געלט). אַלע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט אויף ווי ווייט זיי דערגרייכן צו דער שטופע אויף וועלכער סחורות ווערן פּראָדוצירט און געלט צירקולירט, נעמען אן אנטייל אין אט־דער פערווערזיע." [14]

אָט־די אילוזיע אָדער ווי מאַרקס פּרעפערירט זי אָנצורופן „פערווערזיע" איז מער ווי איינפאַכער פעטישיזם. זי איז אַ דעריוואַטיוו פון אַן אינטעראינדיווידואַלאָגישן און אינטערקלאַסאָלאָגישן מאַטעריאַליזם, אָדער פון אַן אָפּעראַטיוון מאַטעריאַליזם. די ענערגיע, דער פּראָצעס, די פונקציע, דער אַקט, דער אויפטו, דאָס אַלץ ווערט פאַר־זונקען איבערן קאָפּ אין דעם סובסטראַטום פון דעם מאַטעריעלן אָביעקט, פון דעם פּראָדוקט. בשעת באמת זיינען גאָר ניט פאַראַן במציאות קיינע אַנדערע סחורות ווי בלויז באַדינגונגען. אַלע סחורות זיינען אויסשליסלעך באַדינונג־סחורות, פּראָצעס־סחורות. מיר עסן ברויט, טראָגן שיך. אָט־די באַהויפּטונגען זיינען אויף אַזויפיל ריכ־טיק אויף־וויפל מיר ריידן וועגן די געברויך־ווערטן. אָבער דאָ, פּונקט דאָ בלייבן זיי שטיין, און טאָרן ווייטער ניט גיין. מיר עסן טאַקע ברויט, אָבער מיר קויפן ניט קיין ברויט. וואָס מיר קויפן יע איז אַ טייל פון בעקער און פון ערד־אַרבעטער, און פון פאַר־קויפער אאַ״וו. מיר זיצן ביים טיש, אבער מיר קויפן ניט קיין טיש. וואָס מיר קויפן יא און באַצאָלן דערפאַר איז אַ טייל פון טישלער, אַ פראַגמענט פון דעם לעבן פון אַ האלץ־העקער, א וואַלד־קולטיווירער, וואלד־שומר אאַ״וו. מיר קויפן און צאָלן פאַר טיילן פון יענע יחידים, מענטשלעכע וועזנס, עקאָנאָמישע סוביעקטן, וועלכע האָבן אין זייער צייט, פלאַץ און ריי באַהאַנדלט אָט־דעם שטיקל מעבל, סיי ווען זיי האָבן עס געשטאַלטיקט, סיי ווען זיי האָבן עס טראַנספּאָרטירט, אָפּגעזעצט. קיין זאַך ווערט

ניט אויסגעביטן אויפן מאַרק, אין דעם גאַר ברייטן קרייז פון עקאָנאָמישן אויפפיר, ווי בלויז מי אויף מי, טרחה אויף טרחה, אנשטרענג אויף אָנשטרענג, פלייס אויף פלייס.

אייִן פראַגמענט פון לעבן ווערט אויסגעביטן אויף אַן אַנדער שטיקל לעבן פון אַן אַנדער לעבעדיקן וועזן. אָבער דער אויסטויש קומט ניט פאַר אויפן יסוד פון גלייכ־הייט. מחמת אונדזער געזעלשאַפט, אונדזער סאָציאָלאָגיע איז ניט בלויז אַן אינטער־אינדיווידואָלאָגישע דערשיינונג, נייערט אויך אַן אינטערקלאַסאָלאָגישע. דאָרטן וואו קלאַסן עקזיסטירן, וועלכע זיינען סיטואירט איינער איבער דעם אַנדערן און זיינען אַזוי פאָרמירט אַז אַ קליינע פאַרהעלטנישמעסיק מינדערהייט ניט נאָר באַלאַנסירט, נייערט וועגט אַריבער, אין אָפּגעשאַצטער און אָנגענומענער חשיבות, די גרויסע מערהייט, דאָרטן קענען לעבנס, טאַטן, אויפטואונגען ניט אויסגעביטן ווערן גלייך אויף גלייך. וויבאַלד די פערזאָנען, די טוערס, זיינען ניט גלייך אין זייער ווערט, טאָ ווי אַזוי קענען זיין גלייך אין זייער ווערט די טאַטן, די באַמיאונגען, די לעבנס־פראַגמענטן פון אָט־די פערזאָנען.

מאַרקס שרייבט:

„אויף דעם יסוד פון דער קאַפּיטאַליסטישער פראָדוקציע, שטעמפּלט זיך אַרויף דער סאָציאַלער כאַראַקטער פון דער פראָדוקציע אויף דער מאַסע פון די דירעקטע פראָדוצירער ווי אַ שטרענג־רעגולירנדיקער אויטאָריטעט, און ווי אַ סאָציאַלער מע־כאַניזם פון דעם אַרבעט־פּראָצעס, וואָס גראַדירט אין אַ פולשטענדיקער יעראַרכיע. מיט אָט־דעם אויטאָריטעט זיינען באַקליידט זיינע טרעגער בלויז אַלס אַ פערסאָניפי־קאַציע פון די פאָדערונגען פון אַרבעט וואָס שטייט איבערן אַרבעטער. ער באַקליידט זיי ניט אין זייער קאַפּאַציטעט אַלס פּאָליטישע אָדער טעאָקראַטישע הערשער אויף אַן אופן ווי עס איז געווען געוויינטלעך אונטער די פריערדיקע פראָדוקציע־מאָדוסן." [15]

דער גאַנצער פּאַסאַזש איז ריכטיק. בלויז איין טעות געפינט זיך אין אים און דאָס איז ער: עס איז ניט „אַרבעט וואָס שטייט איבערן אַרבעטער"; דאָס וואָלט באַין־אופן ניט געקענט פּאַרקומען; עס איז די אָרגאַניזאַציע פון אַרבעט וואָס שטייט איבער דער איינפאַכער אַרבעט, עס איז דער אַרבעטער־אָרגאַניזירער וואָס שטייט איבערן פשוט׳ן אַרבעטער. קיין קלאַס קען ניט אויספילןביידע פונקציעס סימולטאַנטיש, הן אַרבעטן און הן בשעת מעשה אויפפּאַסן אויף דער אַרבעט, דאָס וואָלט מיינען צו קע־נען זיין אי סוביעקט און אי אָביעקט אויף איינמאָל. אָט־די סאָציאָלאָגישע אונטערנע־מונג אָדער עקספּערימענט האָט אויף אַזויפיל שאַנסן אויף דערפאָלג ווי דער פּאַרזוך פון די דייטשע פילאָזאָפן צו דערקענען די דערקענטע זאַך אָן אַ דערקענטקייט און אָן אַ דערקענער־ישקייט. דאָס איז אַ וואונטש אויפצוכאַפּן אין איין מאָמענט סיי דעם סוביעקט און סיי דעם אָביעקט פון דערקענטעניש און ניט פאַרוואַנדלען אין אותו רגע דעם סוביעקט אין אַן אָביעקט. דאָס איז ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַ פּלאַן צו

מאַכן אַזוי אַז דער אַרבעטער־קלאַס זאָל פונקציאָנירן הן אַלס נידעריקער און הן אַלס היכער קלאַס, אָדער, פּינקטלעכער, אַז די אַרבעטער־מאַסן זאָלן זיין אי מאַסן און אי קלאַסן, צוויי אין איינעם, אי אַליין אַרבעטן און אי אַליין אָרגאַניזירן דעם אַרבעט־פּראָצעס, און דאָס אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב. אָרגאַניזאַציע פאָדערט די סעגרעגאַציע פון אַן אָרגאַניזאַטאָרישער מינאָריטעט.

מאַרקס שרייבט:

„די סאָציאַלע פּראָהעלטעניש פון אַרבעט אין דעם אַקטועלן אַרבעט־פּראָצעס זעען אויס צו זיין טראַנספּערירט פון אַרבעט צו קאַפּיטאַל... אַלע סאָציאַלע אַרבעט־קרעפטן פון פּראָדוקציע דערשיינען צו געהערן צו קאַפּיטאַל ניט צו אַרבעט אַלס אַזעלכער.“ [16])

אָט־די סאָציאַלע כוחות פון אַרבעט געהערן בשום אופן ניט צו פּשוט׳ער אַרבעט, נייערט צו דער סאָציאַליזירנדיקער, ריכטיקער, אינטעראינדיווידואַליזירנדיקער און אינטערקלאַסירנדיקער אַרבעט. דער פעטישיזם באַשטייט דאָ אין דעם וואָס אַנשטאָט דעם קאַפּיטאַליסט־אינדוסטריאַליסט, דעם אינטעראינדיווידואַליזאַטאָר־אינטערקלאַסאַטאָר שטעלט זיך אַוועק אַ טויטער קעגנשטאַנד — קאַפּיטאַל. אָבער מאַרקס איז זיך שטאַרק טועה אויב ער מיינט אַז דאָס וואָס געהערט צו אַרבעט ווערט טראַנספּערירט צו קאַפּיטאַל. וואָס געהערט צו דער „אָרגאַניזירונג פון אַרבעט אויף אַן אינטעראינדיווידועלן און אינטער־קלאַסלעכן יסוד, אָט־דאָס ווערט טראַנספּערירט צום קאַפּיטאַל.

מאַרקס שרייבט:

„דער אויטאָריטעט וואָס דער קאַפּיטאַליסט נעמט זיך, דורך זיין פּערסאָניפּיצירונג פון קאַפּיטאַל... איז וועזנטלעך פאַרשיידן פון דעם אויטאָריטעט, וועלכער ווערט אויסגעאיבט אויפן יסוד פון פּראָדוקציע דורך דער פאַרמיטלונג פון שקלאַפן, לייב־אייגענע אא״וו.“ [17])

זיכער איז עס פאַרשיידן. הגם אין עמבריאָ קען מען שוין געפינען אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע סטרוקטור אויך אין דער ווירטשאַפט וואָס ווערט געפירט מיט דער הילף פון שקלאַפן־אַרבעט און זיכער איז שוין פאַראַן דער גאַנצער אָרגאַניזאַציאָנעלער סקעלעט אין דער ווירטשאַפט, וואָס ווערט געפירט אויפן סמך פון לייב־אייגנטום. דער וואָרצל פון אָרגאַניזאַציע ליגט זייער טיף איינגעגראָבן אין סאַמע באָדן פון דער געזעלשאַפט און ממילא אויך פון דער ווירטשאַפט, וואָס ווערט געפירט אין אירע תחומים.

סיי דער אָרגאַניזאַטאָר און סיי דער דירעקטער פּראָדוצירער באַטייליקן זיך אין דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס. איינער אָן דעם אַנדערן קען זיך ניט באַהויפּטן און קען קיין סך ניט אויפטאָן. לכן געהערט דער פּראָדוקט, וואָס זיי שאַפן מיט די אַלגעמיינע כוחות, צו זיי ביידן. די פראַגע איז בלויז ווי אַזוי טיילט מען אין דעם פּראָ־

דוקט. אָט־די צעטיילונג איז אַ שווערע הלכתא. דיסטריבוציע ווערט ניט איינגעאָר־דענט אויפֿן יסוד פֿון דעם ריינעם אינטעראינדיווידועלן פּרינציפּ, נייערט אויף דעם סמך פֿון אַן אינטער־קלאַסאָלאָגישער פֿאַרהעלטעניש. עס רעכנט זיך בערך אַזוי: איין מיטגליד פֿון אַ העכערן קלאַס האָט אַזויפֿיל סאָציאלאגישן און פֿאָלגלעך אויך ווירט־שאַפֿטלעכן, געוויכט וויפֿל פֿילע מיטגלידער פֿון דעם נידעריקערן קלאַס. אָט־די פֿאַר־העלטעניש פֿון איינעם און פֿילע קען רעגולירט ווערן דורך אַן אינטערקלאַסן־אינסטי־טוט. מחמת דאָ האָבן מיר פֿאַר אונדז אַ קלאַסן לאַדעניש. צוויי קלאַסן דינ־תורה׳ן זיך, דינגען זיך, האַמפּערן זיך מכוח זייערע חלקים אין דעם אַלגעמיינעם טאָטאַלן פּראָ־דוקט. וואָס פֿאַרשפּיצטער און פֿאַרשמעלערטער דער העכערער קלאַס איז, אַלץ אַ גרעסערער חלק פּראָפּאָרציאָנעל קומט אויס אויף זיין טייל אין דעם אַלגעמיינעם פּראָ־דוקט. צו געברויכן אַ מיליטערישע אַנאַלאָגיע, וואָס גרעסער די צאָל פֿון די זעלנער וואָס ווערן אָנגעטרויט דעם גענעראַל, אַלץ חשוב׳ער מוז ער זיין, אַלץ וויכטיקער איז זיין אָמט און, כדרך־הטבע, אויך זיין האָנאָראַרום.

י.

## די פֿאַראיינצלנערונג פֿון אַ פֿאַראַלגעמיינערונג

(סומאַריזאַציע)

מאַרקס שפּירט נאָך דעם אויסגוס־קוואַל פֿון פּראָפֿיט און ער קומט צום אַרבע־טער, וועלכער פּראָדוצירט מער ווי ער קאָנסומירט. מאַרקס בויט זיין טעאָרעטישן בנין אויף דעם פֿונדאַמענטאַלן פֿאַקט פֿון אינטראַ־אינדיווידועלער עקאָנאָמיע, פֿון אינער־לעכן אויפּפּיר פֿון מענטשלעכן, און לאו דווקא מענטשלעכן, אָרגאַניזם. מאַרקס שטיצט זיך אויף דעם געזעץ, וואָס זאָגט אַז די הכנסות זיינען גרעסער פֿון די הוצאות אין דעם אָרגאַניזם כל־זמן ער אַנטוויקלט זיך, וואַקסט, פֿונקציאָנירט ווי געהעריק. אָבער אַנשטאָט צו גענעראַליזירן אָט־דעם פּאַרטיקולאַר פֿון אַרבעט, צו באַגרייפֿן אַז דאָס איז אַן אַלגעמיינער פּרינציפּ, וועלכער דרינגט אַדורך די גאַנצע אָרגאַנישע נאַטור, נעמט מאַרקס און פֿאַרטיקולאַריזירט אָט־דעם אַלגעמיינעם פּרינציפּ. דאָס וואָס דער מענטש, אונטער באַדינגונגען פֿון עוואָלוציע, ניט דיסאָלוציע, (מחמת סוף כל סוף ברעכט יע־דער אָרגאַניזם צוזאַמען, פֿאַלט פֿאַנאַנדער, דאָס אייגענע פּאַסירט מיט אַ ציוויליזאַציע) טוט אויף מער ווי ער פֿאַרצערט איז אַן איינצלהייט פֿון דעם אַלגעמיינעם כלל פֿון פּראָגרעס. אָט־דער קאַרדינאַלער געזעץ באַהויפּט זיך און מאַניפֿעסטירט זיך אין אַלע אָרגאַנישע געוויקסן. מאַרקס נעמט אָט־די איינצלהייט און מיט איר הילף וויל ער דער־קלערן דעם גאַנצן פֿאַרשריט וואָס ווערט געמאַכט אין דער ווירטשאַפֿטלעכער געמיינ־

דע. לויט מאַרקסן קומט אויס אַז אַרבעט אין א זייער באַגרעניצטן טייטש פון וואָרט שאַפט דעם צוואוואוקס, דעם פּראָגרעס פון עקאָנאָמיק.

מיר וועלן געברויכן אַן אילוסטראַציע פאַר דער קלאַריפיקאַציע פון דעם געדאַנק: מאַרקס נעמט, אַזוי צו זאָגן, דעם לעגענדאַרן ניוטאָנישן עפּל און אנשטאט צו דערקלערן זיין פאַלן (אין אונדזער פאַל וואָלט עס זיין זיין אַרויפפליען) דורך דעם אוניווערסאַלן פּרינציפּ פון גראַוויטאַציע, דערקלערט ער גראַוויטאַציע, די באַוועגונג פון די פּלאַנעטן דורך דעם פּרט פון עפּל. מאַרקס „פאַרעפלט״, „מאַליציזירט״ גראַוויטאַציע און באַהויפּט אַז די ראָטאַציע פון די הימל־קערפּערס קומט פאַר אַדאַנק דעם פאַקט, וואָס אַ שטיקל עפּל איז פאַרקערפּערט אין זיי, אַנשטאט צו באַגרייפן אַז אַ שטיקל גראַוויטאַציע־פּרינציפּ ליגט איינגעשלאָסן אין עפּל.

אַנשטאט צו באַגרייפן אַז די דערשיינונג פון „פּראָפיט״ איז אַ טייל פון פּראָגרעס אין זיין מאַניפעסטאַציע אין תחום פון ווירטשאַפט, און אויב דער אַרבעטער איז בכוח צו פּראָדוצירן מער, ווי ער קאָנסומירט איז עס אַ דאַנק דער אַנטוויקלונג פון ציוויליזאַציע, אַדאַנק דעם וואוקס פון מענטשלעכער אויפטועריש קייט, דערקלערט מאַרקס דעם גאַנצן פּראָגרעס דורך דעם, וואָס דער פּועל פּראָדוצירט מער און עס בלייבט אַן עודף פון זיין געברויך.

ווייטער, מאַרקס אַנערקענט דעם טעזיס אז די פּראָדוקציע אין תחום פון אָרגאַניזם שטייגט אריבער די קאָנסומציע (דער אַרבעטער פּראָדוצירט מער ווי ער פאַרברויכט, די פּראָדוקטן וואָס ער שאַפט האָבן אַ גרעסערן ווערט ווי די לעבנס־מיטלען, וועלכע ער פאַרצערט אַזוי אַז עס בלייבט אַ רעשטל, וועלכן דער קאַפּיטאַליסט נעמט ביי אים צו כמעט בגניבה), אַז די הכנסות פון ענערגיע זיינען גרעסער פון די הוצאות, און דאָך דערלויבט ער זיך צו באַשרייבן די אויסטויש־טראַנסאַקציעס ווי זיי וואָלטן זיך באַזירן אויף עקוויוואַלענטן. ער פילט ניט דעם ווידערשפּרוך וואָס געפינט זיך דאָ.

פּראָדוקציע און קאָנסומציע ווערן רעגולירט דורך אַן אויסטויש־מאָדוס, מער קיין זאַך ניט. און אַזוי ווי עס איז ניט פאַראַן קיין עקוויוואַלענץ־פאַרהעלטעניש צווישן קאָנסומציע און פּראָדוקציע, מחמת דער אינדיווידועלער אַרבעטער, ווי יעדער נאָרמאַלער אָרגאַניזם, טוט אויף מער ווי ער פאַרברויכט, לכן קען ניט זיין קיין עקוויוואַלענץ אין אויסטויש. מחמת מיר בייטן אויס, אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן, עפּעס אויף בעסערס, טייערערס, ד. ה. מיר בייטן אויס, מיר פאַרקויפן מיט אַ „פּראָפיט״. אָט־דער פענאָמען פון פּראָדוקציע וואָס שטייגט אַריבער קאָנסומציע ווערט כסדר ווידער־האָלט אונטער געזונטע באַדינגונגען פון געוואוקס, ניט בלויז פיזיאָלאָגיש, נייערט אויך סאָציאָלאָגיש. מהאי טעמא באַזירט זיך טאַקע יעדער אַקט פון אויסטויש אויף אַ פּרעפערענץ, ניט אויף אַן עקוויוואַלענץ, אויף אַ „פּאַרדינסט״, אויף אַ פּראָפיט, ניט אויף אַ הכנסה וואָס איז גלייך צו דער הוצאה.

ווען איך עס אויף אַ לאָבן ברויט קריג איך אַ סכום ענערגיע, וועלכע שטייגט אַריבער די קוואַנטיטעט פון ענערגיע וואָס איך האָב אַריינגעלייגט אין ברויט, אָניט וואָלט דאָך מיר ניט לוינען צו „פּראָדוצירן" דעם ברויט, צו פאַרשווענדן אויף אים ענערגיע און דערנאָך אַרויסקריגן פון אים צוריק פּונקט אַזוי פיל וויפל איך האָב אויף אים גע'פּטר'ט. וואָס מיינט איך עס אויף אַ לאָבן ברויט ? דאָס מיינט אַז איך פיר אַדורך אַן אויסטויש טראַנסאַקציע. יעדער פּראָדוקציע־אַקט איז אַ פאַל פון אַן אויס־טויש טראַנסאַקציע, וואָס ווערט דורכגעפירט צווישן מענטשן און דער נאַטור. און אויב אויסטויש וואָלט זיין באַזירט אויף עקוויוואַלענטן, וואָלט אַלץ געבליבן אין אַ צושטאַנד פון סטאַגנאַציע.

אונטערפירנדיק דעם סך־הכל :

מאַרקסיזם אַלס אַ ווירטשאַפט־לערע איז די „פיזיאָלאָגיזאַציע" פון דער אינ־טעראינדיווידועלער און אינטערקלאַסאָלאָגישער עקאָנאָמיע, ער באַהאַנדלט אינטער־אינדיווידועלע און אינטערקלאַסלעכע דערשיינונגען ווי אינטראַ־אינדיווידועלע. מאַרקסיזם אין זיין עקאָנאָמישער טעאָריע שטעלט אַוועק פיזיאָלאָגיע, אינערלעכע עקאָנאָמיע אַנשטאט אויסערלעכער עקאָנאָמיע, אינטראַ־אינדיווידועלע אָרגאַנישע עקאָנאָמיע אַנשטאָט אינטעראינדיווידאָלאָגישע און אינטער־קלאַסאָלאָגישע עקאָנאָמיע.



1. Karl Marx, Capital I, p. 240
2. Ibid.
3. Ibid. III pp. 970-71
4. Ibid. p. 954
5. Ibid. p. 1021
6. Ibid. I pp. 240-41
7. Ibid. III p. 971
8. Ibid. II p. 160
9. Ibid. III pp. 982-83
10. Ibid. I p. 244
11. Ibid. p. 604
12. Ibid. III p. 1022
13. Ibid. I p. 261
14. Ibid. III p. 962
15. Ibid. p. 1027
16. Ibid. p. 963
17. Ibid. p. 1027



# תורה שבעל־פה *)

(מוסר־שפרוכן)

קלאַסיפיצירט און איבערגעגעבן צום דרוק פון

## הרב זלמן ב. זאָהן

### י״ח.

### וועלט און לעבן

166. מיט דער בריאה (נאַטור) קען מען זיך ניט דינגען.

167. דער מענטש גייט מיט באָרוועסע פיס אויף א פּאַדלאָגע (דיל) וואָס איז אָנגעוואָרפען מיט צעבראָכענעם גלאָז.

168. געריכט שניידט גראַד, און אַלץ וואָס ליגט אַריבערן גבול צעשניידט עס אומברחמנות׳דיק.

169. די וועלט איז א גוטער פּערל, נאָר ער ליגט אין מויל פון א לייב.

170. די וועלט פאַרפויקט דעם פּגר.

171. אַלץ אַוועקגעגעבן פאַר א פייפעלע, צום סוף פייפט עס ניט.

172. „הבל הבלים... הכל הבל״ — די גאַנצע וועלט איז א נול, אליין איז דער מענטש גאָרניט, אַז מען שטעלט צו אַן איינס, גייען אלע נולען אריין אין חשבון.

173. טרייב ניט קיין קאַטאָוועס מיט דיין לעבען, און שריי ניט „לצנו״.

174. די וועלטלעכע געלערנטע ווייזן אָן, אַז איין תאוה אָדער א צווייטע איז דער אַקס פון לעבען; זיי פאַרגעסן דעם לפני ולפנים פון דעם מענטשלעכער נשמה, וועלכע געפינט זיך מחוץ פון אַט די אַלע תאוות.

.. זע „יידישע שריפטן״ באַנד 4 העפט 2—1 זז. 93—90

### י״ט.

### רעדן און הערן

175. ניט אַלץ וואָס מען טראַכט, קען מען זאָגען; ניט אַלץ וואָס מען זאָגט, קען מען שרייבן; ניט אַלץ וואָס מען שרייבט, קען מען דרוקן.

176. מען דאַרף מער מעקן ווי שרייבן.

177. מער דאַרף מען וויסן וואָס נ י ט צו זאָגן, ווי וואָס י אָ צו זאָגן.

178. אַז עס פעלט אין דער הסברה פעלט אין דער הבנה [1]).

179. ניטאָ אזוי קרום, ווי א גלייך וואָרט, ניטאָ אַזוי גלייך, ווי אַ קרומער לייטער.

180. די קונסט פון הערן איז פיל גרעסער ווי די קונסט פון רעדן.

181. מען דאַרף ניט נאָר הערן, נאָר דערהערן; ניט נאָר זען, נאָר דערזען.

182. אַלע ווערן נשתומם, דער טויבער קוקט אָן.

## כ׳.
## אינערלעך און אויסערלעך

183. וואָס וויניקער די פעסטונג איז קענטיק, אַלץ שטאַרקער איז זי.

184. מען דאַרף קענען באַהאַלטען, אָבער ניט פון זיך.

185. שלעפּ ניט אַרויף דעם זיידענעם בגד אויף דיינע שמאַטעס.

186. ווען עס זאָל דעם מענטשן שטיין אָנגעשריבן אויפן שטערן וואָס ער טראַכט, וואָלט ער זיך שעמען אין גאַס ארויסצוגיין.

187. מען קען דערקענען דעם מענטשן אין קיך מער ווי אין בית מדרש.

188. ער דאגה׳ט אויפן „רבב על בגדו״ מער ווי אויפן „רבב על לבו״ [2].

189. א גאַנצן לעבן האָט עס מיך געהאַלטן באַגייסטערט, איך האָב עס ארויסגעזאָגט, האָט עס זיך אויסגעוועפּט.

190. אַז מען ווייסט די קראַנקהייט איז לייכט צו געפינען די רפואה.

## כ״א.
## אָרימקייט און רייכקייט

191. „נסיון־העוני״ איז א גרויסער חולה, נאָר לעבן א דאָקטאָר; „נסיון־העושר״ איז א קליינער חולה, ווייט פון א דאָקטאָר [3].

193. דער אָרימאַן ביי זיין סקאָרינקע קען זיין דער זעלבער בעל־תאווה ווי דער גביר ביי זיין מאָלצייט.

194. הונגער איז א גרויסע מחלה, און א קליינע רפואה.

1) אַז מען קען יענעם ניט געבן צו פארשטיין איז א סימן אַז מען פארשטייט אליין ניט.

2 „א פלעק אויפן מלבוש״ — „א פלעק אויפן האַרצן״ — „כל תלמיד חכם שנמצא רבב על בגדו חייב מיתה״. שבת קי״ד ע״ב. יעדער תלמיד חכם ביי וועמען מען געפינט א פלעק אויף זיין מלבוש איז חייב מיתה.

3.. עס איז שווערער צו זיין אַן ערלעכער מענטש אין רייכקייט ווי אין אָרימקייט.



# זעלבסט־גלויבן *)

פון

## אבא גאָרדין

## בוך צוויי: זעלבסט־פּרינציפּ

— 5 —

## אינטעלעקטואַליזאַציע

(המשך)

אַנרי בערגסאָן האָט געטאָן, אין אַ געוויסן פּרט, דאָס אייגענע וואָס קאַנט. זיכער האָט ער עס געטאָן אויף זיין אייגענעם שטייגער און אין זיין אייגענעם נוסח. ער האָט גענומען אינטואיציע, אַ כשרון וואָס ליגט, אַזוי צו זאָגן, נידעריקער פון אינטעלעקט, און האָט זי אַוועקגעשטעלט, בנוגע „דערקענטעניש" אָדער אַריינדרינגעניש אין לעבן, איבערן פאַרשטאַנד. ער האָט דערקלערט אַז דורך אינטואיציע קענען מיר באַגרייפן דעם עצם מהות פון לעבן, פון דער וועלט, פון די וואַריאַירלעכקייטן פון גאַנצן יש. אַזוי אַרום קומט אויס, צו אַ געוויסער מאָס, אַז דאָס פּראַקטישע פּרעוואַלירט איבער דאָס טעאָרעטישע, אַז אַ מין סאָרט פּראַקטיציזם שטייגט אַריבער, בנוגע אמת'ערווירקלעכקייט־באַנעמעניש, דעם הייכן אינטעלעקטואַליזם. טיפער פאַרשטאַנען מיינט עס אייגנטלעך, אַז אינטעלעקטואַליזם פּלוס פּראַקטיציזם וועט געבן בעסערע רעזולטאַטן ווי אינטעלעקטואַליזם־ראַציאָנאַליזם אַליין. מיט אַנדערע ווערטער, ווען אינטואיציע ווערט באַהאַנדלט פילאָזאָפיש אינטעלעקטועל וועט זי זיך אַרויסצייגן צו זיין מער ווערט בנוגע וועלט־דערקענטענישקייט, ווי דער אינטעלעקט ווען ער ווערט איבערגעלאָזן ביחידות, מיט זיך אַליין און ווערט ניט אינטעלעקטואַליזירט.

די אינטואיציע איז אַ בעסערע דערקענטעניש כלי צוליב דעם אַליין, וואָס אין איר ווערט אַריינגעלייגט אַ היפּשע ביסל אינטעלעקטועלישקייט און זי ווערט

---

*) זע יידישע שריפטן העפט 15, זז. 232—217.

דערהייבן צו א הייך, וועלכע איז העכער פון אינטעלעקטואליזם סתם. ווייל וואו האָט זיך גענומען די אינטואיציע אין אָט דער בערגסאָנישער אויסטייטשונג, אין אָט דער נייער שאַפונג ? זי איז דאָך אַן אינטעלעקטואַליזיר־אַקט, וועלכער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין א וואַריאיטעט פון אינטיואיטיוויטעט. דערנאָך ווערט זי צוריק נאָכגעשפּירט ארויף־צו צום אינטעלעקט, דורכמאַכנדיק אָט־דעם פּראָצעס ווערט זי, ממילא, אינטעליגענץ־פולער ווי דער אינטעלעקט אליין. די אינטערפּרעטירונג פון אינטואיציע איז אַן אַקט פון „קרעאַציע" און אין איר ליגט זייער פיל אינטעלעקטואַליזיר־ענערגיע. די סאָרט דערקענטעניש פון אינטואיציע איז אליין אַ פּראָדוקט פון הייכער אינטעלעקטואַליזירונג. ממילא וועט זי אויך ברענגען צו א ממשות־דיקערער וועלט־דערקענטעניש. די דערקענטעניש פון זיך אליין אַלס אַ טייל פון דער וועלט פירט צו דער דערקענטעניש פון דער וועלט אַלס עפּעס גאַנצעס.

סיי אין קאַנט׳ס און סיי אין בערגסאָנ׳ס באַהויפּטונגען פעלט דאָס נעמען אין באַטראַכט די אייגענע אָנשטרענג־אַרבעט, וועלכע מאַכט מעגלעך די אדוואַנסירונג פון דער באַהויפּטונג. אין ליכט פון אינטעלעקט ווערט אינטואיציע א שטיק אינטעלעקטואַלישקייט. אין ליכט פון דערקענטעניש ווערט אינטואיציע, וועלכע זעט אויס, לכתחילה, צו זיין ווייטלעך פון דערקענטעניש־פּראַקטיק און טעאָריע, אַ וואונדערבאַרע דערקענערין דורך דעם אליין, וואָס זי דערקענט זיך אַלס אזעלכע, ד. ה. זי קומט צו זיך אין א נייער דערקענטענישנדיקער געשטאַלט.

דער אינטעלעקט לייגט זיך אריין אין דער אינטואיציע. דאָס מיינט ער נעמט זי דערקענען, אַזוי ארום ווערט פון אינטעלעקטואליזם־ראַציאָנאַליזם אַ שטיק אינטואיטיוויזם. נאָך דעם דאַרף אָט־די אינטואיציע ווערן צוריק אַ שטיק אינטעלעקטואַליזאציע. זי טוט עס אין דער אקציע פון דער באַפילאָזאָפירונג פון אירע אייגענע אייגנשאַפטן. מיט אַנדערע ווערטער, די אינטואיציע ווען זי ווערט פילאָזאָפיש־אינטעלעקטועל דערקענט איז א בעסערע דערקענטענישערין, א גרעסערע בעסערע אויפטוערין, אַלס עפּיסטעמאָלאָגישע אַגענץ, ווי דער בלויזער אינטעלעקט, איידער ער ווערט פילאָזאָפיש־אינטעלעקטועל דערקענט. אפילו ווען ער ווערט דערקענט איז ער נאָך אַלץ ניט אזוי פאַרדערקענטענישט, ווייל זיין אייגענע אָנערקענונג אַלס אַ דערקענטעניש־אינסטרומענט פאַדערט ווייניקער עפּיסטעמאָלאָגישן אָנשטרענג ווי די פאַרדערקענטענישטע אינטואיציע. אין דער פילאָזאָפישער טראַכטירונג פון דער אינטואיציע אַלס א דערקענטעניש־ווערקצייג ווערט ארייגעלייגט מער גנאָסעאָלאָגישע טרחה, מער פילאָזאָפישער אַריינדרינג־פּלייס, איידער אין דער געוויינטלעכער באַהאַנדלונג פון שכל אַלס אַ דערקענטעניש־כלי. מהאי טעמא ווערט זי דערקלערט, אונטער אָט־דעם אָנשטרענג, אלס אַ דערקענטענישערין פון א העכע־

רער דרגא. איר פרעטענזיע איז פונדאַמענטירט אויף דעם יסוד פון איר זעלבסט־דערקענטעניש אלס א דערקענטעניש־ערין.

דאָס אייגענע דאַרף געזאָגט ווערן מכוח פּראַגמאַטיזם. פּראַגמאַטיזם האָט זיינע וואָרצלען אין קאַנט׳ס לערע, אין דער צעטיילונג, וועלכע ער האָט אריינגע־פירט, צווישן דעם ריינעם שכל און דעם פּראַקטישן. דער ריינער שכל רייסט ארונטער דעם גאַנצן בנין פון מעטאַפיזיק. דער פּראַקטישער שכל שטעלט אויף די געביידע, וואָס איז נאָר וואָס צעשטערט געוואָרן פון ריינעם שכל צוליב דעם לעצטענס קוצר־המשיג, קטנות־דמוחין. דער ריינער שכל, לויט קאַנטן, איז אומ־באַהאָלפן, ווען ער טרעט צו צו דער לייזונג פון די העכסט וויכטיקע פּראָבלעמען פון לעבן און עקזיסטענץ אלס „זאכן אין זיך אליין". בשעת עס קומט צו עטיק, ווען מע דאַרף אוועקלייגן דעם יסוד פאַר אָט־דעם געטלעכן טעמפּל, ווייזט זיך דער ריינער שכל ארויס צו זיין לחלוטין אומפעאיק אלס בויער. ער מוז זיך אָפּ־זאָגן פון דער הייליקער ארבעט, פון אָט דער וויכטיקער מלאכת הקודש. עס דער־מאָנט אָן די מעשה מיטן קיניג דויד. ער איז געווען א גרויסער אויפטוער. ער האָט, אָבער, ניט געקענט בויען קיין וואוינונגס־פּלאַץ ניט פאַר זיך און ניט פאַר יהוה. אָט־די בויאונגס־ארבעט האָט געדאַרפט דורכפירן שלמה, דער וואָס האָט, בכלל, גאָרניט געטאָן און גאָרניט אויפגעטאָן, ווי בלויז זיך ארומגעפירט מיט אַן עדה ווייבער... דורך אָט־דעם דורכבראָך, פּריצת־הגדר, איז פּראַגמאַטיזם אריין אין דער פעסטונג פון פילאָזאָפישן געדאַנק. אמת, פּראַגמאַטיזם דאַרף פאַרשטאַ־נען ווערן ווי א געשטייגערטער, ארויפגעשרויפטער אינטעלעקטואַליזם וועלכער אַנטפּלעקט זיך, אין עניוות, דורך זיין פאַרלייקענונג, דורך זיין כלומר׳שטער בעגאַציע.

ווען אינטעלעקטואַליזם פּראָקלאַמירט פּראַגמאַטיזם קען עס מיינען איין זאַך און דאָס איז: די ווערטפולקייט פון די פּראַגמענטן פון הנהגה ווערט אָפּגע־שאַצט לויט דער פאַרגלייכענישמעסיק הייכער דרגא פון מענטאַליטעט, וועלכע געפינט זיך אין זיי. מחמת אויך די ווערטפולקייט פון דער וועלט אַנטהאַלט זיך אין איר אידעאישקייט, אין דעם פאַקט וואָס זי איז א טראַנסמוטירטע באַשאַף־אידייע, אַ רעאַליזירטע גרויסע יכולת, וואָס איז כולל דעם אַלצמיטאַנאַנדער אָן דעם קלענסטן יוצא מן הכלל, אָן קיין שום אויסשלוס. און אין דעם, אייגנטלעך, ליגט דער כוח פון יעדן רעאַליזירטן אַקט. ער איז א סאָלידע חתיכה פון אידעאָלאָגיע פון אַ געוויסער הייך, וועלכע איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין א פענאָמען פון אַ סענ־סאָרישן כאַראַקטער, געוואָרן איבערגעארבעט אין אַן אָביעקט פון אַ נידעריקער רעאַליטעט־רעפּרעזענטאַנץ, אַריין אין דעם „עולם ההרגשה", אין דער וועלט פון

די חושים, פערצעפּציעס. די אָביעקטיוויזאַציע ווייזט אָן אויף דעם פאַראַנען־זיין פון א געוויסער אידייע־קוואַליפיקאַציע.

געקוקט פון דעם ווינקל קען דער פילאָזאָפישער פאַרשטאַנד באַהויפּטן, אַז די מאַטעריעלע וועלט, דער „עולם־העשיה", איז פון אַ העכערער דרגא פון אצילות ווי דער „עולם האצילות" מיט זיינע אידייען, וועלכע זיינען נאָך ניט רעאַליזירט. דער „עולם־האצילות", וועלכער גאַרט צו ווערן אַן „עולם־העשיה", וואָס בענקט נאָך אַ רעאַליזאַציע און האָט זי נאָך ניט דערגרייכט איז ניט אזוי אצילותדיק ווי דער „עולם־העשיה", וועלכער איז געווען אַן „עולם־האצילות" און האָט שוין יע דערגרייכט זיין רעאַליזאַציע. עס איז אָבער פאַראַן אַן „עולם־האצילות" פון א העכערער דרגא, וואָס וויל ניט און וועט קיינמאָל ניט ווערן קיין „עולם־העשיה", מחמת ער איז מחוץ פון דעם גאַנצן ענין „עשיה" בכלל. די מאַטעריע, וועלכע איז געווען אַן אידייע, וואָס איז שוין געוואָרן אַ שטיק מאטעריע, איז „אידעאישער" פון דער אידייע, וועלכע גאַרט צו ווערן אַ שטיק מאַטעריע און איז עס נאָך ניט געוואָרן. עס איז, אָבער, פאַראַן אַן אידייע פון א העכערער שטופע, זי „דערלאָזט ניט דעם געדאַנק" אז זי וועט ווערן אַ שטיק מאַטעריע, מחמת זי איז מחוץ פון דער גאַנצער ספער פון מאַטעריאַליזאַציע און רעאַליזאַציע. זי אידעאיזירט זיך, דאָס אַלץ. די מאַטעריעלע וועלט, אויפ׳געפאַסט פילאָזאָפיש אידעאַליסטיש, איז אַ רייפע אידעאַלע וועלט. בשעת די געוויינטלעך אידעאַלע וועלט וועלכע, שטרעבט צו ווערן אַ מאַטעריעלע וועלט, ציט זיך צו דער זון פון רעאַליזאַציע, איז געגליכן צו בוסר, צו אַן אומצייטיקער פרי, וועלכע הענגט נאָך אויפן צווייג, באַהעפט צום בוים פון וויסן און דערקענען. ווען זי וועט צייטיק ווערן, וועט זי אראָפּפאַלן און אריינפאַלן אין שויס פון דערווירקלעכקייט. די ספּיריטואַליזאַציע פון דער מאַטעריע איז די עובדא פון פילאָזאָפיע, פון יעדער באמת פילאָזאָפישער סיסטעם. אין דער ספּיריטואַליזירונג פון דער מאַטעריע ליגט מער ספּיריטואַליזיר־ענערגיע ווי אין דער געוויינטלעכער אַקציע פון ספּיריטואַליזירונג פון ספּיריט, וועלכער איז אַ „פּאָטענציעלע" מאַטעריע. די באַגייסטיקונג פון חומר איז א שווערערע און אַ ווייטערדיקע אויפגאַבע, ווי די געוויינטלעכע אַקציע פון גייסטיקונג. סיידן די גייסטיקונג מיינט די פולע באַזיגונג פון קערפּערלעכקייט, סיי פּאָטענציעלער און סיי אַקטועלער. אַזאַ גייסטיקונג איז פון אַן אנדער מין.

דער פּראַקטישער פאַרשטאַנד, ווען ער ווערט באַארבעט פון דעם ריינעם פאַרשטאַנד, איז מער „ריין פאַרשטאַנדיש" ווי דער ריינער פאַרשטאַנד געגומען אַלס אַזעלכער אָן דער ווייטערער באַאַרבעטונג. פּראַגמאַטיזם אַלס אַ מעטאַפיזיק איז מער פילאָזאָפיש אינטעלעקטועל, מער מעטאַפיזיש, מער פילאָזאָפיש־אידעאַליסטיש,

ווי א געוויינטלעך אָנגענומענע אידעאַליסטישע שולע אין פילאָזאָפיע. פון דעם־דאָזיקן שטאַנדפּונקט דאַרף פּראַגמאַטיזם באַטראַכט ווערן אַלס סופּער־אינטעלעקטואַליזם, מעטאַ־גנאָסעאָלאָגיזם. און בלויז אין אָט־דער אינטערפּרעטאַציע קען פּראַגמאַטיזם זיין פון גרויסן נוצן פאַר דער פילאָזאָפישער קולטור. ער איז אימשטאַנד אויסצובררייטערן די פילאָזאָפישע האָריזאָנטן, פאַרגרעסערן אירע מעגלעכקייטן, פאַרשאַרפן און פאַרשפּיצן אירע ווערט־אורטייל־פאָסונגען. אָבער אויך גרויסע סכנות לויערן אויף דעם פּראַגמאַטיזם־אינסטרומענטאַליזם. די סכנה שטעקט אין דער אויבערפלעכלעכער אויפנעמונג־אויסטייטשונג פון פּראַגמאַטיזם־אינסטרומענטאַליזם. ווייל פילאָזאָפישע עניינים האָבן בכלל מורא, אימת מות, פאַר לכאורה׳דיקייט, השקפה־ראשונה־דיקייט. אין־פלוגיקייט פאַר פילאָזאָפיע איז דער טרוקענער יבשה־זאַמד פאַר א פיש.

וואָס מיר האָבן געזאָגט בנוגע צום פּראַגמאַטיזם איז אָנווענדבאַר צום מאַטעריאַליזם אַלס אַ מעטאַפיזישע סיסטעם. ווי נאָר מאַטעריאַליזם ווערט א פילאָזאָפישע שיטה, ווערט ער דורך דעם גופא, דורך זיין „מעטאַפיזיק" פאַרוואַנדלט אין א מין סאָרט פון א סופּער־ראַציאָנאַליזם און מעטאַ־אידעאַליזם. ווייל אויב מאַטעריע דאַרף נעמען שפּילן די ערשטע פידל אין דעם באַשטאַנד־אָרקעסטער, מוז זי דאָך, בכדי צו ווערן ראוי צו אַזאַ געהייבענער ראָלע, אויפהערן צו זיין מאַטעריע, אַ שטיק חומר, אין דעם פּראָסטן פשט פון וואָרט און זי מוז ווערן ניט־ווילנדיק אַ שטיק גייסט, וואָס איז מער פון א געוויינטלעכן גייסט. פאַר גייסט צו זיין גייסט איז דאָך „נאַטירלעך" ווי פאַר מאַטעריע צו זיין מאַטעריע. אָבער ווען אַ מאטעריע ווערט דערקלערט פאַר דעם הויפּט־זייל אויף וועלכן דער גאַנצער בנין פון קאָסמאָס האַלט זיך, ווערט זי דאָך, דורך אָט־דער דעקלאַראַציע, אַן „ערשטער פּרינציפּ", אַ פילאָזאָפישער פּאָסטולאַט, פון וועלכן דער גאַנצער באַשטאַנד האָט זיך ארויסגעוויקלט, האָט זיך אליין פון זיך אַליין ארויסגעבאַשאַפן, געשאַפן אַ גאַנצן וועלט־קיניגרייך מיט אַ קיניג בראש, דעם מענטשן קינד מיט זיין זעלבסט־באַוואוסטזיין און שכל. דאָס אַלץ האָט „אויפגעטאָן", די פלאי־פלאים האָט באַוויזן די פּראָסטע שטיקל מאַטעריע. אָט־די אש־מיידל צינדערעלע איז געוואָרן קיניגין ניט בחסד פון א פּרינץ, וועלכער האָט זי געפונען און דערהייבן. ניין. זי האָט געבוירן איר אייגענעם פּרינץ. זי האָט גענומען אַ בחור׳עץ און האָט אים געקרוינט, געמאַכט געוועלטיקן איבערן גאַנצן אַלצמיטאנאנדער. אזא צינדערעלע איז, מסתמא, מעיקרא געווען אַ פּרינצעסין, זי האָט זיך בלויז פאַרשטעלט פאַר אן איינפאַכער אָרימער יתומה און אַ שמוץ דערצו. דאָס הייסט, אַזאַ מאַטעריע פאַרשטעלט זיך פאַר אַ שטיק גשמיות. זי פּראַוועט אַ פּורים־שפּיל, זי שפּילט אַ „געטלעכע קאָמעדיע"...

אין דעם מאָמענט, ווען דער פילאָזאָפישער געדאנק רירט זיך צו צו דער פשוט׳ער מאַטעריע, ווערט זי פון בלויזן צוריר פאַרוואַנדלט אין אן איידעלער מאַטעריע. אין פילאָזאָפיע איז אָפּעראַטיוו דער פרינציפּ פון אַלכעמיע: די טראַנסמוטאַציע פון פּראָסטע מעטאַלן אין קאָסטבאַרע מיוחסים מעטאַלן. אַ פשוט׳ע פּויערטע מאַטעריע ווערט גלייך אַ פּריצ׳טע, מער ווי דאָס, א פּרינצעסין, מער, אַ קיניגין, וועלכע הערשט איבער דעם גאַנצן מלכות פון קיים מיט רעכט וואָס איז באַזירט אויף באַשאַף אָדער אנטוויקלונג. אַנטוויקלונג איז אייגנטלעך באשעפערישער ווי דער איינפאַכער באשאף, ווייל אַנטוויקלונג קומט צו נאָענט צו דער אידייע פון אויטאָקרעאַציע.

אַלס אילוסטראציע קען דינען פעטישיזם. דער פּאַרצייטיקער נאַאיווער פעטישיסט בוקט זיך צו יעדן שטיין און ביין אָן איבעריקע חכמות און זיך־קליגלונגען פון א מיסטישן כאַראַקטער. דער אייגענער פעטישיזם, ווען ער קומט ארויס פון אַ מאָנאָטעאיסטישן אָדער פּאַנטעאיסטישן מיסטיציזם, הערט אויף צו זיין נאַאיוו. ער פאַרגעטערט טאקע יעדן שטיינדעלע און זעמדעלע, ער זעט אלוהות אין אַלץ, אָבער דער שטיינדל הערט דעמאָלט אויף צו זיין א פשוט׳ער שטיין. ער ווערט א מין עמאנאציע פון א דיוויניטעט. די שטיינישקייט פון שטיין פאַרשווינדט. זיין מאַטעריעלע סובסטאַנץ שרומפּט איין און ווערט אינגאַנצן נעלם. די אילוזאָרישקייט פון דעם שטיינישקייט־וועזן ווערט דייטלעך אויפגעדעקט, אין שטיין אַנטפּלעקט זיך אַ שטיק אלהות. אזוי אַרום קומט אריין צוריק דער גאָר־קדמונים׳דיקער פעטישיזם, אָבער ער איז מער ניט קיין פעטישיזם. ווייל אין אַ־דעם פעטישיזם ווערט גאָט ניט אראָפּגעדריקט צו דעם „דערהייבענעם מעמד" פון אן איינפאַכן שטיין, נייערט, פאַרקערט, דער שטיין ווערט אריבערגעפירט אין א הייכן שטאַנד. דער פּויער ווערט אן איידלמאַן בחסד פון רעליגיעז מיסטישן געפיל.

אין מאַטעריאַליזם אַלס אַ „מעטאַפיזיק" ווערט די מאַטעריע אויס מאַטעריע. זי ווערט גייסט שבגייסט. און זי קען אַנדערש ניט זיין. ווייל ביי א פילאָזאָף איז מאַטעריע עפּעס אַנדערש ווי מאַטעריע ביי דעם פשוט׳ן נאַאיוון אויפפאַס. וואָס איך וויל זאָגן איז אָט־וואָס: עס איז פאראן ניט נאָר אַ נאאיווער רעאַליזם און אַ קריטישער, נייערט אויך א נאַאיווער נאַאיוויזם און א קריטישער קריטיציזם. אַ נאַאיווער מאַטעריאַליזם איז ניט קיין מאַטעריאַליזם. ער האָט ניט, ער פאַרמאָגט ניט קיין „איזם". מאטעריע איז מאַטעריע, שטאָף — און גאָר. קיינע פראגעס, קיינע ענטפערס, קיינע חקירות, קיינע פאַרטיפונגען, אויסטייטשונגען, קיין מעטאַפיזיק. עס הערשט נאַטירלעכע פשטות, אַן אויפנעמבארקייט, וועלכע גייט ניט ווייטער פון די חושים־צייגענישן, דער פּראָסטער מאַטעריאַליזם איז אזוי מאַטעריא־

ליסטיש אַז אים פֿאַלט גאָר ניט איין, אַז עס קען אַנדערש זיין. ער ספֿק׳ט זיך ניט אין דער ריכטיקייט פֿון די עדות־זאָגענישן, אין דער סטאַביליטעט פֿון באַשטימטע גרע־נעצן. אין דעם „פֿילאָזאָפֿישן מאַטעריאַליזם" קומט פֿאָר עפּעס אַנדערש. די מאַטער־יע אלס אַ שטאָף אין פּראָסטן פּשט פֿון וואָרט, ווערט אָפּגעפֿרעגט גלייך מעיקרא, אַ דאַנק דעם אַקט פֿון אינטעלעקטואַליזירונג. אַזוי אַרום ווערט די מאטעריע אַראָפּ־געשלונגען און דערנאָך אויסגעשפּיגן פֿון פֿילאָזאָף. ווען די מאַטעריע קומט אַרויס פֿון פֿילאָזאָפֿישן קאָפּ פֿון זיין שׂכל׳דיקן אויסטייטש, — איז זי שוין גאָר אַ פֿאַרביטענע, אַן אַנדערע. דאָ ווידערהאָלט זיך די לעגענדע פֿון יונה׳ן און דעם וואַלפֿיש. נאָך דעם ווי יונה איז אָפּגעווען אין בויך פֿון וואַלפֿיש אביסל צייט און איז אַרויסגעשפּיגן געוואָרן, איז ער שוין ניט דער פֿאַרדעמדיקער נאַאיוו־פּרימיטיווער יונה. איצט איז ער א געוואַלפֿישטער. ער איז א יונה, וועלכער פֿון בויך פֿון א וואַלפֿיש איז מתפּלל צו יהוה. פֿון דער טיפֿעניש, ממעמקים רופֿט ער, טוט תּשובֿה. ווי נאָר דער פֿילאָזאָ־פֿישער באַנעם נעמט אריין א שטיק מאַטעריע, אַזוי גיך גייט אין איר אריין א „גילגול" אין דער פֿאָרם פֿון אַ געדאַנק. ריכטיקער, זי ווערט אַ געדאַנק, וועלכער האָט זיך אַנגעטאָן אין אַ שטיק חומר. בשעת דעם פֿילאָזאָפֿישן זוכן, גריבלען זיך, ווערט די מאַטעריע צעשמאָלצן אין טיגל פֿון חקירה, און דערנאָך ווערט זי צוריק אָפּגעגאָסן אין דעם פֿורעם פֿון אינטעלעקט. איצט איז זי גאָר אַן אנדער מהות. מאַטעריע אין מאַטעריאַליזם איז אילוזיאָריש. זי איז אַ שטיק ראַציאָנאַליסטיק. אַ פֿילאָזאָפֿישער מאַטעריאַליסט, קריטיש אויפֿגעפּאַסט, איז מער „אידעאַליסט" ווי דער געוויינלעכער אידעאַליסט. דער נעגאַטאָר פֿון דער אידייע איז דער אידייע־פּאָזיטאָר, אַן אידעאַליזם־באַיאָער. מאַטעריאַליזם פֿון דעם פֿילאָזאָפֿישן שניט איז מעטאַ־אי־דעאַליזם. ער איז פֿאַרשטעלט, ווייל אַלס אָפֿענער אידעאַליזם איז ער אידעאַליסטיש און מע וועט אים ניט אויפֿנעמען. דעריבער קומט ער מיט אַ מאַסקע. ער וויל זיך אַליין אָפּנאַרן און נאַרט אָפּ דעם ניט־„געשולטן" דענקער.

אין פֿילאָזאָפֿיש־קריטישן מאַטעריאַליזם ווערן די זאַכן — זיכן, אידייען, אויטאָ־אידייען — זיי זיינען ניט ריין, ווייל אין זייער ריינקייט וואָלטן זיי צוקומען צום גבֿול פֿון פֿולן ניט־זיין, פֿון שלימות׳דיקן ביטול־היש. אַזאַ מהות ווי א „ניטע־ניש" קען ניט זיין במציאות, נייערט בלויז במחשבה, וועלכע איז אַן אויסשליסלעך פּאָזיטיווע דיסציפּלין. און אין מחשבה ווערט אַ „ניטעניש" פֿאַרוואַנדלט פֿון זיך אליין אין אַ „יאָעניש" פֿון אַ העכערער דרגא ווי א געוויינלעכער „יש". יעדע אידייע וועלכע אַנטפּלעקט זיך איז שוין האַלב רעאַליזירט. יעדער זיך ,וואָס באַ־הויפּט זיך, וואָס זיכט זיך, נעמט אָן די פֿאָרם פֿון אַ זאַך, ווערט אַ מין אָביעקט. ער טרעט אריין אין א פֿארקער־פֿאַרבינדונג מיט אַנדערע פֿאַרשטעלטע אידייען, מיט

פאַרשלייערטע פּראָצעסן. בכלל, אין דער אותו רגע, ווי די אידייע ווערט אַ ביר־גערין פון דעם געהירן, ווען זי קומט אין באַרירונג מיט דעם מענטאַליזירנדיקן אַפּאַראַט, פאַרלירט זי שוין אַ „טייל" פון איר אומשולד. זי ווערט ספּיריטואַליזירט, אָדער מאַטעריאַליזירט. זי ווערט „פאַרקערפּערט" אין וויבראַציעס אָדער אין עפּעס אַן אַנדער מהות. זי ווערט אַקטואַליזירט, ענערגעטיזירט. די העכסטע שטופע פון מחשבה איז דער זיכטום, פון אים ווערט זעלבסט־באַשאַפן דער זאַכטום. צום־אָנהייב איז ער שוואַך, קוים וואָס ער זעלבסטבאַשטימט־זיך. ער איז געדאַנק. ער נעמט זיך די געשטאַלט פון ספּיריטועלער ענערגיע. שפּעטער־צו טוט ער זיך אָן אין דער צורה פון מאַטעריעלע כוחות און אגענצן. דאָס איז אַלץ געערעדט וועגן „זיכטום". אָבער דער זיך אין־זיך־זעלבסטום, דער אהיה אשר אהיה, שליסט אויס לחלוטין די זאַכישקייט, די לעצטע קען דינען בלויז אַלס מאַניפעסטאַציע, אָבער קיינמאָל ניט אַלס סובסטאַנציאַנאַליזאַציע פון דעם זיך־אין־זיך זעלבסט.

דער מענטש, געגומען אין זיין איינפאַכן מצב, איז אַן אינוועגטיווער וועזן, אַ בויער, אַן אויפטוער. און ווען ער טוט עפּעס אויף, פּירט ער זיך, לויט זיין פאַר־שטייך, אַזוי: ער דערטראַכט זיך צו עפּעס א חידוש. דערנאָך זעט ער, מיט כל־הכוחות, אָט־דעם איינפאַל צו מאַטעריאַליזירן. דאָס איז דער פּשוט'ער דרך פון דעם דערפינדער מענטשן אויף וויפל ער גיט זיך אָפּ אַ חשבון וועגן זיינע טואונגען און אויפטואונגען. איצטער קומט צו דער מענטש, דער דענקער, צו דער וועלט, צו דער וועלט־רעטעניש. די רעטעניש איז באַשאַפן פון מענטשן, ווייל אַ רעטעניש איז עפּעס מענטשלעכעס. דאָס איז דער כוח פון חידוש'ן זיך, פון זיין, קלאָמפּרשט, פאַרוואונדערט, געפּלעפט, און דערנאָך געפינען אַ באַרואיקונג, א צוגעוואוינט־ווע־רעניש צו אָט־דער מאָדנעקייט, פּלעפּנדיקייט. לכן גייט דער מענטש צו צו דער וועלט אַלס מענטש, אַלס דענקער. ער וויל עפּעס לייזן. עפּעס איז אים קשה אין דער פּרשה פון קאָסמאָס. דער פּסוק זעט אים אויס צו זיין האַרב. דעם פּסוק אליין אַרט ניט דער גאַנצער ענין. אָבער דעם מענטשן אַרט דער פּסוק. דער מענטש וויל ארויפנעמען די וועלט אויף זיינע כלים, אויף זיינע מענטשלעך־עפּיסטעמאלאָ־גישע דענקונגס־אופנים. דער מענטש, קענענדיק זיך און אורטיילנדיק פון זיך ארויס, געברויכט זיין אייגענעם אויפפיר אַלס מוסטער פון הנהגה, בכלל. ער איז משער אַז סוף מעשה במחשבה תחילה, אַז פאַרדעם איז געווען א אידייע מכוח דער וועלט, אַ מחשבה. פון מחשבה, וועלכע איז אַן אינערלעכער דיבור, איז געקומען דער דיבור, די אויסערונג, די האַלב עקסטערנאַליזאַציע. נאָכן וואָרט איז געקומען די טאַט, דער באַשאַף פון דער וועלט. וויבאַלד מ'פאַנגט אָן פון סאַמע אָנפאַנג, האָט מען באַדאַרפט באַשאַפן דעם רעיון מכוח דעם באַשאַף. און נאָכן רעיון איז געקו־

מען דער באַשאַף אַליין. דער וועג צוריק, ארויפצו צום אָנפאַנג איז ענדלאָז, ווייל מע האָט דאָך באַדאַרפט באַשאַפן דעם רעיון מכוח דעם רעיון־באַשאַף. דאָ פלעכט זיך אָן אומענדלעכע קייט. אויסטראַכטן אָדער אויפנעמען אַ רעיון קומט אָן אַ מענטשן לייכטער, ווי אויפטאָן עפּעס ממשות׳דיקעס. ווייל בכדי ער זאָל קענען עפּעס אויפ־טאָן באַוואוסטזיניק־שכל׳זיניק, דאַרף דער מענטש דאָך פאַרדעם „וויסן״, האָבן אַ פאַרשטעלונג, אַ השגה מכוח דעם דערוואַרטן אויפטו. דאָס איז די געוויינלעך אַנ־טראָפּאָמאַרפישע דערקלערונג־באשרייבונג פון וועלט־קרעאַציע, קאָסמאָס־דערפינ־דונג. דאָס איז די ערשטע און שטענדיקע דערקלערונג, ווייל זי איז די עלעמענ־טאַרע, פונדאַמענטאַלע דערקלערונג. „די וועלט זאָגט עדות מכוח דעם באַשאַפער, ווי אַ געביידע וועגן איר בויער״. אָט־דער טעזיס איז א פרימיטיוו. אָבער צו דער אייגענער צייט איז ער סאָליד, אומבאַזייטיקבאַר. ווייל וואָס מיר וועלן ניט זאָגן שפּעטער, וועלן מיר פון אָט־דעם זאַץ ניט קענען אַוועקגיין. בשעת מיר וועלן אים אריבערוואַקסן, קלאָמפערשט, וועט ער, באמת וואקסן מיט אונדז. ער וועט בלייבן שטעקן אין אלע אונדזערע אורטיילן מכוח דעם אורשפרונג פון דעם באַשטאַנד. אַלץ וואָס מיר וועלן באַווייזן אויפצוטאָן איז בלויז צו דיסטיליזירן, ראפינירן אָט־דעם פרימיטיוון טעזיס. קאָך אַ פּויער אין עסיק און האָניק בלייבט ער דער זעל־ביקער חם... ווייל דער פּריץ, דער איידלמאַן איז באמת דער זעלביקער חם, בייערט געקאָכט אין עסיק און האָניק, ד. ה. אוועקגעשטעלט אויף אַ העכערן שטאַנד, ארי־בערגעפירט אין אַ העכערער ספער. אין דער באַהויפּטונג, אַז די וועלט איז אַ פּרי־מאַט, א קדמון, וועלכער פאָדערט ניט און קען ניט האָבן קיין אורשפרונג, ווייל ער דאַרף ניט „שפּרינגען״, ער איז די אורשפרינגלעכקייט אליין, ליגט אַ פאַר־באַהאַלטענער שאַפונגס־פּאָסטולאַט.

דער ניט־באַשאַפנקייט שטאַנדפּונקט פון דעם באַשטאַנד האָט געמוזט, לויט זיין סטרוקטור, זיין אַ גאָר פולער פרימיטיוו. דאָס הייסט ער האָט געקענט, אין זיין פולער געזונטקייט, זיך באַהויפּטן בלויז דעמאָלט, ווען קיין באַהויפּטונג האָט זיך בכלל ניט געפאָדערט. דער באַשטאַנד איז גענומען געוואָרן אלס א דאַטום לגבי וועלכן קיינע קשיות פון אויפקום און אומקום ווערן גאָרניט געפרעגט. דער „קאָס־מאָס״ איז גענומען געוואָרן ווי ער שטייט און גייט, אָן א פרעגעניש „וואָס פאַרדעם, וואָס נאָכדעם ?״ „וואָס אויבן, וואָס אונטן ?״ דערשיינונגען זיינען גענומען גע־וואָרן ווי מעשים בכל יום, וועגן וועלכע מע פרעגט גאָר ניט, וועלכע מע אַקצעפּטירט אָן אַ פאַרטראַכט, אָן אַ פאַרדאַכט, ווי עפּעס וואָס קען אַנדערש גאָר ניט געמאָלט זיין. אָבער ווי נאָר דער געדאַנק מכוח פרימאַטיזם קומט אויף ווי אַ נעגאַציע פון דעם באַשאַף־טעזיס, אַלס אַן אָפּפרעג פון אינווענטיוון אויפפיר, ליגט אין איר, אין איר

אָפּוואַרף פון אינוועטיוויטעט, פון וועלט־באַשאַפנקייט, מער אינוועטיווישקייט, מער שעפערישקייט ווי אין פּראָסטן זאַץ מכוח דעם באַשאַף. דער אומבאַשאַף איז אַ צוויפּאַכיקער, ער קען זיין פון צוויי מינים. ער קען זיין אַן אונטער־באַשאַף און אַן אויבער־באַשאַף, אַ סוב־קרעאַציע און אַ סופּער־קרעאַציע־דאָקטרין. דער אמת'ער באַשאַפלאָזער אויפפאַס איז דער וועלכער ליגט אונטערן באַשאַף. דאָס איז אַ באַנעם וועלכער איז אַזוי תמים'דיק אַז אים פאַלט גאָר ניט איין דער רעיון אַז עס דאַרף זיין אַן אורשפּרונג, אַז מע קען פרעגן וועגן אַן אָנפאַנג, אַז אַן אָנפאַנג דאַרף זיין, שיקט זיך ער זאָל זיין און אַז עס איז דאָ וואָס צו וויסן און מע איז מחויב עס צו וויסן און באַגרייפן. גאָר אַנדערש איז דער באַנעם וועלכער רעדט וועגן באַ־שאַפלאָזיקייט. דאָס איז אייגנטלעך אַ באַשאַף־לערע, וועלכע האָט אַריבערגעשטיגען די קרעאַציע־דאָקטרין. דאָס איז אַן אויפפאַסונג, וועלכע איז אַזוי באַשאַפעריש־מעסיק, אַז זי דאַרף צום פּשוט'ן באַשאַף ניט אָנקומען. דאָס הייסט מיר האָבן דאָ, אין תוך גענומען, אַ זעלבסט־באַשאַף־באַנעם, וועלכער אַנטהאַלט אין זיך מער קרעאַציע־עלעמענטן ווי דער פּשוט'ערער באַשאַף־באַנעם.

אַ פּראָסטערביישפּיל וועט וואַרפן ליכט אויף דעם, וואָס איך וויל זאָגן. דער פאַקט וואָס מע האָט ניט געפונען קיין דראָטן אין דער ערד, ווען מע האָט געמאַכט די אויסגראָבונגען אין ארץ ישראל, באַווייזט ניט אַז זיי האָבן געהאַט אַ דראָטלאָזן סיסטעם. ווייל דאָס ניט פאַראַנען־זיין פון דראָטן איז אַ פּרימיטיוו. ער זאָגט אַז זיי האָבן נאָך ניט געהאַט, ניט דערטראַכט זיך צו אַ דראָטנסיסטעם פון קאָמוניקאַציע. די דראָטלאָזע סיסטעם פון קאָמוניקאַציע איז ניט קיין „אַנדראָ־טיקייט", נייערט אַ בייגעקומענע דראָטיקייט, ד. ה. אַ סיסטעם, וועלכע אַנטהאַלט די פּעולה'דיקייט פון די דראָטן אָן די דראָטן. זי אוטיליזירט די דראָטן אין זייער אָפּוועזנהייט, אין זייער אַבסטענציאַ. ניט־באַשאַף איז ניט באַשאַפלאָזיקייט. אין דראָטלאָזיקייט ליגט מער „דראָטישקייט", דראָטן־עפעקטן, די אַבסטראַקציע פון דראָטן אײדער אין דער סאַמע דראָטן־סיסטעם. אין באַשאַפלאָזיקייט ליגט מער שעפערישקייט, מער קרעאַטיוויטעט, מער קרעאַציע־אַנערקענונג ווי אין דער באַ־שאַף־טעאָריע, וועלכע איז אַ פּרימיטיוו לגבי דער זעלבסט־באַשאַף־טעאָריע.

אגב דאָס אייגענע איז חל אויף דער לערע מכוח „גאָטלאָזיקייט", וועלכע פלייסט זיך צו איבערוויינדן די גאָטהייט־לערע. אומגאָטהייט איז אַ גאָר פאַרצייַ־טיקער, כמעט אַנימאַלער פּרימיטיוו. ווייל בלויז בעלי־חיים קענען שטיין אויף אַזאַ נידעריקער שטופע ווי צו זיין אומגעוואויר פון רעליגיאָזיטעט. גאָטלאָזיקייט אַלס עפּעס וואָס וויל אַריבערשטייגן אין באַוואוסטזיין, אין אינטעלעקט־טעטיקייט די גאָטהייט־אידייע אַנטהאַלט אין זיך מער גאָטהייט־אַנערקענונג עלעמענטן (הכּם

זי זאָגט עס ניט, לכאורה) ווי די גאָטהייט אָנערקענונג גענומען אין איר ערשטער פּאָטענץ. גאָטלאָזיקייט, טיפער פאַרשטאַנען, איז א געטלעכקייט אין א העכערער פּאָטענץ. ווייל אין בייקומען די גאָטהייט־אידייע באַהויפּט זיך א „געטלעכע", אַ זעלבסט־באַגלויבערישע באַוואוסטזיניקייט, אַ דעאיפיקאַציע פון אַ זעלבסט־פאַר־שטענדלעכער דרגא.

אום דער לייענער זאָל בעסער פאַרשטיין וואָס איך האָב בדעה צו זאָגן, וואָלט איך אים אָפּשיקן צו מיינע סאָציאלע ווערק *). איך באַהויפּט און באַווייז, אַז אין די פּלייסונגען אָפּצושאַפן קלאַסן ליגט פאַרבהאַלטן, אַקטואַליזירט זיך אַ קלאַסן־שאַפנדיקער פאַרלאַנג. ווייל דער קלאַמפערשטער קלאַסן־אָפּשאַפער איז אַ קלאַסן־שאַפער. אלץ וואָס ער טוט איז דאָס, וואָס ער שאַפט אָפּ אַלטע קלאַסן און שאַפט איין נייע בעסערע קלאַסן, טיפערע דיפערענציאַציעס. דער גאָטלאָזער שאַפט אָפּ דעם אַלטן גאָט, און פירט אריין, ניט באַמערקנדיק, א נייעם גאָט, אַ נייעם פרינציפּ וועלכער דאַרף פאַרנעמען דעם פלאַץ פון דעם אַלטן. כמו כן בנוגע גלייכהייט. ווען גלייכהייט, אָדער דער צושטאַנד וועלכער איז קודם צו דער קלאַסן־צעטיילונג פון דער געזעלשאַפט, האָט עקזיסטירט, האָט מען דאָך דעם דאָזיקן פשוט׳ן איינשטעל ניט געדאַרפט שאַפן. ער איז דאָך געווען פון זיך אליין, אַזוי צו זאָגן. ווען מע פירט אים איין, קען מען אים שוין ניט איינפירן. מחמת דער איינפיר דורך דעם בלויזן אַקט פון איינפיר, פון דער באַוואוסטזיניקער אַקציע, שאַפט די אומגלייכהייט, די קלאַסן־צעשפּאַלטונג. דער איינפירער פון גלייכהייט, דער אָפּשאַפער פון קלאַסן, בשעת דער גראַנדיעזער אונטערנעמונג פון אָפּשאַף קאָנסטיטואירט זיך אין א נייעם קלאַס. גלייכהייט איז א צושטאַנד וועלכער עק־זיסטירט, אָדער עקזיסטירט ניט, איינפירן גלייכהייט דורך אַ קאַמף, דורך אַ רע־וואָלוציע קען מען ניט.

דער פאַרלייקענער פון גאָטהייט לייגט אריין אין זיין פאַרלייקענונג מער גאָטהייט, מער ספּעקולאַטיווקייט, מער געטלעכע אידעאישקייט, מער דיווינעטעט־עלעמענטן, ווי זיי געפינען זיך אין דער פרימיטיווער גאָטהייט־אָנערקענונג. „וואָס זאָל טאָן יענער ווער עס וויל לעבן? ער זאָל זיך טויטן" **. ווי בשעת ער וועט זיך גיין טויטן וועט ער אריינלייגן אין דעם זיין גאַנצע לעבנס־ענערגיע און לעבנס־לוסט. ווייל לעבן מיינט דאָך זיך טויטן כסדר אין יעדער רגע און יעדער שעה, לעבן

*) אבא גאָרדין, סאָציאַלע אבערגלויבעריי און קריטיציזם, 1940.
אבא גאָרדין, קאָמוניזם דעמאַסקירט (אין ענגליש), 1940.

**) תמיד ל"ב, ע"א

מיינט גיין פּאַוואָלינקע צום טויט. וואָס מיינט פּאַר א ליכט ברענען? זיך אויס־לעשן. ד. ה. זיך דערנענטערן צום אויסלעש. ניט זיין אָנגעצונדן אינגאַנצן, ניט אָנהייבן צו ברענען, ניט האָבן קיין באַציאונג צום ברענען, — מיינט בשום אופן ניט דאָס אייגענע ווי זיין אויסגעלאָשן... ווי זיך אויסלעשן.

פון שטאַנדפּונקט פון באַ׳שכל׳ונג, אינטעלעקטואַליזירונג, איז אונדזער קער־פּער אַ גרויסע זעל, און די עקזיסטירנדיקע וועלט פון אָביעקטן איז די גרויסע רייכע וועלט פון אידייען, ד. ה. פון די אידייען, וועלכע זוכן אַ מאַטעריאַליזאַציע, אָבער ניט פון די אידייען, וואָס זייער אידעאַישקייט באַשטייט אין זייער בייקומען די אָביעקטישקייט און דעם חשק צו אָביעקטישקייט.

אידעאַליזם אין זיין געוויינטלעכער געשטאַלט איז בלויז די אָנפּאַנגלעכע, שעמעוודקע זעלבסט־באַשטימונג און זעלבסט־באַהויפּטונג פון דעם גייסט. די אי־דייען אַנטהאַלטן דאָך גאָר ניט מחוץ פון ספּיריטועלע אגענצן, וועלכע שטרעבן צו ווערן, אָבער האָבן נאָך לעת־עתה ניט באַוויזן צו ווערן שטיקער פון מאַטעריאַליטעט.

להפך, יעדער קערנדל פון חומר, יעדער קרושל פון מאַטעריע אַנטהאַלט אַן אומענדלעכע צאָל פון אידעאַליטעטן. מאַטעריע איז אַן אידייע פון א הייכער פּאָטענץ.

דער מקור פון דער וועלט איז די גרויסע אידייע פון מעגלעכקייט אָנגע־ווענדעט אויף דעם ברייטסטן געביט פון אלמעגלעכקייט. די רעאַלע וועלט איז פיל ברייטער, העכער, לענגער און טיפער ווי מיר זיינען געוואוינט זי אויפצונעמען. מיר שאַצן זי תמיד אונטער. מיר שמעלערן אירע שטחים, מיר פאַרענגען אירע גרע־נעצן. און דאָס איז א טעות פון אונדזער זייט. מחמת די וועלט אלס א גאנצע איז, קודם כל, אַ גאַנצטום און צום אלעם ערשטן אַ גרויסע אידייע.

איך וואָלט געמעגט באַצייכענען אָט־די געדאנקען, וועלכע איך ברענג דאָ ארויס, מיטן טערמין פּאַנאידעאַליזם. דער געזינטסטער און האָפּטיקסטער פיזיציזם איז דער מאַטעריאַליזם. און מאַטעריאַליזם פון שטאַנדפּונקט פון אינטעלעקטואַליזם איז מענטאַליזם, אידעאַליזם. ווי שוין דערקלערט אביסל פאַרדעם, ווען מיר וואָלטן געמומען דורכשפּירן צוריק דעם וועג פון דער מאַטעריע צו דער אידייע אין אלע זיינע דעטאַלן, אָנצייגנדיק אַלע סטאַנציעס, גראַדאַציעס און איבערגאַנגען, אָפּרו־פלעצער, פּאַרהאַלט־פּונקטן, שטופן און סטאַדיעס, וואָלט עס אונדז געמומען אַן ענדלאָזע דויערונג פון צייט. מחמת דער דאָזיקער פּראָצעס ליגט נאָך אויף יענער זייט פון צייט און המשך־מעסטונגען. ער הייבט זיך אָן מיטן סאמע כאאָס אליין און גייט אָן אזוי אָן איבערדרייס אין אונטער־און איבער־צייטישקייט. פילאָזאָפיע קירצט דעם וועג. זי ווייסט די קונסט פון קפיצת־הדרך. זי באַנוגנט זיך מיט דער פּאַר־

מולירונג פון די ערשטע פּרינציפּן אליין. זי שטעלט זיך צופרידן מיטן אָנצייג פון די ריכטונגען, פון די ווענד־פונקטן. און די לעצטע באַצייכנט זי מיט סימבאָלן, מיט סימנים, וועלכע פאַרמאָגן אַן אַפּעליר־מיין בלויז פארן שכל.

אזוי ארום באַוועגן מיר זיך אין צוויי קעגנגעזעצטע ריכטונגען. דער גרויסער איך גייט פון דער אידייע צו דער מאַטעריע, ער טראַנסמוטירט כסדר אָן אויפהער אידייען אין קעגנשטאַנדן. דער קליינער איך, דער „זעיר אנפּין", אונדזער פאַרשטאַנד פארנעמט זיך מיט דער טראַנסמוטירונג פון אָביעקטן אין אידייען, בשעת ער אינטעלעקטואליזירט און דערקלערט זיי. אויף דעם קאָסמאָס מאסשטאב גייט עס פון דעם זיך צו דער זאך, בשעת דער דענקער, אין פאָרשן די וועלט, באַמיט זיך ארויסצוקריגן די אידייען פון די רעאליטעטן. אָט־די לכאורה פאַרקערטע ריכטונג איז באמת די אייגענע ריכטונג. ווייל דאָס ארויסקריגן פון די רעאליטעטן ארויס די אידעאַליטעטן ווערט אונטערגענומען מיט דער שעפּערישער כוונה אריבערצוגיין דערנאָך פון די אידעאַליטעטן צו די רעאַליטעטן, זיי דורכצופאָרשן, נאָכצוטאָן דעם גרויסן איך, דעם גרויסן שכל. דאָס איז, באמת, ניט קיין נאָכטואונג. דאָס איז די אייגענע טואונג, דער מעשה בראשית. דאָס מיינט דורכצומאַכן אין קלוגזיניקער מחשבה דעם קרעאציע־פּראָצעס, וועלכן דער איך האָט דורכגעזעצט, אזוי צו זאָגן, בלא־יודעים. דער פילאָזאָפירנדיקער שכל נעמט פאנאנדער די זאכן אויף „שטיקער" זיכן און ברענגט זיי צוריק צו זייער צושטאַנד פון זאכן. דאָס הייסט ער ווידערהאָלט דעם פּראָצעס פון באשאף. און בנוגע אזא אומגעוויינלעכן ענין ווי דער באשאף א „יש מאין", קרעאציע פון ניהיל ארויס, איז גאָר ניט שייך אָנצואווענדן דאָס וואָרט „ווידערהאָלן". מחמת די אידייען קענען דורכגיין אן ענדלאָזע צאָל מאָל אָט דעם פּראָצעס פון טראַנסמוטאַציע. ווייל די צאָל פון זייערע מעגלעכע קאָמבינאַציעס איז אן אומענדלעכע. מיר אידעאַליזירן די רעאליטעטן מיט דעם אויסגעשפּראָכענעם צוועק צו קריגן אַ מעגלעכקייט זיי צוריק צו רעאליזירן, זיי אומצוקערן צו זייער סובסטאַנציאַנעלן צושטאַנד. מיר נעמען ארויס זייערע נשמות מיט דער אבזיכט צוריקצוקערן זיי זייערע נשמות, צוריק אריינבלאָזן זיי אין זייערע קערפּערס... אן איינמאָל אביעקטיוויזירטע אידייע וועט שוין קיינמאָל ניט בלייבן איינע פון די בלאָנדזשענדיקע אידייען, נשמתין דאזלין ערטילאין, וויפיל מיר זאָלן זיך ניט קליגלען. אונדזער „הבה נתחכמה" קעגן דער וועלט קען דאָ גאָר ניט העלפן. פון אומרייפקייט גייט דער באַשטאַנד צו רייפקייט, פון אידייע צו דער מאַטעריע.

מיר לערנען זיך אויף פּאַרטיקע מוסטערן, אויף רעאליטעטן, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אָט־די פּאַרוואנדלונגען. אויף אַ פארקירצטן אופן גייען מיר דורך

מיט זיי זייערע איבערוואַנדלונגען און מעטאַמאָרפאָזן. מיר ווילן זיך אויסלערנען די גרויסע קונסט פון קרעאַציע, סובסטאַנציאַנאַליזאַציע פון אידייען. ווען מיר וועלן אויף אַ באַוואוסטזיניקן שטייגער, דורך אַ דערקענטעניש־פּראָצעס (וועלכער קען שטרענג־לאָגיש־עפּיסטעמאָלאָגיש אַנגעצייכנט ווערן מיט אַלע זיינע סטאַדיעס) זיך דערשלאָגן צו דער פּאַן־אידייע, דעמאָלט וועלן מיר בכוח זיין איבערצושאַפן ביודעים דעם גאַנצן באַשאַף, ארויסבריינגען פון דעם קרעאַטיוון ניהיל א נייעם באַשאַף. אָט־דער דראַנג און אָט־דער פּאַרבאַהאַלטענער פּאַרלאַנג, אָט־די שטאַרקסטע און דערהייבן־ברייטסטע באַשטרעבונג דערמוטיקט די דענקנדיקע מענטשהייט אין אירע צאַל־לאָזע מאָל געמאַכטע פּאַרזוכן אויסצוגעפינען דעם „פּלאַץ״, וואו אָט־די פּאַן־אידייע געפינט זיך (איה מקום כבודו ?) און זיך באַנוצן מיט אירע פּאַן־קרעאַטיווע כוחות. פּילאָזאָפיע האָט אַ צוועק. זי פּאַרפּאָלגט א געוויסן תכלית. איר תכלית איז צו באַשאַפן באַוואוסטזיניק דעם גאַנצן באַשטאַנד און דערנאָך, אויף אַ העכערער מדרגה, אָפּשאַפן דעם געשאַפענעם באַשטאַנד, אים לגמרי בייקומען און איבערקומען. דעמאָלט ערשט וועט ווערן מעגלעך די פּאַרקומונג פון א פּול־שטענדיקער אַנטפּלעקונג פון דעם זיך אין זיך זעלבסט, ביום ההוא יהיה יהוה אחד ושמו אחד. עס וועט זיך ווייזן אמת׳ע התגלות אָן דער פּרעזענטאַציע פון אַ באַשטאַנד. די דערגרייכונג פון אָט־דעם מאַקסימום איז די באַשטרעבונג פון רעליגיע־פּילאָזאָפיע, פון אויטאָ־רעליגיע*. דער נייער מעשה־בראשית איז א ריין סוביעקטיווער באַשאַף, אָן מאַטעריע, אָן „רעאַליזאַציע״, א דורכאויסיקע גייסטיקונג. א זיכיקונג אָן שום זאַכיקונג. א זיך־זעלבסט־באַזיכונג פון גרויסן איך און א זיך־זעלבסט־באַזיכט־זיינונג און אָן קיין אַנדער אויסערלעכער זאַך. ואין עוד — א קריסטאַליזירטער אני י ה ו ה.

---

*) פּ מעלער. ארויס פון גן־עדן, „יידישע שריפטן״ העפט 15 ז. 30—299 אבא גאָרדין, די זעאונג פון נביא ישעיה אין זאמלהעפט „א מענטש איז געשטאָרבן״ ז. צ״ט

# אברהמ׳ס נסיון

פון

## מאיר אסתר׳ס

י״א.

### אין נעץ פון געץ

ס׳האָט פּלוצים איר אין קאָפּ געטאָן אַ בליאסק
זיגזאגישער, העל־בליציקער געדאַנק.
די ראָל פון פּנים שפּילן קען א מאַסק׳.
זי וועט גאַנץ לייכט דערפילן זיין פאַרלאַנג.

איז פאַנטאַזיאָרקע סטאַסעלע היפּש פּראַקטיש,
אַלס יונגעס קינד און אַלטע באָבע — טאַקטיש.
אַן עכטע גרויע באָרד זי וועט אים מאַכן,
ווי מ׳מאַכט די אלע איבעריקע זאַכן.

אברהמל באַלאַנסירט צווישן האָפענונג און צווייפל. אין מאָמענט,
ווי ער נעמט גערן גלויבן באמונה שלמה,
אַז באָרדיקייט, זיין גליענדיק באַשטרעב, קען ווערן ווערק פון אירע הענט,
אַזוי באַפאַלט אים אַ דערשיטערנדיקע אימה.

באותו רגע וואַקסט אויס סטאַסעלע גיגאַנטיש גרויס אין איר סטאַטור,
וואָס הייסט אַן עכטע גרויע באָרד וועט זי אים מאַכן?!
איז זי בכוח צו באַצווינגען אָדער גאָר באַשווינדלען די נאַטור?
וואָס זאָל ער טאָן פון שרעק און פּחד? — נעמט ער לאַכן...

„פון דעם". זי ווייזט אים לאַנגע קאַלטנעוואַטע קאָסמעס פון העל־בלאָנדע לאָקן.
זיי האָבן זיך געוואַלגערט אין אַ ווינקל פון דער בודקע אויפן דיל.
פאַר אים וועט פלעכטן הדרת־פנים׳דיקע באָרד און פאות פון א זקן;
און זיקנה, שיינעם בכבוד׳יקן עלטער, דאָס איז וואָס אברהמל וויל.

פון קוקלעס, וואָס געפינען זיך שוין כמה יאָרן אויפן עולם־האמת,
(ווער ס׳האָט מיט זיי געשפּילט זיך גאָר אמאָל, דאָס איז ניט פעסט־געשטעלט גענוי)
די קאָסמעס זיינען איבערבלייבעניש, פון דער פאַרגאַנגענהייט א רמז.
זאָל אויסשטאַטן דעם אַלטן מאַן דאָס, וואָס באַצירט עס האָט די יונגע פרוי...

די קאָסמעס פּאַסן זיך ביז גאָר
פאַר זייער וויכטיק־וואזשנער ראָל.
זיי וועלן שאַפן עכטן וואָר
און ניט אילוזיעס פּוסט און גאָל.

ער קען זיין אומבאַגלויבטן גליק
ניט אויסדריקן מיט פּראָסטע רייד.
עס פינקלט אַזש זיין שאַרפער בליק,
ער שפּרינגט פון גדולה, טאַנצט פון פרייד.

פילט דאַנקבאַרקייט אין אלע זיינע חושים.
אַ קליינ־קייט! אַן עכטע באָרד וועט קריגן!
זיין סטאסעלען ער האַלדזט, גלייך נעמט זי קושן:
זי ווייס ווי שאַפן אמת פון א ליגן...

ווער קען צו אים אין גליק אַצונד זיך גלייכן:
אַ זיידע איז ער אָקאָרשט ערשט געוואָרן.
זיין פרייד צעגיסט זיך, ווי אין פרילינג טייכן...
און דאָך האָט ער מיט שבועות זיך באַשוואָרן:

ער וועט ניט ווייזן זיך אין דעם געשטאַלט
צו פרעמדע... קלוגשאַפט נאַרישקייט באַפלעקט:

ער וויל ניט מע זאָל זען ,ווי טיף ער פאַלט.
דער שטות־געפיל אים בייסט ווי אַ אינזעקט.

אברהמל ווייסט גאַנץ גוט, זי נאַרט אים אָפּ.
די מעשה־באבע־זיידע — פלוידעריי.
מיט אייניקלעך פאַרדרייט זי אים דעם קאָפּ.
דאָך האָט ער ליב די „פורים־שפּילעריי״.

ער ווייסט ביי זיך, אַז איינגעגאַנגען איז ער מיט דעם שיקסל אויף א פשרה.
אויב נאַריש מאַכן זיך, איז ניט בפרהסיא, לייכטער נאַרן זיך בצינעה.
זיין זיידישקייט אויך איצט האָט עלעמענטן פאַלשע פון „עבודה זרה״.
בלויז דאָ, אין די פיר ווענט פון בודקע, שפּילן וועט זיין ראָל מיט אומשולד־מינע.

אין אייגענעם פאַמיליע־קרייז,
לויט אָפּמאַך, ניט פון בלוט און לייב,
דערלויבן וועט זיך שפּילן „גרייז״
פאַר אייניקלעך, פאַר טאָכטער, ווייב...

ביי אייגענע בלויז וועט ער וואַגן
זיין גרויער זיידע כהלכתו,
מיט אַלע פּיטשעווקעס און תגין,
לכל משפטו וחוקתו...

גאָר אומדערוואַרט! ווי א סורפּריז עס קומט דאָס גרויסע גליק!
זיין סטאַסעלע, מיט קונציק קינסטלעכער אויסקלערעניש,
אריבער תהום פון עלטערס, אויפגעהאנגען האָט אַ בריק,
וואָס האָט געמאַכט אין אים אַ גרויסע איבערקערעניש.

אָן איר ער וואָלט עס בשום אופן ניט געקאָנט דערגרייכן.
ער ליידט יסורים... גליק איז ווערט די אלע יקרות־פּרייזן,
וואָס פאָדערט דער פאַרשטאַנד... באַצאָלן אים ער איז זיך מכין
פאַר אלע זיינע גראָבע טעותן און דינע גרייזן...

אין בודקע נעבן וויגעלע,
אין וואַנט, וואָס פול מיט פליאמעס־פלעקן,
אַ טשוועקל טוט געבויגן שטעקן;
אויף דעם עס הענגט אַ שפיגעלע,

די דינסטמויד פון רעאַליטעט.
אָן איר די קוקלעס, ווי ביי לייטן,
באַגעגנען וואָלטן שווערקייטן
אין מאַכן זייער טואַלעט.

ער טוט דאָס שפיגעלע אַ כאַפּ,
(דעם איד אין זיך דערדריקט, הייסט שווייגן:
עס קען ניט מראית־עין לייגן!) *
אַ קוק! דאָס האַרץ עס גיט א קלאַפּ!

דער קאָפּ אים גיט זיך אַ פּאַרדריי...
(האַרץ, אויג צוויי מעקלערס פון עבירה,
ס'שטייט „לא תתורו" אין דער תורה)
פון מויל עס רייסט זיך אויסגעשריי.

און נאָכאַמאָל ער גיט אַ בליק
אין שפיגל... קען זיך ניט באַהערשן.
ער פליסטערט שטיל: „אַ זיידע כ'וואָלט שוין".
קונסט איבער דער נאַטור האָט זיג:

פון שפיגל קוקט ארויס אַ פנים.
נו, אדרבא, זע, דערקאָן אים.
ער רעדט צו זיך פון גרויס התפעלות:
אַ באָרד מיט אלע זיבן מעלות.

אַ מאַן מיט באָרד, אַן אויסגעשפּרייטער,
מיט טרעפּלעך ווי אין עכטן לייטער,

די באָרד טוט ביזן גאַרטל גרייכן, —
ער ווייסט ניט, רויטלען זיך צי בלייכן...

ער האָט פאַרווירקלעכט אײנעם פון די ווייטסטע עכסט־באַצויבערטסטע חלומות.
עס ווארפן אָן אויף אים א פּחד־פּחדים אָט־די אָפּגרונטלאָזע תהומות,
וואָס לוקן אין די עכו״ם׳דיקע שקרים־ליגנס און כמו־קאָמאָפּלאַזשן,
אין די פאַרפירערישע פאַרבן־בילדער, פלאַסטיש־כישוף׳שע אימאַזשן...

ווער קען באַפרייען זיך אינגאַנצן פון די געצנדינערייען?!
ס׳ליגט געצנדינסט אין וואָרט בעת ער באַקליידט־באַשוכט אַבסטראַקטן הוילן רעיון.
ער קוקט אויף סטאַטועלען, ווי אויף אַ צויבערין און, אפשר, גאָר א געטין:
פון זעמל־מעל פון טרוים אין דייזשע וואָר אַ זויער־טויג זי קען פאַרקנעטן!

באַשאַפן האָט א גאנצן יש, ממשות פון א גאָרנישט מיט אַ נישט.
די דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן ווירקלעכקייט און אויסדוכט אָפּגעווישט,
געטומען האָט א קליינעם יינגעלע, געמאַכט פון אים אן אלטן מאַן.
איר רום וואָלט ער צעפּויקן איבער גאָרער וועלט, ווען האָט א באַראַבאַן.

דערשפּירט צום ערשטן מאָל דעם אומגעהויער גרויסן כוח פון א בילד,
וואָס אויג קען זען און האַנט באַטאַפּן... פון אַנטציקונג איז באַרוישט, ווי ווילד.
איצט מיטן זיידן, ר׳ ישראל, אויף איין ברעטל שטעלן קען ער זיך.
אַלץ וואָס אים פעלט — און דאָס איז, אגב, לאַוו־דווקא — איז זיידנס ברייטער פליך.

אָ, ברודערקע, דאָס איז שוין מער קיין דודקע, קינדיש שוטקע!
הנאה אָן א שיעור ער האָט פון זיצן אין דער בודקע
פאַר שעהן לאַנג, שוין אויף אַן־אמת׳ן, ניט אויף צו פּלייסן,
די אייניקלעך, ווען זיך פאַרזינדיקן, לייכט אָפּצושמייסן.

מיט סטאַטועלען צוזאַמען
די צימערן טוט ראַמען.
די אייניקלעך פרום צו דערציען,
אברהמעלע טוט זיך באַמיען.

ער גיט זיי ריכטיקע הדרכה:
ער לערנט זיי צו מאַכן ברכה,
וואָס איז די שפּייז פאַר דער נשמה,
אויף בולבע „בורא פּרי אדמה“.

אויף ברויט ער מאַכט מיט זיי „המוציא“;
אניט איז מען פאַר גאָט ניט יוצא.
און סטאַסע, פּינקטלעך ווי א זייגער,
זאָגט פּאַטשערעס, קאַטוילליש שטייגער.

נאָך א וויכוח ניט קיין הייסן, ניט קיין לאַנגן,
אויף אַ קאָמפּראָמיס איז מען איינגעגאנגען:
זיי ביידע וועלן גלויבנס־זריעה זייען.
אמונה שלמה שטאַרקער איז אינצווייען.

עס איבערקרייצן זיך די ריטואלן,
אין גלייכע ליניעס און דיאַגאָנאַלן.
עס לעבן בשלום צוויי רעליגיאָנען,
ווי צוויי דיסציפּלינירטע לעגיאָנען.

דער צוויי־אמונה׳שער עקספּערימענט האָט זיך כמעט ווי אײַנגעגעבן,
די אייניקלעך — בלויז מוידן, לכן דארפן ניט קיין מוהל, ניט קיין רבי׳ן.
און די כאַוואַניצעס הן אידישקייט, הן גוישקייט צוגלייך זיי ליבן.
זי האָט אים צוגעזאָגט א אינגל אָבער ביי דעם צוזאָג איז פאַרבליבן. — — —

מיראָנס אומפּעלערהאַפּטער חוש פאר שטילן גאַנג פון צייט!
צו מיטאָג־שעה ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.
זיך אויסציען געוומען, אַרקט דעם רוקן, פאר א בייט
מיט לאַפּע זיך געקראַצט, געטאַפּט, געקלאַפּט.

ער טרייסלט אָפּ אזוי פאַרשלאָפנקייט מיט מיטל גראָבן,
און, אגב, אויך די בליטן און די בלעטער,

וואָס בוימלעך לאַבוסעס אויף אים אַראָפּגעוואָרפן האָבן
בעת אַיינדרימלען און נאָך אַביסל שפּעטער.

אַצונד האָט הונט אַרויסגעלאָזט אַ טיפּן ברום.
אברהמל הערנדיק זיין רוף,
באַנעמט דעם זאָג: „ס'איז צייט צו גיין אהיים, נו, קום!"
און ווי פון חלום וואַכט ער אויף.

אַ צופ געטאָן די באָרד, אַראָפּגענומען,
אַ הילכיק קוש זיין סטאַסעלען געגעבן.
פון בודקע־„פּאַלאַץ" שנעל אַרויסגעקומען.
אַ שפּרונג, ער רייט שוין — איך זאָל אזוי לעבן!

און זיצנדיק בהרחבה אויפן רוקן פון זיין גראַציעזן פערד,
גאָר מעשה רייטער־ריטער, הן אין נוסח הן אין סטיל,
ווי א געאיבטער קאַוואַליער ציט הוט, פאַרנויגט זיך שיער ניט ביזקל ערד.
ער זעגנט זיך מיט זיין געטרייער חבר'טע אין שפּיל.

און סטאַסל ביזן טויער אים באַגלייט,
מחוץ דער בודקע זי — קיין באָבע, ער — קיין זיידע.
און דאָ מיט איס זיך העפלעך־פריינטלעך שיידט,
ווי מיידל מיט אַ אינגל, ניט פאַרליבטע ביידע...

אברהמל מיטן ענטל גיט אַ מאַך.
לויט נאָך קאָנווענציאָנעלע זיטן.
„אויף ווידערזען!" דער זשעסט זאָגט איר אָן שפּראַך.
אין איילעניש אַוועקגעריטן.

זי מיט די אויגן פאָלגט אים נאָך ביז ער'ז פאַרשוואונדן
אַהינטער ווענדונג פון דעם שטעגעלע האַלב־רונדן,
וואָס איז מיט בוימעלעך באַוואָקסן פון די זייטן.
זי זעט ניט מער, ניט פערד, ניט רייטער פונדערווייטן.

אָן חשק, ווי געצוואונגען, קערט זיך אום.
זי גייט אַריין אין „פּאַלאַץ״, קוקט אַרום —
אַ תּל! אַלץ חרוב־מוחרב, וויסט און לער.
אַ פּוסטקע, וואו זי גיט זיך נאָר אַ קער.

פּאַטאַמאָרגאַנאַ! ווי אויף שטויב צעבלאָזן,
אַ היכל וואָס זיין פריסטער האָט פאַרלאָזן.
אַוועק דער כּישוף מיט די וואונדער־חנ׳ען.
האָט סטאַסע ביטערלעך גענומען וויינען.

דער שיינער בנין קראַכט פון דאַך ביז גרונט.
דער חלל פון דער בודקע, ווי א וואונד...
אַן רייץ, אָן אילוזאָרישן קאָליר.
אַ ווירקלעכקייט הויל־נאַקעט אָן באַציר.

געוועב־געמעל, וואָס מיט דער צויבער־שיין,
האָט אויסגעדוכט אַ מייסטער־ווערק צו זיין,
אילומינירט, באַהעלט פון זיין פּערזאָן,
איז איצט, ווען שכינה האָט זיך אָפּגעטאָן,

געוואָרן בלויז אַ שטיקל לייווענטענע שמאַטע,
אַרויפגעליאַפּעטע געשמאַקלאָז פאַרבן־לאַטע,
צעשמירט, פאַרגאָסן פון א שפּע פלעקן...
פון צעפּטער ווערט אַ פּראָסטער פאַסטעך־שטעקן.

אַ בליק געוואָרפן אויף דער קוקלעס־רייע,
אין וואַקס ט׳פאַרוואַנדלט זיי די שלעכטע פייע.
אפילו ניט קיין מתים, ניט קיין פּגרים.
עס פרעסט זיי ניט, עס טאָטשעט ניט קיין וואָרים,

איר טאָכטער, וואָס׳ט זיך אזוי אימפּאָזאַנט
צעלייגט אויף דעם דיוואַן ביים סאמע ראַנד,

געוועזן איז בלויז וואַקס,
דערצו אַביסל פלאַקס...

מ׳האָט זי געקויפט אין קראָם, אין שטעטל,
און דער דיוואַן — אַ פּראָסטע ברעטל...
דער צימער איז קיין שלאָפצימער קיין עכטער.
עס איז אַ שפּאַס, אַ ביטערער געלעכטער!

אין יאוש לאָזט אראָפּ דאָס קעפּל...
עס שמעקט דאָ מיט פאַרפוילטע עפּל.
און אויפן דיל ראַגאָזשעס, אָפּגעבליאַקעוועטע מאַטן:
דעם רייכן „שלאָס" אויב ניט פאַרדאַמען, זיכער אים פאַרראַטן.

אין דאַך די לעכער קוקן בייז,
ווי דערנער ברוגז׳ע אָן רויז.
אַ בודקע! דאָס איז אַלץ און גאָר!
אַ פּנים האָט פון אַ שוואַרץ יאָר!

צונויפגעקלאַפּט פון גראָבע אומגעהובלעוועטע ברעטער,
פאַרפינצטערטע און אָנגעדראָלענע פון שלעכטן וועטער.
דאָס פענצטערל אַ נאַקעטס, אָן פאַרהאַנגען, די טיר איז אָן פאַרטיערן.
אריינקאַפּן דעם רעגן דורך דעם לעכערדיקן דעכל וועט׳ס פאַרוועדן!

דער פּאַלאַץ נעלם איז געוואָרן און צעשוואומען צויבער־שפּרוך.
אַשטייגער ווי אברהמל האָט אים מיטגענומען מיט זיין דוך,
בשעת ער האָט פאַרלאָזן זי אין בויזער שעה.
און זי, די שטאָלצע באָבע? זי איז אויך ניטאָ.

פאַרוואָרלאָזט איז דאָס קינד געבליבן,
אויך זי וועט ווערן באַלד פאַרטריבן.
איר גדולה, רייכטום, אייגענע, פון איר אליין דערצויגענע, משפחה,
דעם לעבנס רעש און טומל, צער און פריידן, שלום־בית, מזל־ברכה,

פון אַלעם דעם אַ וויסטער חורבן, וואָס פאַרמאָגט אפילו קיין רואינען,
כדומה, למשל, ווי א מענטש וואָס איז פון העלער הויט אַראָפּ פון זינען.
פון גרויען מדבר, זאַמדיק ניכטערקייט, געקומען זיינען די וואַנדאַלן
אריינגע׳גנב׳ט זיך אויף שטיל אָן פויקעניש, טרומייטערניש, אָן שאַלן.

זיי האָבן אירע הייכע לופט־שלעסער אין שטויב צעטראָטן,
די איינוואוינער — אַ טייל פאַריאָגט, אַ טייל גלייך אויסגעראָטן.
דער׳הרג׳ט שולדיקן, אומשולדיקן צוזאַמען מיט דאָס רעכט און ריכטער.
אין לאַנד אַרום געבליבן זיינען חשכ׳דיק־פאַרזעעניש געזיכטער...

די טרערן אָפּגעווישט מיט טראָץ, זי לויפט צוריק צום טויער.
אַ קלאַנג, אַ שאָרך צו כאַפּן שטרענגט זי אָן איר וואַכזאַם אויער.
עס רופט און שרייט אין איר דאָס האַרץ, עס בעט זיך תחנונים:
דער מכשף קומען זאָל צוריק! — וואוהין איז ער אַנטרונען? —

און ברענגען מיט זיך רעגנבויגנדיקע בונטע פיקציעס,
אין אַלע פאַרבן־שפּראַכן, טענער־דיאַלעקטן, דיקציעס,
דעם לייוונט און פּאַליטרע...
(דערמאָנט עס, לסוף, גאַנץ כיטרע!)

דערעיקרשט טאַקע זשע דער מאָלער
צוריק צו איר גלייך קומען זאָל ער,
און מאַכן שפּרודלען די קאָלירן־קוואַלן
מיט אימפּעט און קוראַזש פון וואסער־פאַלן...

עס הערט זי קיינער, זעט זי קיינער, טאָ פאַר וועם זיך שעמען!
זי רופט דעם ליבן כלב־פערד מיט אַלע צאַרטע נעמען.
זי גלעט אים, האַלדזט אים, קושט אים אין געדאַנקען.
זי זאָגט אים צו באַלוין, ניט פּוסטע דאַנקען...

זי בעט אים אומקערן איר גליק,
אברהמלען ברענגען גלייך צוריק.

זי וואָלט אים אָנגעיאָגט, ווען זי וואָלט פלינק זיין, ווי אַ האָז.
זי איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן גרינעם גראָז.

פון אירע אויגן קאַפּן טרערן,
געמיט ניט לייכטערן — באַשווערן.
געשליפֿענע ברילִיאַנטעלעך, צעפינקלטע אין ברעגן פון זונענשטראַלן,
זיך קייקלען לאַנגזאַם איבער אירע ראָזע בעקלעך, אויפן שירץ אויך פאַלן.

זיי בעטן זיך, זיי מאָנען: „גאָט, אונדז שענק אילוזיע!" איז די טרערן־תּפילה,
ניט־שווין־זשע האָלט עס אין באַשאַף נאָך מוסף אָדער, שפּעטער־צו, נאָך „נעילה".
ווער האָט דעם אָפּדוכט, ווירקלעכקייט באַשאַפנדיקע איינבילדונג, פאַרטריבן?
פאַרוואָס אַלמעכטיק מאַגיק איז מיט מענטשנקינד אויף תמיד ניט פאַרבליבן?

אומזיסט איז סטאַסעס וויינען, מאָנען, בעטן,
די לופט דערטראָגט ניט אירע עשטאַפעטן
ניט צו די הימלען, צו די טויבע געטער,
ניט צום בעל־חי, דעם געטלעכן פאַרטרעטער.

בינתיים הונט פאַרפאָרן איז היפּש ווייט.
אברהמעלע האָט האָלט אַ שנעלן רייט.
מיראָן מיט שמחה דיגט זיין יונגן האַר, אים טראָגט גאַנץ פלינק און שנעל פאָרויס.
הונט ווייסט, אַז ביינער און אַ פולע שיסל זופּעכץ וואַרט אויף אים לעם הויז...





# רעליגיע און דעמאָקראַטיע

פון

## י. באבינסקי

I

זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די אמונה אין די גרונט־אידעען פון דעמאָקראַטיע שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אפילו ביי די פּראָגרעסיווע עלעמענטן פון דער געזעלשאַפט. פאַר א גרויסן טייל פון ארבעטער קלאַס אַזוי ווי פאַר אַ באַדייטנדיקן טייל פון דער אינטעליגענץ אין קאַפּיטאַליסטישע ספערן, איז קלאָר געוואָרן דער געדאַנק, אַז די פּאָליטישע פרייהייט וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן אין די פאַרגאַנגענע צוויי הונדערט יאָר, האָט ניט מיטגעבראַכט מיט זיך דעם גראַד פון סאָציאַלן יושר, וואָס מען האָט פון איר דערוואַרט. די וואָס ליידן פון אַרבעטס־לאָזיקייט אָדער ברוטאַלער געשעפטלעכער קאָנקורענץ, וועלכע זיינען א שטענדיקע דערשיינונג אין דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג קאָנען זיך ניט צופרידנשטעלן בלויז מיט פּאָליטישער פרייהייט. אַ דאַנק אָט־דער אַנטוישונג האָבן זיך געשטאַרקט די אַנטי־דעמאָקראַטישע טענדענצן, אַלטע אָפּגעלעבטע טעאָריעס בנוגע אַבסאָ־לוטיסטישע רעגירונגס פאָרמען האָבן צוריק אויפגעלעבט אין נייע געשטאַלטונגען. די וואָס זיינען מטבע קאָנסערוואַטיוו געניגט אין זייער דענקען האָבן געהאָלפן בויען די שוואַרצע טאָטאַליטאַרישע רעגירונגען פון פאַשיסטיש־נאַציסטישן שניט. און אַ באַדייטענדיקער טייל פון ליבעראַל געשטימטע עלעמענטן האָבן זיך, אַמווייניקסטן צייטווייליק, אָפּגעזאָגט פון דעם דעמאָקראַטישן לעבנס שטייגער און שלום געמאַכט מיט דיקטאַטאָרישע רעגירונגס־פאָרמען פון סאָציאַליסטיש־קאָמוניסטישן פאַסאָן. אין דער איצטיקער צייט, בעת די כחות וואָס פאַרטיידיקן דעמאָקראַטיע שטייען אין קאַמף פאַר לעבן אָדער טויט מיט די פינצטערע כוחות, וואָס פאַרטיידיקן דעם טאָטאַליטאַריזם, איז עס זייער וויכטיק זיך צו פאַרטראַכטן וועגן דעם באַדייט פון די גרונט־אידעען, אויף וואָס דער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט־באַנעם איז געבויט.

היות ווי דער אופן ווי אזוי מען פאַסט אויף וועלכע עס איז געזעלשאַפטלעכע דערשיינונג בפרט, איז ענג פאַרבונדן מיטן אופן ווי אזוי מען באַגרייפט דעם ענין

געזעלשאַפט בכלל, וועלן מיר דעריבער צוערשט קלאָר מאַכן אונדזער שטאַנדפּונקט בנוגע דער אנטשטייאונג פון מענטשלעכן געזעלשאַפטלעכן צוזאמענלעבן. וועגן דעם איז פאַראַן א היפּאָטעזע, וואָס שטאַמט נאָך פון דער גריכישער פילאָזאָפיע, וועלכע איז באַוואוסט אַלס די „טעאָריע פון געזעלשאַפטלעכן קאָנטראַקט״. לויט דער דאָזיקער טעאָריע איז דער מענטש לכתחילה געווען אַן אַמאָראַליש וועזן וואָס האָט געלעבט ביחידות, ד. ה. ער האָט ניט געהאַט קיין שום אנונג וועגן מאָראַלישע באַגריפן און האָט ניט געהאַט קיין שום געזעלשאַפטלעכע פאַרבינדונגען מיט אַנדערע מענטשן. אין דעם פּראָצעס פון דערווערבן פאַר זיך זיינע מאַטעריעלע גיטער אום צו באַפרידיקן זיינע באַדערפעניש האָט ער, ווי אַלע אַנדערע חיות, זיך באַנוצט מיט פיזישער קראַפט און האָט דערביי ניט געהאַט וועלכע עס איז פאַראַנטווארטלעכקייט, וואָס מען טאָר ניט טאָן אָדער, להפך, מען איז גאָר מחויב צו טאָן. אין אזא צושטאַנד איז עס אָבער פארן מענטשן געווען זייער שווער אויפצוהאַלטן זיין עקזיסטענץ, מחמת ער האָט כסדר געדאַרפט קעמפן ניט נאָר מיט דער ארומיקער גרויזאַמער נאַטור, נאָר אויך מיט אַנדערע מענטשן, וועלכע האָבן איינער דעם אַנדערן געזוכט צו פאַרניכטן. אַזוי ארום האָט זיך דער מענטש ביסלעכווייז דערטראַכט צום געדאַנק, אַז עס לוינט זיך בעסער צו לעבן צוזאַמען אין חבר׳שאַפט און פרידן מיט אַנדערע מענטשן, איידער כסדר זיך ארומרייסן. און א דאַנק דעם האָבן זיך די ניט־געזעלשאַפטלעכע מענטשן צוזאמענגערעדט און עס זיינען דורך אַן אָפּמאַך אָדער קאָנטראַקט געשאַפן געוואָרן די ערשטע פאָרמען פון מענטשלעכן צוזאמענלעבן.

אין דער דאָזיקער פאַנטאַסטישער טעאָריע מכוח אַן אומגעזעלשאַפטלעכן אמאָראַלישן מענטשלעכן צושטאַנד נייטיקן זיך בלויז די יעניקע, וואָס לייקענען אין דער ווירקונג פון אַן אָביעקטיוון מאָראַלישן פּרינציפּ אין מענטשן אָדער אין דער וועלט. ווען זיי פרעגן זיך פון וואַנעט נעמט זיך דעם מענטשנס רעליגיעזע, עטישע און עסטעטישע באַגריפן האָבן זיי ניט קיין אַנדער ברירה ווי צו פּרובירן דערקלערן די דאָזיקע מערקווירדיקע גייסטיקע דערשיינונגען אַלס אַן ארויסוויקלונג, אָדער אַ פּראָדוקט, פון א ניט־גייסטיקן מקור. כידוע פּרובירן דאָס טאַקע טאָן די דענקער פון הומאַניסטיש־מאַטעריאַליסטישן חדר. לויט זייער באַנעם איז די אַנטשטייאונג פון מענטשלעכע באַגריפן וועגן גייסטיקע ווערטן א פּועל יוצא פון מענטשנס מאַטעריעלע באַדערפענישן און זיין פאַרלאַנג פאַר מאַטעריעלער באַקוועמליכקייט [1]. די דאָזיקע קאָנטראַקט טעאָריע פּאַסט זיך אויסגעצייכנט אריין

---

1) זע אונדזער עסיי „התגלות״ אין די י. ש. באנד 4, העפט 2־1, זז. 54־47.

אין זייער געדאַנקן־גאַנג און דעריבער באַנוצן זיי זיך מיט איר זייער אָפט. לשיטתם זיינען די ערשטע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, צוזאַמען מיט די געזעצן, וועלכע רעגולירן די שייכות׳ן צווישן דעם יחיד מיט דער גרופּע, געגרינדעט געוואָרן בעת מענטשן האָבן איינגעזען, אַז כדי לייכטער און פולער צו באַפרידיקן זייערע מאַטעריעלע באַדערפעענישן איז בעסער כדאי צו שליסן אַן אָפּמאַך מיט אַנדערע מענטשן. אויבנאויף געקוקט, דאַכט זיך, אַז אויף דעם אופן לאָזט זיך דערקלערן דעם אויפקום פון געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אויף ריין מאַטעריאַליסטישע יסודות. טראַכט מען זיך אָבער אַריין טיפער אין דעם ענין ווערט עס גלייך קלאָר, אַז די זאַך איז גאָרניט אַזוי פשוט.

יעדע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג, אפילו די פרימיטיווסטע מוז האָבן תקנות וואָס רעגולירן דעם געזעלשאַפטלעכן לעבנס־שטייגער. זי מוז זיך באַזירן אויף וועלכע עס איז פונפאַרדעם עקזיסטירנדיקע סאָציאַל־עטישע באַגריפן וועגן רעכט און פליכט פון יחידים צו קאָאָפּערירן איינער מיטן צווייטן אויפן גרונט פון צוטרוי, מיטלייד און פאַרלאַנג צו העלפן זיך קעגנזייטיק. אָן דעם איז בכלל ניט מעגלעך צו טראַכטן וועגן אַ געזעלשאַפט. פרעגט זיך, ווי קומען אַזעלכע באַגריפן צו א באַשעפעניש וואָס איז בטבע אמאָראַליש און וואָס ווייס לחלוטין גאָרניט וועגן דעם אַלעם. אַזעלכע אַמאָראַלישע באַשעפענישן קאָנען פונקציאָנירן אַלס אַ געזעלשאַפט בלויז אינסטינקטיוו, ד. ה. אומבאוואוסטערהייט, על פי הכרח, ווי דהיינו בינען, מוראַשקעס וכדומה. עס איז אָבער בשום אופן ניט מעגלעך פאַר אַזעלכע ברואים צו שאַפן אַ פּלאַנירטע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג לויט אַן אָפּמאַך. פאַר דעם פאָדערן זיך אַלס פאָרבאַדינג באַגריפן וועגן רעכט, יושר, צוטרוי אא״זוו, וואָס אַמאָראַלישע באַשעפענישן פאַרמאָגן ניט.

לכן, מוזן מיר זיך אָפּזאָגן פון דער „קאָנטראַקט טעאָריע״. אויב עס האָבן זיך געפאָדערט סאָציאַל־עטישע אייגנשאַפטן כדי צו שאַפן א געזעלשאַפט, דאַרף מען בכלל צו דער דאָזיקער טעאָריע ניט אָנקומען. עס איז שוין א סך גלייכער און פאַרשטענדלעכער אָנצונעמען די סברה פון די מאָדערנע דענקער, וואָס האַלטן, אַז אַן אומגעזעלשאַפטלעכער מצב פון מענטשלעכער עקזיסטענץ איז ניט מער ווי אַ פיקציע. עס זיינען לחלוטין ניט פאַראַן קיין שום היסטאָרישע באַווייזן, אַז אַזאַ מין אָפּמאַך איז ווען עס איז געשלאָסן געוואָרן און עס זיינען ניטאָ קיין באַצווינגענדיקע טעאָרעטישע טעמים פאַר וואָס מען זאָל זיך אַריינלאָזן אין אַזעלכע פיקטיווע פאַנ־טאַזיעס. עס לייגט זיך בעסער אויפן שכל די היפּאָטעזע, אַז דער מענטש איז בטבע א געזעלשאַפטלעכעס וועזן, ד.ה. אַז כל זמן עס זיינען געווען מענטשן אויף דער וועלט האָבן זיי געלעבט צוזאַמען אין גרעסערע אָדער קלענערע גרופּירונגען. עס

איז בכלל שווער זיך פאָרצושטעלן אַן אַמאָראַלישן מענטשן. אַ וועזן וואָס האָט ניט קיין אנונג וועגן מאָראַל און רעכט ד. ה. וועגן גוטס און שלעכטס איז אַ חיה און ניט קיין מענטש, און אַזאַ וועזן ביי וועמען סאָציאַל־עטישע באַגריפן זיינען אַן עסענציאַלער טייל פון זיין נאַטור קען זיך אויסלעבן נאָר אין חבר׳שאַפט מיט נאָך מענטשן. בלויז אין געזעלשאַפטלעכן פאַרקער מיט אנדערע מענטשן, וועמען ער קאָן ליב האָבן אָדער האָסן, באַהאַנדלען יושר׳דיק אָדער, פאַרקערט, איז עס מעגלעך פארן מענטשן צו רעאַליזירן און אַנטוויקלען זיינע סאָציאַל־עטישע השגות.

II

אויבאויף גענומען איז דעמאָקראַטיע איינע פון די פאַרשידענע רעגירונגס פאָרמען, וואָס קאָנטראָלירן דעם געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן און וועלכע די מענטשהייט האָט אויסגעפּרובירט אין פאַרלויף פון איר געשיכטע. אָבער מע דאַרף באַגרייפן, אַז יעדע רעגירונגס פאָרם האָט אונטער זיך אַ געדאַנקלעכע באַזע, ד. ה. אַ געוויסן וועלט באַנעם אָדער אַ סומע פּרינציפּן, וועלכע האָבן ארויסגערופן די אָדער יענע רעגירונגס פאָרם אין פּראַקטישן לעבן. לכן קאָן דער ענין דעמאָקראַטיע באַהאַנדלט ווערן ווי פון אַ ריין פּראַקטישן אָרגאַניזאַציאָנעלן שטאַנדפּונקט אַזוי אויך פון אַ טעאָרעטישן. אין דעם איצטיקן עסיי אינטערעסירן אונדז דער עיקר די געדאַנקלעכע גרונטלאַגן אויף וואָס דעמאָקראַטיע אַלס אַ רעגירונגס פאָרם איז באַזירט.

די גרעסטע דענקער פון אַלע צייטן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט די זייער קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען פון סאָציאַלן לעבן. די הויפּט־שוועריקייט אין רעגולירן געזעלשאַפטלעכע אנגעלעגנהייטן באַשטייט אָט אין דעם — ווי אַזוי צו האַרמאָני־זירן די אייגנאַרטיקע באַדערפענישן און אַספּיראַציעס פון יחיד, וועלכע געפינען זיך זייער אָפט אין קעגנזאַץ צו די באַדערפענישן און אַספּיראַציעס פון כלל. דער מקור פון דער שוועריקייט געפינט זיך אין דעם מענטשן גופא, ד. ה. אין זיין מהות אַלס גייסטיקעס וועזן. פון איין זייט קאָן דער מענטש ניט אויסקומען אָן געזעל־שאַפטלעכן קאָנטאַקט מיט אַנדערע מענטשן. ער קאָן אַמבעסטן באַפרידיקן זיינע גשמיות׳דיקע באַדערפענישן אין בשותפות׳דיקער אַרבעט און איז ניט בכוח זיך אויסצולעבן גייסטיק אַלס אַן עטישעס וועזן אָן קעגנזייטיקע באַציאונגען מיט אַנדערע ברואים פון זיין מין. דאָס זיינען די אייגנשאַפטן פון דער מענטשלעכער נאַטור וואָס פירן צו קאָאָפּעראַציע. פון דער אַנדער זייט, אָבער, איז דער מענטש אַן אינדיווידו, אַ באַזונדער וועלטעלע פאַר זיך אַליין; וועמענס אינטערעסן און פאַר־לאַנגען זיינען גאַנץ אָפט אַנדערש און אָפטמאָל דער היפוך פון די אינטערעסן און

פאַרלאַנגען פון די איבעריקע מענטשן אין דער גרופּע, פון וועלכער ער איז אַ באַשטאַנדטייל, דאס איז די טענדענץ אין דער מענטשלעכער נאַטור וואָס פירט צו סעפּעראַציע. די דאָזיקע אַנטקעגנגעזעצטע נויגונגען זיינען גורם צו כלערליי קאָנ־פליקטן און רייבענישן, וועלכע שטערן דעם געזעלשאַפטלעכן שלום, וועלכע רע־גירונגס פאָרם, אוטאָקראַטיע, אריסטאָקראַטיע אָדער דעמאָקראַטיע איז אמבעסטן באַרופן אויסצומיידן קאָנפליקטן און אויף ווי ווייט מעגלעך צו קאָאָרדינירן די היפּוכימדיקע נייגונגען אין דער מענטשלעכער נאַטור, אין דעם זיינען די געלערנטע מחולק. מיר גייען אַרויס פון דער הנחה, אַז די דעמאָקראַטישע רעגירונגס פאָרם, הגם נאָך ווייט ניט פּערפעקט, איז דאָך דאָס העכסטע און דאָס בעסטע, צו וואס דער מענטשלעכער געדאנק האָט זיך ביז איצט געקענט דערטראכטן אויפן פּאָליטישן געביט.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט ארייַנלאָזן אין אַ דיסקוסיע בנוגע די מעלות און חסרונות פון די פאַרשידענע רעגירונגס פאָרמען, ווייל, ערשטנס וואָלט עס אונדז פאַרפירן צו ווייט פון אונדזער טעמע. צווייטנס, איז אַזאַ דיסקוסיע איבעריק, אין דער איצטיקער צייט, ווען עס איז פאַר אלעמען קלאָר צו וואָס פאַר אַ באַרבאַרישן מצב טאָטאַליטאַריסטישע רעגירונגס פאָרמען האָבן דענידעריקט די מענטשן, וועלכע געפינען זיך אונטער זייער השפעה, נויטיקט זיך ניט דעמאָקראַטיע אין קיין אַפּאָלאָגעטיק. מיר וועלן בלויז אָנווייזן די גרונט געדאנקען אויף וואָס אונדזער הנחה איז באַזירט, נעמליך; די ניט שטאַנדהאַפטיקייט פון מענטשלעכן כאַראַקטער און די באַגרעניצטקייט פון מענטשלעכן וויסן און פאַרשטאַנד. להיפּוך צו אַלע טאָטאַליטאַרע אַבסאָלוטיסטישע טעאָריעס האַלט דעמאָקראַטיזם, אַז קיין איין איינציקן מענטשן אָדער וועלכער עס איז ענגער גרופּע פון מענטשן, אפילו די בעסטע,טאָר מען ניט אָנטרויען מיט אַבסאָלוטער מאַכט צו געוועלטיקן איבער אַנדערע מענטשן, ווייל אומבאַגרעניצטע מאַכט איז עלול צו קאָרופּטירן אפילו דעם בעסטן מענטשן. אין זיין „רעפּובליק" שטעלט זיך פּלאַטאָ איין פארן געדאַנק, אַז מען זאָל איבער־געבן דעם גאַנצן רעגירונגס אַפּאַראַט צו די פילאָזאָפן, וועלכע וויסן די פּרינציפּן פון אמת, יושר און גוטסקייט. ער האַלט אַז זיי זיינען די אידעאַלע מושלים. אום דאָס צו באַווייזן וועגדט ער אַן זיינע שאַרפזיניקע פילאָזאָפישע ספּעקולאַציעס. אָבער סוף כל סוף איז דאָס בלויז אַן אוטאָפּיע פון אַ געניאַלן פילאָזאָף. אין דערווירקלעכקייט זיינען ביז איצט ניט געווען אַזעלכע פילאָזאָפן, וועלכע זאָלן באַ־זיצן אבסאָלוטן וויסן וועגן די פּרינציפּן פון אמת, יושר און גוטסקייט. און עס איז נאָך אַ שאלה צי אפילו אַזעלכע פילאָזאָפן וואָלטן קענען ביישטיין דעם נסיון פון אומבאַגרעניצטער מאַכט און ניט ווערן קאָרופּטירט. חוץ דעם בלייבט נאָך די

פראַגע ניט פאַרענטפערט, ווי אַזוי, און ווער וועלן דאָס זיין די יעניקע וואָס וועלן באַשטימען ווער די אמתע פילאָזאָפן זיינען.

עס וואָלט, מסתמא, געווען א סך בעסער ווען מען וואָלט אין געזעלשאַפט־לעכע ענינים געקאָנט איינגאַנצן אויסקומען אָן מושלים. די מעגלעכקייט פון אַזאַ אידעאַלן צושטאַנד קאָן מען זיך פאָרשטעלן בלויז ביי אַזאַ געזעלשאַפטלעכן מצב, ווען עס וועלן מער ניט זיין קיין פאַרברעכער. דעמאָלט וועט מען זיך ניט דאַרפן באַנוצן מיט קיין געוואַלט־מיטלען אום צו באַשיצן דעם סאָציאַלן איינשטעל. אָבער פון אזא הויכער באחרית־הימים׳דיקער מאָראַלישער מדרגה איז דער מענטש נאָך גאַנץ ווייט. און היות ווי מען מוז זיך נאָך אַלץ באַנוצן מיט געוואַלט־מיטלען און מאַכט־אינסטיטוציעס, דאַרפן מיר אויסקלייבן די רעגירונגס פאָרם, וועלכע מינימיזירט אַמהעכסטן די קאָרופּטירנדיקע עפעקטן וואָס מאַכט אויסגעי־איבט איבער א צווייטן מענטשן ברענגט מיט זיך. ביז איצט האָט דער פּאָליטי־שער געדאַנק זיך ניט דערטראַכט צו קיין בעסערן רעגירונגס סיסטעם, וואָס זאָל אימשטאַנד זיין צו מינימיזירן מאַכט קאָרופּציע מער עפעקטיוו ווי די דעמאָקראַ־טישע רעגירונגס פאָרם. ערשטנס, ווערט די מאַכט אָנגעטרויט צו אַזעלכע באַ־אַמטע, וואָס ווערן דערווײלט דורך אַ מערהייט שטימען בלויז פאַר אַ געוויסן טערמין, און זיינען דעריבער פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זייער אויפפיר צו די וואָס האָבן זיי דערווײלט. צווייטנס, ווערט די מאַכט פון דעם באַאַמטן אין א קאָנסטו־ציאָנעלער דעמאָקראַטיע לימיטירט דורך די גרונט־געזעצן וועלכע באַוואָרענען די פּאָליטישע, רעליגיעזע און ציווילע פרייהייט פון די בירגער.

מיר וועלן נאָך צוגעבן, אַז דעמאָקראַטישע באַגריפן און פּרינציפּן זיינען אָנווענדבאַר ניט בלויז אין מלוכה אַנגעלעגנהייטן נאָר אויך אויף אַלע אַנדערע געביטן פון מענטשלעכער טעטיקייט, ווי, דהיינו, עקאָנאָמישע גרופּירונגען, אקאדע־מישע אינסטיטוציעס, וכדומה.

III

דער יסוד פון פּאָליטיש־דעמאָקראַטישן געדאַנק איז דער גלויבן אין דער „חשיבות פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט". די פאָדערונגען פון פרייהייט, גלייכהייט און דאָס רעכט פאַר יעדן איינעם צו שטרעבן נאָך גליק, אויף וואָס די געזעצן, וועלכע גאַראַנטירן די ציווילע, פּאָליטישע און רעליגיעזע זכיות פון יעדן בירגער, זיינען באַזירט, האָבן א זינען נאָר דעמאָלט, ווען מען נעמט אָן די סברה, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן פאַרמאָגט אין זיך גופא אַן אייגענעם ווערט, וואָס מיר זיינען פאַרפליכטעט אָפּצוהיטן און קולטיווירן. ווארום אויב ניט, אויב דאָס מענטש־לעכע לעבן זאָל אין תוך זיין דאָס אייגענע ווי דאָס לעבן פון אַלע אַנדערע אַנימאַלן,

אויב דאָס מענטשלעכע לעבן זאָל ניט פאַרמאָגן עפּעס עסענציאַל העכערעס וואָס אַנדערע לעבעדיקע ברואים פאַרמאָגן ניט, וואָלט עס ניט געהאַט קיין זין צו ריידן וועגן מענטשלעכע רעכט און פליכטן ווי עס האָט קיין זין ניט צו ריידן וועגן פערדישע רעכט און פליכטן. איז עס זעלבסט פאַרשטענדלעך, אַז בלויז אין דער ספּערע פון גייסט, ד. ה. אין דער אייגנאַרטיקייט פון מענטשן אַלס א גייסטיקעס וועזן שטייט ער העכער פון אַלע אַנדערע באַשעפעניש. מחמת אין דעם פיזיש־גשמיות׳דיקן תחום איז דער מענטש ענליך צו די אַנימאַלן און פאַרמאָגט ניט מער נאָר פיל ווייניקער חשיבות ווי זיי. און ווען מיר פרעגן: אין וואָס באַשטייט דעם מענטשנס חשיבות? איז דער ענטפער: אין זיין פּערזענלעכקייט. דער מענטש איז אַ פּערזענלעכקייט, ערשטנס, מיט דעם, וואָס ער איז באַוואוסטזיניק פון זיין אייגענעם „איך״ אַלס א באַזונדערער אייגנאַרטיקער אינדיווידו; צווייטנס, מיט דעם וואָס ער איז בכוח צו שאַצן ווערטן, ד. ה. אַז חוץ דעם וואָס ער באַזיצט א כוח הדימיון און די אייגנשאַפט פון רעפלעקטיוון דענקען איז ער נאָך דערצו גייסטיק אזוי קאָנסטרואירט, אַז ער ציט א דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן גוטס און שלעכטס, אמת און שקר, צווישן שיין און מיאוס. דער מענטש באַטראַכט דאָס גוטע אַלס עפּעס ווערטפולעס, צו וואָס מען באַדאַרף שטרעבן און דאָס שלעכטע אַלס עפּעס, וואָס מען דאַרף אויסמיידן. דאָס אייגענע בנוגע אמת און שקר, שיין און מיאוס; דריטנס, מיט דעם וואָס ער באַזיצט פרייען אויסוואַל ד. ה. אַז אין געוויסע גבולים האָט דער מענטש די ברירה זיך אויפצופירן אזוי אָדער אַנדערש, צו טאָן דאָס גוטע אָדער, פאַרקערט, דאָס שלעכטע. אָט אין דעם פּרט מאַניפעסטירט זיך הויפּטזעכלעך די מענטשלעכע פּערזענלעכקייט. נאָר א וועזן, וועלכעס איז, אמווייניקסטענס אין געוויסע גרעניצן, פריי אַלליין צו באַשטימען זיין אייגענעם גורל איז א פּערזענלעכקייט [2]). אַנימאַלן האָבן וועגן דעם אַלעם קיין שום אָנונג ניט, בלייבן זיי דעריבער איינגעשלאָסן אין דער ביאָלאָגישער ראָם אין וועלכער די אויסערלעכע כוחות פון דער נאַטור האָבן זיי אריינגעשטעלט און מאַכן אליין ניט די מינדסטע אָנשטרענגונג זיך צו דערהויבן איבער זייער לאַגע. די חשיבות פון מענטשנס פּערזענלעכקייט דריקט זיך אויס אין זיין פעאיקייט גובר צו זיין די נייגונגען צום שלעכטן (יצר הרע) וועלכע געפינען זיך אין דעם מענטש גופא און אין דעם שטענדיקן שטרעבן צו אַקטואַליזירן די נייגונגען צום גוטן, דעם יצר טוב.

די שעפער פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, וועלכע האָבן זיך געפונען, דער עיקר, אונטער דער השפעה פון דעם ענגלישן פילאָזאָף לאָק, האָבן קלאָר איינגעזען דעם צענטראַלן פונקט וואָס דער פּרינציפּ פון מענטשלעכער חשיבות פאַרנעמט

2) זע אונדזער עסיי „בחירה חפשית״ י. ש. באַנד 3, העפט 2.

אין דעם פּאָליטיש־דעמאָקראַטישן געדאַנק, האָבן זיי טאַקע דערמיט אָנגעפּאַנגען זייער פּרינציפּן דערקלערונג. אין דעם מערקווירדיקן דאָקומענט „די אומאָפּהענגיקייט־דעקלעראַציע״ ווערט דער קאַרדינאַלער פּרינציפּ פון מענטשלעכער חשיבות באַזירט אויף א רעליגיעזן יסוד. די שעפּער און באַגרינדער פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע האָבן באַזירט די חשיבות פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט אויף דעם פּאָסטולאַט, אַז אַלע מענטשן זיינען באַשאַנקען פון זייער בורא מיט געוויסע רעכט. און היות ווי די דאָזיקע רעכט זיינען א מתנה פון אַ העכערן איבערמענטשלעכן כוח זיינע זיי דעריבער אומפאַרלעצבאַר פון אַ וועלכער עס איז מענטשלעך געשאַפענער רעגירונג. פון דער דאָזיקער גרונט הנחה איז שוין ממילא געדרונגען, אַז די פונקציע פון רעגירונגען איז צו פאַרזיכערן דעם יחיד, אַז זיינע גאָט־געגעבענע זכיות זאָלן ניט פאַרשוועכט ווערן, זאָלן ניט אַבראָגירט ווערן.

מיר האָבן זיך באַרופן אויף דעם „אני מאמין״ פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, ווייל אין תוך גענומען איז דער באַגריף פון מענטשלעכער ווערדע און די פּרינציפּן פון פּערזענלעכע רעכט איינגעפונדעוועט אין רעליגיעזן וועלט באַנעם און קיין אַנדער באַגרינדונג, חוץ די רעליגיעזע איז ניט גענוג האַפּטיק.

אַנטי־דעמאָקראַטישע דענקער מכל המינים לייקענען, אַז דער יחיד האָט וועלכע עס איז רעכט, וואָס דער כלל דורך זיין רעגירונג איז מחוייב אָפּצוהיטן. טאָטאַליטאַריסטן וואָס זיינען מאַטעריאַליסטיש גענייגט אין זייער דענקען און לייקענען דעריבער אין דער ווירקונג פון אַן אומאָפּהענגיקן גייסטיקן פאַקטאָר אין דער וועלט, קאָנען, ממילא, ניט אנערקענען וועלכע עס איז רעכט וואָס שטאַמט פון אַ העכערן איבערמענטשלעכן גייסטיקן מקור. פאַר זיי בלייבט קיין אַנדער ברירה ניט ווי צו באַזירן רעכט אויף פיזישער מאַכט. ווען די מאַכט געפינט זיך אין דעם טאָטאַלן שטאַט באַזיצט ער גלייכצייטיק, לויט זייער פאַרשטיין, אויך דאָס רעכט. טאָטאַליטאַריסטן וועלכע זיינען אידעאַליסטיש געניגט אין זייער דענקען פּארטיידיקן די אַבסאָלוטע רעכט פון שטאַט איבערן יחיד ווייל לויט זייער אויפפאַסונג איז דער שטאַט א מין אידעאַלעס וועזן וואָס אַנטהאַלט אין זיך דעם ווילן פון גאַנצן כלל. לכן שטייען די אינטערעסן פון שטאַט העכער ווי די קליינלעכע אינטערעסן פון יחיד. דער יחיד איז דעריבער מחוייב צו דינען דעם שטאַט דורך אָפּהיטן אַלע זיינע פאַראָרדענונגען, ווייל נאָר אין דעם וואוילזיין פון כלל קאָן דער יחיד רעאַליזירן זיינע אייגענע פּערזענלעכע אַספּיראַציעס. אלס אַ פאַרקערפּערונג פון כלל׳ס ווילן איז דער שטאַט, לויט זייער אויפפאסונג, דער מקור פון רעכט, און אויף וויפל דער יחיד באַזיצט וועלכע עס איז רעכט באַקומט ער עס פון שטאַט וועלכער מעג די רעכט צונעמען פון אים, ווען די אינטערעסן פון שטאַט פאָדערן עס.

די וואס האָבן פארלאָרן זייער אמונה אין גאָט, הגם זיי זאָגן זיך אָפּ פון מאַ־טעריאַליזם, און זיינען דעריבער אנטי־רעליגיעז געשטימט אין זייער דענקען ,כאַפּן זיך אָן אין דער דאָזיקער אידעאַליזאַציע פון שטאָט, ווייל דאָס דינט זיי אַלס אַ במקום גאָט, וועמען זיי קליידן אָן מיט אַבסאָלוטע אַטריבוטן. אַזוי אַרום געווינען זיי די מעגלעכקייט פאָרמעל־געדאַנקלעך צו פאַרטיידיקן זייער טאָטאַליטאַריזם אין דער פּאָליטיק. עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטן טוען דאָס אייגענע מיטן באַגריף נאַציע. זיי באַטראַכטן די נאַציע אַלס אַ מין ענטיטעט וואָס אַנטהאַלט אין זיך די העכסטע הייליקייט, פאַר וועלכער דער יחיד איז מחויב זיך מקריב צו זיין און אין וועמענס דינסט ווערן אַלערליי מיטלען געהייליקט. אפילו אַזעלכע מיטלען וואָס ווערן אין געוויינטלעכן לעבן באַטראַכט אַלס פאַרברעכעריש און ניט־דערלאָזבאַר. צו וואָס אַזאַ מין איבערטריבענע אידעאַליזאַציע פון מענטשלעך־געשאַפענע אינסטיטוציעס קאָן פירן אין דער פּראַקטיק זעען מיר אין די לענדער, וואו דער טאָטאַליטאַריזם האָט דערוואָרבן די פולע מאַכט, ווי אין נאַצי־דייטשלאַנד. דאָרט האָט זיך די שטאַט־אידעאַליזאַציע פאַרוואַנדלט אין פשוט'ן געצנדינסט, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם מגושמ'דיקן צערעמאָניאַל פון „פירער" קולט. די עקסטרעמע נאַציאָנאַ־ליסטן, וועלכע האָבן נאָך ניט באַוויזן צו פאַרכאַפּן די מאַכט אין זייערע הענט, מוזן זיך דערווייל באַגנוגענען מיט דעם וואָס געדאַנקלעך פאַרגעטשעווען זיי זייער נאַציאָנאַליזם. וועט מען מסתמא פרעגן ווי אַזוי איז אַזאַ משונה'דיקע דער־שיינונג מעגלעך, בעת דער געצנדינסט איז אין דער רעליגיע שוין לאַנג פאַרשוואונדן. דער ענטפער איז פשוט: בטבע קאָן דער מענטש פּסיכאָלאָגיש ניט אויסקומען אָן גאָט, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, אָן דער אמונה איז דער עקזיסטענץ פון אַן אַבסאָלוטן וועזן [3]). ווען עס מאַכט זיך, אַז צוליב געוויסע טעמים זאָגט זיך איינער אָפּ פון גאָט באַגריף ווי ער ווערט אויפגעפאַסט אין די הויך־אַנטוויקלטע מאָנאָטעאַ־איסטישע רעליגיעס, פאַלט ער אומבאַוואוסטערהייט אַריין אין די נידעריקע רעלי־גיעזע פאָרמען פון געצנדינסט.

### VI

אין רעליגיעזן וועלט־באַנעם געפינען מיר אַ געדאַנקלעך אויסגעהאַלטענעם טעזיס פאַרן דעמאָקראַטישן „אני מאמין". ווען מיר ריידן וועגן רעליגיעזן וועלט־באַנעם האָבן מיר אין זינען דעם רעאַליסטיש־אָפּטימיסטישן רעליגיעזן אויפפאַס, דעם אייגנאַרטיקן יידישן ביישטייער צום אַלגעמיין מענטשלעכן רעליגיעזן שאַפן. עס זיינען פאַראַן ווייט־פאַרשפּרייטע רעליגיעס פון אַ מיסטישן כאַראַקטער, וועלכע

3) זעט אונדזער עסיי „שלימות און דאָס גאָט־פּראָבלעם". י. ש. באַנד 2, העפט 3.

זיינען אַלץ, חוץ גאָט, מבטל און האַלטן עס פאַר אַן אילוזיע. אין אָט־דער ביטול־באַציאונג גייט אויך אריין דאָס מענטשלעכע לעבן אויף דער וועלט, וואָס זיי באַטראַכטן ווי אַן אומפאַרמיידלעכע און אומאונטערבראָכענע קייט פון צער און פּיין, וואָס האָט ניט קיין זין און קיין ווערט. די איינציקע לייזונג פאַרן מענטשן באַשטייט אין זיך באַפרייען פון דער אילוזאָרישער וועלט דורך אַן אַסקעטישן לעבנסשטייגער, כדי דורך דעם צו דערגרייכן דעם אמתן גליק — די באַהעפטונג מיט גאָט. די ווירקונג פון אַזאַ סאָרט וועלט־באַנעם אויף פּאָליטישע דערשיינונגען קאָן זיין בלויז אַ נעגאַטיווע. מחמת אויב דאָס לעבן האָט בכלל קיין ווערט ניט איז, ממילא, ניט וויכטיק וואָס פאַר אַ רעגירונגס פאָרמען רעגולירן דעם מענטשנס געזעלשאַפטלעכן צואַמענלעבן. לפי דעם איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס אינדיע מי איר אינטענסיוון רעליגיעזן לעבנסשטייגער איז גלייכצייטיק פּאָליטיש אַזוי צוריקגעשטאַנען און מיט דער סאַנקציע פון רעליגיע דולדעט זי, פאַר אַזאַ לאַנגער צייט, דעם קאַסטן־סיסטעם מיט אַלע זיינע מיסברויכונגען. דער קריסטענטום פאַרמאָגט אַ היפּשע דאָזע פון דעם דאָזיקן מיסטיש־פּעסימיסטישן רעליגיעזן אַרט־דיינקען, און אויך אַזוי ווייט ווי דער ביטול צום מענטשלעכן לעבן אויף דער וועלט האָט זיך אַקטואַליזירט אין דער קירכעלעכער לערע האָט זי געהאַט אַ נעגאַטיווע השפּעה אויף דער פּאָליטיק.

להיפוך צום מיסטיש־פּעסימיסטישן רעליגיעזן וועלט־באַנעם לערנט דער רעאַליסטיש־אָפּטימיסטישער אידישער באַנעם, ווי ער ווערט אויסגעדריקט אין דער תורה, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן אויף דער וועלט איז רעאַל, וויכטיק און הייליק, ווייל דער וועג צום קב״ה פירט דווקא דורכן געוויינטלעכן טאָג־טעגלעכן לעבן. דורך מעשים און דורך אויסהיטן זיך פון שלעכטס דערגרייכט דער מענטש די העכסטע מדרגה פון רעליגיעזער שלימות. אין דער יידישער תורה ווערן כסדר באַטאָנט צוויי גרונט־פּרינציפּן, אחדות הבורא און עטיק אַלס דער וועג צו אלהים ד. ה. אַז דאָס העכסטע גוטס וואָס דער מענטש קען טאָן און דורך דעם זיך דערנענטערן צו בורא־עולם איז צו האַנדלען אויף אַ גערעכטן און יושר׳דיקן אופן מיטן צווייטן מענטשן. בעת דער מיסטישער רעליגיעזער פּעסימיזם איז מבטל דעם „בין אדם לחבירו״ און שטעלט דעם טראָפּ דער עיקר אויפן „בין אדם למקום״. לערנט דער יידישער רעאַליסטישער רעליגיעזער אָפּטימיזם, אַז אין דעם פּראָצעס צו דערגרייכן רעליגיעזע שלימות זיינען ביידע, דער בין אדם למקום און דער בין אדם לחברו גלייך וויכטיק [4].

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז די ווירקונג פון אַזאַ בטחון׳פולן רעליגיעזן וועלט באַנעם אויף געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען מוז זיין אַ פּאָזיטיווע.

---

4) י. באַבינסקי, וואָס איז אזוינס אידישקייט ? זז. 41—31.

דעריבער קאָנען די רעליגיעזע גרופּירונגען וועלכע געפינען זיך אונטער דער השפּעה פון יידישן באַנעם ניט בלייבן נייטראַל אין דעם קאַמף צווישן די פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען, זיי האָבן זיך אַלעמאָל, מער אָדער וויניקער באַטייליקט אין דער פּאָליטיק, און אין דער איצטיקער מלחמה, וואו די ליניעס זיינען בולט אָנגעצייכנט און דער קאַמף איז פאַר לעבן און טויט, געפינט זיך אָרגאַניזירטע רע־ליגיע מיט וויניק אויסנאַמען, אין דעם דעמאָקראַטישן לאַגער.

מיט אונדזערע באַמערקונגען וועגן דער ווירקונג פון רעליגיע אויף פּאָליטיק מיינען מיר ניט צו באַהויפּטן, אַז רעליגיעזע דענקער און טוער אלס יחידים און רעליגיעזע אינסטיטוציעס האָבן אלע מאָל דורכגעפירט זייער מיסיע בשלימות, לויט די אידעאַלע פאָדערונגען פון רעליגיעזער עטיק ווי זי ווערט געפּריידיקט פון די נביאים. עס האָט גאַנץ אָפט פּאַסירט ווען אָרגאַניזירטע רעליגיע האָט זיך אין פּאָליטישן קאַמף געשטעלט אויף דער זייט פון די אונטערדריקער און ניט פון די אונטערדריקטע. עס האָט אויך פּאַסירט, אַז אַנטי־דעמאָקראַטישע דענקער האָבן פאַרטיידיקט זייער קאָנסערוואַטיווע צוריקגעשטאַנענע פּאָליטישע אנשויאונגען ארויסגייענדיק פון רעליגיעזע פּרינציפּן, ווי זיי האָבן עס אויפגעפאַסט. דאָס איז אמת ניט נאָר אין רעליגיעז־פּאָליטישע שייכות׳ן נאָר אין אַלץ וואָס דער מענטש טוט. אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן אָנשטרענג איז דער מענטש גאַנץ ווייט פון שלימות, סיי אין זיין כוח גובר צו זיין אין זיך די נייגונג צו שלעכטס, סיי אין זיין כוח המחשבה, ריכטיק צו פארשטיין אויסערלעכע און אינערלעכע דערשיינונגען. וואָס מיר מיינען צו באַהויפּטן איז אָט וואָס: אויף אַזוי ווייט ווי דעמאָקראַטיע איז אַ פּראָגרעסיווער פאַקטאָר אין געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן ציט ער זיין יניקה פון רעליגיעזן וועלט באַנעם. מיט אַנדערע ווערטער, ווען די לערע פון עטישן מאָנאָ־טעאיזם וואָלט ניט עקזיסטירט, וואָלט די געזעלשאַפט געשטאַנען אויף אסך אַ ני־דעריקער מדרגה, ווי זי געפינט זיך אין דער איצטיקער צייט.

אין דער יידישער תורה, דער מקור פון דער רעאַליסטישער רעליגיעזער עטיק, ווערן קלאָר פאָרמולירט די געדאַנקלעכע גרונט הנחות אויף וואָס די פּרינציפּן פון מענטשלעכער חשיבות זיינען באַזירט. אין בראשית (א׳, כ״ז, כ״ח) ווערט פעסטגעשטעלט דער געדאַנקלעכער יסוד פאַר דער חשיבות פון מענטשן אין דער לערע, אַז דער מענטש איז געשאַפן געוואָרן בצלם אלהים. דער מענטש איז דער בחיר כל היצורים און אים איז געגעבן געוואָרן דאָס רעכט צו געוועלטיקן איבער אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן.

דער פּרינציפּ פון פרייען אויסוואַל (בחירה חפשית) איז אַ קאַרדינאַלער פּרינ־ציפּ אין דער תורה, ווייל דער מענטש איז זייער חשוב ביי גאָט אינטערעסירט ער

זיך מיטן מענטשנס וואוילזיין און מיט זיינע מעשים. דעם ערשטן מענטשן האָט ער אָנגעזאָגט, אַז פון עץ הדעת זאָל ער ניט עסן, ער האָט אים אָבער גלייכצייטיק געלאָזן פריי צו פאָלגן אָדער ניט צו פאָלגן.

קעמפן פאַר פּאָליטישער פרייהייט האָט אַ זין נאָר דאַן, ווען דער קאַמף איז באַזירט אויף דער הנחה, אַז דער מענטש באַזיצט, אין א געוויסער מאָס, פרייען אויסוואל. ד. ה. דורך זיין אָנשטרענגונג איז ער בכוח צו פאַראורזאכן פּאַסירונגען, וועלכע וואָלטן ניט פאָרגעקומען ווען ער וואָלט גאָרניט געטאָן. פון אַ דעטער־מיניסטישן שטאַנדפּונקט האָט בכלל קיין זין ניט צו קעמפן פאַר עפּעס, מחמת אַלץ וואָס עס קומט פאָר ווערט דאָך סיי ווי געשען פּרעדעטערמינירט פון כוחות, איבער וועלכע דער מענטש האָט ניט קיין קאָנטראָל.

לויט די חכמי התלמוד איז אויך דער פּרינציפּ פון גלייכהייט קלאָר אָנגעדייטעט אין מעשה בראשית, אין סנהדרין (ל״ז) לייענען מיר: „דעריבער איז אדם הראשון באַשאַפן געוואָרן איינציק־אַליין כדי מענטשן זאָלן לעבן בשלום צווישן זיך, איינער זאָל ניט קאָנען זאָגן צום צווייטן, אַז מיין פאָטער איז מער יחסן פון דיין פאָטער״. און הגם יעדער מענטש טראָגט אויף זיך דעם חותם פון ערשטן מענטשן, זיינען די מענטשן, פונדעסטוועגן, פאַרשידן איינער פון אַנדערן. ד. ה. אַז כאָטש עסענציאל זיינען אַלע מענטשן גלייך, פאַרמאָגט יעדער אַן אייגנאַרטיקע אינדיווידואַליטעט.

טייל מאָדערנע שרייבער וועגן פּאָליטישע ענינים, אפילו אַזעלכע וואָס זיינען ליבעראַל־דעמאָקראַטיש געשטימט אין זייער דענקען, זאָגן זיך אָפּ פון דעם גלייכהייט־פּרינציפּ ווייל זיי ווייזן אָן אויפן אומבאַשטרייטבאַרן פאַקט, אַז סיי פיזיש און סיי גייסטיק זיינען מענטשן ניט גלייך איינער צום צווייטן. זיי זיינען, אָבער, ניט גערעכט. גלייכהייט אַלס אַ דעמאָקראַטישער פּרינציפּ מיינט ניט,אַז אַלע מענטשן זיינען אין אַלע פּרטים גלייך. עס מיינט, אַז אַלע מענטשן אָן אויסנאַם פאַרמאָגן געוויסע פונדאַמענטאַלע אייגנשאַפטן, בלויז אין דעם פּרט זיינען זיי אַלע גלייך. למשל, הגם עס זיינען ניט פאַראַן צוויי מענטשן וואָס זאָלן אין פיזישן אויסזען זיין פּונקט גלייך, איז דאָך פאַראַן עפּעס פונדאַמענטאַל ענלעכעס אין דעם מענטשנס פיזישן געבוי, דורך וואָס מענטשן ווערן דערקענט אַלס באַשעפענישן פון איין מין. דאָס אייגענע איז בנוגע דעם מענטשנס גייסטיקער געשטאַלטונג [5].

דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ פון גלייכהייט מיינט אויך ניט, אז אַלס אַן אידעאַל דאַרפן מענטשן שטרעבן צו גלייכהייט אין אַלע הינזיכטן. ווען אפילו אַזאַ

---

5) זע אונדזער עסיי „התגלות״. י. ש. באַנד 4, העפט 2—1, זז. 47—42.

זאַך וואָלט מעגלעך געווען, איז דאָס זיכער ניט ווינטשנסווערט, עס מיינט בלויז, אַז אַלס אידעאַל דאַרף מען שטרעבן צו אַזאַ געזעלשאַפטלעכן מצב, וואו אַלע מענטשן זאָלן זיין גלייך פריי צו אַנטוויקלען זייערע גייסטיקע און פיזישע פּאָטענציעלע אייגנשאַפטן בשלימות.

מיר מיינען ניט צו באַהויפּטן, אַז מען קאָן ניט זיין קיין דעמאָקראַט און ליב האָבן פרייהייט סיידן מען נעמט אָן אונדזער רעליגיעז־עטישן שטאַנדפּונקט. מיר ווילן בלויז באַהויפּטן, אַז ווען מען זאָגט זיך אָפּ פון רעליגיעזן וועלט באַנעם איז ניט מעגלעך קיין לאָגיש אויסגעהאַלטענע פּאַרטיידיקונג פאַרן דעמאָקראַטישן פּרינציפּ אין דער פּאָליטיק. וועט מען מסתמא פרעגן: אם־כן, אויב א מאַטעריאַליסט־דעטערמיניסט קאָן איינזען, אַז עס איז בעסער צו לעבן אין א פרייער דעמאָקראַטישער מדינה איידער זיין פאַרשקלאַפּט אונטער אַ נאַצישער מלוכה אָרדענונג, און צוליב ריין אוטיליטאַריסטישע טעמים, וועט ער קעמפן פאַר דעמאָקראַטיע; טאָ וואָס איז די נפקא־מינה צי עס איז יאָ אָדער ניט מעגלעך לאָגיש צו פאַרטיידיקן דעם דעמאָקראַטישן געדאַנק. וועלן מיר אויף דעם ענטפערן, אַז חוץ דעם וואָס פאַרן דענקענדיקן מענטשן איז געדאַנקלעכע אויסגעהאַלטנקייט פאַר זיך גופא זייער א וויכטיקע זאַך, איז דאָס אין אונדזער פאַל זייער וויכטיק אויך פּראַקטיש. מחמת, ווען עס פעלט אַ לאָגיש אויסגעהאַלטענער טעזיס פאַר געוויסע מענטשלעכע האַנדלונגען פאַרלירט זיך דערביי דער מאָראַלישער מאָטיוו, וועלכער איז מחייב צו פאַרדאַמען און באַקעמפן דאָס שלעכטע, און אזא מאָראַלישער מאָטיוו איז אפילו פּראַקטיש פון גרויסער וויכטיקייט. אין אָנהויב פון אָט דעם עסיי האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז לעצטנס איז די אמונה אין די גרונט־אידעען פון דעמאָקראַטיע שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אייגנטלעך איז די זאַך זייער קשה. אין משך פון אַזויפיל דורות האָבן מענטשן געקעמפט פאַר פּאָליטישער פרייהייט, פרעגט זיך, ווי קומט עס, אַז אין א, לפי ערך, קורצער צייט נאָך דעם ווי דעמאָקראַטישע רעגירונגס פאָרמען זיינען עטאַבלירט געוואָרן, זאָלן אינטעליגענטע מענטשן זיך צוריקקערן צום טאָטאַליטאַריזם? אין ליכט פון אונדזער אַנאַליז איז די זאַך פּשוט. עס האָט זיך גראָד געמאַכט, אַז בעת דעמאָקראַטיע אין איר פּראַקטישן אַספּעקט אַלס א רעגירונגס פאָרם איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, איז די וויסנשאַפט שנעל געוואַקסן און האָט געמאַכט באַדייטענדיקע אַנדעקונגען, וועלכע האָבן ניט געשטימט מיט די אָנגענומענע רעליגיעזע באַגריפן פון דער צייט. און צוליב דעם וואָס די מכמה דורות איינגעפונדעוועטע רעליגיעזע אינסטיטוציעס האָבן ניט געוואָלט, און אפשר אויך ניט געקענט, רעווידירן און ענדערן זייערע רעליגיעזע אויפפאַסונגען אין הסכם מיט די סאָלידע אויפטואונגען פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט, האָבן א גרויסער טייל פון דער אינטע־

ליגענץ, וועלכע זיינען באַווירקט געוואָרן פון וויסנשאַפטלעכן באַנעם, אַוועק צום עקסטרעם און זיך אינגאנצן אָפּגעזאָגט פון רעליגיע. מיט דער צייט האָט עס אויך געהאַט די זעלביקע ווירקונג אויפן אַלגעמיינעם עולם. דאָס האָט געפירט צו דער פאַרשטאַרקונג פון מאַטעריאַליסטישן וועלט־באַנעם. דעם אָרט פון רעליגיעזן וועלט־אויפפאַס האָבן פאַרנומען פאַרשידענע אוטיליטאַריסטיש־הומאַניסטישע טעאָריעס פון א גראָבן מאַטעריאַליסטישן כאַראַקטער, וועלכע האָבן געזאָלט דערקלערן קאָסמאָלאָגישע, ביאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע דערשיינונגען, און בתוכם איז אויך דעמאָקראַטיע אַרונטערגעפאַלן אונטער זייער השפעה. א דאַנק דעם איז ביי אַ וויכטיקן טייל פון דער געזעלשאַפט איבערגעריסן געוואָרן די נאַטירלעכע פּסיכאָלאָגישע פאַרבינדונג צווישן דעמאָקראַטיע אַלס אַ פּראַקטישער דיסציפּלין מיט איר גייסטיקן מקור — דעם רעליגיעזן וועלט־באַנעם.

דאָס איז די הויפּט סיבה פאַרוואָס פּאָליטישע פרייהייט, וואָס איז אויסגעקעמפט געוואָרן מיט אַזוי פיל מי און מענטשלעכע קרבנות, האָט ניט געבראַכט מיט זיך דעם סאָציאַלן יושר׳דיקן איינשטעל וואָס מען האָט פון איר דערוואַרט. דעמאָקראַטיע, וועלכע איז אין איר תוך א רעליגיעז־עטישע אויפפאַסונג און וועלכע שטרעבט צו א מער מאָראַלישן געזעלשאַפטלעכן צוזאַמענלעבן, מוז זיך שטיצן אויף עטישע פּרינציפּן. אין איר פּראַקטישער האַנדלונג איז איר עובדה צו אַקטיוויזירן דעם מענטשנס אינערלעכן באַגער נאָך יושר, צדק ומשפט און פאַרוואַנדלען אָט דעם דראַנג נאָך גערעכטיקייט אין אַקטועלע מעשים. דער וויסענשאַפטלעכער מעטאָד פון דענקען מיט זיין קאַלטן אָביעקטיוון אופן פון פאָרשן איז ניט מסוגל צו דערוועקן אין מענטשן די רעליגיעז־מאָראַלישע התלהבות וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק פאַר א מאסן דערהויבונג, פאַר דער לויטערונג פון דער מענטשלעכער פסולת, פאַר דער באַצווינגונג פון נידעריקע ליידנשאַפטן.

צום סוף ווילן מיר נאָך צוגעבן, אז ווען מען באַטראַכט דעם ענין אין זיין היסטאָרישער פּערספּעקטיווע איז ניט שייך צו באַשולדיקן וועמען עס איז אין דער איצטיקער ירידה פון דעמאָקראַטישן אַרט דענקען. מעגלעך אַז מיר מאַכן אדורך איינעם פון די אומפאַרמיידלעכע איבערגאַנג־פּעריאָדן, וועלכער פירט צו דער אַנטוויקלונג פון א טיפערער פאַרשטענדניש פון די פאַקטאָרן, וועלכע זיינען אָפּעראַטיוו אין די איצטיקע פּאַסירונגען. אין אונדזער פאַל דאַרף אָט־די פאַרשטענדניש פירן צו א רעליגיעזן רענעסאַנס. מען וועט רעווידירן דעם רעליגיעזן וועלט באַנעם, אים אויסרייניקן פון די פאַרעלטערטע לאַנג אָפּגעלעבטע טעאָלאָגישע באַגריפן, וועלכע זיינען בלי ספק אָפּגעפרעגט פון דער וויסנשאַפט; און אַזוי אַרום וועט ווידער פאַרקניפּט ווערן דער נאַטירלעכער בונד צווישן רעליגיע און דעמאָקראַטיע.

# חורבן־לידער

פון

## אליעזר גרינבערג

### א. איכה..

איכה ישבה בדד העיר...
איכה ישבה בדד וועלט;
דער טויט קלאַפּט אָן אין יעדער טיר,
ער לאָזט נישט אויס קיין איין געצעלט.

ער וואַנדערט אום פון שטאָט צו שטאָט,
ער וואַנדערט אום פון לאַנד צו לאַנד,
און וואו ער שטעלט אַוועק זיין טראָט —
דאָרט בלענדט אַ מעסער אין זיין האַנט.

און ס׳וואַקסט די שפע און די גאָב
פון חורבן, אומקום און רואין:
און וואו ער אָטעמט טוט זיך אָפּ
דער לעצטער לעבעדיקער מין!

דער טויט קלאַפּט אָן אין יעדער טיר,
ער לאָזט נישט אויס קיין איין געצעלט:
איכה ישבה בדד העיר,
איכה ישבה בדד וועלט!...

### ב. באַ די וואַסערן פון האָדסאָן..

אין שפּעטע נעכט פון פינצטערן געדענקען —
וואַכט טונקעל ווי אַ לאָמפּ מיין פאַראָבלטער זכרון:

איך האָב אַ טעות געהאַט, אַז כ׳וועל שוין מער ניט בענקען
נאָך דיר, ליפּקאַן, היים מיינע, פון פרילינגדיקע קינדער־יאָרן.

איך האָב אַ טעות געהאַט: „אַז ס׳וועט מיין שטאַם געפינען
רו באַ דיר, און הייליקער וועט נאָך דיין ערד מיר ווערן;
און איך וועל דאָ ביז לעצטן אָטעם שפּינען
אויף פרייער ערד, דאָס פרייע ליד — פון מענטש און זון און שטערן!״

כ׳האָב נישט געאַנט,
אַז ס׳וועלן איבער דיר זיך טראָגן אוראַגאַנען,
און אַז אַנשטייען וועט אַזאַ מין הפקרדיק געוויטער!
כ׳האָב נישט געגלויבט,
אַז ס׳איז נאָך אַזויפיל רשעות אויף דער וועלט פאַראַנען,
און אַז מיין שטאַם וועט זיין צו רויב, אַליין, און אָן אַ היטער!

אַז גלייכגילטיק, ווי אַ פאַרשטיינטע, וועט די וועלט פאַרבלייבן
צו דעם געוויין און צו דעם יאָמער פון דיין עמק־הבכא:
אַז זיין וועט בלויז אַ דולער ווינט —
וואָס זאָל מיט זיין געוואַי באַשרייבן —
דעם געטאָ־גיהנום און די פינצטערע מערכה!

אָ, היים, איך האָב געדענקט, איך האָב דיך אויסגעריסן
אויף אייביק פון מיין האַרץ און מיין זכרון:
נאָר ווער געקאָנט האָט דעמאָלט וויסן —
אַז ס׳וועט דיך טרעפן אַזויפיל צער און צאָרן!

אַז ס׳וועט דיין אומגליק אויך אַהער מיך גרייכן,
אַז ס׳וועט דיין ווײ־געשריי — וועלדער־הענט — זיך שטרעקן איבער ימען:
אַז שרייען וועלן ווידער צו אַלע טויבע הייכן —
ווי פון אוראַלטע שייטערס די אויטאָ־דאַ־פעאישע פלאַמען!

נאָר ס׳האָט אייער אומגליק מיך אויך דאָ געטראָפן.
ס׳איז אויך אַהער אייער בראָך צו מיר דערגאַנגען:

איך בין נעכט אויף קישנס ווי אויף שטיינער דאָ געשלאָפן,
און ס׳האָבן טעג געפּלאָגט מיך —
ווי אייך די עקדעשן און שלאַנגען!

איצט האָט גענומען ציען מיך צו ווייטסטע שטאַמען.
עס איז מיר נאָענט געוואָרן יעדער אומבאַקאַנטער איד
און יעדער ווייטסטער קרוב.
— איך וואָלט אַצינד מיט זיי פאַרזוכט פון אַלע סם׳ען —
פאַר אַלע אויסגעטראַכטע שולדן —
זיין ווי זיי אויך ערב!

דאָס פרישסטע ברונעם־וואַסער קאָן אַצינד מיין דורשט נישט שטילן,
דאָס געשמאַקסטע ברויט איז איצט געוואָרן ביטער אויף מיין גומען.
עס טשאַדען שוין ווי אויסגעברענטע ליכט די אָנגעזעצטע צילן —
און דאָס געגאַרטע גאולה־ליד פון פרייד — פאַרשאָלטן איז צום שטומען!

עס מערן זיך מיט יעדן טאָג די אומגליק־בשורות.
עס כפלט יעדער טאָג די גרויליקע פאַרראַטן.
עס מאָנט די צייט איצט גרויסע, גרויסע און וואַגנדיקע טאַטן,
נאָר דער מענטש פאַרלירט אַלץ מער זיין צורת־פּנים,
און אונדזערע מליץ יושרס ווערן קלענער, קלענער,
— קליינלעכע, פּחדנישע שתדלנים!

עס לעבן אויף אין מיין זכרון שוין לאַנג פאַרגעסענע געשטאַלטן,
פון בית־עלמינדיקע־געטאָס — שוועסטער, ברודער, מאַמע, טאַטע;
און ס׳קומט קיין מבול ניט! — איך כאַפּ זיך אויף פון שלאָף
מיט צעשראָקענע געוואַלטן —
און וויל אַליין, אויך דאָ, אַרויפקלעפּן אויף זיך אַ געלע לאַטע!

און זאָל דער שאַנד־צייכן דאָ רייסן יעדן איינעמס אויגן,
און זאָל דאָס אומרעכט אין יעדן איינעמס אויערן שרייען,
אַז גרייכן זאָל עס די וואָס ,האָבן יאָרנלאַנג געגעבן זויגן
די ברוסט פון אידנהאַס צו יעדן אויסוואורף,
און אויסגעשטרעקט אַ ברודער־האַנט צו יעדער קין!

אין שפּעטע נעכט פון פינצטערן געדענקען —
וואַכט פאַראַבלט ווי אַ לאָמפּ מיין פינצטערער זכרון:
איך האָב אַ טעות געהאַט, אַז כ׳וועל שוין מער ניט בענקען
נאָך דיר, ליפּקאַן, היים מיינע, פון פרילינגדיקע קינדער־יאָרן.

כ׳האָב נישט געאַנט,
אַז ס׳וועלן איבער דיר זיך טראָגן אוראַגאַנען,
און אַז אַנשטייען וועט אַזאַ מין הפקרדיק געוויטער!
כ׳האָב נישט געגלויבט,
אַז ס׳איז נאָך אַזויפיל רשעות אויף דער וועלט פאַראַנען,
און אַז מיין שטאָם וועט זיין צו רויב, אַליין, און אַן אַ היטער!

ווייל וואָס אַז ס׳וועט אַ טאָג פון רעכענונג ווען קומען!
— פאַר וועמען?
— פאַר וועמען?
און וואָס אַז ס׳וועט דער יום הדין מיט צאָרן זיך צעברומען?
און וואָס אַז די גערעכטיקייט זאָל זיך אין אייך דערמאָנען?
— ס׳איז באַלד נישטאָ שוין ווער עס זאָל דעם חוב פון אייער פאַרגיטיגונג אויפמאָנען!
— דעם חשבון פאַר אַלע אייערע מסירת־נפשן, און פאַר אַלע אייערע קידוש־השמ׳ן!
—איר האָט אַלץ געשטעלט אין קאָן! איר האָט אַלץ געבראַכט צו שטייער!
— ליפּקאַן, היים מיינע,
— דו ביזט איין נאָמען בלויז פון אַזויפיל געהייליקטע נעמען
פון אידישע שטעט און שטעטלעך — וואָס דער שונא האָט אַוועקגעלאָזט מיט פייער!

אָ, אידישע שטעט און שטעטלעך ווער קען אייך אַלע דאָ דערמאָנען!
ווער קען אייך אַלע איצט באַקלאָגן!
ווער קען אויסרעכענען אַלע שחיטות, פּאָגראָמען נגישות!
ווער קען קדיש זאָגן נאָך אַזויפיל אומזיסט־פאַרטיליקטע נפשות!
נאָך אַזוי פיל פאַרברענטע ספר תורות!
וואָרמס, מאַינץ, פשיטעק, און, בעסאַראַביע, דייך קרוינשטאַט, קעשענעוו,
זענען איצט צווישן טויזנט נייע נעמען וואָס מיר טראָגן
אין אונדזער דערנערקרוין, זייט דור־דורות —
און דער הימל שפּאַלט זיך ניט, און די ערד — זי טוט זיך ניט אן עפן אויף!
— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַ די וואַסערן פון האַדסאָן האָב איך היינט מיין האַרפע אויפגעהאַנגען.
ס׳איז חודש ניסן אין יאָר תש״ד.
ס׳איז ווידער פרילינג. די ווערבעס זיינען ווידער גרינע.
קנאָספּן פּלאַצן שוין און ס׳גרינט שוין בלאַט נאָך בלאַט.
נאָר איך זיץ דאָ אַן אָבל,
ווי מיינע אור־אור אבות באַ די טייכן פון בבל.
עס פליסט דער האַדסאָן, און ס׳כוואַליען זיך די שטראָמען זיינע ברייטע.
און איך בין דאָ אין שפעטער נאַכט אַליין;
איינער, פון דער קליינער, גליקלעכער שארית הפליטה,
וואָס האָט זיך פון אידנאַומגליק געראַטעוועט באַ די ברעגן פון האַדסאָן.
ווער פלאַן איז דאָס געווען? וועמעס רצון?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

שטערן נעמען לעשן זיך.
געהיים און פאַרכטיק ווי אַ פּליטים־שיף —
איז די נאַכט שוין ווידער אָפּגעגאַנגען.
באַ די וואַסערן פון האַדסאָן האָב איך היינט מיין האַרפע אויפגעהאַנגען!...

## ג. ווי פאַר בראַשית!..

אַ נעפּל האָט אויסגעשטאָכן
דער זון די אויגן,
דער טאָג איז בלינד —
פון איין עק וועלט צום צווייטן
יאָמערט אַ דולער ווינט,

ער יאָמערט, ווי קדיש, אַ ניגון,
אַ ניגון — הייס ווי אַ טרער;
און שטעט און דערפער וויגן
זיך, דולע, אַהין און אַהער.

שיפן וויינען אויף ימען,
און זוכן צום האַפן אַ וועג:

זיי וועלן שוין סיווּי פֿאַרזאַמען
די רו פֿון געחלומטן ברעג.

דער ים וואַרפֿט זיי בייז ווי אין פֿיבער,
נאָר זיי האָפֿן נאָך אַלץ אויף אַ נס.
ביז דער ים גייט די ברעגן אַריבער,
און דורך חושך ציט דער מעת־לעת.

איבער שטעט און דערפֿער לויערט
אַ טיפֿער, אַן אָפֿענער תהום;
און ס׳קומט נענטער דער תהו־ובוהו
פֿון אַ וועלט וואָס ווערט חרוב ווי סדום.

פֿעלדער און וועלדער שווערן
נישט צו געבן קיין פּרוכט און קיין ברויט;
די זון, די לבנה און די שטערן —
לעשן זיך אויס אין זייער פֿייערדיקער הויט.

ביז אויף דרערד בלייבט קיין סימן פֿון לעבן,
נישט פֿון מענטש, נישט פֿון חיה קיין טראָט;
און איינזאַם הייבט ווידער אָן שוועבן —
ווי פֿאַר בראשית — דער גייסט פֿון גאָט.

און מיט אַנטוישונג, מיט שווערער באַלאָדן;
און ווי געטראָפֿן פֿון אייגענער שטראָף:
איז דער כּביכול פֿאַריתומט אין שאָדן —
און אין חרטה אויף זיין ליכטיקן „כּי טוב!“





# מעטאַפאָריק*)

פון

## לייבוש לעהרער

V

## די קלאַסיפיקאַציע פון רעטאָרישע פאַרגלייכן

איך האָב פריער אויסגעדריקט די מיינונג אַז ענלעכקייט קען אין זיך אַליין בשום אופן ניט דערקלערן דעם עפעקט פון א פארגלייך, איך ווייס, אז דאָס גייט להיפוך צום געוויינטלעכן איינדרוק און צו די מיינונגען פון געוויסע אויטאָריטעטן [6]. אָבער מיר דארפן שוין איצט זיין גרייט צו פארשטיין אַז ס׳איז ניטאָ קיין פסיכאָלאָגישע סיבה פאַרוואָס ענלעכקייט זאָל בכלל ארויסווייזן רעטאָרישע כוחות. גייענדיק אויפן וועג פון דער אַנאַלאָגיע מיט שפּראַך וואָלט מען געקענט זאָגן אַז דאָס וואָס דאָרט איז אַרטיקולירטער קלאַנג דאָס איז ענלעכקייט אין דער מעטאַפאָרישער מעטאָדע. אָבער פּונקט ווי אין שפּראַך זאָגט אונדז דער באַגריף פון אַרטיקולירטן קלאַנג זייער א סך וועגן דעם פונדאמענט אָבער צו ווייניק וועגן דעם בנין וואס שטייט אויף אים, אַזוי אין רעטאָרישן פאַרגלייך דאַרפן מיר אָנקומען צו אַנדערע דערשיינונגען, ניט בלויז צו פאָרמעלער ענלעכקייט, כדי צו פאַרשטיין די אינערלעכע טבע פון דאָזיקן פּראָצעס.

אין שפּראַך זענען פאַראַן טיילן: סובסטאַנטיוון, ווערבן, אדיעקטיוון, אאז״וו. קען מען מאַכן אַן אנאלאָגישע צעטיילונג צווישן רעטאָרישע פאַרגלייכן? מען קען, אָבער מען דארף דורכויס געדענקן דעם אונטערשייד צווישן די צוויי פאלן. שפּראַך־טיילן ווערן קלאַסיפיצירט לויט די פונקציעס וואָס ווערטער פילן אויס אינעם זאַץ. עס זענען פאַראַן זייער א סך ווערטער וואָס געהערן צו עטלעכע טיילן, אָבער דאָס

* זע יידישע שריפטן העפט 15 זז 79—272

6) F. Prescott, The Poetic Mind, ch. 13, 1926.

הייסט בלויז אַז מען קען זיי באַנוצן אי ווי סובסטאַנטיוון, אי ווי ווערבן, למשל, אָבער ניט אין דערזעלביקער צייט. אין א קאָנקרעטן זאַץ קען מען געוויינטלעך קלאַסי־פיצירן ווערטער בלויז מיט איינציקע שפּראַך־טיילן צו וועלכע זיי געהערן, די דאָזיקע כאַראַקטעריסטיק פון שפּראַך נעמט זיך פון דעם וואָס ווערטער זענען לכתחילה באשאפן געוואָרן צו האָבן א ווענדונג צו אַן איינציקן עפּעס וואָס איז אין דרויסן, אָדער צו עפּעס וואָס ווערט פאָרגעשטעלט אזוי ווי עס וואָלט געהאַט אַן „ערגיצדיקע" עקזיסטענץ ווי א באַזונדערע איינס. ווערטער סימבאָליזירן זאַכן, באַגריפן, געפילן, האַנדלונגען, און פאַרבינדונגען צווישן זיך דאָרט אין יענעם ערגיץ וואו זיי געפינען זיך.

אַן אַנאַלאָגישע קלאַסיפיקאַציע פון רעטאָרישע פאַרגלייכן מוז זיין געבויט לויט אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. קודם כל איז די מיסיע פונעם פאַרגלייך ניט צו סימבאָליזירן אַן איינציקן עפּעס אין דער דרויסנדיקער וועלט, נאָר ארויסצורופן אין אונדז געוויסע פסיכישע ענדערונגען כדי אַ באַשטימטער קאָנטעקסט זאָל קענען ווירקן אויף אונדז אַנדערש ווי ער וואָלט געווען אין זיין באַזונדערקייט. מיט אַנדערע ווערטער, בעת דאָס וואָרט נעמט צונויף אַ צאָל איינדרוקן וואָס מיר האָבן פון וועלט־דערשיינונגען און פון אויסגעדריקטן אַרטיקולירטן קלאַנג, ווערן שוין דערמיט אַליין אָט די אַלע איינדרוקן עקסטערנאַליזירט, פאַרדרויסנדיקט. די עובדא פונעם וואָרט איז דעמאָלט צו ווייזן די ספּעציעלע פונקציע פון דעם וואָס עס סימבאָליזירט. בלויז אויף אַזאַ אופן האָבן מיר קלאָרע סימנים פון די וויזפונקטן און מיר ווייסן וועגן וואָס מיר רעדן.

אָבער אין פאַרגלייך, כאָטש ער קאָנדענסירט א גאַנצן משל, איז ער אָבער א מין סימבאָלישער פאַרטרעטער פון אינערלעכע פּראָצעסן לויט זייער אינערלעכן כאַראַקטער. ממילא קענען מיר קלאַסיפיצירן פאַרגלייכן בלויז לויט דעם וואָס זיי רופן ארויס אין אונדז. צווייטנס, יעדעס וואָרט אין א קאָנקרעטן זאַץ דריקט אויס געוויינטליך בלויז איין באַשטימטע פונקציע, ווייל עס מוז דאָך סימבאָליזירן א גאַנץ באַשטימטן איינציקן אָביעקט צו וועלכן עס איז געווענדט. אנדערש וואָלט דאָך שפּראַך געווען אַ צעמישעניש, א דור הפלגה. אָבער ווען עס האַנדלט זיך וועגן צושטאַנדן וואָס ווערן ארויסגערופן אין אונדז קען דאָך אַזאַ באַגרענעצונג ניט זיין. דער זעלביקער צייכן קען ארויסרופן עטלעכע צושטאַנדן מיטאַמאָל. פאַרגלייכן קענען דעריבער, דאכט זיך מיר, צעטיילט ווערן אויף דריי סאָרטן: אַזעלכע וואָס באַצייכענען קוואַליטעטן, געפילן און שייכות'ן. פאַרשטייט זיך אַז יעדער פאַרגלייך קען אויך זיין בכוח צו באַצייכענען מער ווי איין פּסיכישן צושטאַנד,

און, דער עיקר, הענגט אָפּ ניט בלויז פונעם געבוי פונעם פאַרגלייך נאָר אויך פונעם קאָנטעקסט וואו ער שפּילט זיין ראָלע.

דער קוואַליטאַטיווער פאַרגלייך קען אין גאַנצן אַרויסלאָזן פון אויג דעם דרויסנדיקן כאַראַקטער פון די פאַרגליכענע אָביעקטן, כאָטש דאָס איז ניט קיין מוז. ער שטעלט זיך בלויז אָפּ אויף אַ קוואַליטעט וואָס ווערט צוגעשריבן דער פיגור. ער וויל אין אונדז אַרויסרופן דעם איינדרוק פון אַ באַשטימטער קוואַליטעט וואָס באַהערשט דעם גאַנצן געגעבענעם אינהאַלט.

אָט איז אַביישפּיל פון דעם מין. אין דער פּאָעמע „צו מיר — צו דיר" פון א. לייעלעס, זאָגט זיך אַזוי:

איך בין געווען ווי אַ פּאָטעל וואָס לאַדט איין זיך
צו זעצן אין אים
און בלייבט ליידיק.

פאַרשטייט זיך אַז דער דיכטער האָט ניט געזען קיין שום צד השוה צווישן „איך" און „פּאָטעל". בכל אופן, ער האָט דאָס ניט אַרויסגעבראַכט. דער גאַנצער שווער־פּונקט ליגט אויפן „וואָס לאַדט איין זיך צו זעצן אויף אים און בלייבט ליידיק". דער פּאָטעל, הייסט עס, פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ איינגעשאַפּט וואָס צוליב דעם ווערט ער אויסגעמיטן, כאָטש מען ווייס ניט וואָס דאָס איז. אין דעם ליכט וויל לייעלעס מען זאָל זען דעם „איך" פון דער ערשטער שורה. דאָס איז, מיין איך, אַ טיפּישער קוואַליטאַטיווער פאַרגלייך, כאָטש ער פאַרמאָגט אויך ענלעכקייט פון פערטן סאָרט — שייכות. איך האָב דאָ אין זינען די שייכות וואָס צווישן איינלאַדן און בלייבן ליידיק. די שייכות רופט אַרויס אי אַ מאָראַלישן פּאַדראַס, אי אַ געפיל פון אוניווערסאַלער באַשערטקייט ווען דאָס ווערט געזאָגט וועגן אַ פּאָטעל. סיי ווי איז דאָס אַ שייכות וואָס לייגט נאָך שטאַרקער דעם טראָפּ אויף דער דערמאָנטער קוואַליטעט.

אויך דער „פּאָטעל" שטרייכט אונטער די זעלביקע קוואַליטעט. אַ פּאָטעל איז ניט בלויז אַ פּלאַץ אויף צו זיצן. ווען לייעלעס וואָלט אויף דעם פּלאַץ באַנוצט „שטול" אָדער „באַנק" וואָלט די פיגור שטאַרק געליטן דערפון. אַ פּאָטעל איז עפּעס וואָס דריקט אויס חשיבות וואָס שטאַמט ניט פון צופעליקע פאַרדינסטן נאָר איז אַ נאַטירלעכע קוואַליטעט פון דער איינגעבוירענער טבע, פון עפּעס וואָס ליגט שוין אין סדר העולם, אַזוי צו זאָגן. דער קאָנטראַסט וואָס צווישן „לאַדט איין" און „בלייבט ליידיק" רופט דעריבער אַרויס נאָך אַ טיפערן מאָראַליש־פּיינלעך געפיל.

דער פאַרגלייך וואָס וועקט געפילן איז שוין אַביסל פון אַן אַנדער סאָרט.

אויך דאָ איז דאָס פיזישע אויסזען פון די פאַרגליכענע אָביעקטן ניט וויכטיק. לאָמיר בכלל געדענקען אַז דאָס לעצטע איז בלויז א מעטאָדע פון גרופּירן, פון דערנענטערן פרעמדע קאָנטעקסטן, און ניט די עצם פונקציע פונעם פאַרגלייך.

ביי מאַני לייבן איז פאַראַן א ליד „האַרבסטיקער רעגן" וואָס באַשטייט פון זעקס שורות:

גראָ און אַלט, גראָ און בלאַס,
איינגעהויקערט און נאַס,
גייט ער אום אויף א קוליע אין גאַס.
און ער טאַפּט פאַר זיך בלינד,
און ער וויגט זיך פון ווינט, . .
און גיסט טרערן אויף אונדזערע זינד.

דאָס איז אַ פיגור וואָס שטייט נענטער צום טיפּ משל ווי דער געוויינטלעכער פאַר־גלייך. אבער דער צוועק איז צו ווייזן די געפילן וואָס האַרבסטיקער רעגן רופט אַרויס. אין דעם פאַל איז פאַראַן א גרויסע מעלה דערין וואָס עס ווערט ניט באַנוצט פון פאַרגלייך. ווארים דורך דעם וואָס דאָס ממשות'דיק פיזישע איז ניטאָ שאַפט עס א ראַם פון מיסטישקייט, פון אַנדער־וועלטיקייט, און דאָס איז מסתמא אויך איינס פון די געפילן וואָס דער דיכטער אַסאָציאירט מיט האַרבסטיקן רעגן.

פאַרגלייכן פון דריטן סאָרט, די וואָס בויען אויף שייכותן, זענען פונקט אַזוי אָפט אין דער פאָלקסשפּראַך ווי אין דער ליטעראַטור. דאָ קענען מיר האָבן צוויי אָביעקטן אינעם געגעבענעם אינהאַלט און צוויי אָביעקטן אין דער פיגור. דער צוועק איז צו ווייזן אַז די שייכות צווישן די לעצטע צוויי אָביעקטן איז די זעלביקע ווי צווישן די צוויי פון געגעבענעם אינהאַלט. אָט איז אַזאַ מין פאַרגלייך אין לאַפּינס אַ ליד:

וואָרט און צונג צוזויפגעפּאָרט
ווי בלאָער שטאָל און קלונג.

די צוויי אָביעקטן פונעם אינהאַלט זענען „וואָרט און צונג", די צוויי פון דער פיגור זענען שטאָל און קלונג. אָבער דער פאַרגלייך איז דאָ ניט צווישן אָביעקטן נאָר צווישן הערשנדיקע שייכותן אין צוויי באַזונדערע פאַלן. די דאָזיקע פיגור לאָזט זיך זייער לייכט אַוועקשטעלן אין דער פאָרם פון דער אַלגעבראַאישער פאָרמולע פון פּראָ־פּאָרציע a:b-c:d וואָס דאָס איז אַן אַלגעמיינער אויסדרוק פון דער פאַרהעלטעניש צווישן שייכותן.

אין לאַפּינס פאַרגלייך שפּילן א גרויסע ראָלע אויך קוואַליטעטן, דאָס זענען

די קוואַליטעטן וואָס מיר שרייבן צו צו „שטאָל" און „קלונג". און פּונקט ווי ביי לייעלעסן געווינט דער קוואַליטאַטיווער פאַרגלייך דורך א שייכות וואָס ער נעמט אין זיך אריין, אַזוי געווינט דאָ דער שייכותדיקער פאַרגלייך דורך אויסגעדריקטע קוואַליטעטן.

פונעם שייכות׳דיקן סאָרט זענען אויך די פריער דערמאָנטע „ווי אַ פינפט ראָד צום וואָגן" אָדער „ווי אַ פּאַטש צו גוט־שבת". די שייכותן זענען דאָ ניט־נייטיקייט און פרעמדקייט, און עס ווערן באַנוצט די קאַטעגאָריעס פון געוואוינהייט — מיר זענען געוואוינט צו זען בלויז פיר רעדער אין א וואָגן, און פון לאָגיק — פּאַטש און גוט־שבת זענען לאָגיש ניט געבונדן צווישן זיך. דאָס באַווייזט בלויז אַז שייכות׳דיקע פיגורן קענען זיך באַנוצן מיט מער קאַטעגאָריעס ווי מיר געפינען דאָס ביי אַנדערע. בכלל, די ראָלע פון אויפנעמען שייכות׳ן אין פסיכישן לעבן איז ביז ניט לאַנג געווען צו ווייניק באַקאַנט. ערשט די געשטאַלט־פסיכאָלאָגן האָבן דאָס גענומען אונטערשטרייכן. די פּרעכטיקע עפעקטן וואָס מעטאַפאָרן פון שייכות׳דיקן סאָרט קענען ארויסברענגען באַשטעטיקט גאַנץ קלאָר די דאָזיקע טעאָריע.

קוואַליטעטן, געפילן, שייכות׳ן, אין זיי ליגט די נשמה פון רעטאָרישן פאַר־גלייך, דאָס איז ריכטיק אפילו ווען עמיצער זאָל זוכן אַ פאַרגלייך בלויז דורך פיזישער ענלעכקייט און זאָגן אָפן אַז בלויז דאָס און ניט מער איז זיין כוונה. יהואש דער־ציילט אין זיין „פון ניו־יאָרק קיין רחובות" אַז בעת ער האָט געהערט דאָס שרייען פון אַן אייזל האָט ער זיך געבראָכן דעם קאָפּ צו געפינען א פאַרגלייך און ניט געפונען. אָבער: „אין ארץ ישראל וואו איך האָב געטראָפן א סך אייזלען, און וואו זייערע געשרייען פלעגן אָפט הילכן איבער דער גאַנצער קאָלאָניע, האָב איך דעם צוגלייך געפונען: ס׳איז דער קול פון אַ פאַרזשאַווערטן ברונעם הענטל ביים פּאָמ־פּען וואסער. ד״ר זשיטלאָווסקי איז מיר מחולק און זאָגט אַז דער געשריי דערמאָנט אים אָן אַן אָפּגעשמיסענעם ייִנגל וואָס שרייט פאַרכליפּעטערהייט: „כ׳ל שוין מער ניט טאָן".

ביידע האָבן, ווי יהואש גיט איבער, בלויז געזוכט א צוגלייך, א צוגלייך און ניט מער. אָבער דאָס מעטאַפאָרישע בילד דערציילט א סך מער ווי דאָס. עס גיט איבער קוואַליטעטן וואָס זיי האָבן אינעם אייזל געפונען. ביי איינעם איז דאָס אַן אָרימע, אָפּגעלעבטע, פאַרזשאַווערטע כלי, ביים צווייטן — א נעבעכדיק באַ־שעפעניש׳ל אין אַן אומבאַהאָלפענעם צושטאַנד. אַנדערש קען עס ניט זיין. וואָרים באמת, צוליב וואָס דער גאַנצער פאַרגלייך? וואָסערע מאָטיוון האָבן געווירקט אויף יהואשן ער זאָל זיך „ברעכן דעם קאָפּ", ווי ער דערציילט? אַז מען געפינט

שוין א צוגלייך, ווער, אָדער וואָס, ווערט געהאָלפן פון צוגלייכן איין זאַך צו אַן אַנדער זאַך?

אין דער אמתן האָט יהואש געזוכט מער ווי א נאַקעטן צוגלייך, ער האָט געזוכט א שפּראַך דורך וועלכער ער זאָל קענען אויסדריקן די נשמה פון א דער־שיינונג וואָס האָט אים פאַרכאַפּט. ווי וואָלט געווען ווען ער געפינט א פּינקטלעכן טאָן־פאַרגלייך פון עפּעס א חשוב׳ן אינסטרומענט צום שרייען פון אַן אייזל? דאָס וואָלט אים מסתמא ניט צופרידן געשטעלט, ווייל ער האָט שוין פון פריער געהאַט אַ באַשטימטע פּאָזיציע, אַ נידעריקע פּאָזיציע, פאַר דעם אייזל אויף זיינס א סקאַלע פון ווערטן. אינעם פאַרגלייך האָט ער געזוכט אַ שפּראַך וואָס זאָל דאָס — אָט די נידעריקע פּאָזיציע — ארויסברענגען.

VI

## מעטאַפאָריק און קינסטלערישע אייגענאַרטיקייט

די דאָזיקע געדאַנקען ווערן אויך באַשטעטיקט ווען מיר מאַכן פון פאַרגלייכן בלויז א ניט־ערנסטע שפּיל. דאָס קומט פאַר דעמאָלט ווען די פאָרם איז אַ פאַר־גלייכנדיקע בעת דער אינהאַלט ווערט בכיוון אוועקגעשטעלט אַזוי אז קיין שום ענלעכקייטן זאָלן ניט זיין, ניט קיין פיזישע, ניט קיין גייסטיקע. דער איינדרוק איז דעמאָלט א קאָמישער, ווייל די פאָרם איז דער היפּוך פונעם אינהאַלט. פאַרוואָס לאַכן מיר פון אַזאַ שורה ווי: „איך האָב דיך ליב ווי אַ פּסח׳דיקן ראָסל״? מען וועט מסתמא זאָגן אַז דאָס איז דערפאַר ווייל די געליבטע ווערט גרופּירט מיט אַ פּראָסטער זאַך — ראָסל. דאָס איז אָבער ווייט ניט די גאַנצע מעשה. ווי וועט זיין, למשל, ווען עדינגטאָן פאַרליבט זיך אין אַ מיידל און ער זאָגט: „איך האָב דיך ליב ווי אַן אַסטראָנאָמישע אַנטדעקונג״? עס וואָלט געקלונגען פּונקט אַזוי קאָמיש, כאָטש אַן אַסטראָנאָמישע אַנטדעקונג איז זייער א געהויבענער ענין און האָט ניט צו טאָן מיט טריוויאַלע נישטיקייטן. ער וואָלט אָבער דאָס געקענט אויסמיידן ווען ער באַציט זיך אויפן זעלביקן אָביעקט נאָר מיט אַנדערע ווערטער. עס וואָלט שוין גאָרניט געקלונגען קאָמיש ווען ער זאָגט: „איך האָב דיך ליב ווי אַ ווייטן שטערן״. די פראַזע „ווייטער שטערן״ איז טאַקע אַ נאָענטער מחותן מיט אַן אַסטראָנאָמישן אָביעקט, אָבער מיר האָבן זיך געלערנט דערין אויך זען קוואַליטעטן, און עס רופט ביי אונדז ארויס געפילן, וואָס קענען גרופּירט ווערן מיט ראָמאַנטישע באַציאונגען. עס וואָלט אונדז געגעבן א מעגלעכקייט צו דערנענטערן די צוויי קאָנטעקסטן וואָס „ראָסל״ גיט אונדז ניט. דערפון נעמט זיך דער קאָמיזם אי פון „ראָסל״, אי פון „אַסטראָנאָמישע אַנטדעקונג״.

דאָס ברענגט אונדז אויך צום געדאַנק אַז דאָרט וואו עס איז פאַראַן ניט קיין ענלעכקייט נאָר א פולע אידענטיפיקאציע דארף עס אויך קלינגען קאָמיש מחמת דעם זעלביקן טעם כאָטש אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. פריער האָבן מיר אַוועק־געשטעלט אָביעקטן אזוי אז מען זאָל זיי ניט קענען פאַרגלייכן, דאָ שטעלן מיר אוועק דעם זעלביקן אָביעקט אין צוויי באַזונדערע פאָרמען. מיר ריכטן זיך אויף צוויי באַזונדערע קאָנטעקסטן, אָבער אין דער אמתן זעען מיר אַז ס׳איז אַקוראַט „די זעלביקע יענטע נאָר אַנדערש געשלייערט". אָט דאָס ריכטן זיך אויף איין זאַך און דערזען עפּעס אַנדערש, דאָס שאַפט דעם קאָמישן איינדרוק.

דאָס וועט זיכער קלינגען קאָמיש ווען מיר וועלן, למשל, זאָגן: „איך האָב דיך ליב ווי א מיידל", אָדער „ווי אַ טאָכטער פון טאַטע־מאַמע". דאָס וועט אויך דער־קלערן דעם וויץ וואָס ווערט דערציילט וועגן אן אפיקורוס. יענער האָט גע׳טענה׳ט אַז דאָס וואָס מען גלייבט אַז משה רבנו האָט געגעבן יידן די תורה איז שקר וכזב. דער אמת איז אז די תורה איז געגעבן געוואָרן גאָר פון אן אנדער יידן וואָס האָט געהייסן משה. אין וואָס באַשטייט דאָ דער וויץ? דער קאָמישער הינטערגרונט ליגט אין דעם וואָס קאָנטעקסטועל איז אין דעם פאַל „משה רבנו" אַקוראַט דאָס זעלביקע וואָס „אַן אַנדער ייד", עס איז אַ פולע אידענטיפיקאַציע. דער וויץ ליגט אין דעם וואָס כאָטש ביידע זענען קאָנטעקסטועל די זעלביקע דאָך ווערט דאָס ערשטע געלייקנט און דאָס צווייטע באַשטעטיקט.

די ראָלע פונעם קאָנטעקסט אינעם גאַנצן זינען פון דער פיגור איז ממש ניט אָפּצושאַצן. לאָמיר דאָס זען אין אַ קאָנקרעטן ביישפּיל:

לידער ווי גענדז מיט לאַנגע העלדזער
לידער ווי קעלבער מיט קיילעכדיגע אויגן.

איך האָב די צוויי שורות ניט בלויז אָפּגעריסן פון אַ גאַנץ ליד נאָר אויך ארויס־גענומען עטלעכע ווערטער כדי ווי ווייט מעגלעך אָפּצומעקן די ווירקונג פונעם קאָנטעקסט. אָבער אין דער געגעבענער פאָרם זענען זיי ממש אומזיניק. איצט וועל איך זיי אריינשטעלן אין זייער פולקייט אין ריכטיקן קאָנטעקסט, וועט זיך באַקומען ה. לייוויקס אַ ליד, איינס פון די לידער אין דער יידישער ליטעראַטור וואָס לאָזן זיך ניט פאַרגעסן.

לידער מיינע ווי די גענדז מיט לאַנגע העלדזער,
וואכעדיקע זייט.
לידער מיינע ווי די קעלבער מיט די קיילעכדיקע אויגן,
וואָרט אין יום טוב׳דיקן ציטער,

ווייל עס דרעמלט ניט און שלאָפט ניט אייער היטער,
און דער וואָס האַלט דעם חלף קומט אין צייט.

ווען מען לייענט די צוויי שורות אין פאַרבינדונג מיטן סטראָף ערשט דעמאָלט קען מען דערפילן די עשירות, די קרעפטיקייט, און דאָס אייגנאַרטיקע געשטאַלט וואָס פאַרגלייכן קענען אין זיך איינזאַפּן אין אַ פאַסיקער קאָנטעקסטועלער סיסטעם.

לייוויק צייכנט זיך בכלל אויס מיט זיינע מעטאָדן ביים מאַניפּולירן מיט די באַוועגונגען פונעם קאָנטעקסטועלן מעכאַניזם. אָבער אייגנטאַרטיקייטן אין פאַרגלייכן זענען בלי ספק איינער פון וויכטיקע סימנים פון יעדער קינסטלערישער פערזענלעכקייט. איך פיל אַז ווען מיר זאָלן צוזאַמען נעמען דאָס גאַנצע מעטאַפאָרישע אייגנס פון אַ קינסטלער וועלן מיר אין דעם געפינען אסך פון די אייגנאַרטיקע שטריכן פון זיינע קינסטלערישע פאַרדינסטן. דאָס דאַרף מען נאַטירלעך אויספּרובירן. איך אליין האָב דאָס געטאָן, און ווייט ניט אויף קיין גרינטלעכן אופן,ליידער בלויז אין איין פאַל [7]. אָבער וואָס מער איך טראַכט זיך אריין אינעם ענין, אַלץ מער פיל איך אין דעם קען זיך שאַפן א רייכער מאַטעריאַל פאַר וויסנשאַפטלעכער פאַרשונג פון דער וואָרט־קונסט און פאַר ליטעראַטור קריטיק.

איך קען זיך ניט אָפּהאַלטן פון נאָך א וויטערדיקער באַמערקונג. עס איז זייער מעגלעך מען זאָל געפינען ניט בלויז ביי קינסטלער נאָר ביי אַלע מענטשן ספּעציעלע נייגונגען ביים אויסקלייבן רעטאָרישע פאַרגלייכן. מיר אַלע באַנוצן זיי אין רעדן, ספּעציעל אין עמאָציאָנעלע מאָמענטן. היינט אויב מען קען זיי קלאַסיפיצירן אויף באַשטימטע סאָרטן, לאָזט זיך גלויבן מען זאָל דורך זיי קענען אויסגעפינען פערזענלעכקייט שטריכן בכלל. דאָס איז אָבער פאַרבונדן מיט זייער אסך אָנגעשטרענגטער וויסנשאַפטלעכער ארבעט וואָס ביז איצט האָט זיך נאָך דערווייל קיינער ניט צוגערירט צו דעם.

VII

## מעטאַפאָריק און קינסטלערישע שפּראַך

די אַנאַלאָגיע צווישן רעטאָרישן פאַרגלייך און שפּראַך לאָזט זיך פירן נאָך אַביסל ווייטער, כאָטש עס זענען פאַראַן, ווי שוין באַמערקט, גאַנץ קלאָרע אונטערשיידן און גרענעצן. פילאָלאָגן האַלטן אז דער גאַנצער שפּראַך־בנין איז באַזירט אויף

7) זע מיין ארטיקל: מ. ל. האַלפּערנס משה לייב. אין זאַמלביכער 2, רעדאַקטירט פון י. אָפּאַטאָשו און ה. לייוויק, ניו יאָרק, 1936.

סובסטאַנטיווע און ווערבאַלע קאַטעגאָריעס. עס איז ניטאָ קיין שפּראַך וואָס זאָל ניט פאַרמאָגן קיין זאַכווערטער און צייטווערטער, בעת אלע אַנדערע שפּראַך־טיילן זענען שוין ניט קיין אבסאָלוטע נויטווענדיקייט [8]). אין דער אַנטוויקלונג פון שפּראַך ביי קינדער זעט מען אויך אז זאַכווערטער און צייטווערטער קומען צום ערשטן.

די פּריעדיקע קלאַסיפיקאַציע פון פאַרגלייכן איז געבויט אויך אויף די זעלביקע צוויי פונדאַמענטאַלע קאַטעגאָריעס, מיט דעם זייער וויכטיקן אונטערשייד וואָס ביי שפּראַך איז פאַראַן זאַכן בעת אין דער מעטאַפאָרישער דערפאַרונג איז דאָס צושטאַנדן. אַנדערש קען עס דאָך ניט זיין ווען מיר האָבן אין זינען די פּריער־אָנגעוויזענע פונדאַמענטאַלע נפקא מינהס צווישן די צוויי. ממילא קומט אויס אַז די סובסטאַנטיווע קאַטעגאָריע אין רעטאָרישן פאַרגלייך, דאָס זענען די קוואַ־ליטעטן און געפילן, און די שייכות׳ן געהערן צו דער ווערבאַלער קאַטעגאָריע.

עס איז כמעט איבעריק אונטערצושטרייכן אַז זאַכן און קוואַליטעטן זענען אייגנטליך צוויי זייטן פון איין מטבע [9]). אין אַ לאָגיש געבונדענעם אינהאַלט זענען בכלל ניטאָ קיין נאַקעטע באַצייכענונגען פון זאַכן. יעדעס וואָרט וואָס סימבאָליזירט אַ זאַך דריקט אויך אויס געוויסע אייגנשאַפטן פון דער זאַך, אפילו ווען דאָס וואָרט אָפט ניט ארויסגעזאָגט. ווען אַש זאָגט אין שלמה נגיד: א לאַנגע צייט האָט די משפּחה פאַרנומען אין שטעטל די שטעלע פון רב״, איז ניט שווער זיך אָנ־צושטויסן אַז דאָס וויל אונדז דער שרייבער דערציילן וועגן אַ שיינער משפּחה, וועגן אַ געהויבענער משפּחה. אַזוי איז דאָס פּאַקטיש אין יעדן זאַץ. רעגן קען מיינען אומעט, זונשיין — פרייד, אאַז״וו. יעדע סובסטאַנטיווע ווענדונג שלעפּט מיט זיך מיט אַ קוואַליטאַטיווע דיפערענציאַציע. אין שפּראַך ווערט אָפט דער אַדיעק־טיווער הינטערגרונט פאַרשוויגן, כאָטש ער איז תמיד פאַראַן. אין רעטאָרישן פאַרגלייך שפּילט די ריינע סובסטאַנטיווע זייט פונעם ווייזפּונקט בלויז אַן אומדי־רעקטע ראָלע, און זי ווערט אָפט פאַרטראָטן דורך קוואַליפיצירנדיקע פּסיכישע צושטאַנדן.

שייכות׳ן געהערן צו דער ווערבאַלער קאַטעגאָריע, ווייל דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן מיט די אופנים ווי זאַכן ווירקן איינס אויף ס׳אַנדערע, וואָס זיי טוען איינס צום אַנדערן, אאַז״וו. אויף אַזאַ אופן זענען ביידע קאַטעגאָריעס וואָס זענען נויטווענדיק אין שפּראַך אויך פאַרטראַטן אין רעטאָרישן פאַרגלייך. דאָס פירט אונדז צוריק צום געדאַנק אַז דער פאַרגלייך איז אַ מין איבער־שפּראַך, אַ שפּראַך

---

8) Edward Sapir, Language, p. 126, 1921.

9) J. Vendryes, Language, pp. 120-21, 1925.

וואו צייכן און ווייזפונקט באַשטייען ניט פון איינצעלנע ווערטער נאָר פון פּאַרטיקע קאָנטעקסטועלע מעכאַניזמען, און איין קאָנטעקסט פאַרטרעט סימבאָליש דעם צווייטן. מיר דאַרפן אָבער זיך היטן ניט פאַרפירט צו ווערן פון דער אַנאַלאָגיע, און געדענקען די גאָר באַזונדערע כאַראַקטער־שטריכן פון אָט דעם רעטאָרישן לשון. וואָרים נאָך אַלעמען, און שטרענג גערעדט, איז די מעטאַפֿאָרישע פיגור פאָרט קיין סימבאָל ניט אין געוויינטלעכן זינען פונעם וואָרט, ווייל דער כוח פונעם סימבאָל ליגט אין זיין אבסאָלוטער פאַרשמעלצונג מיטן ווייזפונקט. וואס מער מיר דערזעען ניט, דערפילן ניט אין אים זיין סימבאָלישן כאַראַקטער אַלץ בעסער ארבעטן די פונקציעס וואָס ער איז באַרופן דורכצופירן. עס איז די עובדא פונעם סימבאָל אונדז אזוי צו באַווירקן אַז מיר זאָלן דערשפירן אין אים די ענדגילטיקע רעאַליטעט; אַז מיר זאָלן אינעם מגן דוד, למשל, ממש דערזען דעם גייסט, אָדער די נשמה פון יידישן פאָלק. אָבער גראָד דאָס וואָס גיט דעם סימ־באָל זיין כוח וואָלט אין גאַנצן צעשטערט דעם פאַרגלייך, וואָלט אָפּגעטייט זיין קרעפטיקייט.

ביישפּילן דערפון האָבן מיר גאַנץ גענוג אין דער שפּראַך. עס איז כמעט ניטאָ קיין זאַץ אָן פאָסילן פון רעטאָרישע פיגורן. א חוץ דעם האָבן מיר דאָך אַזוי פיל מעטאַפֿאָרישע אויסדרוקן וואָס האָבן שוין פון לאנג פאַרלוירן זייער פיגוראַ־טיוון ווערט ווייל זייער סימבאָלישער כאַראַקטער איז אָפּגעמעקט געוואָרן אין אונדזער באַוואוסטזיין, און מיר נעמען זיי אויף ווי ווערטלעכע שפּראַך־צייכנס. בקיצור, זיי זענען געוואָרן עכטע שפּראַכליכע סימבאָלן. זייער פיגוראַטיווקייט איז אָבער נאָך גענוג אָנזעעוודיק אַז מיר זאָלן זיי קענען רעסטאַווירן מיט אַ קליינער אָנשטרענגונג. אזעלכע אויסדרוקן ווי: „ער פירט אים ביי דער נאָז", „עס ווערט אים פינסטער אין די אויגן", „ער ווייס ניט פון זיינע הענט און פיס" — אַלץ קלאָרע מעטאַפֿאָרישע מוסטערן, אָבער דער זאַפט איז פון זיי שוין לאַנג־אויסגערונען. זיי זענען אָפּגעריבן, אָפּגעמעקט, אָפּגעטייט, פונקט ווי די מעטאַ־פֿאָרישע ווענדונג פון די דריי ציטווערטער מיט וועלכע איך האָב זיך נאָר וואָס באַנוצט.

אגב, דער לעצטער פּאַראַגראַף קען אונדז קלאָר מאַכן נאָך אַ וויכטיקן פונקט. מיר זעען אַז ציטווערטער קענען גיכער און גרינטלעכער פאַרלירן זייערע פיגוראַטיווע סימנים איידער זאַכווערטער. אין אַזאַן אויסדרוק ווי „רייסן שטיקער פון א מענטשן", איז ניט שווער צו באַמערקן דעם פיגוראטיוון כאַראַקטער פון „שטיקער", אָבער עס וועט אַזוי לייכט ניט איינפאַלן אז אויך „רייסן" איז א רע־

טאַרישע פיגור. וואָס די סיבה פון דעם זאָל ניט זיין איז דאָס סיי ווי גוט צו האָבן אין זינען ביים אַנאַליזירן אַ קינסטלערישע קאָמפּאָזיציע.

איז אפשר קיין חידוש ניט וואָס אין אַלע ביז איצטיקע פאָרשונגען איבער מעטאַפּאָריק האָט מען על פי רוב — מיט עטלעכע אַנגעוויזענע אויסנאַמען — געלייגט דעם טראָפּ אויף די דירעקטע סובסטאַנטיוועו, ניט אויף די אַדיעקטיווע און אויך ניט אויף די ווערבאַלע קאַטעגאָריעס. דאָס איז בלי ספק זייער א גרויסער חסרון ווייל עס פאַרשטעלט פון אונדז דעם אמתן כאַראַקטער פונעם מעטאַפאָרישן אויסדרוק. ווארים אין לעבעדיקע פאַרגלייכן — די וואָס לעבן נאָך פאר אונדז אין דער שפּראַך און די ניי־געשאַפענע אין דער ליטעראַטור — ווייזן זיך ארויס בולט׳ער די פונקציעס פון דער דאָזיקער איבער־שפראַך. גראָד דאָרט וואו די ענלעכקייט צווישן ממשות׳דיקע זאַכן שפּילט ניט קיין עיקר ראָלע, דאָרט קענען מיר בעסער איינזען אַז מיר פאַרגלייכן ניט זאַכן, ניט איינצעלנע מאָמענטן, אָדער באַגריפן, נאָר גאַנצע קאָנטעקסטן. בלויז אויף אַזאַ אופן איז מעגלעך צו דערנענטערן און פאַרבינדן אין באַוואוסטזיין צוויי באַזונדערע אינהאַלטן און דאָך זאָלן זיי בלייבן קאָנטעקסטועל באַזונדער אין דער זעלביקער צייט. אין אָט דער גלייכצייטיקער באַזונדערקייט און צוזאַמענדיקייט דאַרף מען זוכן דעם קוואַל פון הנאה וואָס מיר האָבן פון דער דאָזיקער מעטאַדע אין שפּראַכלעכן אויסדרוק.

———o———

# האַנטדרוק

פון

## א. קעמל

דורך נאַכט זיך פעדימט שטראַל פון דער לבנה.
אין דרימל זיפּצעט סטרונע מיט כוונה.
אין שטומער שטילקייט האַרציק רופט אַ כוואַליע.
ער גיט אַ וואונק דעם פריילין־פּרילינגסטאַליע.
קום איך צו זיך, ווי, צו אַ „זי״ א „דו״.
רעגט איבעררייד פון שטורעם מיט מיין רו.
אין שפּיגל האַלט געזיכט זיין ראַנדעוואו.
פאַרליבטע האַנט צו האַנט זי דריקט זיך צאַרט:
נאָך סאַפּפאָ־לעסבישן באַריר זי גאַרט;
הויט ווייך, די דאָליע פון דער דלאָניע האַרט...



# מיין זיידע דער „מכניס־אורח״

פון

## א. י. קריזאָווסקי

עס טויכט זיך אויף אין טיף פון מיין געדעכעניש,
נאָכן וואסער־בראָך פון מיל, אייז־קריעס־ברעכעניש,
דעם זיידעס אויגן — פלאַמען פייכטע, עלנד־טייכן —
ער רעדט צו מיר, ווי צו אַ גרויסן — זיינס אַ גלייכן.

און מיטאַמאָל — דער זיידעלע וואַקסט אויס — הויך גרויס!
ער טוט אַ בליץ: „איך גיי אין שטאָט און בוי אַ הויז!
און באַלד געקויפט אין מאַרק אַ פלאַץ, — געלאָזט זיך קאָסטן;
און מיט אַן אייל, מיט פלאַם אין אויג, דעם פלאַץ געמאָסטן.

מיט קרייד געצייכנט אויפן טיש צום צאָל און שפּאַן,
„שוין פאַרטיק — ווייזט ער מיר מיט פרייד — „דאָס הויז״, דעם פּלאַן.
אַראָפּגעבראַכט אַ דאָרף מיט גויטשיקלעך און גויים,
און, אין אַ מזל׳דיקער שעה, געשטעלט זיך בויען.

גייט אום דער זיידע מיט שפּאַגאַט און קוילט־אַן.
די גויטשיקלעך מיט גרויסע העק ווייזט וואָס צו טאָן.
קומט „מיטאָג״, שטעלט דער זיידע „מאַנאָפּאָלקעס״ בראָנפן,
די גויטשיקלעך, מיט פייכטן אויג, דעם זיידן, חנפ׳ען:

„דאַי באָזשא שטאַשטשאַ, נאַש פּאַן יאַשעל, דאָברי זשיד״.
און מ׳וויקלט אויף די טאָרבעס מ׳צלמ׳ט זיך, מיט אַפּעטיט.

מען לייגט אין מויל פּאַוואָליע שטיקלעך „סלאָנינע"
און מ'טוט אַ יאָג זיך טאָמער פאַלט אַ ברעקל בלינע.

און אָט „פּאַרשניאָשקעט" כראָפּעט שוין „איוואַן כראָפּון".
און אָט אין הערצל פריילעך, גאָלדיק שפּילט די זון,
און אָט שוין פּאַרטיק ס'הויז מיט סוכה־דעכל־פּליגל,
און אויפן דאַך דער קוימען — וואַכט מיט רויטע ציגל.

איך לויף פון חדר, טאַנצט פּאַראויס פאַר מיר מיין פרייד,
מיין חוט־השדרה שפּילט דורך זעל און אינגעווייד,
אין „יוסף מיט די ברידער" טו איך זיך פאַרוואַנדלען,
די רייכסטע אינגלעך שטופּן זיך מיט מיר צו „האַנדלען".

דער שטאָלץ פון שטעטל איז מיין זיידעס נייע הויז,
איז מיט דעם זיידן און מיט מיר די שמחה גרויס,
איך קום פון חדר העלף איך אים מיט טשוועקעס, האַמער,
דאָס בויט דער זיידע איצט פאַר אורחים צו — אַ קאַמער.

האָט ס'קעמרל אַן אורח אַלע מאָל געהאַט,
עס טרעפט עס קומט אַן אָרימאַן־„אַריסטאָקראַט"
אַ מגיד, צי א חזן, צי דאָס "גוטיאָר ווייס אים".
און קאָן אין הקדש דאַך ניט זיין מיט די הקדושים.

זיי טרעפן שוין צום קעמערל פון ווייט אהער,
שווער שטויב־באַשטיוולטע מיט פעק און הערצער־שווער.
אין זייער ווייטן קלוגן בליק פון לענדער־וואַנדער,
פון זיידנס הויז דערציילן זיי זיך איינס־אַנאַנדער — — —





# „בונדיזם" און יידישקייט

פון
## א. מחבר

(אין באַצוג צו י. י. טרונקס עסיי „בונד און בונדיזם" אין „אונזער צייט", סעפּ. 1944)

דער חשוב'ער קאָלעגע י. י. טרונק האָט אָנגעשריבן א זייער אינטערעסאַנטע אָפּהאַנדלונג. זי האָט געמעגט, אפשר, הייסן: „שמע ישראל!" „הער, ר' ישראל, וואָס דו געפינסט זיך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע!" דער גייסטרייכער עסיי אַנטהאַלט אין זיך א וואָרנונג, שטראָף־רייד און אן אַנדייט אויף אַ „פּראָיעקט־פּראָגראַם" פאַר דעם אמעריקאַנער איד בלשון רבים.

י. י. טרונק קומט דאָס מאָל ארויס מיט קלאָרע און שאַרפע דיבורים. ער זאָגט דער אמעריקאַנער אידנשאַפט, אַז עס איז צייט זי זאָל אויפהערן זיך צו באַגענוגענען מיט אידישער פילאַנטראָפּיע, מיט ארויסהעלפן דעם אָרימען קרוב, נויט־באַדערפטיקן אידנטום פון אייראָפּע און ארץ־ישראל און זאָל זיך פאַרטראַכטן וועגן איר אייגענעם מצב. ער רופט די אַמעריקאַנער אידן תשובה טאָן, מאַכן א חשבון הנפש, באַטראַכטן די אייגענע מעשים, דעם אייגענעם אויפפיר, און זיך פאַרטראַכטן וועגן דער אייגענער צוקונפט.

ווי האַלט עס מיטן אַמעריקאַנער אידישן ישוב, וועמענס אידישקייט און אידענטיטעט ווערט דאָ צעשמאָלצן אונטער די ליבלעך־וואַרימע שטראַלן פון דער זון פון דעמאָקראַטישער גלייכבאַרעכטיקונג, ווי די ערשטע וואָלטן זיין געקנאַטן פון שניי...

י. י. טרונק גיט א גוט־צוגעטראָפענע באַשרייבונג פון דעם אידישן קהל דאָ אין לאַנד. די אידישע מאסן זיינען אָפּגעשטאַנען פון אידישקייט, פון אידישן המשך־לעבן, פון אידישער אייגנאַרטיקער קולטור, פון אידישע לאָיאַליטעטן און התחייבותן און זיינען, צו דער אייגענער צייט, ניט צוגעשטאַנען צום אַמעריקאַנער ניט־אידישן לעבן. זיי פלאָנטערן זיך. זיי זיינען ניט דאָ און ניט דאָרטן. פון איין ברעג אָפּגעשוואומען, צום צווייטן ניט צוגעשוואומען, זיינען זיי א שפּילצייג פון ווינט און וואַסערצוגן. זיי ווערן געטראָגן פון אַן אומבאַשטימטער סטיכיע צו אַן אומבאַשטימטן ערגעץ. אויף אַזאַ שטייגער וועלן זיי קיינמאָל ניט דערגרייכן קיין פּאָרט.

י. י. טרונק שרייבט:

„די אידישע מינדערהייט אין אַמעריקע האָט זיך ניט אַנטשלאָסן נישט אויף נאַציאָנאַלן קיום און נישט אויף אַמעריקאַנער אסימילאַציע" (ז. 32) י. י. טרונק וואָרנט קעגן דער שעדלעכער פּאַסיוויטעט, וואָס וועט אומפאַרמיידלעך ברייגנען צו א פולשטענדיקן פונאַנדערפאַל פון אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז פאַר אַ אידיש היסטאָרישער קאַנטינואיטעט אין גייסט פון דינאַמישער שעפערישער אידישקייט. ער רופט די אידישע מאסן זיי זאָלן זיך באַזינען, אַנטשליסן און נעמען פירן אַ פּאָזיטיוון־אקטיוון אידישן לעבן, „אויף א נאַציאָנאַלן וועלט־אופן פאַרטזעצן זייער קיום אין די ראַמען פון א פאַרטשרייטנדיקער מענטשהייט" (ז. 34).

אונטער אָט־דעם אויפמונטערדיקן רוף וואָלטן מיר זיך געקענט אונטערשרייבן אָן קיין קווייקלעניש, ווען ער פאַרבינדט ניט זיינע פּערספּעקטיוון אויף אידישקייט אויפלעבונג מיט דער איבערפלאַנצונג פון „בונד" אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן. לויט אים נאָך קומט אויס אַז „בונדיזם" איז אַ סינאָנים פאַר „שעפעריש נאַציאָנאַל אידישקייט", אַ זאַך וואָס פּאַטופּעט זיך ביי אונדז אין קאָפּ.

אָט־וואָס ער שרייבט:

„ווען אידן אין אמעריקע וועלן זיך סוף־כל־סוף באַשליסן צו גיין אויפן וועג פון פולער אידישער קאָנטיטואיטעט, וועט דעם בונדיזם אין זיך האָבן די גרויסע שאַנסן צו זיין אַ וועג־ווייזער און א קאָנסטרוקטיווער אידעאַל פון אידישקייט אין אַ דערהויבענער מענטשלעכער צוקונפט". (ז. 36)

בונדיזם אַלס אַ טרעגער פון א אידעאל פון אידישקייט!

דאָס איז אַזוי טשיקאַווע אַז מיר האָבן עס ניט געקענט דערוואַרטן פון דעם גרעסטן „מיסטיקער" פון בונד.

איך מיין, חס־ושלום, ניט צו זאָגן אז דער „בונד" מיט אַלע זיינע חסרונות, פעלערן און טעות'ן האָט ניט קיין באַדייטענדיקע פאַרדינסטן פאַר דעם לעבן פון די אידישע מאַסן אין ליטע, פוילן. אָבער פון האָבן פאַרדינסטן אויפן פעלד פון עקאָנאָמיק, פון אויפהויבן דעם ניוואָ פון ווירטשאַפטלעכן מצב פון די אונטערדריקטע אָרימע אידישע מאַסן, פון לערנען מיט זיי דעם אלף־בית פון פּאָליטישער טעאָריע און פּראַקטיק, פון אפילו פאַרדינט זיך מאַכן אויפן געביט פון קולטור אין דעם גאַר עלעמענטאַרן פשט פון וואָרט, ווי אויסלערנען דעם פאַרגרעבטן און פארשקלאַפטן אַרבעטער צו לייענען אַ פּראָקלאַמאַציע, אַ פּאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדע בראָשור און זאַגאר, צייטנווייז, א ביכל — ביז צו פּראָקלאַמירן זיך אלס „אַ קאָנסטרוקטיווער אידעאַל פון אידישקייט" איז א גאַר ווייטער מהלך.



# לעוו שעסטאוו, דער גאָט־זוכער

פון

## דר. ד. גלאָבוס

ממעמקים קראתיך ה׳ (תהלים, ק״ל)

מיט פינף יאָר צוריק איז אין פּאַריז געשטאָרבן שטיל און איינזאַם, ווי ער האָט געלעבט, לעוו שעסטאוו — זיין אמת׳ער נאָמען איז געווען לעוו שוואַרצמאַן — אַ קיעווער ייד וואָס איז געוואָרן אַ דענקער פון א באַדייטנדיקן פאַרנעם, וואָס איז אָבער ניט געגאַנגען אויף די אויסגעטראָטענע פילאָזאָפישע וועגן און האָט אפילו באַקעמפט די פילאָזאָפיע. שעסטאוו איז לחלוטין אנדערש פון אלע אנדערע פילאָזאָפן. ער רעדט אַנדערש, ער דענקט אנדערש און דער עיקר — ער פילט אנדערש. קיינער, אויסער ניצשען, האָט ניט געשריבן מיט אַזאַ פייער און פּאַטאָס, מיט אַזאַ הארצווייטיק. ווי ניצשע וויל ער אויך אומווערטן אונזערע ווערטן און אוועקשטעלן אַנדערע צילן פאַר דער פילאָזאָפיע. ס׳איז אָבער א יידישער ניצשע, מיט א יידיש האַרץ, א האַרץ פול מיט ליבע און רחמנות, פול מיט זאָרג און מיטגעפיל פאַר די ליידנדיקע און אומגליקלעכע. ווי ניצשע רעגט שעסטאוו דעם לייענער געוואלדיק אויף עמאָציאָנעל. איר ווערט ביים לייענען אים פארפלייצט מיט אַ שטראָם פון נייע, אומגעוויינלעכע געפילן, איר ווערט פלוצלונג אריינגעבראַכט אין אַ נייער וועלט, און עס דאַכט זיך אייך אז ביז איצט זייט איר געווען בלינד און אז ערשט איצט האָט איר דערזען דאָס אמת׳ע ליכט.

אין דעם ענג־טעכנישן זין פון וואָרט איז לעוו שעסטאוו אפשר גאָר ניט געווען קיין פילאָזאָף. ער האָט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין פּאַרזוך צו שאַפן אַ פילאָזאָפישן סיסטעם. זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען געריכט אויף דער פּראָבלעם פון גאָט, אָדער ריכטיקער אויף דער נויט פונם מענטשן צו האָבן אַ גאָט. ער איז געווען אַ גאָט־זוכער אָדער אַ גאָט־געפינער, מחמת ער איז געווען זיכער אז ער האָט געפונען גאָט, און דעם אמת׳ן גאָט — ניט עפּעס אַ שאַטנדיקן, אָב־

סטראַקטן, אומפּערזענלעכן גאָט פון א שפּינאָזא אָדער פון די גרויסע אידעאַליס־טישע פילאָזאָפן ווי העגעל אָדער שעלינג, נאָר אַ לעבעדיקן, פילנדיקן און מיט־פילנדיקן, פּערזענלעכן גאָט, א מענטשלעכן גאָט, אויב מ׳קען זיך אזוי אויסדריקן, דעם גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב, דעם גאָט וואָס קען אונז ברייגנען טרייסט און הילף, דעם גאָט צו וועלכן מיר שרייען פון די טיפענישן און וואָס קען אונדז ענטפערן.

מ׳האָט געזאָגט וועגן שפּינאָזא׳ן אז ער איז געווען פאַר׳שיכור׳ט מיט גאָט — מ׳קען דאָס זעלביקע אויך זאָגן וועגן שעוועסטאָוו׳ן. ער טראַכט וועגן גאָט יום ולילה, הארץ און מוח זיינען אינגאַנצן אָנגעפילט מיט אים. אָבער שעסטאָוו׳ס גאָט, ווי געזאָגט, איז ניט ענלעך אויף שפּינאָזא׳ס, און געקומען צו אים איז ער אויף אַ גאַנץ אנדער וועג. שפּינאָזא האָט אנטדעקט אָדער באַשאַפן זיין גאָט מיט דער הילף פון שכל, אינטעלעקט, לאָגיק, און זיין גאָט, אַ גאָט וואָס איז סובסטאַנץ, ווי ער רופט אים אָן, איז ניט העכער פון דער נאַטור — גאָט און נאַטור זיינען ביי שפּי־נאָזא׳ן איינס. אזא גאָט איז ניט קיין פּערזאָן, ער דענקט ניט און פילט ניט און הערט אונז ניט אפילו ווען מיר שרייען פון די שרעקלעכסטע תהומ׳ען. שפּינאָזא׳ס פּאַנטעאיסטישער גאָט האָט א סך מעלות: ער לייגט זיך אויפ׳ן שכל, ער ווידער־שפּרעכט ניט דער וויסנשאַפט און ער איז שיין און באַפרידיקט אונדז עסטעטיש. אָבער וואָס גיט ער דעם מענטשלעך האַרץ, באַזונדערס ווען עס איז פול מיט יאוש און שרעק און עס לעכצט נאָך טרייסט, האָפענונג און הילף? שפּינאָזא׳ס גאָט איז אייגענטלעך גאָר ניט קיין אמת׳ער גאָט, ער טראָגט אומזיסט דעם גרויסן נאָ־מען. ווייל וואָס פאַר א גאָט איז עס וואָס זעט ניט און הערט ניט, וואָס ווייס ניט פון אונדזערע ליידן און איז טויב צו אונדזערע תפילות, און איז אפילו ניט קיין בעל־הבית איבער זיך אליין? שעסטאָוו איז שטאַרק אומצופרידן מיט די גאָט־אידייען פון שפּינאָזא, שעלינג אָדער העגעל און אפילו פון פּלאָטאָ גופא. „איז דען ווען עס איז געווען א פילאָזאָף וואָס האָט געגלויבט אין גאָט?״, שרייט שעסטאָוו אויס מיט כעס. די מאַטעריאַליסטן זאָגן אָפן אַז ס׳איז ניטאָ קיין גאָט, זיינען זיי לפּחות ערלעך. די אידעאַליסטן טראַכטן אויס עפּעס אן ערזאַץ־גאָט, אַ פאַלשן גאָט, אן אבסטראַקטן, קאַלטן ווי אייז, גאָט, וואָס הייסט ביי העגעלן „אבסאָלוט״ אָדער „אבסאָלוטע אידייע״, וואָס איז טויב און בלינד און איז לחלוטין גלייכגילטיק צו אנדזערע פריידן און ליידן.

די צרה מיט אלע פילאָזאָפן איז, טענה׳ט שעסטאָוו, וואָס זיי גלויבן ניט, אפילו די גלויביקע צווישן זיי, אין דער אַלמעכטיקייט פון גאָט. זיי רעדן אָפט און א סך פון דעם, אָבער באמת גלויבן זיי ניט אין דעם. אַן אמת־אלמעכטיקער גאָט,

טענה׳ט שעסטאָוו, דאַרף זיין אַזוי אומענדלעך מעכטיק, זיין מאַכט דאַרף זיין אַזוי אַבסאָלוט אומבאַגרענעצט, אַז ער זאָל קענען ברעכן ניט בלויז די געזעצן פון דער נאַטור, נאָר אפילו פון דער לאָגיק. ער דאַרף קענען מאַכן אַז א טייל פון עפּעס א גאַנצער זאַך זאָל זיין גרעסער ווי די גאַנצע זאַך גופא, אַז א גלייכע ליניע זאָל ניט זיין דער נאָענטסטער וועג צווישן צוויי פונקטן אָדער אַז צוויי מאָל צוויי זאָל ניט זיין פיר. אויב מיר שטעלן גאָט אַוועק נידעריקער ווי די לאָגיק, ווי די געזעצן פון שכל, איז ער דאָך שוין ניט אַלמעכטיק, איז ער דאָך שוין ניט דאָס גרעסטע און דאָס העכסטע.

צוגעבן אַזאַ גרויסע אַלמאַכט פון גאָט ווילן אָבער די פילאָזאָפן בשום אופן ניט. גאָט איז טאַקע אַלמעכטיק, אָבער אַנטקעגן דער לאָגיק קען ער אפילו ניט גיין. ווייל אויב זיי זאָלן צוגעבן אַזא זאַך וואָלט דאָך געהייסן פאַר זיי צו ווערן אויס פילאָזאָפן, עס וואָלט דאָך געהייסן אַז דער שכל וועמענס פאַרשטייער זיי זיינען, איז געוואָרן אומטריי צו זיך אַליין. דערפאַר, זאָגט שעסטאָוו, איז פאַראַנען אַן אייביקע שנאה צווישן גלויבן און שכל, עס גייט אַן צווישן זיי אַן אייביקע מלחמה. שעסטאָוו שרייבט:

„גלויבן איז דער גלויבן אין גאָט, פאַר וועמען אַלץ איז מעגלעך, פאַר וועמען עס איז ניטאָ קיין אוממעגלעכס. דער מענטשלעכער שכל איז אָבער ניט מסכים מודה צו זיין אַז אַלץ איז מעגלעך: פאַר אים וואָלט דאָס געהייסן אַוועקלייגן אין דעם פונדאַמענט פון דער יצירה אַן אומבאַגרענעצטן ווילקיר, אַן אַרביטראַרישן ווילן. צו זאָגן אַז אַלץ איז מעגלעך פאַר גאָט וואָלט געהייסן צוצוגעבן אַז גאָט רעכנט זיך ניט מיט אונדזער פאַרשטאַנד, ניט מיט אונדזער מאָראַל. קענען מיר אַנטרויען גאָט אונזער גורל ניט זייענדיק פריער איבערצייגט, אַז גאָט איז א שכל׳דיק און מאָראַליש וועזן? און ווי איז אַז גאָט איז אומפאַרנונפטיק, אומעטיש און גרויזאַם? אפילו דער הייליקער אויגוסטין (דער באַרימטער פילאָזאָף און טעאָלאָג פון מיטלאַלטער) האָט געשריבן אַז איידער מ׳גלויבט דאַרף מען זיך פרעגן: ווער איז דער אין וועמען איך וויל גלויבן? גאָט האָט אַלץ באַשאַפן, אָבער דער שכל און די מאָראַל זיינען ניט באַשאַפן געוואָרן, זיי זיינען געווען פריער פון דער וועלט און פריער פון דער אייביקייט״.

דער שכל און דער גלויבן אין גאָט, זאָגט שעסטאָוו, זיינען שוין לאַנג ניט שוה־בשוה. מ׳קען זאָגן אַז די וועלט איז איינגעטיילט אין צוויי חלקים: איין טייל איז אַוועק אין די פוסטריט פון אַברהם דעם זון פון תרח — דאָס זיינען די וואָס האָבן זיך אַ קער געטאָן צו גאָט. די אַלטע גריכישע פילאָזאָפן און זייערע מאָ־

דערנע תלמידים האָבן זיך אָבער אַ קער געטאָן אויף אַן אנדער וועג און האָבן זיך איבערגעגעבן אין דעם געוואַלט פונם פאַרשטאַנד. דער גריכישער פילאָזאָף קלימענט פון אלעקסאַנדריע וואָס האָט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון דריטן יאָרהונדערט האָט דערקלערט, אַז ווען ער וואָלט געדאַרפט אויסקלייבן צווישן אייביקן גן־עדן און גנאָזיס (וויסן), וואָלט ער גענומען גנאָזיס. סאָקראַט וואָס ווערט איצט געשעצט פאַר זיין אומבאַגרענעצטן בטחון אין פאַרשטאַנד האָט געגלויבט, אַז פאַר גאָט ווי פאַרן מענטשן איז ניט אַלץ מעגלעך, אַז דאָס מעגלעכע און דאָס אוממעגלעכע ווערן באַשטימט ניט פון גאָט, נאָר פון אייביקע געזעצן, צו וועלכע גאָט איז אונטערוואָרפן אַזוי ווי דער מענטש. אויך שפּינאָזאַ, דערציילט אונדז ווייטער ל. שעסטאָוו, האָט דערהויבן דעם שכל צו ווערן אַ שופט איבער דעם באַשאַפער גופא. פלאַטאָ האָט געלערנט אַז ס׳איז ניטאָ קיין גרעסערער אומגליק פאַרן מענטשן ווי צו ווערן אַ שונא דעם שכל. העגעל האָט געגלויבט, אַז „די פילאָזאָפיע איז די העכסטע, פרייסטע און חכמה׳דיקסטע (ווייזעסטע) געשטאַלטונג״. דער דענקענדיקער גייסט איז פאַר העגעלן העכער פון אַלץ, העכער פון קונסט, פּאָעזיע און רעליגיע. און דאָס איז די טראַדיציע פון דער גאַנצער פילאָזאָפיע ביז אויף היינטיקן טאָג. „פון אַלע מתנות וואָס דער אויבערשטער האָט געשאָנקען דעם מענטשן״, זאָגט שעסטאָוו, „נעמט דער פילאָזאָף אָן בלויז דעם פאַרשטאַנד״.

וואָס האָט אָבער דער שכל אויפגעטאָן פאַרן מענטשן, אויסער אין ריין־פּראַקטישע, טעכנישע ענינים? — פרעגט לעוו שעסטאָוו. וואָס האָט ער פאַר אים אויפגעטאָן צו מאַכן זיין איבערלעבן לעבן, זיין נשמה גליקלעכער, רואיקער, מער האַרמאָניש? ניט נאָר האָט דער שכל ניט געגעבן דעם מענטשן קיין גליק, ער האָט אים, טענה׳ט שעסטאָוו, געבראַכט אומגליק. ער האָט אים געגעבן אַ מוראדיקע, טרויערדיקע, ליידן און יאוש־ברייינגענדיקע אידייע, די אידייע פון נויטווענדיקייט, ד. ה. דעם געדאַנק, אַז איבער אים און איבער דער גאַנצער וועלט הערשן אייביקע אומפאַראַנטוואָרטלעכע און צו אים לחלוטין גלייכגילטיקע נאַטור־געזעצן. ווען די גריכישע חכמים האָבן נאָך אין טיפסטן אַלטערטום אָנגעהויבן פּרובירן אַריינצודרינגען אין די לעצטע סודות פון וועלט און לעבן, האָבן זיי דערפילט אַז זייער אויפגאַבע קען געלייזט ווערן אונטער איין תנאי — אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז אין דער וועלט איז פאַראַן עפּעס אַ פעסטער, זיכערער סדר. און ס׳איז אויפגעקומען די אידייע פון פעסטער אומפאַרענדלעכער געזעצמעסיקייט, די אידייע פון נויטווענדיקייט. „דער אָנהויב פון פילאָזאָפיע איז דאָס באַוואוסטזיין פון דעם מענטשנס מאַכטלאָזיקייט קעגן דער נויטווענדיקייט״, האָט געזאָגט דער סטאָאיקער עפּיקטעט. עפּיקטעט איז אפשר גערעכט, ס׳איז אפשר אמת אַז דער מענטש איז

מאָכטלאָז קעגן דער נויטווענדיקייט, אָבער ווי טרויעריק די דאָזיקע אידייע איז, ווי פול מיט יאוש און וואָס פאַר אַ שווערע וואונדן זי ברייגגט דעם אָרימען, בענ־קנדיקן, ליידנדיקן מענטשלעכן האַרץ! זי איז דער שוואַרצער שאָטן וואָס שוועבט איבער דעם טראַגיזם פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ, פון „דעם איי־ביקן געוויין פון דער ערד וואָס פאַרלירט זיך אין דעם אייביקן שווייגן פון הימל!...״

האָבן די פילאָזאָפן אָבער גאָר ניט באַמערקט די מורא׳דיקע פאַרוויסטונג וואָס די אידייע פון נויטווענדיקייט ברייגגט אַריין אין מענטשלעכן לעבן? ווי האָבן זיי רעאַגירט אויף דער דאָזיקער אידייע? זיי האָבן געהאַט איין סגולה פאַר איר — די סגולה פון רעזיגנאַציע, פון אונטערגעבן זיך, פון שאַפן שלום אפילו מיט דאָס שרעקלעכסטע, מיט דאָס גרויזאַמסטע — מחמת ס׳איז דאָך אומפאַרמיידלעך. און זיי זיינען געגאַנגען נאָך ווייטער: זיי האָבן געמאַכט א טוגנט פון דעם, זיי האָבן אונז געהייסן קושן די רוט וואָס שמייסט אונדז. די סטאָאיקער האָבן אונדז צוגע־רעדט צו בויגן דעם קאָפּ פאַרן פאַטום, פאַרן בלינדן גורל, און אפילו הנאה האָבן אין ליידן. שפינאָזא האָט מאַטעמאַטיש באַוויזן, אַז די נויטווענדיקייט — דאָס איז גאָט. און העגעל האָט זיך דערטראַכט אַז אַלץ וואָס עס עקזיסטירט איז שכל׳דיק, אויב ניט וואָלט דאָס גאָר ניט געקענט עקזיסטירן.

איז שעסטאָוו אָבער ניט פון יענע וואָס גייען מיטן שטראָם, אפילו מיט אַ שטראָם וואָס פליסט שוין 2500 יאָר. ער צאָרנט אויף דער פילאָזאָפיע פאַר אונ־טערגעבן זיך דער נויטווענדיקייט, מאַכן א יד אחת מיט איר. ער באַשולדיקט די פילאָזאָפן, אַז זיי האָבן אויסגעפונען אז אלץ וואָס האָט אן אָנהויב מוז האָבן א סוף, און אז זיי האָבן אויך אָנטדעקט די אייביקייט, שרעקלעכע אייביקייט וואָס פרעסט אַלץ אויף און קערט קיינמאָל ניט אום דאָס אַוועקגערויבטע און וואָס נעמט צו אַן א ברעקל רחמנות דאָס פאַר אונדז טייערסטע — די וועמען מיר האָבן ליב. דאָס אַלץ האָבן די פילאָזאָפן אויסגעפונען מיט דער הילף פונם שכל, דעם אינטעלעקט צו וועמען זיי בוקן זיך, און ווען זיי האָבן זיך צוגעקוקט צו דעם אַלעם, האָבן זיי מיט שמחה דערקלערט והנה טוב מאד, ס׳איז גוט, ס׳קען גאָר ניט זיין בעסער...

* * *

ניט אלע דענקער זיינען אָבער אַזוי בלינד. דאָ אָדער דאָרטן האָט לעוו שעס־טעוו געפונען פילאָזאָפן און דיכטער וואָס האָבן טיפער אריינגעקוקט אין דעם ענין און האָבן דערזען די גאַנצע טראַגיק, דעם שרעק און דעם יאוש וואָס די אידייע פון נויטווענדיקייט ברייגגט מיט זיך. צווישן פילאָזאָפן דערמאָנט לעוו שעסטאָוו פריער

פון אַלעמען דעם אומבאַקאַנטן מחבר פון איוב, דאַן דעם גריך פלאָטאָניוס, פּאַסקאַלן, ניצשען און דעם סקאַנדינאַווישן פילאָזאָף קירגעגאַרד. דעם גרעסטן פּעסעמיסט און שוואַרצזעער פון אַלע צייטן, אַרטור שאָפּענהויער,, לאָזט שעסטאָוו אויס — אפשר דערפאַר וואָס שאָפּענהויערס פּעסימיזם איז געאַנגען נאָך ווייטער פון שעסטאָווס — ער האָט זיך אנטזאגט אי צו בוקן זיך צו דער נויטוועדיקייט, אי אָנצונעמען די טרייסט פון רעליגיע. עס זיינען געווען אָבער מער דיכטער ווי פילאָזאָפן וואָס האָבן, לויט שעסטאָוו'ן, גוט פאַרשטאַנען די פּראָבלעם. ער שטעלט זיך באַזונדערס אָפּ אויף שעקספּיר'ן, טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי און טשעכאָוו.

און טיף אריינגעקוקט אין דעם ענין פון נויטוועדיקייט האָבן די דאָזיקע דיכטער און פילאָזאָפן דערפאַר ווייל זיי איז פּערזענלעך אויסגעקומען זיך טראַגיש צוזאַמנשטויסן מיט דער נויטוועדיקייט, מיט די אייביקע, אייזערנע געזעצן פון דער נאַטור. זיי זיינען אַלע געווען געפאַנגען אין אַ פאַסטקע, אין דער פאַטאַלער שטאָלענער פאַסטקע פון דער נויטוועדיקייט. זיי זיינען געווען קראַנקע, צעבראָ־כענע, אומגליקלעכע מענטשן. פאַסקאַל און טשעכאָוו האָבן געוואוסט אַז זייערע קראַנקהייטן זיינען אומהיילבאַר און אַז זיי איז ניט באַשערט צו לעבן לאַנג. ניצשע האָט דערצו נאָך געוואוסט אַז פאַר אים האָט די נויטוועדיקייט אָנגעגרייט לאַנגע יאָרן פון משוגעת. חוץ דעם איז ער געווען זייער איינזאַם, פאַרזען און פאַרנאַכ־לעסיקט פון דער גאַנצער וועלט. אויך אויף קירגעגאַרטן האָט זיך קיינער ניט אומגעקוקט און אויך ער האָט געליטן פון אַ שווערער, אומהיילבארער חולאת. דאָסטאָיעווסקי איז געווען פאַר'משפט צום טויט. ער איז דורכגעגאַנגען פיר שוידערלעכע יאָר קאַטאָרגע, האָט געליטן פון עפּילעפּטישע אָנפאַלן און איז זיין גאַנצן לעבן געווען שוידערלעך אָרים און פאַרזונקען אין חובות. די דאָזיקע מענטשן איז אויסגעקומען צו לעבן אין די פינסטערע טיפענישן אין וועלכע קיין איין שטראַל פון האָפנונג האָט ניט געקענט אריינדרינגען, זיי האָבן דורכגעלעבט מאָמענטן פון אומבאַשרייבלעכע שרעק און פאַרצווייפלונג, און אין יענע מורא'דיקע מאָמענטן האָט זייער פילאָזאָפישער געדאַנק געאַרבעט מיט אַ געוואַלדיקן אימפּעט און קלאָרקייט, און זיי האָבן דאַן געזען זאַכן, וואָס אַ געוויינלעך מענטשלעך אויג זעט ניט. און זיי האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו אַנטלויפן פון דער תפיסה פון נויטוועדיקייט, אַ תפיסה וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן פונם מענטשלעכן שכל. האָבן טאַקע ניצשע, דאָסטאָיעווסקי און קירגעגאַרד דערקלערט אַז צו ווערן פריי דאַרף דער מענטש אראָפּוואַרפן פון זיך די איבערהערשאַפט פונם מענטשלעכן פאַרשטאַנד.

לעוו שעסטאָוו איז גענויגט צו אנערקענען אַנדערע דענקער פאַר באַשאַפער

פון אידייען וואָס האָבן צום ערשטן מאָל אויפגעבליצט אין זיין אייגענעם מוח. דער גרעסטער און אַנטשלאָסנסטער בונטאַר קעגן דער בויטוועגדיקייט און קעגן דעם מענטשלעכן שכל איז שעסטאָוו גופא. מיט א קול וואָס איר פילט אז ער קומט פון די טיפענישן פון זיין האַרץ, האַלט ער עקשנותדיק אין איבערחזרן אַז דער פאַרשטאַנד האָט אונדז אומגליקלעך געמאַכט ווייל ער האָט אונדז איבערגעגעבן הילפלאָז אין די האַרטע הענט פון די טויבע און בלינדע נאַטור געזעצן. מיר „פאַר־שטייען" א דאַנק דעם שכל, אָבער דאָס דאָזיקע „פאַרשטיין" פאַלט אויף אונדז ארויף ווי א ריזיקער, שווערער שטיין פון עפעס אַ סודותדיקן אַרט און צעקוועטשט אונדזער באַוואוסטזיין און מאַכט אַנמעכטיק אונדזער דענקן.

מיט א דרייסטקייט וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט אַנטזאָגט זיך ל. שעסטאָוו צו אָנערקענען די לאָגיק אַלס איינציקן און לעצטן מיטל צו דערגיין דעם אמת. אמת, אַ=א איז זייער א גוטער און נוצלעכער פּרינציפּ אין געוויינלעכן לעבן, ער האָט פאַר אונדז אין פּראַקטישע זאַכן א סך אויפגעטאָן. „אין געוויינלעכע זאכן און אויף העל באַלויכטענע ערטער", שרייבט שעסטאָוו, „איז קלאָר אז דאָס גאַנצע איז גרעסער פון זיין טייל, אַז ס'איז ניטאָ קיין ווירקונג אָן א סיבה און אז יעדע־רער זעט וואָס אַנדערע זעען. עס זיינען דאָך אָבער פאַראַנען ערטער, וואו די שטראַלן פון דער זון דערגייען ניט — אונטער דער ערד, אויפן גרונט ים, אין די תהומען פון יאוש. דאָרטן איז ניטאָ קיין ליכט, דאָרטן איז פינסטערניש; איז דאָרטן ניטאָ קיין מעגלעכקייט פון לעבן און קיין אמת פון לעבן? אפשר געפינען זיך גאָר דאָרטן די טיפסטע, די ניט דערגרייכטע אמת'ן? און ווי אז איינער קומט צו אונדז פון די ניט־באַלויכטענע ערטער און האָבנדיק דורכגעלעבט די שודיערלעכסטע שרעקן רעדט ער צו אונדז ניט אויסגעהאַלטן קאָנסעקווענט, ווי מיר זיינען געוואוינט אז מ'זאָל צו אונדז רעדן, פּלאָנטערט זיך אין היפוכים, ווייל ער קומט פון אַ פּלאַץ פון היפוכים — זאָלן מיר אים פאַרשטויסן און ניט אויסהערן?"

* * *

וואָס זשע בלייבט אונדז מענטשן צו טאָן? איז פאַראַן אַן אויסוועג פאַר אונדז? לעוו שעסטאָוו איז מוטיק גענוג ארויסצוקומען אָפן און זאָגן: לאָמיר לחלוטין אויפגעבן דעם שכל אַלס פירער פון לעבן און לאָמיר אַוועקשטעלן אויף זיין אָרט דעם גלויבן. ער מיינט ניט, ווי ס'איז שוין פריער באַמערקט געוואָרן, אַז מיר דאַרפן אויפגעבן דעם פאַרשטאַנד ווען עס האַנדלט זיך וועגן פּראַקטישע זאַכן; צוליב פּראַקטישע צוועקן מעגן מיר זיך באַנוצן מיטן שכל אין דער פולסטער מאָס. שעסטאָוו מיינט אַז מיר דאַרפן זיך אָפּזאָגן פון דעם פאַרשטאַנד ווען עס קומט צו

די גורלדיקע פראַגן פון לעבן און טויט, די טראַגישע „לעצטע״ פראַגעז. שעסטאוו וויל א סך. ער באַנוגנט זיך ניט מיט דעם אַז די פילאָזאָפיע זאָל זיך אַביסל אָפּרוקן און לאָזן אַ שטיקל פּלאַץ פאַר רעליגיע, ווי עס שלאָגן פאָר דענקער ווי הערבערט ספּענסער, וויליאם דזשיימס און אַנדערע שלום־מאַכער צווישן רעליגיע און וויסנ־שאַפט. און שעסטאָוו וויל אויך ניט קיין גאָט וואָס איז קאָנטראָלירט און באַגרענעצט פון מענטשלעכן פאַרשטאַנד. ער וויל אַ גאָט וואָס האָט אין זעקס טעג פון גאָרנישט באַשאַפן אַ וועלט, און אַ וועלט וואָס איז אינגאַנצן אַנדערש ווי די וועלט פון דער גרי־כישער פילאָזאָפיע.

וואָס איז דער חילוק צווישן די צוויי וועלטן ?

די גריכן (און אויך די פילאָזאָפן פון וייטן מזרח) האָבן זייער פרי זיך דערטראַכט צום געדאַנק, אַז אונדזער וועלט איז זייער א שלעכטע און אומפּוקומענע וועלט אַ דאַנק דעם וואָס יעדע זאַך אין איר און יעדע בריאה האָט אַן אָנהויב, איז באשאַפן אָדער איז געבוירן געוואָרן. איינער פון די ערשטע גרויסע גריכישע דענקער, אנאַקסימאַנדער, זאָגט : „פון וואַנען ס׳איז געקומען צו איינצלנע ברואים זייער געבורט — פון דאָרטן, נויטווענדיקערווייז, וועט צו זיי אויך קומען זייער אונטער־גאַנג. איינער באַשטראָפט דעם אַנדערן פאַר דער זינדיקער טאָט״. די דאָזיקע אידייע גייט דורך ווי א רויטער פאָדעם דורך דער גאַנצער פילאָזאָפיע פון אַלטן גריכנטום — דאָס געבורט פון לעבעדיקע בריות און באַזונדערס פונם מענטשן ווערט באַטראַכט פאַר אַ זינדיקער חוצפּה, פאַר וועלכער דער טויט איז די גערעכטע שטראָף.

גאַנץ אנדערש, טענה׳ט לעוו שעסטאוו, איז דער יידישער רעליגיעזער בליק. אַלץ איז באַשאַפן געוואָרן פון דעם באַשאפער, לייענען מיר אין בראשית, אַלץ האָט געהאָט אַן אָנהויב — אָבער צוליב דעם איז די וועלט ניט מחויב געווען צו זיין זינדיק, שלעכט און פאַרדאָרבן. אדרבה אָט ווייל די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן פונם גרויסן און גוטן באַשאַפער איז דאָס דאָך שוין די בעסטע ראיה און פאַר־זיכערונג אַז זי איז גוט. דער באשאפער גופא איז געווען שטאַרק צופרידן מיט זיין ארבעט : וירא אלהים את כל אשר עשה והנה טוב מאד. טאַקע דערפאַר וואָס די מענטשן זיינען אַ פּראָדוקט פון דעם באשאפערס הענט, טענה׳ט לעוו שעסטאוו, און ווייל ער האָט זיי געבענטשט זיינען זיי ווען זיי זיינען ערשט באַשאַפן געוואָרן געווען פולקום און האָבן ניט געהאַט קיינע חסרונות. „ס׳איז ניט געווען קיין איבל אין דער וועלט וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פון גאָט, ס׳איז אויך ניט געווען קיין זינד פון וועלכע דער איבל הויבט זיך אָן״.

אָבער מיר זעען דאָך פאָרט, מיר זעען דאָס קלאָר מיט אונדזערע אויגן, אַז

דער מענטש און די וועלט בכלל זיינען ווייט פון פולקום, אדרבה, די וועלט איז פול מיט זינד און איבל, ווי זשע דערקלערט און פאַרענטפערט דאָס לעוו שעסטאוו? זיין ענטפער איז דער ענטפער פון די הייליקע שריפטן. „דער מענטש אין גן עדן, דערציילט ער אונדז, האָט מוטווייליק געגעסן די פאַרבאָטענע פרי און זיינע אויגן האָבן זיך געעפנט און ער איז געוואָרן ווייסנדיק. וואָס האָט זיך אים אַנדעקט? וואָס האָט ער זיך דערוואוסט? צו אים האָט זיך אַנטפּלעקט, וואָס עס האָט זיך אַנטפּלעקט צו די גריכישע פילאָזאָפן און די חכמים פון אינדיע: די וועלט איז ניט פולקום. זי איז פול מיט חסרונות. דאָס געטלעכע והנה טוב מאד האָט זיך ניט באַרעכ־טיקט. דאָס זעט יעדער וואָס קוקט אויף דער וועלט מיט אָפענע אויגן; יעדער וואָס „ווייס" קען וועגן דעם קיין אַנדער מיינונג ניט האָבן. פון יענעם מאָמענט ווען דער מענטש איז געוואָרן „ווייסנדיק" — מיט אַנדערע ווערטער, צוזאַמען מיטן וויסן — איז אריין אין דער וועלט זינד, און נאָך דער זינד אויך שלעכטס.

אזוי לויט דער ביבל, און אזוי אויך לויט שעסטאוו'ן. ס'איז דער עץ הדעת, ד. ה. דער מענטשלעכער שכל און די פילאָזאָפיע, וואָס ארבעט מיט דער הילף פונם שכל, וואָס זיינען שולדיק אין דעם מענטשנס אַנטוישונג, אין זיין פארלירן דעם גלויבן אין דער וועלט, וואָס מאַכן דעם מענטשנס לעבן אזוי טראַגיש. דער וואָס האָט איינמאָל געגעסן פון די פרוכט פונם עץ הדעת, פאר דעם קען שוין ניט זיין קיין גן עדן: ער ווייס שוין פון נויטווענדיקייט, פון אייזערנע נאַטור געזעצן, ער ווייס שוין אַז די וועלט איז זיין שונא און אז אַלץ וואָס דערוואַרט אים איז דער שוואַרצער תהום.

פאָדערט לעוו שעסטאוו אז מיר זאָלן ארונטערוואַרפן די הערשאַפט, אָדער ריכטיקער, די טיראַניי, פונם פאַרשטאַנד וואָס האָט זיך איינגערעדט אז ער איז דער פירער פון לעבן. לאָמיר זיך אומקערן צום גלויבן, צו רעליגיע. אָבער ניט צו דער אויפגעקלערטער רעליגיע פון די דזשיימסעס און עדינגטאָנס וואָס ווילן לעבן בשלום מיט דער וויסנשאַפט, אַ רעליגיע וואָס גלויבט אויך אין נויטווענדיקייט און אין די אייזערנע נאַטור געזעצן, נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו דער אמונה פון אונזערע אבות, צו דער אמונה פון יענע צייטן, ווען מ'האָט נאָך ניט געוואוסט פון אטאמען און מאלעקולן, ניט געוואוסט אַז דער מענטש און דער אראנגאוטאנג זיינען קרובים, און אז די זון ווערט זיך ווען עס איז אָפּקילן און א טויטע ערד ווערט זיך אייביק דרייען ארום אַ טויטער זון. מיר מוזן זיך אָפּזאָגן פונם עץ הדעת אויב מיר ווילן צוריק אריין אין גן עדן, אויב מיר ווילן צוריק געווינען אונזער רו, אונזער בטחון אין לעבן, אונזער פרייד אין לעבן.

* * *

מ׳מוז צוגעבן אז מ׳דאַרף זיין אן אומגעהויער דרייסטער מענטש צו וואַגן צו שרייבן אזוי אין 20־טן י. ה., נאָך 2500 יאָר פילאָזאָפיע, נאָך אלע אויפטואונגען פון אסטראָנאָמיע, ביאָלאָגיע, אַנטראָפּאָלאָגיע און אלע אַנדערע וויסנשאַפטן וואָס האָבן אונטערגעגראָבן די טראַדיציאָנעלע רעליגיעס. מיר דאַרפן געדענקן, אַז דאָס שרייבט אַ מענטש וואָס איז זייער גוט באַקאַנט אי מיט דעם דאַרוויניזם, אי מיט פרויד׳ס לערעס אי מיט דער ביבל קריטיק, און וואָס לייענט אַלע פילאָזאָפן אין אָריגינאַל פון פּלאַטאָן און פילא היהודי ביז גוסערל און בערגסאָן. אַז אזא מאָדערנסטער פון אַלע מאָדערנע מענטשן זאָל ניט נאָר וועלן צוריקגיין צום אלטן גלויבן, נאָר אָפּקערנדיק זיך אַנטשלאָסן פון אלע פשרות, זיך אָפּזאָגן פון דער פילאָזאָפיע, לפּחות פון דער פילאָזאָפיע ווי מיר האָבן זי ביז איצט פאַרשטאַנען, און פון אַ גרויסן טייל פון דער וויסנשאַפט, קלינגט כמעט אומגלויבלעך. אָבער אין דעם ליכט פון די געשעעענישן פון די לעצטע יאָרן ווען אין אונדזער שוואַך־באַשיצטער ציוויליזאַציע האָט זיך אריינגעריסן דער באַרבאַריזם, און ווען דער דאָזיקער באַרבאַריזם שטיצט זיך גאָר אויף דער וויסנשאַפט און פילאָזאָפיע — אויפן דאַרוויניזם וואָס זאָגט אַז בלוט און רציחה זיינען דער געזעץ פון נאַטור, אויפן עטישן רעלאַטיוויזם וואָס זאָגט אז יושר איז אַ באַקוועמלעכקייט וואָס ענדערט זיך מיט די אומשטאַנדן, אויף די אידייען פון א שאָפּנהויער וואָס זאָגט אז אין דער וועלט הערשט בלויז דער בלינדער ווילן — ווערט דאָס אומגלויבלעכע גלויבלעך. זעט וואוהין די פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט האָבן דערפירט, שרייט אויס שעסטאָוו, און ער ציינט מיטן פינגער אויף דייטשלאַנד, אויפן לאַנד פון העכסטער פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט, וואו עס האָט איצט אויסגעבראָכן אַ מבול פון בלוט און שמוץ, וואָס האָט זיך פאַרנאַנדערגעגאָסן איבער דער גאַנצער וועלט. דער אמת איז אַז מיר לעבן אין א צייט פון דאָס אומווערטן פון אלע ווערטן, פון איבערנייעס איבערטראַכטן אלע אמתן און נאָכאַמאָל אַוועקשטעלן די פראַגע וואָס איז אמת און פון וואַנען שטאַמט דער אמת, צי פון מענטשלעכן שכל, צי פון אַ העכערן פּלאַץ. די מייסטע פון אונדז האָבן שוין לאַנג געלייזט די פראַגע צו גונסטן פון שכל, אָבער אין דעם ליכט פון א ברענענדיקער וועלט מעגן מיר נאָכאַמאָל די פראַגע אויפנעמען.

די צוקונפטיקע קריטיק וועט, ווי עס איז צו דערוואַרטן, געפינען אין שעסטאָוו׳ן אַ סך חסרונות. ער איז אַ מענטש פון א קליינער צאָל אידייען, מ׳קען כמעט זאָגן, בלויז פון איין אידייע. דאָס רוב אידייען און פּראָבלעמען אין דער פילאָזאָפיע אינטערעסירן אים ניט. ער איז איינזייטיק, ער חזרט זיך אָפט איבער און ווידערשפּרעכט זיך אָפט (הגם ער באַטראַכט עס ניט פאַר קיין גרויסן חטא, מחמת ער האַלט דאָך ניט צופיל פון דער לאָגיק, וואָס פאַרטראָגט ניט קיין סתירות). ער

פּטר׳ט אָפּטמאָל אָפּ קעגנערישע שיטות שוין צו לייכט. ווען ער שרייבט, למשל, אַז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם איז אַ לאַנגווייליקע און איבערפלעכלעכע שיטה, פאַלט ער אריין אין דעם גוט באַקאַנטן טאָן פון דער באַנאַלער מאַרקס־קריטיק. און ווי אלע וואָס האָבן באַקעמפט דעם שכל, באַנוצט ער זיך מיט די כלי זין, גענומען פונם ארסענאַל פון דעמזעלביקן שכל, אלע זיינע ראיות קעגן דעם שכל זיינען שכלדיקע ראיות.

אָבער שעסטאָוו׳ס אלע חסרונות ווערן גוט געמאַכט פון זיינע גרויסע מעלות. זיינע אַרגומענטן און זיין גאַנצער אַרט שרייבן זיינען פריש, קרעפטיק, גייסטרייך. איר ווערט ביים לייענען אים היגעריסן מיט דעם שטראָם און אימפּעט פון אַ שפּראַך וואָס אָטעמט מיט עכטער און טיפער איבערצייגונג.

די וועלט־פילאָזאָפיע וועט ניט קענען גלייכגילטיק פארבייגיין דעמדאָזיקן טיפן און אייגנארטיקן אידישן דענקער; זיינע אידייען וועלן נאָך אפשר אַמאָל זיין דער שטורם־צענטער פון פייערדיקע דיסקוסיעס און וועלן נאָך אָנרעגן אַ סך גריבלער אין פילאָזאָפיע און רעליגיע. די וועלט וועט שעסטאָוו׳ן געדענקען ווי דעם מאַן וואָס האָט באַגרינדעט גאָט ניט אויף שכל און לאָגיק, נאָר אויף אינטואיציע, ד. ה. אויף דעם אוממיטלבאַרן געפיל פון זיכערקייט אז ס׳איז דאָ אַ גאָט, און מער ווי אַלץ אויף דער שרעקלעכער נויט פון דעם מענטשן צו האָבן אַ גאָט, אַ נויט וואָס דער מענטש דערפילט אמקלאָרסטן אין מאָמענטן פון טיפסטן לײדן, פון גרויסן יאוש, ווען אַלע האָפענונגען אויף נאַטירלעכער הילף זיינען פאַרשוואונדן.

לעוו שעסטאָוו׳ס פריינט דערציילן פון אים אז אויסערלעך איז ער געווען זייער אַ שטילער, געלאסענער מענטש. ווען מיר לייענען אים, זעען מיר אָבער אַז ער איז געווען אַן אומרואיק זיך וואַרפנדיקער גייסט וואָס האָט ליידנשאַפטלעך געזוכט אַן ענטפער אויף דער סוף כל סוף וויכטיקסטער פון אלע פראַגן: איז דאָ אַ גאָט? שעסטאָוו איז צו אומרואיק, צופיל אָנגעפילט מיט יאוש און בענקעניש צו האָבן די געדולד אויפצובויען אַ פילאָזאָפישע סיסטעם. אָבער די השפעה פון זיין פילאָזאָפיע אויף דער רוסישער אנטעליגענץ וואַקסט, ער ווערט אויך איבערגעזעצט אין אַנדערע שפּראַכן.

לעוו שעסטאָוו האָט געשריבן רוסיש — און וואָס פאַר אַ שיינער רוסיש דאָס איז געווען! ער איז אויך אַ ליטעראַטור־קריטיקער און ער האָט אַ סך געשריבן וועגן רוסישע שריפטשטעלער, באַזונדערס וועגן דאָסטאָיעווסקי, טאָלסטאָי און טשעכאָוו. ער איז ענג צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער רוסישער ליטעראַטור, דעם רוסישן לייענער, דער רוסישער קולטור. און דאָך פילט זיך אין זיין יעדער שורה אַז ער איז אַ ייד. זיין טעמפּעראַמענטפולקייט, די פלינקייט און שאַרפקייט פון זיין

געדאנק, וואָס האָט ניט קיין מורא פאר די שווערסטע מעטאפיזישע אבסטראקציעס, וואָס האָט אָבער אַ געוויסן אומצוטרויען צו מעטאפיזיק, און זיין ליידנשאפטלעכע רעליגיעזישקייט — אַלץ לאָזט אונדז וויסן, אַז לעוו שעסטאוו איז געווען א רוסישער שריפטשטעלער אָבער א יידישער דענקער.

אין א צוקונפטיקער אַנטאָלאָגיע פון אידישע פילאָזאָפן וועט לעוו שעסטאוו־שווארצמאַן, דער שטילער רוסיש־יידישער דענקער מיט דער שטורמדיקער נשמה, פאַרנעמען אַ וויכטיקן פלאַץ, אפשר גאָר אַ וויכטיקן.



# כ׳האָב פאַרנומען תפילות...

פון

## ל. ראָזאָף

ברידער מיינע, ברידער מיינע!
היינט בין איך ווי א פידל וואך —
כ׳האָב פאַרנומען תפילות ריינע
און געזאנגען פון תנ״ך;
ליכטיק איז מיר איצט אין זינען
פון א וואָרט — אויפסניי באקאַנט,
לידער וואונדערלעך באַטאַנט;
טיף און ריין איז זייער מקור, —
ווען זיי סוד׳ען זיך אין מיר,
ווער איך פונם סוד׳ען שיכור
כוחות נייע איך דערשפיר.
ברידער מיינע, ברידער מיינע!
היינט — בין איך ווי א פידל וואַך —
כ׳האָב פאַרנומען תפילות ריינע,
די געזאנגען פון תנ״ך.



# תורה שבעל־פה *)

## מוסר־שפרוכן

קלאַסיפיצירט און איבערגעגעבן צום דרוק

פון

## זלמן ב. זאָהן

### כ״ב

### גרויסע קלייניקייטן

195. דער מענטש לעגט אריין זיין גאַנצן מהות אין יעדער „תנועה קטנה״.

196. דער אדם השלם לעגט אַרויף זיין זיגל פון שלימות אויף יעדער זאַך, צו וועלכער ער רירט זיך צו.

197. גרויס איז דער מענטש; מהאי טעמא איז זיין יעדער קער און ריר גרויס און וויכטיק.

198. מיר האָבן גאָר קיין השגה ניט וועגן „חשיבות הזמן״ — דעם באַדייט פון יעדער מינוט לעבן.

199. מען קען אַרויסווייזן די זעלבע „השלמה״ אָדער „השחתה״ 1) אין קליינע זאַכן ווי אין גרויסע.

---

200. לייכט ווי א פעדער דאַך פודן שווער 2).

201. מיט דער מינדסטער אָפנייגונג ווערסטו א „מורד במלכות״ 3).

202. א „מעשה קטנות״ (א נישטיקער טאַט) קען א מענטשן אָפּשטעמפּלען.

---

203. פון באַגיין גרויסע פאַרברעכנס וועט אונדז די תפיסה (די געזעלשאַפט) אויסהיטן; פון קליינע עוולה׳ס (טאָן יענעם) מוזן מיר זיך אליין היטן.

---

*) זע „יידישע שריפטן״ באַנד 4, העפט 3, זז. 28־327.

204. אַ צדיק טוט אַמאָל שלעכטס, אַ רשע טוט אַמאָל גוטס; אַ מענטש ווערט אָפּגעשאַצט לויט זיינע טאָג־טעגלעכע מעשים.

205. קלייניקייטן זיינען ניט קליין, אויב זיי חזרן זיך איבער און זאַמלען זיך אָן.

---

206. צוליב אַן אויג איין באַרשט קען זיך צעשיידן אַ פּאָר פּאָלק.

207. אָנגעפּאַנגען האָט זיך עס מיט אַ בייזן וואָרט, געענדיקט האָט זיך עס מיט חורבן.

208. אַ פייער האָט זיך צעפלאַקערט און אָפּגעווישט דאָס שטעטל; די סיבה — איין שוועבעלע.

---

209. ס׳פאָדערט זיך מער גבורה צו קענען פארשווייגן אַ באַליידיגונג ווי צו זיין אַ העלד אויפן שלאַכט־פעלד.

210. אַ מאכל וואָס האָט אלע טעמים, נאָר ס׳איז אביסל אונטערגעסמאַלעט; אַ מענטש מיט אַלע מעלות, מיט א גאווה׳דיקן היזקער.

211. המן הרשע האָט שיער ניט אומגעבראַכט דאָס יידישע פאָלק, ווייל מרדכי האָט זיך ניט אַ בייג געטאָן פאַר אים, — פאַראַן אסך אַזעלכע רשעים.

212. וויפיל אונטערנעמונגען לטובת הכלל זיינען צו גאָרנישט געוואָרן צו־ליב א שמץ גאוה?!

213. ווי שרעקלעך טייער מיר באַצאָלן פאַר יעדער ברעקל גאוה־פּוסט־קייט, קנאה־שנאה!

214. קנאה איז דער פאָטער פון שנאה, דער זיידע פון מחלוקת, דער על־טער־זיידע פון בלוט־פאַרגיסונג.

---

215. נישטאָ קיין ערגערער פאַרברעכן ווי „כפיית טובה״ — אומדאַנק־באַרקייט.

216. יענער האָט דיר אָפּגעגעבן אַ ברייטן „שלום עליכם״, ווערסטו משעובד צו אים.

217. יענער האָט דיר דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער, ווערסטו זיינער אַן עבד כנעני (זע כתובות ק״ה:).

---

218. ר׳ ישראל סאַלאַנטער פלעגט זיך וואַשן צום עסן ביי יענעם אין שטוב

מיט ווייניק וואַסער; ער האָט געזאָגט: איך וויל ניט פרום זיין אויף דער דינסט׳ס חשבון.

219. פאַרן טויט, ווען ר׳ ישראל האָט געשפּירט אַז ער האַלט ביי די לעצטע מינוטן, האָט ער גערעדט פאַר די קראַנקע וואָס זיינען געלעגן לעבן אים אין שפּי־טאָל, אַז ס׳איז ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך פאַר אַ טויטן.

220. ווען ר׳ ישראל האָט געגוססט, האָט ער זיך אָפּגעווישט די סלינע, מענטשן זאָלן זיך ניט מיאוסן.

---

221. זאָג ניט, מאַלע וואָס עס טראַכט זיך — דאָס וואָס דו טראַכסט, דאָס ביסטו.

222. אַ „הירהור תשובה״ 4) איז פאַרבייגעלאָפן זיין געדאנק, — אַ שפּאָגל נייער מענטש איז ער געוואָרן.

223. איינע פון די „חובות הלבבות״ 5): ווערן אַ „בעל־הרגש״.

---

224. מיר ווייסן ניט די חשיבות פון אַ מענטשלעכער טרער, אַ מענטש־לעכן זיפץ.

225. פאַר׳סם ניט יענעם דאָס לעבן מיט דיינס אַ קלוג־ווערטל.

226. אכזריות: חברה לצים נעמען זיך צו יאנקל׳ס ביינער, און צעפּאל־מעסן אים לעבעדיקערהייט מיט גוטמוטיקע וויצן.

227. הטבה: אַז איינער בעט ביי דיר אַ שוועבעלע, צינד אים אָן זיין פּאַ־פּיראָס.

228. פאַראַן קמצנים וועלכע וועלן יענעם ניט שענקן אַ גוט־וואָרט, אַ פריינדלעכן שמייכל, ווען אפילו ס׳זאָל גיין יענעמס אין לעבן.

229. מען קאָן רעדן לשון הרע מיט אַ דריי מיט דער נאָז.

230. מען קען יענעם אומברענגען מיט אַ מאַך מיט דער האַנט.

231. דעם גאַנצן לעבן האָב איך געהאָרעוועט אויסצוגלייכן די לאוו׳ן פון דער תורה 6).

---

232. נישטאָ קיין קלייניקייטן; דער גאַנצער לעבן איז צוזאַמענגעשטעלט פון קלייניקייטן.

## כ״ג
# לעבנס־פרייד

**223. אַ מענטש מיט אַן „עין טובה" — אַ בעל־הטבע פרייט זיך מיט אַלע־מענס פרייד.**

**234. „ושמחת בכל הטוב" 7) מיט יעדער ברעקל גוטס באַזונדער און מיט אַלדאָס גוטס, אייגנס ווי יענעמס.**

**235. מיר דאַרפן האָבן „הכרת הטובה" 8) פאַר יעדן ביסן ברויט, פאַר יעדן לאָקש אין דער זופּ, פאַר א גרין גרעזל, אַ פריש ווינטל, אַ שטראַל ליכט, פאַר יעדן אָטעם־צוג (על כל נשימה ונשימה).**

**236. כעס, גאוה, תאוה, קנאה, שנאה — וויפל טרויער און עגמת נפש זיי ברענגען אונדז.**

**237. דער לימוד־המוסר ברענגט די אמת'ע „שמחת החיים" — מען שלייַ־דערט פון זיך אַראָפּ דעם עול פון „מותרות (לוקסוס) און קליינלעכקייטן.**

**238. אַ חסיד פרייט זיך מיטן רבי'ן, מיט אַביסל משקה, מיט אַ ניגון; אַ בעל־מוסר פרייט זיך מיט אַ זיפץ, מיט אַ טרער, מיט חרטה און תשובה.**

1) „השלמה" — פולקאָמענהייט, „השחתה" — פאַרדאַרבנקייט, קאָרופּציע.

2) ...דאַך פודן שווער... ווען מען לעגט עס אויף איין זייט פון אַ גלייך־באַ־לאַנסירטער וואָגשאָל; אין צייט פון א קריזיס קען די מינדסטע פּאַסירונג זיין דער דעצידירנדיקער פאַקטאָר.

3) „מורד במלכות" — ברעכסט די דיסציפּלין.

4) „הירהור תשובה" — אַ געפיל פון חרטה.

5) „חובות הלבבות" — פליכטן פון האַרצן, „בעל־הרגש" — אַ סענסיטי־ווער מענטש. אַ מענטש דאַרף ראַפינירן זיין עמפּינדונגס־פייאיקייט צו דערהערן די איידלסטע ניואַנסן פון לעבן, דערשפּירן דאָס מינדסטע ווי אין גוטס אזוי אין שלעכטס.

6) לא תעשה — אַ פאַרבאָט, ניט צו טאָן. אויסגלייכן די לאַוין, צום ביי־שפּיל: „לא תליך רכיל" (ויקרא י״ט ט״ז) „זאָלסט ניט טראָגן קיין רכילות" זאָל זיין אַזוי האַרב ווי „ואת החזיר... לא תאכלו" (ויקרא י״א ז־ח) „עסט ניט קיין חזיר־פלייש"; „לא תשנא את אחיך בלבבך" (ויקרא י״ט י״ז) „טראָג ניט אין דיין האַרצן קיין שנאה אויף דיין ברודער" זאָל זיין אַזוי שטרענג ווי „לא תרצח" (שמות כ׳ י״א).

7) „ושמחת בכל הטוב" (דברים כ״ו י״א) „און דו זאָלסט זיך פרייען מיט אַלדאָס גוטס.

8) „הכרת הטובה" — דערשפּירן, אָנדערקענען, אָפּשעצן, דאַנקבאַר זיין.



# שמחת־מצווה

פון

## בצלאל פאַרגמאַן

1

פורים ביי דער סעודה אין ישראל װענגעלס הויז; דער טיש, אַ ווייס געדעקטער, איז געווען צעצויגן זייער לאַנג; די זילבערנע לייכטער זע איך נאָך איצטער ווי זיי זענען דאַמאָלט געשטאַנען צווישן דאָס זילבערנע געשיר פון גאָפּל, לעפל, מעסער און נאָך אַנדערע מכשירים.

ס'איז געווען א נאַסער, קאַלטער טאָג; א שניי איז געפאַלן און האָט געשמיסן מיט פאַרבלענדעניש די אויגן. ער האָט שוין אָבער מער ניט געגליווערט ווי א ווינטערדיק פּראַסטיקער שניי, ער איז אייגנטלעך געווען מער רעגנדיק ווי שנייענדיק, לאָזט זיך אויף גיך צעגיין, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ ברודיקער פליסיקייט; און יאַדאָווער מאַרק איז באַלד געוואָרן פאַרשוואומען מיט אַ בלאָטע און עס האָט געפּליעסקעט אונטער די פיס, געגעצט די פאָלעס פון די לאַנגע קאַפּאָטעס, וואָס חסידישע יידן האָבן געטראָגן אינ'ם קליינעם פויליש שטעטל.

ישראל וועגגעל איז געווען אַ קרעפּקער, א קאָמפּאַקטער, א קורצער פּאַרשוין מיט ברייטע, מאַסיווע פּלייצעס, מיט אַ רונדן שיין־געטאָקטן קאָפּ מיט אַ קורץ שווארץ בערדל מיט זילבער ווייסע פּעדעם דורכגעוועבט.

דאָס בערדל האָט באַצירט און צוגעגעבן חן צו זיין הדרת־פּנים און צו זיין גאַנצן יידישן געשטאַלט.

ישראל וועגגעל איז געזעסן פון אויבאַן, און אַרום אים — זיינע איידעמס,

קיין זין האָט ער ניט געהאַט, מיין טאַטע מיט אונדז קינדער, זיינען אלע געווען אויסגעזעצט ארום דעם פורים׳דיק צוגעגרייטן טיש.

ס׳איז שוין געווען כמעט ווי א מין היילִיקע טראַדיציע, וואס מ׳טאָר ניט פאַרשוועכן: אונדזער פאַמיליע האָט געמוזט מיטהאַלטן סעודת פורים באַזאַמען מיט ישראל ווענגעלס הויזגעזינד און ער, דער נגיד ר׳ ישראל, פלעגט דערפון שטאַרק הנאה האָבן.

די באַציאונג פון ר׳ ישראל׳ס משפחה צו אונדזער משפחה איז געווען א אינטימע, א ווארימע, זיי האָבן זיך ממש געקוויקט מיט אונדז. מיט אונדזער אויסזעצן זיך און מיט אונדזער באַנעמונג האָבן מיר ווי אָפּנים באַשיינט און באַצירט זייערע יום־טוב׳דיקע טישן.

ר׳ ישראל ווענגעל האָט ארויפגעקוקט צו מיין טאַטן מיט גרויס דרך ארץ און אָפּשיי, מקאָן זאָגן — מיט יראת הכבוד.

חנה פינקל׳ס, מיין מאמע, מאַכלים, דהיינו, איר מערן־צימעסל מיט׳ן קניי־דעלע, כאָטש נישט מיט אזוי פיל פעטס און ראָזשינקעס, ווי מרים־לאה׳ס, ישראל ווענגעלס ווייב, דאָך האָט עס געהאַט עפּעס אַן אַנדער געשמאַק א מין „כצפיחת בדבש״ טעם און עס האָט זיך געלאָזט עסן מיט גרויס חשק.

פלעגט ער, ישראל ווענגעל, טאַקע פאַרבייטן דער מאַמעס מערן צימעסל, אַ פאַסנעס, א אָרעמס, א צעריבנס... פאר דעם פעטן זיסן מערן צימעס, וואס איז געווען געשניטן אין גאָלדענע רענדלעך, אויפן נגידישן שטייגער... וואָס זיין אייגענע ווייב האָט געמאַכט.

2

אַז מאיר׳ל, דאָס איז מיין יינגער ברודערל, א טונקלס, באַ׳חנ׳טס, גרויס, ווי דער טל־ומטר אין טאַטנס סידור׳ל, מיט צוויי שוואַרצע, בלישטשנדיקע אויגן — אַז מאיר׳ל האָט זיך געגעבן א שטעל אַוועק בקומה זקופה, אַן אויסגעפוצטער, א פורים׳דיקער מיט די רויטע פאַפּירענע לענטעס ארום זיינע שולטערס, מיט אַ פּאַ־פּירענעם פּאַס אין בלוילעך גרינעם קאָליר געגאַרטלט אָרום זיינע לענדן, א הויכן שקארמיץ אויפן קאָפּ מיט א געשוירענעם קוטאַס אויפן שפּיץ, און א שווערדל אין אַ פאַפּירענעם שייד האָט אראָפּגעהאַנגען ביי דער זייט פון זיין לינקן דיך; און האָט ער געגעבן א זינג ארויס דרייסט און בראַוו:

„איך בין דער אַלטער פאַטער יאַקוב מיט מיינע צוועלף זין,
כ׳האָב אויסגערייזט די וועלט אַהער און אהין!״

איז דאָס געווען א פרייד, א גדולה, ווי אין פסוק שטייט: „ליהודים... שמחה וששון״; האָט מען עס געקוואָלן, האָט מען עס געלאַכט — מאיר׳ל זינגט! מאיר׳ל זינגט! ווי שיין, ווי זיס, ס׳א מחיה!

אָדער, ווען מאיר׳ל האָט זיך מעלאַנכאָליש וויינענדיק אויף זיין קינדעריש סאָפּראַנעלע צעזינגען:

„אוי שלאָנגען, עקדוישים, איר ווייסט נישט ווער איך בין;
כ׳בין דאָך יצחק׳ס אן אייניקל, דעם אַלטן פאָטער יעקב׳ס אַ זין״.

האָט דאָס טרויעריק געזאַנג זיינס געצויגן צו זיך און פאַרקלעמט די הערצער, און נאַס געמאַכט די אויגן פון די פאַרזאַמלטע...

האָט מען מאיר׳לען אָנגעהויבן צו דערלאַנגען פון אַלע זייטן: צוקערלעך, מאַרמעליאַטקעס, פאַרשיידענע קאַרמעלקעס, וואָס מאיר׳ל האָט גאָרניט פיינט געהאַט, און — דעם ריכטיקן המן־טאַש; און — שלח־מנות־געלט...

— „נאַ מאיר׳ל! נאַ, נעם מאיר׳ל!!

און ווען מען האָט מאיר׳לען א פרעג געטאָן עפּעס אַ וויכטיקעס מכח דאָס, וואָס ער האָט געלערנט, און מאיר׳ל האָט נישט לאַנג געטראַכט, נאָר תוך כדי דבור אָפּגעענטפערט ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, דאַמאָלט איז די גדולה געווען ביי אַלעמען גאָר אין לשער;

דו זעסט?! מאיר׳ל קען, מאיר׳ל ווייסט! און דו בולק?! דאָס האָבן זיי גע־רעדט צו זייערס א אייניקל, א ייִנגל אין דעם זעלבן עלטער וואָס מאיר׳ל, נאָר אסך גרעסער פון מאיר׳לען; א פעטס, א אָנגעגעסנס, אַ גראָב בייכעלע מיט אַ פאַרשטאָפּט קעפּעלע... האָט מען זיך געוואָלט מיט אים רייצן, אים פאַרשעמען, כדי ער זאָל זיך מתקנא זיין אין מאיר׳לען און זיך נעמען מיט מער התמדה צום לערנען.

3

חסידישע אידן פון אלעקסאַנדער שטיבל אין שטעטעלע יאַדאָווע פלעגן זיך אַזוי נוהל זיין: באַלד נאָכדעם, ווי זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דער סעודה, יעט־וועדער מיט זיינע בני־בית, פלעגן זיי זיך אייניציקווייז צוזאַמענקלייבן ביי ישראל וועגנגלען אין הויז. ווארים ישראל וועגנגעל איז געווען דער רייכסטער איד פון אלע אָרטיקע אלעקסאַנדער חסידים; ער איז געווען א תבואה סוחר, געהאַנדלט מיט וואגאָנעס אויף גאָר א גרויסן פאַרנעם. איז מען, ווי ס׳פּירט זיך, אים געקומען אָפּגעבן כבוד.

דער עולם איז שוין געווען אויסגעזעצט ארום דעם גרויסן טיש, געהאַט געמאַכט לחיים פון דער משקה, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אין אָפּגעקאָרקעווע־טע פלאַשן; אויך שוין טועם געווען פון די פאַרשיידענע יום־טוב׳דיקע מאכלים, וואָס מ׳האָט כסדר געהאַלטן אין אריינברענגען און דערלאַנגען צום טיש, נעמלעך: אַלערליי צימעסלעך, געשטאָפּטע מילצן, געפּילטע קישקעס וכדומה, וואָס חסידישע פרויען, די שכנות פון הויף האָבן צוגעטראָגן בכדי מיט דעם מהנה צו זיין די פריילעכע געסט.

דער עולם, פאַרשטייט זיך, האָט זיך נישט געצערעמאָניעט, האָט זיך משמח געווען, געגעסן, געטרונקען; און ווי דער שטייגער איז געווען, האָבן אויך נישט געפעלט קיין תורה־ווערטלעך, חסידישע מעשות וואָס ווערן איבערגעגעבן פה אל פה פונעם הייליקן מויל פון אים זאָל לעבן.

ס׳האָבן זיך אויך געלאָזט הערן שאַרפזיניקע וויצן פון קלוגע, געשליפענע קעפּ מיט ברייטע שטערנס; און דער עיקר — אסך נגינה... אויסגעמישט מיט פרייד, מיט חדוה און יראת הרוממות.

דאָס געזאַנג, אָנהויבנדיק זיך מיט שטילע, בנעימות׳דיקע קלאַנגען, האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ העכער געהויבן ביז ס׳האָט דערגרייכט צו אַ מדרגה פון עקסטאַז; עס האָט זיך שטורעמדיק געריסן, ווי דער אויפברויז פון די ווינדן אין אַ קאָכעדיקן ים; און די טענער האָבן געשטיגן עד לב השמים.

יידישע הערצער האָבן זיך ברייט צעעפנט, און ווי אַלע בלב אחד וואָלטן זינגענדיק אויסגעשריגן צו דער שכינה הקדושה און געזאָגט: מיר זיינען אַ טייל פון דיר!... מיר זונדערן זיך ניט אָפּ איינס פון דאָס אַנדערע; אָט דאָס איז אונדזער פרייד, דארום זינגען מיר! און ווען מיר זינגען, זינגט די גאַנצע וועלט מיט אונדז! ווארים מיר זיינען איינס — „אחד״!!

4

בין איך דאמאָלט נאָך גאָר א קליין יינגעלע געווען, דאָך האָב איך שוין, מיט מיין קליין קעפּעלע און שוואַך הערצעלע באַנומען דעם דערהויבענעם מאָמענט; איך בין באַגעוועלטיקט געוואָרן פון דער גרויסער חדוה, וואָס האָט רעש׳דיק גע־שטראָמט פון יידישע הערצער.

איך בין געשטאַנען אין מיטן עס־צימער, ווייט אָפּגערוקט פון טיש; און שטייענדיק אזוי פאַרגאַפּט, זייענדיק אַדורכגעדרונגען מיט דער הייליקער באַגייס־טערונג, האָב איך פּלוצים דערזען אַ מאָדנע דערשיינונג:

מיין טאַטע טאַנצט אויפֿן טיש.

זיין פיגור שלאַנק און צאַרט, דאָס פּנים — בלייך און בלאַס; מיט פֿאַר־גלאָצטע אויגן, דער קאָפּ פֿאַריסן אַרויף... דער שטריימל איבערגעדרייט מיטן ווערך אַראָפּ; די לאַנגע, שוואַרצע, זיידענע קאַפּאָטע אין וואָס דער טאַטע איז געווען געקליידט, האָט מיט אירע צוויי פּאָלעס דערגרייכט ביז׳ן טישטוך און האָבן זאָרגפֿעלטיק צוגעדעקט די קנעכל פֿון זיינע פֿיס.

די זיידענע קאַפּאָטע האָט שימערירענדיק געגלאַנצט. דער גאַרטל האָט זיך לאַשטשענדיק געשלענגלט אין פֿרום זיך געטוליעט צום טאַטנס לענדן.

זיין פּעך־שוואַרץ, סאַמעטן בערדעלע, וואָס האָט זיך געקרייזט ארום זיין איידעלן געזיכט האָט זיך מאַיעסטעטיש גענייגט רעכטס און לינקס, און פֿריינדלעך צוגעוואונקען צו די פֿאַרזאַמלטע וואָס ארום טיש.

דאָס געקלימפּער פֿונעם געפּעס אויפֿן טיש האָט אָפּגעהילכט צום טאַקט פֿון זיינע ריטמישע באַוועגונגען.

— מיין טאַטע טאַנצט! — מיין טאַטע טאַנצט!?

זיין מאָגערער גוף האָט זיך עלאַסטיש געצויגן אין באַגייסטערונג צו הויכע, ווייטע האָריזאָנטן...

און דער טאַנץ איז כלו רוחניות, נישט ווי ביי דעם, ביי וועמען זיינע גע־בליטן צעשפּילן זיך און רעגן און רייצן אים... און מיט שטיפֿערישן גראָטעסק פֿון קערפּערליכע תנועות וויל ער אויסשעפּן און באַרואיקן זיין ליידנשאַפֿטלעך צע־שטורעמטן געמיט...

מיין טאַטנס טאַנץ איז געווען כלו קודש, א נשמה־טאַנץ געווידמעט צו דער הייליקער דערינערונג פֿון „ברוך מרדכי היהודי“ — פֿון יענעם איד, וואָס האָט געליטן די ליידן פֿון זיין פֿאָלק, — וואָס האָט זיך איינגעשטעלט פֿאַר די אומגליק־ליכע אין זייער נויט און מיט זיין מסירת נפש האָט ער דערפֿירט צו זייער באַ־פֿרייאונג...

און ווען די חסידים האָבן זיך בגילופֿינ׳דיק אויף דער העכסטער אָקטאַווע צעזונגען: „וגם חרבונה זכור לטוב“ האָט מיין טאַטע אין ברענענדיקער התלהבות אויפֿגעפֿלאַמט; און זיין גוף האָט זיך נאָך מער צעפֿלאַטערט און צעוויברירט, אַזש געבויגן זיך אינדרייען פֿון דביקות; און די גאָפּל, לעפֿל, מעסער האָבן נאָך פֿריי־דיקער צוגעקלאַפּט און לוסטיק אַקאָמפּאַנירט: טוב! טוב! טוב!

אין דעם מאָמענט איז מיין טאַטע געווען אין דער בחינה פֿון „כל עצמותי תאמרנה“... געהאַלטן ביי התפשטות הגשמיות, ער האָט זיך אויסגעטאָן פֿון זיין

חומר, געוואָרן א נישטדאָיקער, פאַרטראָגן אין ווייטע עולמות... ממש כלתה נפשו לאלוה... אויסגעגאַנגען פון הימלישער מתיקות און בענקשאפט.

אויף א רגע האָט זיך געלאָזט מערקן, ווי די נגינה ווערט שלאַבערדיק, שוואכלעך, דער טאָן צאַנקט, האַלט ביים אויסלעשן זיך, אַזוי ווי ביי די חסידים וואָלט זיך אריינגעג׳גנב׳עט אַ ספק וועגן מיין טאַטן; ווי זיי וואָלטן מיט באַהאַלטע־נער שרעק פרעגן זיך אין דער שטיל:

הערשל־זלמנ׳ס? דער שטילער, דער איינגעהאַלטענער, דער שתקן, דער נחבא אל הכלים, דער תמיד שוויגנדיקער, וועט ער בכח זיין צו האַלטן זיך לאַנג אין די עולמות עליונים, איז ער גענוג שטאַרק דערפאַר, וועט ער חלילה ניט אַראָפּפאַלן פון זיין הויך צוליב חולשת הגוף? צי וועט ער האָבן אין זיך גענוג גבורה אין זיין אויסגעמאַטערטן קערפּער צו דערגרייכן אהין, וואוהין זיינע אויגן זייַ־נען געווענדט?!

נאָר גלייך האָט זיך ווידער דאָס געזאַנג כוואַליעדיק א הייב געטאָן מיט אַ שאַרפן טעמפּאָ, נאָך העכער, נאָך שטאַרקער, מעלה, מעלה! און ס׳האָט געברענט מיט אַנטציקונג פון הייליקן יחוד און זיך געטראָגן מיט התלהבות׳דיקן אויפפלאַקער.

זעענדיק ווי מיין טאַטע גייט אָן מיט זיין הייליקער עבודה, איז מקיים דעם „עבדו את ד׳ בשמחה" בתכלית השלימות — און וואָס ווייטער אַלץ געזיכערטער ווערן די באַוועגונגען פון זיינע פיס; — ווי פון מינוט צו מינוט לייכט אויף אַלץ מער זיין געשטאַלט, און אין זיינע פאַר׳חלש׳טע אויגן צינדט זיך אָן דער שלהבת יה און באַלייכט פאַר אים זיין וועג ארויף... ערשט דאמאָלט האָט זיך דער פייער פון קדושה נאָך מער צעפלאַמט אין זייערע הערצער, און דאָס געזאַנג האָט זיך מצרף געווען אינאיינעם מיטן טאַטנס טאַנץ און עס איז געוואָרן פון דעם איין תפילה, אַ תפילה בצבור.

פון אָט דער פלאַי־פלאַים׳דיקער זעאונג האָב איך מיך שטאַרק דערשראָקן; כ׳בין געבליבן נבהל־ונשתומם; איך האָב געפילט, ווי א אייזערנע האַנט האָט מיך אָנגענומען און מיך אַ שטאַרקן טרייסל געגעבן.

איך האָב אויפגעציטערט, אַ פּחד איז מיר באַפאַלן פון דער בייזער מחשבה, וואָס האָט זיך אריינגעריסן אין מיין מוחל: מיין טאַטע איז שכור?! — מיין טאַטע א שכור??...

בין איך געשטאַנען ווי אַ געפּלעפטער, ניט געקאָנט באַגרייפן די דאָזיקע פּאַסירונג. איך האָב באַין אופן נישט געקאָנט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז מיין טאַטע זאָל זיין שכור.

אָבער נישט לאַנג האָט אָנגעהאַלטן מיין פאַרצווייפלטער צושטאַנד. בליץ שנעל האָט אויפגעטויכט דער פסוק פון ישעיה נ״א, וואָס כ׳האָב שוין דאַמאָלט גע־האַט געלערנט: — „ושכרת ולא מיין״ און די זאַך איז מיר קלאָר געוואָרן, מיין קינדערשער שכל האָט תופס געווען דעם גאַנצן ענין.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיין טאַטע טאַנצט צוליב מצווה וועגן, ווייל אַ איד איז מחוייב זיך צו פאַרשיכורן מיט דער חדווה פון יום טוב פורים, ווען אידן זענען אויסגעלייזט געוואָרן, פּטור געוואָרן פון המן הרשע.

16־טער יולי, 1944.

---

# קינדער

מיניאטור

פון

## חיים פּעט

### דאָס פייפל

א פייפן האָט דורכגענומען דעם פרימאָרגענדיקן קעמפּ. פריידיקע, ווילדע דערוואַכטע אינגלעך און מיידלעך האָבן זיך פון די לייוונטענע געצעלטן אַ שאָט געטאָן אויפן פעלד. זיי האָבן געלאַכט. און די אַלטע באַוועלדערטע בערג האָבן געענטפערט מיט ווידער־קולות............................

### ביי דער ארבייט

א אינגל האָט געזעגן האָלץ. פון זיין שטערן האָבן אראָפּגעלויכטן טראָפּנס. די זעג האָט ער געצויגן ווי אַן אַלטער קלעזמער דעם סמיק אף אַ באַנדורע. מיידלאך האָבן אויסגעלייגט שטיינער אויף ביידע זייטן וועג. און א אינגל האָט די שטיינער געקאַלכט. צוויי מיידלעך האָבן פאַריכט אַ געצעלט. איינע פון דרויסן האָט אריינ־געשטאָכן די לאַנגע נאָדל אינ׳ם גראָבן גרינעם לייוונט. דאָס מיידל פון אינווייניק האָט ארויסגעשיקט צוריק די נאָדל. און ביידע מיידלעך האָבן שטיל געזונגען.

### דער קעמפּ־פייער

אין אַ געשלאָסענער ראָד האָבן זיך די קינדער אויסגעלייגט אַרום פייער. די לערערין אין אַ ווייסער קלייד האָט גערעדט צו די קינדער. די שטערן האָבן אַראָפּ־געליכטיקט. די פונקען ארויפגעשיינט. און פאַרוואונדערטע קינדערשע אויגן האָבן געקוקט...............................

# מיכה

פון

## שלמה סיימאָן

געזײליקט חוהן — די יורשטע פון די, וואָס
האָבן געטראָגן דאָס געפיל פון גערעכטיקייט
דורך אלע דורות.

דער נביא מיכה איז געבאָרן געוואָרן אין מרשה, א דערפל ניט ווייט פון דער פלישתימשער שטאָט גת. דער נביא האָט געשטאַמט פון אַ פּראָסטער, אָרעמער משפּחה [1]). ער אליין, ווייזט אויס, איז געווען אַ פּויער וואָס האָט באַארבעט זיין קליינע נחלה.

ביי א דרייסיק יאָר איידער מיכה איז געבאָרן געוואָרן האָט עזיהו, דער קעניג פון יהודה צעשטערט די פלישתימשע פעסטונג גת [2]) און באַזעצט די געגנט מיט יידישע פויערים. מיכה האָט געשטאַמט פון יענע קאָלאָניסטן [3]).

פּראָסטע, שטאַרקע, פאַרהאַרטעוועטע מענטשן האָבן געלעבט אין אָט דעם פאַרוואָרפענעם ווינקל פון יהודה. דאָס לאַנד איז געווען פרוכטבאַר: פעטע פעלדער, באַוואסערטע לאָנקעס און וועלדלעך פון איילבירט ביימער אויף די זייטן פון די בערג. אָבער די קאָלאָניסטן זיינען געווען אויסגעשטעלט צו געפאַר. די פיינטלעכע פלישתים זיינען געווען נאָענט. אויך זיי זיינען אָפט אָנגעקומען פון דרום באַנדעס וואַנדערנדיקע אַראַבער, וואָס האָבן אויפגעשטעלט זייערע שוואַרצע געצעלטן ארום די פרוכטבאַרע פעלדער, און ארויפגעלאָזן זייערע סטאַטעס אויף די גרינע לאָנקעס [4]).

די פויערים האָבן געלעבט אַ שווער לעבן. שווער איז געווען דער יאָך פון די צינזן און די אונטערדריקונג פון די גרויסע לאַנד באַזיצער און רייכע סוחרים.

די רייכע האָבן געהאַט די מאַכט און זיי האָבן געטאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט. האָבן זיי געגלוסט פעלדער, האָבן זיי אַוועקגעגזלט די פעלדער פון די אָרעמעלייט. האָט א רייכער סוחר געוואָרפן אַן אויג אויף דעם הויז פון אַן אָרעמאַן האָט ער דאָס

הויז ביי אים אוועקגערויבט [5]). אפט האט דער רייכער לאנד באזיצער ניט נאר צוגענומען די נחלה נאר האט אים אליין באשטראפט אדער אים צוגענומען פאר א קנעכט. און ס׳איז ניט געווען ווער עס זאל זיך אנעמען פאר דעם בארויבטן און ס׳איז ניט געווען ווער עס זאל זיך איינשטעלן פאר דעם בא׳עוולה׳טן.

מיכה האט געזען די אומרעכטן וואס ווערן באגאנגען און ער איז געווען זיכער ביי זיך, פונקט ווי עמוס, הושע און ישעיה, אז אזעלכע פארברעכנס וועלן באשטראפט ווערן. ער האט אבער געטראכט, אז עס קאן זיין, אז די מלוכה פירער פון ירושלים, די ריכטער, די כוהנים, די נביאים, וואס זיינען אין דער הויפטשטאט, ווייסן גאר ניט פון די גרויסע עוולה׳ס וואס ווערן באגאנגען אין דעם פארווארפענעם דערפל. ער וועט דעריבער גיין קיין ירושלים און דערציילן די קעפ פון דער מלוכה וועגן די שלעכטע מעשים וואס די רייכע טוען אפ אין דעם ווייטן דארף מרשה. און דער נביא, דער דארפסמאן פארלאזט זיין היים און לאזט זיך אוועק קיין ירושלים.

ער איז אנגעקומען אין דער הויפטשטאט און האט דערזען אז ירושלים איז זייער רייך. עס זיינען דא אין שטאט גרויסע הייזער געבויט פון ציגל און געהאקטע שטיינער. די פירער פון דער מדינה, די כוהנים און די ריכטער, לעבן אין לוקסוס. זיי ווייסן גאנץ גוט די אלע אומרעכטן וואס ווערן באגאנגען אין לאנד, נאר זיי מאכן זיך ניט וויסנדיק. זיי פארדרייען אלץ וואס איז גלייך און שפאטן פון גערעכטיקייט. דער נביא קלאגט:

— אונטערגעגאנגען איז דער פרומער פון לאנד און קיין רעכטפארטיקער איז צווישן מענטשן ניטא. די הענט, וואס דארפן טאן גוטס, טוען שלעכטס. דער פירער פארלאנגט שוחד און דער ריכטער פאדערט באצאלט. דער בעסטער פון זיי איז ווי א דארן און דער יושר׳דיקסטער פון זיי איז ווי א שטעכיקער צאם. מען קאן ניט גלויבן קיין חבר, מען קאן זיך ניט פארלאזן אויף דעם נאענטסטן פריינט און פון דער אייגענער ווייב מוז מען היטן דאס מויל. זינדיק איז ירושלים [6]).

און דער נביא זעט א זעאונג און ער הויבט אן נביאות זאגן:

— הערט איר אלע פעלקער און פארנעם, די ערד איז דיין פולקייט. גאט אליין וועט זיין אן עדות קעגן אייך. א טאג פון משפט קומט אן, און גאט דער האר וועט ארויס פון זיין ארט און ער וועט טרעטן אויף די הויכע ערטער פון דער ערד און די בערג וועלן צעגיין אונטער אים ווי וואקס פאר פייער [7]), און די טאלן וועלן זיך שפאלטן — ווי וואסער אויסגעגאסן בארג אראפ [8]).

און דער נביא פרעגט: און איר ווייסט פארוואס דאס אלץ וועט קומען? און ער ענטפערט:

— פאר די פארברעכנס פון יעקב און פאר די זינד פון יהודה. וואס איז גע־

ווען דאָס פאַרברעכן פון יעקב, ניט שומרון? און וואָס איז די זינד פון יהודה, ניט ירושלים [9])?

און דער נביא שרייט אויס מיט ווייטיק:

— גאָט האָט געמאַכט שומרון [10]) פאַר א וויסט פעלד און ער האָט אַראָפּגע־שליידערט אין טאָל די שטיינער פון אירע פּאַלאַצן, וואָס זיינען געשטאַנען אויפן באַרג. און ער האָט צעהאַקט אירע געשניצטע געצן; ער האָט אַלץ פאַרברענט מיט פייער [11]).

און איצט זאָגט דער נביא:

— איך וועל קלאָגן און יאָמערן, איך וועל ארומגיין באָרוועס און נאַקעט; זוייל די וואונד, וואָס שומרון האָט געקראָגן, קאָן מען ניט אויסהיילן. דאָס אומגליק וועט קומען ביז יהודה, עס וועט דערגרייכן ביז די טויערן פון ירושלים. פאַרטריבן וועט ווערן דער כבוד פון ישראל [12]).

ירושלים איז אין יענער צייט געווען פול מיט קאָנספּיראַציעס און אינטריגעס. אונטער דער פירערשאַפט פון חזקיהו, דעם קעניג פון יהודה, איז שטילערהייט אָרגאַ־ניזירט געוואָרן אַן אויפשטאַנד קעגן אשור. צו אָט דער פאַרשווערונג זיינען צוגע־שטאַנען די פעלקער ארום יהודה: אדום, מואב, עמון, צור און צידון. די צוויי גרויסע מלוכות — מצרים און בבל — האָבן צוגעזאָגט הילף. די הויפּטשטאָט פון יהודה איז געווען פול מיט געהיימע שלוחים און פאַרטרעטער פון די פעלקער, וואָס האָבן געמאַכט די פאַרשווערונג. דער נביא ישעיה איז געווען קעגן דעם אויפשטאַנד. ישעיה האָט געהאַט א צוטריט צום קעניגלעכן הויף. דאָרטן, אין קעניגס פּאַלאַץ, האָט ער גע׳טענה׳ט צו די פירער פון יהודה, אז זיי גייען אויף אַ פאַלשן וועג, אַז מען האָט זיך ניט צוגעהערט צו אים האָט ער געשטראָפט, געוואָרנט און געדראָט מיט גאָטס צאָרן.

דער פויער־נביא מיכה האָט זיך נישט געמישט אין מלוכה־ענינים [13]). פאַר זיינע אויגן איז שטענדיק געשטאַנען זיין אָרעם פאַרוואָרפן דערפל און די גרויסע נויט פון די פויערים. ער האָט איצט פאַרשטאַנען אז מרשה איז ניט דער איינציקער דאָרף אין לאַנד וואָס ליידט. אין גאַנץ יהודה זיינען די אָרעמע פויערים אונטער־געוואָרפן אונטער דעם יאָך פון די רייכע און מאַכט־האָבער. און די עוולות וואָס ווערן באַגאַנגען אין לאַנד ווערן באַגאַנגען מיט דעם וויסן און צושטימונג פון די הויפטן פון ירושלים. די פירער פון דער מלוכה, די כוהנים, די נביאים פון פאָלק, זיינען דאָס דער קוואַל פון אלע אומרעכטן. און דער נביא ווענדט זיך צו זיי:

— הערט איר אָקאָרשט, איר קעפּ פון יעקב און פירער פון ישראל. האָט איר ניט געדאַרפט וויסן וואָס איז גערעכטיקייט? אָבער איר האָט גאָר פיינט גוטס

און האָט ליב נאָר שלעכטס. איר האָט אָפּגעשונדן די הויט פון מיין פאָלק און אָפּגע־געסן זיין פלייש און זיינע ביינער צעבראָכן און אויסגעצויגן דעם מאַרך פון זיי. דער־פאַר אז איר וועט שרייען צו גאָט און בעטן ביי אים הילף, וועט ער אייך ניט ענט־פערן. ער וועט פאַרבאָרגן זיין פּנים פון אייך צוליב אייערע שלעכטע מעשים[14]).

אין ירושלים זיינען געווען אלערליי נביאים. אין קעניגליכן הויף און אין דער הויפּטשטאָט האָבן זיך אויפגעהאַלטן נביאים, וואָס נביאות זאָגן איז געווען זייער פּרנסה. האָט מען זיי גוט באַלוינט, האָבן זיי נביאות געזאָגט גוטס. האָט מען זיי ניט באַצאָלט, האָבן זיי פאָראויסגעזאָגט אומגליק און בראָך. און דעם פאָלק זיינען געפעלן געווען אַזעלכע נביאים.

מיכה וואָס האָט געטראָגן אין זיך דעם צער און ווייטיק פון אלע אָרעמע, אונטערדריקטע און באַ׳עוול׳טע פון געזעץ, פאר אים איז נבואה געווען א שליחות פון גאָט פון ישראל, דער גאָט פון גערעכטיקייט, דער באַשיצער פון אַלע פאַר־פאָלגטע. דער פייער נביא האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי אזוי מען קאָן נביאות זאָגן לויט דעם געצאָלט וואָס מען קריגט. ער באַקלאָגט זיך אויף דער פאָרשטעלונג וואָס דאָס פאָלק האָט ווער עס איז א נביא.

— אז איינער קומט מיט ווינט פון ליגן און ער זאָגט: איך וועל צו אייך נביאות זאָגן וועגן וויין און טרונק — איר מעגט זיך לאָזן וואוילגיין — איז ער א נביא ביי דעם דאָזיקן פאָלק[15]).

מיכה ווענדט זיך צו די נביאים פאַרפירער און זאָגט צו זיי:

— אזוי האָט גאָט געזאָגט אויף די נביאים, וואָס פאַרפירן מיין פאָלק. אז מען גיט אייך וואָס צו בייסן מיט די ציינער זאָגט איר פאָראויס שלום. און דער וואָס גיט אייך ניט וואָס אין מויל, גרייט איר אויף אים אָן מלחמה. דערפאַר וועט קומען אויף אייך אַ פינצטערניש פון דער נאַכט און, איר וועט ניט קאָנען וואָרזאָגן. אונטערגיין וועט די זון אויף אַזעלכע נביאים, און שוואַרץ וועט ווערן דער טאָג אויף זיי. די זעער וועלן זיין צו שאַנד און די וואָרזאָגער וועלן זיך שעמען און פאַרדעקן זייער באָרד און זייער מויל ווי די קרעציקע, ווייל קיין ענטפער פון גאָט וועט ניט זיין[16]).

— דו זאָגסט אז די זעערס וועלן זיין צו שאַנד און די וואָרזאָגערס וועלן זיך שעמען. נון, ביסטו ניט איינער פון די זעערס און וואָרזאָגערס? ביסטו ניט געקו־מען פון מרשה קיין ירושלים נביאות צו זאָגן[17])?

און מיכה ענטפערט זיי:

— איך בין נאָר פול מיט א געפיל פון גערעכטיקייט און שטאַרקייט צו זאָגן יעקב׳ן זיין פאַרברעכן און לאָזן וויסן ישראל׳ן זיין זינד[18]).

דער אויפשטאַנד קעגן אשור׳ן האָט זיך ניט איינגעגעבן. סנחריב האָט חרוב געמאַכט כמעט גאַנץ יהודה, נאָר ירושלים איז געבליבן. חזקיהו האָט באַצייטנס זיך צוגעהערט צו ישעיה׳ס וואָרנונגען און האָט זיך אונטערגעגעבן צו סנחריב׳ן און גע־שלאָסן מיט אים א בונד. אָבער א צען יאָר שפּעטער האָט דער קעניג פון אשור געבראָכן זיין אָפּמאַך און באַלאַגערט ירושלם [19]. ישעיה איז דעמאָלט ארויסגע־טראָטן קעגן אשור. דער נביא האָט פארזיכערט די איינוואוינער פון יהודה אַז ירושלים וועט ניט פאלן. גאָט וועט באַשיצן זיין שטאָט. ציון איז הייליק, זי איז גאָטס וואוינאָרט און ער וועט ניט צעשטערן זיין הייליקע שטאָט. באַלד איז טאַקע א נס געשען. סנחריב׳ס חיל איז אָפּגעטראָטן און ירושלים איז געראַטעוועט גע־וואָרן. דאָס פאָלק האָט זיך געפרייט און געשאַלט. יעדער איינער האָט באַשיינ־פּערלעך געזען אז גאָט באַשיצט זיין אויסדערוויילטע שטאָט. ער וועט קיינמאָל ניט דערלאָזן אז ירושלים זאָל אונטערגיין.

אָבער דער פויער נביא האָט אַנדערש געטראַכט. ער האָט געהאַלטן אַז גאָט האָט נאָר אָפּגעטאָן זיין צאָרן אויף א ווייל. אָבער סוף כל סוף וועט אויך די היי־ליקע שטאָט ירושלים אונטערגיין צוליב די זינד פון אירע איינוואוינער. און ער ווענדט זיך צו די פירער פון ירושלים:

— הערט איר אקאָרשט, איר קעפּ פון דעם הויז פון יעקב און פירער פון דעם הויז פון ישראל! איר וואָס פאר׳מיאוס׳ט גערעכטיקייט און פאַרדרייט אַלץ וואָס עס איז גלייך. איר בויט ציון מיט בלוט און ירושלים מיט אומרעכט. איר, פירערס, משפט פאַר שוחד און איר, כהנים, לערנט פאַר געצאָלט. איר שפּאַרט זיך אָן אויף גאָט. איר זאָגט, אַז גאָט איז דאָך צווישן אונדז און עס וועט אונדז ניט געשען קיין בייז [20]:

— דערפאַר איבער אייך,
ציון וועט ווי אַ פעלד צעאקערט ווערן,
און ירושלים וועט ווערן פאַרשאָטענע חורבות
און דער באַרג פון גאָטס הויז —
וועט ווילד פארוואַקסן ווערן [21].

מען האָט זיך דערשראָקן פארן נביא׳ס שרעקלעכער נבואה [22]. ישעיה׳ס רייד זיינען דאָך מקוים געוואָרן, וועלן מיכה׳ס רייד אויך מקוים ווערן, איז מען געקומען צום נביא און אים געבעטן ער זאָל אָנווייזן דעם פאָלק גאָטס וועג און דער נביא זאָגט צו זיי, איר פרעגט:

— מיט וואָס זאָל איך קומען פאַר יהוה,
זיך בייגן פאַר גאָט אין דער הייך?

זאָל איך קומען פאַר אים מיט בראַנדאָפּפער,
מיט קעלבער איינײאָריקע?
וויל גאָט טויזנטער ווידערס,
צענטויזנטער טייכן מיט אייל?
זאָל איך אים אוועקגעבן מיין בכור פאַר מיין פאַרברעכן,
דאָס קינד פון מיין לייב פאַר מיינע זינד?
דאָס האָט דיר א מענטש געזאָגט וואָס איז גוט[22],
און וואָס פארלאַנגט גאָט פון דיר?
דו זאָלסט נאָר טאָן גערעכטיקייט און ליב האָבן גוטסקייט
און אומגיין שטיל באַשיידן פאַר דיין גאָט[23].

עס ווערט דערציילט אין ספר ירמיהו[24]) אז ווען חזקיהו האָט דערהערט די נבואה פון מיכה, אַז גאָט וועט חרוב מאַכן ירושלים סיידן די יידן זאָלן זיך אומקערן צו גאָט און גיין אין זיין וועג, האָט דער קעניג ניט געטייט דעם נביא, חזקיהו האָט מורא געקראָגן פאַר גאָט, און ער האָט געבעטן ביי גאָט, און גאָט האָט חרטה געהאַט אויף דעם בייז וואָס ער האָט אָנגעזאָגט אויף זיי.

און וואָס האָט חזקיהו געטאָן? עס ווערט דערציילט אין ספר מלכים[25]) אז חזקיהו האָט אָפּגעשאַפט די במות, די הויכע ערטער, וואו מען פלעגט ברענגען קרבנות אויסער דער שטאָט ירושלים. ער האָט צעבראָכן די זייל שטיינער און די אשרות, די הייליקע ביימער האָט ער אָפּגעשניטן. ער האָט אויך צעהאַקט די קופערנע שלאַנג וואָס איז געשטאַנען אין בית המקדש. די קופּערנע שלאַנג האָט זיך גערופן נחשתן, און יידן האָבן זי געהאַלטן הייליק פון נאָך גאָר די אלטע צייטן און גערויכערט ווייררויך צו איר. חזקיהו האָט זי צעהאַקט און זי ארויסגעוואָרפן פון בית המקדש.

פאַר די פּויערים וואָס זיינען געווען פאַרשולדיקט צו די רייכע לאַנד־אייגנטימער, און פאַר די יידישע קנעכט, האָט דער קעניג חזקיהו איינגעפירט שמיטה. שמיטה איז געווען אַ גאָר אַלטער יידישער געזעץ. דאָס זיבעטע יאָר האָט זיך גערעכנט פאַר הייליק. פונקט ווי דער זיבעטער טאָג פון וואָך איז הייליק. אַ מענטש דאַרף מער ניט ארבעטן ווי זעקס טעג אין וואָך, אויף דעם זיבעטן טאָג דאַרף ער רוען, עס דאַרף זיין שבת. אזוי אויך דאַרף דער פּויער זעקס יאָר פאַרזייען זיין פעלד און דאָס זיבעטע יאָר זאָל ער עס פאַרלאָזן. עס דאַרף זיין שבת פאַרן פעלד. עס ווערט אָנגעזאָגט:

— זעקס יאָר זאָלסטו פאַרזייען דיין פעלד און איינזאַמלען די תבואה, אָבער אויפן זיבעטן יאָר זאָלסטו עס פאַרלאָזן, זאָל זיין א שבת, א רו־יאָר פאַרן לאַנד. דיין

פעלד זאָלסטו ניט פארזייען, דיין וויינגאָרטן זאָלסטו ניט ארומשניידן. זעקס יאָר זאָלסטו פארזייען דיין לאַנד, און איינזאַמלען איר תבואה. דאָס זיבעטע יאָר זאָלסטו עס פארלאָזן, דו זאָלסט עס איבערלאָזן פריי, כדי די אָרעמע פון דיין פאָלק זאָלן האָבן וואָס צו עסן, און וואָס עס בלייבט פון זיי זאָל עסן די חיה פון פעלד. דאָס זעלביקע זאָלסטו טאָן מיט דיין וויינגאָרטן און מיט דיין איילבערט גאָרטן [26].

אין חזקיהו׳ס צייטן האָט מען דעם שמיטה געזעץ ברייטער געמאַכט. אזוי האָט מען עס פאַרשריבן יאָרן שפּעטער אין ספר דברים:

— צום סוף פון אלע זיבן יאָר זאָלסטו מאַכן שמיטה. און דאָס איז דער דין פון שמיטה: יעדער בעל חוב זאָל אָפּלאָזן דאָס וואָס ער האָט געליען זיין חבר. ער זאָל ניט מאָנען פון זיין חבר און פון זיין ברודער ווען מען האָט אויסגערופן שמיטה [27].

— און אויב דיין ברודער, א ייד, אָדער א יידישע פרוי, ווערט זיך פאַרקויפן צו דיר, זאָל ער דיך דינען זעקס יאָר און אויפן זיבעטן יאָר זאָלסטו אים ארויסלאָזן פריי. און אַז דו לאָזט אים ארויס פריי פון דיר, זאָלסטו אים ניט ארויסלאָזן מיט ליידיקן. באשיינקען זאָלסטו אים באשיינקען פון דיינע שאָף און פון דיין שייער און פון דיין קעלטער. מיט וואָס גאָט האָט דיך געבענטשט, דערפון זאָלסטו אים געבן [28].

און נאָך א סך גוטע געזעצן האָט חזקיהו איינגעפירט. זיי זיינען אלע פאַרשריבן געוואָרן מיט יאָרן שפּעטער אין ספר דברים. גאָר וויכטיק איז דער געזעץ וועגן לוין־ארבעטער — ארבעטער וואָס פאַרדינגען זיך אויף אַ קורצער צייט:

— זאָלסט ניט אונטערדריקן אָדער פייניקן אַן אָרעמען און נויטבאַדערפטיקן לוינארבעטער פון דיינע ברידער, אָדער פון דיין פרעמדן וואָס איז אין דיין לאַנד. אין דעם זעלביקן טאָג זאָלסטו אים אָפּגעבן זיין לוין. די זון זאָל ניט אונטערגיין דערויף, ווארום ער איז אַן אָרעמאַן און ער קוקט אויס דערויף [29].

די גמרא דערציילט אז חזקיהו האָט אָנגעשטעלט מענטשן צו פאַרשרייבן די נבואות פון ישעיה, דעם ספר משלי, שיר השירים און קהלת [30]. אין ספר משלי ווערט אויך דערמאָנט אַז די מענטשן פון חזקיהו האָבן פאַרשריבן געוויסע טיילן [31].

אין יענער צייט האָט אויך מיכה, פּונקט ווי ישעיה, נביאות געזאָגט אז עס וועט קומען אַ גליקלעכע צייט און עס וועט אויפשטיין א גרויסער יידישער קעניג צו וועלכן אַלע פעלקער וועלן זיך צוהערן:

— און ער וועט משפטן צווישן פעלקער
און אנטשיידן צווישן אומות,
און זיי וועלן איבערשמידן זייערע שווערדן אויף אקעראייזנס,

און זייערע שפּיזן אויף שניידמעסערס,
און אַ פֿאָלק קעגן אַ פֿאָלק וועט ניט הויבן קיין שווערד,
און מען וועט ניט לערנען קיין מלחמה [32].

מיכה האָט אָבער נאָך צוגעגעבן:

— און יעדער איינער וועט זיצן
אונטער זיין וויינשטאָק און אונטער זיין פייגנבוים
און קיינער וועט קיינעם ניט שרעקן [33].

און נאָך פיר שורות זיינען צוגעשריבן געוואָרן צו דער נבואה:

— אַלע פעלקער מעגן גיין
איטלעכער אין נאָמען פון זיין גאָט,
אָבער מיר וועלן גיין אין נאָמען פון יהוה,
אונדזער גאָט אויף אייביק און שטענדיק [34].

ס'איז דאָך קלאָר אַז וויבאלד אַלע פעלקער וועלן לעבן אין פרידן און טאָן גערעכטיקייט, אַרט ניט גאָט אויב זיי וועלן אים דינען יעדער איינער אויף זיין אופן [35].

---

דער פרומער, גוטער חזקיהו איז געשטאָרבן און זיין זון מנשה איז געוואָרן קעניג אויף זיין אָרט. מנשה איז ניט געאַנגען אין די וועגן פון זיין פרומען פאָטער. עס איז אָנגעקומען אַ צייט פון זינד און אומרעכט [36]. מנשה האָט אויסגעהרג'עט א סך פון די תלמידים פון די נביאים [37]. אין ספר מלכים ווערט דערציילט אַז מנשה האָט פאַרגאָסן א סך אומשולדיק בלוט [38]. ירמיהו זאָגט אויף מנשה'ס צייט: אייער שווערד האָט פאַרצערט אייערע נביאים ווי א מערדערישער לייב [39].

די גמרא דערציילט אַז מנשה האָט אויסגעהרג'עט א סך נביאים. מיכה, אַזוי ווי דער נביא ישעיה, איז געשטאָרבן מיט אַ מאַרטירער־טויט [40]. אָבער דער גייסט פון נבואה איז ניט אונטערגעגאַנגען. באַהאַלטענערהייט האָבן זיי געלערנט די רייד פון די נביאים, מיט אויסדערוויילטע תלמידים און נאָכפאָלגער, און זיי געמוטיקט צו וואַרטן אויף בעסערע צייטן. די ענגע גרופּע פון נביאים, כוהנים און זייערע פאַרפאָלגער האָבן אין זייער באַהעלטעניש צוגעגרייט דעם ספר דברים. און באַלד טאַקע נאָך מנשה'ס טויט האָבן זיך באַוויזן נביאים וואָס האָבן געבראַכט יהוה'ס וואָרט צום נייעם דור [41].

יולי, אָקטאָבער — מערץ .

## מראה מקומות און באמערקונגען

1) ווען דעם נביא'ס אפשטאם איז ניט דערמאנט איז א סימן אז דער נביא איז ניט פון גרויסן יחוס. זע

1) Charles Kent Foster, The Kings and Prophets of Israel and Judah, p. 58.

2) דברי הימים ב—כו—ו.

3) Charles Kent Foster, The Kings and Prophets of Israel and Judah, p. 166.

4) דארט זייטן 166—167.

5) מיכה ב—ב.

6) מיכה ז—ב, ג, ד, ה.

7) ש. ל. גרדונס טייטש אויפן פסוק.

8) מיכה א—ב, ג. ד.

9) מיכה א—ה.

10) די נבואה איז אין עבר; שומרון איז שוין חרוב געווארן, זע די איבערזעצונג

10) Charles Kent Foster, The Kings and Prophets of Israel and Judah, p. 162.

11) מיכה א—ו, ז.

12) מיכה א—ח, ט. טו סוף פסוק.

13) Adolph Lods, The Prophets and Rise of Judaism, p. 113.

14) מיכה ג—א, ב, ג, ד. זע גרדונס פירוש אויף די פסוקים.

15) מיכה ב—יא.

16) מיכה ג—ה, ו, ז.

17) ניטא אין טעקסט.

18) מיכה ג—ח.

19) Charles Kent Foster, The Kings and Prophets of Israel and Judah, pp. 176-177.

20) מיכה ג—ט, י, יא.

21) מיכה ג—יב.

22) Charles Kent Foster, The Kings and Prophets of Israel and Judah, p 169.

23) עהרליכס טייטש.

24) מיכה ו—ו, ז, ח.

25) ירמיהו כו—יח, יט.

26) מלכים ב—יח—ג, ד, ה.

27) ויקרא כה—ג, ד, ה, ו, ז, און שמות כג—יא.

28) דברים טו—א, ב, ג.

29) דברים טו—יב, יג, יד.

30) דברים כד—יד, טו.

31) בבא בתרא דף יד און טו.

32) משלי כה—א.

33) ישעיה ב—ד; מיכה ד—ג.

34) מיכה ד—ד.

35) מיכה ד—ה.

מיין אויסטייטש. אלע מפרשים זאגן אז די שורות זיינען צוגעשריבן געווארן פון א נביא א פארטיקולאריסט. אבער אין מגלת אסתר ח—ט שטייט ועם ועם כלשונו ואל היהודים ככתבם וכלשונם. דאס איז ניט קיין צופאל. הרב אברהם ביק אין יידישע שריפטן באנד 4, העפט 1-2 זייט 106: זאל יעדער מענטש גיין אין נאמען פון זיין גאט — דער פסוק אין מיכה איז דער גרונט פרינציפ פון רעליגיעזער דעמאקראטיע.

36) מלכים ב', כ"א, ב'.

37) Henry Preserved Smith, Old Testament History, p. 257.

38) מלכים ב', כ"א, ט"ז.

39) ירמיה ב', ל'.

40) יבמות מ"ט. זע אויך: Louis Ginsberg, Legends of the Jews, vol. 4, p. 278, notes 98, 99, 100.

41) Julius A. Bewer, Literature of the Old Testament, p. 122.





# ארויס פון גן־עדן

(אַ מיסטעריע אין בילדער און דיאַלאָגן)

פון

## פ. מעלער

### בילד פינף

(המשך)

תהו־ובהו (האַקט אים איבער). הער אויף צו ריידן וועגן דיין ווילן, וועלכן דו באַזיצסט ניט. איך פרעג דאָך דיך גאַנץ קלאָר און דייטלעך, וואָס פאַר אַ זינען וועט האָבן דער באַשאַף? וואָס באַצוועקסטו מיט דיין מעשה בראשית?

קב״ה. און וואָס פאַר אַ זינען האָט דער קדמון, דער ניט־באַשאַף, דער כאַאָס?

תהו־ובהו. דער קדמון צושטאַנד איז גלאַט אזוי זיך און ניט־גלאַט ניט־אַזוי זיך. עס שטייט אונטערן צייכן פון „סתם אַזוי ניט אין דער וועלט אריין". דער אומבאשאף דאַרף ניט האָבן קיין זינען, נייערט אַן אומזינען. אויף „ניט" פרעגט מען ניט קיין קשיות. ׳ניט׳ באַצוועקט ניט. דעם ׳ניט׳ באַאורטיילט־באַאורגאַנצט מען ניט.

נאָר איידער איך גיי אָן ווייטער מיט דעם דיסקורס מכוח צוועק וועל איך זיך דערלויבן מאַכן אַ קורצע דיגרעסיע, און אויסדריקן אַ געדאַנק, וואָס ליגט אַביסל אָן־אַזייט, האָט אָבער דאָך א שייכות צום ענין וועלכן מיר באַהאַנדלען.

קב״ה. טו ווי דו פאַרשטייסט. די איניציאַטיווע איז דאָך דיינע, באַהאַנדל די טעמע ווי דו ווילסט, איך האָב גאָרניט דאַגעגן.

תהו־ובהו. זאָל זיין, אז איך בין צו פעסימיסטיש, איך איבערטרייב, דיינע ברואים און „געמאַכטקייטן" וועלן ניט סקריצן מיט די ציין, ניט ווינטשן דיר, וואָס איך וואָלט מיין ערגסטן שונא ניט געוואונטשן. זאָל זיין אז זיי וועלן זיין גוט און פרום, און עס וועט מקויים ווערן, וואָס עס ווערט געזאָגט אין שמונה־עשרה פון

ראש־השנה: „און עס וועלן דיך פאַרכטן אלע דיינע טאַטן, און עס וועלן זיך בוקן פאַר דיר אַלע באַשעפענישן און זיי וועלן אלע גרינדן איין פאַרבאַנד צו טאָן דיין ווילן מיטן גאנצן הארצן"... זאָל זיין אז זיי וועלן דיך דינען פון שרעק, פון אימה ווי עס וועט דאָרט געזאָגט ווערן אַביסל פריער „און אָט־אַזוי וואַרף ארויף דיין פחד... אויף אלע דיינע 'געטאַנענע', און דיין אימה אויף אלץ וואָס דו האָסט באַשאַפן"... און זיי וועלן, פשוט, מורא האָבן זיך אַנצוהייבן מיט דיר, צו האָבן טענות צו דיר, זיך צו באַקלאָגן נאכשאל דו האָסט זיי באַשאַפן און זיך ביי זיי ניט אָנגעפרעגט צי זיי ווילן באַשאַפן ווערן. זאָל זיין אז זיי וועלן ניט מעיז זיין א שליידער טאָן אויף ארויפצו אָט־די גערעכטע טענה, ארויסגעבראַכט פון זייער מויל. נו, איז וואָס? איז די טענה קיין טענה ניט, ווייל זיי וועלן זי ניט ארויסזאָגן? אין האַרצן, אין די טיפענישן פון זייער געדאנק, וועלן זיי עס סיי ווי סיי טראַכטן... און זיין גערעכט לגבי דיר. ווייל נאָך אלעמען האָסטו זיך דאָך געדאַרפט מיט זיי באַראָטן, אויסהערן זייערע מיינונגען, צונויפרופן א מין גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, אָדער מאַכן אַ פלעביסציט, אַניט וועלן זיי דאָך קענען א שמיץ טאָן דיר אין פנים דעם שפרוך, שקלא טיבותך ושדיא אחיזרא, נעם צו דיין מתנה, וואָס איז ווערט אַ זעץ אָן דר'ערד, ווער האָט דיך געבעטן אונדז טאָן דיין בערישע טובה. און איך מוז דיר זאָגן, אַז איך בין מער ווי זיכער און מסתמא ווייסטו עס אליין אויך אַז ווען דו טוסט עס, ווען דו רופסט צונויף אַ קאָנסטיטואירנדיקע אסיפה און די פראַגע פון באַשאַף און ניט באַשאַף נעמט מען צו אוניווערסאלער, דירעקער און געהיימער אָפשטימונג, וואָלט דער קדמון, אָפּאָנענט פון באַשאַף, געקראָגן ניין צענטל פון די שטימען און אפשר טאַקע די גאַנצע צען צענטל. אָבער איך ווייס אַז דו ביסט ניט קיין דעמאָקראַט, און דו גייסט ניט עטאבלירן א קאָסמישע רעפּובליק, נייערט אַ טעאָקראַטישע דיקטאַטור, דו וועסט דאָך זיך דערקלערן פאַר אַ דיקטאַטאָר. אגב, דער פונקט וואָס איך ברענג ארויס איז וויכטיק, ווייל דו שאפסט זייער אַ שלעכטן פּרעצעדענט סיי פאַר דער צוקונפטיקער קירך און סיי פאַר דעם צוקונפטיקן וועלטלעכן שטאַט.

קב"ה. ווי אזוי קען איך זיך באַראָטן מיט די וואָס זיינען נאָך ניט באַשאַפן, וויבאלד זיי זיינען נאָך ניט באַשאַפן געוואָרן זיינען זיי נאָך ניט פאַראַן, און עס איז ניט פאַראַן וועמען צו פרעגן. דו האָסט דאָך אליין געזאָגט אז אויף ניט איז קיין פראַגע ניט, און ממילא אויך קיין אָנפראַגע.

תהו־ובהו (שמייכלט). איך האָב געוואוסט, דו וועסט עס פרעגן, דו וועסט מיך, כלומרש'ט, כאפן ביי דער האַנט מיט א ווידערשפרוך... פאַרשטיי וואָס איך רייד צו דיר. אין געדאנקלעכן פארשטעל זיינען זיי שוין א 'דבר שבא לעולם',

„כל העומד לבעול כבעול דמי", וועט אונדז לערנען די גמרא, ביי דיר אין דיר זיינען זיי שוין באַשאַפן. לכן ווען דו רופסט זיי צוזאמען, ד. ה. ווען דו רופסט צוזאמען דיינע אלע איינצלנע געדאנקען וועגן די פּרטים־באַשאַפענישן און דו פרעגסט זיך אָן ביי זיי, ד. ה. באַראַטסט זיך מיט אלע דיינע מחשבות, בין איך זיכער, אַז זיי וועלן שטימען, זיי וועלן זיך ארויסזאָגן קעגן דיין שעפערישן קאַפריז. די צרה איז וואָס דו דיקטאַטורעווּעסט אין זיך, דו פרעגסט זיך ניט אָן, דו ביסט זיך ניט מיישב מיט זיי, דו גיסט אַ שפּרונג צו אַ פּאַראלגעמיינערונג — און פאַרטיק. אזוי ווילט זיך דיר. וועלכן זיך פון דיינע זיכן? דו האָסט דאָך אָן א שיעור זיכן און זי־כעלעך. אלא וואָס, איין זיך, דער שטאַרקערער, כאָטש ניט אַלע מאָל דער גערעכ־טער, שפּרינגט ארויס, מעשה הדיוט קופץ בראש, און דערקלערט זיך פארן הויפּט, פארן 'פירער'. און ער אונטערדריקט אלע איבעריקע זיכן און זיכעלעך אין דיר. דו געברויכסט ניט פאַרלאַמענטאַרישע פּראָצעדור. דו ביסט ניט דעמאָקראַטיש־אינדוקטיוו, נייער אַריסטאָקראַטיש דעדוקטיוו, אָדער אויטאָקראַטיש אַפּריאָריש. איין הויפּט געדאנק פון באשאף, אינאלגעמיין, פּרעדאָמינירט אין דיר. ווען דו נעמסט צונויף אַלע באַזונדערע געדאנקען און אונטער־געדאנקען וועגן די איינצלנע טאָטן פון די באַשאַפעכצן, וואָלטן זיי, איך בין אין דעם זיכער, איינגעשטימט מיטן קדמון און מיט מיר און זיך ארויסגעזאָגט שאַרף קעגן יעדן מעשה בראשית.

קב"ה. מיר איז שווער נאָכצופאָלגן וואָס דו זאָגסט, אָדער, ליבע מאמע, דו מאַכסט דעם אייגענעם טעות וואָס פאַרדעם, נאָר דו גיסט אים א פאררוק אויף אַ ווייטן הינטערוויילעכטס. בנוגע די געדאנקלעכע פּאַרשטעלענישן איז דאָך די אייגענע לאַגע. וועגן זייער באַשאַף האָב איך זיך דאָך ווידער געדארפט באַראַטן, מיט וועמען? מיט זיי? איידער זיי זיינען נאָך געווען אין דער פאַרשטעלונג? אויף ניט קען דאָך קיין באַראַט ניט זיין. אלא וואָס? נאָכדעם; אָבער נאָכדעם איז שוין שפּעט, צו שפּעט, וויבאַלד זיי זיינען באַשאַפן געוואָרן ווי דו רופסט עס דיקטאַטאָריש ווי אזוי קענען זיי אָפּוואַרפן דעם ווייטערדיקן באשאף מיינעם, וואָס איז בלויז אַ המשך, דורך דעמאָקראַטישע מיטלען ווען זיי אליין זיינען אַ פּראָ־דוקט פון מיין דיקטאַטור.

תהו ובהו. זייער גוט. איך האָב בלויז געוואָלט זען צי די קאָפּ ארבעט ביי דיר. דו ווייסט אמאָל אין דער צוקונפט זאָגן „נצחוני בני", זאָג איך דיר איצט „נצחתני, בני"... מיין זון, דו ביסט גערעכט, און מיר טוט עס הנאה. אָבער זיי וויסן אז דעם ארגומענט מכוח דעמאָקראַטיע ווערסוס דיקטאַטור אין דעם קאָס־מישן איינשטעל האָב איך אַדוואַנסירט מיט דער כוונה זיך צו איבערצייגן ווי שטאַרק איז דיין אורטיילסקראַפט, בכדי צו וויסן צי דו פאַרשטייסט וואָס מ'רעדט צו דיר.

קב״ה. אזוי גאָר, דו ווילסט מיר ניט געבן די סאַטיספאַקציע פון דעם באַ־וואוסטזיין אז איך האָב דיך, מאמע, גענומען געפאנגען אין נעץ פון א סתירה.

תהו־ובהו. דו זעסט דאָך אז איך בין אומישנע אראָפּ אָן אזייט אין מיין דיסקורס. איך האַלט דאָך גאָר ביי דעם פּראָבלעם פון טעלעאָלאָגיע, צוועקמעסיקייט אין באַשאַף. נאָר איידער איך קער זיך אום צום פּונקט פון תכלית־הבריאה, וויל איך פון דעם פארדעם געזאָגטן שאַרפן פּילפּול ארויסציען א מסקנה ווי אן הלכה למעשה. און דאָס איז עס: מען טאָר ניט שאַפן אזעלכע באַשעפענישן וואָס וועלן באַציִזן כלומרש׳ט אן אייגענעם אומאָפּהענגיקן ווילן און אן איניציאַטאָרישן פאַר־שטאַנד, וועלכע וועלן האָבן די מעגלעכקייט צו ווירקען רעטראָגראַדיש, זיין אַקטיוו אויף צוריק און בזה האופן האָבן די מעגלעכקייט צו שטעלן אונטער אַ פראַגע־צייכן דעם באַשאַף בכלל און זייער פערזענלעכן באַשאַף בפרט. קירצער געזאָגט, מע טאָר ניט שאַפן עפּעס אין דער אייגענער געשטאַלט און גלייכעניש, ווייל אין לעצטן פאַל וועט דער באַשאַפענער זיך רייסן צו ווערן אַליין, אין זיין אייגן רעכט, אַ באַשאַפער אָדער אַן אָפּשאַפער און דאָס ערשטע וואָס ער וועט טאָן איז אָפּפרעגן דעם באַשעפער, דאָס רעכט פון זיין באַשעפער צו באַשאַפן אים מיט א דרייסטן ווילן און דורכדריג־גענדיקן אינטעלעקט. ווייטער, אזוי ווי יעדער אַקט פון באַשאַף מוז דאָך זיין ניט אַנדערש ווי געראָטן אין באַשאַפער, וועלכער מוז על פּי־הכרח, שאַפן אין זיין גע־שטאַלט, לכן טאָר מען בכלל ניט שאַפן און ניט געבוירן קיין וועזנס. קיין טאַטע און מאַמע האָבן ניט קיין רעכט צו געבוירן קינדער, ווייל די לעצטע, ווען זיי וועלן אונטערוואקסן, וועלן מאָנען ביי זייערע עלטערן א חוב, וועלכן די עלטערן וועלן ניט קענען סילוקן. די קינדער וועלן פרעגן הלמאי האָבן זיי טאַטע־מאַמע געבוירן אָן זיך אָנצופרעגן ביי זיי צי זיי ווילן טאַקע געבוירן ווערן, בכלל, און ביי אָט־די טאַטע־מאַמע, אין אָט־דער סביבה און אונטער אָט־די אומשטענדן, בפרט.

קב״ה. און וואָס איז מכוח מיר און איך? פאַרוואָס האָסטו מיטן טאַטן זיך דערלויבט צו האָבן מיך אָן מיין אויסגעשפּראָכענעם הסכם, מיך, וועלכער איז איצט א חולק אויף אייך ביידן?

תהו־ובהו. דו פרעגסט מיניה וביה און צעטומלסט זיך אַליין. דאָס טענה איך דאָך, אז דו דאַרפסט ניט ווערן קיין באַשאַפער און דו טאָרסט ניט זיין קיין חולק אויף אונדז, דו טאָרסט זיך ניט אָפּטיילן, אזוי אז דו זאָלסט זיין ווי אלע דיינע ברידער, גיין אין אונדזערע פוסטריט און ניט האָבן דעם דרייסט אָפּצופרעגן דעם קדמון־אומצושטאַנד, ד. ה. זיין צופרידן, ווי דיינע ברידער זיינען, מיט דיין אומ־באשאפנקייט, אומגעבוירנקייט, זיין צופרידן מיט דיין געפינען זיך אין אונדז אָן דיין אייגענער איכישער אידענטיפיקאַציע. דו ביסט דאָך ניט דאָס ערשטע קינד

ביי מיר, איך האָב פון זיי קיין צרות ניט געהאַט און וועל ניט האָבן, אם ירצה השם, פון קדמון.

קב״ה. מאמע, אָבער איך בין דאָך פאָרט אַנדערש!

תהו־ובהו. וועגן דעם רעדסט מען דאָך, אז דו זאָלסט ניט זיין אַנדערש. דאָס באַהאַנדלען מיר דאָך. די ברירה איז נאָך ביי דיר, קענסט נאָך ווערן ווי אלע.

קב״ה. אָבער דאָס איז דאָך שוין פאַרפאַלן. איך בין דאָך אַנדערש שוין מיט דעם אליין, וואָס מיט די איבעריקע ברידער האָסטו ניט באדארפט איינ׳טענה׳ן זיי זאָלן ניט זיין אנדערש, און מיט מיר דארפסטו וועגן דעם פירן לאַנגע און באַלערנטע געשפרעכן. ווען איך זאָל אפילו מסכים זיין מיט דיר און ווי דו זאָגסט, ׳די ברירה איז נאָך ביי דיר׳, בין איך דאָך אנדערש דורך דעם, וואָס איך דאַרף געברויכן אַן אַקט פון ווילן און פאַרשטאַנד אום צו זיין ווי אלע, און מחמת דעם אליין וועל איך שוין ניט זיין ווי אלע, ווען איך בין ווי אלע, ווייל איך בין עס אַנדערש, מיין זיין ווי אלע איז אַן אַנדערער. עס איז ניטאָ קיין אַנטרינונג פון אָט־דער ׳אנדערשקייט׳ מיינער.

תהו־ובהו. מיט דיר איז עפּעס ארויסגעקומען א מכשול. עפּעס איז מכולה געוואָרן. עפּעס האָט זיך פאַרדרייט. (בייט דעם טאָן).

ווען דו וואָלסט געוועז בכוח אויסצוגעפינען א שכל פארן באַשאַף און אריינ־צולייגן א זינען אין באַשטאַנד, דעמאָלט וואָלט איך גערן קאַפּיטולירט פאַר דיר. איך וואָלט זאָגן, — אפשר מיט אַביסל ווייטאָק און קנאה, אָבער דאָס וואָלט מיך ניט אָפּהאַלטן פון צו זיין א „מודה על האמת" —יע, יפה כוח הבן מכוח האב, דער זון האָט אריבערגעשטייגט זיין טאַטן און זיין מאמען. אָבער איצט, וויבאלד קיין תכלית פארן באַשטאַנד האָסטו ניט, קיין צוועק און ציל פאַר דעם דאַזיין פאַרמאָגסטו ניט ,איז לאָז צורו! ווילסט אלץ בויען אויף אַ נאַרישן צוועקלאָזן קאַפּריז, אויף אַ בלינדן ווילן אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועזן. ניין, מיין זון, אַ קאַפּריז איז א צו שוואַכער יסוד, אז אויף אים זאָל זיך פונדאמענטירן דער גאַנצער קיום.

קב״ה. עס איז פאַראַן אַ תכלית אין באשאַף. אַלץ שטרעבט ארויף, אַלץ וועט גיין צום איך, צום זעלבסט־באַוואוסטזיין. איך האָב בדעה צו מאַכן די וועלטן פאַר מאַשינען צו מאַכן גאָטער. איך וועל זיך פאַרמערן גייסטיק־לייבלעך, אזוי צו זאָגן, ניט דורך א געשלעכטלעכן פרייה־ורבייה־פּראָצעס, נייערט דורך מיינע מעשים, מיינע שעפערישע אויפטועניש. די מינעראַלן וועלן ווערן, ווי די פלאַנצן, די פלאַנצן — ווי די בעלי־חיים; די בעלי־חיים — ווי די מענטשן; די מענטשנקינדער — ווי די גאָטער. אַלץ שטייגט ארויף, שטייגט זיך אריבער, אַלץ קומט צו מיר, ביז עס דערגרייכט די מדרגה פון ריינער איכהייט, פון אנוכי.

תהו־ובהו (שמייכלט סאַרקאַסטיש). זייער קלוג, וואו תורה דאָרטן חכמה... ניטאָ וואָס צו ריידן, געפונען אַן עובדא פאַרן באשאף. די וועלט וועט זיין אַ מאַשין צו שאַפן געטער. מיר דוכט אז דער יידיש־פאַר׳גוי׳ישטער פילאָזאָף בערגסאָן וועט צענטויזנטער מאָל צענטויזנטער יאָרן שפּעטער נאָכזאָגן די חכמה דיינע. די פראַגע איז דאָך, אָבער, צי דו קענסט שטייגן, צי דו קענסט גיין העכער? ניין! דו בלייבסט שטיין אויף איין שטאַפּל און גיסט אַכטונג ווי אַלע קלעטערן אַרויף. אַרויף צו דיר, און קוועלסט פון נחת... ווייטער וואָס? דו ביסט אַן אנוכי, און אז אַן אנוכי, איז וואָס?! דער גאַנצער ענין פון אנוכי איז פּראָבלעמאַטיש. דער פילאָזאָף יוהם וועט דאָך דעם „איך" אינגאַנצן פאַרלייקענען, און אבא גאָרדין וועט באַווייזן אין זיינע ווערק אז די איכהייט איז א גלויבעניש, דאָס הייסט אַן איינרעדעניש, אַ סוגעסטיע. די שכינה האָט דיך איינגערעדט אז דו ביסט אַן איך, אַ זיכער. אָבער דאָס וועלן מיר אָפּלאָזן, מיר וועלן עס ארומשמועסן אַן אנדערש מאָל... די אונטערשטע שורה איז, אז דו גיסט צו אַז וואקסן קוואַנטיטאַטיוו און קוואַליטאַטיוו קענסטו מער ניט, פאַר־מערן זיך סעקסועל — אויך ניט, לכן שאפסטו א מענטשן, וועלכער וועט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלען אַזוי הייך, וועט אַוועק אזוי ווייט אז ער וועט אזש אָנשפּאַרן ביזן סאַמע כסא־הכבוד, דערגרייכן די מדרגה פון אַ גאָט... עפּעס אַ קלייניקייט! אַזאַ מדרגה, ס׳איז הויל ניט־דאָ־געדאַכט! די מדרגה פון א גאָט, אי, אי, אי! און אז ער וועט שוין האָבן דערגרייכט די מדרגה פון א גאָט, וואָס וועט ער דעמאָלט טאָן? זיך האַקן קאָפּ אַן וואַנט? זיך לאַנגווייליקן, זיך קיין אָרט ניט געפינען פון אומעט און פוסט־און פּאַס ארומגיין. און בכדי צו דערלייכטערן זיין לאַנגווייליקייט, וואָס וועט אים דריקן ווי א שווערע כמאַרע, וואָס וועט ער טאָן? שאַפן ווידער אַ וועלט, א מאַשין וואָס שאַפט געטער, שאַפן אַ מענטשן וואָס וועט זיך, סוף כל סוף, נאָכדעם ווי ער וועט דורכמאַכן כמה וכמה גילגולים און טילטולים, דערהויבן צו דער מדרגה פון א גאָט, וואָס וועט קיין צוועק און קיין ציל, קיין תכלית און קיין זינען ניט האָבן אין זיין לעבן און, אום זיך צו פאַרווילן און פאַרשפּילן און פאַרגעסן אין זיין שעמום, וועט ער ווידער שאַפן אַ מענטשן... און אַזוי וועט זיך דרייען דער באַ־שאַף ווי א שליסל אין אַן איבערגעדרייטן שלעסל, אָדער ווי אַן אויסגעריבענע פּלאַס־טינקע, וואָס קווייטשעט אלע מאָל ארויס די אייגענע עטלעכע טענער פון אַ פאַרלאָ־רענעם ניגון, ביז א ניט־גוטקייט וועט אָנכאַפּן. איז וואָס מיינסטו, מיין זון, אַז וויבאלד דו גופא ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט זיך, האָסט ניט קיין תכלית פאַר דיין זיין און זיך־זיכן און זיך רעאַליזירן אין אַ באַשאַף, וועסטו שאַפן איינעם וואָס וועט אַמאָל זוכה זיין צו ווערן ווי דו, און ניט האָבן קיין תכלית אין זיין האָוועען פּונקט ווי דו האָסט ניט אין דיין האוועו און שמאַיען, בראשית׳עווען און

מרכבה׳ענען, וועט פון דעם, פון אָט־דער זיך־איבער׳חזר׳נדיקער אומזיניקייט, זיך באַקומען זין און תכלית?! מיינסטו, באמת, אַז עס איז גענוג צו ווידערהאָלן אַן אומזין אום צוצוגעבן אים אַ זינען. דיין באַשאַף האָט ניט קיין זינען, פאַרמאָגט ניט קיין אימאַנענטן צוועק, און אַ בלויזע ראַטאַציע וועט דאָ גאָרניט העלפן.

דער פלאַנץ וועט ווערן אַ בעל־חי! אַ גרויסער גליק וועט אים טרעפן. אַ גרויסע מציאה וועט ער כאַפּן! דער פלאַנץ וועט זיין זינלאָז און אומגליקלעך ווי דער בעל־חי, דער בעל־חי איז זינלאָז און אומגליקלעך ווי דער מענטש, און דער מענטש אַזוי אומרואיק און אומגליקלעך ווי דער רבונו־של־עולם, ווי דו וואָס ווערסט פאַר־צערט פון אַ צוועקלאָזן און זינלאָזן דראַנג נאָך שעפערישקייט, אַ פאַנטאָם, וואָס דו וועסט קיינמאָל ניט קענען דערגרייכן, מחמת איר גאַנצער רייץ, איר עצם מהות, באַשטייט אין דעם וואָס זי איז אומדערגרייכבאַר.

זון מיינער, דו קענסט דאָך מיר ניט זאָגן אַז דו פילסט זיך גליקלעך, זינט דו האָסט דערוואַכט און זיך דערפילט אַלס איך. ווער עס איז גליקלעך און צופרידן, יענער שאַפט ניט, טוט ניט אויף קיין נייסן. בלויז אומרו, אומגליק שאַפט. איז דיר ווייניק וואָס דו ביסט אַליין אויף צרות, ווערסט פאַרצערט פון אַן אינערלעכן פייער וואָס ברענט אין דיין אינגעווייד און דו ווייסט ניט ווי עס צו פאַרלעשן, ווילסטו נאָך שאַפן צווייפיסיקע באַשעפענישן אין דיין געשטאַלט און גלייכעניש, וואָס אין אחרית הימים וועלן זיי אַזוי פאַרפייניקט ווערן, אַזוי אַרויסגעריסן ווערן ווי דו ווערסט איצט! און דאָס רופסטו תכלית?! דאָס הייסט ביי דיר זינען?!

קב״ה (אויפגערעגט). הער, ליבע מאַמע, זיך זיכן, זיך איכן, זיך פערסאָנאַ־ליזירן, זיך אינערן, זיך אויסערן האָט, לויט דיין פאַרשטיין נאָך, קיין שום זינען און קיין שום תכלית, אָבער ניט־זיכן־זיך, כאַאָסעווען, קדמונ׳עווען, תהו־ובהו׳ווען איז באַרעכטיקט, האָט אַ זינען... אדרבה, זאָג אַליין, צי אַזאַ באַהויפּטונג קען האָבן אַ זינען?!

תהו־ובהו. איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, מיר מיידן אויסביידע עקסטרע־מען, סיי דעם זינען און סיי דעם ניט־זינען. מיר האַלטן זיך תמיד אין מיטן. מיר שפּאַצירן, אַזוי צו זאָגן, צווישן די טראָפּנס, מיר געפינען זיך אין די שפּאַלטן צווישן דער פולקייט און דער פוסטקייט. דו, אָבער, ווילסט דאָך יאָ זיין, ווערן דווקא אַ יה. און אויב דאָס וועט זיך דיר ניט איינגעבן, וועסטו זיך מוזן אַ וואָרף טאָן צום צווייטן עקסטרעם, ווערן אַ ׳ניט׳, פון אַ „לא״ ווערסטו אַן „אל״ און דערנאָך קענסטו צוריק ווערן אַ „לא״. ווען דו ביסט געווען אין נעגאַטיוו, האָט זיך דיר פאַרוועלט זיין אין דעם פּאָזיטיוו, אַז דו וועסט זיין אין פּאָזיטיוו, וועט זיך דיר גע־לוסטן זיין אין נעגאַטיוו און דו וועסט צו מנוחה ושלווה קיינמאָל ניט קומען. דיינע

אַ האַנדלונג מוז האָבן אַ זינען, פֿאַרמאָגט עס ניט קיין זינען, איז עס זינלאָז, און אומזין. אונדזער פּאַסיווער ניט־אויפֿפּיר האלט ניט פֿון אַט־דעם דואליזם. מיר זייַנען פֿרייַ פֿון בײדע אַלטערנאַטיוון. איך ווייס אַז דו טראָגסט זיך ארום מיט דעם פֿאַלשן געדאַנק פֿון אַ מאָניזם, אָבער דאָס איז אַן אוממעגלעכקייט פֿאַר דיר. מחמת ביי דיר האָט אַלץ אַ צווייאיקייט, צווייפּאָכיקייט. אַן אמת'ער מאָניזם איז מעגלעך דאָרטן, וואו עס איז ניטאָ קיין פֿאנאנדערטיילונג, קיין דיפֿערענציאַציע, קיינע ויבדל'ס. אמת'ע מאָניסטן קענען זיין בלויז מיר, די קדמוניסטן, בלויז אין צעמי־שעניש איז פֿאַראַן אַן אייניקייט. (בייט דעם טאָן) איך האָב שוין לאַנג געדאַרפֿט ענדיקן. אַז מען דאַרף לאַנג איינטענה'ן, טויג עס ניט, איז ארויסגעוואָרפֿן די רייד. עס איז דיין פּערזענלעכע אחריות, טו ווי דו פֿאַרשטייסט. עס וועט פֿון דיין טועכץ סיי ווי גאָרניט ארויסקומען. „אין עונשין, אלא מתריאין“, מען שטראָפֿט ניט, סיידן מע וואָרנט פֿאַרדעם. און אָט האָסטו מיין וואָרנונג: וויבאַלד דו דערקלערסט אונדז קריג, — וועלן מיר פֿירן קעגן דיר דעם קריג ווי אַ קריג דאַרף געפֿירט ווערן, מיט אַלע רעסורסן וועלכע מיר פֿאַרמאָגן. עס איז דיין שולד, וואָס דער גרויסער קדמון מוז ווערן אַ „כאַאָס“, אַ שטן; עס איז דיין שולד, וואָס דיין מוטער, די גרויסע קדמוניתא, וועט ווערן אַ תהו־ובהו, ריכטיקער אַ לילית, אַ נאַכטוואָגלערין. איך האָב דיר עס שוין איינמאָל געזאָגט גלייך אין אָנהויב פֿון דעם דורכרייד. איך זאָג עס נאָך אַמאָל, אום צו זיין זיכער אַז מיינע רייד וועלן זיך אַריינקריצן אין דיין זכרון און אַריינזינקען אין דיין באַוואוסטזיין. און זאָלן מיינע ווערטער רעקאָרדירט ווערן פֿאַר אַלע צייטן, פֿאָרצייטן און נאָכצייטן: מיר, דער קדמון און די קדמוניתא, האָבן געוואָלט שלום, דו, דער רבונו־של־עולם, האָסט אָנגעהויבן אַ מחלוקת; און זאָלן אַלע וויסן אַז מיר, די אַזוי גערופֿענע „ניט־גוטע“, זיינען די גערעכטע, און דו, דער „קוואַל פֿון גוטסקייט“, ביסט דער אומגערעכטער.

(תהו־ובהו גייט אָפּ מיט גרויס ווירדע און אַ היפּש ביסל אָנגעשטויסן).

קב"ה. מאמע! גיי ניט אַוועק. איך בעט דיך, דו זאָלסט מיך אויסהערן. איך האָב דאָך דיך אויסגעהערט, כאָטש דו האָסט גערעדט גאַנץ לאַנגלעך, ווי דו האָסט אַליין צוגעגעבן צום סוף, זאָגנדיק אַז דו האָסט געדאַרפֿט לאַנג ענדיקן...

תהו־ובהו (טוט אַ צוק מיט די אַקסלען, דערווייטערט זיך. פֿונדערווייטנס וואַרפֿט זי אים צו אַ פּאָר סענטענצן). ניטאָ וואָס צו הערן! דו רעדסט דען וואָס דו טראַכסט, ביסט דאָך דער שכינה'ס פּלאַסטינקע, וואָס זי רעדט אַריין, רעדסטו ארויס. זי איז דאָך דיין מימרא. און אירע ריידעלעך קען איך אויפּאויסווייניק. איך דאַרף זיי נאָך אַמאָל ניט הערן.

(פֿאַרשווינדט)

# סאָציאָלאָגישע עקאָנאָמיע

פון

## אבא גאָרדין

### בוך דריי:

### אָרגאַניזאַטאָרישע אַרבעט און ווערט

### I.

### עקאָנאָמיש בילד אין אַ סאָציאָלאָגישן רעמל

### א.

אויסטויש־ווערט אַ סאָציאַלאָגישע קאַטעגאָריע.

אַדאַם סמיט שרייבט:

„אַרבעט, דעריבער, איז די ווירקלעכע מאָס פון דעם אויסטוישבאַרן ווערט פון אַלע סחורות" [1])

דויד ריקאַרדאָ שרייבט:

„דער ווערט פון אַ סחורה, אָדער די קוואַנטיטעט פון וועלכער־עס־איז אַנדער סחורה אויף וועלכע זי וועט זיך אויסבייטן, הענגט אָפּ פון דער לפי־ערכ'דיקער קוואַנטיטעט פון אַרבעט, וואָס איז נויטווענדיק פאַר איר פּראָדוקציע" [2]).

ראָבערט אָוען שרייבט:

„אַרבעט וועט ווערן דער סטאַנדאַרד פון ווערט, און אַן גרויסע שוועריקייטן קען דער ווערט פון אַלע אַרטיקלען רעפּרעזענטירט ווערן דורך אַן אַרבעט־שיין פאַר אַ שעה, אַ טאָג, אַ מאָנאַט, אַ יאָר" [3]).

פּרודאָן אין זיין ווערק „עקאָנאָמישע ווידערשפּרוכן" שרייבט:

„אין דער עקאָנאָמישער וויסנשאַפט נאָך אַדאַם סמיט איז אַרבעט דער שטאַנדפּונקט פון וועלכן ווערטן ווערן פאַרגליכן" [4]).

וויליאַם טאָמסאָן שרייבט:

אָן ארבעט איז ניטאָ קיין רייכטום. **ארבעט איז זיין אויסצייכענונג־אַטריבוט. די נאַטור־אַגענץ קאָנסטיטואירט קיין זאַך ניט אַלס אַן אָביעקט פון עשירות. ארבעט איז דער איינציקער פאָטער פון רייכטום**" [5].

קאַרל ראָדבערטוס שרייבט:

„**איך האַלט זיך... ביי דער הנחה, אַז אַלע סחורות עקאָנאָמיש באַטראַכט מוזן פאַררעכנט ווערן אַלס אַ פּראָדוקט פון אַרבעט, אַלס עפּעס וואָס קאָסט גאָרניט נייערט ארבעט**" [6].

קאַרל מאַרקס שרייבט:

„**מענטשלעכע ארבעטס־קראַפט אין באַוועגונג, אָדער מענטשלעכע אַרבעט, שאַפט ווערט, אָבער זי גופא איז ניט קיין ווערט. זי ווערט אַ ווערט בלויז אין איר פאַרגליווערטן צושטאַנד, ווען זי ווערט מגושם אין דער פאָרם פון וועלכן־עס־איז אָביעקט**" [7].

**אין אַן אנדער ווערק זיינס זאָגט מאַרקס:**

„**אַזוי ווי דער אויסטויש־ווערט פון די סחורות איז בלויז אַ סאָציאַלע פונקציע פון יענע אַרטיקלען און האָט גאָרניט צו טאָן מיט זייערע נאַטירלעכע אייגנשאַפטן, מוזן מיר צוערשט פרעגן וואָס איז די אַלגעמיינע סאָציאַלע סובסטאַנץ פון אַלע סחורות? דאָס איז אַרבעט... און איך זאָג ניט סתם ארבעט, נייערט געזעלשאַפט־לעכע אַרבעט... א סחורה האָט אַ ווערט, מחמת זי איז א קריסטאַליזאַציע פון סאָ־ציאַלער אַרבעט. די גרויסקייט פון איר ווערט, אָדער איר פאַרהעלטענישמעסיקער ווערט, הענגט אָפּ פון דעם גרעסערן אָדער קלענערן סכום פון יענער סאָציאַלער סובסטאַנץ, וואָס זי אַנטהאַלט**" [8].

**לויט אונדזער פאַרשטיין נאָך איז מאַרקס גערעכט, ווען ער זאָגט בפירוש, אַז דער רויער שטאָף און אפילו די פאַבריצירטע גיטער, גענומען אַליין פאַר־זיך, אָפּגעבונדן פון דעם מענטשלעכן קנופּ פון איבערגעפלאָכטענע פאַרהעלטע־נישן, באַזיצן ניט קיין שום אינערליכן ווערט, פאַרמאָגן ניט קיין ברעקל אויסטויש־ווערט. מחמת אויסטויש־ווערט איז אַ סאָציאַלע, ריכטיקער, אַן אינטעראינדיווידועלע און אינטערקלאַסלעכע פונקציע און איז בשום אופן ניט קיין פיזישער מהות.**

**מאַרקס באַהויפּט:**

„**אָבער דער געברויך־ווערט פון דער סאָציאַלער פּראָדוקטן־מאַסע הענגט אָפּ פון דער מאָס, אין וועלכער זי באַפרידיקט, אין קוואַנטיטעט, א באַשטימטע סאָציאַלע באַדערפעניש אין יעדן באַזונדערן מין פון פּראָדוקטן אויף אַן אדעקוואַטן שטייגער, אַזוי אַז די אַרבעט ווערט פּראָפּאָרציאָנעל צעטיילט צווישן די פאַר־**

שיידענע ספערן אין הסכם מיט די דאָזיקע סאָציאַלע באַדערפענישן, וואָס זיינען באַשטימט אין קוואַנטיטעט... די סאָציאלע באַדערפעניש, דאָס איז דער געברויך־ווערט גענומען אויף א סאָציאַלן מאַסשטאַב, דערשיינט דאָ אַלס א באַשטימענדיקער פאַקטאָר פאַר דער סאָציאַלער אַרבעט, וועלכע דאַרף צוגעשטעלט ווערן פון די באַזונדערע ספערן"[9].

מע קען זען באַשיינפערליך אַז אין דער מאָדערנער אינדוסטריע אונטער דעם קאַפיטאַליסטישן פראָדוקציע־מאָדוס ווערט אַלץ רעדוצירט צו דעם סאָציאַלן רעזידיום, צו דער געזעלשאַפטלעכער „וויסקראָבקע". דאָס איז אייגנטלעך די אויסגעשפּראָכענע באַהויפּטונג פון מאַרקסן. אפילו געברויך־ווערט, אַרום און אַרום באַטראכט, האָט אַ טענדענץ צו ווערן און איז, באמת, א סאָציאַלער פאַקטאָר און אַלס אַזעלכער דאַרף ער, לויט מאַרקס'ן, באַטראַכט ווערן מחמת ער ווערט געשאַפן אין ענטפער צו א „סאָציאַלער" הצטרכות און די קוואַנטיטעט פון צייט, וואָס ווערט אויסגעטיילט פאַר זיין פראָדוקציע, ווערט „סאָציאַל" דעטערמינירט.

פון דער־דאָזיקער הנחה צווינגט זיך ארויף, מיט דעם גאַנצן כוח פון לאָגישאויסגעהאַלטענעם אורטייל, די מסקנה, אַז אויסטויש־ווערט איז, אפשיטא שוין, בלויז אַ סאָציאָלאָגישער, ד. ה. אינטער אינדיווידאָלאָגישער און אינטערקלאַסאָלאָגישער, מהות.אלס אזוינער קען ער, דער אויסטויש־ווערט, האָבן זייער א ווייטע קרובה'שאַפט מיט דער פיזיאָלאָגישער זייט פון ארבעט־פּראָצעס, ווען דער לעצטער ווערט גענומען אין זיין בחינה פון ענערגיע־פאַרשווענדונג: די קוואַנטיטעט פון דער פיזיאָלאָגישער ענערגיע־אויסברענגונג, די מאָס ארבעט, קען, זיכער, ניט דינען אלס די באַשטימערין און אָפּמעסטערין פון דעם אויסטויש־ווערט.

אויסטויש־ווערט, בכדי ראוי צו זיין צו זיין נאָמען און פונקציע, מוז דורכגעשמאָלצן ווערן אין טיגל פון „סאָציאַלקייט", גערייניקט ווערן פון פסולת, באַפרייט ווערן פון זיינע פיזיאָלאָגישע ארבעט־פּאַרטיקולאריטעטן און אינדיווידועלע טרחה־באַזונדערקייטן. בלויז נאָך דעם ,ווי ער האָט זיך אויסגעטאָן פון זיינע אידיאָסינקראַטישע פיזיאָלאָגישע אָנשטרענג־אייגנשאַפטן און אַרוטערגעוואָרפן פון זיך זיינע פיזישע אַטריבוטן פון א ספעציפישן פראָדוקט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צו באַפרידיקן א באַשטימטע באַדערפעניש (וועלכע, אמת, איז אָנערקענט פון דער געזעלשאַפט) ערשט דעמאָלט דערווערבט ער זיך דאָס רעכט אָפּגעשטעמפּלט צו ווערן אַלס אַן אָביעקט, אין וועלכן עס זיינען פאַרקערפּערט „סאָציאלע", ד. ה. אינטעראינדיווידועלע און אינטערקלאַסלעכע פאַרהעלטענישן, דאָס מיינט, ער איז זוכה צו ווערן אַן אויסטויש־ווערט אין ריכטיקן פשט פון וואָרט. און אויב אַזוי, אויב דער צער פון טראָגן און געבוירן אַן אויסטויש־ווערט איז אַזוי גרויס, איז גאַנץ נאַ־

טירלעך וואָס בלויז „סאָציאַלע" אַרבעט, (יענער מין פון אַרבעט־קראַפט, וואָס טראַנספאָרמירט פיזיאָלאָגישע אַרבעט־קראַפט אין אַ „סאָציאַלער", מיינענדיק אינ־טערקלאַסלעכער, פונקציע) איז די מוטער פון אויסטויש־ווערט, וועלכער איז אַן אינטעראינדיווידועלע און אינטער־קלאַסלעכע קאַטעגאָריע.

מאַרקס שרייבט:

„ווי ווייט עס ווערן עקאָנאָמיסטן פאַרפירט ... פון דעם אָביעקטיוון מראית־עין פון די סאָציאַלע כאַראַקטעריסטיקעס פון אַרבעט, ווערט באַוויזן, צווישן אַנדערע זאַכן, דורך דער טעמפּער און לאַנגווייליקער מחלוקת איבער דער ראָלע, וועלכע די נאַטור שפּילט אין דער פאָרמירונג פון אויסטויש־ווערט. מחמת אויס־טויש־ווערט איז אַ באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער אופן פון אויסדריקן דעם סכום פון אַרבעט וואָס ווערט פאַרשוועטדט אויף אַן אָביעקט. נאַטור האָט מיט דעם אַזויפיל צו טאָן ווי מיט דער פעסטשטעלונג פון קורס אויף דער בירזשע" [10]).

„דער געברויך־ווערט פון די אָביעקטן ווערט רעאַליזירט אָן אויסטויש דורך אַ דירעקטער פאַרהעלטעניש צווישן די אָביעקטן און דעם מענטשן, בעת, פון דער צווייטער זייט, זייער ווערט קען ווערן רעאַליזירט בלויז דורך אויסטויש. דאָס מיינט דורך דער פאָרמיטלונג פון אַ סאָציאַלן פּראָצעס" [11]).

„ווערט, לכן, גייט ניט אַרום מיט אַ צעטל וועלכער באַשרייבט וואָס ווערט איז. ג יכער איז עס ווערט, וואָס פאַרוואַנדלט יעדן פּראָדוקט אין אַ סאָציאַלן יע־ראָגליף. שפּעטער־צו וועלן מיר פּרובירן דעשיפרירן דעם יעראָגליף, אויפצו־דעקן דעם סוד פון אונדזערע סאָציאַלע פּראָדוקטן; מחמת דאָס אָפּשטעמפּלען אַן אוטיליטעט־אָביעקט פאַר אַ ווערט איז אויף אַזויפיל אַ סאָציאַלער פּראָדוקט ווי שפּראַך" [12]).

צו די דאָזיקע אויפקלערנדיקע באַהויפּטונגען קען איך בלויז מוסיף זיין אַז אויסטויש־ווערט אַלס אַזעלכער ווערט באַשאַפן, אונטער די מאָדערנע גרויס־ אינ־דוסטריעלע באַדינגונגען, פון אַן אינטעראינדיווידואַליזאַטאָרישער און סטראַטיפיקאַ־טאָרישער באַמיאונג און ניט פון פיזיאָלאָגישער אַרבעט. אויסטויש־ווערט אין אַ ציוויליזירטער, שטאַנדהאַפטיק אָרגאַניזירטער, געזעלשאַפט איז אַן אינטעראינדיווי־דועלע פאַרהעלטעניש, וואָס איז פאַרטונקט אין אַ אינטערקלאַסלעכער פאַרהעלטעניש. בלויז אויף־אַזויפיל אויף־וויפל אַרבעט איז סטראַטיפיקאַטאָרישער, ד. ה. אינטער־קלאַסאָלאָגישער אָנשטרענג, וועלכער ווערט פאַרשוועטדט אין דעם פּראָצעס פון אינטעראינדיווידואַליזירן די אינדיווידועלע פּראָדוצענטן, שאַפט ער, אונטער די היינטצייטיקע תנאים פון עקאָנאָמישן פאַרקער, אינטעראינדיווידועלע און אינטער־קלאַסלעכע ווערטן, וועלכע מחמת אַ מאַנגל אין אַ גוט־דורכגעטראַכטן אַנאַליז רופט

מען סאָציאַלע, פיזישע ענערגיע, פארשווענדונג, פיזיאָלאָגישער אָנשטרענג אַלס אַזעלכער האָט גאָרניט צו טאָן מיט דעם באַגריף פון ווערטן.

אויסטויש־ווערט, לויט זיין עצם־נאַטור און נאָמען, איז אַן אינטעראינדיווי־דועלער מהות, וואָס איז פאַרזונקען אין אַן אינטערקלאַסן־באַציאונג. פון אָט־דער הנחה ציען מיר די נאָכפאָלגנדיקע מסקנה: אָט־דער ספּעציעלער מין ארבעט, מיי־נענדיק אָנשטרענג וואָס ווערט אויסגעאיבט פון דעם אינדיווידוום, וועלכער איז פאַר־נומען מיט דעם פּראָצעס פון אָרגאַניזירן די אינדוסטריע־אַגענטן, אָט־דער סאָרט אַרבעט איז דער איינציקער "ווערטפּולער", מחמת בלויז ער אליין איז ביכולת צו שאַפן ווערטן. די נידעריקע פאָרמען פון אַרבעט, — ווערנדיק רעדוצירט, דורך אָט־דעם אַקט פון דער עלאַבאָראַציע פון די עלאַבאָראַטאָרס, צו דער שפּל׳ער מדרגה פון רויען מאַטעריאַל, פון אַ נאַטור־אָביעקט, ריכטיקער, צו דער פּאָ־זיציע פון אַ געוועקצייג — זיינען ניט אימשטאַנד צו שאַפן ווערטן, וואָס זיי קע־נען יא באַווייזן צו טאָן איז צו פּראָדוצירן פּראָדוקטן, מאַכן אַרטיקלען. אפילו די געברויך־ווערטן וואָס זיי שאַפן האָבן באמת אויך קיין ווערט ניט. מחמת אונטער אַן אַנטוויקלטער פּראָדוקציע־סיסטעם הענגט אָפּ דער געברויך־ווערט פון אויס־טויש־ווערט און אָן דעם אויסטויש־ווערט גייט דער געברויך־ווערט לאיבוד. און וויבאַלד פּראָסטע פיזיאָלאָגישע אַרבעט איז ניט בכוח צו שאַפן קיין אויסטויש־ווערט, קען זיך אויך ניט שאַפן קיין געברויך־ווערט; ווארום קודם־כל מוז דער פּראָדוקט פיגורירן אַלס אַ סחורה און פאַרברויכט ווערן אַלס אַ סחורה, ד. ה. אַטפּלעקן זיין געברויך־ווערט צום סוחר, געבן אים אַ פּראָפיט אָדער, לכל־הפחות, צוזאָגן אים אַ פאַרדינסטל, צייגן דעם הענדלער אַ פּראָספּעקט פון אַ ריווח, און ערשט דערנאָך קען ער אָנקומען בשלום צום איינפאַכן געברויכער און פאַנאַנדערעפענען פאַר אים זיין, דעם פּראָדוקטס, געברויך־ווערטפולקייט.

מאַרקס שרייבט:

"עס איז פאַראַן אַ פיזיקאַלישע פאַרהעלטעניש צווישן פיזיקאַלישע אָבּ־יעקטן. אָבער די זאַך איז אַנדערש מיט סחורות. דאָרטן, די עקזיסטענץ פון די־זאַכן ווי סחורות און די ווערט־פאַרהעלטעניש צווישן די פּראָדוקטן פון אַרבעט, וועלכע שטעמפּלט זיי אָפּ ווי סחורות, האָבן אַבסאָלוט קיין פאַרבינדונג ניט מיט זייערע פיזיקאַלישע אייגנשאַפטן און מיט די מאַטעריעלע באַציאונגען וואָס קומען אַרויס פון זיי" [13].

"אַרבעט ... גופא איז בלויז דער אויסדרוק פון אַ נאַטירלעכער קראַפט, מענטשלעכער אַרבעט־קראַפט" [14] "נאַטור — דער ערשטער קוואַל פון אַלע מיטלען און אָביעקטן פון אַרבעט" [15].

אזוי ווי אַרבעט איז „אַן אויסדרוק פון אַ נאַטירלעכער קראַפט" און נאַטור האָט מיט אויסטויש־ווערטן קיין פאַרבינדונג ניט, דעריבער באַהויפּטן מיר טאַקע אַז אַרבעט, אונטער די קעגנווערטיקע באַדינגונגען פון אַנטוויקלטער אינדוסטריע, קען בשום אופן ניט זיין דער קוואַל פון אויסטויש־ווערט. פיזיאָלאָגישער אָנשטרענג קען ניט זיין דער שאַפער פון אויסטויש־ווערט. פּראָסטע אַרבעט, אַלס אַזעלכער קען ניט זיין דער שאַפער פון אויסטויש־ווערט. פּראָסטע אַרבעט, איינפאַכע הארעוואַניע איז צופיל אַ קינד פון פיזישער, פיזיאָלאָגישער נאַטור אַז זי זאָל זיך אויסטייגן פאַר אַט־דער דעליקאַטער אָפּעראַציע פון אויסטויש־ווערטן־שאַפונג. און ווען מאַרקס זאָגט דאָס פאַרקערטע, ווידערשפּרעכט ער זיך אַליין, ניט נאָר ציט ער ניט די קאָנסעקווענצן פון זיינע מער טיפזיניקע הנחות, נאָר ער וואַרפט זיי אַליין אָפּ אין משך פון זיין אַרגומענטאַציע. ער פאַלט אַ קרבן פון וואולגאַריזאַציע, צוליב פּראָפּאַגאַנדאַ צוועקן, פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וועלכע ער דער־הויבט מיט זיין רעכטער האַנט און שליידערט אַראָפּ מיט דער לינקער האַנט.

ב.

אומגלייכהייט פאַר דעם אַרבעט־פּראָצעס

מאַרקס אין זיין ווערטן־טעאָריע האָט פאַרזען דעם פאַקט, אַז די אינדיווידועלע אַרבעטער און, פאַלגלעך, די סחורות וועלכע רעפּרעזענטירן זיי, באַוועגן זיך אין אַן אינטער־קלאַסאָלאָגישער, ניט אין אַ ריינער אינטעראינדיווידועלער, סביבה. דאָס מיינט, אַז די אַרבעטער, און זייערע אַקטן אין דעם פּראָדוקציע־פּראָצעס, זיינען קלאַסלעך באַווירקט. זיי זיינען אָפּגעשטעמפּלט מיט אַ קלאַסן־חותם. מיט איין וואָרט, זיי זיינען גראַדירט, סטראַפיצירט. זיי זיינען ניט קיין אינדיווידן־אַרבעטער גענומען אַבסטראַקט, וועלכע פלעכטן זייערע פאַרהעלטענישן. פון אַט־דעם גוואַל־דאָוונעם פאַרזען נעמט זיך דער שוין גאָר גראָבער טעות וועלכן מאַרקס מאַכט: אומבאַמערקטערהייט פּאָסטולאַטירט ער דעם ליבעראַליסטישן פּרינציפּ פון גלייכהייט פאַר דעם געזעץ אין זיין אַריבערגעטראַגענער אָנווענדונג בנוגע אינדוסטריעלער אַרבעט. לכן באַקומט זיך ביי מאַרקסן אַנשטאָט אַ ווערטן־טעאָריע אַ דעקלאַראַציע פון גלייכהייט פאַר דעם אַרבעט־פּראָצעס *.

מאַרקס שרייבט:

„אַלץ ווערט רעדוצירט צו איין און דעם זעלביקן סאָרט אַרבעט, מענטשלעכער אַרבעט גענומען אַבסטראַקט" [16]).

---

* זע יידישע שריפטן באַנד צוויי ז. 460.

אָבער מענטשלעכע אַרבעט געגומען אַבסטראַקט איז ניט קיין פּאָזיטיוו און ניט קיין נעגאַטיוו און, זייענדיק אויסגעריסן פון דער געזעלשאַפטלעכער קאָנקרע־טער אינדוסטריעלער סביבה, קען ניט שאַפן קיין שום ווערט. אַן אַרטיקל וועלכער ווערט פּראָדוצירט פון אַן אינדיווידועלן פּראָדוצירער קען באַזיצן אויסטויש־ווערט בלויז דעמאָלט, ווען עס איז פאַראַן אַ געוויסע צאָל יחידים, וואָס פילן אַ באַדער־פעניש אין אָט־יענעם אַרטיקל, און זיי געפינען זיך אין אַ מצב אין וועלכן זיי האָבן אַ רעכט און אַ מעגלעכקייט צו געברויכן זייער איינקויף־קראַפט, און, לסוף, וועלכע האַלטן, אַז די אָנאייגענונג פון אָט־דעם אַרטיקל און די באַפרידיקונג וואָס זיי קענען פון אים ארויסבאַקומען איז ביליקער איידער די סומע געלט, וואָס זיי פאַרמאָגן און מיט וועלכער זיי קענען זיך פריי שיידן, אָדער איז פּרעפערירבאַר צו די אַנדערע אַרטיקלען וואָס זיי באַזיצן און קענען טאָן מיט זיי וואָס זיי ווילן נאָר אַליין. ווען איינע פון אָט־די באַדינגונגען פעלט, וועט קיין אַרבעט, ווי לאַנג זי זאָל ניט דויערן און ווי שווער זי זאָל ניט זיין, ניט שאַפן קיין אויסטויש־ווערטן בעת זי פּראָדוצירט אַן אַרטיקל.

איינפאַכע אַרבעט קען שאַפן אַן אויסטויש־ווערט בלויז אויף די נידעריקע שטופן פון ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, אָבער בשום אופן ניט אויף די העכערע עוואָלוציע־שטופן. אין דער הייכער אינדוסטריע, וואו אַרבעט ווערט אינטער־אינ־דיווידואַליזירט און סטראַטיפיצירט, פאַרלירט זי דורך דעם איר ווערטן־שאַפנדיקע אייגנשאַפט. איר פּלאַץ אַלס ווערטן־שעפערין פאַרנעמט די אָרגאַניזאַטאָרישע טרחה. די איינפאַכע פּראָדוציר־טרחה ווערט דעמאָלט פאַררעכנט פאַר רויען מאַטעריאַל, וועלכער האָט אַליין ניט קיין שום ווערט און איז ניט בכוח צו שאַפן קיין ווערט, סיידן מענטשלעכע אַרבעט איז אין אים אריינגעלייגט געוואָרן אָדער ווערט אין אים קעגנווערטיק אריינגעטאָן. בכדי אַרבעט זאָל קריגן איר ווערט, מוז אָרגאַניזאַטאָרישע טרחה זי באַאַרבעטן.

מאַרקס שרייבט:

„די טאָטאַלע אַרבעט־קראַפט פון דער געזעלשאַפט, וועלכע איז פאַרקערפּערט אין דעם טאָטאַלן סכום פון די ווערטן פון אַלע סחורות, וואָס ווערן פּראָדוצירט פון דער געזעלשאַפט, רעכנט זיך דאָ ווי איין האָמאָגענישע מאַסע פון מענטשלעכער אַרבעט־קראַפט, הגם זי איז צוזאַמענגעשטעלט פון אומאיבערציילבאַרע אינדיווי־דועלע איינסן" [ז'].

ווי אַזוי קען געמאָלט זיין „איין האָמאָגענישע מאַסע פון מענטשלעכער אַר־בעט־קראַפט" אין אַ האָמאָגענישער געזעלשאַפט. ווי אַזוי קען די טאָטאַלע אַרבעט־קראַפט זיך צוזאַמענשטעלן פון אומציילבאַרע אינדיווידועלע איינסן בעת די גע־

זעלשאַפט אַלס א גאַנצע ווערט אַזוי ניט צוזאַמענגעשטעלט פּאַקטיש. וועלכע געזעלשאַפט וועט באַשטיין פון אינדיווידועלע גלייכע איינסן? די קלאַסנלאָזע געזעלשאַפט, די סאָציאָלאָגישע בבא־מעשה, וואָס מע דערציילט די ניט־דערוואַקסענע קינדער, די אָפּגענאַרטע מאַסן פון המון־עם.

מאַרקס רעדט כסדר וועגן דורכשניט, מכוח דורכשניטלעכער אַרבעט, דורכשניטלעכער פּראָדוקטיוויטעט, נוצלעכקייט אאז״וו. בכדי מיר זאָלן קענען געברויכן אַ דורכשניט, דאַרפן מיר דאָך וויסן גענוי וועמען נעמען מיר צוזאַמען און ווי אַזוי צעטיילן מיר די צוזאַמענגענומענע, מיט וועלכער סביבה האָבן מיר צו טאָן. מאַרקס רעדט פון דער טאָטאַלער אַרבעט־קראַפט. וועלכע אַרבעט־קראַפט, די פיזיש־פיזיאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגישע אָדער די פיזיאָלאָגיש־פּסיכאָלאָגיש סאָציאָלאָגישע? פאַרוואָס זאָלן מיר ניט אַריינרעכענען אין סכום פון דער טאָטאַלער אַרבעט־קראַפט אויך די אַרבעט־קרעפטן פון די בעלי־חיים און נאַטור־כוחות? מיר ציען דורך אַ דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן בעלי־חיים, משא־טרעגערס, לאַסט־שלעפּערס און מענטשן אַלס אַרבעטער. מיר מוזן אויך דורכציען, אויף אַ געוויסער שטופע פון ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג, אַ מחיצה־ליניע צווישן פּשוט׳ער אַרבעט און אַר־ביזאַטאַרישער מי, וועלכע איז א צוייפּאַכיקע, הן אַ פּאָליטישע און הן אַן עקאָנאָמישע.

ביי מאַרקסן פונקציאָנירט די ווירטשאַפט אין סאָציאָלאָגישן חלל, ניט נאָר זיינען זיינע ווירטשאַפטלעכע אויפפאַסונגען קלאַסנלאָז, נייערט אויך געזעלשאַפט־לאָז, הגם ער רעדט כסדר וועגן דעם געזעלשאַפטלעך נוצלעכן פּראָדוקט און געזעלשאַפט־לעך נויטווענדיקער אַרבעט. טעאָרעטיש אַרבעטן ביי מאַרקסן גראַטיס ניט בלויז דער ווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזאַטאָר, נייערט אויך, וואָס איז פיל פאַרווירנדיקער, דער פּאָליטישער אָרגאַניזאַטאָר *, דער שאַפער פון דער סביבה, אין וועלכער פּראָדוקציע קען פאַרקומען אומגעשטערט. מאַרקס איגנאָרירט דעם פּאָליטישן אינטער־קלאַסאָלאָג. און אָט־די פאַרזענס מאַכן צו גאָרנישט און נישט אַלע מאַרקסיסטישע אַרגומענטאַציעס און טעזיסן. דער גאַנצער טעאָרעטישער בנין, וועלכן מאַרקס האָט אויפגעשטעלט, פאַלט איין מחמת דעם וואָס דער אַרכיטעקט מאַרקס האָט פאַרגעסן אוועקצולייגן א פונדאַמענט. ער האָט פאַרקוקט די סאָציאָלאָגיע, הגם ער ווידער־האָלט נאָכאַנאַנד דעם וואָרט סאָציאַל און איז דער פאָטער פון דעם אַזוי־גערופענעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם“.

---

* זע אבא גאָרדין, יסודות פון דער געזעלשאַפט, זז. 98—68

מאַרקס שרייבט:

„וואַריאַבילער קאַפּיטאַל. אָט־דער קאַפּיטאַל, וואָס איז שייך זיין ווערט, איז גלייך צו דעם ווערט פון דער סאָציאַלער ארבעט־קראַפט, וואָס ווערט אָנגעווענדט אין אָט־דעם פּראָדוקציע־צווייג, מיט אַנדערע ווערטער, איז גלייך צו דער סומע פון די שכירות, וואָס ווערט געצאָלט פאר דערדאָזיקער אַרבעט־קראַפט. וואָס איז שייך זיין סובסטאַנץ באַשטייט ער פון דער אַקטיווער ארבעט־קראַפט גופא, דאָס מיינט צו זאָגן, פון דער לעבעדיקער אַרבעט, וועלכע ווערט געלאָזן אין גאַנג דורך אָט־דעם ווערט פון קאַפּיטאַל [18]).

לכן איז די ארבעט־קראַפט א „סאָציאַלע" און דערצו נאָך דאַרף זי געלאָזן ווערן אין גאַנג, מחמת זי איז ניט, אונטער די קעגנווערטיקע באַדינגונגען, אויטאָ־מאָטיוו. זי קען זיך אליין ניט באַוועגן. מע מוז זי באַוועגן. זי דאַרף אָנקומען צו אַ באַוועגנדיקער קראַפט וואָס געפינט זיך אויסער איר. אונטער די געגעבענע באַדינגונגען פון גרויס־אינדוסטריע קען פּשוט׳ע מענטשלעכע אַרבעט זיך ניט מאַ־טעריאַליזירן אָן דער ספּעציעלער הילף מצד פון דער ווירטשאַפטלעך־אָרגאַניזאַטאָ־רישער ארבעט. חוץ דעם קומט די אַרבעט, אפילו די איינפאַכסטע, פאַר אין תחומים פון דער געזעלשאַפט, וועלכע איז אָרגאַניזירט אויף אַ באַשטימטן אופן. דאָס מיינט אַז אין דער איינפאַכער ווירטשאַפטלעכער אַרבעט ליגט פאַרבאַהאַלטן געזעלשאַפט־לעכע, ד. ה. פּאָליטישע אָרגאַניזיר־אַרבעט. אַזוי אז די אזוי גערופענע „לעבעדיקע אַרבעט" איז אינצווייען אָרגאַניזירט, הן אינטעראינדיווידואַליזירט און הן אינטער־קלאַסירט, אויף אַ טאָפּלטן שטייגער, איינמאַל אינדירעקט דורך דער אָרגאַניזירונג פון דער געזעלשאַפט, דורך דער עטאַבלירונג פון קלאַסן און שאַפונג פון א צוזאַ־מענלעבן, און א צווייטן מאָל דירעקט פון דעם ווירטשאַפטלעך העכער סיטואירטן קלאַס.

דעריבער דאַרפן גענומען ווערן אין אָנבאַטראַכט די אָרגאַניזיר־עלעמענטן, די אינטערקלאַסאָלאָגישע מאָמענטן, וועלכע געפינען זיך אין דער ארבעט, און אָט־זיי נעמען צו די גאַנצע חשיבות פון אַרבעט־פּראָצעס, זיי באַרויבן די אַרבעט פון איר ווערט־שאַפנדיקער קוואַליטעט. ד. ה. בלויז זיי זיינען אימשטאַנד צו מאַכן אַזוי אז די ארבעט זאָל האָבן א שטיקל ווערט פאַר דעם אַרבעטער און פאַר דער געזעלשאַפט.

בכדי דעם אַרבעטערס אַרבעט זאָל פאַרמאָגן ווערט דורך די חסדים פון דער אָרגאַניזאַטאָרישער טרחה מוז דער אַרבעטער זיין ווערטפול, דאָס מיינט ער טאָר ניט זיין קיין שקלאַף, קיין פאַרברעכער וואָס איז פאַר׳משפט צו צוואַנג־אַרבעט. ווייל אויב דער האָרעפּאַשניק איז אַ פאַראורטיילטער, איינער וועמען די געזעלשאַפט וויל פאַר־

מאָרדעווען אויף טויט, איז דאָך ניט שייך צו ריידן וועגן דעם פולן ווערט פון זיין אַרבעט־קראַפט, וועלכע איז שוין ניט זיינע, מחמת זי איז רעקוויזירט פון דער געזעלשאַפט.

היוצא מדברינו, די אָרגאַניזאַטאָרן, דער ווירטשאַפטלעכער אין צוזאַמענ־אַרבעט מיטן פּאָליטישן, מאַכן ערשט די אַרבעט פאַר ווערטפול, דאָס מיינט צו זאָגן, אַז זיי דערקלערן זי פאַר אַזעלכער און באַשאַפן זי אַלס אַזעלכע.

מאַרקס שרייבט:

„קאָנסטאַנטער קאַפּיטאַל. דאָס איז דער ווערט פון אַלע פּראָדוקציע־מיטלען, וואָס ווערן אָנגעווענדט אין אַט־דעם צווייג. אַט־די זיינען ווייטער איינגעטיילט אין פיקסירטן קאַפּיטאַל, דהיינו, מאַשינען, געווערקצייג, געביידעס, אַרבעטנדיקע בעלי־חיים א. א. וו.[19]).

„ווי דער פאַל איז מיט יעדער אַנדער סחורה אַזוי איז אויך בנוגע אַרבעט־קראַפט. איר ווערט איז דעטערמינירט פון דער אַרבעט וואָס איז נויטווענדיק פאַר איר רעפּראָדוקציע. דאָס וואָס די קוואַנטיטעט פון אַט־דער אַרבעט ווערט דעטער־מינירט פון דעם ווערט פון די נויטיקע לעבנס־מיטלען פון דעם אַרבעטער, מיט אַנדערע ווערטער, דאָס וואָס זי איז גלייך צו דער אַרבעט, וואָס פאָדערט זיך פאַר דער פּראָדוקציע פון דעם אַרבעטערס אייגענע לעבנס־באַדינגונגען איז אַן אייגנטימ־לעכקייט פון אַט־דער סחורה (אַרבעט־קראַפט)" [20]).

„איר ווערט איז דעטערמינירט פון דער אַרבעט וואָס איז נויטיג פאַר איר רעפּראָדוקציע..."

גאַנץ גוט. דער ווערט פון דער אַרבעט דאַרף דעטערמינירט ווערן, אַרבעט־ווערט פאָדערט אַ דעטערמינאַציע. אַט־די דעטערמינאַציע ווערט דאָך דורכגעפירט ניט פון קאַרל מאַרקסן אין זיין טעאָרעטיש־ספּעקולאַטיוון ווערק „קאַפּיטאַל", נייערט פון... פון וועמען? פון דער געזעלשאַפט, פון אַט־דעם אינטעראינדיווידואַלאָגישן און אינטערקלאַסאָלאָגישן אַגרעגאַט. די דאָזיקע דעטערמינאַציע איז דאָך אויך אַן אַקט, וועלכער ווערט ניט דורכגעזעצט אָן דעטערמינאַטאָרן, און אַט־די דעטערמי־נאַטאָרן האָבן אַ דעה איבער דער דעטערמינאַציע, אַזוי אַז אין דעם ווערט פון אַט־דער סחורה, אַרבעט־קראַפט, קומט אַריין אַ עקסטרער ווערט־עלעמענט, נעמלעך די קאָסטן פון דעם אָפּשאַץ־מאַכונג, די הוצאות פון דער דעטערמינאַציע גופא.

פאָלגלעך בשעת מע דאַרף רעפּראָדוצירן די אַרבעט־קראַפט, מוז מען בשעת־מעשה רעפּראָדוצירן ניט בלויז די לעבנס־מיטלען, די „בני, חיי ומזוני", נייערט הויפּטזאַכלעך, די לעבנס־מעגלעכקייטן, ד. ה. די קלאַסאָלאָגישע און אינטעראינדיווידואַלאָגישע און סאָציאָלאָגישע סביבה, אַזוי אַז די אַר־

בעט־קראפט גופא קען, געגומען באַזונדער, אָפּגעשיידט פון דעם געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכן אַרום, זיך ניט רעכנען און זיך ניט באַשטימען איינע אַליין. די אַרבעט האָט קיין שום ווערט ניט, סיידן זי ווערט באַשטימט, דעפינירט, ריכטיקער, עטאַבלירט אַלס ווערטפול, אלס אַן ענטיטעט, וואָס אַנטהאַלט אין זיך אַ ווערט, און ערשט נאָכדעם, נאָך דער ווערט־עטאַבלירונג, קען זי, די ארבעט, ווערן דע־טערמינירט, ד. ה. באַשטימט בנוגע איר קוואַנטיטעט פון ווערט. קודם כל מוז עטאַבלירט ווערן איר יש, איר קוואַליטעט אלס א ווערט־מהות, און איר „ווערט־לעכקייט" קען זי באַקומען בלויז פון דער געזעלשאַפט. ווי מען זאָל דאָ זיך ניט קליגלען, קען מען ניט אַוועקגיין פון דער טאַטזאַך אַז דער ווערט פון אַרבעט־קראַפט איז אָפּהענגיק, און מער, געפינט זיך אין איר ווערט־עטאַבלירונג, און אָט־די ווערט־באַשאַפונג און פיקסירונג קען ניט געטאָן ווערן פון דעם אַרבעטער אַלס אַזעלכער, נייערט פון דעם גאַנצן ציבור אַלס אַן אָרגאַניזירטער קערפּערשאַפט, ד. ה. א קערפּערשאַפט וואָס פאַרמאָגט רעפּרעזענטאַנטן, וועלכע עטאַבלירן און באַשטי־מען דעם ווערט פון די ארבעט־אַקציעס, וואָס ווערן דורכגעפירט אין די תחומים פון דער געגעבענער קערפּערשאַפט. מיט אַנדערע ווערטער, אין ארבעט־קראַפט, ווי אויך אין רעאַליזירטער אַרבעט, ליגט אַזויפיל ווערט וויפל דער אינטערקלאַסאָ־לאָגישער אינטעראינדיווידואל, וואָס הייסט געזעלשאַפט, פּסקנ'ט איר צו צו האָבן. אין דער אונטערשטער שורה מיינט עס, אז סיי די ווערט־עטאַבלירונג און סיי די ווערט־דעטערמינירונג ווערט דורכגעפירט פון די רעפּרעזענטאַנטן פון דער גע־זעלשאַפט אלס אַ גאַנצער און ניט פון דעם ארבעטער. ארבעט־קראַפט, דאָס אייגענע אַרבעט, געגומען פאַר זיך גופאַ באַזיצט ניט קיין שום ווערט, מחמת „ווערט" איז עפּעס סאָציאָלאָגישעס ניט פיזישעס, פיזיאָלאָגישעס, טעכנאָלאָגישעס.

מאַרקס שרייבט:

„די אַרבעט־צייט וואָס פאָדערט זיך געזעלשאַפטלעך איז די וואָס פאָדערט זיך צו פּראָדוצירן אַן אַרטיקל אונטער די נאָרמאַלע פּראָדוקציע באַדינגונגען און מיט דער דורכשניטלעכער מדרגה פון געשיקטקייט און אינטענסיטעט וואָס זיינען אָנגענומען ביי אָט־דער צייט" [21]).

„אונטער נאָרמאַלע פּראָדוקציע־באַדינגונגען". אָט־די „נאָרמאַלקייט" פון די „פּראָדוקציע־באַדינגונגען" פאַלט ניט אַראָפּ פון הימל, ווערט ניט געגעבן ווי אַ געשאַנק פון בורא־עולם, וואָס גיט אַליץ אומזיסט. דידאָזיקע נאָרמאַלקייט האָט „נאָרמאַליזאַטאָרן", א היפּש צאָלרייכע קאַטעגאָריע מענטשן וועלכע פאַרנעמען זיך מיט דעם וואָס זיי גיבן אַכטונג אַז די באַדינגונגען זאָלן זיין נאָרמאַל. אָט־די מענטשן „באַדינגען" די באַדינגונגען, און, גאַנץ נאַטירלעך, פאָדערן זיי אַ פּרייז פאַר זייער

טרחה. אַזוי אז פשוט'ע פיזיאָלאָגיש־טעכנישע ארבעט איז „מאַסע"־אַרבעט, אַז אַרבעט וואָס קען זיך ניט באַשטימען, קען זיך ניט באהויפטן. זי קען זיך אליין ניט מאַכן אַרבעטאָריש, אָפּעראַטיוו. זי איז ניט פעולה'דיק, ניט קיין אַרבעט אין אמת'ן פשט פון וואָרט, סיידן סאָציאָלאָגישע אַרבעט העלפט זי, שטופט זי, דערמוטיקט זי, מאָטיווירט זי, מאַכט זי צום ארבעטן, ד. ה. מאַכט אַזוי אַז זי זאָל ווערן עכטע, אַרבעטזאַמע אַרבעט. עס פאָדערט זיך אינטעראינדיווידואָלאָגישע און אינטערקלאַסאָלאָגישע טרחה, א סאָציאָלאָגישע באַוועגונג־קראַפט וועלכע זאָל נעמען אָט־די „ווערטלאָזע", פיזיאָלאָגיש־טעכנישע אַרבעט און זי פאַרוואַנדלען אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, וואָס באַזיצט א ווערט.

---

1. Adam Smith, Wealth of Nations, Vol. I, p. 32, Vth ed. London, 1930.
2. David Ricardo, Principles of Political Economy, Works, vol. I, p. 9, 3rd ed. London, 1852.
3. Robert Owen, Address to Agriculturists, Mechanics, etc., pp. 5-6. London, 1827, Sept. 7.
4. P. J. Proudhon, Contradictions Economiques, p. 86.
5. William Thompson, Distribution of Wealth, p. 6, new ed. London, 1850.
6. Karl Rodbertus, Overproduction and Crisis, p. 70. London, 1908.
7. Karl Marx, Capital, vol. I, p. 59.
8. Karl Marx, Value, Price and Profit, Essentials of Marx, pp. 136-39. N. Y., 1926.
9. Karl Marx, III p. 475
10. Ibid. I p. 94
11. Ibid. p. 96
12. Ibid. p. 85
13. Ibid. p. 83
14. Karl Marx, The Gothe Programme, N. Y., 1922 p. 19
15. Ibid. p. 20
16. Karl Marx, I p. 45
17. Ibid. pp. 45-46
18. Ibid. II p. 457
19. Ibid.
20. Ibid. p. 441
21. Ibid. I p. 46

---

## תקון טעות

ז. 388 שורה 7 פון אונטן דאַרף זיין:

עס גיט א וואונק דעם פריילין־פרילינגס טאַליע